איבערגעחזרט, האָט די יוגנט געזאָרגט צו זיין תמיד ביי לייבעלעס ציוניסטישע דרשות אין בית מדרש און האַלטן „אָרדענונג״, עס זאָל בלייבן בלויז ביי צווישנ־רופן; לייבעלע ראָזנבערג זאָל קענען פאַרענדיקן די דרשה. דערנאָך, ביים דאַ־ווענען מנחה, האָט לייבעלע ראָזנבערג באַקומען אַן עליה לתורה און געמאַכט אַ „מי שברך״ בנימין זאב הערצל צו זיין פטירה־טאָג.



לייבל (יהודה) גאַרבאַווניק מיט זיין פרוי אין דרוסקעניק — אויגוסט 1936

אין דער אַרבעט אין „מזרחי״ איז די לעצטע יאָרן באַזונדערס אַקטיוו געווען מענדל אָפּענהיים, וואָס איז אויך געווען דער איינציקער יידישער לאַווניק אין שטאָט, און געהאַט אַנזען ביי אַלע באַפעלקערונגס־שיכטן.

אָנהייב די דרייסיקער יאָרן איז ביים מזרחי אויפגעקומען אַ פּרעכטיקער קן פון „השומר הדתי״. ער איז געגרינדעט און אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך די ברידער זאב און פנחס ביבליאַרזש. אויך אַ הכשרה־פּונקט פון „מזרחי״־חלוצים איז גע־עפנט געוואָרן אין מינסק. עטלעכע מאָל זענען ביי מינסק אויך איינגעאָרדנט געוואָרן זומער־קאָלאָניעס פאַר מדריכים פון השומר הדתי פון דער גאַנצער וואַרשעווער געגנט. אויך נאָכן עולה־זיין פון דער גאַנצער משפחה ביבליאַרזש קיין ארץ־ישראל, האָט דער קן פון השומר הדתי פאָרגעזעצט זיין קיום. שוין נישט אָבער אין אַזאַ פאַרנעם ווי אונטער זייער אָנפירערשאַפט.

אגב, דער רוב שול־חברים פון ערשטן אַרויסלאָז פון דער תרבות־שולע האָבן געהערט צום השומר הדתי און נישט צום הנוער הציוני...

אין די דרייסיקער יאָרן איז געווען אויך אַ גרויסער סניף פון „דת ועבודה״ אָנגעפירט דורך יאָסל טרוינע (דער פון רבינס הויף).

די „רעכטע פועלי ציון״ וואָס זענען אין מינסק געגרינדעט געוואָרן נאָך פאַרן ערשטן וועלטקריג דורך הערש פעלנער, ווען אליאב שילד׳ערט אין זיין אַרבעט, האָבן ביי אונדז געהאַט עליות און ירידות. געווען צייטן ווען די אָרגאַ־

ניזאַציע האָט געהאַט די גרעסטע צאָל מיטגלידער און אַנטוויקלט אַן אַקטיוו געזעלשאַפטלעך לעבן אויף אַלע געביטן. געווען אָבער אויך צייטן ווען זי האָט זיך איינגעשרומפּן, דאָס איז באַזונדערס געווען נאָך דעם ווי אַ סך חברים זענען אַוועק אין הכשרה־צענטערס אָדער זענען עולה־געווען קיין ארץ־ישראל. אין די דרייסיקער יאָרן זענען די פּועלי ציון געווען אַ שטאַרקע פּאַרטיי און אויך פאַרמאָגט אַ גרויסן יוגנט־סניף „פרייהייט". בעת די לעצטע שטאָט־ראַט־וועלן האָבן די פּועלי־ציון אפילו באַוויזן דורכפירן אויף אַן אייגענער ליסטע אַן אייגענעם ראַטמאַן — שמואל אָרליאַנסקי, און עס האָט בלויז געפעלט עטלעכע שטימען אַז אויך דער צווייטער קאַנדידאַט, סלאָדזשאַזש, זאָל אַדורך.



געווען אַ צוזאַמענאַרבעט פון די ציר־ניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס — אויפן בילד: ישראל גרינבערג פון „הנוער הציוני" און יהודה־לייב גורפינקעל פון „השומר הדתי"

דער סניף פון ברית הצה"ר וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך וועלוול זלאָ־טאָלאָוו און זיין קוזין יאַנקל פרידמאַן, האָט אויך באַלד אויפגעשטעלט אַ גרויסע בית"ר־אָרגאַניזאַציע. אַ שטיק צייט האָבן די רעוויזיאָניסטן דעראָבערט דעם אויבנאָן אויף דער יידישער גאַס. דאָס איז געווען אין דער צייט פון אַרלאָזאָראָוו־פּראָצעס. קורץ נאָכדעם איז אויך אויפגעקומען אַ גרויסער סניף פון „ברית החייל", וואָס האָט געציילט איבער פופציק אויסגעדינטע זעלנער אין פּוילישן מיליטער. די פּאַרטיי איז אָבער גיך רואינירט געוואָרן נאָך אַ ביטערע אינערלעכע מחלוקת — צווישן וועלוול זלאָטאָלאָוון און משהלע גרינבוים. דער לעצטער איז אונטערשטיצט געוואָרן דורך דער בית"ר־יוגנט מיט שבתי דעמבוס און ארקע ליבערמאַן בראש. וואַרשע האָט זיך אַריינגעמישט, אָבער צו קיין שלום איז נישט געקומען. לסוף האָבן געזיגט משהלע גרינבוים און זיינע אָנהענגער. זלאָטאָלאָוו האָט פאַרלאָזט די אַקטיווע אַרבעט, הגם ער איז געבליבן אַ טרייער רעוויזיאָניסט ביזן סוף. ווען משהלע גרינבוים איז דערנאָך געבליבן אַליין (שבתי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד און ארקע איז געוואָרן אַ „בעל־תשובה"), איז ער אַוועק קיין וואַרשע. די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַרקלענערט צו אַ קליינעם קלוב, אונטער דער אָנפירונג פון לייזער זילבערמאַן, ווייסבראָטס איידעם.

נאָכן מלחמה־אויסברוך איז משהלע גרינבוים צוריקגעקומען קיין מינסק צו זיין קראַנקער מאַמע און אַלטן פאָטער און די ערשטע צייט אויך געפּרוווט פירן אַ יוגנט־טעטיקייט אין קאָנספּיראַציע. אויף זיין איניציאַטיוו האָט די ציוניסטישע יוגנט איינגעאָרדנט דעם ערשטן חנוכה אַן אָוונט אויפן בוידעם פון רבינס הויז. געווען דערנאָך נאָך עטלעכע קליינע באַגעגענישן אין געטאָ, אויף וועלכע משה גרינבוים איז געווען דער ראש־המדברים. איין אַזאַ באַגעגעניש האָט זיך באַזונ־דערס איינגעקריצט אין זכרון ביי דער געטאָ־יוגנט. דאָס איז געווען אין איינעם אַ זומער־טאָג ווען עס איז דערגאַנגען די ידיעה וועגן טויט פון זאב זשאַבאָטינסקי (דאַכט זיך אַז די ידיעה איז דערגאַנגען דורך דער וואַרשעווער געטאָ־צייטונג וואָס איז דערשינען אין פּויליש). אין הויז פון די גאָלדפינגערס, אין אַ זייטיק געסל ביים וואַסער, האָבן זיך פאַרזאַמלט עטלעכע צענטליק יוגנטלעכע. משהלע האָט געעפנט, און דערנאָך האָט גערעדט לייבל ראָכמאַן. דאָס איז געווען אַ טרויעריקע ביז גאָר באַגעגעניש אויף וועלכער מ׳האָט מספּיד־געווען אויך דאָס אייגענע מיזערנע לעבן אין שונאס געפאַנגענשאַפט.



1. למעלה: 2. רחל זיסמן; שלום קירשנבוים; 3. אפרים שדלצקי; 4. צבי זילברמן; 5. שמעון גוברק; 6. יהושע וויינגוט; 7. שפקמן שלמה; 8. אַפּנהיים יעקב; 9. סדובסקה שרה — לא יצאה, מחוק.

שורה שניה: 10. פורמיינסקה מלה; 11. לוין צפורה; 12. פרידמן איטקע; 13. פרידמן צפורה; 14. סלודז׳ש בת־שבע; 15. עדינה פופובסקי; 16. חנה ליברנט; 17. הדסה פורמיינסקי; פופובסקי עדינה — מחוק.

שורה ראשונה: המורים משה קירשנבאום; יהודה גרבובניק; פרנס פנינה; פורמנסקי צבי.

שנה ראשונה

# עתון

עתון קיר

מופיע בכל חדש בעריכת: שלמה ז'לז

חנה ל'

## דפים מעתון קיר של בית־ספר „תרבות"

זוהי מזכרת בלתי רגילה שנשמרה עד היום הזה. דפים מתוך עתון־קיר שהופיע על קירות בית הספר „תרבות" בעירנו בשנות השלושים. עתון זה כפי שאנו רואים מתוך הכותרת המצולמת, נערך בידי שלמה ז'ילזני, חנה ליוורנט, שלמה שפקמן ואפרים שדלצקי, אז ילדים בגיל 12—13, בני המחזור הראשון שהוציא בית־ספר זה. ממחזור זה נשארו בחיים רק בודדים בלבד — מלה פורמיינסקי (כרמי) בת"א, איידל פופובסקי (פרוימן) — בניו־יורק, יעקב אופנהיים, השוכב חולה בגרמניה ועורך הספר, שהיה גם בין עורכי העתון אז, אפרים שדלצקי בירושלים.

כיצד נשמרו דפים אלה? — הדבר קשור בביקורו של בן־עירנו לייבל פרבמן, איש חיפה, אצל הוריו במינסק בשנת הופעת העתון. הוא בא לבקר את בית־הספר העברי וילדי הכיתה מסרו דפים אלה ועוד דברים רבים למזכרת עבור ילדי הארץ.

חלק גדול מדפים אלה נשתמרו עד היום הזה אצל בן־עירנו הנכבד, שהעמידם לרשות ספר יזכור. הנושאים עליהם כתבו המשתתפים נסבו על חיי בית הספר, על אהבה לארץ־ישראל, לשפה העברית, להיסטוריה היהודית.

אנו מעתיקים כאן לקט מיצירות אלה — מפרי עטם של טובי בני הנוער בעירנו, שחייהם נקטעו באיבם. הי"ד.

**שלמה שפקמן הי"ד**

## ח ר ו ז י ם

### ה מ כ ב י ם

ברחובות ירושלים העם הולך ורב,
לקבל את אחיהם המכבים, השבים מהקרב
את אחיהם הגבורים אשר הקריבו נפשם
בעד הארץ והדת ובעד בית מקדשם.

מי הם הצועדים בחשכת הליל?
מי הם אלה גבורי החיל?
פניהם כפני אליהו,
מכבים הם, בני מתתיהו.

מי ראה את מתתיהו באמרו:
„מי לד' אלי!"
התאספו אליו כל בניו מקטון ועד גדול.
ובצעדי עוז צעדו להקריב את נפשם,
בעד ארצם ודתם ובעד בית מקדשם.

בעוז נלחמו וד' היה עוזרם,
כי נפשם מסרו בעד ארצם.
במלחמה עם היונים נצוח נצחו,
ובני ירושלים כבוד להם חלקו.

כ"ד כסלו תרצ"ה

NASZA GAZETKA № 2

בגליון:

יוליאן טוביים — הבדיאל (שיר) | שלמה שפקמן — מהפכת סדום ועמורה (שיר) |
אפרים שדלצקי — ר' זלמן | אברהם אפלבוים — השטפן בעירנו | א. אפלב-
וים — יא אדר | א' אפרים שדלצקי — חידות | שלמה שפקמן — שפת-עבר
אפרים שדלצקי — „אפאי' הכתה | ש. שדלצקי — בדיחות

ו'לד

ה ליורנט, שלמה שפקמן, אפרים שדלצקי

## שפת־עבר

כקרן אור נכנסת לתוכי
ומלאת את כל תאי מוחי.
בך אהגה כל רגע וכל שעה
בך, שפתי, שפתי הנאה.

אהבת עולם אהבתיך,
סלחי לי, כי בילדותי עזבתיך —
אולם מעתה לעולם בליבי אשאך
ובין המוני היַּם אהללך.

על שפתות הילדים את נישאת בגיל
ומתנגדיך מתרגזים אחוזי חיל.
בלבותיהם טמונה אליך שנאה,
ולועגים לך מרוב קנאה.

אעבוד למענך בלב תמים,
עד שתהיי למופת בין העמים.
לא אשקוט, ולנפשי לא אתן מנוחה —
עד שתנצחי, ואז אנוחה.

## מהפכת סדום ועמורה...

השעור נגמר, ההפסקה מתחילה,
על יד התנור שרה כבר המקהלה.
על השולחן מונח ילד וצועק: „וי וי!"
ועשרים פיות עונות: „עוד לא די!".
הנה הילד עומד ובוכה
והמלקה ישא עליו קינה.
שם בקצה הספסל תלמיד בוכה בקול,
וחבריו עונים לעומתו בצחוק גדול.
אך פתאום באו למחלקה שני „מלאכים",
ועל ימין ושמאל כבר מכים.
כל אחד חברו מכה, —
החולם את הגבור יחקה:
כולם מתפזרים בחדר,
ובאגרופיהם עושים „סדר".
איש איש את אחריתו יודע
וכל אחד עיף ויגע.
אך פתאום דומיה שררה,
כאילו שום דבר לא קרה.
יודעים אתם מפני מה? —
מפני שהמורה למחלקה בא.

**שמעון גוברק הי״ד**

## חגיגת „בר־מצוה״

יום לפני שמלאו לי שלוש־עשרה שנה, בקשתי את אמי שתכין מגדנות וממתקים, כי בדעתי להזמין את חברי למשתה. הלא מחר יום חג לי, הינני נעשה ל„בר־מצוה״. למחרת — היה זה יום שבת — השכמתי לקום והלכתי עם אבי לבית התפילה. שם כיבדוני ב„מפטיר״.

אחרי התפילה אבי הזמין את המתפללים ל„קידוש״. המוזמנים ישבו מסביב לשולחן, אכלו ושתו ל„חיים״. לפני יציאתם אחלו לאבי ולאמי, שיזכו לראות ממני נחת, ולי — שאגדל ואעשה חיל.

לפנות ערב באו חברי למשתה, שהכינותי בשבילם. כולם ישבו מסביב לשולחן. מזגתי לכל אחד מהם כוס יין, הגביהו את הכוסות, איחלו לי אחולים וברכות לרוב ושתו. אחרי שהגישו לי מתנה, יצאנו כולנו במחול, שרנו ורקדנו עד תשע בערב.

**אברהם אפלבוים הי״ד**

## השטפון בעירנו

הלוח מראה שטרם כלה החורף, אבל הטבע לועג לו ללוח ומשנה עתים. סוף חודש שבט. זה לא כבר שרר קור גדול ועוברי דרך הטמינו את חטמיהם באדרותיהם פן יהפכו לגידולי־קרח, והנה פתאום זרם חם עטף את הארץ ויהפוך את השלג הצח והלבן לשלוליות מלאות זוהמה. מכל הצדדים זורמים המים ומשתפכים ברוגזה אל תוך הנחל. מעל פני האשד אשר בגן נופלים המים בשאון גדול ומעלים קצף לבן. רעש והמולה מסביב. ערמות השלג אשר על פני החלקלקה נמסות. עמודי החשמל, שנתחבו בקרח, מרכינים את עצמם, כאילו בקשו להם משען, ואָין.

המים אשר בנחל מתגברים הלוך ומתגבר. הנה עברו כבר על גדותיהם ובעוז וגאון שוטפים להם דרך הסמטה אל החצרות הסמוכות. כעבור רגע התנשאו על פניהם רגבי קרח גדולים וצפו להם כעין דוברות. הרגבים הגיעו כבר עד הגשר שעל יד תחנת־החשמל. מכים בכוח בעמודיו, כאלו התאמצו לשבר אותם. התאבקו איש ברעהו זמן מה ולבסוף השלימו ביניהם ויעמדו כמו נד לאורך הגשר.

המעבר בשביל המים נסתם ובאין מוצא הם שוטפים להם בנחת על פני הסמטה והחצרות הסמוכות.

שטח הנחל מתרחב מרגע לרגע. הנה מגיע עד הבתים הסמוכים. הנה נשמע קול צעקה: „הצילו!״ מכל העברים אצים ורצים אנשים, מתקרבם אל הבית השטוף, חודרים לתוכו ומוציאים את הבגדים, הכרים ונושאים אותם למקומות אחרים. פתאום הסירונית של הכבאים הריעה והכבאים באו למקום האסון ובמשאבות וסילונים שאבו את המים מהבית השטוף. אחריהם הגיע גדוד צבא, חצבו נקבים בתוך הרגבים, הכניסו לתוכם אבקת־שרפה ואחרי שהדליקוה התבקע הקרח ברעש גדול. המים ירדו קצת.

לפנות ערב הצטנן האויר, רוח קרירית נשבה והגלים הקוצפים נרגעו ע״י הקור שכבש אותם שנית בקרח. המלחמה בין הקרח והמים נגמרה. הקרח ניצח וחמת הנחל שככה.

**זאב דיקרמן הי״ד**

## החולה (דו־שיח בין תלמידים)

— **שלום, חבר**
— שלום, חבר
— שלום, שלום!
— ההולך אתה לבית־הספר?
— כמובן.
— ואתה?
— אני?, לא!
— מדוע?
— כי לא הכינותי את השעורים.
— ולא חבל לך על המשפט והעתון־קיר?
— חבל לי, אבל מה לעשות?
— אני אתן לך עצה.
— הנני שומע.
— היום אל תבוא לבית־הספר וכאשר המורה ישאל איפה השכן שלי, אני אענה, שאתה חולה, ובערב תבוא למשפט!
— מצוין!
— אבל שמור את נפשך, ואל תשתובב, כי המורה יכיר שרימיתיו, וכי מחלתך היא מחלת „העצלנות".
— טוב, אשמע בקולך!
— אבל מה תעשה בבית עד הערב?
— אני אחשוב באיזה אופן לבטל את הועד ולבחור בועד אחר, ובאיזה אופן להכות את מישהו שיגיש אותי למשפט.
— על דבר זה צריכים לחשוב כל היום?
— לא, חבר, אני אחשוב בדבר תחבולה, שגם מחר לא אלך לבית־הספר.
— אז חשוב ואני אלך לבית־הספר. שלום!
— שלום!

**שלמה ז'לזני הי״ד**

## בדיחות

### שיר...

**לא בקיץ, לא בחורף,**

**לא באביב ואף לא בסתיו.**

**ואראה פרות שתים, עפות מתחת השמים.**

**על הנהר צפה אבן, האניה שטה על גג־תבן.**

**ואכר בתשעה באב חוצב בנהר קרח לרוב.**

**לזבוב שן כואבת ופיל רודף אחרי ארנבת.**

**אריה התחבא בסיר, וסוף כל השיר...**

### כיצד מברכין?

**תלמיד שבא מבי״ס פולני ללמוד בבי״ס עברי מברך: „ברוך... שלא עשני גוי"...**
**תלמידה שבאה מ„בית־יעקב" מברכת: „ברוך... פוקח עורים".**
**מי ששומע את גערת המורה מברך: „ברוך שכוחו וגבורתו מלא עולם"...**
**תלמיד שעמד ב„פינה" והתירו לו לשבת על מקומו מברך: ברוך... הנותן ליעף כח...**
**תלמידים ששומעים את קול הפעמון מבשר שהשיעור ניגמר, מברכים: „ברוך... מתיר אסירים". — — —**

ליזבל גרינבערג
(פּאַריז)

# מיין לעבן אין מינסק ביז די דרייסיקער יאָרן

איך בין געבוירן געוואָרן דעם 15טן יוני 1903, דעם ערשטן טאָג שבועות. מיין פולער נאָמען איז שלמה אריה — אַזוי האָט מען מיך אָנגערופן אויפן נאָמען פון מיין זיידן, דעם גלאָוואַטשאָווער רבין, וואָס האָט גרופירט אַרום זיך אין זיינער צייט פיל חסידים פון פוילן און ליטע. ווען מיין פאָטער איז אַלט געווען נישט מער ווי 18 יאָר, האָט זיין פאָטער — דער זיידע, וועמענס נאָמען איך טראָג — פאַרלאָזט די היים און אַוועק שטאַרבן קיין ארץ־ישראל. מיין פאָטער יצחק יוסף האָט געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ און געקענט גוט לערנען. מיין באָבע — די מאַמע פון מיין מוטער, איז געווען אַ שטיף־שוועסטער פון מיין פאָטערס מוטער. אַזוי ווי מיין זיידע איז געווען אַ בעל־פרנסה, האָבן זיי אַראָפּ־גענומען צו זיך דעם פּלימיעניק. צו מיין מאַמען רויזע האָבן זיי דערביי געזאָגט: גיב גוט אַכטונג אויף יצחק יוספן עס זאָל אים גאָרנישט פעלן, ווייל ער וועט זיין דיין מאַן. מיין זיידע אברהמקע האָט גלייך אויפגעבויט אַ חדר־מיוחד אויפן הויף פאַרן חתן, וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג געלערנט אין וורקער שטיבל. נאָך אַ שטיקל צייט, ווען ער האָט שוין געהאַט אַ היבש בערדל, איז פאָרגעקומען די חתונה. דאָס איז געווען אין יאָר 1902. צום יאָר, ווי געזאָגט, בין איך, דער בכור, געבוירן געוואָרן, און צוויי יאָר שפּעטער איז געבוירן געוואָרן מיין ברודער משה־חיים. צו יענער צייט האָט דער טאַטע שוין געהאַט אַ שם אַלס גרויסער למדן און איז געשטאַנען אין בריוולעכן קאָנטאַקט מיט גדולי התורה. ער איז אפילו באַשטעטיקט געוואָרן אַלס רב אין ראַדאָם, אָבער דאָ איז ער פּלוצים קראַנק געוואָרן. מען האָט אים אַוועקגעפירט קיין אָטוואָצק אין אַ סאַנאַטאָריע. נאָך לאַנגע יאָר קרענקען איז ער דאָרט געשטאָרבן אין יאָר 1914.

מיין מאַמע רויזע איז געבוירן אין יאָר 1883 און ווי אַ יינג מיידל האָט זי שוין אָנגעהויבן לייענען פאַרבאָטענע ביכלעך. זי האָט מיר דערציילט אַז ווען איר פאָטער אברהמקע, האָט אַמאָל ביי איר געפונען אַזאַ ביכל, האָט ער איר אַראָפּגעלאָזט צוויי פעטש אין קעגנוואַרט פון איר חתן.

ווי אַן אלמנה, און נאָך פריער ווען דער מאַן איז געלעגן שווער קראַנק, האָט די מאַמע געמוזט זאָרגן פאַר אירע צוויי קינדער און פאַרדינען אויף פרנסה. ווען איך האָב געענדיקט דאָס חדר פון יוסף־כעמיעס נאָך פינף זמן, האָט די פאַמיליע מיך געוואָלט אַוועקשיקן קיין בריסק אין אַ ישיבה. די מאַמע אונדזערע האָט אָבער נישט געוואָלט און געזאָגט, אַז זי וויל בעסער די קינדער לערנען אַ מלאכה.

1914־1915 האָט זיך ביי אשר פעלדמאַן געשאַפן אַ מין מאָדערן חדר און שולע, ווו מען האָט געלערנט וועלטלעכע לימודים און שפּראַכן. אויך איך האָב דאָרט אָנגעהויבן לערנען. די מאַמע אַליין האָט, נישט געקוקט אויף אירע

פרנסה־זאָרגן, נישט אויפגעהערט לייענען און לערנען זיך. זי איז געווען אַקטיוו אין די קרייזן פון די משכילים. אַ סך פון זיי, צווישן זיי קאַליע־געוואָרענע בחורים — לערנערס און מיידלעך, פלעגן זיך אָפט פאַרזאַמלען אין דעם קליינעם שטיבל פון רויזע דער אלמנה ווו עס האָט זיך געפונען אַ קרייז און דאָרט צוזאַמען האָבן זיי געקנעלט די פאַרבאָטענע השכלה־ליטעראַטור.



צום אָפּפאָרן פון לייבל גרינבערג נאָך פאַריז אין סעפּט' 1931. באַגלייט קיין וואַרשע דורך אַ גרופּע יוגנט

איך געדענק, ווי אין יאָר 1916 האָט זיך געגרינדעט אַ קולטור־קלוב וואָס האָט געפירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט. טאַקע פון דעם קלוב האָבן זיך שפּעטער אויספאָרמירט פאַרשידענע אידעאָלאָגישע גרופּירונגען און אָרגאַניזאַציעס. איינע פון די אַקטיווסטע טוערינס אין דעם קלוב איז געווען מיין מאַמע. זי איז אויך געווען איינע פון די גרינדערינס פון דער ציוניסטישער פרויען־אָרגאַניזאַציע וואָס האָט דעמאָלט געהייסן „בנות־ציון". אין יענעם יאָר האָבן מיר שוין געוווינט אויף דער וואַרשעווער גאַס (פריער — אויף דער שעניצער גאַס) און אין אונדזער הויז האָט זיך געעפנט אַ דרוקעריי פון די ברידער לעוויטע. זיי האָבן מיר אַריינגענומען צו לערנען דאָס פאַך. מיט מיר האָבן געאַרבעט אַ זעצער פון וואַרשע מיטן נאָמען טירמאַן און אַ מאַשיניסט פישל שקליאַר. איך האָב געאַרבעט שווער, אָבער דאָס פאַך האָט מען מיר נישט דערלערנט.

געזעלשאַפטלעך האָב איך אָנגעהויבן ווערן אַקטיוו שוין אין יאָר 1917. מיין מאַמע האָט מיר דעמאָלט געגעבן בלאָטשקעס מאַרקעס מיטן בילד פון טעאָדאָר הערצל מיטן אויפשריפט „קרן קימת" און איך האָב פאַרקויפט אין גאַס די מאַרקעס. ענדע פונעם זעלבן יאָר ווער איך אַריינגענומען אין דער

יוגנט־גרופּע א. נ. פֿון בער באָראָכאָוו. הייב איך אָן לייענען באָראָכאָווס ווערק וואָס האָבן אויף מיר געהאַט אַ גרויסע השפּעה.

בעת דער באָלשעוויסטישער מלחמה אין יאָר 1919, געדענק איך, ווי די רויטאַרמייער זענען אָנגעקומען דערשעפּט און מידע אין אונדזער שטאָט אויפֿן וועג קיין וואַרשע. אַ סך פֿון זיי זענען ממש געפֿאַלן פֿון מידקייט,ביים גע־וועלבל פֿון מיין מאַמען אויף דער וואַרשעווער גאַס. מיין מאַמע האָט זיי גע־געבן עסן, געהאָלפֿן זיי קומען צו זיך, ביז זיי האָבן געקענט פֿאָרזעצן זייער וועג. דער פּשוטער מענטשלעכער זשעסט פֿון מיין מאַמען האָט איר שיער נישט געקאָסט דאָס לעבן, ווייל די אַנטיסעמיטישע שכנים, קאָזלאָווסקי און קאַזשיקאָווסקי, האָבן זי דערנאָך פֿאַרמסרט ווען די פּוילישע אַרמיי איז צוריק אַריין אין שטאָט.

אין יאָר 1918 גרינדעט זיך אין מינסק אַ לינקע פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע אין וועלכער איך טרעט אַריין. איך בין שוין צו יענער צייט אַן אָנערקענטער אַרבעטער אין דער דרוקעריי. אין די אָוונטן בין איך פֿריי און אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע. ווען עס קומט פֿאָר די שפּאַלטונג ענדע 1921 גיי איך אַריבער מיט פֿיל אַנדערע לינקע פּועלי־ציון אין דער קאָמ' פּאַרטיי, אין וועלכער איך בין טעטיק זינט יאַנואַר 1922.

מאַטעריעל רואינירט, האָט די מאַמע נאָך דער מלחמה געהייראַט מיט אַ מענער־שניידער קיין אָסטראָווצע. נאָך קנאַפּע פֿינף יאָר צעשיידט זי זיך מיט אים און מיר קומען צוריק קיין מינסק, ווו איך בין די גאַנצע צייט טעטיק אין דער לינקער באַוועגונג. אין יאַנואַר 1929 ווער איך אַרעסטירט און זיץ אָפּ אין פּאַוויאַק 18 מאָנאַטן.

סעפּטעמבער 1931 קום איך קיין פּאַריז, ווו מיין ברודער משה האָט שוין געוווינט העכער אַ יאָר. זעקס מאָנאַטן שפּעטער קומט אונדזער מוטער צו אונדז אַריבער. אין פּאַריז איז זי געווען אַקטיוו אין יידישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, אין דער יידישער פּראָגרעסיווער פֿרויען־אָרגאַניזאַציע און דערנאָך אין דער סאַניטאַרן־סעקציע ביים אַרבעטער־אָרדן. דעם 16טן אַפּריל 1938 איז זי פֿון אונדז אַוועק אין עלטער פֿון נישט פֿולע 55 יאָר.

יהושע בונה (בודוויצקי)
(תל-אביב)

# בין נוער דתי בשנות העשרים

כשאני מנסה להעלות בזכרוני את התקופה ההיא של ימי נעורי בעיר מולדתי, מיד נידלק במוחי אירוע שעד היום לא נמחק מזכרוני. הייתי אז ילד בגיל רך ובעיר פשטה השמועה כי העיירה הסמוכה קוליביעל נשרפה כמעט כליל, וכל יהודיה, על נשיהם וטפם, נשארו בעירום ובחוסר כל — פשוטו כמשמעו.

זכורני שבליל השבת אחרי הדליקה הגיע ל„גערער שטיבל", בו התפלל אבי שליח מטעם המרא דאתרא והכריז בשם הרב, כי אסור להתפלל מחר בשבת ב„שטיבל" וכל המתפללים יבואו לבית הכנסת הגדול בפינת השוק ורחוב הרבי. כך עשו השליחים בכל מנין ו„שטיבל" בעיר.

למחרת התאסף קהל רב מכל העיר בבנין בית הכנסת אשר היה צר מלהכיל את כולם וחלק היה נאלץ להתפלל בחצר ביה"כ. אחרי תפילת השחרית עלה הרב על הבמה והכריז, שלאור האסון הגדול שקרה לאחינו יהודי קולובייל ומאות אנשים, נשים וטף נשארו בלי פת לחם וקורת גג, ומאחר וזה ממש פקוח נפש, הרי מצוה היא על כל יהודי ללכת הביתה, לקחת סכום כסף ככל שידבנו לבו ויביא מיד לכאן, לביה"כ! ועד שלא יסיימו את ההתרמה לא יקראו בתורה...

ברור היה לכל שאין להתוכח ויש לקיים את מה שהרב מצווה, ומיד... ומיד התרוקן ביה"כ ממתפלליו, אשר השאירו את טליתותיהם בביה"כ עד שובם. זוכר אני שאבי ז"ל, יהודי עם זקן היורד על מידותיו, לקח אותי בידו והלך אתי לביתנו. שם, בבית, הביא אותי למקום „הקופה" בארון הבגדים, ואמר לי: קח מהכסף המונח שם כך וכך ובוא אתי בחזרה לביה"כ.

בשובנו לביה"כ התגלה מחזה מיוחד במינו: הרב ואתו כמה מזקני העיר עטופים בטליתותיהם יושבים על הבמה ועל ידם סל נצרים גדול ויהודים עומדים בתור לעלות לבמה ולשלשל לסל את תרומתם. כל המבצע הזה נעשה בשקט וברצינות רבה, בהרגשה של גודל המעשה.

אחרי שאחרון המתפללים הכניס את תרומתו, סילק השמש את הסל למקום מבטחים והרב הכריז על המשך התפילה וקריאת התורה.

עירנו מינסק היתה — דומני — חתך נאמן ליהדות פולין על כל מפלגותיה.

זכורני שחברי לספסל הלמודים לייזר־אלי לרנר, אשר הודות להשפעתן של הדודות שלו (הבנות של ברגר הידוע בעיר) התחיל ללמוד באוניברסיטת וורשה משפטים, עשה תפנית חדה: מיו"ר ארגון הסטודנטים הדתיים „מוריה" בוורשה, הפך לקומוניסט „שרוף". אולם גם אז בהגיעו הביתה לחופשות, לבש כרגיל הלבוש החסידי והלך עם אביו ל„גערער שטיבל" להתפלל, ואולי לעשות נפשות לקומו־ניזם בין חבריו לשעבר...

את עצמי אני זוכר כפעיל בנוער ה„אגודאי" במינסק, יחד עם חברי הטובים יעקב שוויאַטלו — בחור מצויין שהיה מגיע לגדולות אילו נשאר בחיים, יעקב דנגוט וגיסו שמחה בונים פייארשטיין, ואחרים. היינו פעילים בפלג שפניו היו ל... ארץ ישראל ולחמנו בתוך האגודה להקים קיבוצי הכשרה ולקחת חלק בבנית א"י

בכל השטחים. ואמנם, הודות ללחץ חלק מהנוער הזה התחילה האגודה לפעול בשטח וכמובן דרשה חלק מרשיונות העליה, „סרטיפיקטים", שהסוכנות היהודית קיבלה. (כדאי להזכיר קוריוז: אחרי שראיתי שפעולות האגודה למען העליה הן רק מתוך כפיה... עברתי ל„החלוץ המזרחי", שם אושרתי לקיבוץ הכשרה. אחרי זמן מה קיבלתי מכתב אישי מר' יצחק מאיר לוין, שעלי לבוא מיד למרכז האגודה בורשה, כי האגודה קיבלה מספר סרטיפיקטים עבור פעיליה, ואחד מהם מיועד לי...)

כפי שאמרתי, היה הנוער פעיל מאד והיתה נטושה מלחמה על נפש הנוער בעיר. אנו, הנוער הדתי, פעלנו רבות: ייסדנו שעורי ערב לנוער העובד ב־יהדות, תנ"ך ומשנה. הלימודים התקיימו באחד הבנינים ב„רעבינס הויף" (חצר הרבי). היתה היענות גדולה, כי הנוער היה צמא לדעת, אולם לא היו לנו אמצעים לממן את הפעולה, ובעיקר ההוצאות לחימום החדרים. מספר חברים התנדבו להביא עצים ופחם ממקומות שונים (ביה"כ הגדול, גערער שטיבל וכו'), עד שתפסו אותנו „על חם" וכדי בזיון וקצף...

זכורני ש„השמאל" החליט לפוצץ את השעורים והם באו כאילו להשתתף בשעור, אולם שאלו שאלות פרובוקטיביות. כן היו התגרויות אחרות עד שהצליחו לבטל את השעורים.

גולת הכותרת של פעילותנו היו השעורים שהתקיימו בכל שבת אחרי הצהרים אצל הרב קפלן. אין בכוחי לתאר את גדולתו של הרב הזה. הרב קפלן אחיינו של ר' שמעון שקופ היה. גאון בלימודי תורה, ויחד עם זה בעל השכלה רחבה, שולט במספר שפות, ידיעה מעמיקה בתרבות היהודית החדשה. אוהב ישראל וארץ ישראל ומחדיר בלב כל שומעו אהבת ציון.

השעורים היו בפרקי אבות, שם גנוזים כידוע אמרות פז על אורחת חיים בין אדם לחברו ובינו לבין קונו. שעורים אלה שנאמרו ע"י תלמיד חכם, על השקפת עולם רחבה, בהם שולבו רעיונות של הוגי דעות שונים היה בהם ממש תענוג עצום.

לצער כולנו נפטר הרב באופן פתאומי בדמי ימיו, והעיר ממש התייתמה.

את מינסק עזבתי בשנת 1928 לרגל אסון שקרה במשפחתי. אחותי הבכירה גיטלה, התאלמנה באופן פתאומי ונשארה עם שלושה ילדים, שהגדול בהם היה בן 6... נאלצתי לצאת לעיר מגוריה — מישיניץ — לעזור לה במידת האפשר ומשם כבר הכינותי את עצמי לעליה לא"י (בקיבוצי הכשרה וכו').

אבי, ר' שמואל הנוך ניסנס — קראו לו, כי היה חתנו של ר' ניסן טרומפל־דור, יהודי שהגיע למינסק מרוסיה והיה קרוב משפחה של יוסף טרומפלדור. אמי, חיה דבורה. היתה עסוקה בניהול חנות הכלים שלה („חיה דבורה פון די כלים"), אשר ברחוב שניצקי.

הורי ז"ל יצאו לגור לוורשה מספר שנים לפני פרוץ המלחמה ובמינסק נש־ארה רק אחות אחת, חנה'לה ובעלה עם ילדיה, אשר ניספו יחד עם רוב אנשי מינסק. גם הורי ויתר 4 האחיות התרכזו עם ההורים בוורשה, ורק אבי ז"ל נפטר בגיטו וזכה לבוא לקבר ישראל. מאמא ויתר האחיות ובעליהן וילדיהם אין לי כל פרטים.

משה זיסערמאַן
(בת־ים)

# דאָס קהילה־לעבן און די רבנים־מחלוקת

גרויס און פאַרשידנפאַרביק איז געווען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין אונדזער שטאָט ווו יידן האָבן אויסגעמאַכט 33% פון דער אַלגעמיינער באַפעל־קערונג. דער צענטער פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן איז נאַטירלעך געווען די קהילה, אָבער אין צוגאָב צו דער קהילה מיט אַלע אירע אינסטיטוציעס, האָבן עקזיסטירט אַ גאַנצע ריי אַנדערע געזעלשאַפטן און חברות און — אויך די חסידים־שטיבלעך און בתי־מדרשים האָבן געקאָכט און געזידט מיט קהליש לעבן. אין מינסק זענען געווען דריי גרויסע בתי־מדרשים (אַריינגערעכנט דעם רבינס בית־מדרש), אַ צוויי צענטליק חסידים־שטיבלעך.

דאָס גערער שטיבל האָט זיך געפונען ביים אָנהייב פון דער שעניצער גאַס און איז געבויט געוואָרן דורכן נדבן צאַלקע דעמביק, וואָס איז נאָך נפטר־געוואָרן אין יאָר 1914, אַ מעל־סוחר און אַ גרויסער גביר. אין יאָר 1929, פרייטיק־צו־נאַכטס פרשת „לך לך", איז דער גאַנצער געבוי אַוועק מיטן רויך — צוזאַמען מיט אַלע ספר־תורהס. דער גערער רבי האָט באַלד אַראָפּגעשיקט אַן אינזשיניער און צוריק אויפגעבויט דאָס שטיבל — אַ שיין און גערוים הויז, דאָס מאָל פון ציגל.

איך געדענק זיי, די שיינע יידן — די פילאַרן פון דאָזיקן שטיבל — ר' איטשע מאיר שעניצער (שעניצקי), ר' מרדכי וואַסערמאַכער (פייגנבוים), ר' שמעון ראַכמאַן (שמעון שוחט), ר' בנימין דאַנגאָט, יאָסקע פעלדמאַן (אָלעיאַרניק), שמואל־יאָסל פינקלשטיין (דער לאַטאָוויטשער), ישראל איסר ראַכמאַן, ר' לייביש פינקלשטיין, ר' מרדכי פינקלשטיין, וואָס איז לאַנגע יאָרן אויך געווען דאָזער. דאָס שטיבל איז געווען אַ קאָנצענטרירונג פון גרויסע למדנים. יומם ולילה האָט זיך דאָרט געהערט דער קול התורה — עלטערע חסידים און אויך יינגעלייט פלעגן דאָרט תמיד זיצן און לערנען. איך געדענק, אַז איך פלעג דאָרט בעיקר קומען פורים ווען סאַנעלע מילכבערג מיט יעקב משה ביאַלער פלעגן פראַווען ליצנות.

באַזונדערס איינגעקריצט אין מיין זכרון האָט זיך נאַטירלעך דאָס אַלעקסאַנדער שטיבל, ווו איך האָב געדאַווונט. דאָס שטיבל איז געווען בשותפות מיט סטריקעווער חסידים, און אין זכרון האָבן זיך מיר איינגעקריצט אַזעלכע חסידים און לומדים ווי אברהם־לייזער שוחט (קויפמאַן), ר' משה יחיאל טאָקולסקי, ר' מאָטל בראָנשטיין, ר' הערשל קראַמאַזש, ר' בעריש סאַפּירשטיין (געווען נאמן אין שעכטהויז), בעריש פינקלשטיין, ר' ברוך זיסערמאַן, ר' איטשע אברהם־לייזערס, וואָס האָט פאַרגעזעצט דעם טאַטנס דרך און געווען שוחט און געלערנט משניות מיט יידן אין גרויסן בית־מדרש יעדן אָוונט בין מנחה למעריב. און אָט זע איך זיי ווי לעבעדיק: ר' אהרון פעלדמאַן און ר' חיים ברוך גאָוואַרטשיק, לאַנגיעריקער פאָרזיצער פון קהילה־ראַט, און נעבן זיי לייבעלע ראָזנבערג דער פייערדיקער ציוני און נעבן אים מענדל אָפּענהיים, דער פרעזעס פון מזרחי וואָס איז לאַנגע

יאָרן אויך געווען לאַווניק אין שטאָט־ראַט. בעל־תפילה איז דאָ בעיקר געווען חיים דוד געלבאַרט (אייזנקרעמער), וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שיין דאַווענען; און אָט די תלמודס: יחיאל און דער יינגערער ברידער זיינער, מאַטעס.

אויף יענער זייט טייך האָט זיך געפונען דאָס פּאָריסאָווער שטיבל מיטן הדרת־פּנימדיקן ר׳ אפרים בעקער (אָבפּייער), אויך אַ דאָזער אין דער גמינע, וואָס פלעגט יעדן ראש־חודש פאָרן צום רבין און מיטגעפירט מיט זיך צוועלף חלות. ר׳ יוסף חיים קאַפּאָטאַ און זיין זון, שמשון קאַפּאָטאַ, ר׳ מאיר פעלסוחר און ר׳ אהרון יעקב פעל־סוחר, מיין פעטער ר׳ שמואל פייוול פרוימאַן, ר׳ יאנקל גרינבערג און מיין ברודער מאָטל זיסערמאַן, אפרים בעקערס איידעם און דער צווייטער איידעם זיינער מאָטל שיפּמאַן פון פּראַגע; ר׳ חיים זעליק ראָטלעוויטש דער מורה הוראה; אברהם הערש ווישניאַ, דער יינגסטער איידעם פון אפרים בעקער.



שלמה ליפּטשינסקי מיט זיין פרוי מאַשע־ריווע

אין סקערוועניצער שטיבל האָבן געדאַווענט אין מיינע יוגנט־יאָרן ר׳ טוביה ראָגאַטקע מיט יעקב אריה זעליצקי צוזאַמען מיטן „אַלטן לייב״ — ר׳ לייב ראָזנבערג, און די יינגערע: ישראל ראָזנבערג, יאַנקל ראָזנבערג, שמואל ראָזנבערג און נתנאל ראָזנבערג און ר׳ אברהם יצחק ביבלאַרזש מיט זיינע זין.

די ראַדזינער חסידים, וואָס האָבן זייער שטיבל לעצטנס געהאַט אויפן דאַך פון גרויסן בית מדרש, האָבן פאַרמאָגט אַזעלכע טייערע חסידים ווי ר׳ שלמהלע בערקאָוויטש (דער אייזנקרעמער), ר׳ גרשון־הענעך ליבערמאַן, ר׳ יצחק שמואל

צילך, יאַנקל זיסמאַן (יאַנקל מאָרדער), יוסף גרינבוים (יוסף כעמיעס), יוסף טאָפּילאָווסקי (אויך אַן איידעם פון אפרים בעקער), און ר׳ משה סופר.

פּיאַסעטשנער חסידים זענען געווען בלויז יחידים, צווישן זיי מיין שווער ר׳ נפתלי רובינשטיין און פייוול בעקער.

צו די חשובע נאָוואָמינסקער חסידים האָבן געהערט צוו. אַנד. ר׳ מעכעלע פּערלאָוו, ר׳ ישעיה פרידמאַן (פשיסטאַווצער), די שעקערקיס, ר׳ משה שעדלעצקי, א. א.

איך געדענק זיי אַלע, נישט בלויז ביים דאַווענען און לערנען, ביים פאָרן צום רבין, אויף שמחות — איך געדענק זיי אויך אין זייער טאָג־טעגלעכן געראַנגל פאַר פרנסה און שפּעטער ביים ראַנד פון חורבן. איך געדענק די חסידים־שטיבלעך, אָבער אויך די אינסטיטוציעס, געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע, מיט וועלכע אונדזער שטאָט האָט געהאַט אַ שם.

ווער געדענקט נישט די גמילת־חסד־קאַסע מיט איר פאָרזיצער ר׳ יוסף לייב רובינשטיין, מיט אַ שניי־ווייסער לאַנגער באָרד, און די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער שלמה ליפּשיטשינסקי, נפתלי רובינשטיין, גרשון הענעך ליבערמאַן און שמואל ראָט. דער דירעקטאָר פון דזשאָינט יצחק גוטערמאַן האָט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן געלויבט די קאַסע, אַלס איינע פון די בעסטע אין גאַנץ פּוילן. די קאַסע פלעגט דערטיילן הלוואות פאַר אַלע שיכטן, באַלמעלאָכעס און סוחרים, מיט אַ ברייטער האַנט, באַזונדערס אין סעזאָנען ווען יידן האָבן זיך באַזונדערס גענויטיקט אין מזומנים, ווי למשל ביים אויסצוקויפן אַ „פּאַטענט" צום נייעם יאָר, פאַרגרעסערן דעם לאַגער סחורה אויף יום־טוב או"וו. אין אַזעלכע טעג, געדענק איך, פלעגן אַזעלכע באַלעבאַטים ווי יאַנקל ראָזנבערג און מיין ברודער מאָטל זיסערמאַן, נחמן־בנימין זלאָטאָלאָוו, שלמה ליפּשיטשינסקי, ביבלאַרזש און ישעיה פרידמאַן אַריינגעבן גרעסערע געלט־סומעס אין דער קאַסע, זי זאָל קענען אַנטקעגנקומען אַלע בקשות וואָס פלעגן אַריינפליסן אין סעזאָן.

איך געדענק אויך ווי עס פלעגט אָפטמאָל טרעפן, אַז נפתלי רובינשטיין פלעגט אַליין אַוועקטראָגן הלוואות צו יידן אין די שטובן אַריין, כדי פון זיי צו פאַרמיידן בושות וואָס זיי דאַרפן אָנקומען צו הלוואות... איך געדענק אויך דעם גרויסן און שיינעם „קידוש" וואָס די קאַסע פלעגט מאַכן יעדעס יאָר, שבת פרשת משפטים, ווען מען לייענט „אם כסף תלווה", אין דער וווינונג פון ר׳ יוסף לייב רובינשטיין.

איינע פון די עלטסטע אינסטיטוציעס איז געווען „לינת הצדק". די אינסטי־טוציע איז נאָך געגרינדעט געוואָרן אין 1912 דורך ישראלקע דעם רבינס (פּער־לאָוו), צוזאַמען מיט יוסף גרינבוים און משה שעדלעצקי. פרשת „וירא", ווען די מלאכים זענען געקומען מבקר־חולה זיין אברהם אבינו, פלעגט די חברה איינ־אָרדענען אַ גרויסע סעודה און פאַרבעטן דעם מורה־הוראה ר׳ חיים־זעליק. די סעודה פלעגט פאָרקומען ביים פרעזעס משה שעדלעצקי. זיין ווייב, אסתר, פלעגט צוגרייטן מכל מטעמים, באַזונדערס פיש, וואָס האָבן געהאַט אַ שם. זומער־צייט פלעגט מען ביים פרעזעס איינקויפן עטלעכע הונדערט קילאָ מאַלינעס און איינלייגן אַ פולן קעלער גאָנשערס מאַלינע־סאָק, וואָס האָט געסטייעט אויף אַ גאַנצן ווינטער

פאַר אַלע חולים. מאַלינע־סאָק פון „לינת הצדק״ האָט געהאַט אַ שם ווי די בעסטע רפואה קעגן פאַרקילונגען. פורים האָט דער „לינת הצדק״ געשמט מיט זיינע פורים־שפּילער און פורים־שפּילן, וואָס פלעגן אַ סך מאָל אפילו פאָרקומען אין דער שאָפּע פון די פייערלעשער. יצחק גאָטליב (געצלס), בערל רוזשאַנסקי, שמילקע „דאַמע״, משה „באַש״ פלעגן זיך פאַרשטעלן פאַר די הויפּט־העלדן פון דער מגילה און באַזוכן אַלע שטובן צו דער פורים־סעודה. לאַנגע יאָרן בין איך געווען סעקרעטאַר פון דער חברה, בעת איטשע מאיר ווייסבראָט איז געווען ביז זיין פטירה הויפּט־קאָנטראָלער.

מיטן האַנטווערקער־פאַראיין האָט אָנגעפירט דער באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן, אַ ייד אַ חכם און משכיל, מרדכי יאָסל קירשנבוים.

מיט דער „חברה קדישא״ האָט אָנגעפירט פּיניע שאַפּיר (פּיניע שוסטער), חיימטשע קאָפּ, יואלקע לעווין, נפתלי רובינשטיין, מרדכי לייב סיטען און אייזיק האָראָוויץ (אייזיק זייגערמאַכער).

אין שפּיץ פון אַלע אינסטיטוציעס איז נאַטירלעך געווען די קהילה־פאַרוואַל־טונג. דער לעצטער פּרעזעס פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג ביים מלחמה־אויסברוך איז געווען שלמה מאָרגנשטערן, הערש־אַלטערס אַ זון.

אין צענטער פון געזעלשאַפטלעכן לעבן איז אָבער תמיד געשטאַנען די רבנים־מחלוקת, וואָס האָט אַלע מאָל אָנגענומען זעלטן שאַרפע פאָרמען און אַרויסגערופן בייז בלוט.

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס נאָך פאַרן ערשטן וועלטקריג. דאָס איז געווען נאָך דעם ווי עס איז נפטר געוואָרן דער אַלטער רב, ר׳ יחיאל מיכל ראַבינאָוויטש, דער מחבר פון ספר „גלי ים״. הרב ראבינאָוויטש איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ מחמיר און אַ מתנגד. נאָך זיין פטירה, ווען מען איז צוגעטראָטן צונעמען אַ נייעם רב, האָבן זיך געמאָלדן זייער פיל קאַנדידאַטן. די נאָענטקייט צו וואַרשע האָט אַפּנים אימפּאָנירט אַ סך באַרימטע רבנים. צווישן זיי איז, למשל, געווען — ווי איך געדענק — דער רחשאַנער רב וועגן וועלכן מען האָט דערציילט, אַז ער האָט אַן אַן אויסצייכענונג פון רוסישן צאַר ניקאָליי — אַ גאָלדן שווערדל.

די וויכטיקסטע קאַנדידאַטן זענען לסוף געווען די צוויי: הרב יעקב אריה אייזנצווייג פון מעכעוו און הרב יוסף קאַפּלאַן פון בריסק דליטא. דער לעצטער איז געווען אַ יינגערמאַן, וואָס האָט נאָרוואָס געהאַט באַקומען היתר־הוראה פון ר׳ יאָשע בער בריסקער.

דאָ האָבן זיך באַלד געשאַפן צוויי צדדים: די חסידים זענען געווען פאַרן מעכעווער, בעת די אינטעליגענץ, די יוגנט, ווי אויך די סקערניעוויצער חסידים מיט לייב ראָזנבערג, ביבליאָרזשעס שווער, האָבן געוואָלט הרב קאַפּלאַן פאַרן רב.

דער „בריסקער״ רב — ווי מען האָט גערופן הרב קאַפּלאַנען — איז געווען עלעגאַנט געקליידט. די חסידים האָבן אים טאַקע פאַרגעוואָרפן, אַז עס איז נישט געמאָלט אַ רב זאָל טראָגן געפּרעסטע מאַנקעטן!

נאָך אַ לאַנגער שקלא וטריא זענען פאָרגעקומען די וואַלן. די פּראָצעדור איז דעמאָלט געווען אַזאַ, אַז אין די וואַלן האָט זיך באַטייליקט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג. צו דער מינסקער קהילה האָט דעמאָלט אויך געהערט שעניצע.

דאָרט האָט מיט די וואַלן אָנגעפירט ר׳ חיים־זעליק ראָטלעוויטש, אַ באַוווסטער למדן. ער איז געווען פאַר דער קאַנדידאַטור פון ר׳ יוסף קאַפּלאַן און דאָס האָט אין אַ גרויסער מאָס דעצידירט בנוגע דעם אויסגאַנג פון די וואַלן.

איך געדענק ווי די וואַלן זענען פאָרגעקומען אין דער סאַלע פון די פייער־לעשערס אויף דער וואַרשעווער גאַס. דאָס איז שוין געווען אין יאָר 1913. די גאַנצע שטאָט האָט זיך באַטייליקט, און אין רעזולטאַט איז אַלס רב אויסגעקליבן געוואָרן דער מעכעווער, מיט אַ נישט גרויסער מערהייט.

די אָנהענגער פון „בריסקער" האָבן אָבער נישט רעזיגנירט און זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט אין שטאָט אַריין זייער רב, הרב קאַפּלאַן. די שטאָט האָט אַזוי אַרום באַקומען צוויי רבנים: דעם אָפיציעלן, דעם אויסגעוויילטן, הרב אייזנצווייג און הרב קאַפּלאַן, וואָס איז פאַקטיש געווען אַ פּריוואַטע פּערזאָן.

די שטאָט האָט זיך געטיילט אין צוויי צדדים: אונדזער רב און אייער רב, און נישט בלויז דאָס. די אָנהענגערס פון הרב קאַפּלאַן האָבן אפילו אַראָפּגעבראַכט זייערס אַן אייגענעם שוחט, ר׳ יאַנקעלע. דער „מעכעווער" האָט געאסרט די שחיטה פון דאָזיקן שוחט, האָט דער בריסקער באַלד געאסרט די שחיטה פון מעכעווערס שוחט. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אַ זון האָט נישט געגעסן ביי אַ טאַטן און אַ טאַטע ביי זיינע קינדער. יעדע משפחה איז געטיילט געוואָרן — אויף אָנהענגערס און קעגנערס פון דעם אָדער יענעם צד...

אַזוי האָט געפלאַקערט די מחלוקת ביז עס איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה אין יאָר 1914. באַלד ווי די דייטשע חיילות האָבן זיך אָנגעהויבן דער־נענטערן צו וואַרשע, האָט דער מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אַלע שטעטלעך פון פּראָנט זיך פאַרערגערט. מען האָט מורא געהאַט פאַר רדיפות און פאַגראָמען פון די רוסן. ממש עטלעכע וואָכן נאָכן מלחמה־אויסברוך איז דער רב, הרב אייזנצווייג, אַנטלאָפן קיין וואַרשע, גענוי ווי עס האָט געטאָן דער נאָוואָמינסקער רבי.

זומער 1915 האָבן די דייטשן פאַרנומען וואַרשע און באַלד דערנאָך אויך מינסק (דעמאָלט האָט די שטאָט נאָך געהייסן נאָוואָמינסק). דער דייטשער קאָמענדאַנט, געדענק איך, איז געווען אַ געוויסער פּרינץ לעווינשטיין. אין איינעם אַ טאָג איז צו אים אַוועק הרב קאַפּלאַן מיט זיינע אָנהענגערס און געבעטן אַ באַשטעטיקונג אַלס אָפיציעלער רב פון דער קהילה, ווייל דער פריערדיקער רב האָט פאַרלאָזט די קהילה און קומט נישט צוריק. דער קאָמענדאַנט פון דער שטאָט האָט אים טאַקע אַרויסגעגעבן אַ נאָמינאַציע אַלס דער אָפיציעלער רב פון דער קהילה.

דער „מעכעווער" האָט אָבער נישט רעזיגנירט פון כסא הרבנות און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַ סעריע דין־תורהס ביים וואַרשעווער רב, הרב שלמה דוד כהנא. לסוף האָט הרב אייזנצווייג באַקומען אַ גרויסע געלט־פאַרגיטיקונג. הרב קאַפּלאַן איז געוואָרן רב און גענומען פירן די שטאָט ביד חזקה. קודם־כל האָט ער, כדי צו באַפעסטיקן זיין פּאָזיציע, צוגענומען אַלס מורה־והוראה ר׳ חיים־זעליק ראָט־לעוויטש פון שעניצע. ר׳ חיים־זעליק איז געווען אַ גרויסער למדן און אַ קלוגער ייד. מען האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ שטיקל באַלוינונג מצד דעם רב פאַר דעם וואָס ער האָט אים געהאָלפן בעת די וואַלן, שעניצע זאָל שטימען פאַר אים. דאָס

האָט שטאַרק אויפגערעגט די גערער חסידים, און זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט פון פּיאָטרקאָוו טריבונאַלסק זייערס אַ מורה־והוראה, הרב רינקעוויטש. חוצן רב האָט איצט די שטאָט געהאַט צוויי מורה והוראהס...

אין 1929 איז ר׳ יוסף קאַפּלאַן נפטר־געוואָרן, איבערלאָזנדיק אַ פּרוי מיט צוויי קינדער, און — ווידער איז אין שטאָט אויסגעבראָכן אַ מחלוקת ביים צוטרעטן ווילן אַ נייעם רב. דאָס מאָל איז די פּראָצעדור שוין נישט געווען אַז די גאַנצע שטאָט דאַרף קלייבן דעם רב, נאָר די קהילה־פאַרוואַלטונג אַליין. דער פאָרזיצער פון קהילה־ראַט איז דעמאָלט געווען ר׳ חיים ברוך גאַוואַרטשיק און דער פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג איז געווען יחיאל טראַיאַנאָווסקי. די צאָל קאַנדידאַטן איז געווען גרויס. קודם־כל — דער וולאָדאַווער רב און רבי, ר׳ משה ברוך מאָרגנשטערן, אַן אייניקל פון קאָצק; הרב קלמנאָוויטש פון אגודת ישראל און דער מאָדזשיצער רבי, וואָס האָט דעמאָלט געוווינט אין אָטוואָצק. אויך דער מעכעווער רב הרב אייזנצווייג, וואָס איז אין צווישנצייט געוואָרן אַ חבר אין אגודת הרבנים אין וואַרשע, האָט אויך אָנגעגעבן זיין קאַנדידאַטור. אין לעצטן מאָמענט איז אייך אויפגעשווימען די קאַנדידאַטור פון הרב משה נתנאל שאַפּיראָ, אַ יינגער ו ב, דער זון פון קאַלישער רבין, איידעם פון לאָסקער רב און אייניקל פון קאַלושינער רבין. היות ווי אַ גרויסע צאָל דאָזאָרעס אין דער קהילה זענען גראָד געווען קאַלושינער חסידים, איז דער רעזולטאַט פון די וואַלן — וואָס זענען פאָרגעקומען אין 1934 — געווען, אַז אַלס רב איז טאַקע אויסגעקליבן געוואָרן הרב שאַפּיראָ.

גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג האָבן אָבער נישט שלום געמאַכט מיט דעם און אַרויסגעוויזן זייער קעגנערשאַפט צום ניי־געווײלטן רב. זיי האָבן געהאַט טענות בנוגע דער ריכטיקייט פון די וואַלן אַזוי ווייט, אַז דער ענין איז דערגאַנגען צום העכסטן געריכט אין וואַרשע. צוליבן מלחמה־אויסברוך איז קיין אַנטשיידונג אין דער פראַגע נישט פאָרגעקומען.

ווען די דייטשן זענען אַריין אין שטאָט האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן די כאַ־פּעניַשן צו אַרבעט. שמחת תורה איז ער דורך די דייטשן געכאַפּט און געפּייניקט געוואָרן ביי דער אַרבעט. די כאַפּעניַשן זענען באַזונדערס פאַרשטאַרקט געוואָרן אין טרויעריקן „שוואַרצן שבת״, שבת בראשית, ווען דער רבי ר׳ משהלע איז געפּייניקט געוואָרן און איז געפירט געוואָרן איבער די גאַסן פון שטאָט בעת דייטשן האָבן פון אים געחוזקט.

צומאָרגנס נאָך דעם שוואַרצן שבת איז דער רב אַנטלאָפן פון שטאָט, ווייל די דייטשן האָבן אַלץ מער אים אָנגעהויבן זוכן. אין וואַרשע האָט ער זיך גראָד אויסבאַהאַלטן אין אַ הויז אויף נאַלעווקעס 7, וועמענס איינוווינער זענען אין איינער אַ דעצעמבער־נאַכט 1939 אַרויסגעפירט געוואָרן דורך די דייטשן און זיי אַלעמען דערשאָסן. צווישן זיי איז געווען דער מינסקער רב — הרב משה נתנאל שאַפּיראָ. אונדזער רב איז פּאַקטיש געווען דער ערשטער קרבן פון די נאַציס אין אונדזער שטאָט, וואָס האָבן אים צופעליק דערגרייכט אין זיין אויסבאַהאַלט־אָרט אין וואַרשע.

יפה מארגוליס־שניצער

# מיינע יאָרן פון אונטעריכט

מינסק איז געווען די שטאָט אין וועלכער איך האָב איבערגעלעבט דעם גליקלעכסטן פעריאָד פון מיין לעבן, אין קרייז פון מיין טייערער משפחה, צווישן באַליבטע שילערס, פאַר וועמען איך האָב אָפּגעגעבן די בעסטע יאָרן פון מיין לעבן, און וואָס זענען אויסגעראָטן געוואָרן ווי זיי וואָלטן קיינמאָל נישט געווען.

וואָס פאַראַ פּרעכטיקע יוגנט איז דאָס געווען; אַזאַ באַשיידענע, אַרבעטס־זאַמע און נאָך לערע־דאָרשטיקע יוגנט, דורכגענומען מיט אַזוי פיל אידעאַליזם און חלומות וועגן אַ בעסערן מאָרגן, וועגן אַן אייגן לאַנד. אַ יוגנט וואָס האָט נישט געוווּסט וועגן אַלע צרות פון דער „מאָדערנער" צייט. ווי קען מען דאָס אַלץ פאַרגעסן!

און ווי קען איך פאַרגעסן מיין מאַן, וואָס האָט צוזאַמען מיט מיר, מיט אַזאַ ברען, זיך אָפּגעגעבן מיט דערציִען אָט די יוגנט. שוין זייענדיק שפּעטער אַ לערער אין וואַרשע האָט ער אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט זיינע געוועזענע



עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס: פרוי יפה מאַרגוליס, אַנקאַ און העלאַ בערגער, מענדל ליכטבלום, רבקה בזשעזשינסקי; עס זיצן: אברהם מאַרגוליס מיט זיין זון טעאָדאָר

שילערס, זיך באַמיט איינצואָרדענען די וואָס האָבן געוואָלט פאַרזעצן זייערע לימוד׳ים אין מיטלשולן, ביים באַקומען פאַרשידענע הנחות אין אַפּצאָל, ביים באַטומען אַרבעט און אפילו איינע פון אונדזערע אַמאָליקע שילעריננס, פון די סאָסנאָוויטשעס, אנגאזשירט אַלס סעקרעטאַרין אין דער שולע אין וועלכער ער האָט פאַרנומען אַן אָנפירנדיקן אַמט.

און וואָס זאָל מען שוין זאָגן וועגן דעם ווייטיק פון אַ מאַמעס האַרץ נאָכן פאַרלירן אונדזער באַליבטן זון טעאָדאָר, דעם ליבלינג פון קינדער אין אונדזער שולע, וואָס איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין מינסק. אויפגעהאָדעוועט אין ציוניסטישן גייסט. געטראָגן דעם נאָמען פון טעאָדאָר הערצל, האָט ער געהאַט ברייטן וויסן אין דער העברעישער שפּראַך און ליטעראַטור. פון דער פריער יוגנט אָן האָט ער פאַרמאָגט די בעסטע לערערס, פריער אין מינסק און דערנאָך אין וואַרשע. אַ שטאָלצער ייד איז ער אויסגעוואקסן, דורכגעדרונגען מיט די אידעאַלן און שטרעבונגען פון פאָלק וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט. ער איז אומגעקומען אַ יאָר פאַר מאַטורע.

איך ווייטיק ביז היינט דאָס פאַרלירן פון אַזוי פיל פריינט, מיט וועלכע איך האָב נישט איינמאָל פאַרבראַכט אַזוי פיל גוטע מינוטן. הגם נישט געבוירן אין מינסק האָבן זיי זיך גיך איינגעוואָרצלט אין שטאָט און געלייגט זייער חותם אויף דעם יידישן לעבן. אַזעלכע משפחות ווי די לוקינס, וויינערס, סעגאַלס, קאַגאַנס אָדער די אַדוואָקאַטן רייך, גרינבערג, קעסלער און דער פאַבריקאַנט לעווין, האָבן פיל בייגעשטייערט לטובת דעם קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט.

אויך די שטאָט אַליין ווי אַ גאַנצקייט, לעבט אין מיין זכרון. איך לעב מיט איר אין חלום און אויף דער וואָר. איך שפּאַציר איבער אירע גאַסן, טרעף זיך מיט אירע מענטשן. מיין מוח האָט נאָך אַלץ נישט שלום־געמאַכט דערמיט, אַז אָט דאָס פולסירנדיקע לעבן איז אַזוי אכזריותדיק אָפּגעמעקט געוואָרן מיט איין מאָל. אָט שפּאַציר איך זיך איבער דער וואַרשעווער אָדער איבער דער פּילסודסקי־גאַס. באַזוך די געשעפטן, מאַך קניות, שמועס מיט די פאַרקויפערס. קינדער וואָס גייען צוריק פון די שולן באַגריסן זיך מיט מיר. ניין, דאָס אַלץ קען נישט נישט־זיין מער. דאָס איז אוממעגלעך!

יידן, איינגעטאָן אין זוכן פרנסה כדי אויסצוהאַלטן זייערע משפחות, יידן וואָס האָבן געהיטן טראַדיציע מיט דער איינציקער זאָרג צו געבן די קינדער זייערע אַ גוטע דערציונג און צוקונפט, — די יידן האָבן בעיקר זיך פאַרנומען מיט האַנדל, מיט מלאכה און עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין אָרעמעלייט וואָס האָבן אַ גאַנץ לעבן זיך געראַנגלט פאַר אַ שטיקל ברויט פאַר זיך און פאַר זייער אייגענע. ניש געקוקט אָבער אויף אָט די אַלע שווערע לעבנס־באַדינגונגען האָבן זיי נישט פאַרנאַכלעסיקט די דערציונג און בילדונג אין „חדר״ אָדער אין די מלוכהשע צי פּריוואַטע שולן.

דריי שולן זענען אין מיינע צייטן געווען אין שטאָט:

1. די אַלגעמיין־מלוכהשע שולע מיט דער אונטערריכט־שפּראַך פּויליש פאַר יידישע קינדער;

.2 די „תרבות"־שולע מיט העברעיש אַלס אונטעררריכט־שפּראַך,

און .3 תלמוד תורה — ווו צוזאַמען מיט אַלע רעליגיעזע לימודים, חומש און גמרא, איז אויך געלערנט געוואָרן די פּוילישע שפּראַך, פּוילישע היסטאָריע, געאָגראַפיע, חשבון און נאַטור־וויסנשאַפט אין דער פּוילישער שפּראַך, און איז אונטערליגן די מלוכהשע שול־קאָנטראָל.




אַ העכערע שול־קלאַס אויף אַן אויספלוג אין קראָקע

די אַלגעמיין־מלוכהשע שולע, („פּאָווסעכנאַ") איז געגרינדעט געוואָרן באַלד ווי עס איז אַנטשטאַנען דאָס אומאָפּהענגיקע פּוילן. תחילת איז זי באַשטאַנען פון בלויז פיר קלאַסן און האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעברייטערט אויף 7 קלאַסן. די ערשטע לערערס אין דער שולע זענען געווען: איגנאַצי שטאָקהאַמער — דירעקטאָר, אברהם מאַרגוליעס, אננא בערגער, רעגינאַ שטאָקהאַמער און פּאַשענטשעווסקי, לערער פון רעליגיע. אין יאָר 1924 איז די צאָל לערערס פאַרגרעסערט געוואָרן. דעמאָלט האָב אויך איך אָנגעהויבן צו אַרבעטן און פריילין אַניספעלד. אין יאָר 1925 איז אַריינגעטראָטן אין דער אַרבעט העלענא בערגער און פרוי בזשעזשינסקא. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז אָנגעקומען פריילין לאַקס און פּאַשענטשעווסקי איז איינגעטוישט געוואָרן אויף דעם לערער ליכטבלום. נאָך שטאָקהאַמער איז דירעקטאָר פון דער שולע געוואָרן מיין מאַן, אברהם מארגוליס. דאָס זענען געווען די ערשטע יידישע לערערס אין דער שולע. מיט דער צייט, די לעצטע מאָהיקאַנער, ווייל שפּעטער איז שוין נישט צוגעלאָזט געוואָרן צו דער אָנפירונג קיין שום יידישער לערער. אָנשטאָט זיי האָט מען אָנגעהויבן אַלץ מער שיקן אין דער שולע אַריין פּוילישע

לערערס. פריער אַביסל שעמעוודיק, איינער נאָכן אַנדערן און לסוף מאַסנווייז. פריילין לעגיאָנאָוו, בורטאַטאָווסקי, אָזשעכאָווסקאַ, קילישטשיק, קוויאַטקאָווסקי און אַנדערע. ווען מיין מאַן איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן כדי צו לערנען אין וואַרשע, איז דירעקטאָר פון דער שולע געוואָרן פלאַטקאָווסקי. אויב וועגן דער פריילין לעגיאָנאָוו קען מען זאָגן, אַז זי איז געווען גוט פאַר אונדזערע קינדער און באַליבט ביי אַלע שילערס, האָבן די אַנדערע נישט געגאָסן פון באַזונדערער סימפּאַטיע און נישט איינמאָל האָבן זיי אפילו געגעבן אויסדרוק זייערע אַנטי־סעמיטישע איינשטעלונגען. צו טייל האָט מען נישט געהאַט קיין רעספּעקט צוליב זייערע געוווינשאַפטן צום ביטערן טראָפּן, און וואָס זיי האָבן זיך בכלל נישט געהאַלטן אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַ לערער. אונדזערע קינדער האָבן אַלץ מער זיך געטוליעט צו די יידישע לערערס, פילנדיק אין זיי זייערע אפּוטרופּסים. מיר האָבן זיך דעריבער באַמיט צו זיין ראוי צו דעם צוטרוי וואָס זיי האָבן אונדז געשענקט, און מיר האָבן זיך באַמיט אין זיי איינצופּלאַנצן דאָס נאַציאָנאַלע געפיל דורך איינאָרדענען פאַרשידענע אָוונטן אין שייכות מיט יידישע יום־טובים (חנוכה, פורים). עס האָט זיך אויפגעהיטן אַ בילד פון אַזאַ פאַרבנרייכן פורים־אָוונט. אַפּיציעל איז דאָס נאַטירלעך געווען פאַרבאָטן. מיר האָבן אָבער אויסגעזוכט פאַרשידענע פּרעטעקסן, כדי צו באַרעכטיקן אַזעלכע מינים אימ־פּרעזעס און האָבן אויך געהאַט ספּעציעלע שמועסן מיט די תלמידים וועגן פאַרשידענע יום־טובים. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט ווי ווייט דאָס האָט געהאַט אַ השפּעה אויף די קינדער. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז די קינדער געהערן צו פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס וואָס זענען טעטיק אין שטאָט, ציוניסטישע אָדער לינקע. דאָס איז באַזונדערס געקומען צום אויסדרוק בעתן שפּאַנישן בירגערקריג, ווען יוגנטלעכע פון מינסק האָבן זיך אַנגעשלאָסן אין די רייען פון די קעמפּפערס פאַר אַ רעפּובליקאַניש שפּאַניע.

די צווייטע שולע, „תרבות", האָט זיך געפונען בעיקר אין הויף פון די בערגערס אויף דער וואַרשעווער גאַס, בעת עטלעכע קלאַסן האָבן זיך געפונען אויף דעם רבינס הויף, צוזאַמען מיטן העברעישן קינדערגאָרטן. דער ערשטער דירעקטאָר פון דער שולע איז געווען יאַנקעלעווסקי, אַ העברעישער לערער, וואָס איז געקומען פון דער ליטע. אַ גרויסע אַנטוויקלונג האָט די שולע דורכ־געמאַכט ווען די אָנפירערשאַפט האָט איבערגענומען לייבל גאַרבאָווניק. ער, צוזאַמען מיט די אַנדערע לערער, משה קירשנבוים, הערשל פורמאַנסקי, פריילין פּרנס און אַנדערע האָבן געמאַכט אַלע באַמיונגען אָנצוהאַלטן די שולע אויף אַ ניוואָ.

די תלמוד תורה („איחוד") האָט זיך געפונען אינעם גרויסן בית־מדרש־הויז, אויף דעם רבינס געסל, אין די פינף גרויסע זאַלן חוץ דער שול. קינדער האָבן דאָ געלערנט פון די פריעסטע יאָרן ביזן עלטער פון 14־15 יאָר. די מלמדים זענען געווען גוטע. די ערשטע צייטן האָט די פולע אויפזיכט איבער די לימודים געהאַט דער רב, הרב קאַפּלאַן, אַ גרויסער תלמיד־חכם וואָס האָט אַרויסגערופן צו זיך רעספּעקט ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג. זיין זון איטשעלע איז געווען דער סעקרעטאַר פון דער יידישער קהילה. חוץ לימודי קודש האָט מען דאָ,



אויף אַ פורים־אָוונט אין דער „פּאָווש עכנאַ״־שולע מיט פוילישן דירעקטאָר פלאַטקאָווסקי

ווי געזאָגט, געלערנט מיט די קינדער לויטן פולן פּראָגראַם פון די „פּאָוושעכנע״ שולן אין די נאָכמיטאָג־שעהען. פון די לערערס וואָס איך געדענק לאָמיר דערמאָנען פריילין וואַטערמאַן און אַ לערערקע וואָס איך האָב אַראָפּגעבראַכט פון סאַרנאָפּאָל. אין משך פון צען יאָר בין איך געווען די לייטערין פון אָט דער שולע. די קינדער דאָ זענען בעיקר געקומען פון רעליגיעזע שטובן און עס איז זייער שווער זיי אָנגעקומען אויסצולערנען די פּוילישע שפּראַך.

די תרבות־שולע און די תלמוד־תורה זענען געווען פּריוואַטע שולן, סוב־סידירט טיילווייז דורך דער גמינע און דורכן מאַגיסטראַט. די עלטערן האָבן געמוזט צאָלן פאַרן לערנען, לויט זייערע מעגלעכקייטן.



זעקסטע קלאַס פאָלקסשול — 1927

ווי געזאָגט, בין איך געווען דירעקטאָרקע פון אָט דער שולע ביי דער תלמוד־תורה נאָך דעם ווי מיין מאַן איז פריער געווען דירעקטאָר אַן ערך 5 יאָר. אין מיין צייט האָט דער עקאָנאָמישער מצב פון דער שולע זיך שטאַרק פאַרערגערט און נאָך לאַנגע באַמיונגען האָבן מיר אַרויסבאַקומען אַ סובסידיע פונעם מאַגי־סטראַט. דאָס איז געווען אַ דאַנק מיין אינטערווענץ ביים בורמיסטש קראַיעווסקי, אין וועמענס ווילע איך האָב געווינט. איך האָב באַקומען אַ באַפולמעכטיקונג פון דער יידישער גמינע און נאָך לאַנגע באַמיונגען האָב איך געפּועלט ביים בורמיסטש ער זאָל געבן די שולע — וואָס איז אַגב געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ — אַ געוויסע סומע יעדן מאָנאַט. דער קאַסירער פונעם מאַגיסטראַט האָט אָבער יעדעס מאָל ביים אויסצאָלן דאָס געלט אָנגעטאָן צרות און ווען ער האָט שוין קיין ברירה נישט געהאַט, פלעגט ער בייז אַרויפוואַרפן אויפן טיש די מטבעות צו פינפער זלאָטעס און ביי יעדער בייז זאָגן מיט שפּאָט: „זאָל דאָס געלט גייען צו געלט״... איך האָב דערביי נאָך געמוזט מאַכן אַ פריילעכע מינע,

שמייכלען פון זיין „שאַרפזין", ווייל איך האָב געקענט דעם שווערן מצב פון דער שולע, וואָס האָט מיט גרויס מי געקענט אויסצאָלן דאָס געהאַלט פאַר די לערערס.

אין דער שולע פלעג איך אָפט מיטנעמען מיין קליינעם טעאָשן, די קינדער פלעגן פון אים לאַכן, ווייל ער האָט זיך אויסגעטיילט פון זיי, וואָרעם ער האָט נישט געטראָגן קיין פּיאות מיט אַ יידיש היטעלע און קאַפּאָטקע. נישט איינמאָל האָב איך געהערט ווי די קינדער רופן הינטער מיין פּלייצע ביי מיין אָנקומען: „עס גייט די קעראָווניטשקע מיט דעם שייגעצל"...

איינמאָל איז מיין טעאָשן אויסגעקומען צו „רעפּרעזענטירן" די יידישע קינדער אין דער שולע בעת אַ קבלת פּנים פאַר אַ וויכטיקן פּוילישן מיניסטער.

אין איינעם אַן אָוונט קומט צו אונדז אַריין מרדכי־יאָסל קירשנבוים, וואָס איז דעמאָלט געווען פּרעזעס פון דער גמינע, און דערציילט אונדז, אַז מאָרגן קומט אין שטאָט אַריין דער מיניסטער פּריסטער און די שטאָט אָרדנט אים איין אַ קבלת פּנים ביים אַריינפאָר פון שטאָט, ער וויל אַז אויך אַ גרופּע יידישע קינדער זאָלן זיך באַטייליקן אין דער אויפנאַמע און אונדזער טעאָש זאָל זיין דאָס קינד וואָס וועט דערלאַנגען דעם גאַסט אַ בוקעט בלומען און דערביי זאָגן אַ פּאָר ווערטער אין פּויליש...

דאָס איז געווען אין יאָר 1930, ווען מיין מאַן האָט גראָד באַקומען דעם מאַגיסטער טיטול פונעם וואַרשעווער אוניווערזיטעט.

צומאָרגנס צען אין דער פרי איז שוין די גאַנצע שטאָט — קליין און גרויס, יידן און נישט־יידן — געווען אויף דער וואַרשעווער גאַס. ענדלעך איז דער אויטאָ מיטן גאַסט אָנגעקומען. צווישן די וואָס האָבן אים באַגריסט זענען אויך געווען דער מורה הוראה מיט די גמינע־אָנפירער, וואָס האָבן אים מקבל פּנים געווען מיט ברויט און זאַלץ. דערנאָך איז געקומען די ריי פון די קינדער. פּריער נאַטירלעך פון די פּוילישע קינדער און דערנאָך איז געקומען די ריי פון מיין טעאָש. ער טרעט אַרויס פון דער גרופּע קינדער און גייט צו צום גאַסט מיטן בוקעט בלומען אין די הענט, צעמישט זיך אַביסל און זאָגט נישט מער נישט ווייניקער: „איך באַגריס אייך פאַן מאַגיסטער אין נאָמען פון די יידישע קינדער".

עס איז געוואָרן אַ געלעכטער און איך האָב געמוזט אויפקלערן פון וואַנען דער טעות שטאַמט, ווייל זיין פאָטער האָט די וואָך גראָד באַקומען דעם מאַגיסטער־טיטול. טעאָש האָט זיך באַלד געכאַפּט און נאָכאַמאָל איבערגעחזרט זיין ברכה ווי עס דאַרף זיין. דאָס איז גראָד געפעלן דעם מיניסטער און ער האָט אונדז פאַרבעטן צו דער געדענק־פאָטאָגראַפיע. באַלד זענען צוגעשטאַנען די גאַנצע פּני פון דער שטאָט, דער בורמיסטש, דער סטאַראָסטע, דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט א. א. אַ פאַרגרעסערונג פון דער דאָזיקער פאָטאָ־אויפנאַמע איז געהאַנגען אינעם מאַגיסטראַט ביזן מלחמה־אויסברוך, אויך ווען פּריסטאָרס ווייב, די טרויעריק־באַרימטע מאַדאַם פּריסטער, האָט געפירט אין סיים די פאַרביסענע אַנטיסעמיטישע אַקציע קעגן דער יידישער שחיטה...

קיין באַציונגען צווישן יידן און פּאָליאַקן, חוץ די אָפיציעלע באַציונגען, וואָס זענען געווען אומפאַרמיידלעך, זענען כמעט נישט געווען.ביידע שיכטן האָב געלעבט ווי אָפּגעזונדערט, און דאָס מחמת די אַנטיסעמישע איינשטעלונג

פון דער פוילישער באַפעלקערונג. דאָס קען אפילו אויסזען מאָדנע, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז אַחוץ אַ דינע שיכט באַאַמטע און אַביסל אינטעליגענץ איז דער רוב פון דער פוילישער באַפעלקערונג באַשטאַנען פון אַ פּראָלעטאַריש־אַרבעטנדיקן עלעמענט, אַרבעטער אין דער רוצקי־פאַבריק אָדער כאַלופּניקעס: שוסטערס, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר וואַרשעווער סוחרים. פּרויען האָבן זיך פאַרנומען מיט העפטעריי. ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן די פאַבריק פון מעסער־גאָפּל (דורך יידישע אייגנטימער, פאַגעלנעסט און לעווין), האָבן אַלע געריסן זיך דאָרט צו אַרבעטן. אפילו קינדער אויף דער גאַס פלעגן זיך צוזאַמענשטויסן און נישט איינמאָל ברענגען צו אמתע געשלעגן. די אַנטי־יידישע שטימונגען זענען באַזונדערס געקומען צום אויסדרוק ווען עס איז אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם אין יאָר 1936 בעת סקלאַדקאָווסקיס הערשאַפט. אין משך פון צען טעג האָבן די כוליגאַנעס געהוליעט, געשלאָגן יידן און גערויבט יידיש פאַרמעגן, פאַרברענט יידישע הייזער, און ערשט ווען אויך קריסטלעכע איינוווינער האָבן אָנגעהויבן צו ליידן פון די שריפות האָט די מאַכט, וואָס איז די גאַנצע צייט געווען גלייכגילטיק און געגעבן פרייע הענט די כוליגאַנעס, זיך מיישב געווען אַז מען דאַרף אַביסל איינשטילן די געמיטער. אין יענע טעג האָבן יידן, ווי געזאָגט, דערפילט דעם טעם פון גלות און די שנאה פון זייערע שכנים, און פיל — ווער עס האָט נאָר געקענט — האָבן פאַרלאָזט די שטאָט, אָוועק פון פוילן בכלל, וואָס איז געוואָרן אַ גיהנום פאַר יידן. פאַר יידן איז אוממעגלעך געוואָרן פריי צו אָטעמען.

אין יאָר 1937 האָב אויך איך פאַרלאָזט מינסק, אַרויסציענדיק זיך קיין וואַרשע. איך האָב אָבער כסדר אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער שטאָט. יעדן יום־טוב האָב איך פאַרברענגט מיט פריינט אין מינסק, אָדער זיי פלעגן קומען צו מיר קיין וואַרשע. יעדעס מאָל, ווען עס איז מיר אויסגעקומען צו פאַרברענגען עטלעכע טעג אין מינסק, האָב איך זיך געפילט ווי אין דער היים.

אויך נאָך דער מלחמה האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַ סך מינסקער, מיינע געוועזענע שילערס. זיי האָבן באַדויערט דעם טויט פון מיין מאַן, פון מיין זון, און פון פיל אַנדערע לערערס זייערע. מיר האָבן צוזאַמען באַוויינט דעם חורבן און זיך צעפאָרן — ווער קיין ישראל, ווער אין אַנדערע לענדער. אויך די שטאָט גופא האָב איך באַזוכט באַלד נאָך דער מלחמה. זי האָט אין מיינע אויגן אויסגעזען ווי אַן אויסגעשטאָרבענע שטאָט. אַזאַ שטילקייט, אַזאַ טויבקייט איז דאָרט קיינמאָל, קיינמאָל נישט געווען!

משה באָרנשטיין

# מיינע יוגנט־יאָרן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי

עפּעס ספּעציפישס האָט כאַראַקטעריזירט מינסק־מאַזאָוויעצק, און מיט דעם אונטערשיידט זיך דער ישוב פון פיל ענלעכע שטעט אין דעמאָלטדיקן פּוילן.

קודם־כל איר געאָגראַפישע לאַגע. די נאָענטקייט פון וואַרשע, דער שאָסיי וואָס האָט געפירט פון וואַרשע קיין בריסק, אויך די באַן וואָס איז געלאָפן אין דער זעלבער ריכטונג, דאָס אַלץ האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט.

וויכטיק איז אויך געווען די אויפגעבויטע נאָך אין די צאַרישע צייטן פאַבריק פאַר שווערע מעטאַל־קאָנסטרוקציעס אויפן נאָמען פון רודזקי. עס זענען דאָרט געווען באַשעפטיקט עטלעכע הונדערט אַרבעטער, אָבער קיין איין ייד נישט. די פאַבריק איז שטענדיק געווען באַהערשט פון ענדעקישע און כאַדעקישע איינפלוסן.

אין צענטער פון שטאָט האָט זיך געפונען אַ גרויסער גאָרטן (פּאַרק), אין וועלכן עס איז געשטאַנען דער פּאַלאַץ פון פירשט דערנאַלאָוויטש. דערנעבן — אַ פאָלוואַרק מיט אַ סך ערד־אייגנטום.

אין דעם פאָלוואַרק האָבן אייניקע יידישע הענדלערקעס גענומען אין זייערע בלעכענע קאַנען מילך און פאַנאַנדערגעטראָגן צו זייערע יידישע קונים אין שטאָט.

אַלס קליין יינגל בין איך אָפט אין די זומער־אָוונטן געגאַנגען מיט מיינע עלטערע ברידער אין דער גרויסער שטאַל פונעם פאָלווארק און מיר האָבן גע־טרונקען וואַרעמע מילך גלייך פון די קי. זומער פלעגן דאָרט אין פּאַרק איינגע־אָרדנט ווערן פּאָלקס־פאַרוויילונגען דורך דעם פוילישן „סטשעלעץ" אָדער „סאָקאָל". אויסער טענץ זענען אויך געווען „פאַנט"־לאָטעריעס, שטאָלצן א.ד. גל. צו די טענץ אויף דעם „דרעווניאַק" האָט צוגעשפּילט דער אָרקעסטער פון די פריינוויליקע פייערלעשער. בלויז אייניקע דרייסטע יידישע בחורים האָבן געוואַגט צו ווייזן זיך אויף אָט די פאַרוויילונגען.

נאָך דעם פּאַרק, צווישן די פעלדער, האָט זיך געפונען אַ גרויסע אָזיערע, די „בעדלעך", אין וועלכער עס האָבן זיך זומער געבאָדן די יידישע איינוווינער פון שטאָט. נישט געווען קיין איין זומער די אָזיערע זאָל נישט צונעמען קיין מענטשלעכע קרבנות.

צוליב דעם נישט־עסטעטישן און מאָדנעם אָנטועכץ וואָס עס האָט געוויינלעך געטראָגן די פירשטין דערנאַלעוויטש, האָט מען זי גערופן „די משוגענע יושקע".

פאַרן צווייטן וועלט־קריג האָט מינסק געציילט נאָענט צו 15,000 איינוווינער, אין דעם בערך 6,000 יידן, דאָס הייסט 40%. די מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען באַשעפטיקט ביי די טראַדיציאָנעל־ספּעציפישע אין יענע צייטן יידישע בראַנזשעס ווי שניידעריי, שוסטעריי, סטאָלעריי; געווען פריזירער, זייגערמאַכער, קצבים, רימער, גלעזער, בעקער; אייגנטימער פון שפּייז און אַנדערע געוועלבער; פון סטראַגאַנעס אויף דעם מאַרק, פון האָלץ־סקלאַדעס, פון טראַנספּאָרט און מענטשן פון פרייער באַשעפטיקונג. אפילו פון די דריי האָטעלן

אין שטאָט, זענען צוויי געווען יידישע. אין די מיטוואָכס פלעגן פּאַרקומען די טראַדיציאָנעלע וואָכנטלעכע מערק אויף דעם גרויסן קוואַדראַט־פּלאַץ אין מיטן פון דער שטאָט.

פון דריי זייטן איז דער מאַרק געווען אַרומגענומען מיט הייזער אין וועלכע עס האָבן זיך מערסטנס געפונען יידישע געוועלבער. ווי אויך איין פּוילישע אַפּטייק, אַ טרומנע־געשעפט פון כמיעלעווסקא און אַ וווּרשט־געשעפט פון פּאָליאַק דיטנערסקי. אין רעכטן ווינקל פון מאַרק האט זיך געפונען די געביידע פון דער קהילה, און דערנעבן דאָס נייע בית מדרש. דאַקעגןביים פּראָנט פון מאַרק, פון דער צווייטער זייט שאָסיי, וואָס האָט געפירט פון וואַרשע קיין בריסק, איז געשטאַנען די קירכע, דער קאָשטשאָל, אַרומגעריגלט מיט אַ ווייסער הויכער מויער.

פון מאַרק האָבן אַרויסגעפירט די גאַסן שעניצקא און נאַדזשעטשנאַ, אין וועלכע עס האָבן געוווינט כמעט בלויז יידן, נישט פון די רייכסטע משפחות. די איבעריקע יידן האָבן געוווינט אויף די גאַסן קאַרטשעווסקא—פּילסודסקי, וואַרשעווער גאַס, מאָסטאָוואַ און אין אַנדערע זייטיקע געסלעך. דאַקעגן אַ פּאַר צענדליק יידישע משפחות האָבן געוווינט אין די ריין־פּוילישע געגנטן, ווי אויף די גאַסן: קאָשציושקא, סעווערינאָוו־לעגיאָנאָוו, פּזשעיאַזד, פּאָפּשעטשנא און אויף אַנדערע גאַסן.

נישט ווייט, אויף מזרח, הינטער דער שטאָט, ביי דעם הויפּט־וועג קיין שעדלעץ, האָבן זיך געפונען די קאָשאַרן פון 7־טן אולאַנער־פּאָלק. איינער פון זיינע שוואַדראָנען האָט סטאַציאָנירט אויף פּילסודסקי־גאַס. די הויפּט־מאַגאַזינען פון פּאָלק האָבן זיך געפונען ביי דער קאָשציושקאָ־גאַס.

דער קאָנטאַקט צווישן דער יידישער און דער פּוילישער באַפעלקערונג, איז בעיקר פּאָרגעקומען אויף דער באַזע פון פּראָפעסיאָנעלער צוזאַמענאַרבעט, פון האַנדל־באַציונגען און פאַרשידענע מינים מלאכה־ און זעלבסט־פּאַרוואַלטונג־אַמטן. ווי אויך דורכן שכנישן צוזאַמענלעבן פון דער יידישער און פּוילישער באַפעלקערונג, מערסטן אין די געמישטע גאַסן פון שטאָט.

פּאַר אַ ביישפּיל פון אַזאַ צוזאַמענלעבן קענען דינען די פרייוויליקע פייער־לעשער אין מינסקער שטאָט. די פייערלעשער־רעמיזע האָט זיך געפונען אויף דער וואַרשעווער גאַס, אין שכנות מיטן פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט.

פון סאַמע אָנפאַנג פון אַנטשטיין פון די פרייוויליקע פייערלעשער, האָבן צו זיי געהערט פיל יידישע איינוווינער פון שטאָט. צו די עלטסטע אַקטיווע פייער־לעשער האָבן זיך פאַרעכנט די מענער פון דער שניידער־משפחה טאַלאַרסקי אויף דער וואַרשעווער גאַס, אולי נודעל, מרדכי ווייסבראָט א. א.

אויסער לעשן שריפות, האָבן די פייערלעשערס אויך אָנטיילגענומען אין פאַרשידענע אָפיציעלע פייערלעכקייטן, דעפילאַדעס, ספּאָרט־פּאַרמעסטונגען און פאָלקס־פּאַרוויילונגען.

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין די יידיש־פּוילישע באַציונגען איז געווען די געמיינזאַמע ראַדיקאַל־לינקע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט. די געמיינזאַמע טעטי־קייטן האָבן געשאַפן אַ פּערזענלעכע פריינדשאַפט און אפילו נאָענט־חברישע

באַציונגען צווישן יידישע און פּוילישע קאָמוניסטן. מיט אָט דער באַוועגונג זענען פאַרבונדן מיינע קינדער־און־ יוגנט־יאָרן.

איך ברענג דאָ פראַגמענטן, ווו עס פיגורירן נעמען פון יידישע רעוואָ־לוציאָנערן פון מינסקער אומגעגנט. (דאָס אַנטהאַלט בלויז געציילטע פראַג־מענטן פון אַ גאָר ברייטער טעטיקייט אין מינסק, ווו דער אָנטייל פון יידן איז געוועזן פון אַ דעצידירנדיקער באַדייטונג).

1) פאַר דער אַנטשטייונג פון „ק.פּ.ר.פּ.״ דעם 15.12.1918, יאָר פון דער פאַרייניקונג פון „ס.ד.ק.פּ.ל.״ און פּ.פּ.ס.־לעוויצא, איז געוועזן טעטיק אין מינסק אַ גרויסע ס.ד.ק.ק.ל.־גרופּע פון 17 מיטגלידער, און אין איר באַשטאַנד זענען געווען אויך איטשע דעמבוס (אַ ברודער פון מיין מוטער), לעאָן קאַמיע־ניעצקי, הערשל מאַסטאָווסקי, מענדל טרוינע, הענריק פּאָדלאַסקי־קאַמיעניעצקי (סעקרעטאַר פון קרייז).

אין דער זעלבער צייט צווישן די 14 מיטגלידער פון פּ.פּ.ס.־לעוויצא האָבן זיך געפונען: יוסף טרוינע, שלמה קאַמיען.

2) דער אַלגעמיינער ווירטשאַפטלעכער קריזיס מיט אַ גרויסער אַרבעטס־לאָזיקייט האָט אויך נישט אויסגעמיטן מינסק־מאַזאָוויעצקי. אין דעצעמבער 1918 האָט די ק.פּ.ר.פּ. ביי דעם אָנטייל פון פּ.פּ.ס.־לעוויצא, אָרגאַניזירט אַ דע־מאָנסטראַציע פון 10 טויזנט אַרבעטער און פויערים. אויף דעם פאָן פון שאַרפן קלאַסן־קאַמף איז אַנטשטאַנען, לויט דער איניציאַטיוו פון ק.פּ.ר.פּ. אין יאַנואַר 1919, אַ ראַט פון אַרבעטער־דעלעגאַטן אין מינסק־מאַזאָוויעצקי, וועלכער האָט געהאַט זיין זיץ־אָרט אויף וואַרשעווער גאַס 72.

אין באַשטאַנד־טייל פון אַרבעטער־ראַט, וועלכער האָט געציילט 40 מיט־גלידער זענען אַריינגעגאַנגען: 6 מיטגלידער פון ק.פּ.ר.פּ., 23 מיטגלידער פון פּ.פּ.ס., 5 מיטגלידער פון „בונד״, 3 מיטגלידער פון פּועלי ציון, 3 מיטגלידער פון אַנדערע ריכטונגען.

איטשע בראָנעס, אַ סטודענט און קאָמוניסט, איז געווען סעקרעטאַר פון ראַט. דעם 11.5.1919, האָט די פּאָליציי פּאַנאַנדערגעטריבן אַ פאַרזאַמלונג פון ראַט, צעשלאָגן און אַרעסטירט די אָנווזנדיקע, צווישן אַנדערע איז אויך איטשע בראָנעס אָפּגעפירט געוואָרן אין וואַרשעווער ציטאַדעל.

אין דער צייט איז אַרויסגעגאַנגען אַ צייטונג „די שטים פון בונד״. אין נומער פון 9.5.1919 ווערט אָנגעגעבן דער צוזאַמענשטעל פון אַרבעטער־ראַט

3) אין 1920, נאָכן פאַרנעמען מינסק דורך דער רויטער אַרמיי, איז אָרגאַ־ניזירט געוואָרן דורך ק.פּ.פּ. און פּ.פּ.ס.־לעוויצא, אַ גראַנדיעזער סאָלידאַריטעט־מיטינג אויף דעם מאַרק־פּלאַץ אין מינסק. אויף דעם מיטינג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנערער ראַט. אין זיין באַשטאַנד איז אויך אַריין לעאָן קאַמיעניצקי.

נאָך דעם ריקצוג פון דער רויטער אַרמיי האָט די פּוילישע מאַכט אַרעסטירט די מיטגלידער פון רעוואָלוציאָנערן ראַט פעליקס פּאַכניעווסקי, מיכל קעלאַק און לעאָן קאַמיעניעצקי. זיי זענען פאַרמשפּט געוואָרן דורך אַ מיליטערישן פעלד־געריכט אויף טויט־שטראָף און דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן

דורך אַן עקזעקוציע־פּלוטאָן. זיי זענען באַגראָבן געוואָרן אויפן קאַטוילישן צמענטאַר און אויף זייערע קברים פלעגן די קאָמוניסטן לייגן אין געהיים קרענץ בלומען אין פעריאָד צווישןביידע וועלט־מלחמות.

4) אין סעפּטעמבער 1923 איז פאָרגעקומען אין מינסקער וואַלד די ערשטע קרייז־קאָנפערענץ פון ק.פ.פ. אין וועלכער עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אויך איטשע קראַמאַזש.

5) אין 1925 ווערט אויסגעקליבן אַ נייער קרייז־קאָמיטעט פון ק.פ.פ. אין וועלכן עס גייט ווידער אַריין איטשע קראַמאַזש.

6) אין 1926 ווערט אין דער האַנדלס־שולע אָרגאַניזירט דורך די ברידער, לערערס קאַזשימיעזש און וואַצלאַוו מאַריאַנסקי — אַ 5־פּערזאָניק קעמערל פון קאָמוניסטישער יוגנט, אין וועלכן עס גייט צוו. אַנד. אַריין אסתר גרינוואַל־דוונאַ.

7) אין דער צייט פון די וואַלן צום סיים אין 1928 ווערן אויסגערעכנט אַלס אַממייַנסטן אַקטיווע אַגיטאַטאָרן, די מיטגלידער פון קרייז־קאָמיטעט פון ק.פ.פ. די יידן אַדאַם מערעטעק און מעכל ראָזשאַנסקי.

8) צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן פון מאַנדאָלין־אָרקעסטער ביים אַרבעטער־קלוב אויף דער מאָסטאָווע גאַס, ווערן אָנגעגעבן איגנאַץ און רובין באָרנשטיין (מיינע ברידער).

אין פּראָטעסט קעגן דער אַרבעטסלאָזיקייט און דעם שווערן עקאָנאָמישן קריזיס, האָט די ק.פ.פ. ביי דעם אָנטייל פון פ.פ.ס.־לעוויצע אין ס. ל. צוגע־גרייט אַ הונגער־מאַרש פון דער גאַנצער אומגעגנט קיין מינסק־מאַזאָוויעצק אויף דעם 13.1.1931. דעם 12.1.1931, אַ טאָג פאַרן אָנגעזאָגטן מאַרש, האָט די פּאָליציי דורכגעפירט מאַסן־אַרעסטן. צווישן די אַרעסטירטע פירער פון ק.פ.פ. האָבן זיך געפונען אויך די יידן אַדאַם מערעטעק און עלי ראָטשטיין. בעת דער דעמאָנסטראַציע, מיטן אָנטייל פון 2,000 פּערזאָן, איז דערגאַנגען צו קאַמפן מיט דער פּאָליציי. געווען פיל פאַרוווּנדעטע און אַרעסטירטע, צווישן זיי אויך נאָטע וויערניצקי („נאָטע סוואָנד״).

9) אין 1931 ווערט צונויפגערופן אַ קרייז־קאָנפערענץ פון ק.ד.ק.פ.פּ נעבן צעגלאָווע, אין וועלכער עס ווערן אויסגעקליבן די יידן איציק קראַמאַזש און מעכל ראָזשאַנסקי, וועלכער איז געווען אַ צייט איר סעקרעטאַר.

אין אינדעקס צו דער אויסגאַבע איז אָנגעגעבן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער צוזאַמענשטעל פאַר דער צייט פון 1918—1938, אין וועלכן עס ווערן דערמאָנט פיל יידישע נעמען.

1) צום ק.ד.ק.פ.פ. אין פאַרשידענע צייט־באַשטאַנדן האָבן אָנגעהערט צווישן אַנדערע: יצחק קראַמאַזש, אברהם מערעטעק, מעכל ראָזשאַנסקי, עלי ראָטשטיין.

2) אין באַשטאַנדטייל פון ק.ד. ק.ז.מ.פ. האָבן ווידער אָנגעהערט: מאָניעק באָרנשטיין, מרים בערמאַנאָוונאַ, עלי מאָזעס, יוסף פערלמאַן, עלי ראָטשטיין, אברהם שאַרפשטיין, וואָלף רובין, מרדכי מאָזעס, ראובן קאַמינקאָווסקי, פייוול מילער, טובה ראָזנבערג, נעסע וויערניעצקי, ראובן בורשטיין, אשר

גאַרבאָווניק, שמואל וואָלפאָוויטש און פיל אַנדערע וועמענס נעמען ווערן ניט אויסגערעכנט.

3) אין שטאָט־קאָמיטעט פון ק. ז. מ. פּ. האָבן אָנגעהערט ראובן באָרנשטיין מרדכי מאָזעס, ציפּורה מענדעלסאָן, מנחם רייזמאַן, פייוול מיללער, טובה ראָזנבערג.

4) אין קרייז־קאָמיטעט פון „מאָפּר״ איז אויסגערעכנט: משה אַבראַמאָווסקי.

5) צו די פּאַרטיי־קעמערלעך פון ק. פּ. פּ. האָבן אָנגעהערט: מעכל ראָזשאַנסקי, משה אבראַמאָווסקי,, עלי ראָטשטיין, שייע שוויצמאַן, אברהם קאָמיעניעצקי, אברהם מערעטעק, שמואליק מערעטעק, עלא שאַרפּשטיין, נטע ווירעניעצקי, חנה ראָזנבערג, לייבל גרינבערג, משה גרינבערג און פיל אַנדערע.

6) דער קאָמוניסטישער יוגנט־פאַרבאַנד האָט געהאַט אין 1933 יאָר 12 קרייזן מיט בערך 50 מיטגלידער, צווישן די מיטגלידער זענען געווען: סאַלקע נאָדעל, גרשון שאַרפשטיין, מנחם מינץ, זיסקינד בערגער, פעשע־רחל אַרביסער, סאַלקע מאָרגענשטערן, אברהם בוטלער, חוה קאַמיענקאָווסקא, חיים מינסקי, משה ערליך, יוסף נאַפּאַרסטעק, פּסח ראַדזינסקי, דבורה פולאַווסקא, שיינדל פולאַווסקא, מינדל פולאַווסקא, ישראליק פּאַפּאָווסקי, מאַניעק פּאַפּאָווסקי, בערל זיעלניעצקי, אברהם שאַרפשטיין, מרים בערמאַן, אולע נאָדל, נתן יאָסקאָוויטש, עני יאָסקאָוויטש, מאַניעק בורשטיין, מאַשע גיטל דזשעווקא, פעשע־רחל אַרביסער, צעשיא באָרנשטיין, פייוול מיללער, מרדכי מאָזעס, גאָלדע מאָזעס, ראובן וואָלף, ציפורה קיווייקאָ, מרדכי קיווייקאָ, שמערל שפּיגנער, שמואליק ווישקאָווסקי, שיע סטאַווקאָווסקי, העניע ווישקאָווסקא, חיים סטאָווקאָווסקי, יוסף בוטלער, אברהם בוטלער,נחום מאָרגנבעסער, מרדכי קיווייקאָ, ראובן, משה און איטשע קאַמינקאָווסקי, ברוך גאַרטענקראַנץ, יחזקאל טשעבושעווסקי, נטע ווערניצקי, ברידער טשעבוצקי, הערשל קאָרמאַן, שמעון קאַלוסקי, טובה און חנה ראָזנבערג, יוסף רייזמאַן, ברידער ראָטשטיין, מלך גובערעק, יאַנקל און הערשל פלאַטקעוויטש, נעמי זיסמאַן און עלעק טרוינע.

צו דער אָנפירונג מיט דער אַרבעט צווישן מיליטער האָט געהערט עלי מאָזעס.

אין דער סטאָלדליסער פאַבריק פון די ברידער פאָגעלנעסט זענען געווען טעטיק צוויי פּאַרטיי־קעמערלעך צו וועלכער עס האָבן אָנגעהערט אויך שמעון קאַמיענסקי, יוסף קיווייקאָ, משה באָרנשטיין.

איבער 50 פערזאָן אין מינסק האָבן זיך אָנגעגעבן כדי צו פאָרן קיין שפאַניע אַלס פרייוויליקע צו קעמפן „פאַר אונדזער און אייער פרייהייט״. נאָר איינציקע פון זיי איז געלונגען אַריבערצוקומען קיין שפּאַניע. צווישן זיי זענען די יידן: עלי מאָזעס — פסעוודאָ „אַנדזשיי שמידט״, משה באָרנשטיין (באָרעק), אברהם מינץ (געקומען פון פּאַריז), יאָסקאָוויטש, גאָדל אַבראַמאָווסקי.

ראובן באָרנשטיין און מרדכי מאָזעס זענען דערפאָרן בלויז ביז טשעכאָסלאָוואַקיע און געמוזט זיך אומקערן קיין פּוילן. פאַר דעם פּרווו איז שפּעטער ראובן באָרנשטיין פאַרשפּאַרט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַרטוז־בערעזע. פאַר פירן אַן אַגיטאַציע אין די טעג 11.9.1934 — 3, צווישן די זעלנער

פון 7־טן אולאַנער־פּאָלק, איז אַרעסטירט און איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה אויך ישראל־יוסף קיווייקאָ.

דעם 21.9.1934 איז דורך דעם קרייז־געריכט אין וואַרשע פּאַראורטיילט געוואָרן דער באַקאַנטער קאָמוניסטישער טוער יוסף פּערלמאַן אויף 2 יאָר תפיסה מיט פאַרלירן בירגער־רעכט אויף 5 יאָר.



איך בין געווען דער דריטער זון לויט דער ריי אין מיין משפחה. נאָך מיר איז געווען נאָך איין ברודער און צוויי שוועסטער.

אונדזער הויז איז געווען טראַדיציאָנעל יידיש מיט אָפּהיטן שבת, כשר, יום־טובים, אָבער מיט אַ גרויסער רעליגיעזער פאַרגעשריטנקייט.

אין די קינדער־יאָרן זענען די יינגלעך געגאַנגען אין חדר אַריין, בפרט אַז מיין זיידע אַליין איז געווען אַ מלמד און געהאַט ביי זיך אין שטוב אַ קליין „חדר". קיין גרויסע קענער פון תורה איז אָבער קיינער ביי אונדז נישט געווען.

איך געדענק ביז היינט צוויי חדרים אין וועלכע איך האָב געלערנט: ביי ר' יצחק־משה אויף דער קאַליע־גאַס (אַנטקעגנאיבער משה בלעכאַרזש און ביי מענדעלע מלמד, אין הויף פון איצל ראַדושינסקי דעם בעקער, אויך אויף דער קאַליע־גאַס. קיין עסן האָט ביי אונדז אין שטוב נישט געפעלט, אָבער דאָך פלעג איך שטענדיק מקנא זיין דעם רבין ווען ער פלעגט עסן זיין מיטאָג: צריבענע קאַרטאָפל באַגאָסן מיט אַ שמעקעדיקע זויזע און אויף דעם — גריישלעך אָדער שמאַלינקע געפילטע קישקעלעך, צוגעטרינקען מיט אַ טעפּל רויטן באָרשטש. איך באַלעק זיך נאָך היינט ווען איך דערמאָן זיך אין דעם עסן.

ביים דערגרייכן דעם שול־עלטער האָבן מיר אָנגעפאַנגען צו לערנען אין די פאָלקס־שולן. איך האָב געלערנט אין דער פאָלקס־שול אויף דעם הויף ביי עדעלשטיין, וואַרשעווער גאַס.

ביי אונדז אין דער היים האָבן זיך געקרייצט צוויי וועלט־אַנשויונגען, צוויי קאָנטראַסטן.

מיין פאָטער איז שטענדיק געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטי־קאָמוניסט ער פלעגט זאָגן, אַז די באָלשעוויקעס זענען ווי אַ היישעריק און מען דאַרף אים פאַרניכטן. ביי זיי זאָגט מען שוין נישט „יידישע מאַרדע" נאָר „געוועזענע יידישע מאָרדע", האָט ער געזאָגט, און געהאַלטן אַז מ'דאַרף אָננעמען די שאַרפסטע מיטלען קעגן קאָמוניסטן. ווייל זיי באַדראָען די וועלט. אין די שפּעטערע יאָרן, ווען צוליב אונדזער פּאָליטישער טעטיקייט פלעגן אַדורכגע־פירט ווערן רעוויזיעס אין דער היים, פלעגט ער שפּאָטן פון דער פּאָליציי, אַז זיי קענען נישט געפינען קיין ראַדיקאַלע מיטלען קעגן די פּאָר קאָמוניסטישע יינגלעך. דאָך האָבן מיר, קינדער, אים געהאַלטן פאַר אַ קלוגן מענטש און מען פלעגט קומען צו אים פרעגן עצות.

די מוטער, אַ פאַרהאָרעוועטע פרוי, האָט זיך באַמיט אָפּצושוואַכן די קעגנערישע אַנשויונגען צווישן אונדז, כדי נישט צו דערלאָזן צו שאַרפע

קאָנפליקטן. זי איז געווען זייער פילבאַר בנוגע מענטשלעכע עוולות און געהאַט גרויס פאַרשטענדעניש פאַר די לינקע אָנשויונגען פון די קינדער און ברידער.

דער עלטסטער ברודער פון מיין מוטער, איטשע דעמבוס, האָט געשטאַמט פון אַ טיף־רעליגיעזער פאַמיליע. דאָך האָט ער זיך שוין אין די יונגע יאָרן אָנגעשלאָסן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און געהערט צו די ערשטע



משפחה באַרנשטיין אין יאָר 1922

מיטגלידער פון ס.ד.ק.פּ.י.ל. אין שטאָט און איז שפּעטער געווען פון די אַקטיווע טוער פון ק.פּ.פּ. מיין מוטער, זיין שוועסטער, פלעגט פון אים גוט־מוטיק אָפּלאַכן, אַז ניקאָלאַי וועט נישט זיין קיין קייסער און ער וועט ווערן קאָמיסאַר. זיין ענטפער איז געווען: ניקאָלאַי איז טאַקע מער נישט קיין קייסער; ער שטרעבט נישט צו זיין קאָמיסאַר, אָבער דער קאָמוניזם וועט זיגן.

ער האָט טאַקע געהאַט אויף מיר, שוין אין די יינגסטע יאָרן, אַ גרויסן

איינפלוס. ער האָט ביי אונדז נישט געפירט קיין אָפענע פראָפּאַגאַנדע. דאָך האָט ער אויסגעאיבט אַ גרויסן איינפלוס אויף דעם אונטערוואקסנדיקן דור ביי אונדז אין דער היים.

וועגן זיין כאַראַקטער קען עדות זאָגן אַזאַ פאַקט: נאָכן טויט פון זיין פאָטער (מיין זיידע), פלעגט ער שטענדיק פרייטיק־צונאַכטס דאַוונען און מאַכן קידוש ביים טיש — ווי געוויינלעך אין אַ יידישער שטוב. דאָס זעלבע יום־טוב. ער האָט עס באַרעכטיקט מיט דעם, אַז ער וויל פאַרלייכערן דעם טרויער און ווייטיק פון דער מוטער, אַן אלמנה, טראָץ זיינע פערזענלעכע אָנשויונגען. אין אַלגעמיין איז דעמאָלט געווען אָנגענומען, אַז יידישע קאָמוניסטן פלעגן אָפן און טענדענציעז דעמאָנסטרירן זייער אַנטי־רעליגיעזקייט.



משפחה דעמבוס—פון גאַנצן בילד געבליבן בלויז ראובן רובינשטיין, איצט אין וואַרשע

קודם־כל, אין די אייגענע הייזער. ביי רעליגיעזע יידישע פאַמיליעס איז געווען פיל צער און ווייטיק צוליב אַזאַ האַנדלען פון זייערע לינק־געשטימטע קינדער.

מיין עלטסטער ברודער, איגנאַץ, איז געווען זייער אַ באַגאַבטער און אינ־טעליגענטער בחור. דעריבער האָט ער זיך פרי אויסגעלערנט דאָס פאַך פון אַ צאָן־דענטיסט, נאכהער האָט ער אויפגעעפנט אַן אייגענעם קאַבינעט, און דאָס גאַנצע לעבן געאַרבעט אין זיין ספּעציאַליטעט. ער האָט אויך געמאַכט פאָטאָ־אויפנאַמעס, ווי אַ צוגאָב־פּרנסה.

אונטערן איינפלוס פון פעטער איטשע, איז ער פרי אונטערגעפאַלן די לינקע אָנשויונגען, אָבער זייער מעסיקע. ער האָט זיך דערנעענטערט צו די פּ.פּ.ס.־לעוויצע און אָנטיילגענומען צוגלייך מיט דעם יינגערן ברודער ראובן, אין

דעם מאַנדאָלין־אָרקעסטער אין אַרבעטער־קלוב אויף דער מאָסטאָווע גאַס, וועלכער איז געווען אייגנטלעך אָנגעפירט דורך די ק. פּ. פּ.

אין דער צייט פון אָקופּאַציע האָט ער געהערט צום סאַניטאַרן דינסט אין געטאָ. שפּעטער איז ער אַוועק אין אַ פּאַרטיזאַנער אָפּטייל פון „א. ל.״ און איז געפאַלן אין שלאַכט. דאָס איז געשען נאָך דעם ווי ער האָט זיך אומגעקערט פון לעמבערג אונטער דער סאָוויעטישער הערשאַפט. ער האָט זיך אומגעקערט צו זיין פאַמיליע, וועלכע איז געבליבן אין מינסק.

איגנאַץ האָט אַלס ערשטער אין שטוב אָנגעהויבן צו פירן זיך פריי אין רעליגיעזן זין, און דאָס האָט געהאַט אַ דעצידירנדיקן איינפלוס אויף די יינגערע קינדער, וועלכע זענען שנעל אַוועק אין זיין וועג.

צו די אַקטיווע טוער אין דער לינקער באַוועגונג האָט אויך געהערט מיין יינגערער ברודער ראובן און די שוועסטער צעשע. דאַקעגן די יינגסטע שוועס־טער, פּעלע, איז געווען מער אונטער  אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזן  איינפלוס, אַ געוויסע צייט האָט זי געלערנט אין „בית יעקב״.

ווי געזאָגט, האָב איך אָנגעהויבן צו לערנען אין דער פּויליש־יידישער פאָלקס־שול ביי עדעלשטיין אין הויף. עס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון איינע פון די לערערינס פון די ערשטע קלאַסן, שטעלאָוונאַ. זי איז געווען אַ יינגע, הויכע, שיינע בלאָנדע פרוי און געלערנט אונדז לידער אויף העב־רעאיש ווי „בוקר, בוקר, בא...״ דאָס ליד פלעגט מען זינגען תמיד אין דער פרי ביים אנהויב פון די לימודים. דעם אינהאַלט האָט זי אויסגעטייטשט אויף פּויליש. נאָכהער האָב איך געלערנט אין נאָך אייניקע פּוילישע פאָלקס־שולן פאַר יידישע קינדער, וווּ עס האָבן מערסטן טייל געלערנט יידישע לערער, צוגלייך מיט פּוילישע. דער דירעקטאָר פון די שולן איז אָבער תמיד געווען אַ פּאָליאַק.

די שולן האָבן זיך געפונען אין פּריוואַטע הייזער ביז מען האָט צוגעטיילט אַ געביידע הינטער דער שטאָט ביי דער קאַלעיאָווער גאַס. אין דער 6־טער קלאַס האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט די מיטגלידער פון דער יוגנט־אָרגאַניזאציע „פּיאָנער״, וועלכע איז געווען טעטיק אויך אין אונדזער שול.

צו די „פּיאָנערן״ אין שול האָבן געהערט חוה קאַמינקאָווסקא און אשר גאַרבאָווניק. דורך זיי האָב איך באַקומען דעם קאָנטאַקט צום „פּיאָנער״. אין פריען עלטער, יינגער פון 14 יאָר, האָב איך אָנגעהויבן מיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט. דאָס איז געווען אָנהייב 1926.

איך האָב גענומען אָנטיילנעמען אין קרייז פון „פּיאָנער״. עס איז פונקט פאָרגעקומען די מאַי־איבערקערעניש פון מאַרשאַל פּילסודסקי. איך געדענק ווי איך פלעג אָפּט לויפן צום וואָקזאל בכדי דערוויסן זיך פון די געקומענע פון וואַרשע וועגן דעם לויף פון דער איבערקערעניש. אויף דער ערשטער פאַר־זאַמלונג מיינער אין „פּיאָנער״ איז אַרויסגעטראָטן אַלס אינסטרוקטאָר עלי מאָזעס. ער האָט אויף מיר געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. אויך זיין רעדע, געהאַלטן פאַר אונדז. אין דער דאָזיקער פלאַמענדיקער רעדע האָט ער אונטערגעשטראָכן, אַז פאַר קאָמוניסטן איז גאָט די רויטע פאָן. דאָס איז

אונדזער גאַט וועמען מיר דינען און זענען פאַר איר גרייט אָוועקצוגעבן דאָס לעבן, ביז צום נצחון פון דער רעוואָלוציע.

עלי׳ן האָב איך געקענט און אָפט אים געזען. דאָך, אויף די פאַרזאַמלונגען בין איך געווען איינגעקוקט אין אים, ווי כ׳וואָלט אים צום ערשטן מאָל געזען. דער הויכער, טונקל־ברונעט מיט עטוואָס איינגעבויגענע פלייצעס, איז געווען אַ נישט דורכשניטלעך אינטעליגענטער בחור, זייער געשעצט און געליבט דורך אַלעמען, טראָץ זיין יונגן עלטער. אונדזערע וועגן האָבן זיך נאכהער געטראָפן אין שפּאַניע, אין דער צייט פון אונדזער אנטייל אין בירגער־קריג, ווי אויך נאָך דעם פאַלן פון רעפּובליקאנישן שפּאניע, אין ראטנפארבאנד, ווו מיר האָבן באַקומען פּאָליטישע אַזיל־רעכט. דאָס איז געווען אין 1941, קורץ פאַרן נאַצישן איבערפאַל אויף רוסלאַנד.

עלי מאָזעס איז אין 1941 געוואָרן אַריבערגעוואָרפן מיט אַ גרופּע „דאָמבראָוושטשאַקעס״ קיין פּוילן. ער איז אומגעקומען נאָכן לאַנדן מיט אַ פּאַראַשוט אין דער געגנט פון זשיראַרדאָוו, אין קאַמף מיט אַ היטלעריסטישער פּאָליציי־גרופּע, וואָס האָט געלויערט אויף דעם אָרט פון זייער אַראָפּלאָזן זיך.

אין דער גרופּע פון עלי מאָזעס האָט זיך צווישן אַנדערע געפונען אויך דער באַקאַנטער פּוילישער יוגנטלעכער, אַקטיווער קאָמוניסט פון מינסק, אַנטעק קאָוואַלטשיק, וועלכער איז אויך געווען אַן אַנטיילנעמער אין בירגער־קריג אין שפּאַניע. אויך ער איז געפאַלן אין דעם קאַמף. דער איינציקער לעבן־געבליבענער פון דער גרופּע איז געווען מאַניעק פּוקסאָוויטש, אויך אַ קאָמוניסט פון מינסק־מאַז. און אַן אנטיילנעמער אין שפּאַנישן בירגער־קריג די גאַנצע צייט פון מיין זיין אין וואַרשע אין נאָך־מלחמהדיקן פּוילן, האָב איך זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען פון פּוקסאָוויטשן דעם סוד און אמת וועגן דעם אומקום פון עלי מיט זיין פּאַראַשוטן־גרופּע, אָבער אומזיסט. ער האָט געשוויגן אָדער דערציילט פאַרשידענע באָבע־מעשיות. אַזוי זענען געבליבן איינגעהילט אין אַ געהיימעניש די אומשטענדן פון אומקום פון עלי מאָזעס.

אַ חוץ עלי מאָזעס זענען אויך אין די דרייסיקער יאָרן געווען אינסטרוק־טאָרן ביים „פּיאָנער״, לייזער פּאָפּאָווסקי, איטשע בער פּאָפּאָווסקי, מאיר שטיינבאַק, שמואל וואָלפאָוויטש, אברהם שאַרפשטיין, גיטל דזשעווקא, ציפּורה מענדעלסאָן, מנחם רייזמאַן און אַנדערע.

אין דער זעלבער צייט איז געווען טעטיק אַן אַרבעטער־קלוב מיט אַ ביבליאָטעק אָנגעפירט פון די יידישע קאָמוניסטן פון עלטערן דור, אויף דער פּזשעיאַזד־גאַס, אין דער וווינונג פון סטאָלער װוויצמאַן. צו דער אָנפירונג פון דאָזיקן קלוב האָבן געהערט די קאָמוניסטן משה אַבראַמאָווסקי, חיים מענדעלסאָן, לייבל ראָזענבלום, איטשע דעמבוס, אברהם מערעטעק, שמואל מערעטעק, ציפּורה מענדעלסאָן, שוויצמאַן און אַנדערע. וועגן דער טעטיקייט פון דעם קלוב געדענק איך ווייניק, ווייל ער איז נישט לאַנג געווען טעטיק.

נאָכהער האָט זיך דאָס גאַנצע אָרגאַניזאַציאָנעלע קולטור־לעבן, ווי אויך די טעטיקייט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, קאָנצענטרירט אין לאָקאַל ביי דער פּאָפּשעטשנע גאַס, אין הויז פון רוטאַ, נישט ווייט פון דער באַן־סטאַציע.

אָפּיציעל איז דאָס געווען דער לאָקאַל פון די זעלבשטענדיקע פּראָפ־פאַריינען, לעגאַליזירט פון די וואַרשעווער קלאַסן־פאַריינען־צענטראַלע. דאָרט האָבן זיך געפונען אָפּטיילונגען פון שניידער, שוסטער און סטאָלאַר־פאַריינען. טראָץ דער לעגאַלער טעטיקייט פון די פאַריינען האָט זיך דאָרט קאָנצענטרירט די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט. דאָ איז אויך געווען טעטיק אַ רייכע ביבליאָטעק, אַן אַרבעטער־קלוב, וועלכער פלעגט אָפּט איינאָרדענען פאַרשידענע פּרעלעקציעס, ליטעראַרישע אָוונטן מיט דעם אנטייל פון אהרן וואַל, זאַלאָטאָוו און אַנדערע. גרויס דערפאָלג האָבן געהאַט די דיסקוסיע־אָוונטן אויף פּאָפּולערע טעמעס ווי: „ליבע און אידעע", „רעליגיע און אַטעיזם" א.ד.ג.

טראַדיציאָנעל זענען איינגעאָרדנט געוואָרן „סילוועסטער"־אָוונטן מיט דורכפירן אַ משפט איבער דעם אַלטן יאָר; אַנטי־רעליגיעזע אָוונטן, ספּעציעל איינגעאָרדנט יום־כיפור, אָדער אין אַנדערע יידישע יום־טובים. די פּראַקטיק איז געווען אַנגעווענדעט בלויז אויף דער יידישער גאַס און געהאַט אַ בולט דעמאָנסטראַטיוון כאַראַקטער קעגן פרומע יידן פון שטאָט. זייער אַ לעבהאַפטע טעטיקייט האָבן געפירט די פּראָפ' פאַריינען. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן נישט בלויז קאָמוניסטן און סימפּאַטיקער נאָר אויך אַרבעטער וואָס האָבן געהערט צו אַנדערע פּאַרטייען און אומפּאַרטייאישע. זיי האָבן אַרומגענומען מיט זייער טעטיקייט כמעט אַלע אַרבעטער אין די שניידער־שוסטער־, סטאָלער־ און טאָקער־וואַרשטאַטן, ווי אויך באַשעפטיקטע ביי סעזאָן־אַרבעטן, ס'רוב פּרויען, ביי באַקן מצות. דאָס האָט דערמעגלעכט די פּראָפ' פאַריינען צו קעמפן פאַר בעסערע לוינען און אַרבעטס־באַדינגונגען פאַר די באַשעפטיקטע אַרבעטער. אָפּט זענען פּראָקלאַמירט געוואָרן שטרייקן, ספּעציעל אין ברען פון סעזאָן.

עס זענען אויך געווען שטרייקן פון פּאָליטישן כאַראַקטער, ווי אין 1־טן מאַי, אין טאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אדג"ל. די עקאָנאָמישע שטרייקן זענען אָפּט באַגלייט געווען מיט שטורמישע געשעענישן, ווי אָנווענדן טעראָר באַגלייט מיט איבערפאַלן אויף וואַרשטאַטן און געשעפטן, צעשלאָגן די אייגנטימער און די שטרייקברעכער, פאַרניכטן סחורה, דעמאָלירן איינריכטונגען אדג"ל. די פּאָליציי האָט זיך צוגעקוקט צו דער דאָזיקער טעטיקייט נישט גלייכגילטיק, און האָט אָפּט ברוטאַל אינטערווענירט, אַרעסטירנדיק די פירער פון פאַריינען, דורכפירנדיק רעוויזיעס און איבערגעגעבן צו געריכטן די געכאַפּטע. מערסטנטייל איז אָבער צו קיין משפּטים נישט געקומען, ווייל ביים דערליידיקן די קאָנפליקטן איז אויסגעאיבט געוואָרן אַ דרוק אויף די אַרבעטס־געבער, זיי זאָלן צוריקציען די באַשולדיקונגען. צווייטנס זענען זיי דאָך געווען יידן, און כמעט יעדער האָט אַלעמען גוט געקענט.

אין קלוב איז אויך געפירט געוואָרן אַ ספּאָרטיווע טעטיקייט, און אין יאָר 1932 איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין מינסק אַ שיינע „ספּאַרטאַקיאַדע" מיטן אנטייל פון ספּאָרטלער פון די אַרומיקע שטעטלעך. עס איז אויך אָרגאַניזירט געווען אַ פוטבאָל־קאָמאַנדע אונטער דעם נאָמען „האַמער", פון וועלכער איך בין געווען דער קאַפּיטאַן. טעטיק איז אויך געווען אַן אַמאַטאָריש־אַרטיסטישער קרייז

אונטער דער אָנפירונג פון שיוועק און פעלע פון ווארשעווער „יאַסק". דער קרייז האָט געהאַט אייניקע געלונגענע אַרויסטרעטונגען אין מינסק און אפילו אין דאָברע, אָקאָניעוו און אַנד. מקומות.



פוטבאָל־מאַנשאַפט: ערשטע ריי, פון רעכטס: פלאַטקעוויטש, ליפּשינסקי
צווייטע ריי: גובערעק; לעצטע ריי — יאַסקאָוויטש

צוזאַמען מיט דער לעגאַלער טעטיקייט האָט זיך אין די דאָזיקע לאָקאַלן אויך קאָנצענטרירט די גאַנצע אומלעגאַלע טעטיקייט. הגם די פאַרזאַמלונגען פון די קאָמוניסטישע קרייזן און זיצונגען פון פאַרשיידענע אינסטאַנצן פלעגן פאָרקומען אין די וועלדער אָדער אין פּריוואַטע קאָנספּיראַטיווע וווינונגען, זענען דאָך אַלע באַפעלן און דירעקטיוון אַרויסגעקומען פון די דאָזיקע לאָקאַלן.

אין די יונגע יאָרן האָב איך זיך אָנגעהויבן צו לערנען שניידעריי ביי הערשל מיאַדאָווסקי. ווי אַ מיטגליד פון „פּיאָנער" האָב איך געפילט די פליכט גלייך צו ווערן אַ מיטגליד אין דער יוגנט־סעקציע פון שניידער־פאַריין. באַלד בין איך אויסגעקליבן געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון אָט דער יוגנט־סעקציע און געוואָרן אַקטיוו אין שניידער־פאַריין. מיין אַקטיווע פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט איז געווען די סיבה, וואָס איך האָב זיך קיינמאָל נישט אויסגעלערנט דאָס שניידער־פאַך ווי עס געהער צו זיין, און אויך נישט אַנדערע פאַכן, וועלכע איך האָב אייניקע מאָל געטוישט. צו דער אָנפירונג מיט די לאָקאַלן ביי די פּאָפּשעטשנע גאַס האָבן אין פאַרשידענע צייטן געהערט צווישן אַנדערע:

שניידער: אברהם מערעטעק, שמואל מערעטעק, מאיר שטיינבאָק, לייבל

גרינבערג, משה גרינבערג, אברהם שאַרפשטיין, שמואל וואָלפּאָוויטש, עלי ראָטשטיין, משה באָרנשטיין.

שוסטער: משה אבראַמאָווסקי, מעכל רוזשאַנסקי, עזרא וואָלפּאָוויטש, סרולקע וווּלף, בוטשע קראַמאַזש.

קולטור־ און ביבליאָטעק־טוער: איטשע דעמבוס, חיים מענדעלסאָן, ציפּורה מענדעלסאָן, עלי מאָזעס, מנחם רייזמאַן, לייזער פּאַפּאָווסקי, איטשע־בער פּאַפּאָווסקי, בוטשע קראַמאַזש, מרים בערמאַן.

די אַלע אויסגערעכנטע האָבן גלייכצייטיק אָנגעהערט צו די אָנפירנדיקע אינסטאַנצן פון די אומלעגאַלע ק. פּ. פּ. און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

די ברייט־פאַרצווייגטע און אַלץ מער אויסגעברייטערטע פּאָליטישע מאַסן־ ־בעט, ווי אויך די פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט וועמענס פאַרנעם און איינפלוס איז געווען זייער גרויס און טיף צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט, האָט באַווירקט דאָס די פּאָליציי האָט אָנגעווענדעט אַלץ שטאַרקערע רעפּרעסיע־ מיטלען. כסדרדיקע פּרעווענטיווע אַרעסטן, רעוויזיעס און שליסונג פון די לאָקאַלן, האָבן וואָס אָפטער געהאַט אַן אָרט. עס האָבן זיך אויך כסדר איבער־ געחזרט אַרעסטן פון אַקטיוויסטן פון דער לינקער באַוועגונג.

אין די דאָזיקע יאָרן, סוף צוואַנציקער און אָנהויב דרייסיקער, זענען פאָרגעקומען עטלעכע פּאָליטישע פּראָצעסן און פיל טוער האָבן באַקומען אורטיילן צו עטלעכע יאָר תּפיסה. די מאַסן־אַרעסטן, אָפּט געבונדן מיט שלאָגן די פאַרהאַלטענע אין דעם קאָמיסאַריאַט פון דער פּאָליציי אויף דער וואַרשעווער גאַס, זענען מערסטנס פאָרגעקומען ערב רעוואָלוציאָנערע יום־טובים, ווי דער 1־טער מאַי, אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אַנטי־מלחמה־טעג, ווי אויך ערב צוגרייטן פּאָליטישע אָדער עקאָנאָמישע אַקציעס פון לאָקאַלן אָדער לאַנדישן כאַראַקטער. אין די 30־קער יאָרן פלעגט די פּאָליציי אָפּפירן די פאַרהאַלטענע ביינאַכט אין די קאָשאַרן פון 7־טן פּאָלק אולאַנער און שלאָגן זיי אויף דעם וועג.

מיין ערשטער אַרעסט איז געווען ווען איך בין קוים געווען אין עלטער פון קנאַפּע 15 יאָר, נאָך מיין אַרויסטריט און רעדע אין שול ביים מאַרק. דאָס איז געווען נאָך דעם טויט פון סאַנאַצישן בילדונג־ און קולטור־מיניסטער. מען האָט געבראַכט אין דער שול אַריין אַלע קינדער פון די יידישע פּאָלקס־שולן, כדי אָפּריכטן אַ טרויער־תּפילה. מיר, אין „פּיאָנער", האָבן באַשלאָסן אויסצונוצן די דאָזיקע פאַרזאַמלונג פאַר אַ מאַניפעסטאַציע. גלייך ווי די פאַרזאַמלונג האָט זיך געעפנט, זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרן טויבן מיט רויטע פענדעלעך ביי די פיסלעך און מיט טראַנספּאַראַנטן. עס זענען צעוואָרפן געוואָרן קאָמוניס־ טישע פלוג־בלעטלעך, און איך מיט אשר גאַרבאָווניק זענען אַרויפגעשפּרונגען אויף טישן און געהאַלטן רעדעס צו די פאַרזאַמלטע שול־קינדער קעגן סאַנאַציע־ רעזשים אין פּוילן. דער שמש האָט אויסגענוצט די אַנטשטאַנענע צעמישונג, אַרויסגעשפּרונגען דורך אַ פענצטער און אַלאַרמירט פּאָליציי. איידער פּאָליציי איז אָנגעקומען, האָבן מיר באַוויזן צו אַנטלויפן. אונדזערע נעמען זענען געווען באַקאַנט און ביינאַכט האָט מען מיר אַרויסגענומען פון שטוב.

צומאָרגנס ביים פאַרהער האָב איך אָנגעגעבן אַן אַליבי, אַז אין יענער צייט

פון די געשעענישן אין שול, בין איך גאָר געווען מיט אַ מיידל אין שוויצער וואַלד. די פּאָליציי האָט גוט געוווּסט, אַז עס איז אַ ליגן, אָבער אין צווישנצייט פון מיין אַרעסט האָט אַ גרופּע חברים אויסגעהאַקט די שויבן ביים שמש אין שטוב, און מיט דראָונגען געצוווּנגען אים אָפּצורופן זיינע דערקלערונגען קעגן אונדז. צוליבן מאַנגל פון עדות האָט די פּאָליציי מיך פריי געלאָזט.

פון אָט דער צייט אָן זענען רעוויזיעס ביי מיר אין דער היים געוואָרן אַן אָפטע דערשיינונג. מיין טאַטע איז געווען אויפגעבראַכט אויף מיר (ער איז געשטאָרבן אין 1933), דאַקעגן די מאַמע האָט פאַרהעלטנישמעסיק רואיק רעאַגירט און פלעגט מיר שטיל זאָגן, דאָס איך זאָל מער אַכטונג געבן אויף דער פּאָליציי, זיי זאָלן נישט עפּעס „אונטערוואַרפן”, ווי עס פלעגט אָפט פּאַסירן.

זינט דעמאָלט בין איך אַרונטערגעפאַלן אַלערליי אַרעסטן, על פּי רוב פּרעווענטיווע, ווען די פּאָליציי האָט זיך גערעכנט אויף אַקציעס אָדער אונטער־נעמונגען פון די לינקע. אין יאָר 1929 בין איך אַריבער פון „פּיאָנער” צו דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע (ק. ז. מ. פּ.) און נאָך אַקטיווער געוואָרן. איך האָב געגרייט רויטע פענדלעך אינעם שניידער־וואַרשטאַט ביי ראַדזינסקין, זיי אויפגעהאָנגען אויף פאַרשידענע עפנטלעכע ערטער. איך האָב העקטאָגראַפירט אויפרופן. געהאַלטן רעדעס אויף „מאַסוווקעס”, אַנגעפירט מיט דער יידישער־פּוילישער יוגנט „זעלבשוץ” און געוואָרן אַקטיוו אין דער פּראָפ׳ באַוועגונג, ביים אָרגאַניזירן שטרייקן און אָנווענדן טעראָר קעגן שטרייק־ברעכער.

איך דערמאָן זיך למשל אונדזער טעטיקייט אין יאָר 1929. דאָס איז געווען דאָס יאָר פון די אַראַבישע פּאָגראָמען אין ארץ־ישראל, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ פּראָטעסט־באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס. אויך ביי אונדז אין שטאָט האָבן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס איינגעאָרדנט אַ פּראָטעסט־מיטינג אויפן בית מדרש־הויף אין מאַרק. יידן האָבן געשלאָסן די קראָמען און די אַרבעטס־וואַר־שטאַטן און קינד און קייט האָט זיך פאַרזאַמלט אין גרויסן הויף. מיר, קאָמוניסטן, האָבן באַקומען אַ באַפעל אויפרייסן דעם מיטינג און פאַרוואַנדלען אים אין אַ סאָלידאַריטעט־מאַניפעסטאַציע מיט די „רעוואָלוציאָנערע” אַראַבישע מאַסן. באַלד ווי די רעדנער האָבן געעפנט דעם מיטינג האָבן מיר אָנגעהויבן וואַרפן „אולאָט־קעס” מיט פּראָ־אַראַבישע לאָזונגען און געמאַכט פּראָ־אַראַבישע אויסרופן. אונ־דזער דעמאָלטדיקער אויפטריט האָט זיך מיר אויף שטענדיק איינגעקריצט אין זכרון ווי אַ בושה־טאַט. ווי ענלעך איז היינט די שטעלונג פון דער זעלבער באַ־וועגונג, מיטן בלויזן אונטערשייד וואָס דאָס אָרט פון ירושלימער גרויס־מופטי פאַרנעמט איצט דער רוצח אַראַפאַט, וואָס איז אַזוי באַליבט ביים היינטיקן מאָסקווע. איך טרייסט זיך בלויז דערמיט וואָס זינט דעמאָלט האָב איך פערזענלעך, און אַ סך ווי איך, עפּעס געלערנט. אויב דעמאָלט האָב איך געמאַכט פּראָ־אַראַבישע אויסרופן אין מינסק, שטייען היינט מיינע זעקס זין, זעלנער פון צה״ל, אויף דער וואַך פון ישראלס זיכערקייט...

פון זעלבן יאָר געדענק איך אויך אַ צוזאַמענשטויס מיט די „פּראַקעס” אין מאַרק, פון וועלכן מיר זענען אַרויס מיט אַ זיג און זיי פאַרטריבן פון שטאָט.

אין 1932 בין איך אַריבער פון דער יוגנט אין דער פּאַרטיי. דאָס איז געווען דאָס יאָר פון פּויערים־שטרייקן אין יאַדאָוו, בעת וועלכע די פּאָליציי האָט דער־שאָסן עטלעכע פּויערים. אין גאַנצן לאַנד זענען פאָרגעקומען פּראָטעסטן. אין מינסק, בעתן אויפהענגען אַ פענדל, איז יצחק קאַרמאַן („פּאָוויאַטשעק") אַרעס־טירט געוואָרן דורך דעם פירער פון די „לעגיאָניסטן" וואַיטשעכאָווסקי. אויף אַ זיצונג פון דער פּאַרטיי איז באַשלאָסן געוואָרן וואַיטשעכאָווסקין, וואָס האָט געוווינט אין סטאַנקאָוויזנע, אַנצולערנען עס זאָל זיין אַ וואָרענונג פאַר אַנדערע. די אויפגאַבע איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף אַ גרופּע אונטער מיין אָנפירער־שאַפט, אין וועלכער עס האָבן זיך חוץ דריי פּאָליאַקן אויך געפונען נחום מאָרגנ־בעסער און זיסמאַן. אין איינעם אַ טאָג האָבן מיר אים אָפּגעוואַרט אין וואַלד, ביי דער באַן, אויפן וועג צום דאָרף סטאַנקאָוויזנע — אים גוט אָנגעקלאַפּט די ביינער און אויסגעהאַקט עטלעכע ציין. גראָד איז אָנגעקומען דער פּאָליציי־פּשאָדאָווניק רימאַנאָווסקי מיט זיין הונט „רעקס" און אונדז אָנגעג־הויבן יאָגן און נאָכשיסן. צום מזל האָט דער הונט מיך גוט געקענט און ווען ער האָט אונדז דערגרייכט האָב איך אים אַ גלעט געטאָן און באַרואיקט. ער איז צוריקגעלאָפן צו זיין באַלעבאָס. דורך יאַרזשאָמבעק און די פעלדער ביים שפּיטאָל האָב איך זיך אומגעקערט אין שטאָט אַריין. דאָס איז געווען פרייטיק־צו־נאַכטס. גראָד האָב איך באַגעגנט שמואל פּאָפּאָווסקין און ער האָט מיר געזאָגט, אַז די פּאָליציי זוכט שוין מיר אין דער היים. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז שאַטקאָווסקי האָט מיך געזוכט און געזאָגט מיין מאַמען, אַז ווען ער טרעפט מיר, וועט ער מיך דערשיסן אויפן אָרט. דערביי האָט ער געוויזן אַ צוגאָב־רעוואָלווער וואָס ער האָט ביי זיך, וועלכן ער וועט מיר אַריינזעצן אין האַנט מיטן תירוץ, אַז איך האָב געשטעלט אַ ווידערשטאַנד ביים אַרעסטירן מיך... איך האָב זיך שנעל אָפּגעטראָגן. דורך הינטערוועגן, דורכן אַלטן בית עלמין און הייף, האָב איך זיך דערשלאָגן צו פּנחס קאַרמאַן אין וועמענס דירה איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן. די פּאָליציי האָט געבושעוועט אין שטאָט, דורכגעפירט אַרעסטן און דער עיקר געזוכט מיך. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז נישט געקוקט אויף מיין פּאַרמאַסקירונג, האָט דער צעשלאָגענער וואַיטשעכאָווסקי מיך דערקענט און איבערגעגעבן דער פּאָליציי מיין נאָמען. איך האָב פאַרלאָזט די שטאָט און זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ סאָד ביי סטאָידלעס. פון דאָרט האָט מען מיך אין אַ פור מיט היי אַרויסגעפירט קיין וואַרשע, ווו איך האָב אַ שטיק צייט געלעבט אין אונטערערד. קיין מינסק בין איך צוריק־געקומען ערשט אין 1933, נאָענט פון מיין פאָטערס טויט, געניסנדיק פון דער אַלגעמיינער אַמנעסטיע.

מיט אַזאַ דערפאַרונג האָט די פּאַרטיי איצט אויף מיר אַרויפגעלייגט נייע אויפגאַבן: איך זאָל זיך איינאָרדענען מיט אַרבעט אין דער פאַגעלנעסט־פאַבריק אין סטאָדילעס און העלפן אָרגאַניזירן די אַרבעטער. אין דער פאַבריק האָבן געאַרבעט עטלעכע יידן אין ביוראָ. די צוויי ברידער קאַמיענעטשיק און זייער שוועסטער, לייב שטוטמאַן און זיין שוועסטער. אַלס געוויינלעכע אַרבעטער זענען געווען באַשעפטיקט בוטשע קויפמאַן, מלך גובערעק, עפּשטיין פון דער קאָליע־גאַס און קיווייקאָ פונעם מאַרק, ווי אויך אַ יידישער מייסטער פון וואַרשע. די שוואַרץ־

אַרבעטער זענען בעיקר געווען אָרעמע פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, ביי וועמען די אַרבעט אין פאַבריק איז געווען בלויז אַ צוגאָב. זייערע לוינען זענען דעריבער געווען זייער נידעריקע. דער רעזשים איז געווען אַ שטרענגער און ביי יעדער קלייניקייט האָט מען באַזייטיקט פון דער אַרבעט. איך בין געווען אַ שוואַרץ־אַרבעטער און איך האָב זיך געמוזט היטן נישט צו דערוועקן קיין שום חשד בנוגע די אמתע צילן מיינע אין דער פאַבריק. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און איך האָב אויפגעשטעלט אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, און ווען עס איז אויס־געבראָכן אַן אַלגעמיינער פּראָטעסט־שטרייק קעגן יקרות, איז אויך די אַרבעט אין דער פאַבריק איבערגעריסן געוואָרן. נישט געקוקט אויף דער פּאָליציי־אויס־פאָרשונג, האָבן זיי נישט געקענט דערגייען ווער עס האָט דעם אַרבעטס־איבעררייס אָרגאַניזירט.

לאַנג האָב איך דאָ נישט געאַרבעט, ווייל עס האָט זיך אונטערגערוקט מיין מיליטער־דינסט. דאָס איז געווען אין 1934. אין 1936, ווען איך בין צוריקגעקומען פון מיליטער, איז מיר זייער שווער אָנגעקומען צוריק אַריין אין ציווילן לעבן. עס איז געווען קורץ נאָכן פּאָגראָם. אַ סך מיינע חברים האָבן געהאַט פאַרלאָזט די שטאָט, אַ טייל פון זיי אפילו קיין אויסלאַנד. אנדערע זענען געזעסן אין די תפיסות און אַ טייל האָבן געלעבט אין אומלעגאַלע באַדינגונגען אָדער זענען געוואָרן פּאַסיוו. איך האָב אָנגעהויבן צו אַרבעטן אַלס שניידער ביי דוד לאָופּער און דערנאָך ביי אברהם סלאָדזשאַרזש און צוריק געוואָרן טעטיק אין דער פּאַרטיי, נישט בלויז אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט. איך האָב איבערגענומען די אָנפירונג איבערן „זעלבשוץ" און אָרגאַניזירט אַן איבערפאַל אויף אַ נאַראַ־גרופּע, וואָס איז ספּעציעל אַראָפּגעקומען פון וואַרשע כדי צו באַפאַלן יידן. מיר האָבן זיי אָפּגעוואָרט ביי דער באַן און איידער זיי איז געלונגען צו פאַרשטיין וואָס דאָ פּאַסירט, האָבן מיר זיי בלוטיק צעשלאָגן, צוזאַמען מיט זייערע מינסקער קאָלעגן און זיי געצווּנגען צוריקצופאָרן קיין וואַרשע. באַזונדערס שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן איז דער נאַראָוויעץ פּיעכאַטאָוויטש, וועלכער איז אָנגעגאַנגען אַלס איינער פון ציליכס מערדער. אין דער אַקציע האָבן זיך באַטייליקט צוו. אַנד. כאַסקל מאַטושעווסקי, פסח ראַדזינסקי, זיסקינד בערגער, מנחם מינץ, גרשון שאַרפשטיין א. א. באַלד נאָך דעם בין איך אַרעסטירט געוואָרן. מען האָט מיך באַשולדיקט אין טעראָריזירן די פּוילישע יוגנט אין שטאָט. אויפן סמך פון אַן אַדמיניסטראַטיוון אורטייל בין איך אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער צענטראַלער תפיסה אויף דער דאַנילאָוויטשאָווסקי גאַס אין וואַרשע. צו מיר איז דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז די נאַראַ־אָרגאַניזאַציע אין מינסק האָט אויף מיר אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל. די רעוויזיעס ביי אונדז אין הויז האָבן זיך כסדר געמערט און די פּאָליציי האָט מיר אָנגעהויבן דראָען מיט פאַרשיקן קיין קאַרטוז־בערעזאַ. ביי אַזאַ מצב האָב איך פאַרלאַנגט פון דער פּאַרטיי מען זאָל מיר העלפן פאָרן קיין שפּאַניע, אַ זאַך וועגן וועלכער איך האָב געחלומט זינט מיין צוריקקומען פון מיליטער־דינסט. פאַר מיין משפחה האָט דאָס געהייסן, אַז איך פאָר קיין פּאַריז מיט מיין חברטע שרה מאָרגנשטערן האָב איך אָפּגערעדט, אַז באַלד ווי איך קום

אָן קיין פּאַריז, וועט זי אויך אַהין אַריבערקומען. זי האָט געהאַט דאָרט איר שוועסטער פעלאַ און די משפּחה בראָנעס.

מיט אַ סך כאַבאַר האָב איך אַרויסבאַקומען אַ פּאַס מיט אַ וויזע פון עפּעס אַ דרום־אַמעריקאַנישן לאַנד מיט אַ טראַנזיט־וויזע קיין פראַנקרייך. ראש־השנה 1937 בין איך אָפּגעפאָרן פון מינסקער וואָקזאַל. דאָס איז געווען מיין געזעגענונג מיט מיין ליבער מאַמע, ברודער, שוועסטערס, מומעס, פעטערס און נאָענטע פריינט, וועלכע איך האָב מער נישט געזען. נאָך צוויי טעג מיט אַ נאַכט פאָרן בין איך אָנגעקומען קיין פּאַריז. אַ קורצע צייט האָב איך זיך אויפ־געהאַלטן ביי מיין ברודערס שוועגערין רוזשקע סטאַניסלאַוואָווסקאַ, פון דער היים אַראָנזאָן, און פון דאָרט בין איך אָנגעקומען קיין שפּאַניע.

יחיאל קירשנבאום
(בת־ים)

# „מינסקער שטימע" — פרווו פון אַן אייגן וואָכנבלאַט

פון זינט איך געדענק איז מיין טאַטע מרדכי־יאָסל תמיד געווען פאַרנומען ביזן קאָפּ מיט דער געזעלשאַפטלעכער ארבעט אין שטאָט. העלפן יידן איז ביי אים געווען א הייליק געבאָט — און יידן האָבן זיך געוויטיקט אין הילף, צרות האָבן קיינמאָל נישט געפעלט. צוליב אָט דער ארבעט זיינער האָט ער אפילו פאַרנאַכלעסיקט זיין אייגענע פרנסה, און נישט בלויז דאָס — די געזעל־שאַפטלעכע ארבעט האָט אים זייער אָפט אריינגעבראַכט אין צרות פון וועלכע ער איז קוים אַרויס גאַנץ.

לאַנגע יאָרן איז דער טאַטע חוץ ראַטמאַן אויך געווען פרעזעס פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג. בעת זיין קאַדענץ האָט ער גראָד עוסק געווען אין גרינדן די „תרבות"־שולע — א נאָרמאַלע טאָג־שולע מיט העברעאיש אַלס אונטעריכט־שפּראַך, די שולע וואָס האָט שפּעטער עקזיסטירט ביזן מלחמה־אויסברוך, און אין וועלכער עס האָבן באַקומען א נאַציאָנאַל־יידישע דערציונג הונדערטער קינדער. דער דערפאָלג פון דער שולע איז געווען אַזאַ, אַז אין די לעצטע צוויי יאָר פאַר דער מלחמה זענען ביי דער שולע אפילו געעפנט גע־וואָרן גימנאַזיאַל־קורסן. די צרה מיט דער שולע איז געווען, וואָס זי האָט נישט געהאַט קיין אייגענעם לאָקאַל נאָר האָט געדונגען שול־צימערן און איז געווען צעשפּרייט אין צוויי ערטער — אין לאָקאַל פון „מרכז" אויף דעם רבינס גאַס און אין בערגערס הויף, אויף דער וואַרשעווער גאַס. באַלד ווי עס איז געגרינדעט געוואָרן די תרבות־שולע האָט דער טאַטע אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַן אייגענעם בנין — א זאַך וואָס איז קיינמאָל נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. אין איינעם א טאָג האָט דאָס אויסגעזען יאָ צו זיין א ווירקלעכקייט. דעם טאַטן איז געלונגען דורכפירן אַ באַשלוס אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג ארויפצולייגן א ספּעציעלן שטייער פון 5 זלאָטעס אויף יעדער בהמה וואָס וועט געשאָכטן ווערן אין שעכטהויז, און דאָס געלט זאָל גיין אויף בויען א בנין פאַר דער „תרבות"־שולע. ווען די קצבים האָבן זיך דערוויסט אויף וואָס עס גייט דער נייער פינף־זלאָטע־שטייער, האָבן זיי אויפגעהויבן אַ גרויסן טומל און אָרגאַניזירט א באָיקאָט וואָס האָט דעם טאַטן פּשוט צעשלאָגן ביז בלוט. פאַרענדיקט האָט זיך דערמיט, אַז מען האָט טאַקע געבויט א בנין — אָבער נישט פאַר דער שולע נאָר פאַר דער קהילה, א צווייִשטאָקיקע געביידע פון רויטע ציגל. לויטן טאַטנס פּלאַן האָט דער אונטערשטער שטאָק געדאַרפט זיין באַשטימט פאַר דער שולע, אָבער לסוף איז דער אונטערשטער שטאָק געבויט געוואָרן פאַר געשעפטן, וואָס די קהילה האָט פאַרדונגען צו פאַרשידענע סוחרים...

דאָס איז געווען נאָך ביים אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן, אָבער באלד דערנאָך האָט דער טאטע זיך אריינגעבאָדן אין אן אַפּערע וואָס האָט זיך גע־צויגן ממש ביזן מלחמה־אויסברוך. דאָס איז געווען דער פּרוּוו אַרויסצוגעבן א וואָכנבלאט אין יידיש. די צייטונג — „מינסקער שטימע" — איז דערשינען אינגאנצן אין פיר אָדער פינף נומערן, ווייל די מאכט האָט באלד די צייטונג אכזריותדיק געשלאָסן און געהאַלטן אין איין שלעפּן אין געריכט סיי דעם טאַטן, וואָס איז געווען דער אַרויסגעבער פון דער צייטונג סיי דעם רעדאַק־טאָר — לייבל גאַרבאָווניק, דער דירעקטאָר פון דער „תרבות"־שולע.

דאָס איז נאָך געווען בערך צוויי יאָר פאַרן פּאָגראָם, אין 1934. נאָך לאנגע צוגרייטונגען האָט זיך אין גרינבוימס צייטונגס־קיאָסק אויף דער ווארשעווער גאס פּלוצים, צוזאמען מיט אלע אנדערע יידישע צייטונגען פון ווארשע, באַ־וויזן אן אייגענע צייטונג — רעדאגירט, ארויסגעגעבן און געדרוקט מיט איי־גענע כוחות אין מינסק, — און ווונדער איבער ווונדער, דאָס אָרעמע צייטונגל וואָס האָט זיך באַוויזן פרייטיק אינדערפרי צוזאמען מיט די גרויסע ערב־שבתדיקע צייטונגען, איז ממש צעכאַפּט געוואָרן דורכן עולם. געקויפט די צײ־טונג האָבן סיי די לייענער פון „היינט" און „מאָמענט", סיי לייענער פון דער בונ־דישער „פאָלקסצייטונג" און פון אגודהשן „טאָגבלאט".

די צייטונג איז געדרוקט געוואָרן אין דער דרוקעריי פון מאטעס ליוויראַנט אויף דער פּילסודסקי־גאַס, און איז דערשינען אין אכט אָדער זעקס זייטן (פאָר־מאט פון א נאָכמיטאָג־צייטונג). איך געדענק אז חוץ היימישע כראָניק און אינפאָרמאציע וועגן שטאָטישן אלגעמיינעם און יידישן לעבן און אויך אנאָנסן פון יידישע און אפילו נישט־יידישע געשעפטן, זענען אויך געווען ערנסטע אַרטיקלען. אויף די שפּאַלטן פון דער צייטונג האָט זיך למשל געפירט אַ הייסע פּאָלעמיק צווישן דעם לערער יאַנקעלעווסקי און דעם פאבריקאנט לעווין פון דער פּאָגעלנעסט־פאבריק וועגן יידישע ארבעט אין פאבריקן פון יידישע אייגנ־טימער, — אן אָנגעווייטיקט פּראָבלעם אין יענער צייט ווען די אונטערוואַק־סנדיקע יוגנט אין שטאָט האָט אָנגעהויבן זוכן פּרנסה און איז נישט צוגע־לאָזט געוואָרן אין די פאבריקן. אסנת בערגער האָט אין דער צײטונג פאַר־עפנטלעכט איר „געשיכטע פון מינסק אלס שטאָט", וואָס זי האָט געשריבן ווי איר מאַגיסטער־דיסערטאציע אויפן ווארשעווער אוניווערזיטעט. די ארבעט איז איבערגעזעצט געוואָרן פון פּויליש דורך לייבל גארבאָווניק וואָס האָט דעמאָלט גראָד געהייראט מיט איינע פון די שוועסטער, העלאַ בערגער, און דערמיט בכלל דערנענטערט די משפחה צום געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן אין שטאָט. זייער געשמאַק זענען אַרויסגעקומען די אַרטיקלען פון לייבל גאַר־באָווניק, געשריבן מיט א סך ברען און שאַרפזין. ער האָט זיך דעמאָלט ארויס־געוויזן נישט בלויז ווי א גוטער רעדנער נאָר אויך ווי א גוטער זשורנאַליסט און רעדאקטאָר.

און טאקע צוליב גארבאָווניקס א פעליעטאָן האָבן זיך אָנגעהויבן אלע צרות. די צייטונג איז פאַרמאכט געוואָרן און אין רעזולטאט זענען פאָרגעקומען אַ סעריע פּראָצעסן, וואָס האָבן געדויערט עטלעכע יאָר.

24 ק״מ פון מינסק האָט זיך געפונען דאָס שטעטל דאַברע מיט אירע צוויי הונדערט יידישע משפחות. אין איינעם א מאַרק־טאָג איז פאָרגעקומען דאָרט, דאָס וואָס עס האָט פאסירט אין אלע אנדערע שטעטלעך אין פוילן: כוליגאנעס האָבן צעוואָרפן יידישע סטראגאנעס, צעשלאָגן יידישע מארק־הענדלער און אויסגעהאקט יידישע שויבן. א נאָרמאלע זאך אין יענע צייטן. אין דער „מינס־קער שטימע״ איז דערשינען א נאָטיץ וועגן דעם — גענויע פרטים, דערציילט דורך די דאַברער יידן. דאָס קעפל איבער דער ידיעה איז געווען „פּאָגראָם אין דאַברע״.

באלד ווי די צייטונג איז ארויס פון דרוק, האָט דער סטאַראָסטע ארויס־גערופן צו זיך מיין טאטן, דעם פאראנטוואָרטלעכן ארויסגעבער פון דער צייטונג, און אַרויס מיט אַ גרויסער טענה: ס׳טייטש, דאָס הייסט אַ פּאָגראָם? — נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. אין דאַברע איז דאָך גאָרנישט געשען, און די צייטונג דארף דעריבער געבן א געהעריקע אויסבעסערונג צו דער ידיעה, און ווען נישט — וועט מען אָננעמען מיטלען.

דער רעדאַקטאָר לייבל גארבאָווניק האָט באשלאָסן אליין אויסצופאָרשן דעם ענין. ער האָט זיך נאָכאמאָל באגעגענט מיט דאַברער יידן, און אין נאָענטסטן נומער האָט ער אָנגעשריבן אויף דער גאנצער דריטער זייט א פעליעטאָן אונ־טערן קאָפּ „אין דאַברע איז גאָרנישט געשען...״.

דער פעליעטאָן — ווי איך געדענק — איז געווען אָנגעשריבן מיט גאליקן הומאָר: אין דאַברע איז גאָרנישט געשען. בסך־הכל האָט מען צעוואָרפן אַ צוויי־צענטליק יידישע סטראַגאַנעס; צוויי־צענטליק יידישע משפחות זענען מיט־אמאָל געוואָרן אביונים; אין גאנצן האָט מען צעשלאָגן בלויז עטלעכע צענטליק יידן, און אַ מנין יידן האָבן געמוזט אָנקומען נאָך מעדיצינישער הילף. איינעם האָט מען צעבראָכן א האנט, א צווייטן — א פוס. א דריטן — געשפּאָלטן דעם קאָפּ. אין די יידישע הייזער איז נישט געבליבן קיין איין גאַנצע שויב — יאָ, אין דאַברע איז גאָרנישט געשען, אזוי פארזיכערט אונדז דער פּאַן סטאראָסטע אליין...

דער סטאַראָסטע, יאַן גאַדאָמסקי, האָט זיך פון דעם אַרטיקל געפילט פער־זענלעך באליידיקט און האָט באשלאָסן נקמה צו נעמען — סיי אינעם ארויס־געבער סיי אינעם רעדאקטאָר און מחבר פונעם פעליעטאָן. ער האָט זיי גלייך באַפוילן זיך צושטעלן אין זיין אַמט און זיי איבערגעבן אַ דעקרעט, אַז די צייטונג ווערט געשלאָסן. צומאָרגנס איז באקאנט געוואָרן, אז אין געריכט איז אריינגעטראָגן געוואָרן אן אָנקלאגע קעגן טאטן און גארבאָווניקן פאר באַ־שמוצן די פוילישע מאַכט דורך פאַרשפּרייטן „פאַלשע ידיעות״.

דער סטאראָסטע האָט אפנים געהאט פּראָטעקציע אויך אין געריכט און די „ספּראַווע״ איז גלייך פאָרגעקומען. דערזען, אז דאָס איז נישט קיין שפּי־לעכל, האָט מען באשטעלט פון ווארשע א גרויסן יידישן אדוואָקאט. דאָס איז געווען אַדוו׳ דוד פייגענבערג.

און דאָ האָט דער טאַטע צוגעגרייט דעם סטאַראָסטע אַ סורפּריז: פאַרן אָנהייב פון די געריכטס־פארהאנדלונגען האָט מען אראָפּגעבראכט די פאר־

אין יאָר תרנ״ו (1896) האָט דער נאָוואָמינסקער רבי געגרינדעט אַ ישיבה אין שטאָט. דאָס איז געווען די ערשטע חסידישע ישיבה לויט דעם קאַרלינער־קוידענאָווער נוסח, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין פּוילן.

דער נאָוואָמינסקער רבי האָט מיט זיין אייגענער גייסטיקער פּערזענלעכקייט צוגעצויגן חסידים אין פּוילן. ער האָט נישט איבערגענומען קיין חסידים פון זיין פאָטער, נאָר האָט געקראָגן אַן עולם מיט זיין אייגענעם כוח.

איינער פון די רייכע נאָוואָמינסקער חסידים פון וואַרשע, ר׳ שלמה פּאָלמאַן, האָט געגעבן געלט אויפצובויען אַ גרויסן בנין פאַר דער ישיבה אין נאָוואָמינסק. אין דער ישיבה האָבן געלערנט אַ צוויי הונדערט ישיבה־בחורים, אַ טייל פון זיי זענען דערנאָך געוואָרן גרויסע רבנים אין פּוילן. דער פאַרשטאָרבענער שריפט־שטעלער און באַוווסטער פּעדאַגאָג לייבוש לעהרער האָט מיר געזאָגט, אַז אויך ער האָט אין זיינע יונגע יאָרן געלערנט אין דער נאָוואָמינסקער ישיבה.

דער רבי ר׳ יאַנקעלע איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די גדולי־התורה פון זיין דור. ער איז אויך געווען אין פריינטלעכע באַציונגען מיט דעם גאון ר׳ יוסף־בער סאָלאָווייטשיק פון בריסק, וועלכער פלעגט קומען אויף זומער־דאַטשע קיין נאָוואָמינסק.

דער רבי ר׳ יעקב פלעגט דאַווענען מיט גרויס התלהבות. זיין זון, ר׳ שלמה־חיים, ברענגט אין זיין פּירוש אויף תהלים, תורהס און מאמרים פון זיין פאָטער. אין די דאָזיקע מאמרים איז דער רבי ר׳ יעקב מעורר די חסידים, אַז זיי זאָלן דאַווענען מיט גרויס התלהבות.

איינע פון רבין ר׳ יאַנקעלעס תורה איז וועגן דער תפילה, וואָס מיר זאָגן: „תמידין כסדרן ומוספין כהלכתן״. „יעדער ייד דאַרף תמיד מקיים זיין די צוויי „תמידין״, ער דאַרף תמיד אינזינען האָבן „וחטאתי לנגדי תמיד״ און „שויתי ד׳ לנגדי תמיד״, און ווען דער מענטש איז מקיים די דאָזיקע צוויי „תמידין״ איז ער זוכה צו „מוספין כהלכתן״, אַז ער קען מוסיף זיין אין די דרכי עבודה, ער זאָל זיין אַ מוסיף והולך אין יידישקייט״.

בנוגע די מצוות בין אָדם לחברו האָט דער רבי ר׳ יאַנקעלע מבאר געווען די משנה אין בכורות (פ״ו, מ״י): „עין אחת גדולה ועין אחת קטנה הרי זה מום״ (אויב אַ מענטש האָט איין אויג אַ גרויס און איין אויג אַ קליינס, איז ער אַ בעל־מום). מיינט מען, ווען אַ מענטש קוקט אויף זיך אַליין, — אויף זיינע מעלות, מיט אַ גרויס אויג און אויף זיינע חסרונות מיט אַ קליין אויג, איז ער אַ בעל־מום.

35 יאָר איז ר׳ יאַנקעלע געווען רבי אין נאָוואָמינסק און ער איז נסתלק געוואָרן אין יאָר תרס״ב (1902).

דער רבי ר׳ יאַנקעלע האָט איבערגעלאָזט דריי זין, רביים. דער עלטסטער זון, ר׳ אלתר־ישראל־שמעון, איז געוואָרן דער ממלא מקומו אין נאָוואָמינסק. זיין צווייטער זון, ר׳ יהודה־לייב, איז געווען רב אין וולאָדאַווע, דערנאָך געווינט אין מינסק און אין יאָר 1924 איז ער געקומען קיין ניו־יאָרק און געוואָרן רבי. אין יאָר תרצ״ג (1933) איז ער געווען אין ארץ־ישראל און געדרוקט דאָס ספר „לב אריה חדש״, צוויי חלקים אויף תורה.

דעם נאָוואָמינסקער רבינס דריטער זון, ר׳ שלמה־חיים פערלאָוו, איז געווען באָלעכאָווער רבי. אויך זיין איידעם, ר׳ משה־מרדכי העשל, איז געווען רבי.



ר׳ אלתר־ישראל־שמעון פערלאָוו (אי״ש) איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תרל״ד (1874) אין נאָוואָמינסק. ער איז אויפגעצויגן געוואָרן אין הויז פון זיין פאָטער און האָט געלערנט אין פאָטערס ישיבה. ער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון רבין ר׳ ברוך־מאיר טווערסקי פון אַזאַרעניץ, וועלכער איז געווען אַן אייניקל פון רבין ר׳ אהרן פון טשערנאָביל.

נאָך זיין חתונה האָט זיין שווער אים צוגעזאָגט עטלעכע יאָר קעסט, אָבער ווען עס איז געקומען שבועות האָט דער פאָטער זיינער פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל קומען קיין נאָוואָמינסק אויף שבועות צוזאַמען מיט זיין רביצין, פייגע־דינה. האָט ער מקיים געווען כיבוד־אב און איז געקומען. נאָך יום־טוב האָט דער פאָטער אים מער נישט געלאָזט צוריקפאָרן, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַמפּערניש צווישן פאָטער און שווער, ווו ער זאָל עסן קעסט. דער שווער האָט נישט געוואָלט צוריקשיקן די מלבושים און דאָס מעבל, און דער רבי ר׳ יעקב האָט נישט געלאָזט זיין זון צוריקפאָרן. דער סוף איז געווען, אַז דער רבי ר׳ יעקב האָט פאַר דעם פאָרפאָלק געמאַכט נייע מלבושים און געקויפט ניי מעבל און ער איז געבליבן זיצן אין נאָוואָמינסק.

דער רבי ר׳ יעקב האָט געמאַכט זיין זון ר׳ אלתר־ישראל־שמעון פאַר דעם מנהל פון דער ישיבה. ער פלעגט אַרומגיין פון כיתה צו כיתה פאַרהערן די ישיבה־בחורים און זאָרגן פאַר זיי צו באַשפּייזן און באַקליידן.

אין די לעצטע צוויי יאָר פאַר דער פטירה פון רבין ר׳ יאַנקעלע, האָט ר׳ אלתר־ישראל־שמעון פאַרשריבן אַלע תורהס פון זיין פאָטער, וואָס ער האָט געזאָגט שבת ביי די טישן. איינמאָל איז ראש־השנה אויסגעפאַלן דאָנערשטיק און פרייטיק, האָט דער רבי געזאָגט דריי טעג נאָכאַנאַנד תורה ביי אַלע טישן. האָט ער געפרעגט זיין זון, צי ער וועט געדענקען נאָך ראש־השנה צו פאַרצייכענען אַלע תורהס, האָט דער זון איבערגעזאָגט פאַרן פאָטער אַלע תורהס, וואָס ער האָט געזאָגט ביי די טישן אַלע דריי טעג, וואָרט ביי וואָרט...

ווען דער ערשטער נאָוואָמינסקער רבי, ר׳ יאנקעלע פערלאָוו, איז נפטר געוואָרן, אין יאָר תרס״ב (1902), איז זיין זון, ר׳ אלתר־ישראל־שמעון (אי״ש), געוואָרן דער ממלא מקומו. ער איז באַלד געוואָרן באַקאַנט אין גאַנץ פּוילן מיט זיין עבודת הבורא און דרך אין חסידות.

דער סדר־היום פון נאָוואָמינסקער רבין, ר׳ אלתר־ישראל־שמעון, איז געווען פול מיט תורה און תפילה.

דער רבי איז אויפגעשטאַנען פאַרטאָג און גלייך געגאַנגען אין מקוה אַריין. ער האָט געהאַט זיין אייגענע מקוה. ער פלעגט שיקן רופן דעם רב פון שטאָט, ר׳ יחיאל־מיכל ראַבינאָוויץ, אַ גדול בתורה און מחבר פון שו״ת ספר „גלי ים״ („ים״ איז די ראשי־תיבות: יחיאל מיכל), ער זאָל קומען זיך טובלען אין זיין

מקוה, כדי ער זאָל קענען מיט אים שמועסן און לערנען. נאָך דער מקוה האָט דער רבי אָנגעהויבן זיינע שיעורים אין משנה, וואָס דער רבי האָט געלערנט פון אויסנווייניק. דער משמש זיינער (ר׳ אפרים) איז געשטאַנען מיטן משניות אין דער האַנט, און האָט נאָכקאָנטראָלירט צי דער רבי פאַרפעלט, חס־וחלילה, נישט קיין וואָרט. דער רבי פלעגט זאָגן, אַז זיין גאַנץ חיות קומט פון לערנען משניות, ווייל „משנה״ האָט די אותיות פון „נשמה״. יעדן חודש פלעגט דער רבי מאַכן אַ סיום משניות.

דער רבי איז געווען שטאַרק באַליבט אין שטאָט. אַפילו דער שטאָט־רב זוהר און פאַרשידענע חסידישע און קבלה־ספרים.

דער נאָוואָמינסקער רבי האָט אויך יעדן טאָג געלערנט ש״ס און פוסקים און ר׳ יחיאל־מיכל, וועלכער איז געווען אַ מתנגדישער רב און אַ גרויסער למדן, האָט פאַר אים גרויס דרך־ארץ געהאַט. דער נאָוואָמינסקער רב ר׳ יחיאל־מיכל ראַבינאָוויץ איז פריער געווען רב אין אַלט־קאָנסטאַנטין. ווען מען האָט אים פאָר־געשלאָגן דאָס רבנות אין נאָוואָמינסק, האָט ער עס נישט גלייך אָנגענומען, נאָר ער האָט פריער געשיקט קיין נאָוואָמינסק זיין שוחט אויסצוגעפינען צי די גאַנצע שטאָט איז מסכים ער זאָל ווערן רב. ער האָט אָנגעזאָגט דעם שוחט, אַז אויב עס וועט זיך געפינען איין ייד אין שטאָט, וואָס איז נישט מסכים ער זאָל ווערן רב, וויל ער נישט איבערנעמען דאָס כסא הרבנות. אַזאַ בעל מידות טובות איז געווען דער רב ר׳ יחיאל־מיכל און צווישן רב און רבין איז געווען אַ גרויס ידידות.

דער נאָוואָמינסקער רבי, ר׳ אלתר־ישראל־שמעון האָט געהאַט אַ מנהג, אַז ווען ער האָט זיך געוואַשן די הענט צו זאָגן „שאו ידיכם״ האָט ער דערנאָך געזאָגט די ווערטער „מלאו ידינו מברכותיך״ און דערנאָך געמאַכט די ברכה. האָט דער שטאָט־רב מיט אים געהאַט אַ הלכהשן וויכוח, צי עס הייסט נישט קיין הפסקה. זיי האָבן זיך מפלפל געווען אַ היפשע צייט און דער רבי האָט דערנאָך געביטן דעם מנהג.

אין נאָוואָמינסק זיינען געווען גערער, אַלעקסאַנדערער און פאָריסאָווער חסידים, און אַלע זענען געקומען צום רבין.

אין שטאָט איז געווען איינגעפירט, אַז ביי אַ ברית האָט מען מכבד געווען דעם רב מיט סנדקאות. זענען געווען חסידים, וואָס האָבן מכבד געווען דעם רבין, האָט דער רבי קיינמאָל נישט געוואָלט אָננעמען דאָס סנדקאות ביז ער האָט פריער נישט געשיקט דעם משמש פרעגן דעם שטאָט־רב צי ער טרעט אים אָפּ דעם כבוד.

דער רב ר׳ יחיאל־מיכל איז געווען אַ גרויסער פאַסטער. ער האָט געפאַסט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. איינמאָל איז אויסגעפאַלן אַ ברית אין די טעג פון „בה״ב״ (מאָנטיק, דאָנערשטיק און מאָנטיק אין די צוויי וואָכן נאָך פסח און סוכות, ווען פרומע יידן זענען זיך נוהג צו פאַסטן). האָט מען דעם רבין מכבד געווען מיט סנדקאות. האָט דער רבי געשיקט דעם שמש צום רב, ווי זיין מנהג איז געווען, אים פרעגן צי ער איז מסכים. רופט זיך אָן זיין רביצין: „אפשר וואָלסטו היינט יאָ אָנגענומען דאָס סנדקאות, וואָלסטו נישט געדאַרפט פאַסטן״.

האָט דער רב געענטפערט: „אַדרבה, טאַקע דערפאַר, וואָס היינט איז ביי מיר אַ תענית, וויל איך נישט זיין קיין סנדק״...

דער נאָוואָמינסקער רבי האָט געדאַוונט מיט גרויס התלהבות און געזונגען מיט גרויס געפיל. ער האָט געהאַט אַ מנהג צו דאַווענען אין די ימים־נוראים אַלע תפילות פאַרן עמוד. אַרום אים איז געשטאַנען אַ חסידישע קאַפעליע און אונטער־געהאַלטן.

חסידים דערציילן, אַז איינמאָל איז דער רבי געפאָרן פון וואַרשע אַהיים מיט דער באַן פון דער חתונה פון זיין ברודערס טאָכטער. אין וואַגאָן איז אויך געפאָרן אַ מאָדערנער ייד, האָט ער געזען ווי דער נאָוואָמינסקער רבי לערנט פון אויסנ־ווייניק משניות און דער גבאי שטייט לעבן אים מיט אַן אָפענעם משניות און הערט אים אויס.

דער „דייטש״ האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דער רבי טוט און ער האָט געמיינט, אַז דער גבאי פאַרהערט דעם רבין. האָט ער געוואָלט אַרויסווייזן זיין באַהאַוונטקייט אין יידישע ענינים און ער האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַרן רבין, אַז ער איז פון גאַליציע, אַז פריער איז ער געווען אַ באַאַמטער ביי דער עסטרייכישער רעגירונג און איצט איז ער אַ פּוילישער באַאַמטער, און ער האָט געפרעגט דעם רבין צי דער רבי האָט געזען אין וואַרשע שפּילן דאָס העברעאישע טעאַטער „הבימה״, וואָס איז דעמאָלט געקומען אויף אַ באַזוך קיין פּוילן.

דער „דייטש״ האָט געפרעגט דעם רבין: „האָט דער הער ראַבינער אויך באַזוכט אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג?״

דער עולם־חסידים, וואָס זענען געשטאַנען אַרום דעם רבין, האָבן זיך צע־שמייכלט, אָבער דער רבי האָט תמימותדיק געפרעגט: „צו וואָס דאַרף מען גיין זען די ׳הבימה׳? וואָס האָט מען דערפון, אַז מען זעט אַ פאָרשטעלונג?״

„עס איז גוט צו פאַרטרייבן די צייט״ — האָט דער „דייטש״ געענטפערט.

ווען דער רבי האָט דאָס געהערט, האָט ער אים געזאָגט: „איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה. ווען דער רבי ר׳ שמעלקא איז אויפגענומען געוואָרן פאַר רב אין ניקלשבורג, מערן, האָט יעדער בעל־הבית אים געבראַכט אַ מתנה. האָט איין ייד אים געבראַכט אַ בורשטינענעם ליולקע־ציבעך. פרעגט דער רבי ר׳ שמעלקא דעם ייד:

— צו וואָס דאַרף מען אַ ליולקע־ציבעך?

— צו רייכערן — ענטפערט דער ייד.

— צוליב וואָס דאַרף מען רייכערן? — פרעגט ווייטער דער רבי ר׳ שמעלקא.

— צו פאַרטרייבן די צייט!

ווען דער רבי ר׳ שמעלקא האָט דערהערט דעם ענטפער פון דעם ייד, איז ער אויפגעשפרונגען פון זיין שטול און האָט געשריגן:

— מיר פעלט צייט עוסק צו זיין אין תורה און דו ברענגסט מיר אַ זאַך, כדי די צייט צו פאַרטרייבן!״...

דער „דייטש״ האָט שוין מער נישט גערעדט קיין וואָרט...



דער נאָוואָמינסקער רבי איז קיינמאָל נישט אויסגעקומען מיט זיינע שיעורים אין דער וואָכן. ווען אַ טאָג וואָלט געהאַט נישט 24 שעה, נאָר 48 שעה, וואָלט דאָס אויך פאַר אים נישט געווען גענוג.

יידן פלעגן, ביים געבן אים אַ קוויטל, זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ זייער לאַנג, און דער רבי איז געווען אַ מזג־טוב און האָט אַלץ אויסגעהערט און געגעבן זיין ברכה. דער רבי האָט יעדן איינעם אויפגענומען מיט גרויס ליבשאַפט. ער האָט קיינעם נישט געזאָגט קיין מוסר. אָבער מיט זיין גוטסקייט האָט ער מער געפּועלט ווי מיט שטראָף־רייד.

און אויב אין דער וואָכן איז דער רבי געווען אַריינגעטאָן, ראשו ורובו, אין תורה און עבודה, איז שבת ביים רבין תמיד געווען אַ נייע התגלות. ער האָט מיט זיין התנהגות שבת פאַרענטפערט די קשיא, וואָס זיין פאָטער האָט געפרעגט: „פאַרוואָס שטייט 'לעשות את השבת לדורותם', וואָס עפּעס 'לעשות'? שבת איז דאָך דער עיקר נישט צו טאָן?" נאָר ווער עס האָט געזען דעם נאָוואָמינסקער רבין שבת, זיין עבודה ביים דאַווענען, זיין פירן טיש, זיין זאָגן תורה, האָט ער פאַרשטאַנען דעם מיין פון פסוק. ער האָט טאַקע „געמאַכט דעם שבת לדורותם"... זיינע שבתדיקע תפילות האָבן געמאַכט אויפציטערן די דינסטע פעדעמלעך פון דער נשמה.

גאַנץ שבת האָט דער רבי גערעדט נאָר לשון־קודש און איידער ער האָט טועם געווען עפּעס אַ מאכל, האָט ער געזאָגט: „לכבוד שבת קודש, קדשנו במצוותיך, יהא רעוא קמיה דישרי על עמא מתיקא ודובשא".

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דער נאָוואָמינסקער רבי, לויטן באַפעל פון דער רוסישער מיליטערישער מאַכט, געמוזט פאַרלאָזן נאָוואָמינסק, האָט ער זיך אַריבערגעצויגן קיין וואַרשע. פון דעמאָלט אָן האָט ער שוין געוווינט אין וואַרשע. לויט ווי עס ווערט איבערגעגעבן, האָט דער נאָוואָמינסקער רבי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה נישט געהאַלטן מיט די דייטשן. ער האָט געזאָגט, אַז פון די דייטשן וועט קיין ישועה נישט אַרויסקומען. אַזוי האָט דער נאָוואָמינסקער געזען בנביאות, אַז די גרעסטע שונאים פון יידישן פאָלק זענען די דייטשן.

דער נאָוואָמינסקער רבי פלעגט זיך אַ סך מסגף זיין. די משפחה זיינע האָט זיך זייער געזאָרגט וועגן זיין געזונט און דער הויז־דאָקטאָר זיינער, ד"ר קאָניג, פלעגט זאָגן: „אומזיסט אַלע רפואות, וואָס איך פאַרשרייב דעם רבין, ער איז זיך מקריב און שטעלט אין סכנה זיין געזונט".

דער רבי פלעגט עסן צוויי מאָל אַ טאָג, צוויי אַזייגער בייטאָג און ביינאַכט נאָך חצות, אָבער זייער אָפט האָט ער ביינאַכט מער נישט געוואָלט עסן. ער פלעגט זאָגן: „איך בין שוין זאַט פון די צרות, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט אַ גאַנצן טאָג פון די יידן".

איינמאָל — דערציילן חסידים — איז דער רבי זייער קראַנק געוואָרן. מען האָט גערופן אַ קאָנסיליום פון די גרעסטע פּראָפעסאָרן אין וואַרשע און זיי האָבן געזאָגט, אַז דער רבי מוז ענדערן זיין סדר־היום. אָבער פּראָפעסאָר פישל שניאורסאָן, דער גרויסער פּסיכיאַטאָר און שריפטשטעלער, וועלכער איז געווען אַ בן־בית ביים רבין, האָט געזאָגט: „דער נאָוואָמינסקער רבי לעבט דער עיקר

פון זיינע רוחניותדיקע שפייזן. ער לעבט און שפייזט זיך פון זיינע שיעורים משניות, פון דער תורה און פון זיין דאַווענען. קיין פשוטער ·מענטש קען דאָס נישט משיג זיין. דעריבער דאַרף מען אים נישט שטערן אין זיין עבודה, נאָר אים געבן רפואות״...



דער נאָוואָמינסקער רבי האָט איבערגעלאָזט פיר זין און אַכט טעכטער. זיינע דערוואקסענע זין, זענען נאָך ביים לעבן פון רבין געפאָרן קיין אַמעריקע, און זיינע צוויי יינגערע זין זענען געבליבן ביים רבין.

נאָך דער פטירה פונעם נאָוואָמינסקער רבין האָבן די חסידים געקרוינט פאַרן רבין אין וואַרשע דעם נאָוואָמינסקער רבינס דריטן זון ר׳ יוסף פערלאָוו. זייענדיק אַלט איינגאַנצן זיבעצן יאָר.

ר׳ יאָסעלע איז געוואָרן רבי נאָך פאַר זיין חתונה. ער האָט שוין דעם ערשטן שבת ביים טיש געזאָגט תורה פאַר די חסידים. מיט אַ יאָר שפּעטער האָט ר׳ יאָסעלע חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון וואָלאָמינער רבין, וועלכער האָט געשטאַמט פון רבין ר׳ יחזקעלע קוזמירער.

דער רבי ר׳ יאָסעלע האָט אויסגעהאַלטן זיין מוטער, די אַלטע נאָוואָמינסקער רביצין פייגע־דינה, און זיין עלטערן ברודער יאַנקעלע.

ווען די רוצחישע דייטשן האָבן פאַרכאַפּט וואַרשע און געשאַפן דעם געטאָ, איז דער נאָוואָמינסקער רבי ר׳ יאָסעלע אַריין אין געטאָ.

יידן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט, נאָכן געטאָ־אויפשטאַנד, גיבן איבער, אַז ר׳ יאָסעלעס דירה איז געווען אַ לאַגער פאַר שפייז פאַר אָרעמע יידן, און ערב־פסח, אַ טאָג פאַרן געטאָ־אויפשטאַנד, האָבן יידן ביי אים באַהאַלטן מצות.

נאָכן געטאָ־אויפשטאַנד איז ר׳ יאָסעלע געכאַפּט געוואָרן פון די טמאדיקע דייטשן און פאַרשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ.

יידן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון אוישוויץ גיבן איבער, אַז ר׳ יאָסעלע האָט זיך געפונען אין בירקענאַו אינעם בלאָק נומער 22. ער איז צוגעטיילט געוואָרן צו היטן די אַרבעטס־כלים.

דער יידישער קאַפּאָ האָט געוווסט ווער ר׳ יאָסעלע איז און ער האָט אים געשאַנעוועט. ר׳ יאָסעלע פלעגט לייגן תפילין אין טויטן־לאַגער, וואָס דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס מסירת־נפש. אַ פּאָר תפילין האָבן זיך געפונען אין בלאָק פון אַן אונגאַרישן יידן, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן.

ר׳ יאָסעלע פלעגט זיך אָננעמען פאַר יידן, ווען דער קאַפּאָ האָט זיי געוואָלט שלאָגן.

די יידן האָבן ר׳ יאָסעלען שטאַרק פאַרערט. זיי האָבן געוווסט, ווער ער איז. אויך די פּאָליאַקן, וואָס זענען געווען אַרעסטאַנטן אין לאַגער, האָבן געוווסט אַז ער איז אַ „ראַבין״.

יום־כיפור ביינאַכט האָבן זיך צונויפגענומען יידן נעבן ר׳ יאָסעלעס פּריטש און געזאָגט שטיל „כל־נדרי״.

ר׳ יאָסעלע איז געווען אין אוישוויץ ביז שמחת־תורה 1944, ווען די דייטשן האָבן אויפגעלייזט דעם לאַגער און געטריבן די טויזנטער יידן צופוס אין אַנדערע לאַגערן אַריין. טויזנטער מענטשן זענען אויפן וועג אומגעקומען פון הונגער און קעלט.

דער נאָוואָמינסקער רבי ר׳ יאָסעלע האָט אויסגעהאַלטן דעם לאַנגן הונגער־מאַרש. ער איז אָנגעקומען אינעם טויטן־לאַגער בערגען־בעלזען. ער האָט אויס־געהאַלטן אַלע עינויים און האָט דערלעבט דעם 15טן אַפּריל 1945, די באַפרייונג פון בערגען־בעלזען.

„הונגער און עפּידעמישע קראַנקייטן האָבן אויסגעלאָשן דאָס לעבן פון טויזנטער יידן, וואָס זענען אָקאָרשט באַפרייט געוואָרן דורך דער עלפטער פּאַנצער־דיוויזיע... דאָס ענגלישע מיליטער האָט אָנגעטראָפן אין לאַגער אַרום 58 טויזנט פרויען און מענער — נאָר אין איין טאָג האָבן דאָקטוירים פון ענגלישן רויטן־קרייץ פעסטגעשטעלט 1563 טויטן־פאַלן"... „די שרעקלעכע טיפוס־עפּי־דעמיע האָט נאָך דער באַפרייונג פאַרשלונגען אַרום 28 טויזנט קרבנות", ווערט געזאָגט אין דער הקדמה צום ספר „בערגען־בעלזען".

און צווישן די קרבנות, וואָס זענען געשטאָרבן פון הונגער און טיפוס, איז אויך געווען דער נאָוואָמינסקער רבי, ר׳ יאָסעלע פערלאָוו.

צוויי וואָכן נאָך דער באַפרייונג איז ר׳ יאָסעלע נפטר געוואָרן אין בערגען־בעלזען.

אַזוי איז אַכזריותדיק פאַרשניטן געוואָרן דורך די דייטשן די נאָוואָמינסקער רבישע דינאַסטיע. עס איז אומגעבראַכט געוואָרן דעם רבין ר׳ יאָסעלעס ווייב און קינדער, זיין מוטער, די אַלטע נאָוואָמינסקער רביצין פייגע־דינה, און דעם רבינס ברודער ר׳ יעקב פערלאָוו, הי"ד.

(פון בוך „ספר קדושים — רביים אויף קידוש השם".
פאַרלאַג שולזינגער ברודער, ניו־יאָרק 1967).

א. שעדלעצקי

# דעם רבינס „לעצט־געלט"

אין אַ טיפֿן שופֿלאָד פֿונעם אַלטן קרעדענץ, דאָרט ווו די מאַמע האָט גע־האַלטן דאָס ירושה־צירונג און אַנדערע טייערע חפצים, איז אויך געליגן מייַן „אוצר": אַ בייטעלע מיט מטבעות, וואָס מ'האָט עס אין שטוב געהיטן נישט ווייניקער ווי דער מאַמעס צירונג. אין דעם בייטעלע האָב איך געזאַמלט דאָס „לעצט געלט", וואָס דער רבי פֿלעגט מיר געבן יעדעס מאָל ווען ער איז געקומען אויף קבר אבות. קומען פֿלעגט ער מיט איינעם פֿון די ערשטע צוגן פֿון וואַרשע פֿון וואָקזאַל פֿלעגט ער גלייך אָפּפֿאָרן מיט אַ דראָזשקע צום בית עלמין, צום „אוהל" ווו עס האָט גערוט דאָס געביין פֿון זייַן פֿאָטער, דעם אַלטן רבין. ערשט מיטאָג־צייַט איז ער פֿאַרפֿאָרן אין „רבינס הויף", דער הויף, וואָס איז געבליבן ביי דעם נאָמען אויך נאָך דעם ווי דער רבי האָט זיך אַריבערגעצויגן קיין וואַרשע צוליב דעם מלחמה־אויסברוך און שוין דאָרט פֿאַרבליבן נאָך דער מלחמה. דאָ אין דער דירה פֿון ר' מעכעלע, האָבן שוין געוואַרט חסידים און סתם־יידן, כדי צו געבן דעם רבין „שלום".

אין איינעם אַזאַ טאָג האָב איך געמאַכט מייַן ערשטע קאַנטשאַפֿט מיט אונ־דזער רבין וועגן וועלכן כ'האָב אַזוי פֿיל געהערט ביי אונדז אין שטוב, פֿון די פֿריסטע קינדער־יאָרן. צו אים, אין חדר מיוחד ווו ער האָט זיך אָפּגערוט ביי אַ גלאָז טיי, בין איך אַריין באַגלייט סיי מיטן טאַטן און סיי מיט דער באָבען. זי, די באָבע מיינע, איז דאָך געווען ביים רבין אַן אייגענער מענטש. זי איז געווען די אלמנה פֿון ר' אפרים משמש, וואָס האָט זוכה געווען משמש בקודש צו זייַן ביים ערשטן רבין, ר' יאַנקעלע און אַ שיינע פּאָר יאָר אויך ביי זייַן זון. די באָבע אַליין האָט געקענט דעם רבין פֿון קינדווייז־אָן. „אויף מיינע הענט האָב איך אים דאָך אויסגעהאָדעוועט" — האָט זי תמיד דערמאָנט.

— גיב שלום דעם רבין... — האָט די באָבע מיך מדריך־געווען, און אין דער זעלבער רגע האָב איך דערזען דעם רבין לעבן מיר: אַ נידעריקער און קיילעכדיקער מיט אַ גוטמוטיק הדרת־פּנים, באַקרוינט מיט אַ ווייסער באָרד און לאַנגע געפֿלאָכטענע פּיאות. הינטער זייַנע דינע ברילן האָבן צו מיר אַנטקעגנ־געשמייכלט אַ פּאָר וואַרעמע אויגן. דער גאַנצער פּחד מייַנער, מייַן קינדישע דערוואַרטעניש אויף עפּעס אומבאַקאַנטס צו וועלכן מ'האָט מיר צוגעגרייט אין שטוב אַ היבשע צייַט, איז באַלד אין ערשטן אויגנבליק פֿאַרשוווּנדן. איך האָב זיך גלייך דערפֿילט היימיש ווי אויף אַ באַגעגעניש מיט אַ גוטן, ליבן פֿעטער.

— אַ גאַנצער בחור שוין משהס בן־יחיד! — האָט דער רבי זיך אָנגערופֿן צו דער באָבען און באַלד צוגעגעבן: און וואָס לערנט ער שוין?

די באָבע האָט אויף איר אייניקל, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פֿון איר פֿריצייַטיק־פֿאַרשטאָרבענעם מאַן, נישט געזשאַלעוועט קיין שבחים. דער רבי האָט זייַן התפּעלות כסדר אויסגעדריקט מיט אַן „אָוואַ!" טאַקע?", און דערביי געגלעט מיר איבערן בעקל מיט זייַן ווייכער, זיידענער האַנט...

לסוף האָט דער רבי גענומען ביים משמש, ר׳ יאָסל, אַ מטבע און מיר אַריינגע־שטעקט אין האַנט אַריין:

— נעם „לעצט־געלט״ פון רבין און זיי אַ ייד!

אויף יענער זייט טיר האָט געוואַרט אַ גרויסער עולם. דערזען די מטבע, וואָס כ׳האָב באַקומען פון רבין, האָט מען גלייך מיט מיר אָנגעהויבן אַ משא־ומתן. מ׳איז פאַר דער איינציקער זלאָטע גרייט געווען צו געבן מיר פינף, צען און אַפילו צוואַנציק זלאָטעס. און אפשר האָט מען מיך בלויז געוואָלט אויספּרווון, צי כ׳פאַרשטיי די חשיבות פון רבינס „לעצט־געלט״. די התפּעלות פון די חסידים און באַזונדערס די קנאה־בליקן פון מיינע חברים, חדר־ייִנגלעך, האָבן מיר, פאַר־שטייט זיך, געהאָלפן גוט דאָס צו פאַרשטיין.

דאָס דאָזיקע בילד האָט זיך איבערגעחזרט צוויי מאָל אין יאָר: ז׳ אָדר, אין יאָרצייט־טאָג נאָכן אַלטן רבין ר׳ יאַנקעלע, און אין חודש אלול. די מטבעות וואָס כ׳פלעגט באַקומען פון רבין האָב איך געזאַמלט אין אַ ספּעציעלן בייטעלע. די מטבעות האָבן זיך געמערט פון יאָר צו יאָר. איך האָב זיי געהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ, ווי אַן אוצר.

אַ שיינע פאַר יאָר זענען אַדורך. איך בין געוואָרן גרויס, שוין געלערנט גמרא מיט תוספת, ביז — אין איינעם אַ טאָג האָט די באָבע געפּועלט ביים טאַטן ער זאָל מיך מיטנעמען צום רבין קיין וואַרשע. דאָס איז געווען נאָך אַ ווינטער מיט שווערע פאַרקילונגען און קראַנקייטן. די באָבע האָט געהאַלטן, אַז דאָס פאָרן צום רבין וועט בעסער העלפן צו מיין געזונט־ווערן, ווי אַלע דאָקטוירים פון פּאָוויאַט, וואָס זענען צו מיר געגאַנגען אַ גאַנצן ווינטער.

די באָבע אַליין האָט פאר איר געלט געלאָזט פאַר מיר אויפנייען אַ ספּעציעלע זיידענע קאַפּאָטע און דערצו געקויפט אַפילו אַ סאַמעטן היטל. דער טאַטע האָט אַרויסגענומען פון שאַנק זיין זיידענע קאַפּאָטע, וואָס ער האָט גענוצט בלויז ווען ער איז געפאָרן צום רבין (אַ גאַנץ יאָר האָט דער טאַטע, מעשה סוחר, געטראָגן אַ קורץ רעקל, און שבת — אַ געוויינלעכע טוכענע „געהאַקטע״ קאַפּאָטע). די מאַמע האָט פאַרפּאַקט צוויי רענצלעך, זיי אָנגעפילט מיט מטעמים צו „דערכאַפּן זיך דאָס האַרץ״. באַלד אין דער פרי האָבן מיר זיך געלאָזט צו דער באַן.

דאָס איז געווען ערב שבועות, און מיר זענען, פאַרשטייט זיך, נישט געווען די איינציקע, וואָס זענען געפאָרן צום רבין אויף יום־טוב פון מתן־תורה. די באַן איז פול געווען מיט פאָרנדיקע — יעדער צו זיין רבין.

דער טאַטע מיינער, הגם ער איז געווען אַ שטיקל „מאָדערנער״ ייד, אַרומ־געשווירן דאָס בערדל, געקויפט אַ שקל און געצאָלט רעגולער פאַרן קרן קיימת און קרן היסוד, געלייענט וועלטלעכע ביכער און צייטונגען נישט ווייניקער ווי אַריינגעקוקט אין ספרים, האָט געהאַט אַ ספּעציעלע באַציונג צום רבינס הויף, ווו ער א״ז אויפגעוואָקסן און אויסגעהאָדעוועט געוואָרן; דאָס איז געווען קודם־כל אַ פאַמיליאַרע באַציונג. פון רבין אַליין האָט ער אָבער געהאַלטן עולם ומלואו. ער פלעגט זיך אַפילו מיט אים שואל־עצה־זיין. פאַר זיינע „וועלטלעכע״ חברים האָט ער זיין אָפּט פאָרן צום רבין פאַרענטפערט אַ ביסל דערמיט, וואָס דער רבי

געניסט פון אָנערקענונג ביי די גרעסטע פּערזענלעכקייטן פון יידישן וואַרשע. דער טאַטע פלעגט דערביי אויסרעכענען אַ גאַנצע ריי באַקאַנטע נעמען, ווען ער טרעפט אַלץ ביים רבין. דערביי פלעגט ער באַזונדערס דערמאָנען הלל צייט־לין, וואָס קומט הערן דעם רבינס תורה צו שלוש־סעודות און צו הבדלה פאַר־שווינדט ער. ווען דער טאַטע פלעגט דאָס דערציילן, איז שווער געווען צו וויסן פון וועמען ער האַלט מער — פון רבין אָדער פון ר׳ הלל צייטלין, וועמענס אַרטיקלען ער פלעגט לייענען מיט אייפער.

יענער שבועות אין וואַרשע איז געווען מיין ערשטע באַגעגעניש מיט אָט דער יידישער מעטראָפּאָליע, וואָס איז אַ פּאָר יאָר שפּעטער געוואָרן די צוויי־טע סטאַציע פון מיין לעבן, ווו כ׳פלעג זיין כמעט יעדן טאָג אין די לעצטע צוויי יאָר פאַרן מלחמה־אויסברוך. די רייזע מיט דער באַן איבער די שמעקנדיקע, צייטיק־ווערנדיקע גרינע פעלדער; דער גרויסער וואָקזאַל אין וואַרשע מיט די צענדליקער באַנען, וואָס זענען מיט אַ מאָל אָנגעקומען פון אַלע זייטן און אַרויס־געשפּיגן פון זיך אַזוי פיל פּאַסאַזשירן; די טראַמווייען, די מענטשן, די הייזער און די גאַסן. און דער עיקר — די יידישע גאַסן מיט אַזוי פיל יידן — דאָס אַלץ איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון נישט צום פאַרגעסן. ווער האָט דעמאָלט זיך פאָרגעשטעלט, אַז אין איין יאָרצענדליק שפּעטער וועט דאָס אַלץ ווערן מיטאַמאָל אָפּגעמעקט, פאַרטיליקט... ווער? — —

נאָכן אָפּשטאַטן עטלעכע וויזיטן ביי ווייטע קרובים (דער טאַטע האָט געוואָלט פאָרשטעלן פאַר זיי דעם אונטערוואַקסנדיקן בן־יחיד זיינעם), זענען מיר אָנגע־קומען צום רבינס הויף — אויף פראַנציסקאַנער גאַס נומער 10: אַ פולער הויף מיט אכסניהס פאַר הונדערטער חסידים, וואָס האָבן געשטראָמט אַהער פון אַלע אַרומיקע שטעט אויף יום־טוב צום רבין. אונדזער פּלאַץ איז געווען ביים שמש ר׳ יאָסל, — אין אַ צימער פול מיט בעטלעך.

קוים באַוויזן זיך אָפּצורוען איז מען באַלד אַוועק אין בית־מדרש אַריין צום רבין. וואָס עס איז געבליבן אין מיין געדעכעניש נאָך אַזוי פיל יאָרן, איז דאָס מתיקותדיקע דאַווענען פון רבין ביים עמוד. זיינע העוויות, זיין אויפשפּרינגען פון ווייל צו ווייל און די לויטערע בלענדנדיקע ווייסקייט זיינע, די ווייסקייט פון זיין באָרד און פיאות, וואָס האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דער ווייסקייט פון זיין זיידענער קאַפּאָטע און ווייסע זאָקן אַריבערגעצויגן ביז די קני. דער רבי איז נישט געווען קיין בעל־מנגן ווי אַ סך אַנדערע רביים אין פּוילן; ער האָט אָבער געשמט מיט זיין זיס דאַווענען, מיט זיין „זאָגן״...

די ערשטע נאַכט יום־טוב בין איך מיטן טאַטן געווען פאַרבעטן עסן ביים טיש פון רבינס משפחה. די רביצין אַליין האָט אונדז אַריינגעפירט אין גרויסן עס־זאַל מיטן לאַנגן טיש — ווו עס זענען שוין געזעסן אַלע קינדער פון רבין, שנירן און איידעמס, וואָס זענען ספּעציעל געקומען אויף יום־טוב, צווישן זיי אפילו פון ווייטן אַמעריקע.

און דערנאָך — דעם רבינס טיש: שיריים, און די תורה וואָס דער רבי האָט געזאָגט דעמאָלט. איך געדענק, אַז ווען איך בין צוריקגעקומען אַהיים האָב איך געוווּסט פּרטימדיק נאָכצוזאָגן דעם רבינס „תורה״ פון שבועות ביינאַכט.

דעם צווייטן טאָג יום־טוב האָט דער רבי נישט געפּראַוועט קיין טיש. ער האָט זיך נישט געפילט גוט און דער דאָקטער האָט ביי אים קוים געפּועלט מוותר־צו־זיין אויפן טיש. דער טאַטע מיט נאָך אַ פּאָר חסידישע יונגעלייט האָבן די פרייע צייט אויסגענוצט און אַ גאַנצן נאָך מיטאָג באַזוכט די חסידישע הייף אין די שכנותדיקע גאַסן. אַ גאַנצן טאָג זענען מיר געגאַנגען פון איין רבין צום צווייטן, און אַזוי באַקענט אַ שטיק יידיש וואַרשע.

מוצאי־יום־טוב פאַרן אַהיימפאָרן צוריק מיט דער לעצטער באַן בין איך מיטן טאַטן אַריין צום רבין זיך געזעגענען. דער טאַטע האָט זיך פאַרהאַלטן אַ לענגערע ווייל, אים עפּעס געפרעגט און באַקומען אַן ענטפער. אָבער אויך איך האָב געהאַט וואָס צו פרעגן דעם רבין:

— רבי, וואָס זאָל איך טאָן מיט אייער „לעצט־געלט", וואָס האָט זיך ביי מיר אָנגעזאַמלט? איך האָב שוין דרייצן זלאָטעס.

— מערצישעם, אַז וועסט ווערן בר־מצווה זאָלסטו פאַר דעם געלט קויפן תפילין — האָט דער רבי גלייך געענטפערט.



אַ ווינטער שפּעטער, תרצ"ג, איז דער נאָוואָמינצקער רבי, ר' אלתר ישראל שמעון, נסתלק געוואָרן אין עלטער פון 60 יאָר. דאָס איז געווען ו' טבת. דער ממלא־מקום איז געוואָרן דווקא דער ייִנגסטער פון זיינע זין — ר' יאָסעלע. ער האָט דעם הויף אויף פראַנצישקאַנער 10 געפירט ביזן מלחמה־אויסברוך, און אויך אין געטאָ. ער איז אומגעקומען אין בערגען־בעלזען עטלעכע טעג נאָך דער באַפרייונג. דאָס איינציקע שארית פון דאָזיקן חסידות איז געבליבן נאָך דער מלחמה אין אַמעריקע, ווו איינער פון די זין פון רבין אלתר ישראל שמעון, וואָס האָט אין תרפ"ו אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, האָט געפּראַוועט נאָוואָמינצקער חסידות. דאָס איז געווען ר' נחום פּערלאָוו, וועלכער איז נפטר־געוואָרן אין על־טער פון 80 יאָר אין טאָג פון ט' אלול תשל"ו, דאָס הייסט, אין יאָרצייט־טאָג נאָכן אומקום פון די מינסקער יידן אין טרעבלינקע. איך האָב ר' נחומען גע־טראָפן איינמאָל אין ירושלים אין האָטעל „המלכים" בעת אַ כנסיה גדולה פון אגודת ישראל, און ער האָט זיך אויספירלעך אויסגעפרעגט וועגן די מלחמה־יאָרן אין מינסק און וועגן גורל פון מיינע עלטערן. לייבל ראָכמאַן האָט מיט אים לענ־גער געשמועסט בעת זיין לעצטן וויזיט אין ניו־יאָרק — אינגאַנצן עטלעכע חדשים פאַר דער פּטירה פונעם רבין. אין אַ בריוו פון איצטיקן ממלא־מקום פון נאָוואָמינצקער חסידות, רבי יעקב פּערלאָוו (וואָס טראָגט דעם נאָמען פון מייסד פון דער גזע) שרייבט ער פאַר אונדזער יזכור־בוך, אַז זיין פאָטער איז זומער 1967 געווען אויף קבר־אבות אין וואַרשע און אין מינסק: „אין מינסק האָט ער געטראָפן איין ייד. ער האָט דערקענט דעם גרונטשטיין פון דעם אוהל פון זיין זיידן ר' יעקב, און ער האָט איבערגעלאָזט דעם ייד געלט אַרומצוצוימען דעם פּלאַץ. אין וואַרשע האָט ער אויך געפונען, נאָך לאַנגע זוכענישן, דעם אוהל פון זיין פאָטער. ער איז צוריקגעקומען פון פּוילן אַ דערשיטערטער פון דעם חורבן. זומער 1976 האָט ער ווידער געוואָלט פאָרן אויף קבר־אבות, אָבער זיין שוואַכער געזונט־צושטאַנד האָט דאָס שוין נישט דערלויבט".

# הפוגרום



בית המדרש הישן ברחוב הרכבת, אחרי המאורעות

דאָס אַלטע בית מדרש אויף דער „קאַליע"-גאַס דעמאָלירט בעתן פאָגראָם

# דער פאגראם

אברהם סלאָדזשאַרזש (ז״ל)

# דער מאָרד איבער מיין חבר ישראל ציליך

דער שרעקלעכער מאָרד איבער מיין חבר ישראל ציליך איז געווען דער אָנהייב — דער אָנהייב פון חורבן פון אונדזער שטאָט. אַזוי האָב איך אַלנפאַלס געפילט ווען איך בין די מלחמה־יאָרן פאַרוואָגלט געוואָרן אין ווייטן סיביר און פון מאָל צו מאָל זיך אָנגעטראָפן אויף חברים פון מינסק, ווי למשל יאַנקל קויפמאַן מיט שבע׳לען, מיט וועלכע איך און מיין פרוי, פרומעט, האָבן זיך געפונען אַ לענגערע צייט אויף דעם זעלבן אָרט און זיך צוזאַמען אויפגעהאַלטן מיט די וואַרעמע זכרונות פון אונדזער היים.

איך געדענק און קען נישט פאַרגעסן יענע נאַכט ערב דעם 1טן מאַי פון יאָר 1936, ווי פוילישע כוליגאַנעס פון אונדזער שטאָט זענען באַפאַלן די יידן, וואָס זענען אָנגעקומען מיט דער לעצטער באַן פון וואַרשע, און עטלעכע פון זיי שווער פאַרוואונדעט. צווישן זיי איז אויך געווען מיין נאָענטסטער חבר און סעקרעטאַר פון דער פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע אין אונדזער שטאָט, ישראלקע ציליך. אים האָבן די כוליגאַנעס זייער קינדזשאַל טיף אַריינגערוקט און שטערבלעך באַשע־דיקט זיינע לונגען. ציליך איז געווען אַ שיינער, געזונטער בחור, דער עלטסטער זון פון גרויסן למדן יצחק שמואל ציליך, וואָס איז געשטאָרבן קורץ נאָך זיין זונס טראַגישן טויט. מיט די לעצטע כוחות איז ישראלקע נאָך געלאָפן אַ שטיקל וועג אויף דער קאָליע־גאַס, ביז ער איז געפאַלן אויף די שטיגן פון מיין עלטס־טער שוועסטער רבקה טרוינע. זי מיט איר מאַן האָבן געהערט זיינע יאָמערלעכע קרעכצן און הילפסרופן, און זיי האָבן טאַקע באַלד אַליאַרמירט זיינע עלטערן — וואָס האָבן געוווינט אינגאַנצן עטלעכע הייזער ווייטער אויף דער זעלבער גאַס, נענטער צום צענטער. גלייך איז אַליאַרמירט געוואָרן די „גיכע הילף" און מען האָט אים, צוליבן גרויסן בלוט־אָפּפלוס, גענומען קיין וואַרשע, אין שפּיטאָל אַריין. צומאָרגנס אינדערפרי, פרייטיק, האָט די גאַנצע שטאָט זיך דערוווּסט וועגן דעם אומגליק און מיט פאַרהאַקטן אָטעם געוואַרט מען זאָל אָפּראַטעווען דאָס ייִנגע לעבן. אין אַלע בתי־מדרשים און שטיבלעך האָט מען שבת געמאַכט אַ „מי שברך" און יידן האָבן מנדר־געווען צדקה פאַר זיין געזונט. ציליך איז געווען שטאַרק באַליבט ביי דער יוגנט אין שטאָט. אַ טייערער בחור געווען. איך האָב פון קינד־ווייז אָן זיך מיט אים געחברט. צוזאַמען זענען מיר געגאַנגען אין חדר, אין שולע, און שפּעטער געלערנט העברעיש ביי הובערמאַנען. אין יאָר 1925 האָבן מיר צוזאַמען געגרינדעט דעם „החלוץ" און אין 1926 זענען מיר צוזאַמען געווען פון די גרינדערס פון פועלי־ציון. אַ יאָר שפּעטער, געדענק איך, זענען מיר צוזאַמען געפאָרן אויף אַ קאָנפערענץ פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַקאַדעמישן הויז מיט דער באַטייליקונג פון יצחק בן־צבי, וואָס איז געקומען אויף אַ באַזוך קיין וואַרשע. זינט דעמאָלט — כסדר ביזן טראַגישן סוף — איז ער געווען סעקרעטאַר פון דער פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע בעת איך בין געווען דער פאָרזיצער און אויך בעת דער פאָרזיצער איז געווען

שמואל אָרליאַנסקי. אויך יענעם טאָג האָבן מיר געהאַט אָפּגערעדט, אַז צוזאַמענס וועלן מיר פאָרן צוזאַמען צו דער ערשטער מאַי־פייערונג פון די פועלי־ציון אין וואַרשע, גענוי ווי מיר האָבן דאָס געטאָן יעדעס יאָר.

יענעם ערשטן מאַי בין איך געפאָרן קיין וואַרשע — צו ציליכן אין שפּיטאָל, און געזען ווי ער ראַנגלט זיך מיט די לעצטע שעהן פון זיין לעבן. שבת־צו־נאַכטס האָב איך אָנגעזאָגט די טרויעריקע בשורה די גאַנצע שטאָט: ציליך לעבט נישט...



פון רעכטס צו לינקס: ישראל ציליך, משה אָרלאַנסקי, אברהם סלאַדזשאַרזש, בינעם ראָטשטיין און פּנחס לאַשיצקי

חברים שטעלן צוזאַמען אַ לוויה־קאָמיטעט. איך ווער אויסגעקליבן ווי דער פאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט. איך קום אין דער קהילה, ווו עס ווערט אָפּגעהאַלטן אַ ספּעציעלע טרויער־זיצונג. עס ווערט באַשלאָסן איםʼ צו געבן אַ בכבודיקן קבר — אין שכנות פון מיין פאָטער, וואָס איז געשטאָרבן א חודש פריער, פסח־צייט. אין שטוב ביי מיר טרעף איך אַ ספּעציעלן שליח פון סטאַראָסטע. ער פאַרלאַנגט פון מיר אַלס פאָרזיצער פון פועלי־ציון תיכף צו קומען צו אים אין ביוראָ. איך קום אַריין צו אים, געפירט דורכן שליח און ער בעט אַלע זיינע מיטאַרבעטער צו לאָזן אים אויג אויף אויג מיט מיר.

— איך מיין אַז איר ווייסט פאַרוואָס איך האָב אייך אַזוי דרינגענדיק אַרויסגערופן צו זיך — רופט זיך אָן דער סטאַראָסטע.

— איך שטויס זיך אָן — האָב איך געענטפערט.

און דאָ האָט ער פאַר מיר אָנגעהויבן אויסדריקן מיטגעפיל צוליבן טראַגישן טויט. איך ווייס, אַז ער איז געווען אַ גוטער „כלאָפּאַק", נישט קיין קאָמוניסט. ער, דער סטאַראָסטע, איז באַזאָרגט צוליב דער שטימונג ביי דער יידישער יוגנט. ער פאַרלאַנגט דעריבער די לוויה זאָל אַדורך רואיק, אָן רעדעס, און נישט צולאָזן צופיל מענטשן, ווייל עס קענען אויסברעכן „ראַזרוכעס".

באַלד ווי איך בין אַרויס אויף דער וואַרשעווער גאַס, זענען מיר אַנטקעגן־

געקומען צווײ פּאָליציי־לײַט און מיר געבעטן מיטגײן מיט זײ אין דער פּאָליציי. „איך בין אַרעסטירט?" — האָב איך זײ געפרעגט, און אַז זײ האָבן מיר געענט־פערט אַז ניין, נאָר אַז דער קאָמיסאַר וויל בלויז מיט מיר רעדן, האָב איך זײ געענטפערט, אַז איך קען אַהין אַליין טרעפן און זײ דאַרפן מיר נישט פירן.

דער קאָמיסאַר האָט מיר קליפּ און קלאָר געזאָגט, אָן שום צערעמאָניעס: ער מאַכט מיר פּערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלץ וואָס וועט געשען אין טאָג פון דער לוויה. אויב איך נעם נישט אויף זיך די אחריות, האָט די פּאָליציי אירע אייגענע מיטלען און זי קען אַליין דורכפירן די לוויה. איך האָב זיך אָנגערופן צו אים:

— איך האָב געמיינט, אַז איר האָט מיך גערופן כדי צו מעלדן, אַז איר האָט געפונען די מערדער. איך וויל אײַך בלויז זאָגן, אַז אויב איר וועט זײ נישט אויסזוכן און שטעלן צום משפּט, וועלן זיך געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן דאָס טון אָן אײַך.

זעענדיק מײַן שטאָלצע האַלטונג, איז ער געוואָרן אַ ביסל ווייכער און לסוף מסכים געווען, אַז די לוויה דאַרף זײַן אָן עפנטלעכע און יעדער ייִד וואָס וויל זיך באַטייליקן, דאַרף דאָס קענען טאָן, ווײַל ביי אונדז ייִדן פאַרלאַנגט דאָס דער כבוד פון מת, בפרט פון אַזאַ, וואָס איז געפאַלן דורך רוצחישע הענט אומשולדיק, נאָר ווײַל ער איז אַ ייִד.

אַהיימגעקומען פון דער פּאָליציי, האָב איך גלײַך צונויפגערופן פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען, און אויך פון די קאָמוניסטן, מיט וועלכע עס איז אויך מיט־געקומען סטאַשעק דאָמבראָווסקי. איך האָב זײ דערציילט וועגן די פּאָדערונגען פון סטאַראָסטע און פון פּאָליציי־קאָמיסאַר און האָב זײ געבעטן קודם־כל צו פאַרפליכטן זיך די לוויה זאָל אַדורך רואיק, און דער עיקר עס זאָלן נישט געטראָגן ווערן קיין רויטע פענער, ווײַל אין אַזאַ פאַל וועט די פּאָליציי מאַכן אירע חשׂ־בונות און דאָס וועט זײַן אַ געלעגנהייט פאַר בלוטיקע פּראָוואָקאַציעס.

איך האָב באַקומען אַ צוזאָג, און אַלע האָבן טאַקע געהאַלטן וואָרט.

די לוויה איז געווען אַ גרויסע. אויך פיל יוגנט פון די ייִדישע שטעטלעך אַרום זענען געקומען צו דער לוויה. דער בית־עלמין איז אָבער געווען פול מיט פּאָליציי. אין נאָמען פון צענטראַל־קאָמיטעט פון פּועלי־ציון אין וואַרשע איז געקומען לייזער שטשופּאַקעוויטש. ער האָט געוואָלט זאָגן אַ פּאָר געזעגענונגס־ווערטער, האָט די פּאָליציי נישט דערלאָזט און אפילו אויסגעשאָסן עטלעכע קוילן אין דער לופט. שטשופּאַקעוויטש האָט בלויז באַוויזן זאָגן איין זאַץ: „נישט פאַר דײַנע זינד, חבר צילין, ביסטו געפאַלן"...

ביים אָפענעם קבר האָט די יוגנט געשוווירן נקמה־צו־נעמען אין די רוצחים. צווישן זײ האָבן זיך אויך געפונען די צווײ ברידער פרידמאַן — משה שמעון און יאַנקל. זײ האָבן אַ וואָך אָדער צווײ שפּעטער גוט צעשלאָגן עטלעכע פון די כוליגאַנעס, אויף וועמען אַלע האָבן געהאַט אַ חשד. די פּאָליציי האָט זײ גלײַך אָנגעהויבן זוכן און זײ האָבן געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט. יאַנקל פרידמאַן איז אַוועק קיין פּאַריז און פון דאָרט איז ער דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ. משה־שמעון איז אַוועק מיט דער „בריחה" קיין ארץ־ישׂראל.

**ש. שווערדשאַרף**

# די לוויה

פון אַ באַריכט אין וואַרשעווער „היינט" פון
ספּעציעלן שליח שרף — 6.5.36.

ווייס בליען די ביימער אויפן וועג פון וואַרשע קיין מינסק־מאַזאָוויעצק, אויפן לעצטן וועג וועלכן ישראל צילין האָט געצייכנט מיט רויטע טראָפּנס פון זיין אָפּגייענדיק בלוט.

גרין איז די געגנט אַרום מינסק, אין אַ פּרעכטיקן גרינעם מאַנטל איינגעהילט האָט זיךברייט און לאַנג צעלייגט אונטער די שטראַלן פון דער מאַי־זון דאָס שטעטל, אַזוי שטיל, אומשולדיק.

בלויז אין הימל איבערן שטעטל, אָבער שוואַרץ זענען די גאַסן פונעם טרויער וואָס האָט היינט איבער מינסק־מאַזאָוויעצק צעשפּרייט זיינע פליגלען.



אַלע יידישע געוועלבער זענען פאַרמאַכט. זיי זענען פאַרהעמערט. דאָ און דאָרט קלעפּסידרעס אין יידיש און פויליש, וואָס זענען מודיע וועגן דעם טויט און וועגן דער לוויה פון ישראל צילין. אויך די פּ. פּ. ס. האָט אַרויסגעלאָזט קלעפּ־סידרעס און רופט צו קומען צו דער לוויה.

און עס זענען געקומען פיל קריסטלעכע אַרבעטער. עס איז געבליבן שטיין אויף אַ גאַנצן טאָג די מעטאַל־פאבריק אין סטאַיאַדלע (2 ק"מ פון שטאָט), ווייל די אַרבעטער האָבן זיך פאַראייניקט צום טרויער פון שטעטל.

און אַלץ, אַלץ אין שטעטל שטראָמט אַהין צום וועג וואָס פירט אויפן בית־עולם. די לוויה — אַ זעלטענער פאַראייניקטער פראָנט. דער מרא־דאתרא מיט די בערדיקע דאָזאָרעס גייען בראש און הינטער זיי ווערן געטראָגן קרענץ מיט רויטע לענטעס. יידענעס אין פאַטשיילעס אויף די קעפּ גייען נאָך און וויינען אַזוי האַר־ציק, אַזוי מאַמיש — און יוגנט שטראָמט אין שטומען צער...



אַרום דער לוויה זענען פאָרגעקומען גרויסע דינגענישן מיטן מאָסגעבנדיקן פאַקטאָר פון דער שטאָט. עס האָט שוין געהאַלטן דערביי אַז די לוויה זאָל פאָר־קומען אין מיטן דער נאַכט. עס האָט זיך שוין זאָגאַר געפונען אַ שטיקל פּאַפּיר, אונטערגעשריבן מיט די ציטערנדיקע הענט פון צילינס פאַמיליע־מיטגלידער, אַז זיי „ווינטשן זיך נישט קיין דעמאָנסטראַטיווע לוויה". און אָפיציעל האָט טאַקע אין דער לוויה אָנטיילגענומען נאָר די פאַמיליע, פאָרשטייער פון דער קהילה און איניקע דעלעגאַציעס.

אָבער קיינער, ק י י נ ע ר איז נישט געבליבן אין שטוב, און דער וועג צום בית־עולם איז געווען שוואַרץ פון אַ המון וויינענדע טרויערנדע יידן.



אַ יידענע וואָס האָט זיך מיט געשוואָלענע פיס מטריח געווען אויפן בית־עולם, פאַלט צו צום קבר פון איר שוין לאַנג־פאַרשטאָרבענער מוטער און באַקלאָגט זיך:

— זע, מאַמע, וואָס מען מאַכט פון אונדז...

זי, וועלכע נוצט אויס איר מוטער עליה השלום אַלס מליץ־יושר פאַר אירע אייגענע, אינטימע זאָרגן, באַטראַכט זיך נישט אַלס פרעמדע אויף דער לוויה.



קיין רעדעס זענען נישט געהאַלטן געוואָרן. דאָס איז געווען פאַרבאָטן.

און איבעריקנס — וואָס איז דען געווען צו זאָגן? צי האָט מען נאָך געדאַרפט זאָגן ישראל ציליכן, אַז זיין טויט איז אַזוי אומנויטיק און נוצלאָז, אַז זיין בלוט בלייבט פאַרגליווערט אויף קאַלטע שטיינער און באַפרוכפּערט נישט דעם באָדן פון לאַנד, וועגן וועלכן ער האָט אַזוי געטרוימט?

...האָט מען געקענט זאָגן ציליכן, אַז זיין טויט איז אומזיניק און גאָרנישט ווערט?

**א. שעדלעצקי**

# דער פּאָגראָם און דער פּראָצעס

צווישן קאשטאַן־ און בעז־ביימער („בין הערמון והלילך") — אַזוי האָט אונדזער בן־עיר, דער באַקאַנטער העברעישער שריפטשטעלער ישורון קשת, אָנגערופן זיין בוך זכרונות וועגן זיינע יוגנט־יאָרן אין אונדזער געבוירנשטאָט, וואָס ער האָט פאַרלאָזט נאָך פאַרן ערשטן וועלט־קריג. אין אָט דער זעלבער שלווהדיקער גרינקייט אין וועלכער עס האָט געטונקען אונדזער שטאָט אויפן וואַרשעווער טראַקט וואָס פירט אויף מזרח, האָט זיך אויך געפירט דאָס לעבן פון יידן צווישן ביידע וועלט־מלחמות ביזן סאַמע חורבן. די זעלבע גאַסן, הייזער, סעדער, פאַרקן און סקווערן און דאָס זעלבע קוואַלעדיקע טייכל וואָס האָט צעטיילט דאָס שטעטל אויף דער „אַלטער" און אויף דער „נייער" שטאָט.

נישט מער — אין מיין זכרון מישט זיך צוזאַמען די דאָזיקע גרינקייט מיט וואָלקנס רויך פון פאַרברענטע יידישע הייזער, מיט פעדערן פון צעריסענע פערינעס וואָס האָבן „ריוואַליזירט" מיט די ווייסע אַקאַציע־ און בעז־בלומען אויף די ביימער; מיט אויסגעהאַקטע שויבן, אויסגערויבטע קראָמען און צעבראָכענע סטראַגאַנעס; און כ׳קען אויך נישט פאַרגעסן דאָס שרעקנדיקע האַרץ־קלאַפּעניש הינטער פארהאַקטע טיר און לאָדן פון יענע טעג, פונעם גרויסן פּאָגראָם וואָס האָט דורכגעבושעוועט איבערן שטעטל אין יענער ערב־שבועותדיקער וואָך, נאָך לאַנג פאַרן דייטשישן חורבן, נאָך אין די צייטן פונעם אַזויגערופענעם סאַנאַציע־פוילן.

דאָס איז געווען פרילינג 1936, אינעם יאָר פון „אָווּשעם", ווען דער פּוילישער פּרעמיער אַליין האָט פון דער הויכער סיים־טריבונע געגעבן זיין באַגייסטערטע הסכמה צום אַנטי־יידישן באָיקאָט, וואָס האָט געבושעוועט אין פוילן. „עקאָנאָמישער קאַמף — אדרבא, אָבער שלאָגן יידן — נישט" — האָט אויסגערופן דער פּרעמיער סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקי, און דער רעזולטאַט איז געווען: צעבראָכענע יידישע קעפּ, איבערגעקערטע יידישע סטראַגאַנעס, רויב פון יידיש האָב און גוטס, מאָרד איבער מענער, פרויען און קינדער, אַ וואַקכאַנאַליע, וואָס האָט איר הויך־פּונקט דערגרייכט אין בריסק, פּשיטיק, און — אין אונדזער מינסק־מאַזאָוויעצק.

און געהאַט האָט דער פּאָגראָם אין מינסק־מאַזאָוויעצק אויך אַ טראַגישן פּראָלאָג מיט אַ נישט־ווייניק טרויעריקן עפּילאָג.

דער פּראָלאָג איז געווען דער רציחהדיקער מאָרד איבער ישראל ציליך. געגנוי פיר וואָכן פאַרן פּאָגראָם איז פאָרגעקומען „בלויז" אַן איבערפאַל. אין דער נאַכט אויפן ערשטן מאַי איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן דורך יאָמער־לעכע געוואלדן פון יידישע יוגנטלעכע וואָס זענען אויפן וועג פון דער באַן וואָס האָט זיי צוריקגעבראַכט פון וואַרשע, באַפאַלן געוואָרן דורך „נארא"־כוליגאַנעס מיט מעסערס און שטעקנס. עטלעכע פון די יוגנטלעכע זענען אָפּגעקומען מיט חדשים ליגן אין שפּיטאָל, זענען געוואָרן אינוואַלידן, און איינער פון זיי, ישראל ציליך איז אויפן וועג אין שפּיטאָל קיין וואַרשע געשטאָרבן פון די ווונדן.

גענוי צום חודש איז אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם גופא. דאָס איז געווען מאָנטיק, דעם ערשטן יוני פּארנאכט. אינעם שטאָטישן סקווער האָט זיך דערהערט אַ רעוואָלווער־שאָס. פון דעם שאָס איז געפאַלן דער וואַכסמייסטער פונעם 7־טן אולאַנער פּולק וואָס האָט סטאַציאָנירט אין שטאָט, יאַן בויאק. דער אַטענטאַטער איז געווען יהודה־לייב כאַסקעלעוויטש — פון שכנותדיקן קאַלושין, אַ גייסטיק־צערודערטער, וואָס האָט זיין מיליטער־דינסט געהאַט דורכגעמאַכט אין דער קאַמפּאַניע פונעם דאָזיקן וואַכמייסטער, וועלכער האָט אים פאַרביטערט דאָס לעבן ביז צו משוגעת. אַ געוויינלעכער פאַל, ווי א סך פאַלן מיט וועלכע עס איז פול געווען די קרימינעלע כראָניק, אָבער — דאָסמאָל איז דאָך געווען פאַרמישט אין דעם אַ ייד...

— „יידן הרגענען אונדזערע אָפיצירן!” — האָט זיך כהרף־עין, ווי אַ פייער, צעטראָגן די ידיעה, און יונג און אַלט האָט זיך אַרויסגעלאָזט פּאָגראָמירן זייערע יידישע שכנים, נעמען נקמה...

— „זאָל לעבן אונדזער מיליטער, אַ טויט די יידן!” — האָט געבושעוועט דער המון. צוואָס איבערלאָזן דעם ענין פאַר אַ געריכט, פאַרן אויספאָרשונגס־ריכטער. דער שולדיקער איז אַ ייד, דאַרפן פאַר דעם באַצאָלן אַלע יידן. אין עטלעכע שעה אַרום איז נישט געווען קיין איין גאַנצע שויב אין אַ יידיש הויז. קיין איין נישט אויסגערויבט יידיש געשעפט...

יידן האָבן אין גרויס בהלה אָנגעהויבן זיך אויסבאַהאַלטן, לויפן צו דער באַן, אַנטלויפן קיין וואַרשע. טויזנטער האָבן דאָס באַוויזן און די איבעריקע האָבן זיך באַהאַלטן אין די קעלערס, אויף די בוידעמער, הינטער פאַרהאַקטע און פאַר־האַמערטע טיר און לאָדן.

אַ וואָך צייט האָט געדויערט דער „ספּאָנטאַנער” פאָלקס־אויסברוך. יידן זענען געזעסן אין שרעק, אָן אַ כזית ברויט, אָן אַ טרונק וואַסער.

ערשט פרייטיק איז אונטער אַ שטרענגער וואַך, נאָך גרויסע אינטערווענצן אָנגעקומען דער ערשטער קאַראַוואַן אויטאָס מיט ברויט, אָרגאַניזירט דורך דער־יידישער פּרעסע אין וואַרשע, וואָס האָט גערופן און אַלאַרמירט הילף פאַר דער באַלאַגערטער שטאָט יידן.

אין איין וואָך איז רואינירט געוואָרן אַ יידישע שטאָט. אַ צענדליק הייזער איז אָוועק מיטן רויך, צענדליקער פאַרוווּנדעטע האָבן געמוזט אָנקומען אַ לאַנגע צייט שפּעטער נאָך מעדיצינישער באַהאַנדלונג.

קוים באַוויזן עטוואָס צו קומען צו זיך האָט זיך אָנגעהויבן דער עפּילאָג, וואָס האָט שוין נוגע געווען אַלע יידן אין פּוילן. דאָס איז געווען דער פּראָצעס — נאַטירלעך: דער פּראָצעס קעגן כאַסקעלעוויטשן, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע.

כמעט אַ גאַנץ יאָר האָבן געדויערט די צוגרייטונגען. אַלע מעדיצינישע עקספּערטיזעס, אַז דער מערדער פונעם פּוילישן מיליטערמאַן איז נישט קיין נאָרמאַלער מענטש און איז בכן נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין טאַט, האָבן נישט געהאָלפן. די מאַכט האָט נישט געקענט ביי זיך פועלן דורכצולאָזן אַזאַ גוטע געלעגנהייט צו טאַדלען — נישט דעם פאַרברעכער נאָר אַלע יידן. דאָס גאַנצע

פוילישע יידנטום איז געמאַכט געוואָרן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער טאָט פון אַ משוגענעם.

דער 8־טער יוני 1937, דער טאָג ווען ס'איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער אורטייל, איז געווען איינער פון די שוואַרצסטע טעג וואָס דאָס פוילישע יידנטום האָט דורכגעמאַכט אין יענע יאָרן. צומאָרגנס איז דערקלערט געוואָרן אַ תענית־ציבור. די גאַנצע יידישע פרעסע אין וואַרשע איז קאָנפיסקירט געוואָרן צוליבן קריטיקירן דעם געריכט־אורטייל, בעיקר די מאָטיוון זיינע, אין וועלכע עס האָט זיך צווישן אַנדערן געזאָגט נישט מער און נישט ווייניקער, אַז (איך ציטיר פון אַן אויפגעהיטענער צייטונג פון יענע טעג) — „נישט דאָס געפיל פון פערזענלעכער נקמה פאַר די כלומרשטע ליידן און יסורים וועלכע עס האָט אים אָנגעטאָן בויאַק האָבן געשטויסן כאַסקעלעוויטשן צום פאַרברעך און מאָרד. דאָ האָבן פאַקטיש געווירקט אַנדערע מאָטיוון, וואָס זענען געקומען אַלס פועל־יוצא פון אַ פּאָלי־טישער און געזעלשאַפטלעכער איינשטעלונג. נישט קיין קליינע ווירקונג, הגם אַן אומדירעקטע אויף כאַסקעלעוויטשעס פאַרברעכערישער טאָט האָט געהאַט די שנאה־באַציונג פון אַ געוויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג און פרעסע צו דער פוילישער מלוכה, צו איר מאַכט און צו איר אַרמיי, אַ באַציאונג וואָס איז אין דער לעצטער צייט געוואָרן אַלץ בולטער און געטראָגן אַלץ מער אַן אָנגרייפנדיקן כאַראַקטער".

אַזוי האָט די פוילישע יוסטיץ אין יענע טעג געפרוווט פאָרשטעלן אַן אומ־גליקלעכן מאַניאַק אַלס געזעלשאַפטלעכן פאָרשטייער פון פוילישן יידנטום — און דאָס אין אַ צייט, ווען די שווערד פון היטלער־דייטשלאַנד האָט שוין געפאָכעט איבער אייראָפּע.



איך געדענק יענעם מאָנטיק פאַרנאַכט, ווען דער טאַטע האָט שנעל אַריינגע־נומען די קינדער אין שטוב און פאַרהאַקט טיר און לאָדן, ווען אין אונדזער געסל האָט זיך אַריינגעריסן די כוליגאַנישע באַנדע און אָנגעהויבן האַקן שויבן. מיר האָבן געזוכט שוץ אונטער די בעטן, הינטער די שענק, בעת די כוליגאַנעס האָבן זיך אַלץ מער דערנענטערט צו אונדזער הויז באַגלייט מיט אַ געבראַזג פון צעבראָכענע שויבן און אויפגעריסענע טירן. באַלד האָט זיך דערהערט דאָס קול פון גימנאַזיסטל מיעטעק, אַ זונדל פון אונדזער שכן פּאַקאַרסקי:

— „דאָם זשידאָווסקי, וואַל!" — דאָס הייסט: אַ יידיש הויז, קלאַפּט!

אַ האָגל פון שטיינער האָט אָנגעהויבן פאַלן אויף אונדזער טיר און צעפּראַלט די פאַרהאַקטע לאָדנס. די שטוב איז געוואָרן פול מיט צעבראָכן גלאָז און שטיינער...

דאָס דאָזיקע בילד האָט איצט אויפגעלעבט אין מיין זכרון, נאָך דעם ווי איך האָב אָפּגענומען אַ „גרוס" פונעם זעלבן שכן אונדזערן, מיעטעק. מיעטעק, אַן אַמאָליקער מיטגליד פון דער „נאַראַ"־אָרגאַניזאַציע, שפּילט איצט אינעם נייעם רעזשים אַ וויכטיקע ראָל. „פּאַן מיעטשיסלאַוו איז אַ וואַזשנע שישקע" אויך אין קאָמוניסטישן פּוילן.

די זעלבע פּאָליאַקן, דאָס זעלבע פּוילן. דער פּאָגראָם דאָרט האָט געדויערט!

ב. כילינאָוויטש

# פון אַ באַזוך מיט יידישע פּאַרלאַמענטאַריער

פון אַ באַריכט דערשינען אין „דער מאָמענט" — זונטיק דעם 7־טן יוני 1936, א. ק. „אַ שטאָט מיט טויזנטער יידן אין אַ שרעק־קאַנוולסיע".

## שרעק־סצענעס ביי די אַנטלאָפענע מינסקער

די טראַגעדיע מינסק־מאַזאָוויעצק איז נישט אַזוי אויסטערליש שוידערלעך צוליב די עטלעכע צענדליק שווער־צעשלאָגענע און פאַרוואונדעטע יידן, אין משך פון די לעצטע פאָר טעג, — ביי פיל אַנדערע אַנטי־יידישע געשעענישן איז די צאָל קרבנות געווען אַ באַדייטנד גרעסערע ווי אין מינסק!...

מעשה מינסק־מאַזאָוויעצק איז אויך נישט אַזוי אויסטערליש־שוידערלעך צוליב די אַן ערך 60 צעראַבירטע און דעמאָלירטע יידישע קראָמען און וווינונגען אין משך פון די עקסצעסן — אויך אַזעלכע טרויעריקע בילדער האָבן מיר דאָך שוין, צו אונדזער טיפסטן פאַרדרוס, אַזוי פיל מאָל געזען בעת די פאַרשידענע אַנטי־יידישע געשעענישן אין די שטעט און שטעטלעך פון פוילן פאַר די לעצטע 18 יאָר, און אונדזערע נערוון וואָלטן שוין אויך דאָס אויפגענומען מיט אַ געוויינלעכן קאַלטן שוידער...

מעשה מינסק־מאַזאָוויעצק איז דעריבער אַזוי אויסטערליש שוידערלעך, און מאַכט קילן דאָס בלוט אין די אָדערן פון יעדן ייד, וואָס איז מיט דער דאָזיקער טראַגעדיע געקומען אין אַ וועלכער עס איז באַרירונג — ווייל מיר האָבן דערזען אַן אומגעוויינלעך שרעקלעכע דערשיינונג, אַז אַנטי־יידישע געשעענישן, אַפילו פון אַ פיל קלענערן מאַסשטאַב ווי אַ פּשיטיק, למשל, איז אימשטאַנד אַנצוואַרפן אויף אַ גרויסער שטאָט פון אַ סך טויזנטער יידן אַ ווילדע קאַנוולסיווע שרעק, אַ בהלהדיק אַנטלויפן פון זייערע היימען, פונקט ווי זיי וואָלטן געשטאַנען אונטער אַ באָמבאַרדירונגס־פייער פון דעם שונאס האַרמאַטן־קוילן; אַזאַ מוראדיקע צעררייצטקייט פון די נערוון ביי וועלכע אַ געפאַר ווערט נאָך מיליאָנען מאָל מער אויפגעבלאָזן אין דער פאַנטאַזיע ווי אַזוי עס איז די אַזוי אויך גענוג שוידערלעכע ווירקלעכקייט...

אין דער דאָזיקער הינזיכט האָט מינסק מאַזאָוויעצק ווירקלעך געשלאָגן דעם פינצטערן רעקאָרד אין דעם „עמק הבכא" פון אונדזערע צרות און פּיין פאַר די לעצטע יאָרן פון דער „נאַראַ"־אויפבליונג און ווילדער אַנטיסעמיטישער העצע, וועלכע האָט שוין אַזאַ טרויערקע זריעה אונדז געבראַכט.

ביז איצט האָבן מיר נאָך נישט געהאַט צו פאַרצייכענען אַזאַ טרויעריקן, זער טרויעריקן פאַקט, אַז אַ שטאָט יידן זאָל צוזאַמען מיטן רב און גמינע־פּרעזעס אַנטלויפן פון זייער שטאָט בעת עקסצעסן, אַנטלויפן אין אַזאַ מהומה, מיט אַזאַ שרעק־פּסיכאָז און מיט אַזאַ נערוון־צערייצטקייט — ממש ביז ווילדן שגעון.

די דאָזיקע אויסטערלישע טראַגעדיע האָבן אויך דורכגעלעבט, מיט אַלע

פעדים פון זייער נשמה, די אַלע אין אונדזער רעדאַקציע־לאָקאַל, ווו די אַנטלאָפענע מינסקער זענען יעדע ווײַלע געקומען צולויפן אין די הונדערטער, צעשראָקענע, האַלב־משוגענע, פאַרצווייפלטע, איבערגעגעבן די ווילדעסטע קלאַנגען וועגן דעם אומגליק אין זייער שטאָט, געשריגן נאָך הילף, געשטורעמט, געוויינט, געקלאָגט, זיך געבייזערט און דערבײַ — וואָסערע גיהנום־סצענעס זענען עס פאָרגעקומען מצד די דאָזיקע אומגליקלעכע היימלאָזע, וועלכע מען האָט בשום אופן נישט געקאָנט בערואיקן אַפילו מיט די זיכערסטע ידיעות, וואָס מיר האָבן אין זייער קעגנוואַרט איבערגענומען פון אַלע מעגלעכע קוועלן, זאָגאָר פון די איבערגעבליבענע יידן אין מינסק דורכן טעלעפאָן, אַז די לאַגע אין מינסק איז נישט אַזוי האָפענונגסלאָז און שרעקלעך ווי די פאַרשפּרייטע ווילדע קלאַנגען צווישן זיי דאָ, אין וואַרשע.

נישט מיר אין „מאָמענט", נישט די יידישע דעפּוטאַטן אין דער פּאַרלאַמענטאַרישער „קאָלאָ", און נישט אין דער וואַרשעווער יידישע קהלה, קיינער האָט נישט געקאָנט האַמעווען די ווילדע שרעק, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די דאָזיקע אומגליקלעכע, און ווילנדיק נישט ווילנדיק, האָט די דאָזיקע שרעק־קאָנוווּלסיע זיך איבערגעוואָרפן אויך צו די, וואָס האָבן מיט אַלע מיטלען געפּרוווט בערואיקן די מינסקער...

וואָסערע שיין דאָס וואַרפט אויף אונדזער לאַגע! מיט וואָסער שפּראַך דאָס רעדט!...

**אויף קידוש השם...**

אָט ביי אַזאַ שטימונג האָט די יידישע פּאַרלאַמענטאַרישע „קאָלאָ" באַשלאָסן אַראָפּצופאָרן אין מינסק און דאָרט אויפן אָרט, אויספאָרשן די ווירקלעכע לאַגע, און קאָנפערירן מיט די דאָרטיקע מאַכט־פאָרשטייער וועגן מאַכן ענדלעך אַ סוף צו די געשעענישן מיט אַלע מיטלען, וואָס שטייען זיי צו דיספּאָזיציע.

געווען איז דאָס פרייטיק אין דער פרי. אַ גאַנצן טאָג פריער, דאָנערשטיק, איבערהויפּט אין אָוונט, האָט מען אַלאַרמירט דעם „מאָמענט" און די יידישע פּאַרלאַמענטאַריער וועגן נייע שרעקלעכע געשעענישן אין מינסק קעגן די דאָרטיקע יידן. די ידיעות וועגן אונטערצינדונגען און שרפות אין מינסק, די ידיעות אַז פון וואַרשע זענען אַרויסגעפאָרן עטלעכע אָפּטיילונגען פייערלעשער, און אַז די פּאָליציי דאָרט איז שוין מיד פון איר אַרבעט צו דערהאַלטן די אָרדענונג — דאָס אַלץ האָט נאָכמער פאַרשטאַרקט די בהלה ביי די אַנטלאָפענע מינסקער.

איוב בשורות זענען געלאָפן איינע נאָך דער אַנדערער: גאַנץ מינסק ברענט! פּאָליציי איז שוין צוריקגעצויגן געוואָרן פון די פּאָסטנס! דער וואָיעוואָדע האָט אַזוי געזאָגט, אין מיניסטעריום האָט מען אַזוי געזאָגט, עפּעס אַ מיליטער־מאַן האָט דאָס און יענץ געטאָן!...

פון די אַלע בשורות האָט געשווינדלט אין קאָפּ.

און ווען אַרום שפּעט אין אָוונט האָט מען פון די „מאָמענט"־שלוחים, וואָס זענען דאָנערשטיק געווען אין מינסק, געבראַכט די דאָרטיקע יידן די ערשטע הילף אין עסנוואַרג, זיי ממש אַרויסגעצויגן פון די באַהאַלטענע קעלערן און

בוידעמס, ווו זיי זענען שוין דריי טעג געלעגן אָן עסן און אָן לוסט, פון דאָרט צוריקגעקומען קיין װאַרשע 10 אין אָוונט און איבערגעגעבן, אַז די לאַגע דאָרט איז נישט אַזאַ שרעקלעכע ווי מען האָט זי געשילדערט אין װאַרשע — האָט מען אָבער פּרייטיק אין דער פרי ווידער גענומען אַלאַרמירן די יידישע פּאַרלאַמענטאַריער וועגן נייע געשעענישן אין מינסק, און זאָגאַר וועגן אַ יידישן הרוג.

די יידישע פּאַרלאַמענטאַריער האָבן באַשלאָסן תיכּף אַרויסצופאָרן אויפן אָרט. דער באַנקיר שערעשאָווסקי האָט געשטעלט צו דיספּאָזיציע זיין פּריוואַטן אויטאָ. די צוויי יונגע דאָקטוירים סאָלאָווייטשיק, די זין פון דעם באַקאַנטן כּלל־טוער און כירורג סאָלאָווייטשיק, האָבן אויך אָנגעבאָטן זייער גרייטקייט אַרויסצופאָרן מיט אַן אייגענעם אויטאָ פאַרזען מיט אַן אַפּטייקל און מעדיקאַמענטן, כּדי צו געבן מעדיצינישע הילף די דאָרטיקע פאַרוווּנדעטע יידן.

אָבער ביים אַרויסגיין פון דעם „קאַלאָ"־סעקרעטאַריאַט ווייזט מיר איינער פון די יידישע דעפּוטאַטן, אַז ער האָט יעדנפאַלס מיטגענומען מיט זיך עטלעכע באַנדאַזשן און יאָדינע, כּדי טאָמער אַמאָל באַפאַלט מען אונדז און מען צעשלאָגט אונדז, זאָל ער כאָטש האָבן ביי זיך אַ ריינעם באַנדאַזש און יאָדינע.

די יידישע פּאַרלאַמענטאַריער זענען געפאָרן קיין מינסק ווי אויף קידוש השם.

אַבסאָלוט נישט קיין וווּנדער: די יללות און גרוילן פון די אַנטלאָפענע מינסקער אין „קאַלאָ"־סעקרעטאַריאַט, אַ גאַנצן מיטוואָכדיקן און דאָנערשטיקדיקן טאָג, האָבן געמוזט אָנשטעקן מיט שרעק אויך די וואָס האָבן די גאַנצע צוויי טעג געהאַלטן אין איין באַרואיקן די אומגליקלעכע, פאַרצווייפלטע, היימלאָזע פון מינסק.

## אין דער אָפּגעשטאָרבענער שטאָט

אין דעם אויטאָ פון די באַנקירן שערעשעווסקיס זעצן אַריין: סענ. שאָר, דעפּ. ד"ר זאָמערשטיין, דעפּ. ד"ר גאָטליב, דער שרייבער פון די שורות און דער יונגער אַדוואָקאַט באַאוער אויף צו מאַכן די נויטיקע פּראָטאָקאָלן אויפן אָרט.

אין צווייטן אויטאָ — די דאָקטוירים סאָלאָווייטשיק.

אויפן שאָסיי פון װאַרשע ביז מינסק אַרבעטן צענדליקער קריסטלעכע אַר־בעטער ביים אויספּאַריכטן דעם שאָסיי. קיינער פון זיי באַליידיקט נישט, אַפילו מיט אַ וואָרט, די פאַרבייפאָרנדע יידן אין די פאַרמאַכטע אָדער אָפענע אויטאָס און אויטאָבוסן, אַזוי האָבן פאַרזיכערט אַלע, וואָס זענען דאָ פאַרבייגעפאָרן. דאָך זעט מען אַבסאָלוט נישט קיין איין גייענדיקן אָדער פאַרבייפאָרנדיקן ייד אויפן גאַנצן וועג ביז ערשט טיף אין דער שטאָט מינסק, ווו מיר האָבן באַמערקט בלויז איין יידישן קאָפּ מיט אַ שטיק גרויע באָרד אַרויסשטעקן פון אַ פלוצים אויפגע־עפנטער קראָם, וועלכע פאַרמאַכט זיך באַלד צוריק.

און די צעשראָקענע אויגן פון דעם אויף אַ מינוט אַרויסגעשטעקטן יידישן קאָפּ מיט דעם שטיקל גראָ בערדל — דערציילט אַזוי שטאַרק וועגן דעם גרויל, וואָס די יידן מאַכן דאָ דורך שוין עטלעכע טעג!

אונדזער אויטאָ פליט פאַרביי אַ האַלבע װאַרשאַווסקע גאַס, פאַרקירעוועט צום

סקווער, וווּ עס איז פאָרגעקומען דאָס אומגליק מיטן מאָרד פון דעם וואַכמייסטער, שטעלט זיך אָפּ פאַר דער געביידע פון סטאַראָסטע, און — קיין איין יידיש פּנים.

אַ שטאָט פון אַן עין הרע 6 טויזנט יידן און — פּלוצלונג אין אַ פרייטיק־טאָג אָפּגעשטאָרבן פון יידן!

ווי שרעקלעך!

## יידן פון די לעכער אַרויס

די פּאַרלאַמענטאַריער גייען אַרויף צום סטאַראָסטע, דאָרט געפינט זיך שוין אויך דער סענאַטאָר טראָקנהיים, וועלכער איז געקומען אַ ביסל פריער אין אַ טאַקסי אין דער באַגלייטונג פון עטלעכע פּערזאָן.

איך מיטן מאַגיסטער באַאוער בלייבן אויף דער גאַס, כדי פּאַרט אויפצוזוכן כאָטש איין ייד, און מיט אים זיך לאָזן איבער דער שטאָט זען די חורבנות און אָנזאָגן די באַהאַלטענע יידן, אַז די יידישע דעפּוטאַטן און סענאַטאָרן זענען געקומען אַהער, אַז זיי אינטערעסירן זיך מיט זייער אומגליקלעכער לאַגע.

די גאַסן — פּוסטלעך. געדיכטע פּאָליציי־פּאַטרולן צו צוויי פּאָליציאַנטן און אַ פּאַטרול מיט אַרויסגעשטעלטע באַגנעטן אויף די ביקסן. דער פּאָליציאַנט פאַר דער סטאַראָסטע דערציילט אונדז, אַז נעכטן, דאָנערשטיק, איז געווען דער שווערסטער און ערגסטער טאָג צוליב די אונטערצינדונגען, און אַז ביים איצטיקן מאָמענט איז שוין דאָ אַן ערך 150 פּאָליציאַנטן, וועלכע עס וועט געוויס געלינגען צו באַהערשן די לאַגע.

פּלוצלונג עפנט זיך אַ טירל פון אַ טויער אין אַ הויז נעבן דער סטאַראָסטע. און עס שטעקט אַרויס אַ קאָפּ פון אַן אַלטער יידישער פרוי מיט אַן אַרומגעבונדן געזיכט און אַ שווערע פּאַטשיילע אויפן קאָפּ. די פרוי איז טויט־דערשראָקן און וויל באַלד צוריק פאַרמאַכן דאָס טירל, אָבער דערזעענדיק אונדז יידן, גיט זי דאָס באַלד איבער אירע שכנות, אַנדערע פרויען, וואָס זענען דאָ ערגעץ אין דער נאָענט אויסבאַהאַלטן. און באַלד הייבן זיך אָן צו באַווייזן 6—7 אָפּגעריסענע, אָרעמע פרויען, פון וועלכע איינע, אַ זקנה, ברעכט אויס אין אַ געוויין. און באַלד — אַלע נאָך איר: ,

— יידן! טייערע יידן! זעט ווי מען האָט אונדז צעהרגעט! האָט רחמנות, ראַטעוועט אונדז!...

איין פרוי נאָך דער צווייטער הייבט אָן אויפצודעקן זייערע פּאַטשיילעס און ווייזן זייערע אָנגעשלאָגענע צעקאַליעטשעטע פּנימער, הענט.

איך וויל די פרויען אויספרעגן, פאַרצייכענען זייערע נעמען, אָבער דער פּאָליציאַנט טרייבט זיי פונאַנדער און לאָזט זיי נישט אויסגיסן זייער ביטער שמערץ פאַר די פרעמדע יידן, וואָס זיי האָבן איצט דערזען, איצט נאָך דריי טעג באַהעלטעניש, מיט שווערע וווּנדן אויף זייערע לייבער, ערגעץ ווו אין שמוץ אויף די בוידעמס און קעלערס.

איך באַווייז נאָר זיי אָנצוזאָגן, אַז די יידישע דעפּוטאַטן זענען געקומען עפּעס טוען פאַר זייערט וועגן, און ווי אַ בליץ פאַרשפּרייט זיך באַלד די ידיעה איבער דער אָפּגעשטאָרבענער יידישער שטאָט.

די יידן ווערן עפּעס זיכערער ביי זיך, מונטערער און ביסלעכווייז הייבן זיי אָן אַרויסצוקריכן פון זייערע לעכער און זייערע ענגע דושנע וווינונגען מיט די שווער־פאַרקלאַפּטע לאָדנס און אויסגעהאַקטע שויבן...

**ביים ר״ב אין שטוב**

דער מינסקער רב שאַפּיראָ איז אין די שעהן פון אומגליק געווען אין וואַרשע. ערשט פרייטיק בייטאָג האָט ער זיך אַנטשלאָסן צוריקצופאָרן אין זיין שטאָט צו זיינע יידן, וואָס האָבן דאָ איבערגעלעבט אַזעלכע שווערע דריי טעג.

ביי אים אין דער וווינונג איז עס באַלד אימפּראָוויזירט געוואָרן אַ באַראַטונג פון די יידישע פאַרלאַמענטאַריער, נאָך זייער קאָנפערענץ ביים סטאַראָסטע מיט די איבערגעבליבענע פאָרשטייער פון דער יידישער באַפעלקערונג.

און ביי דער דאָזיקער באַראַטונג ווערן מיר געוווּיר, אַז בלויז צוויי מינסקער יידן האָבן די גאַנצע צייט פון אומגליק זיך פאַרהאַלטן ווירדיק, מוטיק, העלדיש, מסירת נפשדיק. דאָס זענען: דער דאָרטיקער ראַטמאַן מענדל אָפּענהיים און דער יונגער בחור גאַרבאַווניק, וועלכע זענען באַלד צוריקגעקומען אין זייער שטאָט, אַרומגעגאַנגען אין די גאַסן, ווי ווייט מעגלעך געבראַכט הילף די אָממיינסטן געליטענע, געשטאַנען אין אַ קאָנטאַקט מיט וואַרשע, אַלאַרמירט נאָך הילף, און פיל מאָל ריזיקירט דערביי מיטן לעבן.

אַ שווידערלעך בילד שטעלט מיט זיך פאָר די באַראַטונג ביים רב. אין אַ ריי צימערן — פינצטער, די לאָדנס פאַרהאַקט, פאַרשלאָסן. אין צימער ווו די באַראַ־טונג קומט פאָר — אַ דריי מנינים יידן. עס ברענט בלויז אַן עלעקטריש לעמפּל, וואָס וואַרפט אַזאַ אומעטיקן שיין אויף אַלע אַרומיקע, דערשראָקענע, דענערווירטע, פאַרטרויערטע מינסקער.

עפּעס דוכט מיר, אַז איך בין דאָ אַריינגעפאַלן ערגעץ אין אַ פינצטערלעכן קעלער, ווו עס זענען צונויפגעזאַמלט דערשראָקענע מאַראַנען, וואָס האָבן מורא געהאַט פאַר אינקוויזיציע־דינער, און האָבן מורא פאַר יעדן זייטיקן שאָרך, יואָס עס הערט זיך פון דרויסן.

די רביצין בעט זיך, אַז מען זאָל רעדן שטילער, ווייל די פענצטער גיין אַרויס אויף דער גאַס, און אַ „זייטיק אויער” קאָן נאָך דערהערן, און דאַן...

דאַן וועלן אָנהייבן פליען שטיינער אין די שויבן !...

מענדל אָפּענהיים און לייבל גאַרבאַווניק באַריכטן וועגן דער לאַגע. זיי באַ־האַנדלען דאָס אומגליק זער ניכטער, ממש צו באַוווּנדערן. זיי ווייזן אָן אויף אַ ריי שריט וואָס די פאַרלאַמענטאַריער דאַרפן תיכף אָנגעמען. זיי ווייזן אָן, אַז כאָטש די אַנטלאָפענע מענער פון מינסק דאַרפן תיכף זיך צוריקקערן אַהיים.

אָבער מען לאָזט זיי קוים רעדן. יעדערער פון די פאַרזאַמלטע וויל דווקא דערציילן פון דער בראָך, וואָס איז זיי צוגעקומען, איינער רייסט איבער דעם צווייטן, יעדן דוכט זיך, אַז זיין חבר שילדערט צו־שוואַך די איבערגעלעבטע טראַ־געדיע, אַז נאָר זיינע עצות זענען די ריכטיקסטע...

אָבער וויפל טרויעריקס ליגט אין יעדנס דערציילונג, און וואָס פאַר אַ קאָשמאַר בילד שטעלן פאָר מיט זיך די אַלע שילדערונגען צוזאַמען געמישט, אַפילו דאָס כאַאָטישע איבעררייסן זיך איינער דעם צווייטן.

אין מיטן דער באַראַטונג קימט אָן דער רב. ער פאַרענטפערט זיך פאַר וואָס ער איז דאָ נישט געווען אין די טעג פון אומגליק. אָבער די יידן דאָ ליגן נישט אין זינען זייערע חשבונות מיט זייער מרא דאתרא. זיי האָבן איצט בלויז איין בקשה צו די פאַרלאַמענטאַריער :

ראַטעוועט אונדז, זעט אַז די געשעענישן זאָלן זיך מער נישט איבערחזרן און די מינסקער יידן זאָלן קאָנען צוריקקומען אין זייערע היימען, אָפּבויען די חורבות, אַריינשטעלן די שויבן אין זייערע פאַרמאַכטע פענצטער און ווידער אָנהייבן זייער שווערן, ביטערן קאַמף פאַר דעם ביסן ברויט, פאַר דער עקזיסטענץ פון זייערע ווייבער און קינדערלעך, וואָס וואַלגערן זיך איצט אין וואַרשע, אין די טויזנטער !

## איבער די גאַסן פון חורבן

צוזאַמען מיט די יידישע פאַרלאַמענטאַריער לאָזן מיר זיך איבער דער שטאָט. אַ גרופּע יידן פירן אונדז. זיי זענען שוין אַביסל מונטערער. די אָנוועזנהייט פון די יידישע פאַרלאַמענטאַריער גיט זיי צו מוט. איבעריקנס, האָט דער סטאַראָסטע אונדז געגעבן אַ שומר, אַ פּאָליציאַנט מיט אַ ביקס אויף די פּלייצעס.

פון ווו נישט ווו זעען זיך שוין קליינע גרופּקעלעך יידן, וואָס קומען אַנטקעגן די יידישע פאַרלאַמענטאַריער. אָבער עס וואַגט נאָך קיינער נישט צו עפענען אַ פענצטער, אַ קראָם.

מיר גייען פון איין גאַס אַרויס אין דער גאַס אַריין — כמעט קיין איין גאַנץ שויב נישט אין די יידישע הייזער. אַ מענגע פענצטער, געלעכערטע, אימהדיקע, זענען פאַרקלאַפּט מיט דינע ברעטלעך. די שול — אָן איין שויב, צעבראָכן אינע־ווייניק דאָס מעבל, שוואַרצע סקעלעטן פון די 7 אָפּגעברענטע הייזער, ווו נישט־ווו זענען נאָך דאָ די שפּורן פון פעדערן, וואָס מען האָט אַרויסגעלאָזט פון יידישע פּערענעס. נישט ווייט פון די אָפּגעברענטע חורבות — אָנגעלייגט שטיקער צע־בראָכן מעבל, יידיש מעבל.

## די אייגאונאייניציקסטע עצה

פּאָליציי — אויף טריט און שריט. די מאַכט פאַרזיכערט, אַז עס וועט שוין רואיק זיין. קלאַנגען, אַז אָט אָט קומט ער אַליין אין שטאָט, דער פּרעמיער סקלאַד־קאָווסקי. אָבער די יידישע באַפעלקערונג קאָן נישט קומען צו זיך פון שרעק און אומזיכערקייט אין די אַלע הבטחות.

נאָכמער האָט זיי אָפּגעשראָקן די נעכטיקע אונטערצינדונגען, די סירענעס פון די וואַרשעווער פייערלעשער ביים אָנקומען אין שטאָט און דער עיקר — די ידיעות, אַז אין מינסק ווילן „נאַראַ"־פּירער וואָס פּלאַנען עפּעס, גרייטן־צו עפּעס נאָך שרעקלעכערס פאַר דער יידישער באַפעלקערונג...

דער סטאַראָסטע פאַרזיכערט, אַז ער וועט דערצו נישט דערלאָזן. פון דער וואַרשעווער צענטראַל־מאַכט ווערן געשיקט עקסטראַ שלוחים קיין מינסק אָנצו־נעמען אַלע נויטיקע מיטלען. דער פּולקאָווניק פון 7־טן אולאַנער־פּולק, ווו דער דערמאָרדעטער וואַכמייסטער האָט געדינט, האָט אָפּגעהאַלטן אַ לענגערע קאָנ־פערענץ מיטן סטאַראָסטע וועגן פאַרזיכטס־מיטלען בעת דער פּולק וועט צוריק־

קערן אין די קאַזאַרמעס. באַרואיקנדע אויפרופן ווערן פאַרעפנטלעכט צו דער גאַנצער באַפעלקערונג, אונטערגעשריבן פון ענדעקישע ראַטמענער.

אָבער גרויס, אומגעהויער גרויס איז נאָך די שרעק ביי די דאָרטיקע יידן, טראָץ די אַלע מיטלען...

און דאָס איז דאָס שוידערלעכסטע פון דער טראַגעדיע מינסק־מאַזאָוויעצק, צו וועלכער עס קאָן אַ סוף מאַכן בלויז איין זאַך:

אַ ווירקלעכע און פולשטענדיקע באַרואיקונג לגבי די פאַרבליבענע יידישע איינוווינער אין מינסק; עטלעכע פולשטענדיקע רואיקע טעג, אָן שום פאָרפאַלן און טאָלעראַנץ פון אַ וועלכע עס איז יידן־העצעס, פון וועלכער זייט זיי זאָלן נישט קומען...

ערשט דאַן וועלן אויך די אַנטלאָפענע זיך געוויס באַרואיקן, זייערע געשפּאַנטע נערוון וועלן געהאַמעוועט ווערן און ביסלעכווייז וועט אַלץ צוריק נאָרמאַליזירט ווערן.

דאָס איז די איינאונאיינציקע עצה פאַר דער מאַכט, אויב זי וויל ווירקלעך די דאָזיקע נאָרמאַליזאַציע!

מיט אַזאַ איינדרוק האָבן מיר אַלע פאַרלאָזן די אומגליקלעכע דערשראָקענע אַזוי פיל געליטענע שטאָט מינסק־מאַזאָוויעצק, פון וועלכער אָן ערך 4000 יידן זענען אַנטלאָפן און אַן ערך צוויי טויזנט זענען פאַרבליבן אין קאָנוווּלסיווער שרעק פון דעם שוידערלעכן נעכטן און פון דעם זייער און אומזיכערן מאָרגן!...



געשעפט פון פיניע צימערמאַן, פאַרקלאַפּט נאָכן אויסרויבן עס, רעכטס — מאַן פון דער טאָכטער צירל און ערשטער לינקס — שמואל באַראַדאָוויטש



אפרים פורמיינסקי, וואָס איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן

**יהושע פערלע**

# דאָס געלעכטער

דאָס דאָזיקע אַרטיקל האָט דער באַקאַנטער שרייבער פּאַרעפּנטלעכט נאָך אַ באַזוך אין דער פּאַגראָמירטער שטאָט.

(„דער מאָמענט", 6־טער יוני 1936)

סוף־כל־סוף וועט דאָך שטיל ווערן אין מינסק־מאַזאָוויעצק. יידן וועלן צוריק עפענען די געוועלבער, דאַווענען ווייטער בציבור, מאַכן זייערע שבתים און ימים־טובים און די וועלט וועט ווייטער זיין וועלט. די אונטערצינדער מיט די מעסער־שטעכער וועט מען, מן־הסתם, משפטן. דעם חסר־דעה, וואָס האָט געשאָסן, וועט מען אויך משפטן, אָבער צי וועט דאָס זיין די היילונג, דער ענטפער אויפן גרויסן יסורימדיקן געשריי, וואָס טראָגט זיך נישט נאָר פון די מינסקער יידן, נאָר פון אונדז אַלעמען?

קלעפּ קאָן מען אויסהיילן. אונטערגעצונדענע הייזער קאָן מען צוריק אויפבויען, אויפגעריסענע איבערבעטן, צוגענומענע סחורות קאָן מען צוריק־קויפן. אָבער ווער וועט מיר צוריקגעבן מיין מענטשלעך פּנים? ווי אַזוי וועל איך ווייטער קאָנען אַרומגיין צווישן מיינע שכנים, מיט וועלכע דער גורל האָט מיך פאַרבונדן שוין קנאַפּע טויזנט יאָר?

כ'האָב געהיטן און געווייטיקט צוזאַמען מיט זיי. כ'האָב מיך אויפגעכאָוועט אויף די קלוגע און טרויעריקע רייד פון זייערע גרויסע לייט. זייער צער איז געווען מיין צער. זייער חלום — מיין חלום. וויספּיאַנסקיס „וועסעלע" האָב איך נישט ערגער פאַרשטאַנען, ווי אַ סך פון מיינע שכנים. דער ליכטיקער אָנדענק פון זשעראָמסקי איז ביי מיר אַזוי הייליק, ווי ביי זיי. פונדעסטוועגן האָט מען מיך געפּאַטשט אין גאַס, אין מיטן העלן טאָג. געפּאַטשט און געלאַכט: פון מיין ווייטיק פון דער בושה, וואָס מען האָט מיר אָנגעטאָן; פון מיין פאַרלוירנקייט, פון דער שרעק, וואָס איז מיך באַפאַלן, ווי אַ רויב־פויגל.

די פּעטש טוען מיר נישט וויי. קנאַפּ פּעטש האָט די וועלט מיר שוין צוגע־טיילט? אָבער דאָס געלעכטער, וואָס קייקלט זיך פון מינסק־מאַזאָוויעצקער שאָסע ביז וואַרשע און אפשר נאָך ווייטער — דאָס דאָזיקע חוזקדיקע געלעכ־טער ברענט אין מיר ווי אַ העליש פייער.

קיין שום גוטע רייד, קיין שום משפּטים און הבטחות וועלן נישט קאָנען לעשן דאָס דאָזיקע פייער. אייביק, אַפילו דעמאָלט ווען מען האָט מיך נישט געפּאַטשט, האָט מען דאָ חוזק געמאַכט פון מיר. מען האָט נאָכגעשפּעט, ווי אַזוי איך רייד, ווי אַזוי איך גיי. פון איין זייט האָט מען רחמנות געהאַט אויף מיר (די גרויסע לייט, וועמענס אָנדענק איך טראָג אין האַרץ, ווי אַ קמיע) און פון דער אַנדערער זייט האָט מען געשפּיגן קלעק אויף מיר מענטשלעך, מיט אַלע מיינע חסרונות און מעלות האָט מען מיך קיינמאָל נישט געוואָלט זעען. אין אַלטן רוסלאַנד האָט מען מיך אויך געשלאָגן, ביטער געשלאָגן, אָבער די גרויסע

לייט פון דאָרט, די איידעלע, האָבן תמיד געקוקט אויף מיר, ווי אַ מענטש דאַרף קוקן אויף אַ מענטש. איך שטעל נישט אַרויס מיין יחוס, מיין חכמה, איך בין אַ פשוטער מענטש און אַלס אַזעלכן וויל איך מען זאָל מיך זען. מען מוז מיך אַזוי־אַרום זען. אפשר וועט מען מיך דעמאָלט פאַרשטיין און אפשר וועלן געפינען ווערן די פראָסטע רייד, וואָס פירן פון איין מענטשלעך האַרץ צום אַנדערן.

ביז מען וועט מיר לייגן שערבעלעך אויף די אויגן, וועל איך נישט פאַר־געסן דאָס מגפהדיקע בילד, וואָס איך האָב געזען יענע וואָך אין דעם שיינעם, צעבליטן שטעטל מינסק־מאַזאָוויעצק. דער עיקר אָבער וועל איך נישט פאַר־געסן דאָס געלעכטער, וואָס האָט זיך געטראָגן נישט נאָר פון דער יום־טובדיקער שטילקייט אויף די גאַסן, נישט נאָר פון די שוואַרצע קנוילן רויך, נאָר אויך פון די מענטשן, פון די שכנים מיינע, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען זאַטע, צופרי־דענע, זאָרגלאָזע און מיט אַזוי פיל לעדיקגייערישער פוילקייט.

די קאַץ האָט זיך געוואָרפן אויף דער מויז, געכאַפּט זי אויף אירע שאַרפע ציין, געשפּילט זיך מיט איר, אַוועקגעוואָרפן און צוריקגעכאַפּט — און קינדער (קינדער זענען גרויסע אכזרים), האָבן זיך צוגעקוקט און הנאה געהאַט.

הונדערטער, הונדערטער יידן מיט משוגענער שרעק אין די אַרויסגעזעצטע אויגן זענען דריי טעג מיט דריי נעכט געלעגן באַהאַלטן אין קעלערס, פאַר־שפּאַרט הינטער פאַרהעמערטע טירן און טויערן, אָן אַ כזית ברויט, אָן אַ טרונק וואַסער; יידן מיט ווייבער און קינדער, קראַנקע, שוואַכע, טראָגעדיקע — און קיינער פון די שכנים, מיט וועלכע די דאָזיקע יידן לעבן אונטער איין דאַך — האָבן נישט געהאַלטן, כ׳וועל שוין נישט זאָגן פאַר זייער מענטשלעכן, נאָר חיהשן חוב, צו דערלאַנגען די אומגליקלעכע אַ טרונק וואַסער און אַ ביסן ברויט.

האָט איר אַמאָל געזען דעם צער אין די אויגן פון אַ פערד, ווען זיין ברודער אָדער שוועסטער, וואָס גייט מיט אים אין איין געשפּאַן, ווערט קראַנק? ער גלעט און לעקט דעם ברודער זיינעם, אָדער די שוועסטער. ער לייגט אַוועק די מאָרדע אויף יענעמס קאַרק. ער נעמט אים איין מיט אַ שטיל האַרציק ברומען און זאָגט אים אויף זיין פערדיש לשון, וואָס איז אַ סך געטרייער, ווי דאָס מענטשלעכע — ער זאָל האָבן געדולד, ער זאָל זיך פאַסן — מיט גאָטס הילף וועט ער געזונט ווערן. איך אַליין בין געווען אַן עדות, ווי אַ גרויס פערד מיט וווּנדערבאַרע, סאַמעטענע אויגן האָט געוויינט.

אין די אויגן פון די מינסק־מאַזאָוויעצקער איינוווינער האָב איך קיין טרער נישט געזען. פאַרקערט — חוזק איז אין די דאָזיקע אויגן געלעגן, שפּיציקער, גרינגער חוזק, אויסגעשטאַנענער און אויסגעכאָוועטער פון דורות. חוזק, וואָס איז טויזנט מאָל ערגער געווען, ווי אַ קויל אין קאָפּ אַריין.

איבער די דעכער האָבן זיך געשפּרייט פלאַמען רויך. די אָרעמע יידישע געסלעך, די ענגע און פאַרוואָרלאָזטע, זענען געלעגן ליידיקע, אויסגעקערטע, מגפהדיק־צעשראָקענע. ערגעץ אין די באַהעלטענישן האָבן געקרעכצט מענטשן, געבעטן אויף זיך דעם טויט. מאַמעס האָבן געשטופּט פאַרדאַרטע ברוסטן אין קינדערשע מיילעכלעך אַריין זיי זאָלן נישט וויינען. און דאָ, אויף דער וואַר־

שעווער גאָס, אין פּאַרק — זענען געגאַנגען פּאַרליבטע פּאָרלעך, איז מען געשטאַנען פאַר געוועלבער און געמיטלעך געשמועסט, האָט מען פּאַרקויפט פּאַפּיראָסן, איז מען געפאָרן און גערינט, געקוקט אין די פלאַמען רויך אַריין, פאַרצויגן אַ פּאַפּיראָס און געלאַכט.

נישט גלאַט אַזוי געלאַכט, נאָר מיט הנאה, מיט זאַטקייט, מיט שטאָלץ אפילו.

ס'איז געווען אַן איינשטעלעניש אַראָפּצוקומען אין אַזאַ טאָג אין דעם צעברענטן, פאַרהעמערט און גלייכצייטיק צעלאַכטן שטעטל אַריין. אָבער עטלעכע יידישע פּען־מענטשן האָבן זיך טאַקע איינגעשטעלט און אַריינגעפאָרן מיט ברויט און מיט קלאַפּנדיקע הערצער.

מען האָט אונדז געקוקט אין די אויגן אַריין מיט ביטול, מיט חוזק און ווידעראַמאָל מיט געלעכטער. מיין גאַנצער אימפּעט האָט זיך אין איין מינוט אָפּגעטאָן פון מיר. כ'האָב נישט קיין מורא געהאַט פאַרן מעסער, וואָס האָט געקאָנט יעדע רגע פאַלן אין רוקן אַריין פון הינטער אַ פּלויט אַפּער. וואָס איז מורא אין פאַרגלייך מיט אַ מויל אויסגעשטשירעטע ציין, וואָס חוזקט מיר גלייך אין פּנים אַריין און מאַכט אַ תּל פון אַלע מיינע מענטשלעכע און יידישע געפילן?

וואָס בין איך, ווער בין איך, אַז דער ערשטער בעסטער נאַרישער „שייגעץ" קאָן מיר שפּייען אין פּנים אַריין און אויסוואַקסן דערפאַר צו דער מדרגה פון אַ העלד און אפשר אויך פון אַ קדוש?

אָט שטייט פאַר מיר יענער גוי אין גראַנאַטענעם „קאַשקעט" מיטן לעדער־נעם דאַשעק. ער זעט־אויס צו זיין אַ באַהעביקער „גאָספּאָדאַזש". מיט אַזעלכע גויים האָט מיין טאַטע געהאַנדלט, געפּאַטשט זיך אין די הענט אַריין, געפאָרן צוזאַמען אויף פורן היי, געגאַנגען אפילו איינער צום אַנדערן אויף שמחות. אַצינד שטייט ער אין מינסק־מאַזאָוויעצק אין אַן אויסגעקרימט יידיש געסל און קוקט זיך צו, ווי הונדערטער אויסגעפּייניקטע פאַרהאָרעוועטע, אָרעמע יידישע הענט רייסן זיך צום פורגאָן ברויט, וואָס מיר האָבן מיטגעברענגט פון וואַרשע.

ס'איז אין מיטן דער וואָך, פונדעסטוועגן איז דער „גאָספּאָדאַזש" אָנגעטון זונטיקדיק, ער דרייט אַ פּאַפּיראָסל פון „מאַכאָרקע", פאַרויכערט, שטעקט־אַריין איין האַנט אין קעשענע און קוקט זיך צו פון דערווייטנס. ער האָט געלע וואָנסעס און גרינע אויגן. ביים פורגאָן גייט אַ יאָמערלעכער קלאָג. אַ סטאַדע פאַרלוירענע שעפּסן שטופּט זיך איינס אויף ס'אַנדערע. די שרעק ברענט אונטער די פיס, אַזוי ווי ס'גיהנום. ווייבער האָבן פאַרלוירן די חרפה און לויפן מיט אויפגעשפּילעוועטע קאַפּטאַנעס, מיט פאַרבראָכענע הענט און בעטן זיך רחמים, מען זאָל כאָטש אַרויסראַטעווען פון דאַנען זייערע אָרעמע עופהלעך.

ס'איז שוין נישט קיין מענטשלעכע קלאָג, נאָר אַ חיהשע. אַזוי קלאָגן מוזן נאָר הונגעריקע וועלף. די נפקא־מינה איז נאָר, וואָס וועלף, אויב זיי וועלן עמעצן אָנטרעפן אויפן וועג, וועלן זיי אים צערייסן אויף שטיקלעך — די „וועלף" אָבער האָבן מורא, זיי זאָלן אַליין נישט צעריסן ווערן.

די קינדער, וואָס די ווייבער טראָגן ביי זייערע אויסגעליידיקטע בריסטן, האָבן שוין פאַרלוירן די כחות און קאָנען שוין נישט מער זיך רייסן. זיי האָבן אויפגעלאָפענע פנימלעך און גרויסע, צעטומלטע, שוואַרצע אויגן, פאַר דאָס וויינען יידן. אַלע יידן מיט פאַרמעטענע פנימער, פראָסטע, און לומדים, וואָס האָבן שוין לאַנג אויפגעהערט צו קאָנען וויינען, קלאָגן אַצינד, ווי קליינע קינדער.

אַ פאַרשעמונג איז אויף זיי געקומען, אַ פאַרשעמונג און אַ שפלדיקייט — אויף זיי און אויף מיר און אויף אַלע איבעריקע, וואָס זענען אַצינד נישט אין מינסק־מאַזאָוויעצק. און דער גוי אין גראַנאַטאַנעם קאַשקעטל, איינער פון יענע, צווישן וועלכע איך האָב מיך אויסגעכאָוועט, שטייט זיך בנעימותדיק און פון אונטער זיינע געלע וואָנסעס אַפער גייט דאָס הנאהדיקע געלעכטער גלייך מיר אין פנים אַריין, גלייך מיר אין די ביינער אַריין, אין דער נשמה, אין האַרץ.

ער לאַכט פון מיין שפלדיקייט, פון מיין שרעק, פון מיין געפאַלנקייט, פון מיר אינגאַנצן.

ווי שרעקלעך איך האָב דעם דאָזיקן זונטיקדיק־אויסגעפוצטן גוי פיינט געהאַט און ווי נאָך שרעקלעכער איך האָב אים מקנא־געווען.

פאַר זיין זיכערקייט, פאַר זיין רואיקייט, פאַרן שטיקל פעלד, וואָס ער האָט אַוודאי דאָ נישט ווייט. פאַר זיין כאַטע, וואָס קיינער וועט נישט אונטער־צונדן און פאַר זיין גרויסע געמיינקייט.

א. גראַפּמאַן

# דאָס געשריי צו די הימלען...

פּרייטיק פאַרנאַכט.

אונדזער אויטאָ איז אַריינגעלאָפן אין אַ ברייטער פיין אַספאַלטירטער גאַס, אַ ריינע, אַ שטילע — אָ, אַזוי שטיל, אַז...

אַן אַנגסט באַפאַלט דיך...

ווער ווױנט דאָ?

ווער האָט אָפּגעהאַקט דעם אָטעם פון דער שטאָט נאָוואָמינסק?

אַ שיין שטעטל. פון ביידע זייטן ברייטע טראָטואַרן. שיינע הייזלעך. ריין, ציכטיק.

אָבער אַזוי שטיל!

פאַרהאַמערטע לאָדנס, פאַרשטעלטע פענצטער.

און לעכער — אַזעלכע אויסטערלישע שוואַרצע לעכער שרייען־אַרויס מיט אימה פון גרין־אָפּגעפאַרבטע הייזער!

ווער עס זעט נישט דאָס אַלץ מיט די אייגענע אויגן, טאָר גאַרנישט גלויבן, אַז אַזעלכעס קאָן פאַסירן!

שטייט אַ ליכטיקע זון איבער דער פאַרהאַמערטער שטאָט און איבער די איינצלנע קריסטלעכע איינוווינער, וואָס באַוועגן זיך אויך עפּעס מאָדנע שלעפעריק און אומזיכער.

און אפשר אַביסל פאַרשעמט...

און אפשר מיט פאַרדרוס, וואָס די שיינע שטאָט מינסק־מאַזאָוויעצק האָט אין מיטן אַ זוניקן טאָג אָפּגעשטעלט דאָס לעבן.

אַ זון שטייט איבער די שוואַרצע קוימענס פון אַ פאַרברענט פאַרמעגן.

אַ יידיש פאַרמעגן געוועזן.

יאָרן־לאַנג דערויף געאַרבעט. אפשר אַ ירושה פון טאַטן און אפשר פון זיידן.

ווילט זיך אָנקלאַפּן אָן אַ לאָדן און אַריינשרייען:

— יידן! גייט־אַרויס! דער ליכטיקער טאָג איז אייערער!

ווילט זיך צוגיין צום יונגן קריסט, וואָס שטעלט זיך נעבן אונדזער אויטאָ:

— מענטש! ווער האָט אייך אַזוי אומגליקלעך געמאַכט?!

ווילט זיך אַריינשרייען אין דער טויטער גאַס־אַריין אַ גוואַלד, אַז די ערד זאָל אַ ציטער־טון!



אַ פענצטער פון ערשטן שטאָק האָט זיך פלוצים אויפגעריסן און אַ געשטאַלט האָט זיך דאָרט באַוויזן.

אַ פרויען־געשטאַלט.

דאָס געשטאַלט האָט געשוויגן. עס האָבן זיך נאָר באַוויזן צוויי אויסגעשטרעקטע הענט, ווי צו אַ תּפילה צו די הימלען.

די הענט האָבן אַ לאַנגע ווײַלע געסטראַשעט אין דער לופטן און אַ יונגער

פרויען־קאָפּ האָט זיך געשאָקלט אין אַלע זייטן און די פאַרצווייפלטע אויגן האָבן געקוקט צו אונדז.

זיי האָבן געבעטן: ראַטעוועט.

אונדזער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט.

אַזאַ געבעט צו מענטשן איז אַ גאָט־לעסטערונג.

אַזוי זיך בעטן רחמים ביי מענטשן פון דער היינטיקער פאַרדאָרבענער וועלט טאָר מען נישט!

לאָז איך אַראָפּ די אויגן.

די סצענע איז אַזוי שרעקלעך, אַז עס איז שווער זיך צו באַהערשן.

די צוויי קריסטלעכע באַאַמטע וואָס באַגלייטן מיך אין דער רייזע, לאָזן אויך אַראָפּ די אויגן.

— עס האָט געמוזט דאָ געשען, זאָגן זיי, עטוואָס שרעקלעכעס.

אַזעלכעס האָבן זיי נאָך נישט געזען.

און ווען אונדזער אויטאָ רירט ווייטער פון אָרט, קערן זיי זיך אַלץ נאָך אום צו יענעם פענצטער און צו יענעם געשטאַלט, וואָס וויל פון פענצטער נישט אָפּ־טרעטן.

אַזוי אַ לאַנגע ווײַלע ביז מיר לויפן־דורך איבער גאַסן און געסלעך, אַלץ טויטע. פאַרהאַמערטע, אָן באַוועגונג, אָן אָטעם.

באַווייזט זיך ערגעץ אַ ייִד, איז ער אַזוי איינזאַם, אַזוי עלנט.

שטייט ער אין אַ ווינקל, ווי אַ פאַרמשפּטער.

ווי אַ פאַרברעכער, ווייַ איז צו אונדז!



אַרום דער שול איז „היימלעכער"...

באַוועגן זיך דאָ יידן — עפּעס מאָדנע יידן, צעטראָגענע, פאַרקרומטע, פאַר־חושכטע.

געוואַלד, וואָס האָט מען פון די מענטשן געמאַכט!

מען וואַרט אויף ברויט.

מען וואַרט אויף אַ מענטשן פון דרויסן, ער זאָל קומען דערציילן, וואָס עס הערט זיך.

און מענטשן קומען. דאָ איז איצט דער איינציקער אַדרעס.

הינטער דער שול און אַרום דער שול.

עס דאכט זיך דיר, אַז דאָ האָט דער משחית קיין שליטה נישט...

מיינע צוויי קריסטלעכע באַגלייטער בלייבן שטיין אין אַ פאַרלעגנהייט פאַר דער שול. זיי ווילן נישט גיין ווייטער. זיי זעען נאָך פודערווייטנס ווי עס וויקלט זיך אַרום מיר עפּעס אַ צונויפגעפּרעסטע מענטשן־מאַסע, וואָס פאָדערט באַפרייונג — באַפרייונג פון מענטשלעכער געפאַלנקייט.

— דאַרפט איר ברויט, ברידער?

— מיר דאַרפן אויפהערן צו לעבן, ווי הינט — שרייט מען.

מיר קענען מער נישט פאַרשפּאַרט זיין.

וואָס־זשע טוט מען?

ווי אַזוי שענקט מען די דאָזיקע מענטשן דעם מינימום, וואָס עס קומט אַ מענטשן: אַ ביסל לופֿט.

זיי זאָלן נישט אַרויסקוקן דורך די פֿאַרהאַמערטע טירן, צי „מען גייט שוין נישט ווידער"...

וואָס טוט מען?



און דער לעצטער אַקאָרד.

עס האָבן פֿון אַ שפּאַרע אַרויסגעקוקט 2 אויגן און דערזען אויף דער גאַס אַ ייד.

עפֿנט זיך לאַנגזאַם די טיר און אַ דערשראָקן ווייזן דערנענטערט זיך פֿאָרזיכטיק צו אונדז.

איך גיי אַנטקעגן.

רוקט זיך דאָס ווייזן הינטערווײַלעכטס צוריק.

אַנטלויפֿט, ווי פֿון עפּעס אַ פּעסט.

— וואָס אַנטלויפֿט איר, יידענע? איך בין אַ ייד.

קומט זי צוריק. הייבט־אָן עפּעס שטאַמלען.

אָבער באַלד דערזעט זי הינטער מיר די צוויי קריסטן.

אַ משונהדיקער גרימאַס באַווײַזט זיך אויף איר געזיכט. זי הייבט־אָן צוריקפֿאַלן. זי שטאַמלט, פּונקט ווי עס וואָלט איר דאָס לשון אָפּגענומען געוואָרן.

— האָט נישט קיין מורא, יידענע! דאָס זענען אַנדערע... דערציילט.

זי שלעפּט אונדז ביי די פּאָלעס אַריין אין איר קראָם.

געווען דאָ ערשט מיט צוויי טעג אַ דיסטריבוציע.

היינט ליגן צעבראָכענע פּאָליצעס.

מען האָט צעבראָכן, צעטרעטן מיט די פֿיס און געלייגט אין די קעשענעס...

מיר טרעטן אויף טשעקאָלאַדע, אויף באַניקערן, אויף...

מיר טרעטן אויף אַ מענטשלעך לעבן — אַ ן אַ ל מ נ ה פֿון צוויי קינדער...

הייסן מיר עפֿענען די לאָדנס, ציטערן איר די הענט.

זי טוט עס נישט.

פֿאַרוואָס?

זי קורטשעט זיך איין אין אַ ווינקל שטיל.

אויך מיר שווייגן.

אפֿשר וועלן מיר דורכן פּיינלעכן שטילשווייגן אויסשרייען דעם יידישן „אוי" וואָס וועט צו די הימלען דערגיין?

„דער מאָמענט", וואַרשע, זונטיק, 7־טער יוני 1936.

**ישראל גוטגאָלד**
(תל־אביב)

# מיין וועג קיין ארץ־ישראל

אַלע יאָרן מיינע, זינט איך בין געקומען צום שכל, האָב איך געשטרעבט צו פאַרלאָזן פוילן. איך האָב געזען ווי מיר יידן קוקן אויס, בפרט אין די קליינע שטעטלעך, און אויך ביי אונדז אין שטאָט. דאָס איז געווען די סיבה וואָס איך בין אַלע יאָרן געווען אין אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אַ קורצע צייט בין איך אויך געווען אין הכשרה־קיבוץ אין גראָכאָוו. איך האָב געוואָלט פאָרן קיין ארץ־ישראל.

דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך. וואַרטן אויף אַ סערטיפיקאַט איז געווען אַ ווייטער חלום, שווער צו פאַרווירקלעכן. אין איינעם אַ טאָג האָב איך באַשלאָסן אַז לענגער וואַרטן קען איך נישט. דאָס איז געווען צוליב מיינס אַן איבערלעבונג. זי האָט דעצידירט איך זאָל פאַרלאָזן די באַקוועמע היים און אַלע נאָענטע, און זיך אַרויסלאָזן אין וועג פון וואַנדער.

אין איינעם אַ פרייטיק־צו־נאַכט, נאָך דער שבתדיקער סעודה ביים טאַטנס טיש, בין איך אַרויס אויף אַ שפּאַציר זיך צו טרעפן מיט חברה יינגוואַרג, מיינע חברים. דאָס זענען געווען ראובן מייזלער, דוד קאַופמאַן, לייזער זיסערמאַן, סרולקע סטאַדולסקי, און אויך מיידלעך. אַזוי פאַרטראַכט און פאַרחלומט, בין איך אָנגעקומען צו דער בריק אויף דער וואַרשעווער גאַס. פלוצים האָב איך געכאַפּט אַ פּאַטש אין פּנים. דאָס היטל מיינס איז גלייך אַראָפּגעפלויגן אין וואַסער אַריין, און איך האָב געפילט, אַז די באַק פלאַמט מיר און פונקען פליען מיר פאַר די אויגן. פאַר מיר איז געשטאַנען אַ פוילישער סאָלדאַט. אויסגע־פוצט, מיט פאַריסענער חוצפה, האָט ער מיר גלייך געקוקט אין פּנים ווי געוואַרט אויף מיין רעאַגירונג. נישט טראַכטנדיק קיין סך האָב איך אויסגע־שריגן צו אים: „טי כאַמיע!” דאָס איז געווען מיין גאַנצער פּראָטעסט און אויסגעשריי. איך האָב נישט געוואַגט אים צוריקגעבן, ווי ער האָט דאָס פאַר־דינט. דאָס איינציקע וואָרט מיינס, האָט אים אָבער אַרויסגעבראַכט פון די כלים. ער האָט אויף גיך אַרויסגעצויגן די שווערד פון זיין שייד, כדי צו וואַרפן זיך אויף מיר. איך האָב אָנגעהויבן לויפן, און ער נאָך מיר, מיט דער „שאַבליע” אין האַנט. איך בין געלאָפן אין איין אָטעם, און צו מיין גליק איז גראָד אָנגעקומען אַן אָפיציר. איך בין צו אים צוגעלאָפן, כדי צו געפינען ביי אים שוץ קעגן דעם צעווילדעוועטן זעלנער. דער זעלנער אַליין, זעענדיק דאָס, איז אַנטלאָפן, אַראָפּ צום טייך — ער האָט אַפּנים מורא־געהאַט פאַר אַ „ראַפּאָרט”.

איך האָט דעמאָלט געהאַט דאָס געפיל, אַז איך האָב פשוט געראַטעוועט מיין לעבן פון דער שווערד...



דאָס איז געווען בלויז אַ קליינער עפּיזאָד וואָס האָט פּאַסירט פּערזענלעך מיט מיר.

ער איז אָבער נישט געווען דער איינציקער פּאַל. באַלד האָבן אָנגעהויבן לויפן די געשעענישן, איין געשעעניש נאָך דעם צווייטן, וואָס האָבן אַרויס־גערופן אַ מוראדיקע פאַרצווייפלונג ביי אַלע יידן און באַזונדערס ביי דער יוגנט.

תחילת — דער רוצחישער מאָרד איבער ישראל ציליך, וואָס איז צעשטאָכן געוואָרן דורך בלוטדאָרשטיקע כוליגאַנעס אויף זיין וועג אַהיים, פון דער באַן און איז געשטאָרבן. אַ חודש שפּעטער — דער פּאָגראָם. דער שאָס אין „סעידל" פון וואַנזיניקן כאַסקעלעוויטש. אין איין מאָמענט איז די גאַנצע שטאָט פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום פאַר יידן. דער צעווילדעטער המון פון „קאָשטשאָל" וואַרפט זיך רויבן יידיש האָב און גוטס, ראַבירט און שלאָגט, און צווישן זיי געפינען זיך פּוילישע זעלנער אין מונדירן; יידן זיצן פאַרהאַ־מערט אין די שטובן, באַהאַלטן אין די קעלערס. די גאַנצע צייט ווען דער המון האָט געווילדעוועט בין איך געזעסן אויף דעם בוידעם פון ישראל־איסרס הויז, אין זעלבן הויז ווו מיר האָבן געוווינט. ד'ער בוידעם איז געווען אַנטקעגנאיבער דעם מאַרק, און איך האָב געזען מיט מיינע אייגענע אויגן אַלץ וואָס האָט זיך יענע טעג דאָרט אָפּגעשפּילט. אין איינעם אַ מאָמענט האָב איך געזען ווי אַ גאַנצע אָפּטיילונג פּאָליציי איז אָנגעקומען, האָט מאַרשירט ווי אויף אַ דעפילאַדע, אָבער נישט געשטערט די צעווילדעוועטע שקאָצים, וואָס זענען אָנגעלאָפן פון אַלע זייטן. אָנשטאָט זיי אַרעסטירן, האָבן די פּאָליציאַנטן גאָר אַוועקמאַרשירט, — און דערמיט געגעבן אַ צייכן, אַז מען מעג, מען וועט זיי גאָרנישט טאָן... די „וואָלאַדזע" איז מיט די פּאָגראָמטשיקעס...

אַזוי זענען מיר געלעגן כמעט אַ גאַנצע וואָך, פון מאָנטיק ביז דאָנער־שטיק. אין אַ פאַרנאַכט, געדענק איך, איז צו אונדז דערגאַנגען אַ רוף: „יידן, גענוג! אַרויס פון די לעכער, גענוג געלעגן פאַרמאַכט!" — דאָס איז געווען ישראלקע „פויער" (מאָרגנבעסער), וואָס האָט געוווינט אין זעלבן הויז ווי דאָס פּאָריסאָווער שטיבל. איך ווייס נישט ווי ער איז דעמאָלט געקומען אין רבינס געסל פון „יענער שטאָט". ערשט דעמאָלט האָט מען אָנגעהויבן צום ערשטן מאָל אַרויס פון די לעכער. מען האָט זיך גענומען גרופּירן אין געסל, אַרומרעדן דעם מצב וואָס וועט זיין. ישראלקע „פויער", אַ ייד אַ גבר, האָט שוין נישט געלאָזט זיך באַהאַלטן. מען האָט געקריגן מער מוט און מען האָט געזאָגט, אַז עס האָבן זיך שוין געשאַפן עטלעכע גרופּעס זעלבסט־שוץ, צו געבן אַן ענטפער אויף די איבערפאַלן און זיך נישט לאָזן...

אין זעלבן טאָג איז אויך אָנגעקומען פון וואַרשע אַן אויטאָ מיט ברויט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן רבינס הויף, אַנטקעגנאיבער דער „קאָמעניצע" פון דער „געלער ברכה". איך האָב געזען ווי מענטשן שטעלן זיך אין דער ריי נאָך אַ ברויט. איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט, אַריבער דאָס וואַסער און אַוועק צום סקווער, אינעם געוועלבל פון יעקב פּלאַטקעוויטש. דאָרט האָב איך שוין געטראָפן נאָך יוגנטלעכע. מען האָט גערעדט וועגן אונדזער מצב, וואָס פאַרא צוקונפט עס דערוואַרט די יידישע יוגנט אין פּוילן.

**דער געדאַנק מיט וועלכן איך האָב זיך אַלע יאָרן אַרומגעטראָגן**, צו פאַרלאָזן פּוילן האָט איצט געריפּט. איך האָב ענדגילטיק אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז איך מוז פאַר יעדן פּרייז פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

אין 1939 האָב איך פאַרלאָזן צוזאַמען מיט יצחק געלדמאַן. אומלעגאַל האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

צום שווערסטן איז געווען דער וועג מיט דער שיף. צען וואָכן זענען מיר געפאָרן אויפן ים. קיין עסן איז נישט געווען און אויך וואַסער אויף אַ טרונק האָבן מיר נישט געהאַט. אינמיטן דער רייזע האָט דאָס שיפל אָנגעהויבן זיך טרינקען און מיר האָבן געראַטעוועט די לעבנס אונדזערע אויפן אינדזל קרעטאַ. לסוף האָבן די ענגלענדער אונדז געכאַפּט און אינטערנירט. ערשט אין חודש מאי 1939 זענען מיר באַפרייט געוואָרן פון אַרעסט. איך בין געוואָרן אַ פרייער מענטש.

די ערשטע צייט פון מיין זיין אין לאַנד בין איך געווען אין תל־אביב. עטלעכע מאָל אין דער וואָך האָבן מיר זיך געטראָפן מיט אונדזערע מינסקער לאַנדסלייט ביי שמעון רובינשטיין אין שטוב. אַהער זענען געקומען בונים ראָטשטיין, אייזיק געלדמאַן, די משפּחה אָבפּייער און נאָך אַנדערע לאַנדסלייט. איך האָב זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז איינצובירגערן; איך בין געוואָרן אַ ייד אין יידישן לאַנד און מיטגעמאַכט אַלץ וואָס יידן אין לאַנד איז זינט דעמאָלט אויסגעקומען דורכצומאַכן — די מלחמה־יאָרן, דעם קאַמף פאַר דער מדינה און דערנאָך די מלחמות פון דער מדינה פאַר איר קיום.



אויף דער חתונה פון ישראל גוטגאָלד אין ת״א 1947

ערשטע ריי פון רעכטס אויף לינקס: 1. אומבאַקאַנט; 2. שמעון רובינשטיין; 3. נתן בורנשטיין ז״ל; 4. פּנחס קאַרמאַן; 6. ראובן מאַזעס. צווייטע ריי: 1. אומבאַקאַנט; 2. ביבלאַזשערס טעכטער; 3. מרדכי ווייסבראָט; 4. מרים כרמי; 5. משה פרידמאַן; 6. איידעם פון ביבליאַרזש. דריטע ריי: 1. אסתר גאָלדבערג; 2. פייגע זלאָטאָלאָוו; 3. גוטגאָלד מיט פרוי; ביבליאַרזש מיט זיין שוועסטער

# פרקי ספרות



מטיפוסי העיר
טיפּן פון שטאָט

# שילדערונגען



ישורון קשת ז״ל

# בין הערמון והלילך

(ק ט ע י ם)

אחוזת־הבית שלנו היתה מורכבת משני גושים גדולים של בניני־עץ, מגובבים במקצת ללא תואר ארכיטקטוני מסוים, בצורת ח רחבה וגזורה באמצע, ששלוש צלעותיה פנו לשלושה רוחות — לשלושה רחובות, שגם הם כמובן נטויים היו בצורת חי״ת. חזיתו של שטח גדול זה, הנשקפת אל „הפארק״ של „הפריץ״ ד׳, פנתה אל הרחוב הראשי, „הורשאי״, שמצד שמאל הוא נמשך מערבה ככביש המוליך אל מחוץ לעיר, אל ישובים כפריים והלאה בכיוון לוארשה, ומצד ימין, בסמוך לקבוצת בתינו, עבר את הגשר הגדול שעל הנחל (סרברנה, נחל הכסף, היה שמו הרשמי) והלאה על־פני מרכז־המסחר היהודי וכיכר החנויות מזה ועל־פני בית־התפילה הקתולי („התיפלה״) מזה, ונמשך הלאה, מזרחה, אף הוא ככביש אל מחוץ לעיר, בואכה עיירת קאלושין. הצלע השמאלית של החי״ת פנתה אל תחילתו של „רחוב הרכבת״ (קארצ׳בסקה), שהסתעף שמאלה מהרחוב הראשי אשר בקצהו זה, השקט כרגיל, הוא נשקף אל גן־העיר הקטן („סאדל״) עם ערמוניו, שביליו וספסליו, שמפקידה לפקידה ניגנה בו תזמורת הצבא ושמאחוריו התרוממו משרדי הממשלה. הצלע הימנית של אותה חי״ת נשקפה, מעבר לעזובת בוסתן רחב ועגום של עצי־שזיפים מוזנחים, מלא סרפדים וחרולים, אל דרך־עפר שהוליכה לאורך הנחל אל יער־הארנים הגדול שבפאת דרומית־מזרחית של העיירה — ובפינה שבין צלע זו ובין חלקה הימני של החזית (המשקוף של החי״ת) עמד הבית אשר בו נולדתי.

דירתנו החדשה, שאליה עברנו כשהייתי כבן ארבע — בחלקה נשקפה אל הרחוב הראשי ואל „הפארק״ של הפריץ (בחלק זה היה בית־מסחר הספרים שלנו, עם סניף למכירת טבק וצרכי־כתיבה) ובחלקה פנתה אל מול גן־העיר ברחוב קארצ׳בסקה. הבית נבנה עוד בתחילת המאה התשע־עשרה, וכמסופר לן בו נפוליאון בדרך מסעו לרוסיה. זוכרני שבילדותי, כשסופר לי לראשונה מי היה אותו נפוליאון, הבטתי פתאום על דירתנו בעינים אחרות, כמבקש למצוא בה את עקבות שהיתו של הכובש הגדול, ולא מצאתי אלא את השקעים

שיד הזמן עשתה פה ושם ברצפת־העץ של חדר־האוכל, שהיתה עשויה ריבועי לוחים גדולים ועבים של עצי־אלונים, שכמוהם לא ראיתי אף פעם בשום בית אחר, ואני אמרתי אז: אולי הם עקבות רגליו של נפוליאון. אבל כל השומעים צחקו לי, וכך נמוגה, אולי לראשונה, בתוקף המושכל הנקנה, האשליה שרקם לי כוח הדמיון. כנראה עוד היה אז נפוליאון יותר מדי קרוב אל האנשים הורסי האשליות שלי, פחות מדי אגדי בעיניהם — הלא רק פחות ממאה שנה הבדילו אז בין אותה לינת־לילה שלו בבית זה ובין דריו עתה. ברם, ייתכן שאילו היה המדובר, למשל, באיזה עוג מלך הבשן, כי אז אולי לא היו לועגים כל־כך להשערת הילד, שהשקעים ברצפה סימני רגליו של הענק הם.

במבוא חצר ביתנו, שכרמלית קטנה עם שיחי לילך מרוטים למחצה וספסל רעוע ורקוב מעט הבדילה בינו ובין הרחוב, עמד, לא־הרחק מכותל הבית, עץ־ערמון עבות וגבוה, ענף ורחב־נוף — ארבעה אנשים מרחיבי זרועות זה אל זה יכלו אך בקושי להקיף את גזעו החום־אפור, שחרוצי קליפתו היו בעיני כמיני קמטים המצטחקים אלי בטוב־לב. באביב היה הערמון העתיק מחדש נעוריו, מתכסה במעטה ירוק של עלים גדולים, מוארכים ומשוננים, מדליק באור החמה את אלפי אשכולות ניצתו החגיגית, הורודה־לבנבנה, כנרות־הדר קצרים, עבים למטה ומחודדים למעלה, ומושך אליו שפעת חפושיות־אביב חומות, זוחלות ומעופפות חליפות, שהייתי נזהר מלנגוע בהן לרעה. אולי בזכות חיבתן היתרה לאילן עוטה־הוד זה, שהיה לי מיקרות החיים בילדותי — דבר שאָצל להם, ליצורים קטנים אלה, משהו משותף עמי, כביכול. ובתחילת ימי הקיץ היה העץ משיר את ערמוניו ומשליכם ארצה בקול הולם רך, כמבשר מתנה — ובהתבקע קליפתם כנפלם היה מתגלה בכל אחת מהן, בברק רענן וקריר ועליז, הערמון החום והחלק, בעל העין הלבנה בקצהו האחד, שמגעו בלבד היה מעביר בי רטט של עונג שלא ידעתי פשרו. אולי היה זה רטט של אהבה והכרת־טובה — כן, אהבה והכרת־טובה כלפי אותה תעלומה אמהית שבין העפאים האוצלת לי מתנות שעשועים קטנות ונעימות כאלה, שלא טרחתי כלל להשיגן ושנדמה היה לי שבלעדיהן לא יכולתי לחיות — כאילו הרגשתי שהעץ הטוב והאדיר אומר לגמול לי בחן וחיבה על מנהגי הטוב עם החפושיות שלו, שלא נגעתי בהן לרעה ואף פעם לא רמסתין כמעשה שעשו, כפי שראיתי, ילדים אחרים.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אבל הדבר שהיה חביב עלי כנפשי ואף העשיר את נפשי אולי יותר מכל מה שראיתי ולמדתי וקלטתי מהסתכלות ומשמיעה בילדותי, בנערותי ובשחרותי, היה — היער.

הדרך אל היער אף היא יצאה מאותה קרן־זוית שבשיפולי חצרנו מימין, מעבר לגן העזוב שהיה נשקף אל הנחל, ונמשכה לארכו עד קצהו הדרומי, שהיה מקוה־מים לא־עמוק, מין יאור מלאכותי רדוד, שברבות הימים הוביש ונהפך לבצה טובענית (מקום משם אפשר היה להשמאיל, לעקוף את אמת־המים לפני הגיעה אל גשר־עץ קטן ולעלות כמאחור אל הרחוב היהודי ואל בניני „חצר" הרבי והישיבה הגדולה שלו). משם נתלכסן כביש ועלה עד שפנה

ימינה והגיע עד חלקות היער הראשונות, הקלושות, שבסמוך לכביש (יער שניצה), שמאחריהן הלך יער־הארנים הלוך והתעבה, הלוך והתנשא, עולה גבעות ויורד עמקים, ועובי חום־אפור וריחני שלו הצפין בקרבו בריחת סנאים מהירים וחומקים, קופצים בחוצפה ובחן של גמישות מאמיר לאמיר, לחש רך וקריר של מעיינות דקים, בדולחיים, היוצאים פה ושם ממחבואם בתחתית־גבעה סדוקה, איים מנומרים של פטריות חיורות, ענוֹת כאדמה אך לא בריאות כמוה, מירבה פזורה של גרגרים אדומים, רומזים בצניעות מתוך השיכבה הריחנית של עלי־המחט, שטיח רך, עבה וחלקלק זה, שכף־הרגל שוקעת בו להנאתה, בעוד האוזן קולטת את המיית־הארנים המתנגנת חרש, בממתיקה סוד עם אותה פליאת־צפיה שחילחלה ספק בחלל האויר ספק בלב הנער שהיה נמלט הנה בחשאי מלחץ הכפיה של אהבת־אם שתלטנית ושל יקהת־אב נמהרת מתוך חוסר־עקיבות. ונדמה היה לו לנער מבקש־הפתרונים החולמני, שסגולת ההסתכ־לות שלו שימשה קליפה לגרעין חבוי של ביקורתיות, שהמיית היער היא הד והמשך לרחשי נפשו והיא כאילו מדברת אליו בלשונו האנושית־ההיולית, לשון שבטרם־לשון, שאין עמה מלים אלא תחושות ואין עמה מושגים מגדירים כי אם ציורים מסמלים בלבד.

באביב היה מחוז תשוקת־ההסתכלות שלי לא היער, אלא דוקה סביבתי הקרובה, וביחוד הגן הגדול של בית־הורי, עם שיחי הלילך ועצי־הפרי שלו — חלל־כפיה אשר בו כאילו מרחרח הייתי את שטפון הטמירין האֲורירִיים, המתרגשים לבוא לעולם כשהם מתבקעים ועולים מתחת למעטה השלג המתכהה והולך תמס, הייתי נושם אותם וטועם את טעמם המודע־הרחוק. אבל על צפיה משכרת זו ועל תחושותיה לא אתעכב, כי את מי אין כמו אלה?

בקיץ מפליג הייתי העמק לעבי־היער ומוצא עוז בנפשי לחדור למבוכיו הנמשכים לאורך ולרוחב עד למרחקים שמחוץ לתחום יכולת־הילד — ולא רק בגלל האיסור של הורי, שהתנגדו בתוקף לתאות־הנדודים שלי, שהיתה תוקפת אותי מזמן לזמן. אבל בתחום המאכסימאלי של יכלתי משוטט הייתי ללא חשש וללא היסוס ביער האהוב, ורגש־בטחון ליווני תמיד כאומר שלא יאונה לי כל רע, שאמצא את דרכי ואחזור הביתה בשלום ולמועד הדרוש. היער היה חלק עיקרי של מכורתי, שמרכזה הקופא ועומד היה אמנם בית־ההורים, אבל מוטות גבולותיה המתנועעים והמשתנים קיפלו תחתיהם תחומים מוחשיים ודמיוניים הרחק־הרחק מעבר לשטחו המוגבל. היער היה אחד המדורים הקבועים של עולמי, חדר בין חדרי ביתי הפנימי, סוכה ענקית ירוקה, שענפי אורן סוגרים עליה ועוטפים אותה בצללי־רמזים המגלים טפח ומכסים טפחיים וקול־הטבע העמום הולך בה מסוף הנעלם ועד סופו. בקיץ היה לבי יוצא אל הבריאה והייתי כמבקש שלא מדעת לחרוג מתוך עצמי ולהתמזג עם הטבע הפולש אל קרבי.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מעבר למגרש של שוק־הכפריים, מאחורי גדר־עץ גבוהה, השתרע גן־האחוזה הגדול של "הפריץ" ד', ובתוכו ביתו הלבן והנישא כעין ארמון. הגן היפה, שצלצול־כסף דק נישא תמיד מתוכו בשל צפצוף צפריו הרבות, ניטע

עוד "בימי פוניאטובסקי" על־ידי משפחת־אצילים פולנית לפי דוגמת פארק צרפתי מפורסם שבסמוך לפאריס, מימי לואי הי"ד, וכשירדה אותה משפחה מנכסיה קנה ממנה את האחוזה איזה דז'אֶדז'יץ * שנתעשר, ועתה (כלומר, בעשור האחרון של המאה הי"ט) ישב בה "פריץ" זה, ישיש מופלג דועך ומשותק למחצה, עם בתו, בתולה זקנה ואדוקה, שמנעמי־חייה היחידים היו שעות הוידוי אצל הכומר והרכיבה על סוס לבן סחור־סחור במשעוליו ושביליו הריתניים של הגן הגדול, המתפתלים ומשתלבים כמין מבוך, ויש שהיתה יוצאת, רכובה על סוסה השקט, למעשי־צדקה בכפרי הסביבה, אצל אריסים של אביה, כובע־קלחת גברי חום לראשה וכנפי צעיפה הלבן מתנופפים כדגל אחריה.

הכניסה לגן־האחוזה המפואר והריק מאדם היתה אסורה לזרים, אבל אנוכי, בנערותי, רשאי הייתי לטייל בו ארוכות וקצרות, מפקידה לפקידה, בחסדו של הגנן הראשי, פולני זקן וקפדן, שהיה מעין ידיד למשפחתנו שנתבלטה ביחודה על רקע העיירה, — נתבלטה בעיקר בזכות אמי יפת־התואר, שהיו לה גנוני "דאמה", דיברה פולנית צחה וידעה רוסית וגרמנית, ואולי ראש לכל בזכות סבתי רבקה'לי, אם אמי, שהיתה אשה אצילת־רוח, מפורסמת בחכמתה ובמידותיה התרומיות. ויש שהייתי מתלווה אל אמי בעת שהלכה לגן־האחוזה, לקנות מאותו גנן תות־שדה ואגסים משובחים (כי תפוחים ושזיפים, פטל, ענבי־שועל וגרגרי "יין", היו לנו בגן שלנו).

אותו פארק מצל ושטוף־זהרורים מלא היה, כגן־בוטאני, כל מיני אילנות־נוי נישאים ועבותים, שיחי שושנים וערוגות־פרחים ששגוניות לרוב. הוא הילך עלי רחשי פליאה ותשוקה ליופי כצורת־חיים וכמסגרת־קיום, ובימי קטנותי הוא מילא תפקיד ניכר בעולמי הפנימי. הוא תפס מקום גם בדמיונותי. שלא מדעת הייתי משווה אותו לנגדי תמיד, גם בשעה שלא הייתי מהלך בתוכו, שהרי תמיד היה הוא נשקף אלי מעבר לרחובנו. הוא סימל לי את זיו העולם, את התפארת שבטבע, את הסבר האסתיטי של פני החיים, וגילם לי את דמות־הקיום המאווה לעתיד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דמות מגושמת של יהודי המוני, שריתקתני בנערותי ונחרתה בזכרוני במיוחד שבה, היתה דמותו האתליטית אך המרושלת של משה שואב־המים, שכרוב כיעורו כן היה חותם התמימות המלבבת שבו. רחב־כתפים ועקום־רגלים היה, ובלכתו ברחוב לאטו בכפיפת־גב דובית כלשהי, צועה ברוב כוחו כבא מארץ־הקדם והוא עמוס אסל־עץ עם שני דליי־מים מלאים, שהיה מביא יום־יום, בקיץ ובחורף, לבתים שבחצרם לא היתה באר, היה מעלה בזכרוני את הגבעונים "שואבי־המים" אשר במקרא. מרחוק היה תואר פניו דומה לצוק שהרוחות שיוו לו דמות פרצוף, אבל מקרוב היה משהו מרתק ברשמיהם הכבדים. עיניו, עיני שור חומות־כהות ובולטות, הביעו תחושת־קיום חמה ובלתי־אמצעית שאין עמה הכרת חיים או הכרת עצמו, אבל כל חזות פניו הביעה יושר

* בעל משק חקלאי, מן הנמושות של השלאכטה (האצולה), או בן מעמד־הביניים שבין השלאכטה ובין ההדיוטות.

מוחלט, שאינו יודע שום פניה ימינה או שמאלה. ברור היה שאפשר להפקיד בידו אוצר והוא יחזור בשלמות לידי המפקיד — אך מי זה יפקיד אוצרות בידו של גולם, שלא יעלה על הדעת כלל לבקש בו, דוקה בו, תכונות מוסריות נעלות! שתקן גדול היה משה, "טוב", "הן", "לאו" — זה היה כמעט כל אוצר־המלים שלו, ואת השאר ביטא בהנעת ראש, שאפשר היה לפרשה לכמה פנים. בשכר הבאת זוג דליי מים — לפעמים ממרחק רב — היה מקבל שלוש או חמש קופיקות, וכשהיה נוטל את המטבע לידו החומה־הנפוחה היה מסתכל בו רגע כמהרהר ופונה מיד ללכת. ספק גדול הוא אם היה משתכר רובל שלם בעבודת יום שלם, אבל ספק גדול הוא כמו־כן אם עלה פעם על דעתו שכוחו ודאי היה עומד לו לעבוד במקצוע אחר, מכניס יותר ומכובד יותר בעיני הבריות. אבל שואֵב־מים זה — יותר משהיה חי עם הבריות היה חי בצדן של הבריות, בשולי הציבור. ומסופק אני אם מישהו בעיירה נתן פעם את דעתו על מצבו וצרכיו וצרכי־ביתו של שואב־המים, עבד־הציבור הנרצע הזה, שגם בעמדו בשבת אחרי־הצהרים בבית־המדרש, ליד הדלת, בחברת אומרי־התהלים, היה שותק כמאובן. כך יש שעם שלם חי בשולי האנושות או שציבור שלם חי בשולי האומה. "חוטבי־העצים ושואבי־המים" שלנו, שעמדו ליד הדלת בבית־המדרש, ניזונו מפירורי שולחן גבוה של תופסי־התורה ו"פני" הציבור היהודי, ועד שלא באה החסידות עם מושג הצדיקים הנסתרים שלה (וגם זאת בעיקר בשטח הסמל השירי־הדתי, ולא בתחום גילויי המציאות) — לא טרח איש לבחון את הסגולות הטמונות באחד הולך־חשכים כזה, שתקן ונוטה שכמו לסבול, ולתת לו, נוסף על מטבע נחושת ולחמא ענייא, גם מבט של תשומת־לב.

---

בין האדוקים המעטים שהיו מבאי־ביתנו בילדותי, עד שלא נתגלע הפירוד בין אבי ובין הציבור החסידי, היו גם דמויות קורנות באצילותן. הללו נקרו לביתנו על־פי־רוב אגב ביקור מעשי, בענין צדקה, אצל סבי, אבי אמי, שהיה דר בדירה הסמוכה לדירתנו, באגף האחורי הפונה בחלקו אל גן־העיר. רוֹך של רחמים וגמילות־חסדים חרות היה מסביב לעיניהם ובארשת פניהם. קטן הייתי אז, ואף־על־פי שהרגשתי יפה בטיב חסידותם הטבעית, שכאילו מסכה בהם משהו מיקרת ספר־תורה שהוצא מארון־הקודש, ובסגולת החיוב החמה, שהיתה הגורם המניע של הליכותיהם, המכוונות לקודקס פנימי מסוים, עוד לא הייתי מסוגל אז, בכל־זאת, לקלוט את תמונת אישיותם במלואה, ועד היום צר לי על שמרחק השנים טישטש בזכרוני את דמות־היחיד של איש ואיש מיהודים מגובשים וחזקים אלה ושוב איני רואה אותם כל אחד לעצמו ובבירור עצמותו, אלא בצורה קיבוצית בלבד, כטיפוס השונה לטובה בתמציתו משאר טיפוסי אחינו בני־ישראל שבעיירה.

אבל זוכר אני מנהגם המעודן והמכובד של למדנים יראי־שמים אלה, ששום קו קאריקאטורי לא דבק בהם, כיצד היו יושבים אל השולחן, בהזדמנם לביתנו, לאור מנורת־ה"ברק" התלויה ויורדת מן התקרה, כשליחי בשורה שאותה מגלים רק לצנועים, והם קורנים מזיו חשיבות מסותרת וכמו עמוסים נטל־אחריות

וזהירים שלא להטיל שום פגם קליל, בתנועה או זיו כל־שהוא, בענין הממלא את רוחם, שאליו היו ניגשים לאטם, בעקיפין ובנחת, משוחחים מעט על דברים הקרובים לאותו ענין ומתבלים את דבריהם המתונים, מזמן לזמן באנחה מסוג מיוחד, אנחה יהודית אופיינית, הנשמעת לכמה טעמים וכמו באה לרמז שמלבד מה שאפשר לומר באותו ענין במלים מפורשות ובלשון בני־אדם יש תמיד עוד משהו שאין לו ביטוי כלל, הואיל ומלבד האספקלריה המושכלת, שמתוכה נאמרו הדברים, יש עוד אספקלריה כמוסה, שאותה אפשר לבטא רק באנחה של רזיגנאציה.

זיו־פנים של תלמיד־חכם יהודי חסוד היה לרב דמתא. רק ארון־הקודש מבדיל היה בין מקומו ליד קיר המזרח בבית־המדרש ובין מקומו של אבי משמאל לארון־הקודש, וכל־אימת שראיתי את הרב הזקן בנערותי, בשעת תפילת־שחרית של שבת ומועד, אמרתי אל לבי: עליו נאמר בתהלים: "הולך תמים ופועל צדק", "נקי־כפים ובר־לבב". לדיבורו המהיר והעצבני במקצת היה צליל של ענוה ורדיפת־שלום. איני יודע אם אפשר היה לומר עליו כי "הוא זיוה הוא הדרה" של עירו, אבל בעיני היה לו משהו מלבב ומעורר־כבוד כאחד.

משנעשיתי בר־מצוה נשלחתי לביתו כדי שיבחנני בגמרא. אותה שעה תמהתי על דלות מעונו הקטן ורהיטיו הפשוטים והישנים. — מתוך הברק הרך ומלא הסיפוק בעיניו של אבי בשעה שסיפר לאמי את אשר הגיד לו הרב אחרי אותה בחינה הבינותי שהרב הפליג בשבחי, אולי כדי לגרום נחת־רוח לאבי, שהיה מקובל עליו מאוד.

פעם ופעמיים נלוויתי אל אמי בלכתה לבקר אצל הרבנית, לפי בקשתה של אשה פשוטה וטובה זו, שהתאוננה בצנעה לפני אמי על שמשכורתו הזעומה של הרב אינה מספיקה לפרנסת הבית.

איש חסיד ולמדן, מצניע לכת עם אלוהיו ועם הבריות, ר' יונה, היה מלמד־גמרא שלי בתקופת בר־מצוה ולאחריה. כבן ז"ך, לכל היותר, היה, אבל נראה קשיש יותר בגלל סבל דאגות הפרנסה וצערו על היותו חשוך־בנים. יונת־אֵלם היה, וכן היתה אשתו התמימה, בחדרם הדל והנקי שליד דירת חותנו הרגזן, מקום שמה באתי פעם, באחת משבתות הקיץ, ללמוד "פרקי אבות". בלב הכיעור וההמולה של רחוב־החנויות היהודי, מעבר לכיכר השוק (רחוב שׂניצה), היה אֵלם של עדינות אופף את הזוג נקי־הדעת והענו הזה. הקו הישר של סגור שפתיו, המתעקם מעט לצד שמאל, נראה כמין מחסום של צידוק־הדין, שדרכו לא יצאה מעולם שום תלונה מפיו. זקן לחיו השמאלית היה קצר מאוד לעומת זקן לחי־ימין שלו, למעת שהיה אוֹנס ("רחמנא פטריה") לגלח את שער הלחי הזו לצורך ניתוח, אבל מראה משונה זה לא היה נלעג בעיני כלל, עד כדי כך רואה הייתי את כל ישותו של יהודי אהוב וברור זה (שחיבבני מאוד) כעטופה ארשת של נפשיות חיובית, שנפשי היתה עונה לה תמיד בהן שלם.

בנובומינסק היתה ישיבה גדולה, שנוסדה על־ידי הרבי ר' יעקב פרלוב, שרישומו היה ניכר בעיירה (הוא היה נכדו, מצד אמו, של הרבי ר' שלמה חיים מקיידנוב). כשנפטר רבי זה בשנת תרס"ב (1902) הלך קהל חסידים עצום אחרי ארונו.

זוכר אני שהיה יום־גשם, ואני (כבן שמונה וחצי הייתי אז) נשארתי בבית לבדי עם המינקת של אחותי, אשה פתיה מעיירה קטנה, כשלבי מחולק עלי בין אוירת־האבל הכללית ובין המראה המושך של דדי המינקת הגדולים בשעת הנקת התינוקת החמודה.

כעבור שבע שנים הייתי יוצא־ונכנס זמן־מה ב"חצר" של הרבי ר' אלתר (ישראל שמעון) פרלוב, בנו של מיסד הישיבה, כבקרי שם אצל שני בחורים בני גילי, קרובי הרבי, ושתי אחיותיהם, שדרו בחצר האדמו"ר. אחד מהם, שהיה שואף השכלה, ידע היטב עברית ועלה ארצה ישראל בתחילת מלחמת־העולם הראשונה. אבל הוא לקה במחלת הנכפה וטבע בימה של תל־אביב כשתקף עליו חליו בשעה שרחץ בים.

הרבי ר' אלתר היה שולח לפעמים לבקש מאבי שיסור אליו, כדי להיוועץ אתו במלי דעלמא. מוקיר היה את אבי על היותו שומר־מסורת עם שהיה מן המשכילים. ואמי היתה מבקרת לפעמים אצל הרבנית הפקחית, שנהגה לספר בהדגשה יתרה שהוא ממעט באכילה עד להדאיג ומעולם אינו טועם אלא כזית.

מוזר במקצת היה עצם הקשר הזה בין ביתנו לבין בית הרבי ר' אלתר, שבו ידעו היטב שאבי מסתייג מן "הצדיקים" ומן החסידים למיניהם, ולא עוד אלא שהוא נותן לבנו יחידו גם חנוך חילוני.

אשר לי, מרגיש הייתי ב"חצר" של הרבי אם לא אוירה של אצילות־הרוח — מכל־מקום קורטוב של פאטריארכאליות יהודית, שלא היתה מצויה ביותר בעיירה ושעליה חלמתי בשחר נעורי (אולי גם בהשפעת הספר "זכרונות לבית דוד"), ועם זה לא בלט כאן אותו קו של כיעור, שמפניו הייתי בורח אינסטינקטיבית כבר בנערותי. אבל ברור היה לי שאין זו בשום פנים האוירה שלי.

מובן שלא הכרה היסטוריסטית, אלא בעיקר הרושם האסתטי הוא שהיה, בגילי אז, הגורם הקובע את יחסי לאדוקים שבעיירה. ומשום כך, כל־אימת שראיתי יהודי שגלימת ההתקדשות לתורה וחומרת המסורת עוטות בו את יפיותו של שם — היה לבי יוצא אל דמותו. ולכן, למראה חסידים זיותנים כאלה שהזכרתי, עוד רחוקה היתה אז ממני המחשבה, שבאה רק כעבור כמה שנים, כי "יהודים יפים" אלה, בכל הנעימות והבהירות האישית אשר עמם, מגלמים את השמרנות הנוקשה, המאנדארינית, של הדת כמין חומת סין, שמתעקשת לעצור את מהלך הזמן. היהדות הרבנית, בכל הכוח־המשמר שהיה לה על קיומו של עם ישראל, שבלא ספק רב בזכות חיי הדת לא נטמע בגויים, הריהו בזמננו שלטון־אנאכרוניסם נוקשה, מסוג התופעות שאינן עומדות בפני הביקורת ואינן מסוגלות להתחשב בביקורת, ולכן הן קיימות למרות כל ביקורת.

דמות־דיוקן שנחתמה בי בסממנים חמימים היא של מי שהיה משך זמן לא־רב מורי לעברית ותנ"ך, קאראסיק, שהיה חייל בגדוד־הרגלים שחנה בעירנו. זה היה איש־חמודות, שגם מתחת למדי־הצבא בלט בו ללא טשטוש האדם נקי־הדעת, בעל האופי הישר והעדין, והיהודי היקר, תלמיד־חכם ענוותן, שהלשון העברית היתה משוש חייו. בן־תורה משכיל זה, שהיה בריא בגופו, לא רצה להשתמט מעבודת־הצבא וקיבל אותה על עצמו מתוך הגינות ומתוך מחאה על מנהג ההשתמטות של אחינו בני־ישראל תחת שלטון הצאר. הוא ידע להאהיב

עלי את הדקדוק העברי. אהבה שמורה לו בלבי עד היום הזה, בכל מרחק השנים, לא רק בשל מה שקיבלתי ממנו, אלא גם — ובעיקר — בגלל חינו האישי והאור אשר קרן ממנו.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אבל הדמות הנאצלה ביותר, היקרה ביותר, שנחרתה בנפשי מימי ילדותי, דמות רבקה סבתי, אם אמי, שכבר הזכרתי לעיל — דוקה היא נראית לי ממרחק השנים כמבעד לדוק של עמעום פניני, שנרקם ממעט רשמי המגע הממשי שהיו לי אתה בילדותי ומריבוים של דברים שנודעו לי על אודותיה מתוך השמועה ולפי עדותם של אלה שהכירוה. כי היא מתה עלי בעודני ילד כבן שש או שבע.

הסבתא רבקה'לי מפורסמת היתה בכל הסביבה, בקהילות קרובות ורחוקות שבפלך וארשה, כאשת־תבונות חסודה וברת־לבב, אצילת הליכות ורבת טאקט, זהירה בכבוד הזולת לא פחות משהיתה זהירה בשמירת המצוות ודיני הדת. היא היתה מין נסיכה יהודית זקנה ויראת־שמים, שעוררה כבוד בלב כל רואיה ואהבה בלב כל יודעיה. מקרוב ומרחוק היו נשים וגברים מרי־נפש ומעוני־גורל באים לביתה לשפוך לפניה את לבם, לבקש עצה או עזרה באשר קצרה ידם מהושיע את עצמם, וכולם מצאו אצלה סעד של נחמה ועידוד ועצה טובה, סיוע שבהשתדלות, גמילות־חסד ותמיכת כסף. ידוע היה שנהגה להמציא לנצרכים מתן־בסתר היא היתה לא רק אשה צדקת, אלא מעין "צדיק"־אשה, שחישוכי־יום ונבוכי־מצוקה כאילו ביקשו בה כוח־מתווך בינם לבין ההשגחה, כביכול, אבל "צדיק" שלא קיבל פדיון ולא התעטף בתגא, כי אם להיפך — כל מבוקשה היה רק לתת, ונתינתה היתה בענוה ובפשטות גמורה.

בבגדיה משובחי האריג, הפשוטים והנקיים, שריח של אתרוג עטוף פשתן נדף מהם, ובמטפחת־המשי הפנינית־המזהיבה לראשה היפה, היה קלסתר פניה מפיק זיו של גינוני מלכות פנימית, שאין עמה שום כוונת מכוון. אכן ארשת־פנים זו היא הזכורה לי ממנה ביותר ושמורה בקרבי, ומודה אני שבסתר לבי גאה אני (ולא מלשון גאוה, חלילה) על שהנני נכדה של אצילה יהודית כשרה וצנועה זו, החיה וקיימת אי־שם במעמקי, כל ימי.

סבי, אבי אמי, ר' וולוויל גולדשטיין, היה למדן גדול וסוחר־יערות, "גביר בעמיו", מחסידי אלכסנדר. היתה לו סמיכה לרבנות, אך הוא לא רצה לעשות את תורתו קרדום לחפור בו. ברם, מעולם גם לא ראיתיו עוסק בפרקמטיה, יושב היה על התורה ועל העבודה, לומד כל היום, כל הימים. מפקידה לפקידה היה "הנאמן" שלו בא אליו לתת לו דין־וחשבון על העסקים, ואז היה סבי מוציא את מטפחתו הגדולה, האדומה, מן הכיס של כנף בגדו האחורית, מניח אותה על־גבי הגמרא הפתוחה, מפנה את צד ימינו אל "הנאמן" העומד עליו, מציץ מעט בחשבונות, מקמט את מצחו, תולש שערה מזקנו הלבן, מסיר את משקפיו, מקנחם וחוזר ומרכיבם ופולט בפלגות־קול "נו, נו" של הסכמה, שמתחתיה מגיח קורטוב של פקפוק — וחוזר אל תלמודו.

אבל זקן שתקן וירא־שמים זה, בכל מתינותו ופאטריארכאליותו, היה גם כעסן מטבעו, ואף ידע לכבוש את יצרו. מעולם לא הניח לכעסו לפרוץ במלים, ורק רשמי פניו, באותה שעה, נתחדדו ונתקשו ובעיניו הוצת ברק מושחז, ואז היה מסב את פניו, מתכנס לתוך עצמו וכמו סוגר בעדו — ושב ללמוד את פרקו.

אחרי מות סבתי (אמנם רק כעבור ארבע או חמש שנים) נשא סבי אשה שניה, ששידכו לו, אלמנה גוצה, חמוצה־מתקתקת, שבהעמדת־הפנים הזלגנית־זחלנית שלה כאילו ביקשה לה סיתרה מרושם השיקרות העלובה שביצבצה מכל ישותה. ואני לא יכולתי להבין כלל כיצד זה יכול סבי להכניס לתוך חייו, המוקפים חומת שמרנות עקשנית, אשה זרה כל־כך וכיעור כזה תחת תפארת־הטוהר של סבתי — היחידה בנשים, לדעתי. ואם רחוק הייתי ממנו גם קודם, מחמת שמסתייג היה ממני בגלל חינוכי הפסול בעיניו, הרי למיום נשואיו אלה שוב לא הייתי מבקר אצלו אלא לעתים רחוקות. נוכחותה של האשה הזרה היתה מין חילול־הקודש בעיני. ואמנם המעשה כמו התנקם בו, כי מאותו זמן ואילך נעשה רגזן, סר וזעף (תחת אשר קודם היה, כאמור, רק כעסן הכובש את חרונו).

מבאי־ביתנו החורגים, כביכול, היה לייזר השען, איש פשוט ועממי ולב־זהב לו, והוא שתקן ומגושם במקצת, בריא כלפי חוץ ועדין כלפי פנים, אדום שער ובעל עינים טובות, אילמות־מבט, עינים השולחות חוצה רק מה שאינו עשוי לפגוע בזולת ועוצרות פנימה כל מה שעלול לגרום אי־נעימות למישהו. לא חסיד ולא שומר־מצוות ולא בעל־עבירה ולא משכיל, אבל קצת "מתנגד", עם נטיה מסותרת ל"בונד", אך רק להלכה ולא למעשה, ודאי מתוך שינאת כל אלימות ואהבת השלום והסדר. שלום עליכם וניגוני חזנים היו מזונו הרוחני היחיד, ובפוליטיקה לא היה שוגה כלל, אפילו בשנים שרוסיה, ועמה כל הרחוב היהודי, היו כמרקחה על סף המהפכה הרוסית הראשונה, ולא התעניין בה אלא כבשמועה מעומעמת, הבאה מקצוי־תבל רחוקים. אבל מהלך המלחמה עם יפאן עורר בו ענין רב, ובעיקר שמח על מפלותיה של רוסיה במזרח הרחוק — טביעת הצי הרוסי בצוסימה ונפילת פורט־ארטור היו לו ימי־חג, אולי מתוך שנאתו ל"פוניא" הרוסי, שנשמרה בלבו למעת שנלקח לצבא ושירת באיזה פלך רוסי נידח. מכל התנ"ך נהיר היה לו רק הביטוי "פת־בג המלך", בצדו של "אשרי יושבי ביתך" ואולי עוד כמה פירורי תהלים.

לייזר רגיל היה לבוא לביתנו, לפרקים, במוצאי־שבתות לשחק בשחמט עם אבי (ולפעמים גם עמי, לשם בידוח־הדעת ומתוך רצון לגרום נחת־רוח לבן־טובים רך זה, בן מיטיבו ואיש־חסדו). כניסתו היתה בשקט, בהיסוס־מה, בענוה, כשהחיבה היתרה והמסירות לביתנו ממש מפכה וקורנת מתוכו. בנימוס ובלא קול־מציצה היה שותה תה חם ומהביל, כוס אחר כוס, שמזגה לו אמי מן הסאַמוֹבר המצהיב שבירכתי השולחן (אמי אהבה סמוֹבר ושנאה קומקומים) — ומשחק בשתיקה: דיבורים על מלחמת יפאן ועל מעשי המחתרת המהפכנית זמנם היה קודם השחמט ולאחריו. ולפני לכתו לא היה שוכח לפקוד במבט בוחן את שעון־

הקיר הגדול והאצילי, מעצי־הבנים, בעל משקלות־הגלילים מפליז נוצץ, התלויות ויורדות לו למטה מן המטוטלת הארוכה — כדי להיווכח אם הוא ״הולך״ כתי־קונו, כלומר — בהשוואה לשעון־הכיס שלו, שהרי הוא, לייזר, הוא שתיקן אותו פעם ופעמיים (ולא אבה בשום אופן לקבל שכר, בתירוץ שזה שעון יקר־מציאות, שלא כל יום מזדמן לו לבעל־מקצוע לראות כמותו ושהוא, לייזר, נמצא איפוא לומד ממנו, וזה שכרו).

יום אחד קרה דבר שזיעזעני: בנו הבכור של לייזר, בחור שטיבו לא היה ברור לי ואף לא הכרתיו היטב (אם כי הם דרו מעבר לגן־העיר, כמעט מול ביתנו), ניסה לשלוח יד בנפשו בגלל אהבה נכזבת. הוא נשאר בחיים, אבל נשאר ״מתאבד״ בעיני לכל הימים, וזה כמו הטיל צל־פחדים ביני ובין לייזר, שמאז לא יכולתי עוד להביט ישר לעיניו של האב הנבוך והמדוכא.



יוסף־בער פּאָפּאָווסקי ז״ל

# אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

(פראַגמענטן פון זיינע פאַרבליבענע כתבים)

## צום זיידן אויף פּסח

חול המועד פּסח נעמט מיר דער טאַטע מיט צום זיידן מיט דער באַבען קיין נאָוואָ־מינסק. מיר פאָרן פון וואַרשע־ווינער וואָקזאַל ביז קאָלושיק. דאָרט מוז מען לאַנג וואַרטן. דערנאָך זעצן מיר זיך אַריין אין דער דריטער קלאַס, ווייל אין דער פּערטער דאַרף מען שטיין. דריי מאָל קלינגט דער גלאָק און די באַן הייבט אָן צו סאַפּען און צו פאָרן. די רעדער קלאַפּן און די וועלדער מיט די פעלדער לויפן אויף צוריק. אַלע פּאָר סעקונדן לויפט אַ סלופּ פאַרביי די באַן און די פאַרזייטע זאַגאָנעס טוישן זיך ווי אין אַ מעשה־ביכל, ווו עס זענען אויסגעמאָלן מענטשעלעך מיט פעלדער, וועלדער און קי. איך זיץ צוגעפּרעסט צום פענסטער, און וואָלט אַזוי אייביק אַרויסגעקוקט, אַזוי שיין און גוט איז דאָס פאָרן.

דערנאָך קומט אַריין דער קאָנדוקטאָר און איך האָב נישט קיין בילעט, ווייל איך בין קליין. דער טאַטע זאָגט, איך זאָל מיר איינקאָרטשען, אָבער דער קאָנדוקטאָר רעדט אויף רוסיש און ווייזט אויף מיר מיט דער האַנט, קעגנאיבער אונדז זיצט אַ ייד און ער זאָגט צום טאַטן:

— מען דאַרף אים עפּעס נתנען אין יד אַריין.

דער טאַטע גיט דעם קאָנדוקטאָר אַ זילבערנעם גילדן און ער גייט אַוועק.

מיר קומען אָן קיין נאָוואָמינסק צום זיידן מיט דער באָבען און אַלע פרייען זיך מיט אונדז.

צום זיידן אין שענק קומען כסדר רוסישע זעלנער, וועלכע „שטייען" אין אַ קאַזאַרמע דערנעבן און זיי הייסן זיך דערלאַנגען ביר. נאָר ס'איז פּסח, און מיין מומע פּערל — דעם זיידנס עלטסטע טאָכטער, אַ הויכע און אַ שטאַלטנע, שטייט הינטערן בופעט און זאָגט צו די זעלנער זיי זאָלן קומען נאָך יום טוב, ווייל ביר איז חמץ. די זעלנער לאַכן מיט גראָבע קולות און זאָגן:

— נאָר אַ קליין ביסל ביר, זאָל מען זיי דערווייל געבן, ניט קיין סך.

זיי דערוואַרטן זיך קוים אויף אסרו חג. און אין דעם טאָג זענען פול אַלע שטובן ביים זיידן, ביי אַלע טישלעך זיצן זעלנער און טרינקען ביר פון גרויסע

גלעזער. זיי ווינקען צו מיר און רופן מיך — „מאַלטשיק, פּאַדי סודא״ און ווילן מיך נעמען אויף די קני. איך אַנטלויף, ווייל איך האָב מורא פאַר זיי.

דערנאָך, איז אויף די „פּיאַסקעס״, ווו דער זיידע וווינט און האָט די שענק — און אַלע מיטוואָך איז דאָרט מאַרק אויף קי און חזירים — דאָ דער גרויסער יאַר־יאַריד. ער פאַלט אויס אין אַ מאָנטיק און די גאַנצע פּיאַסקאָווע גאַס ביז העט־העט אַראָפּ ביזקל צו דער באַן איז פול מיט קי און ריזיקע אָקסן, וואָס זענען צוגע־בונדן מיט קייטן צו סלופּעס. זיי האָבן אייזערנע רינגען אין די נעז און עס רינט זיי כסדר אַ געלער שוים פון די פּיסקעס. די חזירים קוויטשען אָן אויפהער מיט מיאוסע גרילצנדיקע קולות. עס זענען אויך דאָ פערד און יונגע לאָשיקלעך.

יידן מיט גראָבע סענקעוואַטע שטעקנס אין די גרויסע פעסטע הענט, מיט רויטע נאַקנס גייען אַרום, הייבן אויף די ליפּן ביי די פערד און קוקן אין די גרויסע געלע פערדישע ציין. דערנאָך לויפן זיי מיט די פערד, אָנגעבונדענע אויף שטריקלעך ביי די גרויסע העלדזער, אויף אויסצופּראָבירן. און צום סוף פּאַטשן זיי זיך מיט די גויים לאַנג אין די הענט אַריין.

דערנאָך קומט מען צום זיידן אין שענק. מען צעקלאַפּט די שאָלן פון די האַרטע אייער — וואָס שטייען אין גרויסן סלאָי אויפן בופעט — אין קאַנטן פון די טישלעך און מען וואַרפט די שאָלעכץ אויף דער פּאָדלאָגע. די באָבע גיסט איין קעלישקעלעך בראָנפן וואָס זי האָט באַהאַלטן הינטערן פאַרטעך. די מומע הינדעלע, די ייִנגסטע גערעטענע טאָכטער דער באָבעס, שטייט אינדרויסן פאַר דער טיר און גיט אַכטונג צי ס׳גייט נישט דער „אַקציזניק״.

די גויים גיסן אַריין מיט איין מאָל דאָס גלעזל אין דער קעל אַריין און זאָגן צו די יידן אויסגעלערנטע יידישע ווערטער:

— „כאיעם״, „שאָלעם״.

אָפּגעפּרייט זיך ביים זיידן מיט דער באָבען, אָנגעשפּילט זיך אַ גאַנצן חול המועד אין ניס, וואָס די באָבע האָט מיר אָנגעפּילט אַלע קעשענעס, און אַ העלפט פון זיי פאַרשפּילט צו דער שוחטקעס גרויסע בנאָקעס, וואָס האָבן געמאַכט „שאקרעס״ ביים אַריינשאַרן די ניס אין „גריבל״, פאָרט מען צוריק קיין לאָדזש, ווייל אַזאַ יונג, וואָס איז שוין באַלד פינף יאָר, דאַרף נישט אַרומגיין פּוסט און פּאַסט, זאָגט דער טאַטע, און ער דינגט מיך אָן אין אַ חדר „מתוקן״.

## דאָס פערצנטע יאָר

„זיי״ זענען שוין אַריין אין קאַליש, זאָגט מען:

— ס׳איז נישט קיין וווּנדער — זאָגן יידן, — אַז „זיי״ האָבן זיך געגרייט פערציק יאָר. — און איר וועט זען ווי „פּאָניע״ וועט האָבן אַ שוואַרצן סוף. — אַז ער האָט געכאַפּט די מפּלה ביים יאַפּאַנטשיק, וועט ער דאָך ביי „יעקע מיטן טאָפּ קאַווע״ אַוודאי און אַוודאי פאַרשפּילן.

די עמלקים האָבן אין קאַליש דערשאָסן אומשולדיקע יידן — דערציילט מען — און יידן הייבן אָן צו אַנטלויפן פון לאָדזש.

ס׳איז אַ גינגאָלדענער פרימאָרגן אויף גאָטס וועלט, און מיר קינדער, דער טאַטע און די מאַמע זיצן אין אַ „ריסאַרקע״ — אַזאַ מין וואָגן: חצי דראָזשקע,

חצי פויעריש פורל. מיר פאָרן קיין נאָוואָמינסק צום זיידן מיט דער באַבען, ווייל אין דריי חדשים וועט שוין זיין נאָך דער מלחמה, וועט מען צוריקקומען...

דער וועג קיין וואַרשע איז נישט דערזעלביקער ווי מיט דער באַן איבער קאַלושין און סקערוועניץ, וווהין דער טאַטע פאָרט אַלעמאָל צום רבין זיינעם, — נאָר איבער בזשעזשין, גלאָוונע, סטריקעוו און לוויוויטש.

אומעטום, ווו מיר פאָרן פאַרביי, שטייען אַ סך יידן אויף די גאַסן און אויף די פּלעצער און פרעגן זיך נאָך, וואָס הערט מען אין לאָדזש? און צי „זיי" האָבן שוין איינגענומען די שטאָט.

אַ מחייה צו פאָרן אין אַן אָפענעם וואָגן איבער געדיכטע טונקעלע וועלדער און גרינע פעלדער. דער שאָסיי ציט זיך ווייט, ווייט ווי אַ לאַנגע ווייסע לענטע. לאַנגע פאַסן פאַרזייטע זאַגאָנעס און קי ביי די שאָסיי־ברעגן „באַגריסן" אונדז תמימותדיק מיט זייערע גרויסע מעלהגרהדיקע מאָרדעס.

אין די קילע נעכט דעקט אונדז דער טאַטע איין, מיט פּלאַכטעס און איבערן קאָפּ וואַכט אַ טונקעלער בלויער הימל מיט אַ סך שטערן.

אין די פאַרטאָגן קומען אונדז אַנטקעגן פויערים אין ברייטע הויזן און פויער־טעס אין פעלערינעס מיט קאָלירטע פאַסן. זיי טראָגן גרויסע קאַנען מיט מילך און נעמען אַראָפּ די היטלעך. מיר זאָגן צו די פויערים, וואָס אַרבעטן אויף די פעלדער:

— „שטיענשטש באָזשע"! און זיי ענטפערן אָפּ — „בוג זאַפּלאַטש".

ווען מיר פאָרן פאַרביי אין אַ פאַרנעפּלטן פרימאָרגן די שטאָט לוויוויטש, שרייט מען פון אונדזער פור און פון די פורן וואָס פאָרן נאָך אונדז אויף אַ געלעכטער:

— „יידן מ̇ען האָט אייך אין לוויוויטש"...

הינטער וואַרשע איז דאָ אַ סך רוסיש „וואָיסק" (מיליטער). זיי ליגן אין די ראָוועס, אין די זאַמד־גראָז שינעלן מיט די ביקסן אין די הענט און דרימלען אין דער היץ. מען זעט אויך אַ סך פערד און זיי זענען אָפּגעפּאַרבט אויף גרין. די זעלנער טשעפּען אונדז נישט, כאָטש מיר זענען יידן, ווייל מיר זענען יחסנים: „היימלאָזע", וואָס אַנטלויפן פאַרן דייטש.

ביים זיידן אין מינסק, אין שענק, איז זייער היימלעך. אַלע שטובן זענען פאַרנומען, און פול מיט יידן, ווייל עס זענען אָנגעקומען אַ סך „ראַטניקעס", דאָס הייסט, די עלטערע פון פערציק יאָר און מיט רויטע בילעטן.

דער „וואָיסקע נאַטשאַלניק" אין נאָוואָמינסק איז אַ גרויסער „לאַפּקע־בחור" און יידן גייען — פריי.

אַחוץ דעם זענען דאָ אַ סך וואָס עס פעלן זיי דריי פינגער ביים רעכטן פוס, אָדער דער ווייז־פינגער איז אינגאַנצן אַן איינגעקרומטער. אַנדערע האָבן גאָר אין מויל נאָר צו אַ צוויי־דריי ציין און נישט מער, אָדער האָבן גאָר אַ „פּייפער". דאָס הייסט, עס רינט זיי — נישט פאַר אונדז געדאַכט — פון אויער. עס זענען אויך דאָ „מלאכים", דאָס הייסט, אַזעלכע וואָס האָבן — ברוך השם — אַ סך חסרונות און „שטייען" צו עטלעכע מאָל פאַר אַנדערע...

אין נאָוואָמינסק, ווייסט מען נאָך דערוויייל נישט קיין סך וועגן דער מלחמה. אויסער די פאַרבייגייענדע צוגן מיט די רויטע לאַסט־וואַגאָנען אָנגעפּראָפּט מיט זעלנער, וואָס קוקן אַרויס פון די אָפענע וואַגאָנען מיט צעכראַסטעטע רובאַשקעס

און אויסגעטאָן די שטיוול און „אָניצעס”, זעען זיי אויס ווי פּי, וואָס מען שיקט ערגעץ צו שעכט־הייזער, און מיר יינגלעך מאַכן צו זיי מיט די נאָז־טיכלעך אויף אַדיע. און אויסער די צוריקערנדיקע פּאַסאַזשירן־צוגן מיט אַרומגעבונדענע אין ווייסע באַנדאַזשן — זעלנער, וואָס גוט־האַרציקע דאַמען דערלאַנגען דורך די פענסטער ציגאַרעטן און נאַשוואַרג — ווייסט נאָוואָמינסק נישט דערווייל קיין סך וועגן מלחמה. זי האָט אויך נישט קיין קאָפּ צו דעם, ווייל עס גייט דאָרט אָן די גרויסע מחלוקת וועגן אַ נייעם רב. העלפט יידן ווילן דעם „מעכאָוווער” און די בעלי־מלאכות און די „אויפגעקלערטע” דעם „בריסקער”, וואָס קען גוט רוסיש, פּויליש און דייטש; איז אַ תלמיד פון ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק און מען זאָגט, אַז ער איז צו גאָט און צו לייט.

די שוחטים און די חברה קדישא זענען אויך צעטיילט. די יידן פון די צוויי צדדים עסן נישט פון דער שחיטה פון אַנדערן שוחט, ווייל עס איז טריף ווי חזיר, די שחיטה פון יענעם רבס אָנהענגער.

אין שטאָט איז אויסגעבראָכן די שקאַרלאַטינע. דאָס — זאָגן יידן — קומט פון די זינד פון עסן דאָס טריפה־פלייש פון דער געאסרטער שחיטה.

מיין שוועסטער און מיינע ברידער זענען אַלע קראַנק אויף דער שקאַרלאַ־טינע. איך נישט. פאָר איך צוריק מיט דער מאַמען קיין לאָדזש, כדי איך זאָל אויך נישט קראַנק ווערן.

## מיר ציען זיך איבער קיין מינסק

אין די בלעטער שטייען יעדן טאָג ריזיקע צייטונגס־קעפּ מיט נעמען פון שטעט וואָס זענען „געפאַלן”.

אין אַ הונגעריקן טאָג, ווען איך גיי נישט מער אין חדר, ווייל איך האָב נישט קיין שיך, קומט אָן די ידיעה „וואַרשע געפאַלן”. באַלד קומט מיין טאַטע אָן קיין לאָדזש. ער זעט אויס גוט מיט אַ פאַרמלחמהדיק פּנים און אַלע שכנים לויפן קוקן אויף אַ דיקן מענטשן, וואָס זיי האָבן שוין אַזוי לאַנג מער נישט געזען. עס דויערט נישט לאַנג און מיין טאַטע ווערט אויך מאָגער און דאַר ווי אַלע לאָדזשער.

די מלחמה דויערט שוין אַ סך יאָרן. אין די טראַמווייען און אויף די גאַסן לייענט מען בלעטער מיט ידיעות פון איבערקערענישן אין ווייטן רוסלאַנד. דער טאַטע פאַרקויפט אַ סך זאַכן פון שטוב און מיר פאַרלאָזן לאָדזש אויף שטענדיק. מיר פאָרן פּרוּוון גליק אין נאָוואָמינסק.

אַ האַלבע שטאָט יידן אין נאָוואָמינסק פירט געשמוגלט פלייש און ברויט קיין וואַרשע און מיין טאַטע נעמט זיך אויך צו דער אָ פּרנסה.

ער לייגט אַריין אַ צען פונט פלייש אין טלית־זאַק און גייט צו דער באַן.

אין נאָוואָמינסק זענען פאַראַן פיר זשאַנדאַרן און זיי זענען דער שרעק פון די שמוגלערס. זיי טראָגן גרויסע בלעכן אויף קייטן אויף זייערע העלדזער. און יעדער קען זיי ביי די נעמען:

— ווייזנער, וואַפנער „פּאָמפּעדידל” — ווייל ער איז אַ קורצער און אַ פעטער — און „די מאָרווקע”, ווייל ער איז קליין און דאַר. ווען מיין טאַטע גייט

צום ערשטן מאָל אין אַ טונקעלן קילן פֿאַרטאָג פֿירן דאָס פֿלייש קיין וואַרשע, קומט אים אַקעגן „פּאַמפּידידל״ און ער פֿרעגט זיך:

— ידע, וואָס האָסטו היער?״

— מיין געבעט־זאַק, — זאָגט דער טאַטע און ער איז געל ווי וואַקס.

— ציג, זאָגט דער דייטש און ער נעמט צו ביים טאַטן דאָס פֿלייש.

און יענעם טאָג איז ביי אונדז אין שטוב „יום־כפור״.

מיר פֿאַרקויפֿן די שאַנק און קויפֿן אַ זעקל גרויפּן צו פֿירן קיין וואַרשע. אין יענעם פֿאַרטאָג, ווען דער טאַטע דאַרף פֿירן די גרויפּן קיין וואַרשע, איז אַן אָבלאַווע אויפֿן גאַנצן צוג וואָס גייט קיין וואַרשע און אַלע סחורות: ברויט, פֿלייש, פּוטער און גרויפּן ווערן ביי די יידן אַוועקגענומען און געלאַדעוועט אויף פּויערישע פֿורלעך. די פּוילישע הילפֿס־מיליץ העלפֿט צו מיט אַ גרויסער הנאה דעם דייטש, ביים באַראַבעווען די יידן. און מיין טאַטע באַווייַנט די שאַנק וואָס האָט אַמאָל באַצירט אונדזער שטוב אין לאָדזש נאָך.

אונדזער שטוב איז נישט ווייט פֿון דער באַן. און אַ האַלבע שעה פֿאַרן צוג, קומען די ווייבער זיך אָנטון דאָס פֿלייש און דאָס ברויט ביי אונדז אין דער שטוב.

די גרויסע און דיקע כומע־לאה האָט זיך אויפֿגענייט אין די באַרכענטענע האַלקע לאַנגע פּאַכלעך־קעשענעס פֿאַר די געבייטלטע ברויטן וואָס זי פֿירט קיין וואַרשע. די באַן דאַרף שוין באַלד אָנקומען, זי איילט זיך. דאָס פּנים פֿלאַמט איר און דאָס האַרץ קלאַפּט. איר זון העלפֿט איר שטופּן די ברויטן אין די „פּאַכלעך״־קעשענעס אין דער האַלקע.

— האַלבאַס, נאַרישער, שרייט זי צו אים, שטופּ שנעלער די ברויט, זעסט נישט די באַן גייט?

זי לויפֿט אַ קיילעכדיק־באַלאַדענע, ראַטעווען איר מאַן, אירע קינדער, זיך און די קהילה קדושה וואַרשע, פֿון הונגער און נויט.

### ווען די מושלים האָבן זיך געביטן

ביי סאַנעלע פֿאַרבער פֿון שעניצער גאַס פֿאַרען שטאַרק די קעסלען. מען ברענגט אים כסדר צו פֿאַרבן זעק. צומיינסטן וויל מען זיי האָבן מאַרין־בלוי און טונקל־ברוין. די שניידערס האָבן אַ סך צו טאָן. זיי שניידן און נייען פֿון די־אָ זעק מלבושים פֿאַר ווייבער און מאַנסבילן, פֿאַר מיידלעך און יינגלעך, לכבוד די ימים־טובים וואָס קומען אָן. די שוסטערס ווידער מאַכן האַלץ־שיך מיט פּאַסיק־לעך, און די כלה־מיידלעך פּאַראַדירן שטאָלץ איבער דעם שטעטלשן טראָטואַר און קלאַפּן הויך און ריטמיש מיט זייערע הילצערנע שיך. שפּעטער, אונטערן שניי און רעגן, ווערן די זעק־מלבושים ווידער ווייס. און די מאַמעס נעמען זיך אין די נעכט אַרויס די אויגן ביי די שטינקנדיקע קאַרביט־לעמפּלעך, ווען זיי דאַרפֿן פֿאַריכטן די „צעקריכנדקע מלבושים״.

ס׳איז פּורים־צייט. מיר קינדער טרוקענען אונדזערע אַדורכגענעצטע זאָקן פֿון שניי־רעגן, אויף דעם היימיש־געמאַכטן פֿון ליים און ציגל־אייוועלע, וואָס מען רופֿט זיי אין שטעטל „פּיעציקלעך״. מיר טוען אָן אונדזערע צעלעכערטע שיך און גייען אין פֿייכטן ערב פֿרילינג אין בית־המדרש אויף דער „קאָלע״־גאַס —

אַזוי רופט מען אָן די גאַס וואָס פירט קיין קאַרטשעוו צו — הערן די מגילה און צו גרעגערן אויף המנס מפּלה.

אין בית־המדרש קומט אַריין אַ דייטש אין אַ מונדיר מיט אַ באַגנעט ביי דער זייט, וואָס די דייטשן רופן עס „זייטן־געווער". אַלע יידן אין בית־המדרש קוקן אים אָן נייגעריק און מיר ייִנגלעך רינגלען אים אַרום צו הערן ווי אַזוי, אַ שטייגער, ער דאַוונט. רעדן רעדט ער מיט קיינעם נישט, אויסער מיט דעם שמש. צום סוף זאָגט ער קדיש, און מיר הערן זיך צו ווי ער זאָגט.

— אויסע שאַלאָם בימראומאָוו, הו, יאַייסע שאַלאָם אוילעינו (עושה שלום במרומיו הוא יעשה שלום עלינו).

דאַן זאָגן יידן אין דער שול:

— אור־וואַ, זע נאַר, ער איז דאָך טאַקע אַ ייד. זיי גיבן אים שלום, און יעדער רייסט זיך אים מיטצונעמען אַהיים.

איך לערן אין גערער שטיבל. דעם שיעור לערנט מיט אונדז ר׳ איטשע מאיר שעניצער. ער איז אַ קליינער און אַ טויבלעכער, נאָר די באָרד ביי אים איז אַ זייער לאַנגע. ער שרייט — ווי עס שרייען געוויינטלעך טויבע, און שטעלט בשעת מעשה צו אַ האַנט צום אויער, — וועגן דעם צי מ׳וועט קענען נוצן אויף סוכות דעם אתרוג־מרכב, ווייל קיין אמתע אתרוגים קענען צוליב דער מלחמה נישט אָנקומען, און אַ אתרוג־מרכב איז ווי באַוווּסט אַ פּרוכט אַ ממזר.

די עלטערע בחורים לערנען מסכתא נידה, און די דאַזיקע ביי וועלכע עס שיטן זיך בערדלעך, זיצן כסדר און ציפּן זיי אויס, כדי נישט עובר צו זיין אויף „ו פ א ת זקנם לא תגלחו", און די בערדלעך אויף צו להכעיס, וואָס מער מען ציפּט זיי, אַלץ געדיכטער און שוואַרצער וואַקסן זיי.

ביי ר׳ איטשע מאיר שעניצער האָט געטראָפן אַן אומגליק. זיין עלטערער זון יונה, וואָס האָט זיך געשניטן צו קריגן היתר הוראה איז קאַליע געוואָרן, ער איז געוואָרן אַ צעירי ציון, און אָנשטאָט צו טראָגן שבת דאָס נאָז־טיכל ווי אַלע יידן טוען עס, אויפן האַלדז — ווייל ס׳איז נישטאָ קיין ערוב אין שטעטל, טראָגט עס גאָר אין אַרבל און בפרהסיא. ער קומט אויך אין קלוב ווו עס הענגט הערצלס בילד בגילוי־ראש. ר׳ איטשע מאיר לאָזט אים דעם אַפּיקורס נישט מער אַריין אין שטוב. יונה ווערט שווינדזיכטיק, און ווען ער שטאַרבט זאָגט איטשע מאיר אַז לויטן דין דאַרף ער נאָך אים נישט זיצן קיין שבעה.

בשעת מען איז אין די נאָכמיטיקס פריי פון שיעור, לייענען אין שטיבל אַסך בחורים אומלעגאַלע פּראָקלאַמאַציעס וואָס דער „בונד" פאַרטיילט. זיי זידלען אין די פּראָקלאַמאַציעס די דייטשע אָקופּאַנטן מיטן רעגענט פאָן בעזעלער. אין שטעטל וואַקסן אויס יוגנט־קלובן און מען לייענט די „לעבנס־פראַגן". און אין דראַמאַטישן קרייז פּרובירט מען דעם „ווילדן מענטש" פון יעקב גאָרדין.

אין פאָלקס־הויז ווו ס׳איז דאָ אַ בופעט און אַ ביבליאָטעק, שפּילט מען אין די אָוונטן אַחוץ אין שאַך און דאַמקע אויך אין געדרוקטע אויף טעוועלעך „פליר־טן". די ייִנגלעך שיקן צו די מיידלעך אַ שטייגער דעם נומער אַכט, און זיי די מיידלעך ענטפערן מיט נומער צוויי־און צוואַנציק אין פערזן:

— איינס און צוויי און נישט געקליבן, טרעפסט אַ מיידל זאָלסט זי ליבן.

וואָרט נישט, לייג נישט אָפּ אויף שפּעטער, טאָמער כאַפּט זי אויס אַ צווייטער.

דערנאָך גייט מען צום ביבליאָטעקאַר נעמען ביכלעך און ער זאָגט: — נעמטס קינדער „אהבת ציון" פון אברהם מאַפּו, אָדער „אשמת שומרון". און אין די שטובן זינגט מען:

— דאָרט ווו דער צעדער הייבט צום וואָלקן זיך, דאָרט ווו דער ירדן טרייבט זיינע וועלן גיך, אין מילך און האָניק־לאַנד, דאָרט איז דיין טרייעס פאָטער־לאַנד.

ווען ס'איז געענדיקט שפּילן דאָס שטיק פון „ווילדן מענטש" ביי די פייער־לעשער, זינגט מען ווידער אין שטעטל:

— צי בין איך פון אַ שטיין גע־בוי־יר־רן, צי האָט מיר קיין מוטער געהאַט.

און אין דער זעלבער צייט וואַקסן אויס אין די נעכט אויף די ווייס־געטונ־קעוועטע מויערן פון מאַגיסטראַט רויטע יידישע אותיות:

— עס לעבע דער ערשטער מאַי.

די גראָבע אויסגעפּאַשעטע דייטשן פון דער „באַנדיטן קאָמאַנדע" האָבן דער־שאָסן דעם טויבן חיל און זיינע חברים וועלכע זיי האָבן געהאַט אויף אַ ליסטע, און זיי געלאָזט באַגראָבן נעבן פּלויט פון נאָוואָמינסקער בית־עולם, דאָרט ווו עס וואַקסט גרינער מאָך אויף זיין מצבה. בייטאָג זיצן זיי די דייטשן אין דער קנייפּע פון אונדזער שכנטע די גויע און שיכורן. ביינאַכט קומען זיי באַטרונקענע און קלאַפּן „על פּי טעות" אין אונדזערע פענצטער. מיר קינדער קריגן מורא און שרייען, און דער דייטש האַקט מיט זיין רעוואָלווער אויס די שויבן אונדזערע און וויל אויף אונדז שיסן. אַלע שכנים הערן אונדזערע געשרייען און יעדער האָט מורא זיך אָנצורופן.

אין דער גרויסער קאַזאַרמע אויף דער גאַס וואָס פירט קיין קאַלושין „שטייען" איצט לעגיאָנערן פון פּילסודסקין. זיי טראָגן געשנירלטע הויזן און מונדירן פון אַ גוטן שטאָף פון זאַמד־קאָליר און קליינע פעלד־גרויע „מאַטשעיווקעס" מיטן פּוילישן אָדלער. זיי זענען דערווייל חבר מיט די דייטשן און קומען צוזאַמען מיט זיי אין קנייפּעס.

אין אַ גראָען האַרבסט־טאָג הערט מען פּלוצים שיסן אויפן מאַרק, און די לעגיאָנערן נעמען צו ביי די דייטשן דאָס געווער. די הויכע און שטאָלצע דייטשן ווערן מיט איין מאָל נידעריקע און איינגעהויקערטע. זיי שאַרן זיך — מיט אָפּ־געהאַקטע שפּיצן פון זייערע קאַסקעס — מיט זייטיקע געסלעך צו דער באַן צו. און די פעלד־זשאַנדאַרן, דער שרעק פון דער שטאָט, זענען איצט ווייך און צע־קראָכן, און קליינע שקצימלעך נעמען ביי זיי אַראָפּ די רימענס און די רעוואָל־ווערן.

און דעם זעלבן אָוונט קומען די פריש־געבאַקענע פּוילישע פּאָליציי, וואָס זענען ערשט נעכטן געווען די דייטשע הילפס־מיליץ, אין יידישע שטובן. זיי מאַכן „רעוויזיעס", צי ס'ליגט נישט אין קינדערשע בעטלעך קיין געווער. קיין געווער געפינען זיי דאָרט נישט, נעמען זיי וואָס עס לאָזט זיך.

אַזויערנאָך פייערן זיי דעם טאָג פון פּוילנס ווידער־אויפשטיין.

ס׳איז אָנגעקומען ווייס־פּסחדיק מעל פון אַמעריקע, אין סאָלידע זעקלעך מיט רויטע אותיות און שיינע אַמעריקאַנער אָדלערס. די ערב־פּסחדיקע זון שיינט פריילעך אויף די רויטע וואַגאָנען, אויף די ־זעק און אויף די פאַרמעליקטע יידן.

ס׳האָבן זיך געשאַפן קאָמיטעטן מיט „גבאים" וואָס פאָרען זיך ביים טיילן מצות און קאָנסערווירטע זיסע מילך אין פושקעס. און אין שטעטל, מורמלט מען. די טעכטער פון די גבירים גייען אַרום אין ווייסע פאַרטעכער און דערלאַנגען מיט רחמנות־בליקן, בלייכע יידישע קינדער, צוגעברענטע לאָקשן, געקאָכטע אויף אַמעריקאַנער מילך.

די קעכן צפורה מיט אירע זין און זייער הונט ווערן יעדן טאָג דיקער. און דורך דעם פאַרקראַטעוועטן פענצטערל פון דער „קיך" הינטער דער תלמוד תורה, שרייט אַריין זיין פּראָטעסט דער קליינער דוויד דער „פּאַראַסאָלניטשעס":

— זיי עסן דיט עסע, אונדז נישט דעבן. (זיי עסן גוט עסן, אונדז נישט געבן).

## מען „גייט" אויף וואַרשע

קיין נאָוואָמינסק איז צוריקגעקומען פון וויטע מקומות — פון פראַנקרייך אַזש — יוסף „שמאָדער". אַזוי האָט מען אים גערופן נאָך אין די יינגל־יאָרן, אָבער היינט האָט ער אַ שפּאָגל נייעם צונאָמען — „האַלערטשיק". ער שטייט אין מיטן פון זון־באַשיינטן מאַרק, און יידן אַרום אים. ער טראָגט אַ בלויען מונ־דיר — אַזאַ וואָס די פראַנצויזן האָבן געטראָגן אין דער מלחמה פון ניינצן פערצן — אַכצן. און ער דערציילט זיך אָן די העלדישקייטן זיינע. די אַרומשטיי־ענדיקע הערן זיך צו, מיט אָפענע מיילער: ער איז אַ הויכער און אַ בלאָנדער. און די בלויע „ראָגאַטוווקע" גיט אים צו חן און העלדישקייט.

אין אַ קורצער צייט שפּעטער, איז ער צוריק יוסף „שמאָדער", ער פאַרקויפט פיש אין מאַרק. ער לייזט אַ סך די קליינינקע פישעלעך, די „שטינקעלעך", וואָס מען האַקט זיי צוזאַמען מיט ברויט און מאַמעס מאַכן פון זיי שבתדיקע פיש־קוילן.

וואָס שייך די חברים זיינע, די פּאָליאַקן, האָבן זיי אַן אַנדער מלאכה. היות זיי זענען צוריקגעקומען פון די ציוויליזירטע וועלט־מקומות, געפעלט זיי נישט דער הילך פון די פוילישע יידן, די לאַנגע קאַפּאָטעס און די בערד זייערע. איז איידער זיי גייען אַוועק אויף די פראָנטן צו באַקעמפן די באָלשעוויקעס, שניידן זיי מיט זייערע טעמפּע באַגנעטן יידישע בערד. נאָר האַלבע בערד פון איין זייט, שניידן זיי, צוזאַמען מיט שטיקער באַק. זיי וואַרפן אויך יידן פון די באַן־וואַגאָנעס אין וועלכע זיי פאָרן, די איידל־ציוויליזירטע פּאָליאַקן. אַזוי אַרום ווילן זיי איינפירן מערב־ציוויליזאַציע אויף זייער פוילישן שטייגער. דאָס זעלבע די פרישע צוריק־געקערטע צו זייער מוטער־לאַנד פּאָליאַקן פון פויזנער געביט.

דאָס וואָרט „האַלערטשיק" און „פּאָזנאַנטשיק", וואַרפט אַ שרעק ביי יידן. און אין שטעטל דרייען זיך אַרום יידן מיט אויף איין זייט אָפּגעשניטענע בערד, אַרומגעבונדן פאַר חרפה די באַק, מיט די היימיש־יידישע רויטע פאַטשיילעס און אין די בלעטער לייענט מען די „מעשים־טובים" פון דער „העלדישער" פוילישער אַרמיי, ווי זיי שטעלן צו די ווענט צום צעשיסן צענטליקער אומשולדיקע יידישע יינגעלייט אין פּינסק, ווו זיי צעשלאָגן די קעפּלעך פון יידישע עופהלעך אין די



דער ערשטער רעכטס איז יוסף האַלערטשיק. דאָס בילד איז אויפגענומען ביים קבר פון וועלוול אַסטשעגאַ פאַר דער מלחמה, ווען אַלע האָבן געלעבט — אַ משפחה פון 120 נפשות, צווישן זיי די שפּעטערדיקע פּאַרטיזאַנער־העלדן יאַנקל און לייבל אַסטשעגאַ. פון דער גאַנצער משפחה געבליבן לעבן בלויז איין טאָכטער מיט 2 אייניקלעך אין אַרגענטינע, אַן אייניקל אין ברוקלין און 2 אין פּאַריז

מויערן, ווי זיי וואַרפן שוואַנגער־פרויען דורך די שטאָקן פענצטער, פאַרגוואַלטיקן יידישע טעכטער.

ס'זענען אויסגעשריבן געוואָרן וואַלן צום ערשטן געזעצגעבערישן פּוילישן סיים. און יידן גייען צו די וואַלן, מיט אַ צוויי צענדליק ליסטעס. עס קאַנדידירן רבנים און סוחרים, אַדוואָקאַטן און דאָקטוירים, אַרבעטער און אפילו שרייבער.

אין טאָג פון די וואַלן שטייען אפילו חדר־ייִנגלעך ביי די וואַל־ביוראָס, און שטופן די פאַרפלאַמטע צעטומלטע יידישע מאַמעס, נומערלעך אין די הענט אַריין.

די מאַמעס שפּייען אויס, אויף די בייזע פינצטערע חלומות פון די נייע גזירות און שטופּן אין די וואַל־קעסטלעך, דאָס ערשטע בעסטע נומערל, וואָס זיי האַלטן צעקנייטשט אין די הענט.

דער שענסטער פון די יידישע דעפּוטאַטן איז דער וואַרשעווער רב פּערלמוטער מיט דער הדרת־פּנימדיקער לאַנגער שניי־ווייסער באָרד. צווישן איין דרימל אין דעם ווייכן סיים־שטול און דעם אַנדערן, גייט ער אַרויף אויף דער טריבונע און ער בענטשט:

— אַז עס זאָל זיין „בלאַגאָסלאַוויעט" דאָס פּוילישע מלכות, ווייל עס איז אַ בפירושער פּסוק: היה מתפלל בשלומה של מלכות.

פון נח פּרילוצקי אָבער, און פון יצחק גרינבוים קלויבן יידן נחת, ווייל זיי גייען נישט אויף קיין „אוגאָדעס" און עסן נישט קיין געהאַקטע יידישע פיש מיט די פּוילישע פּריצים. נייערט זיי לאָזן הערן זייער מעכטיק און שטורעמדיק וואָרט פון יידישן פּראָטעסט, בפני כל עם ועדה. און פאַרשווייגן נישט פאַר דער וועלט קיין יידישע עוולות.

אין „פאָלקס הויז" דאָרט ווו עס געפינט זיך אויך דער „אַרבעטער ראַט", קומען יעדן אָוונט פאַר שטורמישע באַראַטונגען און מיטינגען. אָפטמאָל קומען פאַר פאַרלעזונגען אין איין אָוונט. אָט האָט, למשל, סטופּניצקי פאַרענדיקט זיין פאָרטראַג „דאָס וויגעלע פון סאָציאַליזם", און שוין שטייט אויף דער באַלויכטענער טריבונע שכנא קאַראַלסקי. ער איז אַ הויכער און אַ בלאָנדער, ער שטייט מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל און דערציילט — אין זיין וואַרשעווער אויסשפּראַך, — דעם צעפּלאַטן עולם:

— מיר האַלטן אין איין האַנט אַ שווערד און אין דער אַנדערער אַ האַמער. מיר שטערן און בויען, שטערן און בויען.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער, רעדט שוין אַ צווייטער וועגן אונגאַרן און בעלאַ קון. און מען דערציילט זיך בסוד סודות, וועגן עפּעס קאַמפן אין „אַרבעטער־ראַט", געשלעגן מיט דער פּאָליציי און וועגן סאַמאַראָדנעם אַנפירער, וואָס האָט געמוזט עוקר זיין פון שטעטל. און נאָך אַזעלכע זאַכן.

אויף די ווענט האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן „דאָס פאָטערלאַנד איז אין געפאַר, מעלדעט זיך פריווויליק". אויף די גאַסן באַווייזן זיך רעזערוויסטן מיט קאָקאַרדעס, ווייס און אמאַראַנט. דאָס זענען די פריווויליקע. צו די פראָנטן פאָרן

יעדן טאָג זעלנער מיט נאַר־וואָס פון דער נאָדל־אַפּער, פּינק־נייע מונדירן אין ווייסע נאָך נישט געפּאַרבטע יוכטענע זעלנערישע שיך. ביי דער באַן שטייען משא־וואַגאָנעס אויסגעצירט מיט גרינע צווייגן: — פּערציק מענטשן, אַכט פערד.

מאַמעס און כלות, פּאָכען מיט נאָז־טיכלעך, האַלטן איין די טרערן און די זעלנער שמייכלען. פון ווייטנס טראָגט זיך אין די נעכט דער געזאַנג:

— דאָ פּאָלסקעי אַרמי, וואָיסקאָ זאַטשאָנגאַיאָן. (אין דער פּוילישער אַרמיי ציען חיילות״).

אין די הייסע שטילע נאָכמיטיקס הערט מען פון ווייטנס דעם טעמפּן אָפּקלאַנג פון האַרמאַטן־שאָסן און דער אָפּקלאַנג ווערט מיט די נעכט אַלץ נענטער און נענטער.

אין די הימלען פליען אַרום נידריק, פּוילישע עראָפּלאַנען מיט ווייס־רויטע אָפּצייכנס, וואָס פון דער הויך זעען זיי אויס, די אָפּצייכנס, ווי גרויסע שאַך־ברעטער.

אין שטעטל ווערט עפּעס מאָדנע שטיל און ליידיק, אַן איינזאַמער, פּאַרשפּעטיקטער זעלנער, איילט ערגעץ, גאָט ווייס ווּהין. דער האַרמאַטן־דועל הערט זיך שוין גאַנץ דייטלעך און גאָר נאָענט.

אין דער נאַכט טוט זיך קיינער מער נישט אויס און דער פּוילישער שכן זיצט ביי אונדז אין שטוב. ביי אַ יידן — טראַכט ער — איז זיכערער.

פּאַרטאָג וועקט מיך דער טאַטע אויף. — „זיי זענען דאָ״ — זאָגט ער.

איך גיי אַראָפּ אָנקוקן ווי אַזוי „זיי״ זעען אויס. דעם ערשטן וואָס איך באַגעגן איז אַ פאַרשטויבטער, אין אַן אַלטן אָפּגעטראָגענעם מונדיר, באַרוועסן זעלנער, מיט אַ שטאַרק שפּיציקן באַגנעט אויף דער ביקס, אָנגעהאָנגען אויף אַ שטריקל.

ביים „סעדל״ שטייען אָנגעבונדן אַרום און אַרום פּאַרקן, קליינע סיבירישע פערדלעך. און אויפן פּלויט הענגט אַ פּלאַקאַט:

— נאַ באַי ז׳פּאַלשים פּאַנאַס, דאָ קראַסנעי אַרמיו. (צום שלאַכט מיט די פּוילישע פּאַנעס, אין דער רויטער אַרמיי).

פון קאַלושינער שאָסיי אויפן וועג קיין וואַרשע ציט אַן אָפּטיילונג זעלנער באָרוועסע מיט אַ רויטער פאָן און אַן אָרקעסטער. דער אָרקעסטער שפּילט דעם עסטרייכיש־קייזערלעכן ראַדעצקי מאַרש.

פון די ראַזורעס שטעקן אַרויס די קעפּ מיט אָנגעזייפטע פון איין זייט פּנים, יונגעלייט וואָס האָבן זיך „געקריעט״ און יעצט שערן זיי זיך און גאָלן זיך.

אין אָוונט רופט מען דעם עולם צו אַ מיטינג אין מיט מאַרק. דער קאָמיסאַר שרייט אין דער הויך און רעדט אויף פּויליש. ער טראָגט שטיוול, צוגעבונדן די זוילן מיט שטריקלעך. ער רעדט באַגייסטערט און זאָגט:

— מיר וועלן נעמען די וועלט — פון יאַפּאַן ביז פּאַריז.

אויף די זעלנערישע פערד כאַפּן זיך אַרויף חדר־ייִנגלעך, זיי ציען ביי די צוימלעך און רייטן אַרום, וויפל זייער האַרץ גלוסט, און די זעלנער זאָגן זיי גאָר־נישט.

עס פליען פאַרביי פוילישע עראָפּלאַנען און די זעלנער שיסן צו זיי פון די ביקסן.

אויף די ווענט הענגען שוין פּלאַקאַטן מיט נייע תקנות. און עס זענען אונ־טערגעשריבן מנשה דער טאָקער, דער סטרוזש פון קינאָ, און איינער וואָס טרייבט שטענדיק די בהמות אין שעכט־הויז אַריין.

אויפן „פּאָוויאַט" הענגט אַ פינק־נייע שילד:

— רעווקאָם.

שוין דער פינפטער טאָג ווי מען רעדט יעדן אָוונט אין מאַרק אויף אַלע שפּראַכן. נאָך יעדער רעדע שפּילט דער אָרקעסטער דעם אינטערנאַציאָנאַל.

דעם לעצטן אָוונט רעדט איינער אין אַ לעדערנער קורטקע. ער זאָגט:

— כאַווערים. איך בין אַ יידישער קאָמיסאַר פון סאָוועטן־רוסלאַנד. זאָל לעבן די רויטע אַרמיי. זאָלן לעבן די כאַווערים לעניז און טראָצקי.

דערנאָך האָט דער אָרקעסטער געשפּילט דעם מאַרש. און רויטע וואָלקנס זענען געהאָנגען אין הימל.

**דער ריקצוג**

אין סאַמע מיט נאָוואָמינסק פליסט אַ קליין שמאָל טייכל, וואָס צעטיילט דאָס שטעטל אויף צוויי טיילן, אויף „די שטאָט" און „יענע שטאָט".

זומער־לעב געוווגט דריי גרויסע שטיינער, אָדער אַ ברעט אַריבערצושפּאַנען דעם „טייך", און ווינטער ווען ער ווערט צוגעפרוירן, גליטשן זיך אויף אים חדר־יינגלעך אין פאַרשידענע פּאָזיציעס: אויף איין פוס, קניענדיק אָדער זיצנדיק, — אַ כפרה די הויזן, די קאַפּאָטקעס (און דער מאַמעס קללות).

ווען עס זאָל פונעם שטילן טייכל ווערן אַ גרויסער טייך, קענען נאָר באַפעלן צוויי באַלעבאַטים: דער רבונו של עולם און, להבדיל, דער פּריץ.

ווען גאָט ברוך הוא ציט אַרויס פורים־צייט די זון פון איר פוטער־פּאַס און עס הייבן אָן צו לאָזן די קריעס, דעמאָלט איז דאָס טייכל, אַ צעשטורעמטס און אַ צעבושעוועטס, קאַפּאַבל אַפילו אונטערצוהויבן און צעטראָגן די הילצערנע בריק אויף דער מאָסטאָווע־גאַס. און אויב עס פאַרגלוסט זיך ווידער דעם נאָוואָמינסקער פּריץ, מעג עס זיין אפילו אין סאַמע מיט יאָר, הייסט ער זיינע פּאַראָבקעס אַרויפ־ציען די באַריערעס פון זיין גרויסער בריק ביי דער וואַרשעווער גאַס און דאָס טייכל ווערט אַ לייטישער ברייטער טייך מיט טייכן צוגלייך; מיט גרינע זשאַבעס ביי די ברעגעס און מיט זילבערנע פיש אינעווייניק.

אין דעם גוואַלדאָוונעם פּאַרק ביים פּריץ, וואָס איז גרויס ווי אַ האַלב שטעטל, איז נאָך קיינער נישט געווען. נישט בלויז גייט קיינער נישט אין דער זייט פון דעם הויכן טונקעלן געדיכט־באַוואָקסענעם מיט בוימער און בלעטער אייזערנעם פּלויט, אויס מורא אַז אַ גרויסער כלב זאָל דיר נישט פּלוצים אַ כאַפּ־טון מיט אַ לאַפּע, נאָר אפילו אַ קוק טון אין יענער זייט, פאַלט גאָר קיינעם נישט איין.

איצט ווען די „רויטע" זענען אין שטעטל, שטייען אָפן טיר און טויער. דער פּאַלאַץ איז פאַרלאָזן. מיליטערישע וואָגנס פאָרן אַריין און אַרויס. צעשויבערטע און צעכראַסטעטע זעלנער פאַרלייגן פייערן אין סאַמע מיט סאָד און קאָכן דאָרט

עפעס אין פאַרסאַזשעטע קעסעלעך. שיקסעס באַהאַנגענע מיט זעק אין דריי ציינענע מאַטיקעס גראָבן בנעימותדיק אויס די קאַרטאָפל פון די זאַגאָנעס און לייגן זיי צו זיך אין די זעק. חדר־יינגלעך רייסן שווערע עפל, באַרן און פלוימען פון די פריצישעביימער און פּאַקן גלייך אין די מיילער אַריין. און אַלץ זעט איצט אויס צו זיין הפקר־פּעטרישקע.

דער לאַנגער און דאַרער חיים, דער וואָס פאַרהיקעט זיך תמיד ביים רעדן, שטייט איצט אינמיט גאַס מיט ווייסע שפּיציקע קעזן, וואָס זיין מאַמע די מילך־יידענע מיט דער שפּיצן־קופּקע באַווייזט נישט רעכט צוצוגרייטן. ער פאַרקויפט זיי צו די רויט־אַרמייער. זיי, די „רויטע", דינגען זיך נישט, נאָר רייסן אָפּ קופּאָנעס פון גרויסע פלאַכטעס געדרוקטע באַנק־בילעטן, וואָס יעדער איינער טראָגט מיט זיך צו עטלעכע אַזעלכע ריזן־בויגנס. די זעלנער גייען אַרום איבער די געשעפטן און קויפן אַלץ וואָס עס לאָזט זיך נאָר, וועק־זייגערס און דאַמען־שיך מיט הויכע קנאָפּל. זיי רייסן די בילעטן און צ אָ ל ן, שמייכלען און צאָלן, ווייל ס'איז שטרענג פאַרבאָטן צו ראַבעווען.

אויפן שאָסיי קיין קאַלושין פירט מען אין פויערשע וואָגנס געפאַנגענע פּאָ־ליאַקן מיט ראָגאַטוועקעס און אַראָפּגעריסענע אָדלערס. זיי זיצן איינגעקוועטשטע און איינגעהויקערטע אין די פורלעך, ווי הינער אין שטייגן.

אין די גאַסן האָט מען געהייסן אויסהענגען רויטע פענער. באַלעבאָסטעס רייסן פאַנאַנדער די רויטע איבערצוגן פון קישנס און איבערבעטן. קלאַפּן זיי אָן אויף שטעקנס און אין די פענצטער באַמבלען זיך אין ווינט רויטע פאָנען מיט ווייסע פעדערן. קיין צייטונגען זענען נישטאָ און מען ווייס נישט ווו מען האַלט. טייל זאָגן אַז „זיי" זענען שוין אין וואַרשע און אַנדערע טענהן:

— יידן, נאָר נישט געאיילט זיך.

דעם אַלטן באַלעבאָס ר' חיים קאָמעניעצקיס ווייב טענהט צום מאַן אירן:

— שוטה, וואָס פאַרכאַפּסטו נישט קיין פּאָסטן, וואָס וועסטו וואַרטן ביז די יינגע ווען דיך אויסכאַפּן? זע, זיי נישט קיין שלימזל.

און ר' חיים ווערט אַ „רעקוויזיטאָר". ער גייט הייסט עס אַרום צו די פויערן; אין די דערפער און הייסט זיי אָפּגעבן די תבואות פאַר דער רויטער אַרמיי.

אויפן זעקסטן טאָג אינדערפרי זעט מען אין שטעטל ווי דער שאָסיי קיין שעדלעץ ווערט פולער און פולער. צוערשט פאָרן זיי, די פורלעך מיט די רויטע זעלנער ווי עס דאַרף צו זיין. דערנאָך לויפן זיי, און שפּעטער יאָגן זיי שוין איינע איבער דער אַנדערער צו זעקס אין דער ברייט פון וועג, און איבערן ס אַ מ ע טראָטואַר, זיי ווילן וואָס שנעלער אַנטרונען. און מען זעט באַשיינפּערלעך אַז „זיי" אַנטלויפן. אַ געדיכטער שטויב הילט איין דעם שאָסיי און די זון באַקט און באַקט.

אַ פאַרשוואַרצטער און פאַרחושכטער זעלנער שטייט אינמיטן אונדזער גאַס און בעט ביי די פאַרבייאיילנדיקע גויעס אַ שטיקל ברויט.

— קוסאַטשאָק כליעבאַ.

ער פאָדערט נישט, ער דראָעט נישט, ער בעט. די ביקס באַמבלט זיך אויף

זיין אַקסל אַן איבעריקע. ער קומט פון ‑ווייס. פון קאַלוגאַ, צי פון ראָסטאָוו. די מלחמה האָט אים אָהער־געבראַכט, טויזנטער וויערסט פון זיין שטוב. און אַלץ וואָס ער וויל איז אַ שטיקעלע ברויט, נאָר אַ קליין שטיקעלע ברויט.

פאַרנאַכט לויפט אַרום אונדזער פּוילישער שכן און גוואַלדעוועט:

— וואָס שטייט מען? לאָמיר לויפן צו דער באַן פאַררייכטן די רעלסן, „אונ־דזערע" זענען שוין דאָ.

אויף דער סטאַציע שטייט אַ גרויער פּאַנצער־צוג, און די האַרמאַטן־לופעס קוקן אין אַלע זייטן. אונדזער שכן פאַרכלינּיעט זיך:

— נאָר־וואָס האָט מען געכאַפּט איינעם, מיט אַ רובאַשקע און אַ רעוואָלווער, זיכער אַ קאָמיסאַר. מיר האָבן אים „דערליידיקט" ביי דער פאַבריק טאַקע מיט זיין אייגענעם רעוואָלווער, און די קאַשע וואָס ער האָט נאָר־וואָס געגעסן איז אים אַרויס דורך דער נאָז.

די ערשטע וואָס זענען אַריין אין שטעטל זענען געווען די „פּאַזנאַנטשיקעס". טאַקע די זעלבע וואָס האָבן נאָר־וואָס אין שכנותדיקן דערפל גליניאַנקי אַרויס־געפירט אַלע יידן, צוועלף אין דער צאָל, און אַלע דערשאָסן. זייערע אַרבל זענען פאַרקאַשערט און די הענט זייערע פאַרבלוטיקט. זיי האָבן אין אונדזער גאַס דער־זען מיין טאַטן און ווילן אים דערהרגענען. מיין טאַטע ראַטעוועט זיך ביי די פּוילישע שכנים. דאָרט איז ער באַהאַלטן עטלעכע טעג, אַזוי לאַנג ווי די פּאַז־נאַנטשיקעס מיט זייערע פערד זענען ביי אונדז אויפן הויף.

דער פראָנט ביי שעדלעץ איז אַרומגערינגלט, און אַלע, יונג און אַלט, פרומע און פרייע, מענער און פרויען, וואָס זענען מיטגעלאָפן מיט די רויטע, זענען אין אַ פּאַסטקע. ביים דאָרף בוימיע זענען די פּויערים אַרויס מיט ווידלעס, געשאָכטן אַלע יידן וואָס זענען פאַרביי. נאָך לעבעדיקע זענען זיי אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין גריבער און די גריבער האָבן זיך געהויבן, און די וועלכע האָבן זיך אַדורכגעריסן ביזן בוג האָט מען דערטרונקען אין דעם ברייטן טייך ביי בריסק.

אין די תפיסות האָט מען אָנגעפּאַקט פיל מענטשן, און די קריגס־געריכטן אַרבעטן. אַלע טאָג פירט מען מחנות מענטשן, באָרוועסע און אָפּגעריסענע, צום משפט. אין אַלע קינדער־שולן זיצט מען און מען אורטיילט.

פון „אַדוואַך", אויף מיין זיידנס הויף, הערט מען דאָס געזאַנג פון דעם בונ־דיסט ישראל מאָרגנשטערן, ער זינגט לידער פון באָוושעווער און עדלשטאַט און מוטיקט זיינע חברים אין תפיסה אַז עס זאָל זיי נישט זיין אומעטיק.

דעם אַלטן ר' חיים קאָמעניעצקי האָט מען פאַראורטיילט צום טויט.

פאַרנאַכט האָט מען אים געשאָסן.

די אַלטע גרויסע טורמע ביים טייך איז באַשיינט מיט דער רויטער זונען־שיין פון שקיעה, מען פירט אַרויס מיט קייטן אויף די הענט דעם סטרוזש פון קינאָ און דעם בהמות־טרייבער מיט די געלע וואָנסעס, וואָס זענען געווען אונ־טערגעשריבן אויף די „רויטע" דעקרעטן.

צוערשט גייט דער גלח און דערנאָך גייען די פאַרמשפּטע. און הינטער זיי דער עקזעקוציע־פּלוטאָן, מען פירט זיי צום בית־עולם שיסן.

צומאָרגנס זענען אויפן מאַגיסטראַט געהאָנגען געלע פלאַקאַטן מיט שוואַרצע אותיות, די נעמען פון די דערשאָסענע פון נאָוואָמינסק און פון קאַלושין. פון קאַלושין זענען די נעמען געווען בלויז יידישע.

## יאַנקל בוטשעס, און מען שפּילט אין „מיינונגען"

אויף דער שעניצער גאַס האָט געוווינט דער קאַשעמאַכער יאַנקל בוטשעס. ביי אים אין טונקעלן געוועלבל האָבן כסדר זיך געדרייט און געהירזשעט עפּעס הילצערנע מאַשינעס וואָס האָבן אויסגעזען ווי קאַרעטעס. דער קליין־שטויב האָט אויסגעפּילט דעם חלל פון געוועלבל און ביי אים, ביי יאַנקל בוטשעס אַליין, זענען די באָרד און די ברעמען תמיד געווען פּאַרמעליקט און גראָ פון דעם אָ שטויב טאַקע.

ווען די פּאָליאַקן האָבן אַרומגערינגלט די געגנט פון וואַרשע ביז שעדלעץ, בעת דער פּויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה פון ניינצן־צוואַנציק, זענען טויזנטער יידן, וואָס זענען מיטגעלאָפן מיט די „רויטע" אויס מורא פאַר פּוילישע פּאָגראָמען, געבליבן אין אַ קלעם. הונדערטער פון זיי האָבן זיך שוין מער קיינמאָל נישט אומגעקערט אַהיים.

די דאָזיקע וואָס מען האָט געכאַפּט בלאָנדזשענדיקע אויף די וועגן, האָט מען פאַרשפּאַרט אין מיליטער־לאַגערס, ביז דעם משפּט פון די קריגס־געריכטן. אין לאַגער זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן מענער און פרויען, יונגע בליענדיקע מיידלעך און זקנים, אויך אונדזער יאַנקל בוטשעס בתוכם.

דעם מיליטער־לאַגער ווו עס זענען פאַרשפּאַרט געווען די יידן, האָבן גע־היטן די „פּאָזנאַנטשיקעס". דאָרט איז אויך געזעסן אַ הויכע און שטאַלטנע מויד, כייקע. זי האָט געוווּסט אַז אויף איר וואַרט אַן אורטייל פון טויט־שטראָף, מחמת זי איז געווען זייער אַקטיוו בעת די פּאָר טעג פון דער רויטער ממשלה אין שטעטל. זי האָט אָבער נושא חן געווען אין די אויגן פון די זעלנער, וועלכע האָבן געהיטן דעם לאַגער. זיי אַליין, די זעלנער, האָבן נישט געוווּסט ווער זי איז, אַ זשידו־וועטשקע ווי אַלע און שוין.

אין אַ שיינער לבנהדיקער נאַכט האָט זי זיך אויסגעקויפט ביי אירע היטער און ווען דער פרימאָרגן האָט געגרויט האָבן זיי זי געלאָזט אַנטרונען ווערן.

ר' יאַנקל בוטשעס האָט געזען האָט געזען ווי זיי לאָזן זי גיין פריי, האָט זיך אים גוואַל־טיק פאַרבענקט נאָך זיין ווייב און קינדער. האָט ער זיך אָנגערופן צום זעלנער, דעם שומר אַזוי צו זאָגן:

— האַר אָפּיציר, פּילייכט קען איך אויך גיין אַהיים?

— וואָס? דאָס איז שטרענג פאַרבאָטן — האָט אים דער פּאָזנאַנטשיק גע־ענטפערט.

— נו, וואָרום האָבן זי דאָס מיידל, כ'מיין דאָס פריילין אָפּגעלאָזן?

— אָך די, זי איז געגאַנגען טרינקען קאַפּע און קומט גלייך צוריק.

— נו, מילא, לאָזן זי מיך אויך גיין טרינקען קאַפּע.

אָבער ר' יאַנקל בוטשעס האָט געמוזט וואַרטן ביז צום גרויסן משפּט פון קריגס־געריכט און ערשט דאַמאָלט איז ער אַהיים־געגאַנגען פריי.

איבערגעקומען צוויי מלחמות, איינע נאָך דער אַנדערער, האָבן די וווּנדן זיך לאַנגזאַם געגומען פאַרהיילן. די יוגנט איז געוואַקסן. די קלובן מיט די פּאַראיינען. וועלכע זענען טעטיק געווען ביי דער ענדע פון דער דייטשער אָקופּאַציע און אין אָנהייב פון דער פּוילישער הערשאַפט, זענען דערווייל נאָך נישט באַנייט געוואָרן האָט מען זיך געזאַמלט אין שטובן ביי די שכנים. ספּעציעל דאָרט ווו די מאַמעס האָבן געהאַט טעכטער אויסצוגעבן. אין די שבת־נאָכמיטיקס האָט מען געטאַנצט אַ קאַדריל, אַ שער און אַנדערע טענץ. איינער איז געווען דער פּעסט־מייסטער און כסדר באַפוילן :

— קולקעס, אָדער

— זמיאַנאַ דאַם.

דאָס הייסט, אַז מען דאַרף זיך טוישן מיט די „דאַמען".

די מיידלעך האָבן געפּרייכט און געשוויצט, איז דער קאָליר פון די בלוזקעלעך תמיד געווען אַן אַנדערער.

ווען ס'איז טונקל געוואָרן און מען האָט נאָך נישט געטאָרט אָנצינדן קיין ליכט, בעת די מאַמעס האָבן אין די קיכן געזאָגט „גאָט פון אברהם" און איבער־געלאָזט דעם „סאַלאָן" פאַר יינגוואַרג, האָט מען גענומען זינגען לידער. געזונגען האָבן פאַרשטייט זיך די וואָס האָבן געהאַט די שיינע שטימעס. ספּעציעל האָט אויסגענומען דאָס געזאַנג פון שלמה פאַרך. אַזוי האָט מען אים גערופן. אין שטעטל זענען געווען אַ סך יידן מיטן צונאָמען „פאַרך" און גאָרנישט לגנאי. אַ שטייגער וועלוול פאַרך, בערל פאַרך אָדער גאָר שרה יאַנקל־מאיר פאַרעכס. זיי האָט מען נישט געמיינט צו באַליידיקן דערמיט. טאָמער האָט מען אָבער געזאָגט : „אַ ייד אַ פאַרך!" — האָט ער שוין געמעגט האָבן אַ קאָפּ מיט האָר — דאָס האָט שוין געמיינט עפּעס אַנדערש.

אונדזער שלמה פאַרך, אַ ברודער פון אַ צעצווייגטער משפּחה, וואָס ביי קיינעם אויפן קאָפּ האָבן זיך קיין האָר נישט געהאַלטן, האָט געקענט אַ וועלט מיט לידער פון אויסנווייניק.

אַ שטייגער :

— פאַרליבט איז פאַרליבט אין אַ שיין יינגעלע.

— דאָס קעפּעלע מיט פאַרפומען אויסגעשמירט.

— זיינע שוואַרצע אייגעלעך, זיינע שיינע ריידעלעך.

— האָבן מיך פון וועג אַראָפּגעפי־י־יערט.

ביז דעם לאַנגן ליד איבערגעזעצט פון גוייאיש :

— טרוימען דער קינדהייט, דערמאָן איך מיך אַצינדערט.

יאָרן פאַרפלויגן וויט אַן אַ שיעור.

וואָס איז געווען לאַנג ווי דער יידישער גלות. און אַלע האָבן געפּאַטשט „בראַוואָ" וואָס ער איז שוין ענדלעך פאַרענדיקט.

נאָך דער וועטשערע איז מען זיך ווידער צונויפגעקומען און דאַמאָלט האָט מען געשפּילט אין „מיינונגען". מען האָט געגעבן אַ „פאַנד", אַ משכון הייסט עס. און אָפּגעקומען שטראָפן. די ערגסטע „שטראָף" איז נעבעך געווען אַרויסצוגיין

מיטן שענסטן מיידל אַהינטער דער טיר פון צווייטן חדר און דאָרט איר געבן דריי קושן. אָבער לויט דער צייט וואָס די דריי קושן האָבן געדויערט, האָבן אַ סך פּראָ־טעסטירט און געזאָגט אַז זיי דאַכט זיך, אַז די „שטראָף" איז איבערגעשריטן. אַז עפּעס צו לאַנגע קושן זענען עס. ביז די באַשטראָפטע קומען פאַרויטלטע צוריק אַריין אין שטוב, ווו די „געזעלשאַפט" האָט זיך ווייטער „געבאַוויעט".

## דער ערשטער מאַי און ישראל מאָרגנשטערן

אין די סאַמע ערשטע יאָרן פון מיין קינדהייט, האָב איך מיט נייגער און אַנגסט זיך צוגעהערט, ווי מיין מאַמע, אין אַ „מוטל" מיט אונדזערע שכנהס, האָבן זיך אָנדערציילט די געשיכטעס, ווי אַזוי מען איז אין „פינפטן יאָר" געגאַנגען מיט דער „פאָן", ווי אַזוי די קאָזאַקן האָבן געשאָסן און געטראָטן מיט זייערע פערד־לעך איבער מתים. די דאָזיקע געשיכטעס האָבן אויסגעפילט מיין קינדערישע פאַנטאַזיע. די פאָן אַליין און ווי זי זעט אויס, האָב איך נאָך פאַר מיינע אויגן נישט געהאַט געזען, אָבער געוווּסט האָב איך, אַז די דאָזיקע פאָן איז פאַרבונדן מיט עפּעס געפערלעכע זאַכן, מיט בונטן, אומרועןן און גאָר נישט קיין גוטס.

דעם ערשטן מאַי אָבער איז אַנדערש. דאָס מאָל גייט אַ גרויסער צוג מיט אַ סך פענער זיידענע, מיט גלאַנציקע מעשענע קעפּלעך אויף די גרויסע און דיקע שטעקנס. אַלע ציען צו רודזקיס מעטאַל־פאַבריק, ווו אַ גאַנץ יאָר זענען די שווערע אייזערנע טויערן געשלאָסן. נאָר אַ קליינע פורטקע לאָזט פאַרביי די אַרבעטער. זי פייפט, די פאַבריק, אַלע אינדערפרי און וועקט אויף דאָס גאַנצע שטעטל. און צו מיטיק און אָוונט שטעלט מען אָן די זייגערס לויטן פייפער פון דער פאַבריק.

וואָס עס טוט זיך אינעווייניק אין דער פאַבריק גופא, האָט נאָך קיין שום ייד נישט געזען. מען ווייסט נאָר, אַז דאָרט בויט מען שווערע אייזערנע בריקן און נאָך אַזעלכע מיני זאַכן.

היינט, צום ערשטן מאַי, שטייען די טויערן פון דער פאַבריק אָפן פאַר אַלע און ס'קען אַריינגיין אינעווייניק ווער עס וויל נאָר. אויף די אייזערנע טרעפּ־לעך אויבן, שטייען אַרבעטער אין פשוטע, מיט אייל און סאַזשע פאַרפעצטע בגדים. זיי שרייען הויך זייערע רעדעס, און די מענטשן אונטן שרייען צוריק:

— זאָל לעבן און נידער!

דערנאָך גייט מען צוריק אין שטעטל און די שוואַרצלעכע גויע מיטן רויטן קאָפּטיכל וואָס מען רופט זי „די חזנטע", ווייל זי קען אַלע לידער אויף אויסנ־ווייניק, הייבט אָן:

— „נאַ באַריקאַדי"...

דער עולם כאַפּט אונטער און מען גייט אַהיים ביז איבער אַ יאָר.

כאָטש אין „פאָלקס־הויז" נישט ווייט פון דער באַן, איז פאַראַן אַן „אַרבעטער ראַט" אי פון יידישע אי פון גוישע אַרבעטער־פאַרטייען, פייערן די יידן דעם ערשטן מאַי, נישט אויף דער גאַס, נאָר אין לאָקאַל טאַקע פונעם „פאָלקס־הויז". דער גרעסטער רעדנער איז ישראל מאָרגנשטערן. אַז איר קוקט אים אָן אַ גאַנץ יאָר, ווייסט איר גאָרנישט אַז ער, ישראל מאָרגנשטערן, האָט צו טון מיט די אָ

**זאַכן. סך הכל טראָגט ער אַ „יידיש היטל״ און אַ לאַנגע קאַפּאָטע און ער שערט אויך נישט די באָרד זיינע. ער קומט צוגלייך מיט אַלע יידן צו מנחה־מעריב אין בית־המדרש אויף דער „קאָלע גאַס״.**

**ישראל מאָרגנשטערן איז אַ זייגערמאַכער. זיין טאַטע איז משה מולאַזש, אַ פּשוטער ייד. ישראל איז אפילו אַמאָל געווען און געאַרבעט אין דער שווייץ, אָבער איצט אַרבעט ער ביי אַ מייסטער. „פּאַר זיך״ וויל ער נישט גיין, כדי מקיים צו זיין די מצווה פון זיין אַ פּראָלעטאַריער. ער קען גאַנץ קאַרל מאַרקס מיטן „קאַפּיטאַל״ אויף אויסנווייניק. און ער ווייסט, אַז צום קאַפּיטאַליזם קומט שוין אַט־אָט אַ שוואַרצער סוף, און ער וויל בעסער זיין אַן אָרעמאַן אַ פּראָלעטאַריער. כאָטש דאָס ווייב זיינס און די קינדער גייען אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן און הונגערן נישקשה אונטער. דערפאַר טראַכט ער, אַז לעתיד לבוא, ווען דער סאָציאַליזם וועט קומען, וועט אים און דער מענטשהייט זיין וווֹיל ווי די וועלט.**

**דערווייל זיצט ער אין קליינעם געוועלבל פונעם זייגערמייסטער, פּוצט מיט אַ ציין־בערשטל געטונקען אין בענזין די קליינע רעדעלעך פון די זייגערלעך און ער זינגט אונטער מיט זיין שיינער באַריטאָן־שטימע, דוויד עדלשטאַטס לידער:**

ווי קען איך ברודער, פריילעך זי־ינגען
ווען האַס און קריג איז איבעראַ־אַל,
עס שיינט מיר טיפע שמערצן קלינג־ען
אויך אין דעם ליד פון נאַכטיגאַ־אַל
אויך אין דעם ליד פון נאַכטיגאַ־אַל.
עס שיינט מיר אַז דער מאָנד און שטערן
די זילבער ווייסע ליליענבלו־ם
זענען פול מיט הייסע מענטשן־טרעעי־ן
און זענען פון שרעק בלאַס און שטו־ום
און זענען פון שרעק בלאַס און שטו־ום.

**היינט, צום ערשטן מאַי, שטייט ער, שוין נאָך אַלע רעדעס, אָנגעלענט אין דער בינע. זיין פּנים שיינט יום־טובדיק און אַ נשמהדיק פייערל לייכט פון זיינע שוואַרצע אויגן. ער זינגט מיט זיין שטאַרקער און מעכטיקער שטימע:**

גייט ברידער גייט און איר פאָדערט ברויט.
פאָדערט מענטשלעכע רעכט,
מען זאָל אייך נישט באַהאַנדלען ווי די קנעכט.

**און באַלד דער רעפריין וואָס אַלע כאַפּן אונטער:**

שטייט אויף איר ברידער, אָ מען וועקט אייך,
מען וועקט אייך,
צום קאַמף איר ברידער, אָ נישט שרעקט אייך, נישט שרעקט אייך,
צום לעבן, צום שטרעבן,
צו קעמפן דעם מעכטיקן שטרייט,
פון קייטן צו ווערן באַפרייט
ווייל אַזוי פאָדערט די יעצטיקע צייט.

**און באַלד דערנאָך:**

דער רב מיטן פּאָפּ,
זיי פאַרדרייען אונדז דעם קאָפּ
מיט רעליגיאָנען און מיט גלוי־ויבן
מיט עבירות און מיט זינד,
מאַכן זיי אונדז בלינד,
מען זאָל נישט זען ווי זיי טוען אונדז באַרויבן,
מען זאָל נישט זען ווי זיי טוען אונדז באַרויבן.

**אַז עס גייט אַוועק דער ערשטער מאַי, איז ישראל ווידער אַ וואָכעדיקער גראָ־פאַרהאָרעוועטער ייד. אַלץ, וואָס ער פאַרמאָגט: דאָקומענטן, פּאַפּיראָסן, טראָגט ער אינעם היטל זיינעם אויפן קאָפּ. דערפאַר, ווען ער גריסט זיך מיט באַ־קאַנטע, זאָל זיין אפילו, ווען עס גייט דורך דער סטאַראָסטע אַליין, נעמט ישראל נישט אַראָפּ דאָס היטל. אַ סך טייטשן עס אויס, אַז דאָס איז מחמת זיין רעוואָלוצ־יאָנערישקייט.**

**נאָר אַז עס מאַכט זיך טיילמאָל אַ שטאַרקער שטורעם־ווינט, דאַמאָלט, ווען עס פליען אין גאַס קאַפּעלושן און היטלען, זעט מען אויך ישראלן זיך יאָגן נאָך זיינע דאָקומענטן, פּאַפּיראָסן און פּאַפּירלעך מיט אַ צעשויבערט בערדל. אָבער קיינער לאַכט נישט פון אים, ווייל מען ווייסט ווער עס איז ישראל מאָרגנשטערן. דער איינציקער און אויטענטישער בונדיסט פון שטעטל.**

## לייב ראָכמאַן

# מענטשן און בילדער

### דער אוהל אויפן אַלטן „בית־החיים"

וועגן אַלטן „בית־החיים", וואָס איז די לעצטע צייט געווען אין מיטן שטאָט, אויף דער קאַליע־גאַס, האָבן אין מינסק, אין די לעצטע יאָרן, קורסירט מעשיות וואָס זענען שוין פאַרוואַנדלט געוואָרן מער אין לעגענדעס. מען האָט נישט געוווּסט, ווו עס לאָזט זיך אויס דער אמת און ווו עס הייבט זיך אָן די פאַנטאַזיע.

אויף רעכטס פון בית־עלמין, איז אין אונדזערע יאָרן געשטאַנען אַ אוהל — פיר ווענט אָן אַ דאַך פון אויבן. מען האָט געזאָגט, אַז דאָרט איז אינעווייניק דאָס קבר פון אַ צדיק פון דער שטאָט פאַרצעווע, וואָס איז אַ קראַנקער פאַרבייגעפירט געוואָרן אין דער באַן, ערב שבת, און צוליב דער שפּעטער שעה איז ער דאָ אַראָפּגענומען געוואָרן. אין מינסק איז ער נפטר געוואָרן און דאָ איז ער געקומען צו קבורה.

ביז לעצטנס, ווען קינדער פון די חדרים זענען ל"ג בעומר צי תשעה־באב געגאַנגען אויפן בית־עלמין און געשטעקט הילצערנע „שווערדלעך" אין די קב־רים, האָט ביי די מצבות, האָט מען אויך נישט פאַרגעסן דאָס אַלטע בית הקברות, ווויהין קיין לעבעדיקער מענטש איז שוין מער נישט געקומען אויף קבר אבות, און מען האָט אויך באַזוכט דעם אָפענעם פון אַלע פיר זייטן אוהל.

### דער שיינער בחור — יוסף הצדיק

קינדער האָבן ביינאַכט מורא־געהאַט פאַרבייצוגייען דעם אַלטן בית־עולם.

מען האָט דערציילט, אַז אַ יונגע פריצטע, ועמענס פּאַלאַץ עס איז אַרויס־געגאַנגען מיט די פענצטער אויפן בית־עולם, האָט געוואָרפן אַן אויג אויף אַ שיינעם בחור. זי האָט אים פאַרנאַרט צו זיך, אים פאַרשפּאַרט, און, ווי פּוטיפרעס ווייב, געוואָלט ער זאָל זינדיקן מיט איר. בלית־ברירה, איז דער בחור, כדי נישט נכשל צו ווערן, אַרויסגעשפּרונגען דורך אַ פענצטער און זיין נשמה איז אויסגעגאַנגען דאָ אויפן בית־עולם — בקדושה ובטהרה.

### דאָס פּאַריסאָווער שטיבל

אין דעם פּאַריסאָווער שטיבל אין מינסק האָבן געדאַווענט ביי אַ צען מנינים, ד. ה. ביי אַ הונדערט חסידים מיט זייערע זין און יינגלעך. זיי זענען געקומען פון „ד ע ר" שטאָט און פון „י ע נ ע ר" שטאָט — פון די גאַסן וואָס זענען געלעגן פוןביידע זייטן טייך; די פון „יענער" שטאָט האָבן געמוזט אַריבער די בריקן, כאָטש געווען צייטן ווען שבת איז מען איבער די בריקן נישט געגאַנגען. געווען אַמאָל פּאַריסאָווער שטיבלעך — אויף דער שטאָט און אויף יענער שטאָט. צוליב אַ סך סיבות האָט דאָס דאַווענען אין פּאַריסאָווער שטיבל געהאַט אַ שם. ערשטנס, האָט דאָרט געדאַווענט דער רבי ר' משהלע (רבי יצחק משה הלוי לאַקס), דער שוואָגער פון פּאַריסאָווער רבין, וועלכער איז אַליין געווען אַ רבי (צי אַ רבילע) אין מינסק. חוץ אַ פּאָר שטאָטישע פּשוטע יידן (ווי למשל דער היטלמאַכער

שלמהלע מלכ׳ס „שלמהלע חכם״) זענען קיין חסידים צו אים נישט געפאָרן. די פּאַריסאָווער חסידים ביי אונדז האָבן אים אַרומגערינגלט מיט נאָענטקייט. יעדן שבת צו „שלוש־סעודות״ און יום־טוב זענען זיי געקומען צו זיין טיש. מען האָט געזונגען לויטן פּאַריסאָווער נוסח — פּאַרטון אין זיך. דאָס געזאַנג וואָס האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן צו אַ טייך פון נגינה, האָט זיך געשפּרייט ווי ווייט. בכלל האָבן די פּאַריסאָווער חסידים געשמט מיט זייער זינגען, וואָס איז אַריין, האָט זיך פאַרמאַכט אין מענטש. אין שטיבל זענען צווישן אַנד. געווען בעלי־תפילה חיים זעליג מורה־הוראה, מיט אַ זיסער שטימע און „טרילער״, ישראל שוחט — מיט זיין מעטאַלענעם טענאָר, יעקב יוסף געלבאַרד (יאַנקל קיווער), מאיר פּיעכאָטאָ־וויטש (מאיר פעלסוחר) און משה יערזשינקער. זיי האָבן געדאַוונט יעדער אַנ־דערש, יחידיש, און מיטגעריסן דעם עולם. דאָס דאַווענען אין פּאַריסאָווער שטיבל איז אויף אַזוי ווייט באַקאַנט געווען, אַז אויף יום־טוב האָט מען פון דאַנען געמוזט באַזאָרגן מיט בעלי תפילה אויך די שטאָטישע בתי־מדרשים. ווער געדענקט נישט דעם „הלל״ אין פּאַריסאָווער שטיבל?!

פאַר אַלעם האָבן די פּאַריסאָווער חסידים געהאַט אַ שם מיט זייער טרונקען קאַווע. דאָס איז געווען שטאַרקע קאַווע מיט אַ ביסעלע מילך פון אויבן, און מיט פּיצלעך צוקער צוגעביסן. דאָס טרינקען קאַווע איז געווען אַ טייל פון דער עבודה, פון פאַרטיפן זיך. יעדן אינדערפרי — אין דער וואָכן און שבת — פאַרן דאַווע־נען — האָט מען עטלעכע מאָל געטרינקען בצוותא קאַווע. ביים טרונקען קאַווע האָט מען געשמועסט חסידות, תורה — נגלה און נסתר. יידן, בעלי־מדרגה, זענען געווען פאַרמוחט, זיך פאַרלייגט די הענט פאַר די אויגן, מעיין־געווען אין אַ ספר; געשוועבט אין די עולמות עליונים. פּאַריסאָווער חסידים האָבן נישט געדאַוונט תפילה־בזמנה, נאָר שפּעט — אַרום צען — האַלב עלף אַ זייגער. צוערשט האָט מען געלערנט, פאַרטיפט, געשמאַק. דאָס קול תורה האָט זיך געשפּרייט; מען האָט זיך געגרייט, מכין־געווען, צום דאַווענען. אין פּאַריסאָווער שטיבל האָבן געלערנט בחורים פון דער גאַנצער שטאָט — אויך אַנדערע חסידים און נישט־חסידים, ווי שמואל, לייבל באַגאַנס; יאָסל ראָטשטיין; שמעון דעם סטעלמאַכס; דער הויכער מאיר; שלמה גרינוואַלד, יאַנקל שאַפּירשטיין און אַנד. טייל פון זיי זענען געוואָרן צוגעצויגן און האָבן אָנגעהויבן פאָרן צום רבין. עס זענען דאָ תמיד געזעסן, פון באַלד אין דער פרי ביז שפּעט ביינאַכט — אַ 20־30 בחורים און חתונה־געהאַטע יונגעלייט, און געלערנט — ווער אַ שיעור, ווער אַליין.

עס איז דאָ אויך געווען אין לעצטן צימערל דאָס חדר פאַר וואַזשנע יינגלעך, „גוטע קעפּ״ — פון יחיאל גאָרדאָן. יחיאל, אַליין אַ זיידענער חסידישער יונגער־מאַן, האָט געהאַט נישט קיין „חדר יינגלעך״, נאָר תלמידים־קליינע חברים, וועלכע האָבן געלערנט און אָנגעפילט דעם אַרום מיט זייערע קולעכלעך פון תורה. ער פלעגט מיט זיי גייען יעדן פאַרנאַכט און שבת שפּאַצירן, לענגאויס דעם טייך און געשמועסט, ווי מיט דערוואַקסענע, חסידות. די יינגלעך האָבן געקלעפּט אין אים. איבעריק צו זאָגן, אַז ל״ג בעומר זענען זיי אַרויס אין וואַלד און „געשאָסן״ פון אַליין־געמאַכטע פייל און בויגן. יעדן תשעה־באב זענען זיי מיט אים אַוועק אויפן אַלטן בית־עלמין און געשטעקט הילצערנע שווערדלעך ביי די מצבות.

די יינגלעך זענען מיטאַמאָל געוואָרן דערוואַקסענע. נישט ווייניק פון זיי זענען מיטגעפאָרן מיט אים צום רבין.

געווען אַ ווינטער ווען אין פּאַריסאָווער שטיבל האָט געגעבן יעדן טאָג, אין די פאַרמיטאָג־שעהען, אַ שיעור, גמרא מיט תוספות און מפרשים, דער זקן פון די סטריקאָווער חסידים, אברהם לייזער שוחט. אברהם לייזער, אַ נידעריקער, שוין געבויגענער, מיט אַ הויך זיידן היטל — אַ סימן פון אַ צורבא מדרבנן, איז אָנגעגאַנגען אין זיין צייט פאַרן גרעסטן תלמיד־חכם אין אונדזער שטאָט. זיין שיעור איז געווען אַ געשמאַקעס, וואָס האָט אַלע צוגעצויגן. די בחורים זענען געזעסן געשפּאַנט אַרום און אַרום די טישן, און אברהם לייזער האָט מיט זיי געלערנט — וואָרט ביי וואָרט. אויך די חדר־יינגלעך פלעגן שטייען אין דער זייט און זיך צוהערן. חוץ דעם, האָבן אין שטיבל געלערנט בני־תורה, מאנשי שלומינו. אַ שטייגער, אברהם הערש ווישניאַ — דער איידעם פון אפרים בעקער — אַ יונ־גערמאַן פון אַדל; אַ הויכער, זייער אַ שיינער און ציכטיקער. אַ געבוירענער אין סטאָצק; די זין פון שמשון סופר — מרדכי, אברהם לייב און משה,ביידע עלטערע האָבן שפּעטער חתונה־געהאַט. מרדכי איז געוואָרן דער איידעם פון לאַטאָוויטשער רב, און שפּעטער אַליין רב אין שטעטל סאָסנאָוועץ, אין לובלינער קאַנט. נאָך דעם מורה־הוראה אין דער גרעסערער שטאָט פּאַרצעוו. אברהם לייב איז נאָך דער חתונה קיין סאָבעלאָוו געוואָרן רב (אויפן אָרט פון ברודער) אין סאָסנאָוועץ. אָנגעזעענע בחורים, לערנערס, זענען אויך געווען מאיר שלום אהרן־יעקבס; מאיר שלום דער זון פון עילוי אברהם משה; און זיינע יינגערע ברידער; מאיר שלום — מאַטעסעס; ישעיה, שלמה־דודס, וועלכער איז נאָך דער חתונה מיט זיין קוזינקע, מלכה, די טאָכטער פון מנשה לאָש, געוואָרן אַ ווינקל־שוחט אין מינסק; זיין ברודער אברהם; ישראל אהרן, דער זון פון שמואל־פייוול; הערשל, דער זון פון משה קאַליביעלער; זיינע ברידער מאיר, אברהמלע, מלך, שמחהלע. יאַנקל שיפּמאַן, דער זון פון מאָטל שיפּמאַן, אַן איי־ניקל פון אפרים בעקער. אין די פריערדיקע יאָרן — יידל — דער זון פון גבאי בנימין ציוויאַק, וועלכער איז געווען באַרימט מיט זיין שיין קול; משה מאָס־טאָווסקי דער זון פון מאיר שוסטער, אַן עלטערער בחור. אויך אַנדערע חסידים זענען כסדר אַריינגעקומען — אין דער פרי — טרינקען קאַווע, לערנען, דאַווענען און כאַפּן אַ שמועס וועגן ענינים אויסער דער טעגלעכקייט. אין די גרעסטע פרעסט, אָנגעשיט מיט שניי אין דרויסן, איז דאָ געווען וואַרעם. דער ווייסער קאַפלענער אויוון איז כסדר געווען געהייצט. דער פּאַריסאָווער חסיד יוסף גרינ־שפּאַן, אַ ברודער פון וואַרשעווער פרנס מאָטל גרינשפּאַן, האָט אויף באַהייצונג צוגעשטעלט אומזיסט טאָרף פון זיינע טאָרף־פעלדער הינטער דער שטאָט. מען מוז זאָגן, אַז די בחורים פון שטיבל זענען געווען „מייסטער" אָנצוצינדן און צעבלאָזן דאָס פייער. די וואַרעמקייט וואָס האָט „געשלאָגן" פון פאַרמאַכטן אויוון, האָט אָנגעהאַלטן אַ מעת־לעת. אַ גאַנצן ווינטער, ווען דער דרויסן איז אַן ענגער, אַ צוזאַמענגענומענער געשלאָסן — איז אין שטיבל געווען היימיש, נאָענט. כדי צו פאַרשטיין דאָס פריערדיקע, דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז אויב די עלטערע פּאַריסאָווער חסידים האָבן ס'רוב געהייסן יהושע אשר — נאָכן זון פון ייד הקדוש,

און די מיטליעריקע — יעקב הערש — נאָכן מיטעלן פּאַריסאָווער רבין — האָבן פיל פון די יינגע געטראָגן דעם נאָמען פון רבינס פאָטער, דעם קאַלושינער רבין, ר׳ מאיר שלום ז״ל. נישט אומזיסט זענען די „מאיר שלומס״, געבוירענע פּאַרי־סאָווער, געווען בריהס אין פאַרבריען אין דער פרי איין קאַווע נאָך דער אַנדערער.



אויך בחורים פון ׳שטיבל״ — פון רעכטס צולינקס: יאַנקל שאַפּירשטיין, יאַנקל שיפּמאַן און יבדל לחיים ארוכים מלך הייבלום, לייב ראַכמאַן און ישראל אהרן פרוימאַן.

די יונגעלייט, ווען זיי פלעגן אַריינקומען אין שטיבל, נאָכן לערנען — פלעגן זיך אויסזעצן אַרום טיש מיט אַ קאַווע, און איינחזרן אַ נייעם ניגון. צווישן די זינגערס זענען געווען משה קלמן יאַבלאָנקע; יאַנקל פּיעכאָטאָוויטש (יאַנקל מאירס); משה, בעריש קאַשעמאַכערס און אַנד. זיי פלעגן אָפּט אויך דאַווענען, ווי בעלי תפילה, פאַרן עמוד, און אויספּרווון די ניגונים. יעדן טאָג, באַזונדערס אין די אָוונטן, פלעגט זיין היימלעך, ווען אין שטיבל איז אַריינגעקומען דער וואַלד־שרייבער שלמה דוד עדעלשטיין, מיט דער שוואַרצער בריאיקער באָרד. שלמה דוד האָט געטראָגן דראָטן־קיילעכדיקע ברילן. ווען ער פלעגט זיך אַוועקזעצן, איז באַלד געוואָרן אַ געזעמל אַרום אים. שלמה דוד איז געווען אַ געוואַלדיקער שמו־עסער און דערציילער. ספּעציעל האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין שרייבן לומדישע, לשון־קודשדיקע, טעקסטן און גראַמען; אַ מומחה אין צוזאַמענשטעלן חתונה־בילעטן. ער האָט דאָס תמיד געטון פאַר די בחורים פון שטיבל. דער בילעט האָט רעכטס געדאַרפט זיך אָנהייבן — יעדע שורה — מיטן חתנס נאָמען, וואָס האָט זיך געלייענט פון אויבן אַראָפּ, און לינקס — מיט דער כלהס נאָמען. שלמה דוד איז געזעסן און אויסגעמייסטרעוועט קונסט־ווערק. יעדע שורה אַ געגראַמטער אויפבליק, אָן אויפטו, פון וועלכן אַלע אַרום זענען געבליבן פאַרבליפט. עס איז געווען אַגיל ואשמחדיק.

נאָך אַ קינסטלער אין שטיבל איז געווען דער זקן, הערשל באַרטניצער, וועל־כער איז אָפּט אויך געווען בעל קורא. ער פלעגט אויסשערן פון פּאַפּיר פון

„רייזעלעך" — אַ „שוויתי" פאַרן עמוד אויף מזרח. הערשל האָט געהאַט אַ גרויע באָרד, און אויך געטראָגן בלעכערן־גלאַנציקע ברילן. מען האָט קיינמאָל נישט געהערט זיין קול חוץ ביים לייענען די סדרה. ער פלעגט פון פּאַפּיר אויסשניידן ממש „פייגל אין דער לופט". די מנורה, די לייבן, פייגל, הירשן און אַנדערע חיות און עופות; קבלה־ראשי תיבות, פסוקים און גמטריאות און בעיקר דער „שויתי ה׳ לנגדי תמיד", זענען געווען — פוןביידע זייטן — דין און סודותדיק פאַרבאָרגן. ראש חודש אָדר האָט ער אויך צוגעגרייט דעם „משנכנס אדר — מרבין בשמחה". זיין „משנכנס", וועלכן מען האָט אויפגעהאַנגען אויף דער דרום־וואַנט, איז, פאַרשטייט זיך, געווען אויסגעשניטן מיט אַ שערעלע. נעבן זיין „משנכנס" האָט מען אויפגעהאָנגען אַנדערע — שיין געצייכנטע מיט פאַרשידענע קאָלירן. מען האָט אויפגעמאָלן אויף זיי אויך פישעלעך „מזל אדר — דגים", פלעשלעך וויין, כוסעלעך, און נאָך אַ סך פריידיקע סימבאָלן.

צווישן די מתפללים אין פּאַריסאָווער שטיבל האָבן — אַ חוץ די אויסגערע־כנטע מיטן רבין ר׳ משהלע אין שפּיץ — זיך געפונען פיל אַנגעזענע חסידים. דער רבי ר׳ משהלע אַליין איז געווען אַן איידעם פון פּאַריסאָווער רבינס פאָטער, דעם „נהר שלום" און אַן אייניקל פון „עטרה לראש צדיק". ווי דער רבי איז ער אויפגעוואַקסן אין זיין הויף.

ער האָט געוווינט אין זעלבן הויז ווו דאָס שטיבל האָט זיך געפונען. אַליין איז ער, דער רבי ר׳ משהלע, געווען אַ שווייגער, אַ נחבא אל הכלים. תמיד ווען ער האָט געדאַוונט, האָט ער זיך פאַרוויקלט אין טלית. צוליב זיין דראָבנעקייט האָט מען אים נישט אַרויסגעזען. קוים ער האָט פאַרנומען אַ פּלאַץ. נישט איינמאָל פלעגט מען אים אַרומזוכן אין שטוב און געמיינט, אַז ער איז נישטאָ. זיין דירהלע, ווי אויך זיינע מעבל און כלים, זענען געווען קליינע. פון די טעלערלעך קוים צו עסן אַ כזית. אַ קליין צדיקל, מיט אַ קליין, שיטער, קורץ בערדעלע.

עס האָט אויך דאָ געדאַוונט זיין משמש, הערשקעלע ראָזן, אַן אַלטער, געלב־לעך־גרויער ייד, אַ נידעריקער, וועלכער האָט געהאַט די קינדער אין פּאַריז. ער איז געשלאָפן ביים רבין ר׳ משהלע אין קיכל. דאָרט טאַקע פלעגן די בחורים פון שטיבל נישט איינמאָל אויפקאָכן קאַווע.

צווישן די חסידים, שטענדיקע מתפללים, זענען אויך געווען דער מיוחס ישראל שוחט, אַ ייד אַ גבר, פאַר וועלכן, ווי מען פלעגט זאָגן, אויך די אָקסן האָבן זיך דערשראָקן; גאָר אַ געשיקטער אין שחיטה; דער חריף און בקיא אברהם משה אורמאַן, וועלכער איז יעדן פּסח, און נאָך פאַר יום־טוב, געווען ווי אַ רב און אויפזעער ביים רבין. אַלע האָבן פאַר אים געציטערט. מען דערציילט, אַז זיין ווייב איז אַמאָל געקומען צום פּאַריסאָווער רבין מיט אַ טענה, וואָס איר מאַן איז קיינמאָל נישטאָ אינדערהיים ביים סדר. אירע קינדער זענען פּסח אָן אַ טאַטן, האָבן נישט וועמען צו פרעגן די פיר קשיות. ביי אברהם משהן האָבן זיך נישט געהאַלטן די קינדער. די זין זענען אַוועק איינער נאָכן אַנדערן. אַזוי גרויסע און אַזוי קליינע אברהם משה און זיין ווייב האָבן איינגעריסן וועלטן. לסוף האָט זיך די מגיפה ביי זיי אָפּגעשטעלט. געהאַט האָט ער, דער שאַרפער קאָפּ, אַ קליין בלאָנד בערדעלע, ווי אַ ייִנגל. תמיד, ווען ער איז געגאַנגען צי געשטאַנען, האָט

עפעס געברענט אין אים. אַ שטיק צייט איז ער געווען דער מלמד פון די צוויי בחורים — זין פון שעדלעצער רבין. ער איז אויך געזעסןביים רבין אין שעדלעץ. איינער פון די זין לעבט איצט אין ישראל. דאָס איז דער מונקאַטשער רבי, דער רב פון חולון, הרב ר׳ ברוך ראַבינאָוויטש שליט״א. חוץ אים זענען אין שטיבל געווען נאָך לומדים ווי דער מחנך־מלמד, יחיאל אברהם־יהושעס (גאָרדאָן), משה טוביה, שמואל פייוול. אַלע האָבן זיי אָבער געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר אברהם משהן. זיי האָבן זיך ווי אויפגעשטעלט פאַר אים.

פון די פאַריסאָווער חסידים זענען געווען דאַזאָרעס אין דער יידישער קהילה, און זיי זענען אָפט געקומען אין שטיבל — ר׳ דוד יאַבלאָנקע, וועלכער האָט פאַרטראָטן דאָס דערבייאיקע שטעטל שעניצע; אפרים בעקער, מיט דער לאַנגער און ברייטער באָרד, וואָס האָט תמיד גערעדט געלאַסן. אפרים בעקער האָט געהערט צו די הויפּט־חסידים. ער האָט דאָ געדאַוונט מיט זיינע צוויי זין ישכר בער און בצלאל. ער פלעגט ספּעציעל באַקן און שיקן צום רבין אויף יעדן ראש חודש אַ גאַנצן קויש חלות. אָפטמאָל — די י״ב חלות אויף שבת. אויך מרדכי יצחק קרייטמאַן, דער קרעמפּיקער ייד מיט דער געלער באָרד, איז געווען דאָזאָר. ער איז געווען באַקאַנט, ווי אַ תקיף, אומבויגזאַם. ער האָט דאָ געדאַוונט מיט זיינע זין אברהמטשע, חיים און נח, וועלכער איז געווען דער איידעם פון פשוטן אָפּגעהיטענעם חסיד בעריש טאָקאַרזש. נח מיט זיין פרוי זענען שפּעטער געפאָרן קיין ארץ־ישראל, ווו זיי זענען די לעצטע יאָרן געשטאָרבן און איבער־געלאָזט קינדער און אייניקלעך. אין שטאָט האָט מען מרדכי יצחקן גערופן מאָטל בייגער. עס האָבן דאָ אויך געדאַוונט די שיינע יידן, חסידים־זקנים, דוד, שמואל־יאַנקלס (פורמאַנסקי); אברהם יהושע — מיט דער לאַנגער זילבערנער באָרד, בעריש קאַשעמאַכער מיט די בנים און אייניקלעך. געווען אויך חסידים פשוטע גאָטספאָרכטיקע יידן, ערלעכע, יראים און שלמים; למשל, מאיר שוסטער (מאָס־טאָווסקי), וועלכער האָט געשמט מיט זיין גוטסקייט; זי האָט אַרויסגעלויכטן פון אים, און פון זיין קורצער גרויער באָרד. מאיר שוסטער האָט אויף יעדן פסח געמאַכט גימזענע שיך און לאַטשן פאַרן חסידישע בחורים און יינגלעך. די לאַטשן האָבן אויף ווי ווייס געסקריפּעט און געשמעקט. ער האָט שבת פאַרן דאַווענען, נאָך קאַווע, געלערנט אין שטיבל, צוזאַמען מיט זיין ידיד, אהרן יעקב קאַלוסקי — מדרש רבה. חוץ זייביידע האָבן יידן דאָ נישט געלערנט צוזאַמען קיין מדרש.

עס האָבן דאָ אויך געדאַוונט אפרים פעלטי, דער גרויסער בעל־צדקה, און הערשל טאָקאַרזש, דער שטילער, מיט דער בלאָנדלעכער באָרד, וועלכער איז בכלל נישט געווען קיין טאָקער. ער איז געקומען פון דער וואַרשעווער גאַס מיט זיין יינגעלע. אין שטוב זענען געבליבן זיין פרוי און עטלעכע טעכטער.

אַ גרויסער נדבן אין שטיבל איז געווען דער גביר יאַנקל גרינבערג, וועלכער האָט געהאַט אַ פאַרטרעטונג פון אַגראַר־מאַשינען. ער איז יעדן שבת געקומען אין שטיבל מיט זיינע יינגע צוויי זין, ישראליק און בוטשע. ער האָט געהערט צו אַ גרויסער משפּחה פון פאַריסאָווער חסידים, און איז אויך געווען אַן איינגייער ביים רבי ר׳ משהלע. עטלעכע מאָל אין יאָר איז יאַנקל גרינבערג געפאָרן צום רבין, קיין אָטוואָצק.

נישט געווען קיין פרייטיק־צו־נאַכטס, צי שבת־אינדערפרי, ווען אין שטיבל זאָלן זיך נישט אָנזאַמלען קיין אורחים (אָרעמעלייט, גייערס אויף די וועגן). די חסידים פלעגן זיי אַהיימנעמען צו דער סעודה. עס האָט נישט געטראָפן קיין פאַל ווען אַזאַ אָרעמאַן זאָל בלייבן פאַרשעמט. חסידים פלעגן אַהיימקומען פון שטיבל און מיטברענגען מיט זיך דעם אורח. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען נישט בלויז אין פאַריסאָווער שטיבל אין מינסק, נאָר אין יעדן מקום תפילה, אומעטום.

נאָך אַ זאַך, מיט וועלכער עס האָט זיך אויסגעטיילט דאָס פאַריסאָווער שטיבל, איז געווען דער „גורל". זעלטן איז דאָס געווען אין אַן אַנדער שטיבל. דאָס איז אפשר געווען די פריילעכסטע צייט. וואָס איז געווען דער גורל? טייל יונגעלייט און בחורים פלעגן זיך צוזאַמענלייגן וועכנטלעך — יעדער צו אַ האַלבער זלאָטע (אַ מחצית השקל). צוזאַמען האָט די „קאַסע" אָנגעזאַמלט בערך צען זלאָטעס. דאַכט זיך, יעדן מיטוואָך איז פאָרגעקומען דאָס וואַרפן דעם גורל. אין אַ קלפי, אַ סאַמעטן קאַפּל, האָט מען אַריינגעלייגט פאַרוויקלטע צעטעלעך מיט דעם נאָמען פון אַלע אָנטיילנעמער. עס איז געווען אַ גרויסע שפּאַנונג. איינער פון די בחורים האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן אַרויסגעצויגן דעם נאָמען פון דעם „זכה בגורל". ער האָט באַקומען דאָס גאַנצע געלט און איז אויף שבת געפאָרן צום רבין. אַזוי כמעט יעדן שבת — שבת בשבתו.

זומער פלעגן גרופּעס יינגעלייט און בחורים זיך אויך צוזאַמעננעמען און פרייטיק גייען צופוס קיין אָטוואָצק צום רבין. זיי האָבן זיך אַרויסגעלאָזט באַלד אינדערפרי, געגאַנגען דורך פוילישע וועגן, ד.ה. נישט דורך שאָסייען. מען האָט זיי אַריבערגעהאַקט און מאַרשירט איבער פעלדער. אין די וועלדער האָט מען זיך געזעצט אָפּרוען און עפּעס נעמען אין מויל אַריין. מען האָט זיך דערציילט מעשיות און געזונגען חסידישע ניגונים און מאַרשלעך. נישט איינמאָל האָבן פּוילישע שקאָצים נאָכגעוואָרפן שטיינער. דער וועג, וואָס האָט זיך געצויגן ביי אַ 25 קילאָמעטער, איז געווען פאַרבונדן מיט געפאַר. יעדע גרופּע איז אָפּגעטראָטן ביים יידישן שוסטער פון דאָרף גליניאַנקע. ער האָט מכבד־געווען מיט מילך „גלייך פון דער קו" און מיט אַנדער מילכיקס. אַזוי האָט דאָס שטיבל געוווּסט, אַז כמעט תמיד, יעדן שבת, געפינט זיך ווער ביים רבין. מען האָט לכבוד דעם גליקלעכן זונטיק געטרונקען קאַווע. אַלע זענען געזעסן אַרום טיש און געשטאַנען אַרום אים מיט די טעפּלעך קאַווע. ער האָט דערציילט — אַרויסברענגענדיק באַזונדער יעדעס וואָרט. חסידים האָבן איינגעזאַפּט, און פון די מעשיות האָט מען נאָכדעם געלעבט אַ גאַנצע וואָך.

געווען נאָך פאַלן פון „איינשטעלן זיך".

אין מינסק איז געווען דאָס זיבעטע אולאַנער פּאָלק. דאָס פּאָלק איז גע־שטאַנען אויפן „פּלאַץ" הינטער דער שטאָט. שטענדיק פלעגן דאָרט דינען אויך יידן, צווישן זיי אַ צוויי־דריי יונגעלייט וואָס האָבן אָפּגעהיט כשרות. די בחורים פון פאַריסאָווער שטיבל פלעגן זיי טראָגן יעדן טאָג, זומער און ווינטער, א כשר מיטאָג, וואָס אַלעמאָל האָט צוגעגרייט אַן אַנדער באַלעבאָסטע. יעדן טאָג — אַנדערע צוויי בחורים. די טעפּ אין אַ קיישל פלעגט מען אַריינגעבן „אומלעגאַל" דורך אַ לאָך אין דער זייט פון דעם צוים. דער יידישער זעלנער פלעגט צוקומען

פון יענער זייט, פון אינעווייניק, צו דער באַשטימטער שעה, און אָפּוואַרטן די בחורים מיטן מיטאָג. נישט איינמאָל האָט מען אונדזערע בחורים געכאַפּט. זיי זענען געזיצן אין „פּאַקע" צונאָמען מיט אַנדערע אַרעסטירטע זעלנער, און גע־מוזט אָנטיילנעמען אין דער בשותפותדיקער שפּיל פון אַוועקלייגן זיך, מיטן פּנים אַראָפּ און קריגן פּעטש פון די אַרומיקע אויף אַ „ווייך אָרט". אַזוי לאַנג האָט דאָס געדויערט ביז דער ליגער האָט געטראָפן ווער פון די אַרומיקע עס שמייסט אים. די פייערדיקע פּעטש האָבן ביי די בחורים אַזש געברענגט טרערן אין די אויגן.

אָבער דאָס האָט נישט אָפּגעהאַלטן. אויפצומאָרגנס האָט מען ווייטער אַוועק־געטראָגן כשר עסן די יידישע זעלנער.

דאָס אַלץ, מיט ענדערונגען, האָט געדויערט ביז עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה.

### די מורה־הוראות

מינסק האָט געהאַט דריי מורה־הוראה׳ס: אַמאָל, נאָך אין דער צייט פון רב, ר׳ יחיאל מיכל ראַבינאָוויטש, דעם „גלי ים", איז געווען מורה־הוראה (מו״צ) פון שטאָט — הרב ר׳ וואָלף זילבערשטיין, אַ גרויסער למדן, מחבר פון שאלות ותשובות, וואָס ווערן געברענגט אין „גלי ים" און אין אַנדערע ספרים. אויך הקדמות פון אים געפונען זיך אין ספרים אַרויסגעגעבן אין זיין צייט. נאָך אים, אין דער צייט פון די רבנים, ר׳ יוסף קאַפּלאַן, און שפּעטער הרב משה נתנאל שאַפּיראָ, איז אָפּיציעל געווען מורה־הוראה, ר׳ חיים זעליג ראָטלעוויטש, אַ פּאָ־ריסאָווער חסיד. אין זיין צייט האָבן די גערער חסידים אַראָפּגעבראַכט אַ צווייטן מורה־הוראה, דעם „פּיעטריקאָווער", הרב רינקעוויטש. עס איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת. די יידישע געמיינע האָט נישט אָנערקענט דעם פּיעטריקאָווער, וואָס איז אויסגעהאַלטן געוואָרן בלויז פון די גערער חסידים. ער האָט אויך געוווינט אויפן הויף פון גערער שטיבל.

ביידע מורה־הוראה׳ס האָבן נישט געהאַט גענוג פּרנסה, און זייער בעסטער „סעזאָן" איז געווען די נאַכט פון ערב פּסח, ווען זיי האָבן פאַרקויפט חמץ (מכירת חמץ). עס זענען דעמאָלט געשטאַנען רייעס ביי זיי.

אינטערעסאַנט, ביידע מורה־הוראה׳ס האָבן געהאַט געלע בערד: ר׳ חיים זעליג מיט די פּענסע־ברילן — אַ העל־געלבלעכע באָרד, אַ בלאָנדע. ער האָט געהאַט אַ שיין קול און איז אויך געווען בעל־תפילה אין שטאָט. ער האָט געשמט ווי אַ נחת לבריות. דער „פּיעטריקאָווער" האָט געהאַט אַ געל־רויטע באָרד, און איז געווען אַ שווייגער. אַ פאַרבאָרגענער למדן, וואָס האָט זיך ווייניק געוויזן אין שטאָט. בעיקר, ווי געזאָגט, איז ער געווען טעטיק צווישן די גערער.

### מוהלים

אין מינסק האָבן די מוהלים געשמט אַלס „שיינע יידן" וואָס האָבן נישט גענומען באַצאָלט. מל זיין איז געווען אַ כבוד־זאַך — שלא על מנת לקבל פּרס. ערן־מוהלים זענען געווען ר׳ שמעון ראַכמאַן, ר׳ מרדכי וואַסערמאַכער (פייגנבוים). ביידע גערער חסידים — פון די זקני העיר — גבירים און לומדים.

אויך אַנדערע מוהלים זענען געווען אין שטאָט — אַלץ ווי אַ כּיבוד־זאַך. אַ סך פּאַטערס האָבן אַליין מל־געווען זייערע זין.

אינטערעסאַנט, אַז אויך אין געטאָ ביז דער לעצטער מינוט האָבן יידן מלע־געווען זייערע קינדער, כאָטש זיי האָבן געוווּסט, אַז דערמיט חתמענען זיי אפשר זייער גורל. ביז דער לעצטער מינוט האָבן זיי געלעבט ווי יידן און געשלאָסן זייער בונד מיט גאָט, דעם אייביקן יידישן בונד.

## „שיעורים" אין אַלטן בית המדרש

יעדע נאַכט זענען ביי פאַרשידענע לאַנגע האַלץ־טישן, אַלטע, אין דעם אַלטן בית־מדרש אויף דער קאַליע־גאַס, פאַרגעקומען שיעורים פאַר יידן בעלי־מלאכות, פשוטע מענטשן פון אַ גאַנץ יאָר. צווישן מנחה און מעריב און נאָך מעריב, זענען לאָמפּן אָנגעצונדן געוואָרן איבער די טישן (דאָס גרויסע בית־מדרש אָרום איז געבליבן איינגעהילט אין שאָטנס) און מען האָט בלויז געהערט דאָס קול פון די שיעור־געבער. אַ חוץ דעם זקן ר׳ איטשע מאיר שעניצער, דער טויבער, מיט דער לאַנגער, שוואַרצלעכער באָרד און באַוואַקסענע אויערן, האָט געלערנט מיטן עולם משה אהרן, דער איידעם פון אַלטן למדן און חסיד מלך בעקער. די לעצטע יאָרן איז משה אהרן אַליין שוין נישט געווען קיין יונגערמאַן; זיין געלע באָרד איז געווען דורכגעוועבט מיט גרוילעכע האָר. ווער געדענקט נישט משה אהרנס זינגנדיק קול ביים לערנען יעדע נאַכט קאַפּיטלעך תהילים מיטן עולם? זיין קול האָט אין זיך געהאַט עפּעס אייביקס פון ישראל סבא. עס האָט זיך געטראָגן זיס און האַרציק איבערן האַלב־טונקעלן בית־מדרש במשך די אָוונטן, לאַנגע יאָרן.

## שיע דוד דער מיידל־לערער

איינער פון די באַזונדערע געשטאַלטן אין שטאָט איז געווען ר׳ יהושע דוד אָדער ווי מען האָט אים גערופן שיע דוד דואַ. שיע דוד האָט אין הויף צווישן סעדער געהאַט אַ נישט־אָפיציעלע „שולע" פאַר מיידלעך בעיקר — זיי צו לערנען דאַווענען און צו שרייבן יידיש. פוליש האָבן זיי געלערנט אין דער פאָווּשעכנער שולע און אין גימנאַזיע. דאָס איז געווען אַן אמתדיקע שולע: אַ גרויסער זויבע־רער זאַל מיט אָפענע פענצטער, זומער — אַרויס אין גאָרטן אַריין. פייגעלעך האָבן אַריינגעזונגען פון צווישן די גרינע בלעטלעך אַדורך. אין די גרעסטע היצן איז אין דעם זאַל געווען קיל. אינעווייניק, אויף לאַנגע הילצערנע טישן, זענען געווען „אַריינגעלאָזט" די טינטערס אָנגעפילט מיט טינט. אין „פּיורניקס" זענען געלעגן די פעדער מיט די פענדלעך (סטאַלקעס). קיין שטויבעלע איז אין דעם זאַל נישט געווען. שיע דוד האָט זיך צו זיין אַרבעט באַצויגן ווי צו אַן עבודת הקודש. עס האָט תמיד געהערשט אַ פייערלעכע שטילקייט. מען האָט געהערט בלויז די „קריצערייען" פון די פעדערס און שיע דוד׳ס קול. ער האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן די טישן און אויך פון אים האָט „געפּאַכלט", „אַראָפּגעשמעקט" — אַזוי ריין, געפּוצט, איז ער געווען. איך געדענק, זומער און ווינטער האָט שיע דוד געטראָגן אַ שפּאַנצער, פאַרלייגט אין דער קעשענע אַ זייגער, אָנגעהאָנגען אויף

אַ זילבערן קייטעלע. גאָלדענעברילן אויף דער נאָז, און אַ גרויס, זיידן קאַפּל אויפן קאָפּ. זיין באָרד — זילבערדיק גרוי און זיין קול הייזעריקלעך.

יעדן אין דער פרי, שחרית, און פאַרנאַכט מנחה, שפּעטער מעריב — האָט שיע דוד' געדאַווענט אין אַלטן בית־מדרש אויף דער קאָליע־גאַס. אין אָוונט פלעגט ער זיצן, אונטער לאָמפּן, ביים משניות־טיש פון איטשע מאיר שעניצער.

שיע דוד מיט זיין „שולע", מיט די „בריוונשטעלערס", האָט אַרויסגעגעבן הונדערטער און הונדערטער שילערינס, וואָס האָבן שפּעטער געהערט צו די לייענערינס פון דער יידישער ליטעראַטור.

## פריידע „די רביצין"

אין מינסק, ווי אין אַנדערע שטעט, זענען אויך געווען פרומע ווייבער, וואָס האָבן געהאַט „הייליקע" פּרנסות, ווי טיקערינס, חברה־קדישא־ווייבער, שמשטעס, פאַרזאָגערינס, וכדומה.

צווישן די אַלע זענען געווען „מלמדעסטעס", וואָס זענען אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער מיט גרויסע סידורים, און געלערנט מיידלעך דאַווענען. זיי האָבן דערפאַר באַקומען גאָר אַ קליינעם אָפּצאָל, אָבער זיי האָבן דאָס געטון בעיקר לשם מצווה.

אַ סך „רביצינס" זענען געווען, אָבער פיל פון אונדז געדענקען „פריידע די רביצין", וועלכע פלעגט אַרומגיין מיט אַ סידור און גרויסן טייטל און געלערנט אָן אַ שיעור מיידלעך; אַ סך פון „יענער שטאָט" (די מאַרק־זייט) אלף־בית, לייענען און דאַווענען. זי האָט דאָס געטון מיט מיידלעך, וואָס זענען געגאַנגען אין דער פּוילישער „שקאָלע" (שולע) אַריין און געקענט גוט פּויליש און אַלע אַנדערע שול־פּראָפּעסיעס.

לאָמיר אויך נישט פאַרגעסן פריידען, די רביצין.

## מינסקער יוגנט האָט זיך געריסן קיין ארץ־ישראל

מיר ווייסן, אַז אַ סך יוגנטלעכע פון מינסק, וועלכע זענען שפּעטער אומגעקומען אין שטאָט, האָבן ביז דעם מלחמה־אויסברוך אין 1939, זיך געריסן קיין ארץ־ישראל, נאָר די טויערן זענען געבליבן הערמעטיש פאַרמאַכט. אָט ליגט פאַר אונדז אַ בריוו פון 21־יעריקן יאַנקל שיפּמאַן, געשריבן דעם 7טן מאַי 1939, צו זיין חבר מלך הייבלום, וואָס האָט באַוויזן קורץ פאַר דעם עולה־צו־זיין. מלכ'ס פאָטער האָט געהאַט אַ וויין־פאַבריקל אין מינסק און אויך ער איז פריער געקומען אין לאַנד, ווי אַ „קאַפּיטאַליסט". מלך וווינט היינט אין תל אביב, ווו ער האָט אַ גרויסע משפּחה — קינדער און קינדס־קינדער.

יאַנקל שיפּמאַן שרייבט צווישן אַנדערן:

„היינט, מלך, ביסטו אַ פרייער מענטש. צו ארץ־ישראל זענען געוואָנדן די אויגן פון גאַנצן יידישן פאָלק. דו שרייבסט, אַז אַרבעטסט שווער. וויפל טויזנטער יונגעלייט וואָלטן געוואָלט פאָרן קיין א"י, אַרבעטן די שווערסטע אַרבעט. להתראות בארצנו!".

דאָס איז זיין לעצטער בריוו. נאָך דעם איז ער פאַרזונקען ווי אַלע יידן.

**דער בוים אויפֿן וועג...**

איך געדענק, נאָך אַלס קינד, ווען איך בין מיט מיין מוטער און שוועסטערל, חודש אלול, געגאַנגען אויף קבר אבות, צום בית־עלמין מזרח־זייט פון שטאָט (אויפֿן וועג קיין טאַרגוווקע) — זענען דעמאָלט אַ סך מענטשן געגאַנגען בעטן רחמים, אייגרייסן קברים פון זייערע נאָענטע. דער וועג איז געווען פול מיט יידן, ווייבער און אויך מיט קינדער־יתומים. אויפן נישט־געפלאַסטערטן וועג צווישן פעלדער זענען געווען צעוואָרפן הייזער, שייערן און ביימער; גרילן האָבן געגרוישט צווישן די הויכע גראָזן און תבואות פוןביידע זייטן. ביי איינעם אַ ברייטן צעצווייגטן בוים פלעגן אַלע זיך פאַרהאַלטן. מען האָט נאָך געזען לעכלעך פון קוילן אין דער קאָרע פון דעם אַלטן בוים. דאָ, האָט אַן אָפּטיילונג פוילישע זעלנער, אין יאָר 1920, דערשאָסן פאַר „מיטאַרבעטן מיט די באָלשע־וויקעס״ דעם ייד קאַמיניעצקי. מיר האָבן געקוקט ווי די בלעטלעך רוישן נאָך אַלץ פריש. שפּעטער האָבן מיר געזען קאַמיעניעצקיס קבר אויפן בית־עולם.

מען האָט דערציילט, אַז דער יידישער סיים־דעפּוטאַט נח פּרילוצקי איז דעמאָלט געפאָרן מיט אַ „פּאַפּיר״ פון דער פוילישער מאַכט, פון שטאָט צו שטאָט, און געראַטעוועט פון טויט אַ סך יידן, פאַרמשפּטע דורך פוילישע פעלד־געריכטן פאַר „קאָמוניזם״. ער איז דורכגעפאָרן מיט דער באַן פון וואַרשע קיין שעדלעץ, און זיך אָפּגעשטעלט ביי אונדז אויף דער סטאַציע מינסק. ער האָט דורכן פענצטער פון וואַגאָן געפרעגט ביי אַן אַנוועזנדיקן ייד, צי עס זענען דאָ נישטאָ קיין פאַרמשפּטע יידן. ער האָט באַקומען אַ טעותדיקן ענטפער, אַז ניין, און ער איז געפאָרן ווייטער.

דער טעות איז געווען אַ גורלדיקער פאַרן לעבן פון קאַמיעניעצקין.

דער בוים פון דער עקזעקוציע שטייט נאָך אַזוי ביזן היינטיקן טאָג, ווען עס זענען נישטאָ קיין יידן אין שטאָט, און מען גייט מער נישט חודש אלול אויפן בית־עולם.



מאיר לייפער, ברודער
פון לייבל ראַכמאַן,
אומגעקומען אין אוישוויץ

**יעקב אליאב ז״ל**

# על אפרים משמש ובנו משה שעדלעצקי

(מתוך מכתב לעורך הספר ולרעיתו לרגל הבר־מצווה של בנו בכורו משה חיים — על שם סבו).

...את שניכם, צפורה ואפרים, מכירים אנו יפה מתוך ספרו של לייבל רוכמן, אהוב כל יודעיו ורואיו. שמך, אפרים, מזכירני את סבא שלך „פרויים משמש" משחר ילדותי. משמש־גבאי־מדריך — יהודי בעל פרק נאה, חייכני, קפדן וחמוד, זורק מרה ומחבב, בחינת „שמאל דוחה וימין מקרבת", ונדמה לי — תקיף ושולט גם על הרבי בכבודו ובעצמו. מבעד החלונות הפתוחים של ה„אכסניה" של סבא היו, בימי שבת ומועד, בוקעים קולותיהם העליזים ורוויים של חסידי ווארשה — יהודים בעלי צורה ובעלי מאה, בלי גינוני „חניוקים" ו„שקוקים", אלא — חסידיש־גביריש־ממזריש...



משה שדלצקי

שם חתן השמחה משה חיים — כזה, כנראה, שם אביך ע"ה. זכור לי מימי נעורי השם מוישה פרויימס, שהיה אורח לא תדיר בבית המדרש — בעתות ההן, בתחילת המאה, ימי מלחמת יפאן, המהפכה של 1905, קונגרסים ופולמוס אוגנדה, היה משמש אכסניה־מבצר לאפיקורסים שבקרב חובשי ביהמ"ד, ואשר בנו של אפרים היה מעין „יוצא דופן", שהיה מופיע כבר אז כ„פאצעט" — קפוטה קצוצה (דריי פערטעלעך), מחבל בחתימת זקן וענוד צווארון ועניבה, וארשת פניו התלנית, קנתרנית, שהיה כנראה נאבק עם מלאכי חבלה למיניהם — חצר הרבי, תלמוד תורה, ציונות מחד גיסא ו„בונד" ופ.פ.ס. מאידך גיסא, וראשית חכמה — הדור בלבוש. זכורני שפעם אחת שאלתיו (הייתי צעיר ממנו בשנתיים, שלוש שנים), על שום מה ינקר עיני הבריות, בעיקר בחצר הרבי, בלבושו המודרני? ענה לי: ובמשפחת הרבי כיצד? ור' משהלי (גיסו של ר' אלטרל, שנהג רביסטוו לעצמו ואח"כ רבי ממש בורשה, מורנוב 40, בנו יהושע שהיה חובש שטריימל כבר בגיל 10, ועתה הפרופ' א. י. השל בניו־יורק), אינו מאריך במכנסים, מקצר בבגדו, ועונד צווארון ומנשטין? וכן שאר קרובים מגזע הבעש"ט — מבית סדיגורא וכו' — שלובשים מעט גויית.

הקיצור, צרור מועט של זכרונות. אווה, אווה — אין לנו שיור מכל אותה אוכלוסיה רבת פנים זו, אלא זכרונות בלבד.

תל־אביב, ו' שבט תשכ"ג — 31.1.1963.

א. שעדלעצקי

# ווי אין חלום פאַרפליגן...

## אין חדר ביי ר׳ ישראל־דודן

„וואָס מער יאָרן, אַלץ ווייטער פונעם זכרון״ — זאָגט אַ שפּריכוואָרט. ווי יעדעס ווערטל איז אויך דער זאָג נישט תמיד אינגאַנצן ריכטיק, וואָרעם פאַראַן געשעענישן און איבערלעבענישן ביים מענטש וואָס קריצן זיך איין אין זכרון און עס איז נישט מעגלעך צו פאַרגעסן. מערסטנס איז דאָס טאַקע בנוגע פאַסירונגען אין דער קינדהייט. צו מיינע קינדער־דערמאָנונגען וואָס לעבן אין מיין זכרון מיט אַ באַזונדערער פרישקייט, געהערט אויך מיין ערשטער טאָג אין „חדר״.

ביי מיר איז דער טאָג אויך פאַרבונדן מיט אַ טאָג פריער — מיטן שמחת־תורה פונעם זעלבן יאָר...

פריש אין זכרון, אָן שום נעפּל פאַר שכחה, געדענק איך יענעם שמחת־תורה מיט די הקפות, די פאָן מיטן רויטן עפּל וואָס איך האָב געטראָגן אין האַנט, דאָס טאַנצן מיט די ספר־תורהס אינעם „שטיבל״ און דער עיקר — דעם „קידוש״ ביי אונדז אין שטוב, וואָס דער טאַטע האָט דעמאָלט, ווי יעדן שמחת־תורה, געמאַכט פאַר דעם עולם פאַרן באַקומען די עליה לתורה פון „חתן תורה״. אויף דער עליה האָט דער טאַטע קיינמאָל נישט מוותר געווען, געצאָלט אַלע געלטער, אויך שפּעטער ווען ער איז געוואָרן אַ ייד אַ יורד. „חתן תורה״, האָבן אַלע געוווסט אין „שטיבל״, געהערט צום טאַטן, ער האָט דערויף שוין אַ חזקה. קיינער פון די מתפללים האָט אויך ניט געוואָלט „אויסקאָנקורירן״ די עליה און אַזוי אַרום מוותר זיין אויפן קידוש מיט די גוטע יום־טובדיקע מאכלים וואָס די מאַמע, אַ באַלעבאָסטע אַ בריה, האָט צוגעגרייט...

טאַקע ביים דאָזיקן קידוש נאָכן דאַוונען מיט די פריילעכע הקפות, האָב איך צום ערשטן מאָל געזען דעם ערשטן מלמד מיינעם, ביי וועמען דער טאַטע האָט מיר אָנגעדונגען צום נייעם „זמן״.

דער „קידוש״ האָט שוין געהאַלטן ביים סיום. דער עולם איז שוין געווען היבש בגילופנדיק. די טעלערס הייסע קרעפּלעך און געוויקלט קרויט זענען שוין געווען אָפּגעליידיקט, דאָס זעלבע די פלעשער משקה און דאָס פעסעלע ביר, ווי דער טאַטע האָט מיר אָנגענומען פאַר דער האַנט און צוגעפירט צום מלמד מיינעם:

ר׳ ישראל־דוד, דאָס איז אייער נייער תלמיד. מאָרגן אינדערפרי, בלי נדר, ברענג איך אים צו אייך אין חדר אַריין.

דאָס איז געווען אַ ייד מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, אָבער מיט אַ יונג פּנים. אָנגעטאָן אין אַ סאַמעטן היטל און אַטלאַסענער קאַפּאָטע, האָט ער אין דער רגע, פאַרשטייט זיך, אויסגעזען פיל יום־טובדיקער ווי איך האָב אים דערנאָך געזען ביי זיין וואָכעדיקער האַרעוואַניע מיט זיינע חדר־יינגלעך.



להיפּך צום שמחת־תורה־טאָג, וואָס איז געווען זוניק, פּוילישער גאָלדענער האַרבסט, איז דער צומאָרגנס, איסרו־חג, געווען אַ פאַרנעפּלטער, נאַסער טאָג —

ווינט און רעגן, אַ בלאָטע. פון דיביימער זענען געפאַלן געלבלעכע בלעטער. אָנגעטאָן אינעם נייעם ווינטערדיקן פּאַלטנדל מיט אַ פוטערן קעלנערל און איינגעהילט אין אַ וואָלן שאַלעקל (די מאַמע האָט מורא געהאַט איך זאָל זיך חלילה נישט פאַרקילן...), האָט דער טאַטע מיך גענומען ביי דער האַנט און מיט מיר אַוועק, דורך דער בריק ביים סוף פון „רבינס" געסל, אויף יענער זייט טייכל, „אויפן זאַמד", אין חדר אַריין.

— אָט דאָ וווינט דער „רבי" — האָט דער טאַטע מיר אָנגעוויזן אויף אַ נידעריק הילצערן הייזל מיט אַ שפּיציקן דאַך באַוואָקסן מיט גרינעם מאָך.

מיר זענען אַריין אין אַ שמאָל פינצטער פּאָדערהויז מיט אַ צעבראָכענער פּאָדלאָגע, לעכער און גריבער. אַ פרייִלעך קול פון פילדערנדיקע קינדער איז אונדז אַנטקעגנגעקומען. דער טאַטע מאכט אויף די טיר. מיר זענען שוין אינע־ווייניק. אַ קליין לענגלעך שטיבעלע. צוויי בעטן, דערנעבן אַ „פּיעקעליק". ביי דעם פענצטער שטייט אַ קליין טישל, און אין דער גאַנצער לענג אַרום און אַרום נידעריקע בענק, אויף וועלכע עס זיצן שוין אַ קנאַפּע צוויי צענדליק חדר־יינגלעך.

— גוט מאָרגן, ר' ישראל־דוד! — רופט אויס דער טאַטע.

— גוט מאָרגן, גוט יאָר! — ענטפערט דער „רבי" מיט היימישקייט, און כאַטש פון האַנט האָט ער די גאַנצע צייט נישט אַרויסגעלאָזט דעם „קאַנטשיק" מיט לאַנגע לעדערנע „לאָקשן", האָב איך פאַר אים כלל נישט מורא־געהאַט.

— נו, תכשיטל — האָט ער זיך באַלד אָנגערופן צו מיר, אַ נעם־טוענדיק



ישראל דוד מלמד מיט משפחה און שכנים

אַ שטיקל באַק צווישן זיינע צוויי פינגער. ער האָט מיר צוגעפּירט צום טישל ביים פענצטער און געזאָגט: אַנו, לאָמיר הערן וואָס דו קענסט!

ר׳ ישראל־דוד דרדקי־מלמד האָט געהאַט צוויי „כיתות״ — אַזעלכע וואָס האָבן שוין געקענט „לייענען״ אין סידור, און אַזעלכע מיט וועלכע מען האָט ערשט געדאַרפן קנעלן אלף־בית. איך האָב דעם אלף־בית שוין געקענט פון דעם וואָס צו מיינע עלטערע צוויי שוועסטער, באַשע און פרימעט, איז געקומען אַ „רביצין״, לערנען מיט זיי דאַווענען, עטלעכע מאָל אין דער וואָך. בלויז פון צוהערן זיך האָב איך שוין גוט געקענט די „ברכות״ און דעם גאַנצן אלף־בית. דאָס איז געווען טאַקע די סיבה וואָס מען האָט באַשלאָסן צוצואיילן דאָס אַריינגיין אין חדר, הגם איך האָב נאָך נישט געהאַט קיין פולע פיר יאָר.

ר׳ ישראל־דוד האָט מיך אַרויפגעזעצט אויפן הויכן בענקעלע און אָנגעהויבן מיך „פאַרהערן״, זען וואָס איך קען:

— וואָס איז דאָס?

— אַן אלף! — האָב איך גלייך געענטפערט.

— און אַן אלף מיט אַ פּאַסעקל אונטן, ווי מאַכט דאָס?

— פּתח אלף מאַכט אַ! — האָב איך לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן אויף אַן ענטפער.

— לערן, לערן גוט, וועט דיר דער מלאך באַלד אַראָפּוואַרפן צוקערלעך — האָט דער „רבי״ מיט אַמאָל זיך אָנגערופן. איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט, ביז מיטאַמאָל האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן אויפן טישל און אַרום דעם טישל קאָליריקע לאַנדרין און צוקערלעך. איך האָב גלייך פאַרגעסן דעם סידור מיטן רבינס טייטל, און אָנגעהויבן קלייבן די צוקערלעך.

— זעסט, קינדער וואָס לערנען מיט חשק און פאָלגן דעם רבין, וואַרפט זיי דער מלאך צוקערלעך — האָט דער טאַטע געשמייכלט.

אָנגעשטופּט די קעשענעס מיט די צוקערלעך, האָב איך געוואָלט זען דעם „מלאך״. איך בין גיך צוגעלאָפן צום צווייטן עק שטיבל פון וואַנען עס האָט געהאָגלט מיט די צוקערלעך, און טאַקע דערזען: הינטערן „פּיעקעליק״, אויף אַ בענקל איז „ער״ געשטאַנען, אַ הויכער, אַ דיקער מיט אַ ברייטער נאָז און אַ שפּיציקן קנאָפּ אונטער דער גאָמבע. דאָס איז געווען דעם „רבינס״ בנ׳דל — ער האָט געהאָלפן דעם טאַטן אין דער פרנסה... דאָס, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז נישט געווען זיין איינציקע עבודה — ער פלעגט אונדז אויך „פאַרשפּילן״, מאַכן פאַר אונדז פּאַפּירענע „פערדלעך״ און „לאָדקעס״ און אויסרופן יעדע ווייל ווער עס זאָל צוגיין צום טישל „לערנען״, בעת אַלע אַנדערע האָבן דערביי גע־מוזט שטיל זיצן אויף זייערע ערטער, וואַרטן אויף זייער ריי. בלויז די „ברכות״ און מודה אני און „קריאת שמע״ — האָט דער רבי געלערנט מיט אַלע קינדער צוזאַמען...



יענער ווינטער איז געווען מיין ערשטער „זמן״ אין חדר. מען איז געזעסן אַרום דעם אייזערן אייוועלע, זיך געוואַרעמט ביים פלאַקערנדיקן פייערל. אויך איינהייצן און זאָרגן פאַר דער ריינקייט האָט געמוזט דער מלמד אַליין. ר׳ ישראל

דוד איז שוין דעמאָלט געווען אַן אלמן. עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען זיין זונדל איז אַוועק אַרבעטן אין דער פרעמד, האָט ער לסוף געמוזט אויפגעבן דאָס מלמדות, האָט מער זיך נישט געקענט אַן עצה־געבן איינער אַליין.

ביים „רבין" אין שטוב איז אויך געווען אַ קליין צוקער־געוועלבל — אַ שויבן־שענקל מיט זיסוואַרג, כדי די קינדער זאָלן נישט דאַרפן ווייט לויפן כדי צו קויפן זיך עפּעס פאַרן געלט וואָס די עלטערן האָבן מיטגעגעבן אויף אַ „נאַש"־צו־טאָן. דאָס איז אויך געווען אויף דער האַנט פונעם מלמד: אַז ער האָט עמעצן אַ שמיץ־געגעבן מיט קאַנטשיק און דאָס יינגל האָט געוויינט האָט ער אים מפייס געווען מיט אַ צוקערל...

זומער־צייט איז ביי ר' ישראל־דודן אין חדר געווען פיל בעסער. אַ גאַנצן טאָג איז מען געזעסן אין הויף, אַ גרויסער הויף מיט געלן זאַמד, און זיך דאָרט געשפּילט: געמאַכט „איוונס" און געבאַקן „ברויט". די צרה איז געווען דער שכנותדיקער גויישער הויף מיט די שקאָצים און זייערע טויבן־שלאַקן. יעדעס מאָל ווען די שקאָצים איז נמאס געוואָרן דאָס קוקן אויף די פליענדיקע טויבן־טשאַטעס, האָבן זיי אָנגעהויבן וואַרפן שטיינער אינעם הויף פונעם „חדר". דעמאָלט האָט דער רבי אויף גיך אַריינגעכאַפּט די יינגלעך אין שטוב אַריין און אונדז געהאַלטן פאַרמאַכט אין דושנעם, ענגן שטיבל, אַ גאַנצן טאָג.

אַזוי האָב איך באַלד אין ערשטן „חדר" מיינעם, דערפילט דעם ביטערן טעם פון זיין אין גלות...

## איך לערן שוין חומש אין תלמוד־תורה

דער ווינטער איז נאָך אין סאַמע מיטן. פרעסט. חודש שבט. אַלץ איז באַדעקט מיט שניי און אייז. אויך דער טייך איז איין שטיק, פאַרפרוירן. שליטנס פאָרן איבער אים אַהין און צוריק און די צוויי בריקן איבערן וואַסער זענען ווי איי־בעריק. אין חדר, אין דער תלמוד־תורה, רעדט אָבער הערשעלע דער מלמד שוין וועגן פרילינג, וועגן חמישה־עשר, וואָס דערנענטערט זיך און וועגן די „בחינות". וואָס וועלן אין דעם טאָג פאָרקומען אינעם רבינס בית־מדרש, בחינות בעת וועלכע דער רב אַליין וועט „פאַרהערן" יעדן תלמיד באַזונדער און דערביי טיילן חמישה־עשר־פירות...

ס'איז דער ערשטער זמן ווי איך לערן חומש און איך בין שוין כולו פאַרטאָן אין די וואונדערלעכע מעשיות, וואָס דער רבי קנעלט מיט אונדז איין אַ גאַנצן ווינטער. פון „בראשית" אָן פאָלג איך נאָך די פּאַסירונגען מיט אדם הראשון, מיט נוחן און זיין תיבה, מיטן לעבן פון די אָבות — אברהם, יצחק און יעקב און זייערע בנים. אָט האַלטן מיר שוין ביי יציאת מצרים. פון דאָזיקן פינצטערן גלות ווייס איך, וועלן די בני ישראל אַריינקומען אין צוגעזאָגטן לאַנד אַריין — קיין ארץ ישראל, און אָט הער איך טאַקע ווי דער „רבי" דערציילט, אַז דאָס לאַנד, וואָס „שטייט" אין חומש געפינט זיך אויף דער וואָר, ווייט פון אונדז, און דאָרט איז שוין פרילינג און טאַקע באַלד איז ראש השנה פון די ביימער, — פון די ביימער אין ארץ־ישראל, וואָס ווייסן נישט פון קיין שניי און קעלט און נישט פון די ביימער דאָ אין שטעטל, וואָס שטייען איצט נאַקעטע אָן בלעטער

מיט פֿאַרפֿרוירענע און שניי־באַדעקטע צווייגן און ציטערן פֿון פֿראָסט אינעם געדיכטן פּאַרק אַרום דעם פּריצישן „שלאָס" און אויך נישט די נאָדלביימער אינעם וועלדל ביי „יאַרזשאָמבעק"...

ניין, נישט וועגן די־אָ ביימער רעדט הערשעלע מלמד. ער דערציילט גאָר וועגן טייטלביימער און באָקסערס, וועגן פֿאָמעראַנצן און מאַנדלען, וואָס וואַקסן אינעם הייליקן לאַנד, וואָס ווייסט נישט פֿון ווינטער, שניי און פֿרעסט, דאָרט אינעם לאַנד ביים ירדן־טייך, וועמענס וואַסערן פֿרירן קיינמאָל נישט איין נאָר שטראָמען, שטראָמען אָן אויפֿהער.



ס'איז שבת שירה. ביים דאַווענען לייענט מען שירת הים, וואָס משה רבנו האָט געזונגען מיט די בני־ישראל, ווען דער אייבערשטער האָט פֿאַר זיי גע־שפּאָלטן דעם ים. אין דרויסן שיינט אַ זון, אָבער דער פֿראָסט ברענט אונטער רי נעגל. אָט בין איך אַהיימגעגאַנגען מיטן טאַטן פֿון „שטיבל". די שוועסטער ברענגט דעם טשאָלנט פֿון בעקער. די מאַמע רוקט־צו דעם טיש נענטער צום קאַפּלאָוואַנעם אויוון, אין וועלכן די אַלטע סטרוזשקע פֿון רבינס הויז, קאַטעזשינאַ, האָט נאָך אינדערפֿרי צוגעלייגט אַ היפּש ביסל קוילן, עס זאָל זיין וואַרעם. דער טאַטע מאַכט קידוש איבער אַ קליין כוסהלע 95־ער ספּירט געמישט מיט היימישן קערשן־סאָק. באַלד לאָזן מיר זיך ווידער אַרויס אין דרויסן. מיר וואַרפֿן פֿאַר די פֿייגעלעך קאַשע און שיריים פֿונעם טשאָלנט, באַלוינונג פֿאַר די פֿייגל, וואָס האָבן מיטגעהאָלפֿן זינגען די בני ישראל שירה, ווען דער ים האָט זיך געשפּאָלטן...

נאָך הבדלה גיי איך מיטן טאַטן צו ר' ישעיה פּשיסטאַווצער, ווו יידן טרינקען יעדן שבת־צו־נאַכטס טיי און רעדן „פּאָליטיק". דאָסמאָל ציט מיר אָבער צום געוועלב זיינעם, וועמענס הינטערשטער אַריינגאַנג גרענעצט זיך מיט דער קיך. דער פֿאָדערשטער אַריינגאַנג איז טאַקע געשלאָסן, אָבער קונים קומען איצט כסדר דורך דער הינטער־טיר, כדי איינצוקויפֿן חמישה־עשר־פּרות. איבערן סופּיט הענגען דאָ איצט „בייטשן" געטריקנטע פֿייגן ווי שוואָמען, און אין ספּעציעלע פּאַפּירענע בייטלען און פֿודלעס ליגן מאָדנע פּירות, וואָס מען זעט נישט אַ גאַנץ יאָר: טייטלען, באָקסערס, שעפּטאַלן...

באַלד קומט אויך אָן די מאַמע מיט דער עלטסטער שוועסטער, כדי צו מאַכן די קניות אויף חמישה־עשר. דאָס קוישל ווערט אָנגעפֿולט מיט טייערע שמעקעדיקע פּרוכטן, וואָס רייצן מיין אַפּעטיט. אַז די מאַמע דערזעט מיין גיריקייט, טיילט זי מיר באַלד טאַקע צו פֿון יעדן מין „צום פֿאַרזוכן"...

— „שייגאַץ, וואַרט כאָטש אויף אַ שהחיינו!" — רופֿט זיך אָן ר' ישעיה מיט געמאַכטן כעס און טוט מיר ווי זיין שטייגער אַ פֿעסטן קניפּ אין באַק. כדי מיך אָבער מפֿייס־זיין, הייסט ער מיר עפֿענען ברייט די קעשענע (די הענט זענען שוין פֿול...) און שיט מיר אָן אַ פֿולע קעשענע מיט נאָך גוטע זאַכן...

די מאַמע באַווייזט קוים צו פֿאַרענדיקן דעם איינקויף און אין געוועלב באַווייזט זיך ר' יצחק־שמואל צילין, אַ הויכער שיין־געוואוקסיקער ייד מיט אַ ברייטער צעפּאַטלטער באָרד און גאָלדענעם בינאָקל. דאָס איז דער משגיח פֿון

דער תלמוד־תורה, פאַר וועלכן די יינגלעך ציטערן אימת־מוות. ער איז געקומען אַפּנים באַשטעלן חמישה־עשר־פּירות צו דער „חגיגה". איך טראָג זיך שנעל אָפּ, צוריק אינעם חדר וווּ דער טאַטע זיצט מיט נאָך יידן ביים טרינקען טיי און שמועסן פּאָליטיק...



חמישה־עשר. דער ווינטער־טאָג איז אַ קורצער. נאָך אַ ביסל און עס פאַלט צו דער אָוונט. די תלמידים זיצן נאָך אין די באַזונדערע כיתות, אָבער אינעם גרויסן בית־מדרש־זאַל ברענען שוין אַלע לאָמפּן ווי אין די ימים־נוראים צום דאַווענען. דאָס איז דעם רבינס בית־מדרש, אַ זעלטן שיינער בנין, וואָס אַ רייכער חסיד פון וואַרשע האָט געבויט פאַרן רבין נאָך פאַר דער וועלט־מלחמה, איידער דער רבי האָט זיך אַריבערגעצויגן מיט זיין הויף קיין וואַרשע. איצט נוצט דער בנין פאַר דער תלמוד־תורה. פוןביידע זייטן בית־מדרש זענען אָפּגעצוימט מיט הילצערנע ווענטלעך די באַזונדערע כיתות — פינף כיתות, פון אלף־בית ביז יינגלעך, וואָס לערנען גמרא מיט תוספות. נאָך אַ ווייל און עס הייבן אָן צו קומען די באַלעבאַטים, עלטערן. אָט שטעלן מיר זיך אויס אין אַ ריי און גייען אויף אַריין אינעם געררוימען בית־מדרש אַריין. אַזוי איין כיתה נאָך דער אַנדע־רער. מיר זעצן זיך אויס ביי די לאַנגע טישן.

— שאַ, שאַ! דער רב קומט אָן! — איז מיטאַמאָל אויסגעבראָכן אַ גע־רודער. באַלד האָט זיך טאָקע באַוויזן אַ ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פון דער גאַנצער סוויטע דערמיט, וואָס ער האָט נישט געטראָגן ווי אַלע אַ יידיש היטל אָדער ווינטער „שקאַפּיק", נאָר אַ ברייטן שוואַרצן רבנישן קאַפּעלוש.

„ברוך הבא!" — האָבן מיר אַלע אויסגערופן אין כאָר, און דער רב מיט זיינע באַגלייטער איז גלייך אַרויף צום שולחן אויף דער בימה אינמיטן דעם זאַל, צום אָרט וווּ מען האָט געלייענט דעם ספר. דער משגיח, ר' יצחק שמואל ציליך, פירט עפּעס אַ שטילן וויכוח מיט די מלמדים און באַלד הייבט זיך אָן דער „פאַרהער". יעדער תלמיד, וואָס ווערט אויסגערופן, גייט אַרויף אויף דער בימה, צום רב, וואָס זיצט ביי אַן אויפגעמישטן חומש. יעדער פון זיי לייענט עטלעכע פּסוקים און פאַרטייטשט. דער רב פרעגט און יענער ענטפערט. ביים אַראָפּגיין באַקומט יעדער אַ „שקאַרמיץ" מיט חמישה־עשר־פּירות, פון די צוויי גרויסע קוישן, וואָס שטייען אויפן „שולחן".

אָט רופט מען אויס מיין נאָמען. דער מלמד פירט־מיך־צו צום רב. ער זאָגט אים עפּעס. אויך דער משגיח זאָגט עפּעס. איך הער גאָרנישט נישט. איך בין אינגאַנצן באַרוישט, פיל בלויז די וואַרעמקייט פון רבס האַנט, וואָס גלעט מיך איבערן באַק. ער ווייזט אָן מיטן טייטל אויפן חומש. איך שטעל מיך אַרויף אויפן פוס־בענקעלע, כדי צו דערגרייכן דעם שולחן און צעלאָז מיך הויך איבערן קול:

— ויהי בשלח פרעה...

איך האָב פאַרענדיקט. דער רב פרעגט, איך ענטפער. ווידער אַ גלעט איבערן

בעקל און ער דערלאַנגט מיר צוויי שקאָרמיצן מיט די חמישה־עשר־פּירות. דער רב זאָגט דערביי:

— נעם, ווייל דו קענסט בעסער ווי אַלע...

און צום טאַטן, וואָס שטייט דערנעבן מיט אַלע אַנדערע באַלעבאטים, רופט ער זיך אָן:

— דיין יינגל, משה? — אַ ווּילער בחור...



דאָס איז געווען דאָס איינציקע און לעצטע מאָל ווי איך האָב געזען דעם מרא־דאתרא פון אונדזער שטאָט, הרב ר׳ יוסף קאַפּלאַן, אַ גדול בתורה און בריסקער רבס איידעם, וואָס האָט געשמט אין יענער צייט אַלס איינער פון די צוזאָגנדיקסטע רבנים אין קאָנגרעס־פּוילן. דאָס כסא־רבנות אין אונדזער שטאָט האָט ער פאַרנומען נאָך דער פּטירה פון הרב ר׳ יחיאל מיכאל ראַבינאָוויטש, בעל־מחבר פון ספר „גלי ים״. אינעם זומער נאָך יענעם חמישה־עשר בשבט איז ער פּלוצים געשטאָרבן, בעת אַן אָפּעראַציע. די שטאָט איז דערנאָך לאַנגע יאָרן געבליבן אָן אַ רב. עס איז אויסגעבראָכן אַ ביטערע מחלוקת, ווער עס זאָל איבערנעמען דאָס כיסא־הרבנות. אויך שפּעטער, ווען קורץ פאַרן חורבן איז לסוף נתמנה־געוואָרן אַ נייער רב, האָט די שטאָט נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן פאַרשטאָרבענעם הרב קאַפּלאַן, וואָס איז אַזוי יונג אַוועק פון אונדז.

די מעשה האָב איך זיך דערמאָנט ווען עס איז מיר אַמאָל אויסגעקומען צו שמועסן מיטן פאַרשטאָרבענעם הרב הראשי איסר־יהודא אונטערמאַן. תוך כדי דיבור האָט מיך דער רב געפרעגט פון וואָס פאַראַ שטאָט איך שטאַם פון פּוילן. ווען איך האָב אים געענטפערט, האָט דער רב איינמאָל און נאָכאַמאָל איבערגעחזרט דער נאָמען פון דער שטאָט, ווי ער וואָלט זיך עפּעס־וואָס געוואָלט דערמאָנען אָדער עס איז אים שווער צו גלייבן דערין:

— פון מינסק־מאַזאָוויעצק ביי וואַרשע, זענט איר? — דאָרט איז דאָך געווען מרא דאתרא, יאָסעלע?

דער מינסקער רב, הרב יוסף קאַפּלאַן, — אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן אין יוגנט „יאָסעלע״ — האָב איך זיך דערוווּסט, איז געווען אַ יוגנט־חבר פון הרב הראשי לישראל, מיט וועלכן ער האָט אויך צוזאַמען געלערנט אין דער גראָדנער ישיבה פון ר׳ שמעון שקאָפּ. מיר איז דעריבער אויסגעקומען, דאָ אין ישראל איבערצוגעבן דעם חבר פון אונדזער רב, וועמען איך האָב איינמאָל געזען אַלס קינד אין יענעם חמישה־עשר, זיין חבר, וואָס האָט זוכה געווען צום העכסטן רבנות־אַמט, וועגן גורל פון זיין משפּחה — די אלמנה און דריי קינדער; וואָס עס האָט פּאַסירט מיטן בכור יצחק קאַפּלאַן, דעם לאַנג־יעריקן סעקרעטאַר פון דער קהילה, מיט זיין שוועסטער גאָלדע, וואָס האָט געשמט ווי אַ גאון פון מאַ־טעמאַטיק און געענדיקט דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט, און פון יינגסטן זון פונעם רב, לייזער, וואָס האָט ביזן מלחמה־אויסברוך טאַקע אויך געלערנט אין דער גראָדנער ישיבה און האָט אויך נישט אויסגעמיטן דעם ביטערן גזר פון אומקום...

## די פורים־שפּילער פון לינת־הצדק

דאָס איינגעפּרוירענע טייכל האָט שוין אָנגעהויבן „לאָזן”. דער שניי, וואָס פאַלט נאָך, איז אַלץ מער שוין געמישט מיט רעגן. פייכטער, נאַסער, צעגייט אונטער די פיס און די בלאָטעס ווערן גרעסער. אויך די אַניאָגנדיקע ווינטלעך זענען מילדער, זאָגן אָן דעם סוף פון ווינטער. דער בעסטער באַווייז פאַר דעם איז אָבער דער לוח: „נכנס אדר” — חודש אדר האָט זיך אָנגעהויבן. דאָס שטעטל גרייט זיך צו פורים.

ביי אונדזער שכן זיינוול סטאָליער איז דער „סעזאָן” אין מיטן ברען. ער גרייט פאַר די חדר־ייִנגלעך גרעגערס און המן־קלאַפּערס, געווי ווי אויף חנוכה הילצערנע און בלייערנע דריידלעך. מיך ציט אָבער אין די אָוונטן נאָכן אַהיימ־קומען פון חדר צום טאַטן, אין „לינת הצדק”, אויף דעם צווייטן עק פון רבינס געסל. ערב פורים ווערן דאָרט דערוואַקסענע מענטשן צוריק ייִנגלעך, און עס איז מיט זיי אַזוי פריילעך. מען פּרובירט דאָרט „טריאַטער”. מען גרייט צו „פאַר־שטעלן זיך” פאַר די מגילה־העלדן. לייטישע יונגעלייט, איידעמס פון שיינע באַלעבאַטים און אַליין שוין שטיקלעך באַלעבאַטים, ווערן מיטאַמאָל פורים־שפּילער; גרייטן זיך צו גיין פון שטוב צו שטוב, אָפּשפּילן אויפן אָרט „שטיק־לעך” פון דער מגילה פאַר די גראַשנס, וואָס מען וואַרפט זיי צו לטובת דער חברה, „לינת הצדק” זאָל קענען טאָן איר ווויִלטעטיקע אַרבעט.

דער טאַטע אַליין איז פאַררייזט ערגעץ־ווו אין מאַלאַריטע. ער קויפט דאָרט איין וואַגאָנען ברען־האָלץ, דירעקט פון די ביאַלאָוויעזשער וועלדער, פאַר די בעקערס, כדי צו באַקן מצות אויף פסח. ער וועט צוריקקומען ערשט צום לייענען די מגילה. פאַרן בן־יחידל פונעם פּרעזעס וועט אָבער קיינער די טיר פון „לינת הצדק” נישט פאַרמאַכן, בפרט אַז ער ברענגט נוצן ביי די הכנות, צייכנט פּלאַ־קאַטן מיט געכתיבעטע אותיות, העלפט ביים שערן און קלעפּן די קאָלירטע מאַסקעס און קאַסקעס פון די פורים־שפּילער...

אויפן בוידעם־שטאָק פונעם נייעם בית־המדרש, אַ הילצערנער געבוי אַריינ־געדרוקט אַביסל אינעם הויף, אויף דער גרענעץ צווישן דעם מאַרק און דעם רבינס געסל, געפינען זיך בלויז געציילטע שטיבלעך. אין איינעם פון די־אָ שטיבלעך געפינט זיך דער „לאָקאַל” פון דער חברה, וואָס העלפט די קראַנקע אין שטאָט. יעדן אָוונט זיצן דאָ „דיזשורן”, די אַקטיווע מיטגלידער, וואָס זענען גרייט צו דערטיילן מעדיצינישע הילף פאַר די קראַנקע — שטעלן באַנקעס, פּיאַווקעס. אַנדערע גרייטן זיך גיין אויף אַ „לינה”, ס׳הייסט: נעכטיקן אַ גאַנצע נאַכט ביי שווער־קראַנקע, בעיקר זקנים. ביז וואָס ווען שפּילט מען דערווייל אַ דאַמקע, אַ שאַך, אַ דאָמינע און אפילו אַ „זעקס־און־זעכציק”, כדי צו פאַרטרייבן די צייט, זיך אַנטשפּאַנען נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט. די הויפּט־עבודה פון דער חברה איז אָבער דאָס באַזאָרגן אָרעמעלייט מיט אַ רופא, געבן מעדיקאַמענטן פאַר אָרעמע אָדער נישט־פאַרמעגלעכע. ביידע גויאישע אַפּטייקן ליפערן די „רעצעפּטן”, נאָכדעם ווי זיי ווערן פריער געחתמעט מיטן סטעמפּל פון „לינת הצדק”.

אינעם שמאָלן, גאַנץ לאַנגן צימער שטייען באַלד ביים אַריינגאַנג צוויי הויכע שענק, וואָס גרייכן ביזן סופיט. פון איין שאַנק, די מיט באַגלאָזטע טירן,

קוקן אַרויס אַלערליי מעדיצינישע כלים, וואָס דער „לינת הצדק״ באַרגט אויס פאַר „כל דיכפין״: באַנקעס, גראַדלעך, אורינאַרן, בראָכגאַרטלען, וואַרעם־פלאַשן וכדומה אַזעלכע זאַכן, וואָס זענען אין דער גאַנצער שטאָט נישט בנמצא חוץ אפשר אינעם פּאָוויאַטאָוון גויאישן שפּיטאָל. דאָ שטייען אויך גרויסע גאַנשערס מיט מאַלינע־סאָק קעגן פאַרקילונגען, ביטערזאַלץ, ריצנאייל, האַרצשטאַרק, יאַ־דינע און נאָך אַזעלכע אַרטיקלען פון „ערשטער הילף״, וואָס עס איז בעסער זיי נישט צו באַדאַרפן. די צווייטע שאַנק מיט בלינדע, דיקע טירן, שטייט אַ גאַנץ יאָר פאַרהאַקט און פאַרשלאָסן, ווערט געעפנט בלויז ערב פּורים. דאָ ווערט אויפגעהיט דער „רעקוויזיט״ פון די פּורים־שפּילער, מאַסקעס און קאַסקעס פון די מגילה־העלדן, פאַרביקע קאָסטיומען און אַנדערע מלבושים, וואָס נוצן אויך פאַר די פּורים־שפּילן און אַנדערע היימישע פאָרשטעלונגען, וואָס „לינת הצדק״ אָרדנט איין, כדי צו פאַרגרעסערן די הכנסות אָדער פּשוט כדי צו לאָזן זיינע חברה־לייט אַ ביסל אַ הוליע טאָן, פאַרוויילן זיך און אַנדערע, ווייזן שטאָט וואָס זיי קענען...

די הויפּט־הכנסה פון לינת הצדק, איינע פון די עלטסטע אינסטיטוציעס אין שטאָט, זענען קודם כל געווען די וואָך־אָפּצאָלן, וואָס סאַנעלע דער אינקאַסענט האָט איינגעמאָנט אין די קראָמען און האַנטווערקער־וואַרשטאַטן יעדן דאָנער־שטיק און פרייטיק. אויך די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט געגעבן עפּעס צושטייער; דאָס זעלבע אויך דער מאַגיסטראַט, ווו יידישע ראַטמענער איז אויסגעקומען יעדעס יאָר צו קלאַפּן אין טיש, „קעמפן פאַר יידישע רעכט״, כדי אַרויסצובאַ־קומען אַ „סובסידיע״ פון עטלעכע הונדערט זלאָטעס פאַר יידישע נויטן. נאָך דעם אַלעם האָבן נאָך אָבער תמיד אויסגעפעלט אַ היבשע פּאָר זלאָטעס. די חברה האָט זיך באַמיט צו דעקן דעם־אָ דעפיציט דורך אַראָפּברענגען פון צייט צו צייט פון וואַרשע אַ רעציטאַטאָר אָדער אַ זינגער — זשאַק לעווי אָדער יאָסעלע קאָלאָדני, זמרה זעליגפעלד אָדער אפילו מאָרעווסקין. אין אַזאַ פאַל פלעגט מען אָפּדינגען די „שאָפּע״ פון די פייערלעשער, דאָרט האָט געקענט אַריין נישט נאָר דער איי׳גענער עולם, נאָר אויך געסט פון די שכנותדיקע שטעטלעך, וואָס זענען אָנגעקומען מיט פולע פורלעך. נאָך אַלע קאָסטן, פאַרבונדן מיט אַזאַ אונטערנע־מונג, איז תמיד געבליבן אַ שיינער ריווח. פון מאָל צו מאָל זענען אויך געמאַכט געוואָרן אייגענע פּרווון „אַ שפּיל צו טאָן״, באַזונדערס פּורים־צייט. דעמאָלט קען מען אפילו „שפּילן״ אינעם גרויסן רבינס בית־מדרש און צומאַרגנס דערצו אויך אַרויסלאָזן אייגענע פּורים־שפּילער איבער דער גאַנצער שטאָט.

די הויפּט־אַטראַקציע פון די „לינת הצדק״ פּורים־שפּילער פלעגט זיין שמילקע דאַמע. „דאַמע״ האָט מען אים גערופן מחמת צוויי טעמים: קודם־כל ווייל ער איז געווען אַ דאַמען־שניידער, והשנית — מחמת דעם, וואָס ער פלעגט זיך פּוצן ווי אַ וואַרשעווער פּאַצעט. פּורים נאָכמיטאָג, באַלד ווי מען האָט פאַרמאַכט די קראָמען, פלעגט שמילקע דאַמע, איבערגעטאָן פאַר מרדכי הצדיק, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד און ווייסער בעקעשע, אַרויסרייטן איבער אַ הילצערן פערד מיט צוויי פיס — זיינע אייגענע פיס, וואָס האָבן אונטערגעהאָפּסלט איבערן צעגייענדיקן שניי. די גאַנצע שטאָט — יידן און אויך גויים — פלעגן דעמאָלט

**אַרויס אין די גאַסן, באַוווּנדערן מרדכי הצדיק אויפן פערד באַגלייט דורך אַלע מגילה־העלדן, ווי זיי דעפּילירן פאַרביי די הויפּט־גאַס פון שטאָט. אין די ערשטע דרייסיקער יאָרן, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַנטיסעמיטישע עקסצעסן, האָט מען דעם „קאַרנאַוואַל" אָפּגעשאַפט. קורץ נאָכדעם איז אויך שמילקע דאַמע אַוועק פון שטאָט. ער האָט אויסגעוואַנדערט קיין פּאַריז...**



שמואלקע דאַמע (רויזמאַן), זיין פרוי ביילע, די טאָכטער בראַנדל מיט די קינדער פון לינקס אויף רעכטס, הערשל און שלום —ביידע אומגעקומען

**דער הויפּט־אָנפירער און רעזשיסירער פון די פּורים־שפּילן איז געווען דעם שטריקערמאַכערס איידעם פון מאַרק. אַ קרעפּיקער, געזונטער ייד מיט אַ היבש בייכל. ער פלעגט תמיד שפּילן דעם קעניג אחשוורוש. ער איז געווען אַ שוואָגער פון באַקאַנטן שוישפּילער שמחה נאַטאַן (נאַטאַנס ווייב איז געווען אונדזערס אַ שטאָטישע). דאָס אַליין איז גענוג געווען מען זאָל אים אָנפּאַרטרויען די „אויפ־זיכט", חוץ זיינע אייגענע אַקטיאָרישע פעאיקייטן, מיט וועלכע די שטאָט האָט אָנגעקוואָלן. אויסער אים זענען אַלע אַנדערע פּורים־שפּילער געווען שלאַנקע, הויכוויקסיקע יונגעלייט ווי די דעמבעס, לצים און אויסטויגערס, וואָס האָבן געשמט מיט זייערע שטיקלעך אין דער גאַנצער געגנט: משה באַש, בערל ליובאַסקע, משה־חיל סיטען, די אָרלאַנסקיס, די טאַלאַרסקיס.**



„מאַכטס אויף, מאַכטס אויף!

לאָזט אונדז אַריין, לאָזט אונדז אַריין!

היינט איז פּורים, מען גייט פאַרשטעלט!" — — —

ווען די חברה פורים־שפּילער האָבן צום סיום פון דער פּורים־סעודה זיך ווי אַ וויכער אַריינגעריסן צו אונדז אין שטוב, נאָכן פֿאַרענדיקן זייער מאַרש איבער דער שטאָט, פלעגט די מאַמע מיט די שוועסטערס מיינע שיעור נישט אַוועקפֿאַלן אין חלשות פֿאַר שרעק... אויך איך, וואָס האָב שוין זיי אַלע פֿריער געזען און געגוי געוווּסט ווער עס באַהאַלט זיך אויס אונטער יעדער מאַסקע און אַ גאַנצן טאָג מיט אַלע אַנדערע יינגלעך זיי נאָכגעלאָפן אין די גאַסן, האָב געציטערט ווי אַ בלאַט...

דאָס האָט אָבער געדויערט בלויז אַ ווײַלע, ביז זיי האָבן אַראָפּגענומען די מאַסקעס פון פּנים און זיך געזעצט צום טיש מיט כּיבוד.

„אסתּר־לעבן, אסתּר־לעבן,
מיר האָבן ליב צו נאַשן,
מיר האָבן ליב צו נאַשן,
גיטס אַריין די המן־טאַשן!" — — —

האָט משה באַש אָנגעהויבן מיט זיין באַס־שטימע אַ נייעם פּזמון, אויפגעזונגען לכּבוד דער באַלעבאָסטע, און אַלע האָבן אים אונטערגעהאָלפן. די מאַמע האָט זיך טאַקע לאַנג נישט געלאָזט בעטן און אַריינגעבראַכט פון קיך — נישט בלויז המן־טאַשן, נאָר אויך האָניק־טייגלעך, אַ ליטוויש מאכל, וואָס קיין שום אַנדערע באַלעבאָסטע פלעגט נישט מאַכן, טייגלעך מיט מאָן געקאָכט און געבאַקן אין האָניק, פון דער באַנקע האָניק, וואָס די שוועסטער אירע פלעגט יעדן ווינטער שיקן פון וולאָדאַווע ביים בוג.

„היינט איז פּורים, מאָרגן איז אויס,
גיט אונדז אַ קרעפּל און וואַרפט אונדז אַרויס!" — — —

האָט חברה זיך ווייטער צעזונגען. באַלד האָבן זיך טאַקע אויפן טיש באַוויזן די פליישיקע קרעפּלעך, צו וועלכע מען האָט צוגעטרונקען ביר פונעם פעסל.

אין דער זעלבער צייט ווי חברה פּורים־שפּילער האָבן זיך געלאָזט אַזוי ווויִלגיין און דערציילן קאָמישע מעשיות וועגן די „קאַוואַלן" און שפּיצלעך, וואָס זיי האָבן נאַרוואָס אָפּגעטאָן די קאַרגע גבירים, כדי יענע זאָלן געבן אַ גרעסערע זלאָטע־מטבע, איז ביי אַ זייטיק טישל געזעסן דער קאַסירער פון דער חברה, דער שטענדיק ערנסטער ראַטמאַן שמואל אָרליאַנסקי. ער האָט געעפנט די אייזערנע פּושקע, וואָס עס פלעגט טראָגן דער קעניג אחשורוש אָנגעהאָנגען אויף זיין מלכותדיקן מיליטערישן לעדער־רימען, און איבערגעציילט די אַריינגעפאַלאָסענע מטבעות, כדי צומאָרגנס באַלד אינדערפרי איינצוצאָלן די אַפּטייקערס אויפן חשבון פונעם גרויסן חוב פאַר די רפואות, וואָס „לינת הצדק" איז זיי תמיד שולדיק געווען.

יאָ, דער דעפיציט איז אַדאַנק די פּורים־שפּילער ווידער פאַרקלענערט געוואָרן מיט עטלעכע הונדערט זלאָטעס, פּדיון פון פריילעכן פּורימדיקן טאָג...

**דער טאַטע לייענט די מגילה...**

דער טאַטע האָט נישט ליב געהאַט דאָס ברעטל. זייער זעלטן פלעגט ער דאַווענען ביים עמוד, בלויז ביי ספּעציעלע געלעגנהייטן, משפּחה־שמחות אָדער ווען ער האָט געהאַט יאָרצייט נאָך זיין פאָטער (כ״ה אלול), יענעם שבת פלעגט דער טאַטע באַקומען „מפטיר״, דערנאָך פלעגט ער דאַווענען ביים עמוד „מוסף״ און פאַרבעטן דעם עולם אַהיים אויף קידוש.

אין שטוב אָבער האָט דער טאַטע דווקא אַרויסגעוויזן נטיות צו נגינה. קידוש פלעגט ער מאַכן מיט אַ ספּעציעלן ניגון, וועלכן מיר אַלע האָבן שטאַרק ליב געהאַט. ביים שבתדיקן טיש האָבן די זמירות זיינע אָפּגעקלונגען מיט אַ זיס קול און זיך פאַנאַנדערגעטראָגן, באַזונדערס זומער, דורך די צעפּראַלטע פענצטער איבערן גאַנצן געסל.

יעדן שבת אַזוי און באַזונדערס אין די יום־טובים. אין מיין זכרון האָט זיך אָבער באַזונדערס איינגעקריצט זיין לייענען פּורים די מגילה.

נאָכן צוריקקומען פון „שטיבל״, ווו מען האָט געדאַוונט מנחה־מעריב. געזאָגט על הניסים און געלייענט די מגילה בציבור פלעגט דער טאַטע, — נאָך פאַרן זעצן זיך צו דער וואָכעדיקער וועטשערע, — לייענען די מגילה פאַר דער באָבען, פאַר דער מאַמען מיט די שוועסטערס און פאַר אַלע שכנטעס, וואָס פלעגן צו דער מגילה נישט גיין אין שול אַריין נאָר יוצא זיין מיטן טאַטנס לייענען. אין דרויסן איז נאָך געווען קאַלט. שניי האָט נאָך אַלץ איינגעהילט דאָס שטעטל און די ווייבער־שול איז אַ גאַנצן ווינטער נישט באַהייצט געוואָרן אַזוי, אַז ווייניק ווייבער פלעגן קומען אַהין אין דער ווינטערדיקער קרירה.

דער טאַטע האָט געלייענט פון אונדזער מגילה, וואָס איז אַ גאַנץ יאָר געשטאַנען אין אונדזער ספרים־שאַנק אין אַ קיילעכדיקער באַזילבערטער שייד מיט גראַווירונגען. ערב פּסח, ווען מען פלעגט אַרויסנעמען די ספרים צום לופטערן, האָט מיט דער מגילה דער טאַטע אַליין זיך פאַרנומען, אויף קיינעם פון די שטוב־מענטשן זיך נישט פאַרלאָזט. אויך פלעגט ער זי, די מגילה, אָפּגעבן פון צייט צו צייט צו ר׳ שמשון סופר „דורכצוקוקן״ צי עס איז נישט אַריין אַ פּסול, צי אַן אות איז נישט אָפּגעמעקט געוואָרן אָדער מען דאַרף פאַריכטן עפּעס אַ שטיקל יריעה.

די מגילה אונדזערע האָט געהערט צו די וויכטיקסטע חפצים אין שטוב, איז געווען אַן אַנטיק, וואָס מען האָט געהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. געשריבן די מגילה האָט אַ באַרימטער סופר סת״ם. פון זעלבן סופר זענען אין רבינס בית־מדרש געשטאַנען צוויי ספר תורהס און די באָבע פלעגט זיי תמיד באַזאָרגן מיט נייע מענטעלעך, וועלכע זי האָט ספּעציעל געלאָזט העפטן.

דעם טאַטן איז די מגילה געווען טייער, ווייל ער האָט זי באַקומען ווי אַ דרשה־געשאַנק צו זיין חתונה — פונעם זיידן, געני׳ ווי דער זיידע אַליין האָט די מגילה באַקומען פון זיין טאַטן. אַזוי פלעגט די באָבע דערציילן אונדז, די אייניקלעך אירע.

אַ סך מעשיות, וואָס די באָבע פלעגט אונדז דערציילן איז די ווינטערדיקע נעכט ביים וואַרעמען אויוון זענען געווען פאַרבונדן טאַקע מיט אָט דער מגילה.

צום מיינסטן גערירט איז זי געווען ווען זי האָט דערציילט וועגן דער גרויסער שריפה, בעת וועלכער אַ „האַלבע" שטאָט איז אַוועק מיטן פייער. ווען די שריפה האָט זיך דערנענטערט צו אונדזער הויז — האָט די באָבע דערציילט — איז דער זיידע עליו השלום אַנטקעגנגעגאַנגען דאָס פייער מיט אָט דער מגילה און גלייך האָט דער ווינט פאַריאָגט דאָס פייער אין דער פאַרקערטער ריכטונג — צום פוסטן פעלד — און אונדזער הילצערן הויז איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, אַרויס גאַנץ פון דער שריפה...

צוריקגעקומען פון שטיבל איז שוין די שטוב געווען פול מיט ווייבער און קינדער, — אויסגעזעצט אויף דער קאַזעטקע און אויף אַלע שטולן און בענקלעך געוואַשן די הענט, האָט דער טאַטע מיט יראת הכבוד געעפנט די גלעזערנע טירן פון דער דעמבענער שאַנק, ווי מען עפנט אַן ארון קודש און אַרויסגענומען די מגילה. אַ ווייל האָט ער אַרומגעקוקט די מגילה מיט איר שיידל פון אַלע זייטן. פאַרזיכטיק אויפגעוויקלט און אָנגעהויבן דאָס לייענען.

דאָס לייענען נאָכאַמאָל די מגילה אין שטוב איז געווען אַ באַזונדער פרייד אויף פאַר אונדז קליינוואַרג. ווידער האָבן מיר געהאַט אַ שעת כושר צו שלאָגן המנען ווי עס געהער צו זיין, מיט אונדזערע גרעגערס און המנקלאַפּערס. ערשט ווען דער טאַטע האָט זיך געבעטן „נו, נו — שקאָצים", האָט זיך דאָס קלאַפּן איינגעשטילט און ער האָט געקענט פאַרענדיקן.

נאָכן לייענען די מגילה פלעגט די מאַמע טיילן זיסוואַרג. דאָס איז געווען בלויז אַן אַדערויף אויף די המנטאַשן, וואָס זי האָט זיך גלייך געשטעלט באַקן און די קרעפּלעך, וואָס זי האָט געגרייט צו דער פּורים־סעודה מאָרגן ביינאַכט און פאַר די פּורים־שפּילערס פון „לינת הצדק". די שכנטעס זענען זיך צעגאַנגען צופרידענע און באַדאַנקט דעם טאַטן, וואָס האָט זיי מזכה געווען מיט לייענען די מגילה:

— ר' משה, אַ שיינעם דאַנק, דערלעבט איבעראַיאָר און לייענט ווידער די מגילה!

פּורים ת"ש, אינעם ערשטן מלחמה־ווינטער האָב איך דאָס לעצטע מאָל געהערט דעם טאַטן לייענען די מגילה. די אַלטע באָבעשי איז שוין געווען קראַנק. אין אָוונט, ווען די גאַנצע שטוב איז שוין געזעסן ביים קאַרג־געהייצטן אויוון און אין דרויסן איז געווען אַ וויסטע קעלט, איז די באָבע צוגעשטאַנען צום טאַטן:

— משה, לייען די מגילה!

דער טאַטע האָט אַ ווייל זיך געקווענקלט, אָבער ווי ער וואָלט מיטאַמאָל אין עפּעס זיך דערמאָנט, האָט ער זיך גלייך געלאָזט צום באַהעלטעניש חוו מען האָט געהאַלטן די מגילה צוזאַמען מיט אַנדערע טייערע חפצים. געלייענט די מגילה האָט ער דערנאָך שטיל, ווי נישט מיין זיין קול, ווי פאַר זיך אַליין, ווי בלויז אויך יוצא־זיין. המן הרשע האָט דאָסמאָל קיין קלעפּ נישט באַקומען פון חברה קליינוואַרג. מען האָט געציטערט נישט צו מאַכן קיין טומל. גראָד קענען פאַרבייגיין דייטשן די גאַס...

דריי וואָכן שפּעטער איז די באָבע געשטאָרבן. דאָס איז געווען ז' ניסן און דעם ערשטן טאָג פּסח איז אויך די מגילה אָפּגענומען געוואָרן ביי אונדז. אין

יענעם טאָג האָבן די דייטשן דורכגענישטערט אַלע יידישע שטובן, געזוכט סחורות און פּראָוויאַנט, קאָנפיסקירט אַלץ וואָס איז זיי געפעלן. בעת אָט דער גרויסער רעוויזיע האָבן זיי ביי אונדז צווישן אַנדערן אויך געפונען דאָס באַהעלטעניש מיט די טייערע חפצים, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען די מגילה. עס האָבן נישט געהאָלפן דעם טאַטנס טענות און אויך זיין גוטער דייטש, מיט וועלכן ער האָט געפּרוווט אויפקלערן דעם דייטשן אָפיציר, אַז דאָס איז נישט קיין ווערט־זאַך, נאָר אַ רעליגיעז חפץ ביי יידן און אַ משפּחה־אָנדענק. דער ענטפער פון דעם אָפיציר איז געווען, אַז דאָס איז פאַרמאַסקירט לעדערוואַרג, אין וועלכן „דאָס 3־טע רייך" נויטיקט זיך פאַרן מלחמה־אָנשטרענג...

אַ שמיר מיטן דייטשס נאַהייקע איבערן טאַטנס פּנים האָט אים „איבערצייגט" אין דעם, אַז קיין שום זאַך וועט דאָ נישט העלפן. ער האָט שוין קיין איין וואָרט נישט געזאָגט, ווען ער האָט געזען ווי די מגילה וואַלגערט זיך אויף אַ קופּע פאַרשידענע חפצים אויף איינעם פון די שווער באַלאָדענע לאַסט־אויטאָס, וואָס האָבן יענעם טאָג אַרויסגעפירט דאָס יידישע האָב און גוטס אין די דייטשע מאַגאַזינען אַריין...

## מ׳באַקט מצות...

אַ צוויי וואָכן פאַר פּסח האָט דאָס שטעטל שוין געהאַט אַן אַנדערן אויסזען. מיטאַמאָל האָט אַלץ ווי אויפגעטאַיעט פון דער ווינטערדיקער פאַרפרוירנקייט. די שניי־הויפנס האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן איינגיין, אײנגאַנצן פאַרשווינדן און אַנטפּלעקט אונטער זיך די ערד. אויך דאָס אייז אויפן טייכל האָט אָנגעהויבן רירן פון אָרט. וואָס אַמאָל ווערט אַלץ פרילינגדיקער, ערב־פּסחדיקער. אויך אונדזער געסל איז נישט צום דערקענען, באַפרייט זיך אַלץ מער פון די ווינטערדיקע פּענטעס, פון דער קרירהדיקער פאַרקאָווערקייט, פאַרהאַרטעוועטקייט. טירן און פענצטער צעפּראַלן זיך, מען גרייט זיך אַריינצוברענגען דעם חג החרות אין שטוב אַריין — מ׳קאַלכט, מ׳ווייסט, מ׳שייערט, מ׳לופטערט די ספרים, מען כשרט די כלים...

„עפּעס איז די לופט מעוברת" זינגט חיים נחמן ביאַליק אין זיין ערב־פרילינג־ליד ; די לופט איז פול מיט ריחות וואָס מישן זיך צוזאַמען אין אַ וווּנ־דערלעכן אַראָמאַט. די ווינטעלעך וואָס קומען אָן פון וואַלד און פעלד זענען שוין פול מיט בשמימדיקער לינדקייט און וואַרעמדיקייט. אינעם געסל מישט זיך דאָס אַלץ צוזאַמען מיטן ריח פון שמעקעדיקע פריש־געבאַקטע מצות, אַ ריח וואָס טראָגט זיך פון די פיר מצה־בעקערייען, וואָס האָבן זיך שוין געשטעלט צו דער מלאכה, אַרבעטן בייטאָג און ביינאַכט — כדי נישט צו פאַרשפּעטיקן דאָס באַזאָרגן מיט מצה אויף פּסח פאַר אַלע יידן — כל דכפין...

דער ערב פּסח פילט זיך שוין אויך ביי אונדז אין שטוב, אָבער, דאַכט זיך, אַז פיל מער ווי די מאַמע איז דער טאַטע פאַרפאַרעט מיטן ערב יום־טוב — נישט אין שטוב נאָר דווקא „אין גאַס", נישט מיט זיינע עסקים ביים באַזאָרגן די בעקערס מיט האָלץ פאַר די אויוונס נאָך בעיקר אין דער חברה, אין „לינת הצדק", און נישט אַזוי מיטן „לינת הצדק" נאָר מיטן „פאָדריאַד" וואָס ער נעמט

זיך אַליין, ווי די מאַמע זאָגט, ביים אָרגאַניזירן די מצה־בעקעריי פון דער חברה...

באַקן מצות אויף פסח איז געוואָרן אַ טראַדיציע ביי דער חברה. דאָס מאַכן אַזאַ אונטערנעמונג געהערט צו די וויכטיקסטע הכנסה־קוואַלן. די אייגענע מצה־בעקעריי ברענגט אַריין אַ היפשן טייל פון נויטיקן בודזשעט. אָבער נישט בלויז דאָס. ווען איך גיי שבת־צו־נאַכטס מיטן טאַטן מיט אין לאָקאַל פון „לינת הצדק" הער איך ווי ער טענהט איינ מיט דער פאַרוואַלטונג, איז אַלעמען מסביר די מעלות טובות פון דעם אויפטו זיינעם, אין צוגאָב צו דעם גרויסן געלט־ריווח וואָס דאָס ברענגט אַריין אין קאַסע פון דער חברה. קודם־כל וועלן אַ סך מיט־גלידער פון דער חברה מיט זייערע משפחות באַשעפטיקט ווערן ביי דער אַרבעט און האָבן אַ מעגלעכקייט בכבודיק צו פאַרדינען אויף יום־טוב, אַ מין אומדירעקטע באַלוינונג פאַר זייער אַרבעט אין „לינת הצדק" אַ גאַנץ יאָר וואָס ווערט געטאָן פרייוויליק, אָן שום טובת הנאה. צווייטנס — איז דאָס אַ וויכטיקער ביישטייער פאַר דער „מעות חיטין"־אַקציע — אַ היפשער טייל פון די געבאַקענע מצות וועט פאַרטיילט ווערן אומזיסט צווישן אָרעמעלייט אָדער פאַר הנחה־פּרייזן.

יאַנקל שוויאַטלאָ און יאַנקעלע דאַנגאָט, פון די פירערס פון דער אגודה וואָס שטייט אין „אָפּאָזיציע" צום טאַטן וואָס איז מיט די ציוניסטן אין שטאָט, פּרוּווט מאַכן דעם טאַטנס פּלאַן כעפרא דארעא, וואָרנט אַז די חברה וועט אַריינלייגן געלט און גאָרנישט האָבן דערפון, היינטיקע צייטן איז דאָס אַ ריזיק, און לינת הצדק דאַרף זיך נישט נעמען צו „מעות חיטין", וואָס געהער גאָר צו דער קהילה־פאַרוואַלטונג. דער טאַטע פאַרשטייט דעם רמז און ענטפערט, אַז די גמינע מיט די דאָזאָרעס האָבן איצט נישט קיין צייט צו זאָרגן פאַר מעות חיטין, ווייל מען איז פאַרנומען מיט דער רבנות־מחלוקת, און שוין פינף יאָר ווי די שטאָט האָט נאָך אַלץ נישט קיין רב, והשנית די ריזיק איז נישט גרויס — האָלץ פאַר דער בעקעריי גיט דער טאַטע אויף קרעדיט וויפל מען דאַרף, בעת מעל וועלן צושטעלן די זיסערמאַנס, אויך מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג.

צומאָרגנס פרי כשרט מען דעם אויוון, וואָס איז שוין באַצייטנס געדונגען געוואָרן ביי ר' פייוול דעם בייגלמאַכער. ר' פייוול אַליין באַקט אין דעם אויוון אַ גאַנץ יאָר בייגל פאַר דער גאַנצער שטאָט און אַ האַלבע גאַס שטעלט דאָ ביי אים טשאָלנט אויף שבת, אָבער ער באַווייזט נישט בשום אופן דערפון צו באַ־שפייזן זיין גרויסע משפחה. ער איז צופרידן פון דעם געשעפט, וואָס ער שליסט מיטן לינת הצדק. דאָס וועט אים פאַרזיכערן אַריינצוברענגען דעם יום־טוב אין שטוב אַריין ווי געהעריק. ער און די גאַנצע משפחה זיינע זענען אויך באַשעפ־טיקט ביים באַקן, — ער אַלס נאָמן. צוזאַמען מיטן אינקאַסענט פון „לינת הצדק" דעם פרומען גערער חסידישן יונגערמאַן ר' סאַנעלע דאַרפן זיי זאָרגן פאַר דער כשרות. צום כשרן דעם אויוון ברענגט דער טאַטע אַראָפּ סיי ר' חיים־זעליקן סיי דעם פּיעטריקאָווער מורה־הוראה — אויף ווועלכן אויך די גערער חסידים זענען זיך סומך זינט דעם רבס פטירה. דאָס אַלץ — כדי אַלערליי יידן אין שטאָט, די און יענע חסידים, זאָלן נישט מורא־האָבן צו קויפן די מצות, וואָס שייך

כשרות, ווי דאָס איז מכוח שחיטה און אַנדערע ענינים, זינט עס האָט זיך אַזוי ביטער צעפּלאַקערט די רבנים־מחלוקת.

אין חדר זיץ איך ווי אויף שפּילקעס. עס ציט מיך מוראדיק צום טומל פון דער מצות־בעקעריי. דאָס פּשטל אויף פּסח האָב איך שוין פון לאַנג אויסגעלערנט. דער רבי פאַרלאַנגט פון מיר אמת איך זאָל איינחזרן מיט אַנדערע די פיר לשונות פון דער גאולה. איך גנבע זיך אָבער אַרויס, און בין שוין אין דער בעקעריי. „איך זוך דעם טאַטן!" — זאָג איך, כאָטש איך ווייס, אַז דער טאַטע איז פאַרנומען ביי זיינע געשעפטן, נאָכדעם ווי די אַרבעט גייט שוין דאָ צו נאָרמאַל אין פולן ברען, און דער גאַנצער פּערסאָנאַל אַרבעט אויסגעצייכנט. דעם בן־יחיד פון פּרעזעס לאָזט מען גלייך אַריין. איך וואַרט כלומרשט אויפן טאַטן און דערווייל קוק איך זיך צו מיט פאַרכאַפּנדיקער נייגעריקייט צו דער אַרבעט, וואָס ברענט אונטער די הענט. אַ „האַלבע" שטאָט ווייבער זענען דאָ פאַרקאָכט אין דער מלאכה, און אַ היבש ביסל מענער דערצו. מען קנעט, מען שניידט די מיירע, מען וועלגערט, מען רעדלט. איך שטיי נאָענט צום אויוון וואָס געפינט זיך ביי דער טיר (וויטער לאָזט מען מיך נישט אַריין), און עס שלאָגט אויף מיר אַ מוראדיקע היץ פון העלישן פייער אינעם אויוון. אין דער פּאַרטיפונג ביים אויוון שטייט אונדזער שכן משה באַש, און די איבערגעגעבענע טוערס אין „לינת הצדק". אַ גאַנץ יאָר איז משה באַש אַ מצבה־קריצער, ערב שבת איז ער אַ שערער, און ערב פּסח — אַ שיבער, דער בעסטער אין שטאָט. פון אונטער זיין לאָפּאַטע פליען די טייגלעך אַריין אין אויוון און עס קומען גלייך אַרויס ווי דורך אַ כישוף קיי־לעכדיקע אויסגעבאַקענע מצות, וואָס פאַלן גלייך אין די גרויסע קוישן אַריין. פון דאָרט כאַפּט מען זיי גלייך אין שכנותדיקן צימער. די מצות באַווייזן זיך נישט אָפּצוקילן ווי זיי ווערן גלייך אַוועקגעשיקט צו די קונים אַהיים, אין קוישן באַדעקט מיט ציכטיקע ציכלעך...

ערב פּסח — די צייט פון באַקן מצות איז אויך דער סעזאָן ווען די „לינקע" אין געסל ווערן אַקטיוו. קיין וווּנדער נישט — נאָך אַביסל און עס רוקט זיך אונטער דער ערשטער מאַי. אויך די פון „פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין" דערוואַכן נאָך דער ווינטערדיקער פאַרשלאָפנקייט, כדי עפּעס וואָס צו טאָן, נישט לאָזן אויסנוצן דעם אַרבעטער, באַזונדערס די וואָס זענען באַשעפטיקט ביים באַקן די מצות, די אָרעמע מיידלעך און ווייבלעך וואָס אַרבעטן פאַר פּרוטות. אַ „דעלע־גאַציע" אין שפּיץ פון כמיעלעווערס זונדל און נטעלע „סוואָנד" (אַזוי האָט מען אים גערופן אין שטעטל, ווייל אומעטום ווו ער האָט זיך באַוויזן, איז גלייך געוואָרן אַ גערודער, צרות...) גייען פון בעקעריי צו בעקעריי. זיי רוקן אַרויס זייערע פאָדערונגען צו די באַלעבאַטים: אכט אַרבעטס־שעה, נאָך אַ זלאָטע אויפן טאָג אַרבעט און אַ ספּעציעלן לוין פאַר איבער־שעהן. די באַלעבאַטים דינגען זיך מיט זיי, אָבער לסוף מוזן זיי נאָכגעבן — ס'איז ערב פּסח, נישטאָ קיין צייט אויף שטרייקן און אַלע געדענקען נאָך גוט ווען די „שטרייקערס" האָבן חמצדיק געמאַכט אַן אויוון דורך אַריינוואַרפן שטיקלעך ברויט אין דער בעקעריי וואָס האָט נישט נאָכגעגעבן זייערע פאָדערונגען...

אויך אין דער בעקעריי פון „לינת הצדק" קומען זיי אַריין. דאָ רעדן זיי

אָבער אַנדערש, זיי זענען נישט מעיז פּנים. זיי שעצן דעם אויפטו. דאָ איז דאָך נישט קיין פּריוואַטער באַלעבאָס. זיי ווייסן אויף וואָס עס גייט דאָס פאַרדינטע געלט. באַזונדערס ווייסט דאָס גוט דער כמיעלעווערס זונדל. ער ווייסט ווי זיין פאָטער, דער טובערקולאָז־קראַנקער, האָט ווידער אָפּגעהוסט אַ גאַנצן ווינטער און אַדאַנק די רפואות וואָס ער באַקומט אין „לינת הצדק" איז ער אַריבער דעם „קריזיס". אויך נטעלעס מאַמע, די אלמנה, איז אַן אָפּטער פּאַציענט אין „לינת הצדק". שטייען זיי ביידע, שמועסן מיט די אַרבעטער סתם כדי יוצא צו זיין, און טראָגן זיך ווי פאַרשעמט שנעל אָפּ. זיי וועלן שוין אַריינכאַפּן זיך צום פּרעזעס אין שטוב אַריין און כאַפּן מיט אים אַ שמועס, אים געבן צו פאַרשטיין, אַז פּי־לאַנטראָפּיע באַזונדער און אַ יושרדיקער לוין פאַרן אַרבעטער באַזונדער. זיי וועלן מיט אים אַדורכקומען — אַן אַ שטרייק, אָן סטראַשונקעס...

**אַ נײַ סאַקל אויף פּסח...**

אין דרויסן איז נאָך געווען ווינטער, אַ פראָסט, אַ שניי. דער לוח האָט שוין אָבער געוויזן אָדר, אַז באַלד וועט זיין פּורים און אין עטלעכע וואָכן שפּעטער וועט אָנקומען דער ליבער שיינער פּסח.

— מען דאַרף באַצייטנס פאַר די קינדער לאָזן נייען די מלבושים אויף פּסח, — האָט די מאַמע געזאָגט, ספק צום טאַטן ספק צו זיך אַליין, ווי זי וואָלט זיך אַליין געשלאָגן מיט דער דעה וואָס צו באַשטעלן און ביי וועמען צו באַשטעלן די נייע מלבושים פאַר די קינדער. דער טאַטע איז געווען פאַרטאָן אינעם לייע־נען דעם „מאָמענט". ער האָט געהאַלטן אַזעלכע „נאַרישקייטן" פאַר ווייבערישע מעשיות, האָט ער דעריבער קורץ געענטפערט ווי אויף יוצא־זיין:

— זיי אַריין צו [illegible]

מיט זיי אַ חשבון. עס קומט מיר עפּעס געלט ביי זיי...

אויף דעם האָט אַפּנים די מאַמע געוואַרט. באַלד האָט זי טאַקע זיך אַוועק־געזעצט אויף דער קאָזעטקע און אָנגעהויבן אויסרעכענען פאַרן טאַטן אַלץ וואָס זי האָט בדעה צו קויפן אין שטוב און „מאַכן" די קינדער, מען זאָל דערלעבן, אויף פּסח. באַשע איז שוין באַלד אַ כלה־מיידל — מוז מען מאַכן אַ לייטישן קאָסטיום. חול המועד וויל זי פאַרן צו דער מומען קיין וולאָדאַווע; פּרימיטן קען מען אויך נישט באַוועלן — זי האָט אפילו נישט קיין לייטיש קליידל צום סדר. און דעם בן־יחיד — אים מוז מען בלי נדר אויף פּסח לאָזן אויפניייען אַ לייטיש סאַקל...

דער בן־יחיד, דאָס איז טאַקע איך. דעם ווינטער האָב איך אָנגעהויבן לערנען גמרא, „בבא קמא" — טאָ ווי איז שייך...

— דאָס קינד (דאָס קינד סתם מיינט מען ווידער מיר, נישט מיינע צוויי קלענערע שוועסטערלעך, בראָנטשע און שרהלע...), דאָס קינד דאַרף עפּעס האָבן אויף דער איבערגאַנגס־צייט. דער ווינטער־פאַלטן מיטן פוטערנעם קאָלנער קען מען שוין פּסח־צייט נישט טראָגן. אָן אַ לייכטן מאַנטל איז צו קיל, קען מען זיך לייכט פאַרקילן. מען מוז אים פּשוט אויפנייען אַ סאַקל...

דערהערט אַז אויף פּסח וועל איך האָבן אַ סאַקל, צום ערשטן מאָל אין מיין

לעבן, בין איך אויפגעשפרונגען אַ דערפרייטער, אַ צעטשמיעלעטער. אַ שווער ווינטער־מאַנטל האָבן אַלע קינדער אין מיין עלטער געמוזט האָבן. אַ סאַקל, ס'הייסט אַ לייכט מאַנטל, וואָס איז נישט אויף ווינטער נישט אויף זומער, נאָר אויף פרילינג אָדער האַרבסט, איז שוין געווען אַ לוקסוס־זאַך, וואָס מען האָט געלאָזט נייען בלויז פאַר דערוואַקסענע און נישט פאַר קינדער אָדער קליינע יינגלעך. הייסט עס בכן, אַז מען האַלט מיר שוין פאַר אַ דערוואַקסענעם, נישט פאַר קיין קינד.

און דאָ האָט די מאַמע אָנגעהויבן אויסרעכענען די חסרונות פון דעם און יענעם שניידער ביי וועלכע מען פלעגט מיר ביז דעמאָלט לאָזן נייען די מלבו־שים. „ניין, אַ לייטיש סאַקל קען מען זיי נישט אָנפאַרטרויען צו נייען" — האָט די מאַמע אויסגעפירט.

— וואָס איז דער מער, גיב אַריין דאָס סאַקל צו מאַכן דעם „קורצן שניי־דער" און פטור אַן עסק... — האָט דער טאַטע לסוף זיך אָנגערופן אַבי די מאַמע זאָל אויפהערן אים צו מאַטערן און לאָזן אים כאַפּן „אַ בליק" אין דער צייטונג



אַ גרופּע „עמד"־יידן ; דער ערשטער לינקס — מרדכילע שניידער

— פאַרן „קורצן שניידער" דאַרף מען דאָך קורחס אוצרות, ער נעמט דאָך אַ מטמון מיט געלט... — האָט די מאַמע נאָך אַלץ געספּקט, הגם אין איר טאָן האָט זיך געפילט, אַז אויך זי מיינט אַזוי. די פולע הסכמה דערצו האָט זי ערשט געגעבן ווען דער טאַטע האָט איר אָנגעהויבן „איבערצייגן" אין דעם, איבערח־זרנדיק זיין אַלטן כלל, אַז דאָס טייערסטע ווייזט זיך שטענדיק לסוף אַרויס אַלס דאָס ביליקסטע. „נישטאָ קיין מציאות אויף דער וועלט!" — פלעגט דער טאַטע

זיך האַלטן ביי זיין פּרינציפּ און תמיד שטרעבן קויפן דאָס בעסטע: די בעסטע סחורה, דעם בעסטן מלמד, דאָס בעסטע געצייג, דאָס בעסטע געשיר, אדג״ל.

די מאַמע האָט נישט גערן געהאַט אָפּצולייגן זאַכן אויף דער לעצטער רגע. באַלד צומאָרגנס איז זי דעריבער מיט מיר אַוועק צום שניידער.

דער „קורצער שניידער" אָדער מרדכילע שניידער (קזשאַנזשקאָווסקי) האָט געוווינט אויפן מאַרק, אין דיטנערסקיס הויף. דאָס זענען אייגנטלעך געווען דריי הייף געבונדן מיט טויערן און הייזער, אָנגעשפּאַרט איין הויז אויפן אַנדערן — אַלע פון געהילץ געבויט. אין די אַלע הייף האָבן געוווינט עטלעכע צענדליק משפּחות יידן, און בלויז איין גוי — מאַניע דיטנערסקי מיט איר קעלבאַס־קראָם.

אין איינע פון די לאַבירינטן, אינעם ערשטן הויף האָט טאַקע געוווינט דער „קורצער שניידער". פאַרוואָס האָט מען מרדכילען אַזוי גערופן? — ווייל אַזוי האָט ער טאַקע אויסגעזען: נידעריק, קורץ אָבער קיילעכדיק, אויסגעפּאַקט, ווי אויס־געבעט מיט געוואַנד... אין זיין וואַרשטאַט איז ער כסדר ווי אונטערגעשפּרונגען, ווי אַ קוועקזילבער. אָט האָט ער גענומען אַ מאָס, פאַרנייט פּאַסטריגעס, אָט האָט ער געפּאַסט עמעצן אַ שטיקל אַרבעט, אָט האָט ער צוגעשניטן אַ שטיקל שטאָף — געשפּרונגען פון איין אַרבעט צו דער צווייטער — מיט אַ פלינקייט, געשיקטקייט און ספּריט פון אַ יינגל, הגם ער איז שוין געווען אַ ייד אין די פופציקער...

אַ שאַרפער ריח פוןריישעכץ האָט אַ שלאָג געטאָן אין נאָז באַלד ווי די מאַמע האָט געעפנט די טיר. מרדכילעס וואַרשטאַט איז באַשטאַנען פון איין גרויס צימער, אין וועלכן עס האָט זיך אויך געפונען די קיך, ביי וועלכער עס איז געשטאַנען די באַלעבאָסטע און אָפּנים באַצייטנס צוגעגרייט דעם מיטאָג אַרום, אויף דער שניידער־באַנק, זענען געזעסן די געזעלן און צווישן זיי אויך עטלעכע מיידלעך, מרדכילעס טעכטער וואָס האָבן געהאָלפן אין טאַטנס אַרבעט. אַלע ווי ער — קורצע, געפּאַקטע, פאַרקיילעכדיקע מיט דורכזיכטיקע, בלאַסע פּנימער. איינער פון די געזעלן האָט צוזאַמען מיטן ציען דעם פאָדעם אָנגעהויבן זינגען אַ לידל. די מיידלעך האָבן אים צוגעהאָלפן. מרדכילען איז אָבער דאָס אַלץ ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען. ער האָט זיין אַרבעט געטאָן מיט אַ סדר, גענומען ביי מיר די מאָס, פאַרשריבן מיט קרייד אויף דער וואַנט ביים פענצטער, און בלויז פון וויל צו וויל געמורמלט, ווי צו זיך אַליין:

— ס׳וועט זיין אַ שיין מלבוש, אַ מלבוש אַ ברילִיאַנט...

דעם זעלבן אָוונט בין איך מיטגעגאַנגען מיט דער מאַמען צו רויזעלען פון שניט־קראָם אויף דער בריק־גאַס. די מאַמע האָט נישט ליב־געהאַט אירע קניות צו מאַכן אין די נאָרמאַלע שעהן, ווען די געשעפטן זענען אָפן און פול מיט קונים. זי איז געקומען צו דער סוחרטע אין שטוב אויף עק מאָסטאָווע און קאַליע־גאַס ווי אויף צוגאַסט, און דורך דער הינטערטיר פון געשעפט, וואָס האָט געפירט צו דער דירה, האָט זי זיך געלאָזט אַריינברענגען איין וואַל שטאָף נאָכן צווייטן, ביז זי האָט רואיק און באַרעכנט אויסגעקליבן דעם שטאָף מיט דער פּאָטשעווקע און אַלע אַנדערע צודאַטן...

ווען מ׳האָט געלייענט די מגילה, איז שוין די סחורה געווען ביי מרדכילען אין וואַרשטאַט, און איך האָב שוין באַצייטנס געריכט זיך פאַר די חברים:

— אויף פסח וועל איך האָבן אַ נײַ סאַקל, געניײט ביים קורצן שניידער...

באַלד נאָך פורים האָט זיך אָנגעהויבן „דאָס פּאַסן". מרדכילע האָט זיך נישט באַנוגנט מיט מעסטן אַ נײַ מלבוש איינמאָל אָדער צוויי מאָל. ער האָט זיך נישט געיאָגט. „דער עיקר איז דאָס מלבוש זאָל האָבן אַ טעם" — פלעגט ער זאָגן. בפרט אַז די מאַמע פלעגט ביי יעדעס מאָל פּאַסן האָבן וואָס צו באַמערקן, וואָס צו פאַרלאַנגען. „דאָס ייִנגל לערנט שוין גמרא, דאַרף ער האָבן אַ לייטיש סאַקל" — האָט זי איינגעטענהט מיט מרדכילען, וואָס איז תמיד געווען גוטמוטיק, צו־געלאָזן, קיינמאָל נישט געבייזערט זיך אויף אַ קליענט...

די גאַנצע פּאָר וואָכן ביז פסח האָט די מאַמע נישט איינמאָל מיך אָוועקגע־נומען פון לערנען איך זאָל „אַריינלויפן" מיט איר אויף אַ רגע צום שניידער, פּאַסן דאָס סאַקל. דער רבי, ר' שלמהלע, אין יאָשעס הויף, הערנדיק אַז מען נייט מיר אַ סאַקל ביים סאַמאַראָדנעם קורצן שניידער, האָט עפּעס ווי אויך באַקומען דרך־ארץ צו זיין חדר־ייִנגל, און נישט געהאַט קיין טענות צו דער מאַמען הלמאי זי שטערט אַזוי אָפט. ביים „קורצן שניידער" ווייסט יעדער מוז מען אַ סך, אַ סך פּאַסן ביז ער גיט אַרויס דאָס שטיקל אַרבעט...

ענדלעך, צו דער נאַכט פון בדיקת חמץ, איז דאָס מלבוש געווען פאַרטיק. ער אַליין, דער קורצער שניידער, האָט עס אָפּגעברענגט. דאָס מלבוש איז געווען אויסגעבּרעסט, צוגעפּרעסט, איינגעלייגט. ער האָט עס אָנגעטאָן, דאָס מלבוש, אויף מיר — אַלע אין שטוב זאָלן באַוווּנדערן זיין מייסטערווערק...

ווען איך האָב צום דאַווענען פאַרן סדר אָנגעטאָן דאָס נייע סאַקל, איז דאַכט זיך קיין גלייכן צו מיר נישט געווען. אַזוי איבערגענומען מיט פרייד בין איך געווען פון דאָזיקן וויכטיקן געשעעניש אין מיין יונג לעבן. פון אַלע זייטן האָט מען מיר אין שטיבל צוגעוואָרפן אַ „תתחדש". אַלע — קליין און גרויס — האָבן באַוווּנדערט דעם שיינעם גרויען שטאָף, די גלאַנציקע פּאָטשעווקע מיטן בוזעם־טאַש, די קנעפּ... די גרעסטע באַוווּנדערונג האָט אָבער נאַטירלעך אַרויסגערופן דער פאַקט, וואָס דאָס סאַקל האָט געניײט דער „קורצער שניידער" בכבודו ובעצמו, ביי וועמען עס נייען זיך בעיקר דערוואַקסענע מענטשן...



נאָך פסח האָבן זיך גראָד געמאַכט קילע טעג. איך האָב דאָס סאַקל נישט אָפּגעלאָזט, עס געטראָגן יעדן טאָג. די חברים אין חדר זענען שוין געקומען אין לייכטע זומערדיקע כאַלאַטלעך — איך אָבער האָב זיך נישט געשיידט מיטן סאַקל, וואָס האָט אַרויסגערופן ביי אַ סך פון זיי אַ גרויסע קנאה...

צום נייעם זמן בין איך אַריבער אין אַ גרעסערער כיתה, אָנגעהויבן לערנען מיט אמתע גמרא־ייִנגלעך, וואָס זענען געווען אַ יאָר־צוויי עלטער פון מיר, די מסכתא „בבא בתרא"...

ביז... ביז אין איינעם אַ טאָג, ווען איך בין פאַרנאַכט אַהיימגעקומען פון חדר, האָט די מאַמע באַלד באַמערקט אַז עפּעס שרעקלעכעס איז געשען מיט מיין נײַ סאַקל: די גאַנצע קעשענעס זענען געווען אַרויסגעשניטן, שטיקער שטאָף זענען געווען צעשניטן, צעריסן...

זי איז גלייך אַוועק צום מלמד מיט אַ געוואַלד. צומאָרגנס האָט דער רבי דורכגעפירט אַ שטרענגע „אויספאָרשונג". דער קאַנטשיק האָט געאַרבעט מעשים. לסוף האָט קיוועלע מאיר־קיוועס זיך מודה־געווען: דאָס האָט ער מיט אַ זשי־לעטקע פון ברודערס ראַזיר־כלים צעשניטן די קעשענעס פון מיין סאַקל. ער האָט מיך נישט פאַרגינען, דער בעסטער חבר מיינער...

ערשט דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבן פאַרשטיין, וואָס די באָבע פלעגט שטענדיק איינטענהען מיט דער מאַמען „נישט אויסשטעכן מענטשן די אויגן"...

### דער „באַזאַר"

פסח האָב איך באַזונדערס ליב געהאַט אויך ווען איך בין עלטער געוואָרן. צוליב דער אויפלעבונג אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַ שיינע פּאָר וואָכן פאַר יענעם פסח איז אונדזער שטוב שוין פול געוואָרן מיט געשפּאַנטקייט — נישט אַזוי צוליבן אָנקומען פון יום־טוב ווי צוליב די הכנות צום „באַזאַר", אַ מין יאַריד און אויספאַרקויף פון כל־המינים געזאַמלטע חפצים, וועמענס הכנסה איז געגאַנגען פאַר גאולת הארץ, פאַרן קרן קימת.

מיינע צוויי עלטערע שוועסטערס זענען ביז איבערן קאָפּ געווען פאַרטאָן און פאַרקאָכט מיט דעם געשעעניש און ספּעציעל מיטן זאַמלען ביי באַקאַנטע און פריינט „פאַנטן", דאָס הייסט עקספּאָנאַטן אויסצושטעלן צום פאַרקויף אויפן „באַזאַר". די עלטסטע שוועסטער מיינע, באַשע, איז ביז גאָר געווען פאַרפאָרעט מיט איר אייגענעם „פאַנט" אוןביישטייער, וואָס איז באַשטאַנען אין צוגרייטן אַן אויסגעהאָפטן, זיידן דאַמען־העמד. זי איז געווען אַ „העפטשאַרקע", פלעגט אַרויסנעמען אַרבעט ביי פאַרשידענע פירמעס אין וואַרשע און צעטיילן די „שטיקלעך" צווישן מיידלעך אין שטאָט, וואָס האָבן ביי איר געלערנט דאָס העפטן, וואָס איז אין די אָנהייב דרייסיקער יאָרן געווען אין פוילן אין דער מאָדע. איר „פאַנט" צום באַזאַר האָט זי אָבער קיינעם פון אירע אַרבעטערינס נישט אָנפאַרטרויט, נאָר אַליין געזעסן ביים „טאַמבאָרעק" טאָג און נאַכט, דאָס העמד זאָל אַרויסקומען וואָס שענער און אַטראַקטיווער, און ווי תמיד באַוווּנדערט ווערן דורכן גרויסן עולם באַזוכער פון דער שטאָט און אומגעגנט אויפן פסחדיקן „באַזאַר", וואָס איז געווען די וויכטיקסטע געזעלשאַפטלעכע פּאַסירונג פונעם יאָר...

באַלד צומאָרגנס נאָך די צוויי סדר־נעכט האָבן אין אונדזער שטוב זיך אַריינגעריסן ווי אַ וויכער די חול־המועד־געסט, וואָס זענען געקומען צום באַזאַר. גרופּעס יוגנט, באַקאַנטע און משפחה פון די אַרומיקע שטעטלעך. צווישן זיי האָט זיך באַזונדערס אויסגעטיילט די גרופּע וואָס פלעגט קומען אַזש פון יענער זייט וואַרשע, פון קליינעם פּיאַסעטשנאָ, וווּהין עס האָט געהייראַט דעם טאַטנס ייִנגע־רער ברודער, דער פעטער ברוך. די פלינט'ס האָט מען זיי, די חברה, גערופן. דאָס איז געווען אַן אָפּצווייג פון אַ גרויסער באַקאַנטער ציוניסטישער משפחה פון וואַרשע און אומגעגנט מיטן זעלביקן נאָמען, וואָס האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ ריי באַקאַנטע ציוניסטישע טוערס. די גרופּע, צווישן זיי גימנאַזיסטן און גימ־נאַזיסטקעס, וואָס האָבן געלערנט אין וואַרשע אין העברעאישע גימנאַזיעס, האָבן



אויבן פון לינקס צו רעכטס: פֿאַרבמאַן, יאַנקל אָפּנהיים, שמעון גובערעק, וועלוול דיקערמאַן
צווייטע ריי: מאַלע פורמיינסקי, חנה ליווראַנט, פרידמאַן, פראַניע ווייסבראָט, פייגע
פרידמאַן און באַשקע, דיקערמאַנס כלה פון וואַרשע

אַריינגעבראַכט דעם ריח פון גרויסשטאָט. די מאַמע פלעגט די געסט אויפנעמען באַזונדערס בכבודיק, אפשר דערפֿאַר, וואָס די עלטסטע טאָכטער האָט זיך דער־נענטערט צום חתונה־עלטער און מען האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן פון אַ שידוך... די אויפנאַמע פאַר די געסט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט ספּעציעלע פּסחדיקע מאכלים, וואָס די מאַמע האָט צוגעגרייט מיט גרויס בריהשאַפט, דערונטער אַ מאכל, וואָס איז געווען פאַר זיי אַ באַזונדערע אַטראַקציע: כרעמזלעך און באַ־בעלעך פון... מייערן, מיט כריין און פאַרמישט מיט מצה־מעל און שאַרפן ווײַן. מיר, קינדער, האָבן אמת ליבער געהאַט די מאַמעס פשוטע כרעמזלעך פון קאַר־טאָפל, אָדער פון מצה־מעל — פאַר די געסט איז אָבער דער מאכל געווען פיקאַנט, אַ נייעס, און זיי האָבן עס געלויבט ביזן הימל אַריין...



אַריינגעכאַפּט דעם כיבוד אויף איין פוס האָט חברה זיך גלייך אַרויסגעלאָזט צו דער דערפענונג פונעם „באַזאַר" — צו דער „תרבות"־שול אויף דער וואַר־שעווער גאַס. דאָ, אויף בערגערס הויף אַנטקעגנאיבער דער פייערלעשער־שאָפּע, האָט זיך אַמאָל געפונען אַ ביר־פאַבריק. נאָכן טויט פון אַלטן בערגער, זענען די צוויי געבויען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער הויפּט־אָפּטיילונג פון דער „תרבות"־שול, וואָס האָט זיך אַלץ מער אויסגעברייטערט און האָט זיך געמוזט פאַרשאַפן צוגאָב־צימערן מחוץ דעם אייגענעם „לאָקאַל" פון „מרכז" אויפן רבינס גאַס. די אלמנה מיט אירע דריי טעכטער, פון זיי צוויי לערערקעס אין דער „פאָווּשעכנער" שולע, האָבן דאָך נישט געדאַרפט אַלע צימערן פון די צוויי געבויען. דאָ האָט די

שולע אויך נישט געמוזט אַזוי רעגולער צאָלן דירה־געלט. די פאַרמעגלעכע אלמנה האָט געהאַט צופיל כבוד פאַרן עלעגאַנטן דירעקטאָר לייבל גאַרבאַווניק, ווען זי האָט אויך לסוף דערוואָרבן אַלס איידעם פאַר איינער פון אירע דערוואַקסענע טעכטער...

ווען מיר זענען אָנגעקומען אויפן אָרט, איז שוין דער גאַנצער הויף פול געווען מיט פורן, וואָס האָבן געבראַכט אָרגאַניזירטע גרופּעס יוגנט פון אַלע ציוניסטישע „אָרגאַניזאַציעס" אינעם גאַנצן „פּאָוויאַט" — פון שעניצע, קאָלעביעל, דאַברע, סטאָצעק און באַזונדערס פון קאַלושין, וואָס האָט געהאַט אַ שם מיט אירע שיינע מיידלעך... דער באַזאַר איז געווען די בעסטע געלעגנהייט פאַר אַן אַלגע־מיינעם צוזאַמענקונפט פון דער יוגנט אין דער גאַנצער געגנט; און הלמאי זאָל מען לייקענען — נישט איין שידוך איז לסוף געשלאָסן געוואָרן ווי אַ פּועל יוצא פון דער דאָזיקער אומשולדיקער קאַנטשאַפּט...

אינעווייניק זענען די זאַלן, פון וועלכע עס זענען באַזייטיקט געוואָרן די שול־בענק, שוין געווען באַפּוצט און אויסגעסטראָיעט מיט בילדער און מאַפּעס פון ארץ־ישראל, מיט בלוי־ווייסע פענער און קאָלירקע „קייטן". אַלעמענס אויפ־מערקזאַמקייט האָבן באַזונדערס צוגעצויגן די פּראָדוקטן פון „תוצרת הארץ", וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ ספּעציעלער באַגלאָזטער שאַנק — צום אָנקוקן בלויז און נישט אָנרירן! דאָרט האָט מען געזען עטלעכע פלעשלעך פּסחדיקן כרמל־ווײַן, ניס, פּאָמעראַנצן, בצלאל־אויסאַרבעטונגען. דאָס זענען געווען די וויכטיקסטע עקספּאָנאַטן וואָס זענען אויסגעפּלעט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלער לאָטעריע בעתן באַל, מיט וועלכן עס האָט זיך געווײנלעך געשלאָסן דער „באַזאַר"...

אַ קלונג פון שול־„דזוואָנעק" זאָגט אָן, אַז עס הויבט זיך אָן. עס עפנט לייבל גאַרבאַווניק, דער דירעקטאָר פון דער „תרבות־שולע און פאָרזיצער פון שטאָטישן קאָמיטעט פון קרן קימת, דער לערער פון העברעאיש און תנ"ך, אין וועמען מיר אַלע, זיינע תלמידים, זענען פאַרליבט. מיר באַוווּנדערן ווידער ווי ער געפינט דאָס פּאַסיקע וואָרט ביי יעדער געלעגנהייט. באַלד גיט ער איבער דאָס וואָרט דעם סטודענט ראובן צעדערבוים פון דער צענטראַלע אין וואַרשע, צו זיין רעפעראַט מעניני דיומא: קאַמף מיט דער מאַנדאַטאָר־מאַכט, „הבלגה", ווייניק סערטיפיקאַטן, געראַנגל קעגן ווייס־בוך, בוי פון נייע ישובים, אויסלייז פון באָדן. אויסטריקענונג פון זומפּן... דער עולם הערט זיך איין, שלינגט יעדעס וואָרט נישט יעדן טאָג קומט דאָך אַ רעדנער פון וואַרשע...

אויבנאָן זעט מען די פּני פון די ציוניסטן אין שטאָט, פון אַלע פּאַרטייען, הגם דער באַזאַר איז בעיקר דער אויפטו פון די פּרויען און מיידלעך. צווישן די פּני, חשובע באַלעבאַטים, טיילט זיך באַזונדערס אַרויס דאָס געשטאַלט פון מזרחי־ראש, דער ציוניסטישער וועטעראַן לייבעלע ראָזנבערג, אַ הויכער ייִד, מיט אַ תמיד ערנסטן פּנים און לאַנגער, שוואַרצער, הערצל־באָרד. זיין סאָליד געשעפט פון שניט־סחורה אין מאַרק איז דאָס איינציקע געשעפט ווו מען דינגט זיך נישט, די פּרייזן זענען ווי אין אַן אַפּטייק. אָבער נישט בלויז דאָס. זיין גע־שעפט איז אויך דאָס איינציקע געשעפט איבער וועלכן די שילדן זענען געשריבן

מיט גרויסע העברעאישע אויפשריפטן: „ממכר אריגים". העברעאיש איז אויך די אומגאַנג־שפּראַך ביי אים אין שטוב. דאָס איז די איינציקע שפּראַך אין וועלכער ער רעדט מיטן ווייב און טעכטער. אין שטוב זענען ביי אים אויסגעלייגט העב־רעאישע צייטונגען פון „הצפירה" ביזן „בדרך" — געגנוי ווי די באַלן סחורה אויף די פּאָליצעס אין קראָם. לייבעלע ראָזנבערג איז אויך זייער אַ פרומער ייד און ביזן לעצטן מאָמענט איז מען נישט געווען זיכער, צי ער וועט טאַקע קומען צום באַזאַר, מחמת זיין קאַמף אַפּצוהיטן עס זאָל דאָ חלילה נישט זיין דער מינדסטער חשש פאַר חמץ. לסוף האָט געזיגט זיין אהבת ארץ־ישראל. ער איז



מרדכי־יאָסל קירשנבוים
מיט זיין פרוי — נאָך
דער חתונה

געקומען צו דער שמחה, הגם היבש רעזערווירט, איינגעהאַלטן. ער רעדט נישט. זיין חלק פאַר גאולת הארץ וועט ער געבן שבת חול המועד, בעת זיין דרשה אין בית המדרש. דאָרט דאַרף מען נאָך איבערצייגן, קעמפן. די וואָס קומען צום „באַזאַר" דאַרף מען דאָך שוין, בדרך כלל, נישט אויפקלערן די חשיבות פון גאולת הארץ...

נעבן אים שטייט מענדל אָפּענהיים, אויך פון מזרחי, דער איינציקער „לאַור־ניק", מיטגליד פון פרעזידיום פון מאַגיסטראַט. אַ זיידענער מענטש מיט אַ קליין אַרומגעשוירן און פאַרפוצט בערדל, אַ זיסער רעדנער, וואָס צייכנט זיך אויס מיט גלאַסנקייט און ישוב הדעת. ער איז אַן איידעם פון דער גרויסער קראַ־

מאַזש־ראָזנבערג־משפחה. ער קומט פון ביאַלע־פּאָדליאַסק, אָבער איז שוין אינ־גאַנצן פאַרוואָרצלט אין די דאגות און נויטן פון דער שטאָט אַזוי אַ שיינע פּאָר יאָר. הגם אַ מזרחיסט, איז ער אַ סך וועלטלעכער ווי לייבעלע ראָזנבערג, געפינט תמיד אַ געמיינזאַם לשון אויך מיט די פרייע ציוניסטן, בפרט ווען עס האַנדלט זיך אין דעם, וואָס פאַראייניקט אַלעמען, אין זאַמלונגען פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד... ער פירט טאָקע, ווי זיין שטייגער, אַ שטילן געלאַסענעם שמועס מיט די פּועלי־ציון־פירער שמואל אָרליאַנסקי און אברהם סלאָדזשאַרזש, אָן דיסקוסיע...

הינטער די „פּני" שטייט ווי מן הצד, הגם ער איז דאָ דער הויפּט־מחותן — מרדכי־יאָסל קירשנבוים, דער „מאָטאָר" פון גאַנצן ציוניסטישן און געזעלשאַפט־לעכן לעבן אין שטאָט. אַ נידעריק יידל, האַלב־איינגעבויגן, מיט אַ הויכער פּלייצע ווי די לאַסט פון אַלע צרות און זאָרגן פון שטאָט וואָלטן אויף אים געדריקט... אויף זיין גלאַטן, תמיד־צעשמייכלטן, ליבהאַרציקן פּנים זיצן צוויי דיקע ברילן־גלעזער פון וועלכע עס בליצן אַרויס צוויי קלוגע אויגן פון אַ ייד אַ חכם. ער איז פון פאַך אַ קאַמאַשנמאַכער, אָבער קיינער ווייסט נישט ווען ער אַרבעט אויף פּרנסה פאַר זיין שטוב גערעטענע קינדער. זיין אַרבעט לטובת הכלל, פּילט אויס דעם גאַנצן טאָג. אָט דאַרף מען זוכן געלט אויסצוהאַלטן די העברעאישע שולע מיטן קינדערגאָרטן, וואָס ער האָט מיט גרויס מי אויפגעבויט; אָט דאַרף מען זיך באַגעגענען מיט די עלטערן משפּיע זיין אויף זיי אָפּצוגעבן זייערע קינדער אין דער יידישער שולע און נישט שיקן אין דער מלוכהשער „פּאָווּשעכנער" שולע, ווו אַ העלפט פון די לערער זענען גויים, שיכורים און אַנטיסעמיטן; אָט דאַרף מען קויפן נייע ביכער פאַר דער ביבליאָטעק אין „מרכז"; אָט איז ביי אַן אָרעמען יידישן קרעמער געמאַכט געוואָרן אַן עקזעקוציע פון שטייער־אַמט, און מען דאַרף פון דאָרט אַרויסבאַקומען סובסידיעס פאַר יידישע אינסטיטוציעס, אויך פאַר דער תּלמוד־תּורה, פאַר לינת־הצדק, פאַר דער גמילת־חסדים־קאַסע; און אָט מאַכט עמעצער חתונה אַ טאָכטער און עס פעלט אים אויס אויף אויס־שטייער און מען דאַרף זיך אַרויסלאָזן אין מאַרק „שאַפן" אַביסל געלט איינס־צוויי... אַלץ און אומעטום איז נאָר ער — מרדכי־יאָסל — דער עוסק בצרכי ציבור באמונה, און מיט אַ סך חכמה, טאַקט, גענישאַפט... ,

דער אָפּיציעלער טייל איז פאַרענדיקט. דער פאַרזאַמלטער עולם לאָזט זיך איבער די זאַלן, איינהאַנדלען מציאות, קויפן לאָטעריע־צעטלען. די קאַסע איז באַלאַגערט. דער פּדיון שטייגט פון מינוט צו מינוט. מענטשן קומען און גייען אַוועק. עס באַווייזן זיך אויך אַ סך נישט־יידן, שטאָטישע אינטעליגענץ, דאָקטוי־רים, אַפּטייקערס, סוחרים, וואָס האָבן אַ קאָנטאַקט מיט יידן, זיי קומען אויף טשעקאַוועס אַ קוק טאָן ווי עס זעט אויס אַזאַ אונטערנעמונג ביי יידן...

דער שמייכל אונטער די ברילן ביי מרדכי־יאָסלען ווערט ברייטער, צעלויכט זיך מיט צופרידנקייט און סאַטיספאַקציע:

— חברה האָט גוט צוגעגרייט דעם היי־יאָריקן באַזאַר... — טיילט ער קאָמפּ־לימענטן אויף רעכטס און לינקס, הגם דעם הויפּט־פאַרדינסט פון דעם דערפאָלג, גענוי ווי פון יעדן געזעלשאַפטלעכן אויפטו אין שטאָט, קומט נאַטירלעך אים, דעם אומדערמידלעכן אינספּיראַטאָר און איניציאַטאָר פון אַלע אויפטוען...

## ר׳ מעכעלעס חרוסת

אַהיימגעקומען פון דאַוונען דעם יום־טובדיקן מעריב איז אין שטוב דער פּסחדיקער טיש שוין געשטאַנען אַ געדעקטער. אַלץ איז שוין גרייט געווען אָפּצוריכטן דעם סדר: דאָס „היסב״־בעט, די „קערה״, די כוסות און די פֿינקעל־דיקע פֿלעשער ווײַן. אויסגעפּוצט אין נײַע יום־טובדיקע מלבושים האָט דאָס גאַנצע הויז־געזינד שוין געוואַרט אויף אונדזער קומען.

— גוט יום־טוב, גוט יום־טוב! — האָט מען זיך געווונטשן און גלײַך איז דער טאַטע צו צום טיש בודק זײַן צי אַלץ איז צוגעגרייט כהלכתו. צי די מאַמע האָט אַמאָל נישט אין יום־טובדיקן גערודער עפּעס וואָס פֿאַרגעסן. דער טאַטע בייגט זיך אַריבער צו דער „קערה״, לייגט אַלץ אויפֿן אָרט: זרוע... מרור... כרפּס... אַלץ איז טאַקע גרייט. בלויז חרוסת אַליין פֿעלט.

— נו, קינדערלעך, גייט צו ר׳ מעכעלען ברענגען חרוסת און מיר זעצן זיך גלײַך צום סדר, — זאָגט דער טאַטע און נעמט פֿאַרזיכטיק פֿון טיש אַ באַגילדעטע גראַווירטע טיף שיסעלע און גיט מיר אין האַנט אַרײַן.

אַזוי האָט מען זיך נוהג געווען בײַ אונדז אַלע יאָרן — חרוסת צום סדר צו נעמען בײַ ר׳ מעכעלען. די מאַמע, וואָס האָט געשמט אין דער גאַנצער גאַס מיט אירע מאכלים און געבעקס, איז קיינמאָל נישט דערגאַנגען דעם סוד ווי צו מאַכן חרוסת. זי האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז בכלל נישט קיין אַרבעט פֿאַר אַן אישה, צו מאַכן חרוסת. און היות ווי דער טאַטע איז געווען אַ פֿאַרנומענער מענטש און בכלל זיך ווייניק געמישט אין דער באַלעבאַטישקייט, האָט מען דעריבער יוצא געווען מיט די חרוסת וואָס ר׳ מעכעלע האָט צוגעגרייט און מיט דעם מזכה געווען די גאַנצע גאַס ייִדן און אַלע מתפּללים אין אונדזער חסידים־שטיבל.

ר׳ מעכעלע אַליין איז געווען אַן „אייניקל״ — אַן אייניקל פֿון ר׳ יאַנקעלע, גרינדער פֿון רבינס הויף, דער איינציקער פֿון רבינס גרויסער משפּחה, וואָס איז געבליבן וווינען אין דאָזיקן הויף, געבליבן ווי אַ זכר פֿון יענע טעג, ווען דאָ איז געווען אַ צענטער פֿון חסידות און תורה, צייטן ווען איך בין נאָך אויף דער וועלט נישט געווען אָבער וועגן וועלכע איך האָב זיך אַ סך אָנגעהערט אין מײַנע קינדער־יאָרן בײַ טאַטע־מאַמע און נאָך דער לעצטער מלחמה בײַ לייבוש לערער און י. ד. בערג זכרונם לברכה, וואָס האָבן אין זייער יוגנט געלערנט אין דער נאָוואָמינצקער ישיבה.

ר׳ מעכעלע איז געבליבן וווינען אין רבינס הויף, הגם זײַן חיונה האָט ער געהאַט אין וואַרשע. ער האָט געאַרבעט אין „רעטונגס־קאָמיטעט״, געזאַמלט געלט בײַ וואַרשעווער גבירים פֿאַר אָרעמע ייִדן. קען זײַן אַז עס איז אים שווער געווען צו שיידן זיך מיטן זיידנס ירושה און אפשר איז ער געבליבן אין שטאָט צוליב זײַן ווײַב, ברכהלע, אַביסל אַ קרענקלעכע, וואָס האָט געשטאַמט פֿון גרויסן רבנישן יחוס אין דער ליטע און האָט זיך תמיד געגנויטיקט אין „פּרישע לופֿט״... אויך איז אים מסתּמא געווען אַ שאָד אַרויסצוציען זיך קיין וואַרשע מחמת דעם, וואָס פּאַקטיש האָט ער זיך דאָ אַליין געפֿירט מעשה רבי, אַ „הויף״ אין מיניאַטור...

יעדן אינדערפֿרי פֿלעגט ברוך־דוד דראָזשקאַזש, וואָס האָט געוווינט אין

זעלבן הויף, אין קעלער, אָפּפירן אים מיט זיין בריטשקע צו דער באַן און צוריק־ברענגען אים פון דאָרט פאַרנאַכט. ר׳ מעכעלע איז געווען אַ מין שליח פון שטעטל אין גרויסן ווארשע; ער פלעגט ברענגען גרוסן פאַר באַקאַנטע און קרובים, אַמאָל איבערגעבן „פּאַטשט״, און דער עיקר — זיך משתדל זיין אין די „הויכע פענצטער״... ווען אין שטאָט איז אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם און יידן זענען געזעסן עטלעכע טעג פאַרהאַקט הינטער טיר און לאָדן, אָן ברויט און וואַסער, איז מעכעלע געווען דער וואָס האָט אַלאַרמירט אַלע יידישע רעדאַקציעס אין וואַרשע מען זאָל אָרגאַניזירן הילף — שיקן ברויט מיט פּראָוויאַנט פאַר די פּאַגראַמירטע, וואָס האָבן מורא געהאַט אַרויס פון די שטובן.

שבת און יום־טוב האָט ער קיינמאָל נישט פאַרלאָזט די שטאָט — נישט געפאָרן אפילו צום רבין, ווייל ער האָט זיך אַליין פאַר אַזאַ געהאַלטן. אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער און פאַרקיילעכדיקטער, אין אַ זיידענער קאַפּאָטע מיט אַ רויטער פאַטשיילע און שטריימל אויפן קאָפּ, האָט ער אויסגעזען ווי אַן אמתער פּוילישער רבי. אין חסידים־שטיבל האָט ער געדאַווענט ביים עמוד, געזונגען, געטאַנצט דערביי און געמאַכט העוויות און תנועות פון אַן אמתן רבין, הגם שאַרפע חסידים האָבן פון אים נישט געהאַלטן און אויך צווישן די לומדים אין שטאָט האָט מען אים נישט פאַררעכנט. געווען זאָגאַר אַזעלכע וואָס האָבן אים אפילו געהאַלטן פאַר אַ שטיקל קל־דעת.

איך האָב ר׳ מעכעלען ליב געהאַט אַהבת נפש פון קינדוויז אָן טאַקע דערפאַר, ווייל ער האָט נישט ליב געהאַט — ווי אַנדערע — אויסצופרעגן קינדער אין לערנען. אַנשטאָט דעם פלעגט ער מיט זיי שטיפן ווי ער אַליין וואָלט געווען אַ ייִנגל, אָבער דאָס וויכטיקסטע — ער פלעגט תמיד מיטברענגען פון וואַרשע פולע קעשענעס מיט זיסוואַרג, און פלעגט דאָס טיילן צווישן די קינדער גאַנצע זשמעניעס. איך האָב בכן זייער גערן זיך מיטגעכאַפּט מיט טאַטע־מאַמע יעדעס מאָל ווען זיי זענען געגאַנגען צו אים צוגאַסט. אַ גאַנץ יאָר אַזוי, אָבער נאָך מער האָב איך ליב געהאַט צו גיין צו אים פאַרן סדר, ברענגען חרוסת.

ר׳ מעכעלע האָט געוווינט אויפן צווייטן שטאָק פון דער „קאַמיעניצע״ פון רבינס „הויף״, אין עטלעכע גרויסע צימערן מיט באַלקאָנען און מיט אַ „סאַליע״, וואָס ער האָט געהאַלטן ספּעציעל פאַרן רבין, וואָס פלעגט קומען צוויי מאָל אין יאָר אויף קבר־אבות: ז׳ אדר (יאָרצייט נאָכן ערשטן רבין ר׳ יאַנקעלע) און אין חודש אלול. ביים אַריינקומען צו אים פּסח אָוונט האָט באַלד אַ שלאָג געטאָן אַ שאַרפער ריח פון וויין, פון ניס, מאַנדלען און צימערינג. אויפן טיש אינמיטן שטוב איז געשטאַנען אַ גרויסע, טיפע שיסל מיט די שמעקעדיקע חרוסת. ער אַליין, ר׳ מעכעלע, האָט געמישט דאָס געדיכטע „טייגעכץ״ וואָס האָט כסדר געטריקנט אַזוי, אַז ער האָט געמוזט יעדע ווײַלע צוגיסן פרישן וויין. אַזוי איז ר׳ מעכעלע געשטאַנען און געטיילט פאַרציעס חרוסת פאַר די קינדער און דער־וואָקסענע, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין אַריינקומען.

ווי נאָר ער פלעגט מיך דערזען, ר׳ מעכעלע, האָט ער אַלץ מיט אַנאַנדער געלאָזט שטיין און זיך גענומען צו מיר: אַ כאַפּ טאָן אין זיינע שטאַרקע אָרעמס, אַ וואָרף טאָן אין דער לופט און צעשרייען זיך אויפן קול:

— ר׳ אפרים! — אַזוי פלעגט ער מיך רופן פון קינדווייז אָן, דערביי אויפקלערן פּאַרוואָס און צוגעבן: עפּעס אַ קליינינקייט, טראָגן דעם נאָמען פון אַזאַ זיידן, אפרים משמש! דערביי פלעגט ער אָנהויבן נאָכמאַכן די תנועות און דעם אופן פון רעדן פון מיין זיידן וואָס איז געווען דער הויף־משמש ביי ביידע ערשטע רביים פון דער דינאַסטיע; נאָכדערציילן זיינע ווערטלעך און ווייזן ווי אַזוי מיין זיידע פלעגט קנייפּן די בחורים אין הויף אין די בעקלעך. די איינציקע זאַך וואָס איך האָב נישט פאַרטראָגן ביי ר׳ מעכעלען איז געווען, ווען ער האָט אָנגעהויבן דאָס צו ווייזן בפועל ממש אויף מיינע בעקלעך...

באַקומען די פּאַרציע חרוסת, האָט מיך מעכעלע נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט געעפנט דעם קרעדענץ און פון דאָרט אַרויסגענומען ארץ־ישראל־ניסלעך, צוקער־וואַרג און מאַקראָנדלעך און מיט זיי אָנגעפּאַקט אַלע מיינע קעשענעס. דערנאָך האָט ער געעפנט די ספרים־שאַנק און פון דאָרט אַרויסגענומען אַ גוט־פאַרוויקלטע פלאַש וויין, דערלאַנגען מיר זי בדחילו ורחימא און געזאָגט דערביי:

— דאָס איז אַ פלעשל כרמל־וויין, וואָס דער רבי אין וואַרשע האָט מיטגע־שיקט פאַר דער באָבען! כרמל־וויין פון ווינקעלערס אין ראשון!

דערביי פלעגט ער אַריינרופן זיין איינציקן זון, אַ יינגל אַ סך עלטער פון מיר און זאָגן:

— אהרלע, באַגלייט אים אַראָפּ פון די שטיגן, ער זאָל נישט צעברעכן די פלאַש.

אַזוי פלעג איך יעדן פּסח, פאַר דעם ערשטן סדר, אַרויס פון ר׳ מעכעלעס הויז באַלאָדן מיט כל־טוב. דער ריח פון די חרוסת און בפרט דער ריח פון יענעם כרמל־וויין פלעגט מיך פאַרשיכורן: איין קליינינקייט, וויין פון ארץ־ישראל.

אין איינער אַזאַ סדר־נאַכט, ווען איך בין שוין געווען נאָענט צו בר־מצווה, האָט אהרלע, וואָס איז שוין געווען אַביסל „קאַליע״, ביים אַראָפּבאַגלייטן פון די שטיגן מיך אָוועקגענומען אין אַ ווינקל און פאַרטרויט אַ סוד:

— מאָרגן בייטאָג, אין „מרכז״, וועט לייבל פאַרבמאַן דערציילן וועגן ארץ־ישראל. ער קומט דאָך טאַקע פון חיפה, פון דער שטאָט פון כרמל...

דאָס קאַפּיטשקע כרמל־וויין, וואָס יעדער האָט ביים סדר־טיש באַקומען — אַ קאַפּיטשקע, ווייל מער ווי אַ העלפט פון דער פלאַש פלעגט מען איבערלאָזן פאַר דער באָבען פאַר אַ רפואה; „דאָס איז בעסער ווי דער בעסטער רעצעפּט״ — פלעגט די באָבע טענהן, ווען זי האָט זיך געפילט שוואַך און געדאַרפט מיט עפּעס „זיך דערכאַפּן״ — דאָס קאַפּיטשקע וויין האָב איך יענעם פּסח ביינאַכט געטרונקען מיט אַ ספּעציעלן ציטער, אַ גאַנצע נאַכט געחלומט און מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם צומאָרגנס נאָכמיטאָג. שטיל, קיינער זאָל נישט וויסן, בין איך אַוועק אין „מרכז״ צו זען און הערן אונדזער בן־עיר וואָס איז געקומען פון ארץ־ישראל אויף יום־טוב צו זיין משפחה צוגאַסט. ביים אַריינגאַנג האָט שוין אהרלע אויף מיר געוואַרט. איך בין אַריין אינעווייניק, זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל און זיך צוגעהערט צו יעדעס וואָרט.

פון יענעם פּסח אָן בין איך געוואָרן אַן אייגענער, פון דעמאָלט אָן האָב איך שוין דעם ציוניסטישן „מרכז״ קיינמאָל נישט פאַרלאָזט...

### ווײַן אויף פּסח...

די וואַרשעווער גאַס איז געווען אַ לאַנגע גאַס. זי האָט דורכגעשניטן די גאַנצע ברייט פֿון שטאָט ביים גרויסן טראַקט, וואָס האָט געפֿירט צו דער הויפּט־שטאָט. לויט דעם אויסזען און כאַראַקטער, הייזער און מענטשן, האָט מען די גאַס געקענט טיילן אויף עטלעכע געסלעך. דער טייל, למשל, ביים מאַרק איבער דער בריק האָט זיך ווייניק אונטערשיידט פֿון די אַנדערע געסלעך, וואָס זענען בעיקר באַשטאַנען פֿון יידישע הייזער. אַביסל ווייטער — פֿונעם פּאַרק און „סעידל”, צווישן ווענעמנס דיקע קאַשטאַן־ביימער עס איז געשטאַנען די סטאַטוע פֿון דער „הייליקער מאַמע”, האָט זיך אָנגעהויבן דער „גויאישער” טייל פֿון דער שטאָט. פּאַקטיש האָבן זיך אָבער אויך דאָ געפֿונען נישט ווייניק יידישע הייזער און יידישע איינוווינער, באַזייט מיט די קריסטלעכע שכנים און די שטאָטישע און פּאָוויאַטאָווע אַמטן.

גראָד דאָ, אין די הייזער אויף יענער זייט וואַרשעווער גאַס, ווייט פֿון די ענגע יידישע געסלעך, האָבן געוווינט די עלטסטע יידישע משפּחות אין שטאָט, פֿאַרוואָרצלט זינט דורות, אַזאַ איז אויך געווען דער הויף ביים סאמע מאַגיסטראַט, ווו עס האָבן געוווינט די מיקאַנאָווסקיס און די אַלטמעדס. זיי האָבן דאָ געהאַט וואַרשטאַטן פֿון מעבל, באַגלאָזונג. וואָס מיר האָט אָבער באַזונדערס פֿאַראינטערי־גירט אין דעם הויף איז געווען דאָס פֿאַבריקל פֿון ווײַן און מעד פֿון ר׳ זישע אַלטמעד, דעם פֿרומען איידעם פֿון די מיקאַנאָווסקיס.

אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר פֿלעג איך זעלטן אָנקומען אינעם דאָזיקן אָפּגעשלאָסענעם הויף, ווייט פֿון אונדזער געסל אויף יענער זייט טייכל. שאַרפֿע פֿאַר־שיכּורנדיקע ריחות האָבן זיך דאָ געטראָגן פֿון די בייכיקע מיט אייזערנע רייפֿן אַרומגענומענע הילצערנע פֿעסער. ווײַן אויף קידוש און הבדלה פֿלעגט דער טאַטע ברענגען אַליין, פֿון גאַס אָדער פֿון דאָזיקן פֿאַבריקל גופא. איין פֿלעשל אַזאַ האָט געסטייעט אויף אַ שיינע פּאָר וואָכן. אַזוי אַ גאַנץ יאָר. אויף פּסח אָבער איז דער איינקויף געווען אַ גרויסער — חוץ ווײַן אויף ארבע כּוסות האָט מען אויך געדאַרפֿן אַ שיינע פּאָר פֿלעשלעך פֿאַר די חול־המועד־געסט...

שוין אַ פּאָר טעג פֿאַר פּסח האָט די מאַמע אַרויסגענומען די ספּעציעלע פּסחדיקע קאַרפֿינקעס, און אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט בין איך אַוועק מיטן טאַטן ברענגען דעם פּסחדיקן ווײַן גלייך פֿון פֿאַבריקל, און דערביי שטאַרק זיין גע־וואָרנט נישט צו קומען אין באַריר מיט חמץ. צוגלייך מיטן לופֿטערן די ספרים, איז דאָס געווען דער וויכטיקסטער חלק פֿון מיין ייִנגלערישער הילף ביים אַרייג־ברענגען דעם פּסח אין שטוב אַריין.

די־אָ ערב־פּסחדיקע באַזוכן מיינע אין אַלטמעדס ווײַן־פֿאַבריקל, זענען אָבער געווען בחיפּזונדיקע. מיר זענען נישט געווען די איינציקע קונים. לאַנג אויפֿהאַלטן זיך דאָרט, ווי איך האָב חשק־געהאַט, איז נישט געווען מעגלעך. אין קעלער האָט מען נישט אַריינגעלאָזט. אָנגעצאַפּט דאָס ווײַן גלייך פֿון פֿאַס, צוגעקליבן נאָך עטלעכע פֿלעשער „פֿירמע”־ווײַן מיט קאָלירטע צעטעלעך, און גלייך איז מען געגאַנגען אַהיים. נאָך אַזאַ באַזוך איז אָבער די קינדערישע פֿאַנטאַזיע נאָך מער גערייצט געוואָרן, עס האָט זיך נאָך מער געשטאַרקט דער ווילן צו דערגיין אַלע

געהיימענישן פון דעם דאַזיקן זיסן, שמעקעדיקן און פאַרשיכורנדיקן רויטן געטראַנק...

ווייזט אָבער אויס, אַז דאָס באַזאָרגן אַ שטאָט יידן מיט ווײַן, אפילו די יידן אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך, איז געווען געוווינלעך גענוג בלויז מזכה־צו־זיין יידן מיט מצוות. פרנסה האָט דאָס אָפּנים ווייניק געגעבן. אין איינעם אַ טאָג איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די אַלטמעדס האָבן פאַרקויפט דאָס ווײַן־פאַבריקל. די נייע באַלע־באַטים, האָט מען זיך גלייך דערוווּסט, זענען וואַרשעווער. דאָס האָט זיך אויך גלייך געמערקט. דאָס פאַבריקל האָט „אויפגעלעבט". די נייע וויינשענקער האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיטן „היימישן" מאַרק. גרויסע פלאַטפאָרמעס פאַרלאָדן מיט קאַסטנס ווײַן־פלעשער האָבן אָנגעהויבן יעדע וואָך אָפּצוגיין פון דאַנעט קיין וואַרשע. די נייע באַלעבאַטים זענען געווען עטלעכע ברידער, חסידישע יונגעלייט. אַ גאַנצע וואָך האָבן זיי געאַרבעט אויפן אָרט און דאַנערשטיק אַהיימגעפאָרן צו זייערע משפחות אין וואַרשע. דער יינגסטער פון זיי איז געבליבן היטן דאָס געשעפט.

מלך — אַזוי האָט געהייסן דער יונגער בחור — האָט זיך תחילת געפילט נישט גוט ביי אונדז אין דער פרעמדער שטאָט. גאָר גיך האָט ער אָבער באַקומען חברים. דאָס זענען געווען די צוויי „מנגנים", יינגלעך וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זינגען, פריילעכע חברה־לייט. ווייזט אויס, אַז געזאַנג גייט תמיד געפּאָרט מיט ווײַן און די צוויי „זינגערס" זענען געוואָרן שטענדיקע אָריינגייער אין ווײַנקעלער, ווו מלך האָט זיי אויפגענומען בסבר פנים יפות, ביי אַ גוט גלעזעלע ווײַן. דאָס איז באַזונדערס געווען אין די דאָנערשטיקע אָוונטן, ווען אַלע ברידער זענען אָוועקגעפאָרן אַהיים קיין וואַרשע, און דער יונגער מלך איז געבליבן דער איינציקער באַלעבאָס.

דער קרייז איז געוואַקסן און אויך איך, דער יינגסטער פון דער חברה, האָב אָנגעהויבן קומען אין די דאָנערשטיק־אָוונטן אין פאַבריקל, וואָס איך האָב יאָרן געגאַרט צו זען פון דער נאָענט. די דאָזיקע באַגעגענישן ביי אַ גלעזל ווײַן, האָבן זיך געוויינלעך אָנגעהויבן מיט געמיטלעכע שמועסן און „תורה"־זאָגן פון לייבלען, און כטוב ליבם ביין האָבן יאַנקעלע שיפּמאַן און אברהם כאַשטש אָנגעהויבן זינגען — שטיקלעך חזנות און יידישע לידלעך — אַזוי ביז די שכנים זענען געקומען מיט אַ געשריי, אַז מען לאָזט נישט שלאָפן די קינדער... דער דאָזיקער צעשטיפטער ווײַנקעלער איז געוואָרן אַן אָרט צום פאַרברענגען, און נישט איינמאָל בין איך פון דאָרט אַרויס באַרוישט — אויב נישט פון דעם טרינקען איז ווייניקסטנס פון שאַרפן ווײַן־ריח און פריילעכן געזאַנג, וואָס איך האָב דאָרט איינגעזאַפּט אין זיך...



דאָס האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. אין 36־טן יאָר איז אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם אין שטעטל. צום מייסטן האָבן נאָטירלעך געליטן די יידן אין "יענע" גאַסן. אויך די געשעפטן האָבן אָנגעהויבן צו גיין שלעכט. ביסלעכווייז האָט דאָס פאַבריקל זיך ליקווידירט, איינגאַנצן אויפגעהערט צו אַרבעטן. מלכס עלטערן,

האָבן מיר געהערט, זענען אַוועקגעפֿאָרן קיין ארץ־ישראל. אויך ער אַליין מיט זיינע ברידער האָבן זיך אַנגעהויבן גרייטן צו פֿאָרן. אַלנפֿאַלס אין אונדזער שטאָט האָט מען זיי מער נישט געזען.

עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה. דאָס ווייַן־פֿאַבריקל, און די אָוונטן וואָס מיר האָבן דאָרט פֿאַרבראַכט, איז געבליבן בלויז אין זכרון — צום דערמאָנען זיך אין די פֿינצטערע מלחמה־און געטאָ־יאָרן... אויך יאַנקל שיפּמאַן איז אַוועק קיין וואַרשע, איז אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ. אברהם כאַשטש, דער צווייטער בעל־מנגן, איז געשטאָרבן פֿון טובערקולאָז... בלויז מלך, מלך הייבלום, איז אנגעקומען ערב דער מלחמה אין לאַנד און זעצט פֿאָר צו באַזאָרגן יידן אין תל־אביב מיט כשרן ווייַן אויף קידוש, שמחות און יום־טובים.

## אויף אַ פּאַריסאָווער קאַווע ביי ר׳ אפרים בעקער

די צעבליטע אַקאַציעס און בעז־ביימלעך מיט צעעפֿנטע בלומען־בעכערלעך פֿאַרשמעקן שוין דאָס גאַנצע שטעטל. פֿון הינטער יעדן פֿאַרקאַן רייסן זיך יונגע קנאָספּן. אַלץ אַרום זאָגט עדות: דער יום־טוב פֿון גרינס איז געקומען, שבועות אויף דער וועלט.

די שטובן זענען שוין אויסגעצירט מיט בלומען און מיט גרינס, און איבער אַלעם מיט טאַטריק, וואָס פּויערים האָבן אַ גאַנצע וואָך געבראַכט אויפֿן מאַרק מיט זייערע פֿורלעך פֿון ווייטע טייכן און וואַסערן, געבונדן אין בוקעטן, ווי בינטלעך האָלץ צום הייצן ווינטער־צייט. דעם טאַטריק לייגט מען אויס איבער די פּאָדלאָגעס וואָס זענען באַדעקט מיט גאָלדן זאַמד. גוטע שווימערס לאָזן זיך ערב יום טוב אַליין רייסן טאַטריק אין די היימישע „בעדלעך״. זיי שווימען צום אַנדערן, זומפּיקן ברעג, ווו דאָס באַדן זיך איז אַ סכנה. דאָ וואַקסט דער טאַטריק הויך, שלאַנק און איז מיט אַ זיסן שמעקעדיקן ריח פֿון ווייַן און מעד.

צוזאַמען מיט אַט די אַלע שמעקעדיקע ריחות פֿון וואַסער־גראָזן, בלומען און בעז און דעם אַראָמאַט פֿון קעז־ און פּוטער־קיכלעך און אַלע אַנדערע מאכלים לכבוד שבועות, גייט אָבער אויף אין מיין זכרון אויך דער ריח פֿון געשמאַקער קאַווע, וואָס האָט נישט ווייניקער פֿאַרשיכורט ווי דער ריח פֿונעם פּעלד מיט וועלכן עס איז שבועות פֿול געוואָרן דאָס גאַנצע שטעטל.

קאַווע מיין איך אָבער דאָ בשום אופן נישט די פּשוטע קאַווע מיט ציקאָריע פֿון אַ גאַנץ יאָר, נאָר די קאַווע וואָס עס האָבן געטרונקען פּאַריסאָווער חסידים, יענע קאַווע וואָס האָט אין זיך דעם יסוד פֿון „קוה אל ד״ פֿון איין זייט און דעם עלעמענט פֿון טהרה — „מקווה״; אַ געטראַנק וואָס לייטערט, לויט אָט דער חסידישער מסורה, דעם מוח פֿונעם מענטשן פֿאַרן לערנען אָדער דאַווענען און דערוואַרעמט אויך דאָס האַרץ צו עבודת הבורא. און אַז איך דערמאָן פּאַריסאָווער קאַווע, איז די כוונה דאָ בפירוש צו דער קאַווע וואָס מען האָט ביי אונדז אין שטעטל געטרונקען ביים ראש וראשון פֿון פּאַריסאָווער שטיבל — ביי ר׳ אפרים אָבפּייער, המכונה פּראַים בעקער.

ר׳ אפרים בעקער איז געווען פֿון די פּני העיר — אויך לויט זיין אויסערלעכן אויסזען. דאָס איז געווען אַ ייד מיט אַ זעלטענעם הדרת־פּנים. אַ הויך־וווּקסיקער,



ר׳ אפרים בעקער אין קרייז פון זיין משפחה
פון רעכטס: זיין פרוי, טאָכטער, אייניקל; עס שטייט — דער זון בצלאל

משכמו ומעלה, מיט אַ ברייטער און לאַנגער שוואַרצער באָרד געמישט מיט אַ סך זילבער־פעדים, און קלוגע אויגן פון אַ ייד אַ חכם. ער איז געווען פון די טיש־זיצערס אין פּאַריסאָווער „הויף״, אַ חסידות וואָס איז באַזונדערס געווען פאַר־וואָרצלט און פאַרשפּרייט אין קאָנגרעס־פּוילן. אין זיין בעקעריי פלעגט ער מיט זיינע אייגענע הענט באַקן חלות אויף שבת און יום־טוב און זיי אָפּשיקן צום רבינס טיש מיט זיינע איידעמס אָדער אַליין זיי אָפּגעפירט צום רבין — ווינטער קיין וואַרשע, זומער קיין אָטוואָצק, ווו דער רבי האָט געפירט זיין „הויף״. וועגן דער באַזונדערער מקורבדיקייט פון ר׳ אפרים צום פּאַריסאָווער רבין האָבן יידן דערציילט פאַרשידענע מעשיות. בכל אופן האָט זיך די נאָענטקייט פאַרשטאַרקט נאָך דעם ווי דעם רבין, ר׳ יהושע אשר ראַבינאָוויטש אַליין איז אויסגעקומען צו פאַרברענגען ביי אים אין הויז אַ שיינע פּאָר טעג. דאָס איז געווען אין איינעם אַ שווערן ווינטער. דער רבי איז אַרויסגעפאָרן פון וואַרשע אויף אַ חתונה פון זיינס אַ שוועסטער־זון קיין קאַלושין. אויפן וועג איז אויסגעבראָכן אַ שניי־שטורעם און ער האָט פאַרשיט אַלע וועגן. נישט געווען דעריבער קיין אַנדער ברירה ווי צו פאַרבלייבן אינמיטן וועג, אין מינסק, און איינשטיין אַ גאַנצע וואָך אין דער בריווחדיקער דירה פון זיין חסיד, ביי ר׳ אפרים בעקער. די אָ זכיה איז ר׳ אפרימען בייגעשטאַנען אַלע יאָרן...

און נישט בלויז ר׳ אפרים אַליין — דאָס גאַנצע הויזגעזינט זיינס האָט געשמט מיט אַ זייער שיינעם אויסזען, אַ שיינקייט פון אַ גרויסן משפחה־בוים וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ סך פּירות, און טאַקע פון אַלע מינים. קודם־כל האָט די משפחה זיינע זיך אויסגעצייכנט מיט די געראָטענע טעכטער, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אין שטאָט די שענסטע איידעמס, חסידישע יונגעלייט, נגידים. בלויז די עלטסטע טאָכטער — טאָבע איז פריצייטיק אַוועק פון דער וועלט און איבערגעלאָזט אַ שטוב מיט קינדער. דער איידעם, יחיאל טאָפּילאָווסקי, איז געווען אַ יונגערמאַן אַ גרויסער למדן און יפה־תואר. אויך די צווייטע טאָכטער — רויזעלע — האָט אַריינגעבראַכט אַן איידעם פון דער פרעמד, מאָטל שיפּמאַן פון פּראַגע, וואָס איז גיך געוואָרן אַ נגיד פון זיין שניט־קראָם. די באַזונדערס קלוגע און שיינע דבורה, וואָס איז אינגאַנצן געראָטן געווען אין טאַטן, האָט חתונה געהאַט מיטן בכור פון דער צעצווייגטער און בכבודיקער משפחה תבואה־סוחרים, מיטן פייערדיקן מעל־סוחר מאָטל זיסערמאַן. די יינגסטע טאָכטער — איטקע — האָט ר׳ אפרים איבערגעלאָזט ביי זיך צו פירן דאָס געשעפט און פאַר איר אַראָפּגע־בראַכט אַ זיידענעם יונגנמאַן — אברהם־הערש ווישניא פון סטאָצק. די אַלע טעכטער מיט זייערע קינדער האָט ר׳ אפרים געהאַט אַרום זיך, אין שטאָט גופא, בלויז איינע פון זיי — רויזעלע — האָט זיך לסוף אַרויסגעצויגן קיין וואַרשע, און אויך דער זון — יששכר־בער איז אַוועק פון דער היים, קיין ארץ־ישראל אַלס חלוץ, און אויך דער יינגערער בצלאל האָט זיך געגרייט פאָרן קיי׳ן ארץ־ישראל.

צוויי „אָפענע" שטובן זענען געווען אין שטאָט — איינע אויף דער זייט און איינע אויף יענער זייט פונעם טייכל, וואָס האָט דאָס שטעטל געטיילט אין צווייען. אויף אונדזער זייט, אין רבינס געסל, איז דאָס געווען די שטוב פון ר׳ שאיע פּשיסטאַווצער און אין דער נייער שטאָט ביי ר׳ אפרים בעקער — ביידע דאָזערס אין דער גמינע. איין אונטערשייד בלויז געווען: ביי ר׳ שאיען האָט מען געטרונקען טיי מיט געהאַקטן קאָסטקע־צוקער און גערעדט „פּאָליטיק", ביי ר׳ אפרים האָט מען געטרונקען קאַווע און געזאָגט „תורה". אַ גאַנץ יאָר אַזוי, באַ־זונדערס שבועות, און בפרט ביי תיקון ליל שבועות, ווען חסידים האָבן זיך געזעצט לערנען אַ גאַנצע נאַכט. אָן אַ טעפּל קאַווע — טאַקע אמתע פּאַריסאַווער קאַווע — איז נישט געמאָלט געווען צו זעצן זיך לערנען אָדער זיך שטעלן דאַווענען. דער סוד פון אָט דער קאַווע האָבן געוווּסט בלויז זיי אַליין, די פּאַריי־סאָווער...

און נישט בלויז דאָס טרינקען, אויך דאָס צוגרייטן און פאַרבריען די קאַווע איז געווען אַ גאַנצע „עבודה". שבועות ביינאַכט פלעגט ר׳ אפרים אַליין זיך שטעלן ביים ערדענעם טאָפּ זידנדיק וואַסער וואָס מען האָט אַריינגעבראַכט פון דעם קעסל אין דער בעקעריי, אַ קעסל וואָס האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו קאָכן און זידן — און אַליין „פאַרשיטן" די קאַווע איבערן קאָכעדיקן וואַסער. נישט צופיל און נישט צו ווייניק, נאָר אין דער מאָס: אַ לויט קאַווע אויף יעדן טעפּל. דערנאָך האָט ער ד׳עם טאָפּ איבערגעדעקט, מיט אַ ריין ווייס פּאַפּיר, און צוגעדריקט מיט אַ שווערן שטאַרץ כדי צו לאָזן דאָס וואַסער זיך „אָנציען" ווי עס באַדאַרף צו זיין ביזן אַרויפקומען פון אַ ברוינער געדיכטער שוים. ערשט

דאָן האָט מען די קאַווע געשעפּט אין טעפּלעך אַריין און געטרונקען, און נישט סתם געטרונקען, נאָר מיט גרויס כוונה...

דערביי האָט דער ריח פון דער פריש־פאַרבריטער קאַווע זיך צוטראָגן ווייט איבערן הויז, און ווייט איבערן פאַריסאָווער „שטיבל", וווהין מען האָט געטראָגן די קאַווע פאַר די לערנערס. די אָ פאַריסאָווער קאַווע האָט צוגעגעבן אַ באַזונדערן אַראָמאַט צום שבועות מיט זיינע שמעקעדיקע גרינע ריחות, וואָס האָבן זיך געטראָגן דורך צעפּראַלטע טיר און פענצטער...



אין איינעם אַ שבועות, אין די ערשטע יאָרן פון אָנקומען אין לאַנד אַריין, האָב איך פאַרבראַכט אין בת־ים. אינדערפרי בין איך אַוועק אויף אַ שפּאַציר איבער נייע שיכונים, שטילע געסלעך. פּלוצים בין איך שטיין געבליבן אויפן אָרט. איך האָב מיטאַמאָל דערשפּירט אַ ריח פון שאַרפער, נאָר וואָס פאַרבריטער קאַווע.

„דאָס איז פאַריסאָווער קאַווע, לאָמיר זיך ווענדן!" — האָב איך זיך אָנגערופן צו מיין באַגלייטער.

מיר האָבן אַ קוק געטאָן. אויף אַ „מרפסת" ביי אַ טישל איז געשטאַנען אַ יונגערמאַן אין אַ קאַפּל מיט אַ פאַרקעמט קליין בערדל און געפּאַרעט זיך ביי געשיר. „זענט איר נישט אַמאָל קיין פאַריסאָווער חסיד?" — האָב איך געפרעגט.

דער ייד האָט אונדז קודם כל אָפּגעגעבן שלום עליכם און דערנאָך זיך אַראָפּגערעדט פון האַרץ: „געווען אַמאָל. פון דער היים בין איך טאַקע אַ פאַרי־סאָווער חסיד, אָבער היינט בעוונותינו הרבים — נישטאָ קיין רבי, נישטאָ קיין חסידים... די איינציקע זאַך, זעט איר, וואָס דערמאָנט מיך אין יענע יאָרן, איז בלויז די קאַווע, אַ טעפּל פאַריסאָווער קאַווע, וואָס איך פאַרגין זיך נאָר איינמאָל אין אַ יום־טוב..."

דער ייד האָט אונדז פאַרבעטן צום טישל און טאַקע גלייך פאַרבריט נאָך צוויי טעפּלעך קאַווע, נאָכדעם ווי ער האָט געהערט אַז לויטן ריח פון דער קאַווע בין איך דאָס געקומען אים צו פרעגן צי ער איז נישט אַמאָל אַ פאַריסאָווער חסיד. באַלד האָב איך אים דערציילט וועגן פאַריסאָווער חסידים אין אונדזער שטעטל, וועגן ר' אפרים בעקער און זיין אייניקל יאַנקל שיפּמאַן, מיין חבר, וואָס האָט מיך דאָס געפּירט צו זיין זיידן טרינקען אַן אמת טעפּל פאַריסאָווער קאַווע און פון דעמאָלט אָן טאַקע קען איך נישט פאַרגעסן יענעם טעם און ריח... אַרויס־געוויזן האָט זיך אין המשך פון שמועס, אַז דער ייד האָט געקענט אַ סך פאַרי־סאָווער חסידים פון מיין שטאָט, מחמת די אָפּטע באַזוכן ביים רבין, און באַ־זונדערס טאַקע ר' אפרים בעקער אַליין, וואָרעם מיט אַ ברודער פון ר' אפרימס יינגסטן איידעם, אברהם הערש ווישניאַ, האָט ער דאָך איבערגעלעבט די מלחמה אין אַ סאָוויעטישן לאַגער און צוזאַמען געקומען אין לאַנד אַריין.

**אויף דאַטשע...**

באַלד ווי די שטאָט האָט זיך צעבליט מיט אירע שמעקנדיקע אַקאַציעס און בעז־ביימלעך, האָט זיך געשטעלט דער סעזאָן פון „לעטניקעס", יידן, וואָס האָבן געזוכט אַן אָפּרו־אָרט אויף די הייסע זומער־חדשים, בעיקר פון גרויסן יידישן וואַרשע.

אויף דרום, ביים שטיינערדיק־ברוקירטן וועג, וואָס האָט געפירט צום שכ־נותדיקן יידישן שטעטל שעניצע, האָבן זיך קילאָמעטער־לאַנג געצויגן אַלטע, שמעקנדיקע סאָסנע־וועלדלעך. צווישן זיי, ווי באַהאַלטן און איינגעהילט, זענען געלעגן קליינע דערפלעך, שמאָלע טייכלעך און פעטע, גרין־זאַפטיקע לאָנקעס. אין צוויי פון אָט די דערפלעך, די וואָס זענען געלעגן נאָענט צו דער שטאָט, האָבן יידן יאָרן־לאַנג אויסגעקליבן פאַר זייערע סטאַבילע דאַטשע־ערטער. אין די זומערדיקע חדשים זענען אָט די דערפער פאַרוואַנדלט געוואָרן ממש אין פולקאָמע יידישע שטעטלעך. די צוויי יידישע דאַטשעס ביי אונדז זענען געווען: יאַרזשאָמבעק, וואָס איז געלעגן נישט מער ווי איין קילאָמעטער פון שטאָט און מאַריאַנקע, אינגאַנצן דריי קילאָמעטער פון שטאָט.

טאָקע דאָ, אין מאַריאַנקע, האָב איך פאַרבראַכט די שענסטע זומערן אין מיין קינדהייט און ווי מאָדנע — דאָ אינעם דאָזיקן קליינעם דאָרף האָב איך געשלאָסן מיינע ערשטע קאָנטשאַפטן מיטן גרויססטאָטישן יידישן וואַרשע. וואָרעם מאַר־יאַנקע איז געווען אַ שם־דבר, ווייט מחוץ אונדזער שטאָט און סביבה. אַ סך וואַרשעווער יידן פלעגן דאָ פאַרברענגען זומער־צייט, באַזונדערס אַזעלכע יידן פאַר וועלכע די אָטוואָצקער ליניע (מיט פאַלעניץ, מיכאַלין און מיעדזעשין) — דאָס וויכטיקסטע און נאָענטסטע יידישע דאַטשע־אָרט ביי וואַרשע — איז געווען צו טייער אָדער צו טומלדיק. אין מאַריאַנקע איז געווען אַ סך ביליקער, שטילער, רואיקער... אַזוי ביזן טרויעריקן זומער 1939. ביזן לעצטן זומער ערב דעם מלח־מה־אויסברוך, ווען דער סם פון יידן־האַס האָט פאַרכאַפּט אויך דאָס דאָזיקע דאָרף, וואָס איז באַשטאַנען פון דייטשע קאָלאָניסטן (ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויס־געוויזן, איז דאָרט אפילו טעטיק געווען אַ פּראָ־נאַציִשע אונטערערד און שפּיאָ־נאַזש־צענטער; ווען די דייטשן זענען אַריין, זענען די „פאָלקסדייטשן" אַריבער־געפירט געוואָרן אין „רייך" אַריין, און די יינגע זענען מאָביליזירט געוואָרן אין ס. ס.).

— פלטיאל איז שוין אַרויסגעפאָרן. מען מעג שוין אויך פּאַקן די זאַכן... — האָט דער טאַטע אָנגעזאָגט די בשורה און דערציילט, אַז יעדן טאָג קומען נייע מענטשן פון וואַרשע און די דאָראָזשקעס ביי דער באַן זענען פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג מיט פירן די „לעטניקעס" קיין מאַריאַנקע. פלטיאל פורמאַנסקי איז געווען אַ ייד, וואָס האָט כמעט אַ גאַנץ יאָר געלעבט דערפון, וואָס אין די זומער־חדשים האָט ער געהאַט אַ שפּייז־געוועלב אין מאַריאַנקע, נישט דאָס איינציקע, אָבער מיט אַ גוטן שם. ער פלעגט עפענען דער ערשטער און שליסן די קראָם ערשט ווען דער לעצטער „לעטניק" האָט פאַרלאָזט דאָס אָרט. אַזוי יאָרן נאָכאַנאַנד. וועגן זיין זאָרג פאַר די לעטניקעס זענען אַרומגעגאַנגען „לעגענדעס". ער, זיין ווייב רחלע און די אונטערוואַקסנדיקע קינדער, אַלע האָבן זיי זיך געמיט און

געזאָרגט, עס זאָל חלילה קיינעם גאָרנישט נישט אויספעלן. די דייטשע פויערים האָבן אים דערפאַר געשעצט, געוווּסט, אַז זיין מי האָט אַ גרויסן חלק אין קומען פון די געסט אין זייער דאָרף אַריין און אין זייער רייכן פדיון פאַר זייערע פּראָ־דוקטן, וואָס זיי דאַרפן אין די זומער־חדשים נישט פירן אין שטאָט אַריין. דעם טאַטנס זאָג האָט געהייסן, אַז מען דאַרף זיך שוין פּאַקן און גרייטן צו דער נסיעה אינעם דאָרף אַריין. זונטיק אינדערפרי איז טאַקע פאַרפאָרן פאַר אונדזער הויז דער טאַטע־לייזער, וואָס האָט געוווינט אַנטקעגנאיבער אונדז אין אַנטאָניס הויף, און פאַרלאָדן אונדזערע זאַכן אויף זיין הויכן וואָגן: בעטגעוואַנט, געשיר, די מאַמע מיט די קינדער, און — היידא אין דאָרף אַריין!

דער וועג האָט געפירט איבער די „זאַגייניקעס״, יונגע וועלדלעך און גרינע לאָנקעס מיט זיך פּאַשענדיקע קי — אַזוי ביז מיר זענען אָנגעקומען צו אונדזער דירה, וואָס דער טאַטע פלעגט געוויינלעך דינגען נאָך פאַר שבועות, על פּי רוב טאַקע ביי איינעם פון די שענסטע „גאָספּאָדאַזשעס״,ביים אַלטן בלייך, אַ דייטש וואָס האָט גערעדט אַ שלעכטן פּויליש און עס איז אים פיל גרינגער אָנגעקומען זיך צוזאַמענצורעדן אויף פּראָסט יידיש...

אַנטקעגנאיבער אונדז, אַ ביסל ווייטער פון דער הויפּט־„גאַס״, טיף אין אַ וועלדל, זענען שוין געווען איטשע שוחטס קינדער — דריי בנים און אַ טאָכ־טער אַ בת־יחידה. אַ פריילעכע חברה, צעזונגען און צעשפּילט אויף פידל און מאַנדאָלינע. זיי זיצן ביז שפּעט ביינאַכט אויף אונדזער וועראַנדע מיט מיינע שוועס־טערס און חברטעס. ביינאַכט, ווען אַרום איז טויט־פינצטער און ביים שיין פון אַ נאַפט־לאָמפּ, האָט דער עלטסטער פון שוחטס בנים, ישראליק דער העברעאיש־לערער, ליב צו דערציילן מאָדנע מעשיות וועגן מתים און שדים. מיין באַשע שרעקט זיך, זי האָט מורא דערנאָך אַרויסצוגיין פון שטוב ביינאַכט. פון איינעם אַ „קאַוואַל״ לאַכט דערנאָך די גאַנצע שטאָט: אין איינעם אַ שבת צונאַכטס, נאָך הבדלה, אַלע זיצן אויף דער וועראַנדע, אין דרויסן גייט אַ גאָס רעגן באַגלייט מיט דונערן און בליצן. פּלוצים באַווייזט זיך אונטער אַ הויכן בוים אַ ווייס געשטאַלט, שאָקלט זיך מיטן ווינט, און עס הערט זיך דערביי אַ רוף: „מים זכים״... אַלע בלייבן אַ ווייל פאַרגאַפט, אָבער איידער מען כאַפּט זיך אויף דעם שפּיצל פון דעם שוחטס בנים, פאַלט שוין מיין שוועסטער אַוועק אין חלשות, געווען זיכער, אַז אַ מת איז געקומען קיין מאַריאַנקע...

די ערשטע טעג גייען גיך אַדורך און מיר וואַרטן שוין מיט אומגעדולד אויף שבת. אויף שבת קומט דער טאַטע פון שטאָט, צוזאַמען מיט אַלע מענער, וואָס האָבן דאָ זייערע משפּחות. צום דאַווענען גייט מען דעמאָלט אין צווייטן עק דאָרף. דאָרט וווינט ר׳ אייזיק־בער עקערמאַנס משפּחה. אייזיק־בער איז דער באַקאַנטער אגודה־פירער, איינער פון די הויפּט־פּובליציסטן פון אגודהשן „דאָס יידישע טאָגבלאַט״. אַ הויכער, אַ ייד אַ הדרת פּנים, אַ פּרעכטיק שיינע פיין־געקעמטע זילבערנע באָרד. ער איז אַ מינסקער איידעם. ער האָט געוווינט ביי אונדז אין שטאָט ביז עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. דעמאָלט איז ער, ווי אַ סך אַנדערע, אַוועק קיין וואַרשע און דאָרט אָנגעהויבן זיין געזעל־שאַפטלעכע טעטיקייט.

פאַרנאַכט צו שלוש סעודות קומט אַ האַלב שטעטל קיין מאַריאַנקע, באַזוכן קרובים און באַקאַנטע אָדער די יוגנטלעכע אינעם השומר־הדתי־לאַגער. דער רב זאָרגט באַצייטנס פאַר אַן ערוב. אויפן וועג צום דאָרף טרעט מען אויך אָפּ ביי די יידישע סאַדאָווניקעס, און מען דערכאַפּט זיך דאָס האַרץ מיט אַ טרונק קאַלט וואַסער אָדער פרישע פּרי. חברים דערציילן מיר וועגן די פּירות, וואָס זיי האָבן געגעסן אויפן וועג צו מיר, ביי אברהם־יצחקן אין סאָד. ר׳ אברהם־יצחק גאָלדפאַרב אַ הויכער פעסט־געבויטער ייד מיט אַ לאַנגער האַלב רויטער באָרד, איז אייגנטלעך אַ מלמד. זומער ווערט אים אָבער ענג די ווענט פון דער תלמוד־תורה און ער לאָזט זיך אַוועק אין די סעדער, וואָס ער דינגט מיט עטלעכע שות־פים, נישט געקוקט אויף דער תרעומת פון די באַלעבאַטים, וואָס טענהן, אַז ער מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַשליסן וואָס ער וויל זיין — אַ סאַדאָווניק, אָדער אַ מלמד... דערפאַר, אַז זיינע תלמידים פאַרבלאָנדזשען שבת אין זיין סאָד, לאָזט ער זיי נישט אַוועק ליידיק. ער זשאַלעוועט זיי נישט קיין פּירות, געניי ווי ער שפּאָרט נישט קיין שמיץ מיטן קאַנטשיק ביים אַריינקנעלן מיט זיי אַ פּרשה חומש...

יאָ, נישט בלויז אונדזער שטאָט און אירע מענטשן — אין מאַריאַנקע האָב איך באַקענט אויך אַ שטיק יידיש וואַרשע: סתם־יידן, סוחרים, פאַבריקאַנטן, בעל־מלאכות, אָבער אויך פּען־מענטשן, צו וועלכע איך האָב שוין דעמאָלט אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַ ספּעציעלע פאַראינטערעסירונג. אַהער פלעגן כמעט יעדן זומער אין די ערשטע דרייסיקער יאָרן, קומען אויף דאַטשע די שרייבער אלכסנדר פאַרבאַ און יעקב פּרעגער, ליפּאַ קעסטין און מ. קרימסקי פון „מאָמענט״, משה בערנהאָלץ־סעלים פון „היינט״ און יבדל לחיים ארוכים — ב. קוטשער פון „היינט״.

אַזוי ביז זומער 1939 — דעמאָלט איז מאַריאַנקע געוואָרן אויס דאַטשע־אָרט פאַר יידן!

די ירידה האָט זיך אייגנטלעך אָנגעהויבן נאָך פריער, אין זומער 1936, ווען עס איז פאָרגעקומען דער פּאָגראָם. שוין זינט דעמאָלט האָבן וואַרשעווער יידן אַלץ ווייניקער אָנגעהויבן קומען אַהער. דער אַנטי־יידישער באָיקאָט נאָכן דאָזיקן פּאָגראָם האָט אויך געהאַט אַ שלעכטע השפּעה אויף דעם טאַטנס פּרנסה, און אויך מיר האָבן אויפגעהערט דעם טראַדיציאָנעלן אַרויספאָר אויף „פרישער לופט״. זומער 1939 איז אויך קלאָר געוואָרן, אַז די שטילע פּלייסיקע דייטשן פון מאַר־יאַנקע זענען גאָר נישט אַזעלכע פרידלעכע לעמעלעך, אַז זיי האַלטן אָן אַ קאָנ־טאַקט מיט די נאַצישע אַגענטן, מיט וועלכע פּוילן האָט דעמאָלט געשווינדלט, און אַז מען האָט אין דאָזיקן דאָרף אַפילו געפונען אַ געהיימען פאַרבינדונגס־אַפּאַראַט מיט דייטשלאַנד...



אין די טרויעריקע ערשטע סעפּטעמבער־טעג 1939, באַלד ווי עס איז אויס־געבראָכן די מלחמה קעגן פּוילן, איז מיר אויך אויסגעקומען צו זען צום לעצטן מאָל אַ סך דאַטשע־געסט פון מאַריאַנקע, וואָס זענען דאָסמאָל, נאַטירלעך, נישט

געקומען אויף דאָסשע נאָר זענען דורכגעפאָרן מינסק־מאַזאָוויעצק, דאָ געהאַט זייער ערשטע אָפּרו־סטאַציע אינעם גרויסן אַנטלויף פון דער ברענענדיקער וואַר־שע. דאָ האָב איך געזען ליפּאַ קעסטין איידער ער איז אַ טאָג שפּעטער געפאַלן פון אַ באָמבע אויפן וועג קיין גאַרוואָלין. דאָ האָבן מיר געזאָרגט פאַר אַ נאַכט־געלעגער, כדי אויסצורוען זיך צום ווייטערדיקן וואַנדער־וועג פאַר אַלטער קאַ־ציזנע, שמואל לעהמאַן און נאָך פיל־פיל אַנדערע. מיט מ. קרימסקי בין איך געווען אין איין שוץ־קעלער בעת דער דייטשער אַרטילעריע־באַשיסונג פון אונדזער שטאָט, אַ נאַכט איידער די שטאָט איז דורך זיי פאַרנומען געוואָרן. נאָך די יום־טובים, באַלד ווי וואַרשע איז געפאַלן, איז קרימסקי צוריקגעפאָרן מיט זיינע פריינט קיין וואַרשע. מיט ר׳ אייזיק־בער עקערמאַן, וואָס איז אין וואַרשעווער געטאָ געווען אַן אָנפירנדיקער מיטגליד פון „יודענראַט״, האָבן אונדזערע שטאָט־עסקנים געהאַט אַ קאָנטאַקט ממש ביזן אומקום פון אונדזער שטאָט אין אויגוסט 1942. פון אים האָבן זיי ערשט אין די ערשטע אויגוסט־טעג געהערט, אַז די יידן, וואָס מען פירט אַרויס פון וואַרשע, ווערן נישט „איבערגעזידלט״ אויף מזרח, נאָר אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע, אויף טויט. אין סאַמע ברען פון דער ערשטער מאַסן־אויסזידלונג אינעם וואַרשעווער געטאָ, האָט עקערמאַן אויך אַרויסגעשיקט זיין פרוי און קינדער קיין מינסק. ער האָט געהאַלטן, אַז אין די קלענערע געטאָס זענען די אויסזיכטן בעסערע. עטלעכע טעג נאָך דעם ווי זיין ווייב און קלענערע קינדער זענען אָנגעקומען צו אונדז, זענען זיי אַוועק אין די טויט־וואַגאָנען צוזאַמען מיט דער גאַנצער עדה מינסק־מאַזאָוויעצקער יידן. אַ ידיעה וועגן דעם האָט מען נאָך באַוויזן איבערצושיקן צו אים קיין וואַרשע פונעם „קאָפּערניק״. אינעם זעלבן חודש איז, ווי עס איז באַקאַנט, אויך אומגעקומען אייזיק־בער עקערמאַן אינעם וואַרשעווער געטאָ.

### זכר לחורבן...

אונדזער הויז אינעם שטעטל — דאָס הויז אין וועלכן איך בין געבוירן און דאָרט געלעבט ביזן חורבן — איז געשטאַנען כמעט אין סאַמע מיטן פונעם „רבינס גאָס״, די גאַס וואָס גויים האָבן גערופן די „נאַדזשעטשנאַ״, דאָס הייסט די גאַס וואָס ביים ברעג פונעם טייכל וואָס האָט געטיילט די שטאָט אויף צוויי חלקים. יידן האָבן דאָס גערופן „דעם רבינס גאַס״ מחמת דעם חסידישן הויף וואָס האָט זיך דאָרט געפונען אַ שיינע פּאָר צענדליק יאָר — דער חסידישער הויף פון ר׳ יאַנקעלע פּערלאָוו, אַן אייניקל פון קוידענאָווער, וואָס איז אַהער אַראָפּגעקומען נאָך אין די ערשטע זיבעציקער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט און דאָ געגרינדעט אַ נייַ חסידות, אָנגערופן אויף דער שטאָט פערציק קילאָמעטער אויף מזרח פונעם גרויסן וואַרשע — נאָוואָמינסק.

אונדזער הויז האָט טאַקע זיין התחלה גענומען פון יענע בראשית־יאָרן פון רבינס הויף, איז געשטאַנען אויף דער זעלבער גאַס, אַ הויז־צוויי אַנטקעגנאיבער דעם רבינס חצר. געבויט דאָס הויז האָט דער זיידע מיינער, ר׳ אפרים משמש, וואָס איז געווען משמש בקודש אין הויף ביי ר׳ יאַנקעלע און אויך דערנאָך ביים זון, ר׳ אלתר־ישראל־שמעון.

דאָס איז געווען אַן איינפאַך הילצערן הויז געבויט אויף אַן אָנשיט און אַרויסגערוקט נענטער צו דער גאַס, אין היפך צו די צוויי הייזער פון אונדזערע צוויי גוישע שכנים, וואָס זענען געבויט געוואָרן אַ סך שפּעטער, טיפער אין די הייף, אַרומגערינגלט מיט גאָרטנס און סעדער. דער אַריינגאַנג האָט געפירט גלייך פונעם ברוק. דאָס איז געווען אַן איין־שטאָקיקער בנין מיט אַ קנאַפּע צענדליק צימערלעך, מיט אַ טיפן קעלער און מיט אַ שפּיציקן בוידעם צו וועלכן מען האָט זיך אַריינבאַקומען דורך אַ הויכן לייטער פון דער ווערענדע און פאָדער־הויז אויפן הויף. דער זיידע האָט זיך געגויטיקט אין אַזאַ געררוים הויז נישט פאַר זיין משפּחה אַליין, וואָס איז באַשטאַנען פון נישט מער ווי פינף נפשות, שוין אַריינגערעכנט די איינציקע טאָכטער מאַשע און די צוויי זין משה חיים און ברוך, וואָס די באָבע חיה־רבקה האָט אים געבוירן. דער זיידע האָט דאָ אויך געהאַט אַן אכסניה פאַר חשובע חסידים, וואָס פלעגן קומען פון וואַרשע און פון אַנדערע שטעט אין גאַנץ פּוילן צום רבין אויף די יום־טובים און סתם אויף אַ שבת. אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר זענען דאָ אויך „איינגעשטאַנען" תלמידים פון דער גרויסער ישיבה וואָס דער רבי האָט מייסד געווען נאָך אין יאָר 1896 און האָט אין משך פון איר אַכצן־יעריקער עקזיסטענץ אַרויסגעגעבן טויזנטער לומדים און רבנים פאַר גאַנץ פּוילן, די ישיבה פאַר וועלכער דער באַקאַנטער וואַרשעווער גביר ר׳ שלמה פּאָלמאַן האָט אויסגעבויט אַ ספּעציעלע ציגל־געביידע וואָס האָט געהאַט אַ שם מיט איר פּראַכט אין דער גאַנצער געגנט.

זעקס יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער ישיבה — פון די דעמאָלט באַרימטסטע חסידישע ישיבות אין פּוילן — איז דער אַלטער רבי ר׳ יענקעלע נסתלק געוואָרן. זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען דער עלטסטער זון זיינער, וואָס איז פריער געווען דער ראש פון דער ישיבה, ר׳ אלתר ישראל שמעון האָט ממשיך געווען צו פירן דעם הויף ביי אונדז אין שטאָט צוזאַמען מיט דער ישיבה ביזן טרויעריקן תשעה־באב שנת תרע״ד, ווען עס איז אויסגעבראָכן דער ערשטער וועלט־קריג. מיטן דערנענטערן זיך פון פראָנט קיין וואַרשע האָבן די צאַרישע מיליטער־אָרגאַנען גוזר־געווען אַ גירוש, יידן זאָלן פאַרלאָזן די שטעטלעך נאָענט פונעם פראָנט. דער רוב פון די פאַרטריבענע האָבן געזוכט אַנטרינונג אינעם גרויסן וואַרשע. מיט זיי איז אויך אַוועק קיין וואַרשע דער רבי, און שוין דאָרט אויך פאַרבליבן נאָכן אַריינקום פון דייטש און נאָך דער מלחמה. דעם זיידן מיינעם איז שווער געווען דאָס עוקר־זיין קיין וואַרשע. פון עגמת־נפש איז ער קראַנק געוואָרן, און איז ביים סוף פון דער מלחמה פּריצייטיק געשטאָרבן. דאָס גרוימע הויז זיינס איז געוואָרן ליידיק, פאַרלאָזט. אָן חסידים, אָן ישיבה־בחורים. די באָבע האָט בכן דעם זיידנס נחלה צעטיילט צווישן אירע דריי אויסגעגעבענע קינדער, וואָס האָבן אינצווישן שוין איר מזכה־געווען מיט אייניקלעך.

אויך מיין פאָטער וואָס איז צוליב דער מלחמה געוואָרן אַ נשרף אין וואָלאָדאַווע ביים בוג — האָט נאָכן אַנטרינען צוריק אין זיין היימשטאָט מיט ווייב און קינד באַקומען זיין טייל ירושה אין זיידנס הויז, אין וועלכן ער האָט געלעבט ביזן חורבן מיט זיין משפּחה. אויף דעם חלק פון מיין טאַטן איז אויסגעפאַלן דער פאָדערשטער טייל וואָס איז אַרויס צו דער גאַס, די אַמאָליקע גרויסע „סאַליע",

וואָס איז שפּעטער געטיילט געוואָרן אין צוויי באַזונדערע חדרים צוזאַמען מיט דער גרויסער קיך וואָס האָט אַמאָל באַדינט די געסט פון דער אכסניה. די טיר וואָס האָט געפירט פון דער „סאַליע" צו די אַנדערע צימערלעך פונעם הויז איז פאַרמויערט געוואָרן. ווי דער מנהג ביי יידן האָט מען אין דער פאַרמויערטער טיר איבערגעלאָזט אָפן אַ קיילעכדיק לעכל — אַ זכר לחורבן בית המקדש...

אין די לאַנגע ווינטער־נעכט אָדער אין די זומערדיקע שבתדיקע נאָכמיטאָגס ווען די באָבע, וואָס איז געבליבן וואָרינען מיט אונדז, פלעגט אונדז, אירע אייניקלעך, טיילן שבת־אויבס פלעגט זי אונדז דערביי אויך פיל דערציילן וועגן דעם אַמאָליקן רום פון דאָזיקן הויז אין וועלכן מיר וואוינען, וועגן די מענטשן וואָס פלעגן דאָ „איינשטיין", וועג יענע יאָרן ווען "וועלט איז געווען וועלט". ווען דעם רבינס הויף פלעגט צוציען טויזנטער חסידים פון אַלע עקן לאַנד אויף יעדן יום־טוב און שבת, און דער עיקר — וועגן דעם זיידן און זיינע פּירונגען; ווי אַזוי דער רבי פלעגט אים שעצן און וויאַזוי דער זיידע פלעגט „פאַרהערן" דעם רבין ר' אלתר ישראל שמעון משניות פון אויסנווייניק; ווי ער פלעגט האַלטן דאָס ספר און דער רבי פלעגט זאָגן משנה נאָך משנה פון אויסנווייניק, אַזוי אַ פּאָר שעה יעדן טאָג...

אין מיינע אויגן האָט נישט איינמאָל אויסגעזען, אַז די פאַרבליבענע עפענונג אין דער פאַרמויערטער טיר, וואָס איז לויטן אַלטן יידישן מנהג איבערגעלאָזט געוואָרן לזכר דעם חורבן בית המקדש אין וייטן אַמאָל, איז אויך אַ זכר לחורבן פון גאָר נאָענטן עבר, עטלעכע יאָר אינגאַנצן פאַר מיין געבוירן ווערן; אַ זכר נאָך דעם חורבן פון זיידנס הויז מחמת דער וועלט־מלחמה וואָס האָט גורם געווען דעם רבינס הויף זאָל עוקר־זיין קיין וואַרשע, דאָס וואָס האָט מקצר־ימים געווען דאָס לעבן פונעם זיידן און איבערגעלאָזט אין אייביקן טרויער זיין אלמנה, מיין באָבע...

דאָס איז מיר קלאָר געוואָרן, פאַרשטייט זיך, ווען איך בין שוין געווען אַביסל דערוואקסן. אַלס קליין יינגל אָבער האָב איך די עפענונג אין דער פאַר־מויערטער וואַנט אויסגענוצט פאַר מיינע קינדערשע שפּילערייען, כדי דורך דעם אָפענעם לאָך צו רעדן „טעלעפאָניש" מיט די קינדער פון מיין קוזינקע ברײַנדל, אין דער צווייטער דירה, אויף יענער זייט פאַרמויערטער טיר, קינדער אין מיין עלטער. אַזוי האָבן אויך שפּעטער, ווען איך בין שוין געוואָרן דערוואקסן, געטאָן מיינע צוויי יינגערע שוועסטערלעך אין אונדזער שטוב, ביז, ביז — — —

ס'איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, די מלחמה פון אויסראָטונג פון די יידישע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן. אין דער פאַרמויערטער טיר מיטן לאָך זכר לחורבן, איז צוגעקומען אַ פרישער צייכן — אַ ברייט אויפגעריסן לאָך פון אַ שראַפּנעל, פון דעם שראַפּנעל וואָס איז אַריין דורכן פענצטער פון אונדזער הויז בעת דער איינציקער אַרטילעריע־באַשיסונג פון דער שטאָט איידער די דייטשן האָבן זי פאַרנומען. אין דער נאַכט אויף ערב ראש השנה שנת ת"ש. דעם דאָזיקן היבש נישט־עסטעטישן און ברייטן אויפגעריסענעם לאָך האָט מען, כ'ווייס נישט פאַרוואָס, נישט פאַרמויערט. אפשר איז דער קאָפּ נישט געווען דערביי אין די טעג פון כסדרדיקע גזירות, רדיפות און פּיין פון דער נאַצי־אָקו־

פּאַציע און געטאָ, און אפשר מחמת דעם וואָס מען האָט געוואָלט אין יענע שווערע טעג האָבן אַ שטיקל פֿאַרבינדונג מיט משפּחה־שכנים אויף יענער זייט וואַנט...

ביים סוף פון ערשטן ווינטער מיטן דייטש, וואָס האָט זיך ווי להכעיס געצויגן לענגער פון תמיד און זיינע שנייען און פרעסט האָבן אָנגעהאַלטן ביזן סאַמע פּסח, איז די באָבע אין טיפן עלטער פון איבער אַכציק יאָר געשטאָרבן. דאָס איז געווען דאָנערשטיק אויף דער נאַכט פון ז׳ ניסן. יענעם דאָנערשטיק ביינאַכט בין איך געשטאַנען ביי איר טויטן בעט. איידער זי האָט פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין, האָט זי עפּעס וואָס געמורמלט צו מיר און אַ מאַך געטאָן מיט דער שלאַפער האַנט אין דער ריכטונג פון דער פאַרמויערטער טיר אַנטקעגנאיבער איר געלעגער. אפשר האָט זי אין די לעצטע שעהען פון איר לעבן ווידער זיך דערמאַנט אין יענער צייט ווען די טיר איז געשטאַנען אָפן און דאָס גאַנצע הויז איז געווען איין דירה, וואָס האָט געשוויבלט מיט חסידים און געסט, אין יענע צייטן ווען — לויט איר זאָג — די וועלט איז נאָך געווען וועלט... ווער ווייסט — — —

## אויף קבר אבות

צוויי בית־חיימס זענען געווען ביי אונדז אין שטאָט. איןביידע עקן, איינער ווייט פונעם אַנדערן אין שטח און אין צייט.

דאָס אַלטע בית־החיים איז געווען אויף „יענער שטאָט”, אויף יענער זייט פונעם „זילבערנעם טייכל”, וואָס האָט דורכגעשניטן דעם מיטן פון דער שטאָט. און איז שוין געשטאַנען אַרומגעצוימט, פאַרמויערט און פאַרגעסן מיט זיינע אַלטע מצבות, וואָס זענען שוין געווען איינגעזונקען אין דער ערד, פאַרוואַקסן מיט גרינס און קראָפּיווע. בלויז דאָ און דאָרט האָט מען נאָך געקענט איבער־לייענען אַן אָפּגעריבענעם אויפשריפט איבער אַן אַלטן שטיין. זעלטן־זעלטן איז נאָך דאָ עמעצער געקומען אויף קבר־אָבות פון אַן אַלטן עלטער־זיידן. בלויז די זקנים אַליין האָבן נאָך געדענקט אָנצורופן פאַרגעסענע נעמען און פאַרגעסענע פּאַסירונגען מיט וועלכע די שטאָט האָט אַמאָל געקאָכט, ווי למשל די מעשה מיטן גר־צדק, וואָס איז דאָ געקומען צו קבר־ישראל און זיין גוויישע, אַנטוישטע געליבטע האָט זיך גענומען דאָס לעבן אויף זיין קבר; און נאָך מעשיות, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיטן דאָזיקן גוטן אָרט, אַ געדעכעניש פון יענע צייטן, ווען די יידישע קהילה האָט דאָ קוים אָנגעהויבן שפּראָצן...

דאָס צווייטע, נייע בית־הקברות, האָט זיך געפונען אינעם צווייטן עק שטאָט, ווייט פון די לעצט־פאַרבויטע הייזער אויף מזרח פונעם נייעם מאַרק־פּלאַץ. אַרום האָבן געבליט קאָרן־פעלדער פון די שכנותדיקע דערפער און פּריצישע הייף, און אין סאַמע מיטן אויפן „טאַרגוווקער” וועג, האָט זיך געפונען ס׳אַרומגעמויערטע „פעלד” ווו יידן האָבן קרוב אַ האַלבן יאָרהונדערט געבראַכט זייערע פאַרשטאָר־בענע צו אייביקער רו.

ביים „אויבנאָן” פון דעם בית־החיים האָט זיך געפונען דער „אוהל” פונעם צדיק. דאָ האָבן גערוט די ביינער פון ר׳ יאַנקעלע פון קוידאַנאָוו, וואָס האָט אויפ־געשטעלט דאָס נאָוואָמינסקער חסידות. אַהער האָבן אַלע יאָרן געשטראָמט יידן

אויף קבר־אבות, באַזונדערס אין חודש אלול, כדי מתפלל צו זיין ביים „אוהל״ פונעם צדיק, ער זאָל זיך מיען דאָרט אויבן... אַרום דעם „אוהל״, געמויערט פון ציגל און שטיין, האָבן זיך געפונען פיל קברים פון נאָך אַנדערע גוטע יידן, בני־תורה און אַנשי מידות, ווי דאָס האָבן עדות־געזאָגט די אויפשריפטן אויף די מצבות...

נאָך אַלס יינגל האָט מיך תמיד געצויגן צו דעם אָרט, קודם־כל צו דעם רבינס „אוהל״, וואָס איז תמיד פול געווען מיט „קוויטלעך״, בקשות פון יידן מיט אַ שווער האַרץ און געמיט. נאָענט ביים אַריינגאַנג צום „אוהל״, אַנגעשפּאַרט אין דער וואַנט, איז געשטאַנען די מצבה פון מיין זיידן, דער משמש ביים רבי׳ן. און אַביסל ווייטער — די קברים פון עלטער־זיידעס, פעטערס, ווייטע און נאָענטע קרובים — וועגן וועלכע איך פלעג בלויז הערן דערציילן אין שטוב און זיי נישט געקענט...

נישט ווייניקער ווי די הייליקע קברים האָבן אונדז — חברה יונגוואַרג — אַהער געצויגן דער באַגראַבער אַליין, ר׳ לייזער. ער האָט אונדז אמת אויך גע־שראָקן, ר׳ לייזער מיט דער ווייס־גרויער צעפּאַטלטער באָרד, פון וועלכער עס האָט אַרויסגעקוקט אַ פּנים פון פּאַרמעט, געקאַרבט און געל ווי ביי אַ מת. ער האָט געשראָקן, אָבער אויך גערייצט אונדזער דמיון... מיר האָבן געציטערט צו דערנענטערן זיך צופיל צו אים, אָבער געוואָלט מיט יינגלערישער נייגעריקייט הערן זיינע מעשיות, מעשיות, בעיקר וועגן טויטע מיט וועלכע ער האָט דאָ „געלעבט״ אַזוי פיל יאָרן... ר׳ לייזער האָט דאָ געוווינט אינעם איינציקן האַלץ־הייזל אויפן ליידיקן פעלד, אויף דער זייט טויער פונעם בית־הקברות, ממש אַ פּאָר טריט פונעם טהרה־שטיבל.

— ר׳ לייזער, האָט איר נישט קיין מורא פאַר די מתים? — פלעגן מיר אים נישט איינמאָל פרעגן, נישט צופיל דערנענטערנדיק זיך צו אים, און ער פלעגט ענטפערן מיט אַ זיכערקייט וואָס האָט מער נישט איבערגעלאָזט קיין שום ספק אַנווייזנדיק דערביי אויפן ברייטן „לייבצודעקל״, דעם טלית־קטן מיט די לאַנגע ציצית וואָס האָבן באַדעקט דעם גאַנצן ברייטן גוף זיינעם:

— אַז די ציצית זענען כשר, איז נישטאָ פאַר וואָס מורא צו האָבן פאַר מתים, ליבע קינדערלעך...

לייזער קברן האָט געהאַט אַ זון, גאָדל האָט מען אים גערופן. ער איז געוואָקסן הויך ווי דער טאַטע, אַ זעלטן שיינער בחור, אַ פריילעכער, אַ צעשפּילטער, אַ שטיפער, אַ גבר, וואָס האָט אַנגעוואָרפן אַ פחד אויף די שקאָצים, וואָס פלעגן נישט איינמאָל באַוואַרפן דאָס איינזאַמע הויז מיט שטיינער. ווי נאָר זיי פלעגן דערזען גאָדלען, זענען זיי אַנטלאָפן ווו דער פעפער וואַקסט...

בעתן פּאָגראָם אין 1936, ווען הונדערטער קראָמען זענען צערויבט און דעמאָלירט געוואָרן און צענדליקער הייזער האָבן געברענט, האָבן די כוליגאַנעס נישט געוואַגט צו טשעפּען דעם קברנס הויז, צוליב פחד פאַר גאָדלען. גאָדל אַליין האָט אָבער מער נישט געוואָלט בלייבן אין שטאָט. ער איז אַוועק אין דער וועלט אַריין, געענוי ווי אַ סך זיינע חברים האָבן דאָס געטאָן אין יענע טעג.

קורץ נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה איז ר׳ לייזער געוואָרן אַן אלמן. דאָס

הייזל ביים בית־הקברות האָט ער אָבער נישט פאַרלאָזט. ער איז געווען דער איינציקער ייד אין שטעטל, וואָס די דייטשן האָבן דערלויבט צו וווינען מחוץ דעם געטאָ. ר׳ לייזער איז דאָך געווען ווי אַ חלק פונעם בית־הקברות, נישט אָפּצוטיילן...



ח׳ אלול איז פאָרגעקומען די אַקציע. הונדערטער יידן זענען יענעם טאָג דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט, ביים וועלן אַנטלויפן און אויסבאַהאַלטן זיך צווישן קאָרן אויף די פעלדער און אין וואַלד. פויערישע פורלעך פונעם מאַגיסטראַט האָבן צומאָרגנס אַ גאַנצן טאָג געפירט קופעס מתים צום בית־עלמין. ר׳ לייזער האָט זיי געבראַכט צו קבורה אין די אויסגעגראָבענע ברידער־קברים, וואָס האָבן צעשניטן דאָס גאַנצע בית־הקברות, ביז —

די דייטשן האָבן אויך אים באַפוילן אַריין אין אַזאַ קבר, און אים פאַרשיט צוזאַמען מיט די אַנדערע דערשאָסענע...

אין איינעם אַ טאָג, געציילטע וואָכן נאָך דער שחיטה, האָט זיך אין „קאָפּער־ניק״־לאַגער באַוויזן, ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן, ר׳ לייזערס זון — גאָדל. מיר זענען געזעסן אינעם באַהעלטעניש אויפן בוידעם, און גאָדל האָט דערציילט:

ער קומט איצט פון אַ געפאַנגען־לאַגער פאַר פראַנצויזישע קריגסגעפאַנגענע ביי קעניגסבערג. אַהין האָט מען אים געבראַכט נאָכן אַריינפאַלן אין „פלען״ צוזאַמען מיט פראַנצויזישע זעלנער, וואָס האָבן געקעמפט ביים פאַרטיידיקן פאַריז, ווו גאָדל האָט געלעבט נאָכן אַוועק פון פוילן. ער איז אַנטלאָפן, כדי צו דערגיין ביז דער אונגאַרישער גרענעץ. דאָס איז די איינציקע מעגלעכקייט. לויט אים, אַרויסצובאַקומען זיך פון די דייטשן. אויפן וועג האָט ער באַשלאָסן אָפּטרעטן ביים אַלטן טאַטן. אָט לויפט ער שוין אַזוי אַ שיינע פאַר הונדערט קילאָמעטער פון פרייסן, איבער פעלדער און וועלדער, בלויז אין די נעכט, כדי אויסצומיידן די דייטשע וואַכן, וואָס זוכן אים מסתמא, דעם אַנטלאָפענעם קריגס־געפאַנגענעם. צוויי טעג און נעכט איז ער שוין אין שטאָט, ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן צווישן די מצבות אויפן בית־עלמין ביז אַ שייגעצל האָט אים דערציילט, אַז די שטאָט איז אויסגעליידיקט פון יידן, בלויז אינעם לאַגער קען ער טרעפן יידישע אַרבעטער.

— אויף קבר־אָבות בין איך געקומען... — האָט גאָדל געמורמלט ווי צו זיך, הערנדיק וואָס אין שטאָט האָט פּאַסירט און אַז אויך זיין טאַטע לעבט נישט מער. — אויף אַזוי פיל קברים, אַזאַ חורבן האָב איך זיך נישט געריכט דאָ צו טרעפן, האָט דער היכער צוואָקסענער בחור, דער גיבור, זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד...

פון זיין רעטונגס־פּלאַן איז גאָרנישט געוואָרן. גאָדל איז לסוף אומגעקומען צוזאַמען מיט די לעצטע יידן.

### ימים נוראים אין רבינס בית־מדרש

דריי גרויסע בתי־כנסת זענען געווען ביי אונדז אין שטעטל — חוץ די צוויי צענדליק חסידים־שטיבלעך און סתם מנינים פון כל המינים חברות.

אויף יענער זייט טייך, אויף דער „קאַליע״־גאַס, ביים סאַמע וועג וואָס האָט

געפירט צו דער באַן, איז געשטאַנען אַן איינגעהויקערט, נידעריק הילצערן הויז באַוואַקסן מיט מאָך — דאָס איז געווען דאָס „אַלטע בית־מדרש״, געבויט נאָך דורך די ערשטע יידן וואָס האָבן זיך דאָ באַזעצט, אין די גיטער פון אַמאָליקן פריצישן הויף פון דער משפחה דארניעלאָוויטש. דאָס איז געווען ביים אָנהייב פאַריקן יאָרהונדערט. נאָך דעם ווי די שטאָט האָט זיך אויסגעשפרייט אויך אויפן מזרחדיקן ברעג פונעם „זילבערנעם טייכל״ (אַ צופלוס צום שווידער, וואָס פאַלט אַריין אין ווייסל), איז געבויט געוואָרן נאָך אַ שול — דאָס „נייע בית־מדרש״; אויך אַ הילצערנער געבוי, וואָס איז געשטאַנען אויף דער גרענעץ צווישן דעם מאַרק און דעם „רבינס גאָס״. אויף דעם רבינס גאָס גופא איז אַ ביסל שפּעטער אויפגעבויט געוואָרן אַ ריזיקער דריי־שטאָקיקער בנין פון רויטע ציגל — דאָס איז געווען דעם „רבינס בת־מדרש״, די גרעסטע שול אין שטאָט, אַ בנין וואָס האָט מיט זיין אימפּאָזאַנטקייט און אייגנאַרטיקן אַרכיטעקטאָנישן געבוי געשמט אין דער גאַנצער געגנט. דאָס דאָזיקע בית־מדרש איז געבויט געוואָרן אויפן שטח פון רבינס הויף, דורך זיינעם אַ חסיד, ר׳ שלמה פאַלמאַן האָט ער געהייסן. אַ וואַרשעווער גביר און גרויסער נדבן, וואָס האָט פאַרן בוי פון דעם בית־מדרש, און באַזונדערס פאַר דער אינערלעכער אויסשטאַטונג זיינער, אַראָפּגעבערענגט די בעסטע יידישע בוי־מייסטערס און קינסטלער־פאַכלייט פון פוילן. דער אָרון קודש מיט די כרובים און באַלעמער אויף דער מזרח־וואַנט ווי אויך די אַרויסגעהויבענע בימה פאַר קריאת התורה אין מיטן, צו וועלכער עס האָבן פוןביידע זייטן גע־פירט שטיגן־טרעפּ, זענען געווען אויסגעשניצט פון פיינסטן האָלץ. באַזונדערס האָבן פאַרכאַפּט די אויסגעשניצטע כלים פון בית־המקדש, וואָס האָבן באַצירט דעם ארון־קודש פון אַלע זייטן. צוויי מאַרמאָרנע טאָוולען ביים אַריינגאַנג האָבן מיט זייערע אויפשריפטן געדארפט פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די אַלע מייס־טערס — בצלאלס אור־אייניקלעך אין גלות־פוילן — וואָס האָבן זייער גאַנצן טאַלאַנט און פעיקייטן אַריינגעלייגט אינעם בוי פון דאָזיקן מקדש ־מעט אויף דער מאַזאָווישער ערד.

באַלד פון אָנהייב האָט אָבער דאָס דאָזיקע בית־מדרש נישט געהאַט קיין מזל, האָט נישט לאַנג געדינט דעם הויפּט־צוועק פאַר וועלכן ער איז געבויט געוואָרן.

דעם רבינס בית־מדרש מיט די פילע זאַלן און צימערלעך פון קעלער־ און בוידעם־שטאָק איז געבויט געוואָרן ווי אַן אַכסניה פאַר דער גרויסער ישיבה מיט הונדערטער בחורים, וואָס האָבן אַהער געשטראָמט פון אַלע עקן פוילן. עס איז אָבער קוים אַדורך אַ קנאַפּער יאָרצענדליק און עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה. די ערשטע וועלט־מלחמה, און — פנה הודו... דער רבי מיט זיין הויף האָט געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט און אַוועק קיין וואַרשע אין פחד פאַר די אָפּטרעטנדיקע צאַרישע חיילות, וואָס האָבן זיך נוקם געווען אין יידן. אויך די ישיבה האָט אויפגעהערט איר קיום און די שיינע געביידע איז געוואָרן אַן אַזיל פאַר די נשרפים און פליטים פון דער אומגעגנט, וואָס האָבן זיך געניויטיקט אין אַ דאַך איבערן קאָפּ...

נאָך דער מלחמה, ווען דאָס לעבן אין שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן נאָרמאַ־

ליזירן, איז דאָס בית־מדרש ווידער געוואָרן אַ תורה־צענטער — דאָס מאָל אַ תלמוד־תורה, וואָס האָט עקזיסטירט. ווידער — ביז ס'איז געקומען די נייע מלחמה, די ערגסטע פון אַלע פורעניותן, מיט חורבן וואָס האָט אָפּגעמעקט די גאַנצע קהילה צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע יידישע ישובים אין פוילן. פאַרשידענע גלגולים האָט די תלמוד־תורה דורכגעמאַכט פאַר אָט דעם צוויי צענדליק יאָר פון איר קיום. צווישן אירע ווענט זענען דערצויגן געוואָרן טויזנטער און טויזנטער יידישע קינדערלעך, דער קול תורה איז דאָ קיינמאָל נישט אַנטשוויגן געוואָרן, ביז — ביז ס'האָט זיך אַראָפּגעלאָזט די האַק פון ערגסטן עמלק פון אַלע צייטן.

תפילה האָט זיך געטראָגן פון דעם בנין. דאָס גרויסע בית־מדרש וואָס איז פאַר דער צייט אָפּגעטיילט געוואָרן מיט דינע האָלץ־ווענטלעך, כדי אויפצונעמען אַלע „כיתות" פון דער תלמוד־תורה, האָט אויך געדינט ווי אַן אכסניה פאַר אַ קנאַפּן צענדליק מנינים חסידים־שטיבלעך פון כמעט אַלע פוילישע רביים, וואָס פלעגן דאָ דאַווענען שבת און יום־טוב, — יעדער מנין מיט זיין נוסח התפילה, מיט זיינע ניגונים.

בלויז איין מאָל אין יאָר — אויף די ימים נוראים — זענען באַזייטיקט געוואָרן אַלע מחיצות. די ווענטלעך זענען צענומען געוואָרן און אַלע מנינים האָבן געדאַוונט צוזאַמען; דאָס גרויסע בית־מדרש האָט צוריק באַקומען זיין אור־אויסזען, פראַכט און רחבות, און אויפגענומען די הונדערטער שטענדיקע מתפל־לים אין דעם הויז צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער פון אַלע אַנדערע טיילן שטאָט וואָס האָבן געזוכט אַ באַקוועם אָרט צום דאַווענען אין די פאַרכטיקע טעג.

וואָרעם נישט ווי אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר איז דאָס דאַווענען אין די ימים נוראים. אַ גאַנץ יאָר „כאַפּט" מען אַריין דאָס דאַווענען. ראש השנה און יום כיפור, ווען מ'דאַרף זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר, איז מען אָבער מער מקפיד, — סיי אויפן מקום־התפילה און סיי אויפן שליח־ציבור. און ווו נאָך איז דען געווען אַזאַ שיין אָרט, אַזאַ רחבות, ווי אין רבינס בית־מדרש, וואָס איז געווען ביכולת אויפצונעמען כמעט אַ העלפט יידן פון שטאָט — אנשים, נשים וטף...

שוין צו די ערשטע סליחות איז דאָס בית־מדרש צוגעגרייט געוואָרן אויפ־צונעמען דעם גרויסן עולם מתפללים. גלייך נאָך הבדלה האָבן זיך צעצונדן אַלע לאָמפּן, וואָס האָבן אַרויסגעלויכטן פון די ברייט־צעפּראַלטע טיר און פענצטער און גערופן יידן קומען באַצייטנס באַשטעלן „שטעט". ביים לאַנגען טיש ביים אַריינגאַנג זענען געזעסן די גבאים פון פאַראייניקטן מנין און פאַרקויפט בלויז די וויכטיקסטע פּלעצער פאַר די פּני פון דער שטאָט און די פּלעצער אין דער ווייבער־שול, בעת תמיד זענען נאָך געבליבן גענוג ערטער פאַר „כל דיכפין" — פאַר אַנדערע מתפללים וואָס האָבן נישט געהאַט אויף צו קויפן אַ „שטאָט". פּלאַץ האָט נישט געפעלט — קיינער האָט קיינמאָל נישט געזאָגט, אַז אים איז ענג דאָס אָרט אין רבינס בית־מדרש...

יאָ, אַ האַלבע שטאָט יידן האָבן דאָ געדאַוונט די ימים־נוראים. חסידים און מתנגדים, בעלמעלאָכעס און פּראָסטע יידן, און אויך אַזעלכע יידן, וואָס פלעגן בלויז ימים נוראים קומען אין שול אַריין.

איז קיין פּלא נישט, וואָס דאָס אָרט האָט אויך צוגעצויגן די בעסטע בעלי תפילה פון שטאָט, וואָס זענען מאָביליזירט געוואָרן פון אַלע חסידים־שטיבלעך.

איך קען זיי נישט פאַרגעסן ביזן היינטיקן טאָג, די בעלי־תפילה, — נישט זיי און נישט זייער דאַווענען. זייערע מתיקותדיקע שטימען טוליען אויף אין מיין געהער־זכרון יעדעס מאָל ווען עס דערנענטערן זיך די פאָרכטיקע טעג.

אָט הער איך דאָס קול פון ר׳ יונה, דעם ראש פון חברה תהילים, וואָס שטעלט זיך ראש השנה אינדערפרי פאַרן עמוד צום „פאָרענדיקן״ דאַווענען.

— מה טובו, אוהליך, יעקב! — קלינגט נאָך אַלץ אין מיינע אויערן ר׳ יונהס ניגון; עד היום האָב איך נאָך אַזאַ „מה טובו״ נישט געהערט. ר׳ יונה, אַ קליין קיילעכדיק יידעלע, וואָס האָט קוים דערגרייכט צום הויכן עמוד, איז אין מיינע אויגן אויסגעוואַקסן ווען איך האָב אים געזען ביים עמוד פון רבינס בית־מדרש. איך האָב אַנדערש אויף אים געקוקט ווי בעת איך פלעג אים יעדן מיטוואָך פאַר־נאַכט זען פאַר אונדזער הויז ווי ער טרייבט אַ קעלבל אין שעכטהויז אַריין. איך פלעג דערביי קוקן אויף די צעשראָקענע אויגן פון דער בהמה דקה און אויף אים, ר׳ יונהן, און עס איז מיר תמיד שווער געווען צו וויסן אויף וועמען עס איז אַ גרעסערער רחמנות... יאָ, ווי אַנדערש זע איך אים איצט ביים עמוד.

— ה־מ־ל־ך, יושב על כסא רם ונשא! — ר׳ יונה האָט פאַרענדיקט ביים עמוד, שטעלט זיך ר׳ חיים־זעליק, דער מורה־הוראה, ר׳ חיים־זעליק איז געווען אַ ייד אַן עניו. צוליב די אָפטע מחלוקתן וועגן דעם כסא הרבנות, איז ער געווען יאָרנלאַנג דער פאַקטישער דיין אין שטאָט, אָבער ער פלעגט זיך קיינמאָל נישט מישן אין די קהלשע קריגערייען און שטענדיק געוואָלט זיין מן הצד, אַ גרויסער מקיל געווען און אַן אוהב הבריות, ער האָט ליב געהאַט מענטשן. נישט געקוקט אויף זיין טיפן עלטער האָט ער געהאַט אַ יונג, פריש קול, אַ תחנונימדיק קול, וואָס האָט געקענט ברעכן מויערן. „בפי ישרים תתרומם״ — האָט אין זיין מויל געקלונגען אַזוי עכט און אמתדיק ווי ביי קיינעם. אים האָט אַרויסגעהאָלפן אין דאַווענען אַ קאַפּעליע פון זיינע אייגענע זין און אייניקלעך, צווישן זיי איטשע שוחטס דריי זין, די מנגנים פון שטעטל: ישראלקע, דודטשע און — יבדל לחיים ארוכים — יאַנקל קויפמאַן.

דעם צווייטן טאָג ראש השנה פלעגט אים אָפט ביי שחרית פאַרבייטן זיין איידעם איטשע שוחט, אַ שוחט בן שוחט, מיט אַ תמימותדיק־וואַרעם דאַווענען, וואָס פלעגט געבן זיין ביישטייער צום דאַווענען אין רבינס בית־מדרש, הגם ער איז געווען פון די וויכטיקסטע בעלי־תפילה אין גרויסן שטיבל פון די סטריקע־ווער און אַלעקסאַנדער חסידים.

— „ונתנה תוקף קדושת היום כי הוא נורא ואיום! — ווען ישראל שוחט, דער בעל מוסף, האָט געלאָזט הערן די תפילה, האָט מען זיין קול געהערט פון איין עק שטאָט ביזן צווייטן. ישראל שוחט איז געווען אַ ייד אַ גיבור מיט אַ לייבן־שטימע. וועגן זיינע גבורות זענען אַרומגעגאַנגען לעגענדעס אין שטאָט. נישט איין מאָל פלעגט מען מעכב־זיין דאָס דאַווענען און וואַרטן ביז אַ דעלע־גאַציע מתפללים זאָל אים ברענגען פון פאָריסאָווער שטיבל, ווו מ׳האָט אויף אים בשום אופן נישט געוואָלט פאַרציכטן. אַז מ׳האָט לסוף קוים מיט צרות און געבעטן

געפועלט, פלעגט ער זיך אַריינלאָזן מיט זיין קאַפּעליע, וואָס איז באַשטאַנען פון חברה קצבים, די גובערעקס, ווי אין אַ שטורעם. אויך זיין דאַווענען איז געווען ווי אַ שטורעם, מיט קראַפט וואָס וואָס האָט געגעבן דעם בטחון, אַז אַזאַ תפילה מוז דורכברעכן אַלע שערי רחמים...

— אתה נגלית בענן כבודך! — דאָס דאַוונט דעם צווייטן טאָג ראש־השנה דער צווייטער בעל־מוסף חיים־דוד אייזנקרעמער, אויך אַ פּאַריסאָווער חסיד. דעם־אַ „אַתה נגלית" קען מען גאָרנישט פאַרגעסן. ווען ר' חיים־דוד האָט געזונגען דעם ניגון, האָט מען בפירוש געפילט דעם מעמד הר־סיני, באַשיימפּערלעך געזען ווי גאָט נידערט אַראָפּ אין אַ וואָלקן מיט קולות און ברקים, כדי צו רעדן מיט די בני־ישראל און געבן זיי די תורה...

— תקיעה, שברים, תרועה, תקיעה גדולה... דאָס הערט זיך ווידער דאָס קול פון ר' יונה בלחש, וואָס באַגלייט דאָס שופן־בלאָזן פונעם בעל־תוקע ר' מעכעלע, אַן אייניקל פון אַלטן רבין.

ראש השנה 1939 האָבן זיך מער די אַלע קולות ניש געהערט אין רבינס בית־מדרש. אין דער פרי — ערב ראש השנה — איז די שטאָט שוין געווען באַזעצט דורך די דייטשן. דעם רבינס בית־מדרש איז ווידער געוואָרן אַן אַזיל פאַר נשרפים און פליטים.

**שבתיס זעלבסטמאָרד**

שבתי דעמבוס — ווער האָט אים נישט געקענט און געשעצט אין שטאָט. מדריך אין בית"ר. תמיד עלעגאַנט מיט אַן אַרויסגעלייגט קעלנערל, הויכע בלאַנקענדיקע שטיוועלעך וואָס ער האָט געטראָגן סיי זומער סיי ווינטער, ציכטיק און אויסגעפּוצט — נישט געקוקט דערויף וואָס אין שטוב האָט געהערשט אַן אָרעמקייט, אַ קליין שטובל אין וועלכן עס האָט געלעבט די אָרעמע מאַמע זיינע מיט אירע פּיצלעך קינדער. ער איז געווען דער עלטסטער אין דער משפחה און זיין חלום איז געווען אַרויסרייסן זיך פון דער אָרעמקייט, פאָרן קיין ארץ־ישראל. אין בית"ר איז ער געווען אויך רעדאַקטאָר פון דער וואַנט־צייטונג און העבראַיש־לערער; געהאַט אַ טאַלאַנט צו שרייבן, תמיד האַפעדיק, פול מיט הומאָר און שאַרפזין.

אין אַ שיינעם האַרבסט־טאָג, באַלד נאָך סוכות תרצ"ז, איז מיטאַמאָל די שטאָט אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דער ידיעה, אַז שבתי האָט זיך גענומען דאָס לעבן, אַרונטערוואַרפנדיק זיך אונטער אַ פאַרביילויפנדיקן צוג.

די ידיעה האָב איך גראָד געהערט אויף אַ פויזע אין דער שולע, און מיר זענען גלייך אַרויס. דעם רבינס געסל איז שוין געווען שוואַרץ פון מענטשן וואָס זענען געלאָפן צו דער באַן־ליניע אַנטקעגנאיבער דעם שפּיטאָל. פאַר אונדזערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ מוראדיק בילד: ביי דער זייט פון די שינעס איז געלעגן אויסגעצויגן דער קערפּער מיט די תמיד גלאַנצענדיקע שטיוול. אויף דער קלאַפּע פון דער מאַרינאַרקע איז געווען אָנגעשפּילעט אַ מנורה. אַן ערך צוויי מעטער ווייטער איז געלעגן עפּעס אַ פאַרגליווערט צעקוועטשט שטיק בלוט מיט ביינער — דער קאָפּ...

די גאַנצע שטאָט איז אויפגעקאָכט געוואָרן. שווער געווען צו גלייבן, אַז דער ליבלעכער, אינטעליגענטער און קלוגער שבתי האָט אויף אַזאַ שרעקלעכן אופן אַ סוף געמאַכט צו זיין יונג לעבן.

אין דער מאַרינאַרקע האָט מען געפונען עטלעכע בריוועלעך געשריבן מיט געדרוקטע אותיות. איך האָב די בריוועלעך באַקומען דעמאָלט ביי זיין שוועסטער, כדי צו פאַרעפנטלעכן אין דער וואָנט־צייטונג אין „מרכז". זייער טעקסט האָט זיך אויפגעהיטן ביזן היינטיקן טאָג אין ייווא"אָ אין ניו־יאָרק. מיר ברענגען זיי דאָ געטריי ווי איך האָב זיי דעמאָלט איבערגעשריבן פאַרן ייווא"אָ. צו דער משפחה האָט ער געשריבן אַ קליין בריוועלע:

„בלייבט געזונט! היינט איז מיין געבורטסטאָג...?... איך וועל שוין נישט דאַרפן קיין פרעס — און אַפילו עסן... איך פאָר אַוועק אָן אַ בילעט".

אַ צווייטער בריוו איז געשריבן מיט אַ מאָדנעם מאַקאַברישן הומאָר:

„זעלבסטמאָרד! אומזיסט דאָס זוכן די שולדיקע קיין שום מענטשלעך געזעץ איז אויף זיי נישט חל... איך ענדיק מיט אַלעמען: נישטיק איז די וועלט, נאַריש און קליינלעך מיט אירע מענטשן. ערגער אָבער וואָס קיין צווייטע נאָך איר איז נישטאָ. איך ווינטש אייך אַלע מיינע חברים און באַקאַנטע פיל גליק אין לעבן...!?...

פּ.ס. דער באַגראָבער זאָל גוט „באַשיטן", ווייל עס גייט צו ווינטער. ז' תמוז איז נפטר־געוואָרן דער חפץ חיים, איך קען צומאָל אַזוי לאַנג נישט וואַרטן".

אַ דריטער בריוו וואָס ער האָט איבערגעלאָזט צו זיין נאָענטן חבר הערשל פינקלשטיין, מיט וועמען ער האָט די לעצטע צייט אַרומשפּאַצירט און געשפּילט שאָך, האָט ער אַזוי געשריבן:

„ביזט גערעכט חבר, היינט איז דער וואַלד זיכער פיל שענער ווי נעכטן. דו האָסט גאָר נעכטן אַליין נישט געוווּסט, אַז דו האָסט געשאָנקען נאָך אַ פּאָר שעה לעבן אַ צום טויט־פאַרמשפּטן. נעכטן האָסטו ווייניק מיך פאַרשטאַנען, היינט ווייסטו שוין וואָס דו האָסט נעכטן נישט געוווּסט, אָבער „מאָרגן" — וועסטו געוווּיר ווערן, אַז דו האָסטביידע טעג גאָרנישט געוווּסט... און כסדר יעדן טאָג אַזוי, ביז וועסט צוקומען צוריק צום נול — צום זעראָ... איך האָלט זיכער מיין לעבן פאַר פאַרשפּילט, אָבער איידער צו בלייבן „מאַט" — מאַך איך זיך „פּאַט" איך פּאַס זיך נישט צום לעבן, ווייל איך האָב אָן אייגענעם ווילן, און לויטן איי־גענעם ווילן קאָן מען אַפילו נישט... שטאַרבן עפנטלעך...

פלוצלונג האָט די פאַבריק זיך צעפייפט ווי וועלנדיק מיך אָפּשרעקן אָבער דער גורל — איז געפאַלן! „הבל הבלים" — אמר קהלת, מיט מיין טויט באַשטעטיק איך זיינע רייד. בלייבט „צופרידן" מיטן „לעבן".

איך האָב זיך אויפגעהאַנגען, אויך צו דעם דאַרף מען מזל; די שעלקעס האָבן זיך איבערגעריסן. איך לייג אָפּ די עקזעקוציע ביז מאָרגן דעם 21.10.36".

די בריוו האָבן געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן רושם אין שטאָט. אַלע האָבן אין דעם געזען אַ צייכן פון דער צייט, פון אַ לעבן אָן אַן אויסוועג, אָן אַ מאָרגן, אַ לאַגע אין וועלכער עס האָט זיך דעמאָלט געפונען די גאַנצע יידישע יוגנט אין פוילן.

**ארקע ווערט אַ בעל־תשובה...**

פון קינדווייז אָן האָט ער געשמט ווי דער עילוי פון שטעטל. תלמידי חכמים וואָס האָבן אים פאַרהערט דאָס לערנען האָבן געשטוינט פון זיין, אַרקעס, חריפות, פון זיין יכולת צו באַנעמען די שווערסטע סוגיות. דאָס יינגל וועט זיין אַ גדול בישראל — האָבן זיי וועגן אים געזאָגט מיט זיכערקייט.

אַרקעס טאַטע, ר׳ גרשון־הענעך ליבערמאַן, איז געווען אַ שטילער, איידעלער און פרומער יונגערמאַן, וואָס האָט זעלטן אַרויסגערעדט אַן איבעריק וואָרט. ער איז געווען אַ הויכער, אַ זעלטן־שיין געשטאַלט מיט אַ שוואַרצער באָרד אַרום זיין תמיד יונג פנים. אַ ראַדזינער חסיד געווען, וואָס האָט נישט בלויז געטראָגן אַ פאַדעם תכלת אין די ציצות, די תכלתדיקייט האָט ממש פון אים גופא אַרויס־געשטראַלט. כל ימיו — אָדער ער איז עוסק געווען אין לערנען אָדער אין דער גמילת־חסדים־קאַסע, וואָס האָט געטיילט הלוואות יידן נצרכים. דאָס קאָלאָניאַל־געשעפט אויפן מאַרק האָט געפירט דאָס ווייב זיינס צוזאַמען מיט זיין שוויגער, חוה־אַרקעס, וואָס איז געווען אַ טאָכטער פונעם אַלטן רב, ר׳ יחיאל מיכאל ראַבינאָוויטש. הגם אין זייער שטוב זענען נאָך געווען צוויי שוועסטערן, צאַרטע שיינע מיידלעך, האָבן זיך אַלע בעיקר אָפּגעגעבן מיטן בן־יחיד, דער וויל־לערנער אַרקע.



ארקע ליבערמאַן

„לזכרון בעד חברי פנחס ביבלרזש״ — איז אָנגעשריבן אויפן דאַזיקן בילד צוגעשיקט קיין תל־אביב ו׳ ניסן תרצ״ט...

ווי זשע איז פּאָרט געשען וואָס אַרקע איז מיטאַמאָל אַרויס ״לתרבות רעה״, לויט די דעמאָלטיקע באַגריפן פון אָט דער רבניש־אַריסטאָקראַטישער שיינער משפחה ? — געזאָגט האָט מען, אַז אַ שטיקל השפעה אין דעם האָט געהאַט דער פעטער. אלי גערשפוס, חוה־אַרקעס איינציקער זון, איז טאַקע געווען פון די ערשטע ציונים אין שטאָט. ער איז געווען אַ קראַנקער, אַלע יאָרן געקרענקט אויף שווינדזוכט און געלעבט אין זיין אָפּגעשלאָסענעם חדר, ווו ער האָט געהאַט אַ גרויסע ביבליאָטעק מיט וועלטלעכע ביכער. אַרקע איז, אמת, „קאַליע״ געוואָרן עטלעכע יאָר נאָכן פעטערס לאַנגזאַמען טויט. ער איז אָבער אַפּנים שוין געווען „אָנגעשטעקט״ מיטן פעטערס געדאַנקען און ביכלעך, וואָס די משפחה האָט אויפּ־געהיטן צוזאַמען מיטן אָנדענק פון פרי־פאַרשטאָרבענעם. אַרקע האָט אָנגעהויבן גיין אינעם דרך פון פעטער...

אויפן גרויסן בית־מדרש־הויף האָט זיך געהאַט פֿאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם דערוואַקסענע און יוגנט. דאָס איז געווען אַ פּראָטעסט־מיטינג קעגן גזירות פֿון דער מאַנדאַט־מאַכט אין ארץ־ישראל. אויף ברעטער פֿאַרלייגט אויף צוויי טישן, זיצן „פֿאָרשטייער" פֿון אַלע אָרגאַניזאַציעס. אַ רעדנער פֿון וואַרשע פֿייערט מיט אַ לייבן־שטימע — קעגן דער פֿאַרעטערישער מאַנדאַט־מאַכט, פֿאַר גאולת הארץ. פּלוצים וואַקסט אויס אויף דער טריבונע אַרקע. דאָס ליפּאַגענע כאַלאַטל צעשפּרייט אינעם ווינט, דאָס „יידישע" טוכענע היטל פֿאַרוקט אין אַ זייט. ער בעט אַ וואָרט, און איידער דער פֿאַרזיצער אָריענטירט זיך וואָס דאָ קומט פֿאָר, רעדט ער שוין, אַרקע. ער רעדט מיט טעמפּעראַמענט, ברען, התלהבות. רייסט אַלעמען מיט, איבעראַשט, שטעלט אַלע רעדנער אין שאָטן, אויך דעם געניטן שליח פֿון וואַרשע...

פֿון יענעם טאָג אָן איז אַרקע געוואָרן דער צום מיינסטן פֿאַרלאַנגטער רעדנער אויף אַלע ציוניסטישע מיטינגען און פֿאַרזאַמלונגען. פֿריער איז ער אויף די אסיפֿות געקומען אין געהיים. די פֿרומע עלטערן זאָלן זיך נישט דערוויסן, שפּעטער אָפֿן. עס איז געוואָרן אויס סוד: אַרקע האָט פֿאַרלאָזט דאָס בית־מדרש מיטן לערנען, איז אַוועק צו די ציוניסטן, שלעפּט זיך אַרום אין די „לאָקאַלן" פֿון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ווו עס טאַנצן יינגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען, אויף די „מאַיִוועקעס" און זומער־אויספֿלוגן אין וואַלד...

אַרקע איז גאָר אַריין אין בית"ר, אַפֿילו נישט אינעם „השומר הדתי"... מיטאַמאָל האָט מען אים אויך געזען אינעם מונדיר, מאַרשירן אויף דער וואַרשעווער גאַס מיט דער גאַנצער חברה, פֿונעם גאַנצן „קן", וואָס האָט פּלוצים טאַקע אַדאַנק אים אָנגעהויבן וואַקסן און אַרומנעמען גרויסע, די גרעסטע גרופּעס יוגנטלעכע פֿון שטאָט, פֿון אַלע עלטערס...

אין איינעם אַ טאָג — אַרקע איז אַוועק. די עלטערן זוכן אים, ביז זיי דערגייען דעם סוד. אַרקע איז אויף אַ „מדריכים"־קורס, ערגעץ אויף דער אָטוואָצקער ליניע. די עלטערן פֿאָרן אים אַהיימנעמען. ער איז אָבער אַן עקשן...

צוריקגעקומען, האָט ער זיך ערשט אויף אַן אמת גענומען צו דער אַרבעט, אָרגאַניזירן אַרום זיך די בעסטע יוגנט. אונטער זיין אָנפֿירערשאַפֿט איז דער בית"ר געוואָרן דער גרעסטער „קן" אין שטאָט... ער האָט צוגעצויגן מיט זיין רעדנער־טאַלאַנט, מיט זיין כוח־הדיבור, מיט זיין באַזונדערן שאַרם... גיך איז ער אויך באַקאַנט געוואָרן אין וואַרשע. אַ נייער שטערן איז אויפֿגעקומען, האָט מען געזאָגט...

זיינע עלטערן און משפּחה האָבן קוים באַוויזן צו־סל שלום מאַכן מיט אַרקעס „קאַליע"־ווערן, קוים אַדורך צוויי יאָר, און — אַרקע איז געוואָרן אַ חוזר בתשובה צו אַלעמענס שטוינען...

געענוי ווי קיינער האָט נישט געוווּסט הלמאי ער איז „קאַליע" געוואָרן, האָט איצט קיינער נישט געקענט דערקלערן וואָס האָט מיט אים פּאַסירט וואָס ער האָט פּלוצים פֿאַרלאָזט אַלע חברים און געוואָרן צוריק פֿרום, פֿרומער, אַ סך פֿרומער ווי פֿריער...

אַ טייל האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז צוליב — דעם מיידל... אַרקע האָט אין

יענער צייט אַנגעהויבן גיין מיט דער ייִנגסטער טאָכטער פֿון לייבעלע ראָזנבערג, דעם פּרומען מזרחי־פּירער. זי, מרים, געגעני ווי אַלע אין טאַטנס שטוב, האָבן גע־מוזט רעדן בלויז העברעאיש. דער טאַטע, אַ ייִד אַ נגיד, האָט אָבער געהאַט זיינע עקשנותדיקע פּרינציפּן, לויט וועלכע ער האָט נישט געקענט משלים זיין חתונה צו מאַכן די ייִנגסטע און שיינע טאָכטער, בעת אין שטוב זענען נאָך געווען צוויי עלטערע שוין פֿאַרזעסענע שוועסטער, נישט קיין יפהפיות...

אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז דאָס האָט געהאַט אַזאַ השפּעה אויף אַרקען דער מוראדיקער זעלבסטמאָרד פֿון איינעם פֿון זיינע עלטערע חברים פֿון בית״ר, שבתי דעמבוס, וואָס האָט זיך אין פֿאַרצווייפֿלונג, צוליבן נישט באַקומען קיין סערטי־פֿיקאַט, אַרונטערגעוואָרפֿן אונטער דער באַן...

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס טאַקע אין די טעג פֿון תשובה. מוצאי שבת פֿון די ערשטע סליחות, נאָך חצות, ווען ייִדן זענען צוריקגעגאַנגען פֿון די שטיבלעך און בית־מדרש, האָט עמעצער באַמערקט ווי ביי דעם פּלומפּ פֿונעם ברונעם אין סאַמע מיטן פֿונעם פּוסטן מאַרק שטייט עפּעס אַ געשטאַלט און האַלט אין איין וואַשן זיך די הענט מיטן פֿליסנדיקן וואַסער... ער איז צוגעגאַנגען און געזען, אַז דאָס איז נישט קיין אַנדערער ווי אַרקע. ער האָט געפּרוווט מיט אים רעדן, אָבער קיין ענטפֿער נישט באַקומען... ער האָט בלויז געגלאָצט מיט די אויגן און עפּעס געמורמלט פּסוקים... צומאָרגנס האָט די גאַנצע שטאָט געקלונגען מיט די נייעס:

— מיט אַרקען האָט עפּעס פּאַסירט...

די ווייטערדיקע טעג פֿון די ימים נוראים און עשרת ימי תשובה האָבן דאָס באַשטעטיקט. אַרקע האָט זיך נישט בלויז אָנגעהויבן פֿירן צוריק פֿרום, נאָר האָט אויך אָנגעהויבן פּראַווען התבודדות. דאַווענען מיטן ערשטן מנין און זיצן ביז שפּעט ביים לערנען און ביים זאָגן תהילים... זיין אויפֿפֿירונג האָט אונדז יוגנט אין שטאָט אָנגעהויבן שרעקן. מ׳האָט זיך פֿון אים אָנגעהויבן דערווייטערן, אויס־מיידן אים. די גאַנצע שטאָט האָט אָנגעהויבן נאָכדערציילן זיך וועגן אַרקעס מאָדנע פֿירעכצער... זיין עקסטרעמער צוריקגאַנג איז פֿאַר אַלעמען געווען אַ רעטעניש, אַן אָביעקט פֿון באַדויער און באַנגטוואונג ביי דער גאַנצער יוגנט...

ערשט אין די יאָרן פֿון געטאָ האָט אַרקע זיך צוריק צו אונדז דערנענטערט.

אין איינעם אַ טאָג האָט ער צונויפֿגערופֿן אונדז, אַ גרופּע יוגנטלעכע, און מיר האָבן צוריק געהאַט פֿאַר זיך דעם אַמאָליקן אַרקע, דעם פּלאַמיקן, טיכטיקן אָרגאַניזאַטאָר און פּראָפּאַגאַטאָר.

— חברים, מיר טאָרן נישט זיצן אַזוי מיט פֿאַרלייגטע הענט. מיר דאַרפֿן אָנהייבן עפּעס טאָן. לאָמיר ראַטעווען די יוגנט, לאָמיר עפּעס טאָן איבערצולעבן די שווערע צייט... — האָט ער געפּלאַמט מיט אומרו.

באַלד אינעם זעלבן טאָג איז קודם כל געשאַפֿן געוואָרן אַ קאַסע צו געבן שטיצע פֿאַר אָרעמע ייִנגלעך, וואָס האָבן אינעם געטאָ נישט בלויז געהונגערט, נאָר אויך געדאַרפֿט זאָרגן פֿאַר די עלטערן און משפּחות.

אַרקע האָט אָנגעהויבן שאַפֿן געלט, זאַמלען ביי די וואָס האָבן נאָך געהאַט עפּעס. ער איז געוואָרן אַן אַדרעס און געטיילט שטיצע פֿאַר יוגנטלעכע...

אַ טאָג פֿאַר דער „אַקציע״, אַ טאָג איידער ער איז אַרויסגעפֿירט געוואָרן

צוזאַמען מיט דער גאַנצער שטאָט יידן אין די טויט־וואַגאָנען, האָב איך אים געזען צום לעצטן מאָל. ווי אַ סך מאָל אין געטאָ האָט ער שפּאַצירט מיט זיינס אַן אַמאָליקן עלטערן חבר פון די רעוויזיאָניסטן, וועלוול זלאָטאָלאָוו. יענער איז גע־האַט געווען אין די סוף צוואַנציקער יאָרן אין ארץ־ישראל און צוריקגעקומען אין שטאָט צו זיינע עלטערן, דערנאָך געוואָלט פאָרן ווידער מיט דער אומלעגאַ־לער עליה און נישט באַוויזן צוליבן מלחמה־אויסברוך. מיט אים האָט ער ליב געהאַט צו שמועסן, הערן אים דערציילן וועגן ארץ־ישראל...

דער טויט האָט שוין געהאַנגען איבערן געטאָ. וועלוול איז געווען פאַר־צווייפלט. אַרקע מיט זיין „אָפּטימיזם" האָט אים געפּרוווט אַביסל מוטיקן. אין מיינע אויערן קלינגען נאָך זיינע לעצטע ווערטער וואָס זענען געזאָגט געוואָרן מיט זיין אייגנאַרטיקן ברען:

— מען טאָר זיך נישט אונטערגעבן. מען דאַרף זיך ראַטעווען, אויסבאַהאַלטן, בלייבן לעבן, צו להכעיס היטלערן...

## מיין חבר עליע

מיין חבר עליע ניימאַן איז געוואָרן אַ יתום. נאָך איידער ער האָט אָנגעהויבן גיין מיט מיר אין איין חדר, איז זיין טאַטע געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אים, עליען, מיט זיין יונגער מאַמען, לאהטשע די נייטאָרין. עליע אַליין האָט זיין טאַטן ווייניק געדענקט, געקענט האָט ער אים בלויז פון דער פאָטאָגראַפיע וואָס איז געהאַנגען איבער דער מאַמעס ניי־מאַשין אינעם בוידעם־שטיבל זייערן. פון אָט דער פאָטאָגראַפיע האָט אַראָפּגעקוקט אַ הויכער, אויסגעמאָגערטער יונגערמאַן מיט שוואַרצע טרויעריקע אויגן, מיט אַ קליין בערדל און אַ טוכן היטל — אַ געשטאַלט צו וועלכער עליע איז געוואָרן ענלעכער פון יאָר צו יאָר.

איך פלעג מורא האָבן פאַר דעם־אָ שטיבל. אפשר צוליב די געדרייטע שטיגן און פינצטערן קאָרידאָר וואָס האָט געפירט אַהין, און אפשר גאָר צוליב אָט דער פאָטאָגראַפיע. אונדזערע חברישע באַגעגענישן פלעגן על פי רוב פאָרקומען אין גאַס אָדער ביי אונדז אין שטוב, ווען עס האָט זיך געמאַכט אַז איך האָב עליען נויטיק געדאַרפט זען, פלעג איך אויך נישט אַרויפגיין אין זייער שטיבל, נאָר אַוועק־געשטעלט זיך אין הויף אונטערן פענצטער און רופן: „עליע, עליע!", אַזוי ביז דאָס קול מיינס האָט זיך דורכגעריסן דורך דעם שטענדיקן גערודער פונעם דאָזיקן גרויסן הויף, קאַלישעס הויף, אויפן „רינעק", וואָס איז פול געווען מיט פלאַטספאַר־מעס פון די באַלעגאָלעס, און דורכן גערויש פון זיין מאַמעס ניי־מאַשין. דערהערט מיין קול פלעגט עליע גלייך אַראָפּגליטשן זיך דורכן פאָרענטש פון די שטיגן און אַראָפּקומען אונטן. זייער אָפט פלעגט אָבער טרעפן, אַז נאָכדעם ווי איך האָב זיך היפּש אָנגעריסן דעם האַלדז פלעגט זיך באַווייזן אינעם פענצטער לאהטשעס שוואַר־צער קאָפּ האָר פאַרצויגן אין אַ גרעק, און אַראָפּשרייען צו מיר:

— עליע איז נישטאָ, ער איז געגאַנגען צום זיידן!...

אינדערעמתן איז עליע טאַקע מער געווען ביים זיידן ווי ביי זיין מאַמען, די אלמנה, וואָס האָט אַלע יאָרן אירע געלעבט מיט איר טרויער און נישט חתונה געהאַט נאָכאַמאָל נאָכן טויט פון איר יונג־פאַרשטאָרבענעם מאַן. אויך ער, עליע,

האָט אַפּנים נישט ליב געהאַט דאָס קליינע בוידעם־שטיבל. ביים זיידן איז ער געווען צוזאַמען מיט נאָך אַ ייִנגל, שוין אַ דערוואַקסענער בחור, זיינס אַ קוזין, אויך אַ יתום. דאָס איז געווען דער ביטערער מזל פון אַלטן זיידן, מרדכי־לייב.ביידע איידעמס זיינע זענען אים יונג פאַרשטאָרבן און אויף זיינע עלטערע יאָרן האָט ער ביי זיך געדאַרפט דערציִען צוויי יתומים...

מרדכי־לייב סיטען, וואָס האָט געהאַנדלט מיט שניט־סחורה, האָט זייער ליב געהאַט זיינע צוויי אייניקלעך־יתומים און זיי געקליידט אין די שענסטע ליפּאַגע־כאַלאַטלעך. איבער עליען האָט באַזונדערס געציטערט די באָבע זיינע, וואָס האָט געיאָגט פון אים די חברים, כדי אים צו האָבן ביי זיך וואָס לענגער. ווען עליע פלעגט מיר דערזען האָט ער זיך מיט כוח געמוזט אַרויסרייסן פון אונטער דער באָבעס פאַרטעך. אויף יענער זייט הויז איז געווען אַ גרויס פעלד מיט קאָרן, וואָס האָט זיך געצויגן ביזן שפּיטאָל און בית עלמין. דאָ, צווישן די הויכע זאַנגען, פלעגן מיר אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן און שבתדיקע נאָכמיטאָגן זיצן לאַנגע שעהן צוזאַמען און לייענען מעשה־ביכלעך, וואָס עליע פלעגט מיטברענגען מיט זיך.

עליע איז געווען צוויי־דריי יאָר עלטער פון מיר, און אויך העכער מיט אַ צוויי קעפּ. ער איז געווען אַ שעמעוודיקער און דערפאַר קען זיין האָט ער זיך בעסער געפילט אין געזעלשאַפט פון ייִנגערע פון אים. איך האָב ליב געהאַט אים צו הערן לייענען און דערציילן, פון אים האָב איך זיך דערוווּסט אַלע סודות פון דערוואַק־סענע ייִנגלעך. פון אים האָב איך אויך באַקומען די ערשטע „ליטעראַטור" צו לייע־נען: מעשה־ביכלעך וועגן שדים און רוחות, וועגן הערשעלע אָסטראָפּאָליער און וועגן סימכע פלאַכטע, וועגן יוסיפון און וועגן די מלחמות קעגן די רוימער. שפּעטער האָבן מיר אויך בשותּפות געקויפט און געלייענט די פּאָפּולערע ביכלעך פון דער „גראַשן־ביבליאָטעק", וואָס פאַרלאַג „אַלט־ניי" האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין וואַרשע אין די ערשטע דרייסיקער יאָרן. מיר האָבן אויך געשאַפן אַ מין אייגענע פּריוואַט־ביבליאָטעק און אַריינגעצויגן אין לייענען אַ היפּשע צאָל ייִנגלעך אין אונדזער עלטער...

איך האָב שטאַרק ליב געהאַט מיין חבר עליע, ליב געהאַט אָבער אויך מקנא געווען, ווי מען איז מקנא אַן עלטערן ברודער. אפשר מחמת דעם איינזען און רח־מנות מיט וועלכע דערוואַקסענע האָבן אים אַרומגערינגלט, זיך באַצויגן ווי צו אַ יתום. אין חדר האָט דער רבי קיינמאָל אויף אים קיין הויך וואָרט נישט געלאָזט פאַלן. אויך די חדר־ייִנגלעך האָבן אים נישט דערקוטשעט. עליע איז געווען העכער ווי אַלע, און אויך — שטאַרקער... ער איז געווען אַ שווייגער, אַ פאַרטראַכטער — איך בין געווען דער היפּוך פון אים — אַ שטיפער, אַן אָפּלאַכער...

זייער אָפט איז מיר אויסגעקומען צו פילן, אַז עליע איז נישט ווי מיר אַלע. דאָס איז, למשל, באַזונדערס בולט געווען ביי הזכרת נשמות, ווען עליע איז מיט־אַמאָל אָפּגעטיילט געוואָרן פון אַלע ייִנגלעך און געבליבן אינעווייניק מיט אַלע „גרויסע". דאָס האָט געוויזן זיין באַזונדערן מעמד, וואָס האָט טיילמאָל געשאַפן אַ וואַנט צווישן אים און די אַנדערע ייִנגלעך אין דעם עלטער.

מיטאַמאָל האָט מיך גענומען אינטריגירן דער גאַנצער ענין — נישט בלויז

דאָס וואָס עליע ווערט פון אונדז אָפּגעטיילט ביי הזכרת נשמות. איך האָב אויך געוואָלט וויסן וואָס קומט דאָרט עפּעס אַזוינס פאַר ביים דאַווענען, ווען מ׳טרייבט אַרויס אַלע ייִנגלעך און עס בלייבן אינעווייניק בלויז דערוואַקסענע.

ביז איינמאָל, בעת אַ פּאַרנאַכטיקן שפּאַציר אין פעלד, האָב איך אים אַ פרעג געטאָן, מיין חבר עליע:

— וואָס קומט דאָרט פאָר ביי „יזכור״?

אַ ווייל האָט עליע זיך עפּעס ווי געוואַקלט, אָבער ווען כ׳בין צוגעשטאַנען צו אים, האָט ער אָנגעהויבן, ווי זיין שטייגער, צו שילדערן פאַר מיר מיט אַסך פאַנ־טאַזיע, פאַרטרוילעך, ווי אַזוי מען איז מזכיר די נשמות פון די פאַרשטאָרבענע און ווי אַזוי ער זעט דערביי אַלע טויטע מיט זיינע אייגענע אויגן, ער זעט ווי זיי שוועבן אַרום אין בית־מדרש ווען מען רופט אויס זייערע נעמען.

— און דיין טאַטן זעסטו אויך?

— אַוודאי זע איך אים — האָט עליע אַ זאָג געטאָן מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז איך האָב מער אין דעם קיין שום ספק נישט געקענט האָבן.

זינט יענעם טאָג האָב איך נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן די טויטע וואָס עליע האָט אַליין געזען ביי הזכרת נשמות צוזאַמען מיט זיין פאַרשטאָרבענעם טאַטן. אַ פּחד איז מיר באַפאַלן. גאָר גיך האָט אָבער דעם פּחד גובר געווען אַ נייגער, און דערנאָך אַ מאָדנער חשק צו פאַרגנבענען זיך אַמאָל ביי הזכרת נשמות אינעווייניק, און זען — נישט אַזוי זיין טאַטן וואָס איך האָב געקענט בלויז פון דער פאָטאָ־גראַפיע נאָר מיין זיידן, דעם זיידן וועגן וועלכן די באָבע פלעגט תּמיד דערציילן אַזוי פיל, וועגן זיין שיינעם אויסזען, וועגן זיין גוטסקייט און מעשים טובים. דער געדאַנק האָט מיר אמת געשראָקן. כ׳האָב געוווּסט, אַז ס׳איז אַ זינד. אַ ייִנגל וואָס האָט טאַטע מאַמע טאָר נישט זיין ביי „יזכור״. אָבער דאָך האָט דער געדאַנק מיר שוין נישט אָפּגעלאָזט, מיך כסדר געררייצט.

יום־כיפּור נאָכן לייענען, ווען מ׳האָט מכריז געווען די הפסקה פאַר הזכרת נשמות, בין איך דאַסמאָל נישט געגאַנגען ווי תּמיד אַהיים מיטן טאַטן כדי אָפּצור־רוען זיך אַביסל פאַר מוסף. דאַסמאָל איז עס אויך נישט נויטיק געווען. דאָס איז געווען דער ערשטער יום־כיפּור וואָס איך האָב באַשלאָסן צו פאַסטן אַ גאַנצן טאָג גלייך מיט מיינע צוויי דערוואַקסענע שוועסטערס.

— אַז איך וועל אַהיימגיין, וועט זיך מיר גלוסטן עסן — האָב איך גלייך גע־פונען אַ תּירוץ, ווען דער טאַטע האָט מיר געוואָלט מיטנעמען אַהיים.

דאָס בית־מדרש איז געוואָרן כמעט ליידיק. כ׳האָב גענומען זוכן אַן אָרט צו באַהאַלטן זיך, קיינער זאָל מיך נישט באַמערקן. איך האָב לאַנג נישט געטראַכט, געעפנט דאָס טירל פונעם גרויסן „שולחן״ און זיך אַריינגעשטופּט אינעווייניק ווו עס זענען געלעגן אַלע פּרוכתן און שמות פון צעפליקטע ספרים. אַריינגעשטופּט זיך, פאַרמאַכט, און דאָרט געבליבן זיצן אַן איינגעקורטשעטער. געזעסן, איינגע־האַלטן דעם אָטעם און געוואַרט...

אַ היבש שטיקל צייט איז אַדורך ביז דער עולם איז צוריקגעקומען נאָך דער הפסקה. מיטאַמאָל — אַ קלאַפּ איבערן שולחן, און עס דערהערט זיך דאָס קול פון ר׳ מעכעלע:

— יזכור! — — —

דאָס גאַנצע בית־מדרש איז מיטאַמאָל פול געוואָרן מיט אַ געזשום ווי אַ בינ־שטאָק. פון דער ווייבער־שול האָט זיך געטראָגן אַ געוויין און כליפעריי. דאָס האַרץ האָט מיר אָנגעהויבן קלאַפּן פאַר שרעק. איך האָב געוואָלט צוריק אַרויס. אָבער וויאַזוי? מיטאַמאָל האָט מיך אָנגעהויבן שטיקן אין האַלדז, עס האָט מיר אויסגעפעלט אָטעם, ס'איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן...

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט האָב איך זיך געפונען אינדרויסן, ביים אַריינ־גאַנג, ליגן אויף דער באַנק ביים „כיור", באַגאָסן מיט וואַסער. אַרום זענען געשטאַ־נען אַ סך מתפללים צווישן זיי דער טאַטע און דער פעלדשער זאַרעצקי, וואָס האָט מיך געהאַלטן אין איין טאַפּן דעם דופק, דריקן די שלייפן און צולייגן צו דער נאָז האַרבשטאַרק צום שמעקן. אויך די מאַמע און די באָבע זענען אַלאַרמירט גע־וואָרן פון דער ווייבער־שול.

באַלד בין איך געקומען צו זיך און געדענקט, וואָס איך האָב דאָ אָפּגעטאָן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך מוז האַלטן דעם סוד, גאָרנישט דערציילן, קיינעם נישט. די מענטשן אַרום האָבן מיך אויך נישט געמאַטערט מיט קיין פראַגן. זיי האָבן בלויז געוואָלט וויסן ווי איך פיל זיך. הינטער מיר האָב איך געהערט ווי מענטשן רעדן צווישן זיך:

— וואָס איז דער וווּנדער, אַ צעפּיעשטשעט בן־יחידל...

— אַ צען־יאָריק ייִנגל און וויל שוין פאַסטן מיט אַלעמען צוגלייך, איז אים נישט גוט געוואָרן...

— אַ נס וואָס מען האָט דערהערט זיין „געוואַלד!", ווען נישט וואָלט דאָס קינד נעבעך אויסגעגאַנגען...

אויף דער טאַטע איז געווען זיכער, אַז צוליבן תענית בין איך דאָס פאַרקראָכן אונטערן שולחן.

איך האָב געשוויגן, און צוריקגעגאַנגען מיטן טאַטן דאַווענען. אַ נס וואָס עליע איז דערביי נישט געווען. ער האָט געדאַוונט מיטן זיידן אין גערער שטיבל. איך האָב אים אויך שפּעטער גאָרנישט דערציילט און מער נישט גערעדט מיט אים וועגן מתים און וועגן זיין טאַטן.

מיט אַ זומער שפּעטער — אין די ניין טעג (אַלע אומגליקן אין שטעטל האָבן געטראָפן אין די ניין טעג) — איז עליע דערטרונקען געוואָרן בעתן באָדן זיך אין די „בעדלעך".

יזכור...

### אונדזער סוכה

אונדזער הויף אויף דעם רבינס גאָס איז געווען אַביסל יוצא־דופנדיק, אַנדערש ווי אַלע אַנדערע הייף. קודם־כל מחמת דעם, וואָס ער האָט זיך געפונען צווישן צוויי גויאישע הייף — פון די געציילטע נישט־יידן אין דעם געסל. די הייף פון אונדזערע גויאישע שכנים האָבן פאַרמאָגט סעדער, בלומען־בייטן, בעז־און אַקאַציע־ביימלעך, וואָס האָבן זייערע שפּעטערדיקע צווייגן אַריבערגעוואָרפן דורכן פלויט צו אונדז, באַשמעקט מיט זייערע ריחות און ווי אַרומגעאַרעמט

אונדזער הויף מיט אַ מויער פון גרינס, הגם דער גאַנצער הויף אונדזערער האָט קיין אייגענעם בוים נישט פאַרמאָגט. צו דעם אַלעם האָט אונדזער הויף געהאַט נאָך אַ ריח, וואָס גייט מיר נאָך ביזן היינטיקן טאָג — אַ ריח פון וואַלד און „זשיוויצע", וואָס האָט זיך געטראָגן פונעם געהילץ, וואָס איז דאָ תמיד געלעגן אין גרויסע הויפנס, געהילץ פון וועלכע אונדזערע שכנים, ר׳ זיינוול מיט זיינע בנים, האָבן אויסגעאַרבעט שינדלען פאַר אַלע דעכער אין שטאָט, פאַר יידן און נאָך מער פאַר נישט־יידן.

ער אַליין, ר׳ זיינוול וואַכטער, איז געווען אַ קליין אויסגעדאַרט מאָגער יידל, וואָס האָט נאָך דערצו אונטערגעהינקט אַביסל אויף אַ פוס. אויך זיין ווייב — נחמה — איז נישט געווען קיין הויכע. פונדעסטוועגן זענען די קינדער — בלויז יינגלעך — געוואָקסן ווי די ריזן, הויך, ברייט און שטאַרק. אַזוי אַלע ווי איינער — פון עלטסטן, וואָס האָט שוין אויך געהאַט אַ ווייב מיט קינדער, ביזן יינגסטן, וואָס איז איינגאַנצן עלטער געווען פון מיר מיט אַ יאָר צוויי־דריי.

דאָס שניצן און הובלעווען שינדלען, אַן אַרבעט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אונטערן פרייען הימל. איז געווען בלויז אַ זומערדיקע סעזאָן־אַרבעט, וואָס האָט נישט געקענט באַשפייזן אַזאַ גרויס געזינדל, האָבן די „זיינוואַליקעס", ווי מען האָט זיי גערופן, עוסק־געווען אין נאָך אַ צענדליק מלאכות. „גאָלדענע הענט" האָבן זיי געהאַט און געקענט אַלע מלאכות: פאַריכטן אַ בענקל און אָנהענגען אַ שלאָס; פאַריכטן טיר און טויער און אפילו אויפשטעלן אַ פלויט אַ גאַנצן. די גאַנצע גאַס מענטשן איז אָנגעקומען צו זיי אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר... וואָרום דעם רבינס גאַס איז בעיקר באַשטאַנען פון יידן למדנים, מלמדים אָדער סוחרים און סתם שיינע יידן, וואָס האָבן קיין טשוואָק אין וואַנט נישט געקענט אַריינ־קלאַפּן.

דעם גאַנצן בעלי־מלאכהשן טאַלאַנט און פלייס זיינעם האָט אָבער ר׳ זיינוול מיט זיינע זין אַריינגעלייגט אין בויען די בשותפותדיקע סוכה פאַר אונדזער הויף. דאָס איז געווען אַ סוכה געבויט מיט רחבות, וואָס האָט אַריינגענומען נישט בלויז די מענטשן פון אונדזער הויף — אַ היבש ביסל משפחות מיט קינדער — נאָר אויך אַ סך שכנים פון די אַנדערע הייף, וועמען עס האָט נישט געסטייעט אויף אַן אייגענער סוכה. יעדעס יאָר האָט מען די סוכה געבויט אויפסניי און יעדעס יאָר מיט נייע אויפטוען. פענצטערלעך און פּאָליצעס; היינט די באַצירונגען, דאָס סכך, וואָס פויערים האָבן ספּעציעל געבראַכט פאַר ר׳ זיינוולען, — גרויס איז געווען די פרייד פון חברה יונגוואַרג אויף אונדזער הויף. חברים האָבן אונדז מקנא־געווען מיט אונדזער סוכה. קיינער האָט זיך נישט געקענט מיט אונדז פאַרגלייכן. אַ קלייניקייט — ר׳ זיינוול אַליין מיט זיינע בנים זענען דאָך אונ־דזערע שכנים. אַ גאַנץ יאָר כמעט זענען מיר, חברה יונגוואַרג געווען געוואָרנט נישט צו דערצערנען ר׳ זיינוולס הויז, אַבי ער זאָל אונדז אַריינלאָזן אין זיין סוכה...

אין דער סוכה גופא איז ר׳ זיינוול גאַנץ יום־טוב געזעסן ווי אַ מלך. צו אַלעם האָט ער געהאַט די פּריווילעגיע די סוכה צו בויען ביים פענצטער פון זיין קוך אַזוי, אַז זיין נחמה האָט דאָס עסן געקענט אַריינגעבן דירעקט דורכן פענצ־

טער און נישט געדארפט טראָגן די טעפּ מיט עסן איבערן הויף ווי אַלע אַנדערע באַלעבאָסטעס. היינט די כיבודים וואָס אַלע שכנים, שיינע באַלעבאַטים, האָבן אים אָפּגעגעבן, און נישט פֿאַרגעסן ביי יעדער געלעגנהייט צו לויבן און דאַנקען פֿאַר זייער אַרבעט, פֿאַרגלייכנדיק זיי אפילו צו בצלאל בן־חור...

אַזוי זענען מיר געזעסן אין דער סוכה פֿון ר׳ זיינוול יאָרן — זינט מיין זכרון דערגרייכט. אַזוי — ביז עס איז געקומען די מלחמה. שוין אין ערשטן ווינטער האָט דער טויט זיך אַריינגעכאַפּט אין אונדזער הויף. ר׳ זיינוול איז געשטאָרבן פֿון אַ טיפוס. אין אַ חודש שפּעטער איז אויך נחמה אַוועק פֿון דער וועלט. נאָך אַ יאָר איז אַדורך — דאָס לעבן אין געטאָ איז געוואָרן פֿינצטערער און שווערער פֿון טאָג צו טאָג. גזירות, רדיפֿות, הונגער. אַ שווינדזוכט האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין ר׳ זיינוולס הויז־געזינד, און ווי מיט אַ האַק אונטערגעזעגט די זין. ווי דעמבעס אין אַ וואַלד זענען זיי געפֿאַלן. אין משך פֿון איין יאָר זענען אַלע זין אויסגע־שטאָרבן פֿון דער קראַנקהייט און פֿון הונגער. די הויכע, ברייטפּלייציקע, שטאַרקע שכנים אונדזערע זענען אַוועק פֿון דער וועלט נאָך איידער די דייטשן זענען גע־קומען אין יענעם פֿאַרכטיקן אלול־טאָג פֿון יאָר תש״ב און אַרויסגענומען אַלע יידן אין די טויט־וואַגאָנען, כדי זיי אַוועקצופֿירן קיין טרעבלינקע...

יעדעס מאָל ווען איך דערמאָן זיך אין חורבן פֿון אונדזער היים, שטייט פֿאַר מיינע אויגן דאָס בילד פֿון ר׳ זיינוול מיט זיינע שיינע זין, ווי זיי זיצן אַרום אים, אין אויבנאָן פֿון אונדזער סוכה, אין שטראַלנדיקער יום־טובדיקייט, און ווי מיין טאַטע פֿאַרקעט זיין צעפּיעשטשעט בן־יחידל אַנווייזנדיק אויף זיינוולס יינגסטן זון, און זאָגט:

— זע, לערן זיך אָפּ ווי צו זיצן מיט מענטשן, זע מיט וואָס פֿאַראַ דרך־ארץ עס זיצט ביים טיש סרולקע...

די חרוב־געוואָרענע סוכה אויף אונדזער הויף איז אויסגעוואקסן אין מיינע אויגן ווי אַ סימבאָל פֿון חורבן פֿון אונדזער שטאָט.

## די סוכה פֿון ר׳ איטשע שוחט

ר׳ איטשע שוחטס סוכה איז געווען אַ טייל פֿון זיין און זיינע עלטערנס דירה. די אַ סוכה האָט גענוצט נישט בלויז אויף זמן שמחתנו, נאָר אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר. דאָס איז געווען אַ מין וועראַנדע אָדער פּירהויז. לכבוד סוכות האָט מען אויפגעהויבן דעם דאַך ווי צוויי פֿליגל, די עפֿענונג באַדעקט מיט סכך, און שוין איז געשטאַנען פֿאַרטיק אַ סוכה למהדרין — נישט בלויז פֿאַרן שוחט מיט זיין הויזגעזינד, נאָר פֿאַר אַלע שכנים פֿון פּלטיאלס גרויסן הויף.

ר׳ איטשע שוחט איז געווען אַ שוחט בן שוחט. זיין פֿאָטער, ר׳ אברהם־לייזער שו״ב, האָט דעם פּאָסטן פֿון אַ שוחט אין דער קהילה פֿאַרנומען איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט. נאָך אַ היבשע צייט איידער ער איז נפֿטר געוואָרן אין טיפֿן עלטער, אַ קרוב לשמונים, האָט ער די מלאכה איבערגעגעבן אין די הענט פֿון זיין זון ר׳ איטשע, וועמען ער האָט געהאַלטן ראוי לאיצטלא זו. וואָרום דער עלטסטער זון זיינער, ר׳ מרדכי, האָט חתונה געהאַט קיין ווישקאָוו און דער יינגסטער — יעקב — איז גאָר געוואָרן אַ משכיל, אַ שרייבער און איבערזעצער,

און איז אַוועק קיין ארץ־ישראל, ווו ער איז געוואָרן אַ לערער אין דער „הרצליה"־גימנאַזיע אין תל־אביב. אויך די פינף טעכטער זיינע האָבן געהייראַט און אַוועק אין דער פרעמד. דער איינציקער אמתדיקער יורש און ממלא־מקום איז בכן פאַרט געבליבן דער מיטלסטער זון, ר׳ איטשע, אַ זיידענער יונגערמאַן, וואָס איז אויך געווען דער איידעם פונעם מורה־הוראה ר׳ חיים־זעליק.

ר׳ איטשע האָט איבערגענומען דאָס שוחטות צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע „פונקציעס" פון זיין טאַטן, וואָס האָט געשמט אין דער גאַנצער געגנט אַרום אַלס למדן און הייסער חסיד. ר׳ איטשע האָט געלערנט מיט פראָסטע יידן אין בית־מדרש די פרשה פון דער וואָך און מיט לומדים אַ בלאַט גמרא מיט תוספות. צו דעם אַלעם איז ער אויך געווען איינער פון די בעסטע בעלי־תפילה, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין מתיקותדיקן דאַווענען ביים עמוד, באַזונדערס אין די ימים נוראים.



ר׳ איטשע שוחט
(קויפמאַן)

ווען ר׳ איטשע איז געוואָרן שוחט, זענען שוין אין שטאָט געווען נאָך עטלעכע אַנדערע שוחטים — אויף דער זייט און אויף יענער זייט טייך. מיידלעך, וואָס מאַמעס האָבן געשיקט שעכטן עופות, זענען אָבער ליבערשט געגאַנגען צו ר׳ איטשען. נישט בלויז ווייל ר׳ איטשע איז געווען אַ נוח לבריות, אַ ליבלעכער מענטש, נאָר אויך מחמת זיין שטוב מיט דערוואַקסענע בחורים, וואָס האָבן געשמט מיט זייער נגינה. ביי ר׳ איטשען איז תמיד געווען פריילעך און לוסטיק. אַלע קינדער זיינע — יאַנקל, ישראלקע און דוווטשע, און אפילו זיין איינציקע טאָכטער דבורה — פלעגן נישט בלויז שיין זינגען נאָר אויך שפּילן אויף כלי־נגינה: מאַנדאָלינע, פידל. און נישט בלויז מיידלעך, די גאַנצע יוגנט אין שטעטל האָט געצויגן אַהער, זיי האָט אימפּאָנירט די שטוב. ביים אַרויסלאָזן זיך אויף שפּאַציר אויף דער שעניצער גאַס, וואָס האָט געפירט צום וואַלד, איז חברה יונג־

וואָרג נישט אײנמאָל פאַרכאַפּט געוואָרן פונעם געזאַנג און נגינה, וואָס האָט זיך געטראָגן פון ר׳ איטשעס שוחטס וווינונג. באַזונדערס פרײלעך איז דאָרט געווען בעת די שבתדיקע זמירות, נאָכמער — ביי הבדלה און מלווה־מלכּה, ווען ר׳ איטשע אַליין האָט געלאָזט הערן חסידישע ניגונים און די קינדער האָבן אים מיטגעהאָלפן אויך מיט זײערע כּלי־נגינה. צו די מלווה־מלכּהס איז געקומען דאָס גאַנצע אַלעקסאַנדער שטיבל, וואָרום חוץ נגינה האָט אין שוחטס שטוב אויך נישט אויסגעפעלט קיין געפילטע מילצלעך און גראַשיצעס, וואָס די באַלעבאָסטע, חיים־זעליקס טאָכטער, איז געווען אַ בריה צוזוגרײטן ביד רחבה...

סתם אַזוי — אין אַ פּראָסטן טאָג — האָט ר׳ איטשע אַליין געהאַט ווייניק צייט צו נגינה. אָדער ער איז געווען אין שעכטהויז מיט די קצבים אָדער אין בית מדרש צי אין „שטיבל״ ביים געבן אַ „שיעור״. דעמאָלט פּלעגן די בחורים זײַנע גלאַט זיך לאָזן ווילגיין און שפּילן אויף „זאַכן״ מיט וועלכע זיי האָבן געדאַרפט בדרך־כּלל פאַרן טאַטן זיך אויסהיטן. דאָס אָרט פאַר דעם איז טאַקע געווען די גערוימע סוכּה, ווו קיינער האָט זיי אין דעם נישט געשטערט.

די־אָ סוכּה, מיטן געזאַנג און נגינה וואָס האָט זיך פון דאָרט געטראָגן אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר, האָט אויך געכישופט מײַן ייִנגלשער פאַנטאַזיע. אַזוי אַ צייט לאַנג — ביז איך בין דאָרט געוואָרן אַ שטיקל אַרײַנגייער. דאָס איז געווען צוליבן מיטעלן פון די דריי ברידער — ישראלקע, וואָס איז געווען דער הויפּט־מנגן, און אפילו מיט דער צייט געעענדיקט אַ מוזיק־שולע אין וואַרשע. געגנוי ווי דער על־טערער ברודער זײַנער יאַנקל האָט אויך ישראלקע געהאַט חוץ נגינה נאָך אַ „האָבי״. יאַנקל איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער שאַך־שפּילער און אפילו געוואָרן הויפּט־מייסטער פון שאַך אינעם גאַנצן פּאָוויאַט נאָכדעם ווי ער האָט געגעבן „מאַט״ דעם גוישן אַפּטייקער און דעם בירגערמייסטער, אַ גוי אַן אַנטיסעמיט. ישראלקעס „האָבי״ איז געווען העברעאיש. געזאָגט האָט מען, אַז דאָס איז געקו־מען ביי אים פון זײַן פעטער, דעם לערער אין „הרצליה״־גימנאַזיע, הגם ווען יענער האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל, איז ישראלקע נאָך געווען אַ קליין ייִנגל. איך האָב דעמאָלט שוין געהאַלטן ביים ענדיקן די „תרבות״־שולע — דעם ערשטן אַרויסלאָז פון דער יונגער העברעאישער טאָג־שול. ישראלקע, וואָס איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אויטאָדידאַקט, האָט זײַן דערוואָרבענעם וויסן געוואָלט קאָנפראָנטירן ביי אַן אמתן העברעאיש־לערנער, הגם איך בין געווען אַ סך ייִנגער פון אים... איך האָב אים אויך באַזאָרגט מיט ביכער, וואָס איך האָב גענומען אין אונדזער ביבליאָטעק און איך בין געוואָרן אַזוי אַרום אַן אָפּטער „זיצער״ אין איטשע שוחטס סוכּה...

דעם אמת געזאָגט, האָט מיך אין דער סוכּה געצויגן נישט בלויז די נגינה און די לוסטיקייט, נאָר אויך די מעשׂיות וואָס ישראלקע פּלעגט דערציילן. נישט סתם מעשׂיות, נאָר אמתע פּאַסירונגען וועגן די מענטשן, וואָס האָבן אַמאָל געוווינט אינעם דאָזיקן הויף אויף דער שעניצער גאַס אין די יאָרן ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין ייִנגל; מענטשן וואָס זענען מיט יאָרן צוריק געהאַט אַוועק קיין ארץ ישׂראל. דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל מיט מײַנע אייגענע אויגן געזען בריוו און בילדער פון זײַן פעטער אין תּל־אָביבֿ, פון זײַן גימנאַזיע און פון זײַנע תּלמידים.

דאָ האָב איך אויך געהערט וועגן דער משפחה פון ר׳ יעקב־אריה זעליצקי, דעם איידעם פון ר׳ טוביה, וואָס האָט געוווינט אויפן זעלבן הויף און איז אין איינעם אַ טאָג אַוועק מיט אַלע זיינע קינדער קיין תל־אביב, און וועגן דעם עלטסטן פון זיי, משה — אַ ייִנגל מיט וועמען ער האָט זיך צוזאַמען געשפּילט אויפן הויף, טאַקע אין דער סוכה, און איז איצט אַ חלוץ, אַ קיבוצניק, אַ פירער פון דער הגנה...



ישראלקע קויפמאַן מיט זיין פרוי

עס איז אַדורך אַ יאָר, צוויי יאָר. ישראלקע איז אַוועק קיין וואַרשע, אָפּגעגעבן עקזאַמענס און געוואָרן אַ העברעיִשער לערער, אין אַ „יבנה״־שולע. בלויז איינ־מאָל אין יאָר איז ער אַהיימגעקומען צום טאַטן. דעמאָלט פלעגן מיר ווידער לאַנגע שעהן זיצן אין דער סוכה. דאָ האָט ער אויך געהאַלטן זיינע וואַליזקעס מיט ביכער, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך און געגעבן זיי מיר צו לייענען איידער ער איז נאָך סוכות צוריק אַוועקגעפאָרן. אין זעלבן יאָר האָט ער געהייראַט, שפּעטער איז ער געוואָרן אַ טאַטע און שוין אויף סטאַביל געבליבן וווינען אין בזשעזשין, ווו מען האָט אים שטאַרק געשעצט אַלס לערער פון העברעאיש און פון מוזיק. מלחמה־צייט האָב איך פון אים ווייניק געהערט.



אלול תש״ב. מען האָט אונדז „קאַסאַרירט״ אין אַ הויז פון דער שולע א. נ. פון קאָפּערניק, אַנטקעגנאיבער איטשע שוחטס הויז מיט דער סוכה. טאַקע סוכות־צייט האָט דער בריוועטרעגער, דער אַלטער באָגוש, אונדז אַראָפּגעבראַכט אין אָט דעם לאַגער אַריין אַ מתנה — אַ טעקע מיט בריוו, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין פּאָסט זינט אַלע יידן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן. „איך האָב נישט וואָס צו טאָן מיט די בריוו, אפשר זענען אין לאַגער דאָ מענטשן צו וועלכע די בריוו זענען געשריבן״ — האָט געזאָגט דער אַלטער באָגוש.

צווישן אָט די בריוו האָב איך טאַקע צווישן אַנדערן געפונען בריוו פון

ישראלקען, געשריבן צו זיינע עלטערן. בריוו מיט אַליאַרם און טויט־אַנגסטן. די־עלטערן האָבן צו אים געזאָלט שיקן אַ גוי כדי אַרויסצוראַטעווען אים פון בזשע־זשינער געטאָ, וואָס איז געווען אויפן שטח פון „רייך". ער האָט געמיינט, אַז ביי אונדז פירט מען נישט אַרויס קיין יידן. די ווייטערדיקע בריוו זענען שוין געווען פון פאַרשידענע אַנדערע שטעטלעך, וווהין ער איז געלאָפן שוין אַן פרוי און קינדער. געראַטעוועט זיך פון איין געפאַר און אַריין אין אַ צווייטער. פון אָט די בריוו האָב איך זיך דערוווּסט וועגן זיין גורל, בריוו געשריבן צו מענטשן, וואָס האָבן שוין נישט געלעבט אָבער זענען אַריינגעפאַלן אין האַנט פון זיינס אַ יונגן פריינט, וואָס האָט געהאַט די זכיה זייער אינהאַלט איבערצוגעבן זיין פעטער יעקב קויפמאַן־אליאב אין תל־אביב, באַלד נאָכן אָנקומען אין לאַנד אַריין, ווען יענער האָט זיך אויסגעפרעגט וועגן זיין גרויסער משפחה און פריינט פון אונ־דזער שטאָט.

דאָס זעלבע האָב איך געקענט דערציילן דעם עלטערן ברודער זיינעם יאַנקל — דער איינציקער שריד פון איטשע שוחט, וואָס האָט די מלחמה איבערגעלעבט אין רוסלאַנד און וווינט אין ירושלים. זיין טאָכטער, וואָס איז אָנגעקומען אין לאַנד אַלס קליין קינד, האָט אים געבוירן די ערשטע אור־אייניקלעך פון ר' איטשע שוחט. טאַקע פאַר איר און איר ייִנגערן ברודער, וואָס הייסט טאַקע נאָכן זיידן זיינעם, דערצייל איך די מעשה וועגן זייער זיידנס הויז און סוכה, „אַ סוכה נישט ווי יעדע סוכה", געבויט דורך דורות, אַ סוכה מיט אַזוי פיל לעבן און שיינקייט, וואָס האָט אויך נישט אויסגעהאַלטן די בייזע ווינטן פון חורבן־געוויטער...

## ר' ישעיה'ס עוזר דלים

ר' ישעיה „פשיסטאַווצער" האָט מען אים גערופן. „פשיסטאַווצער" האָט געהייסן אַ ליפעראַנט, אַ צושטעלער פון סחורות פאַרן מיליטער. דאָס איז געווען זיין פרנסה אַמאָל, אַמאָל. אין די צייטן פון „אָזשעם" און אַנטי־יידישן באָיקאָט איז טאַקע מער נישט מעגלעך געווען אַ ייד זאָל צושטעלן סחורות פאַרן „פּאָלק". ר' ישעיה איז שוין אָבער געבליבן ביים דאָזיקן נאָמען אויף שטענדיק — ביים נאָמען און אויך ביים מעמד פון אַ גביר.

אַ ייד אַ הדרת־פנים איז ער געווען ר' ישעיה. הויך און שלאַנק מיט אַ שפיציק־זילבערן בערדל און זילבערנע האָר, וואָס האָבן באַקרוינט דעם שטאָלצן געשטעל זיינעם וואָס האָט געוועקט צו זיך דרך־ארץ אויך ביים גוי. אַ דרך־ארץ נישט בלויז פאַרן אויסזען פון גביר אויף דעם „רבינס גאַס", פאַר זיין גבירישער ברייטקייט, נאָר אויך פאַר זיין אָרנטלעכקייט אין מסחר. אַלע האָבן געוווּסט: די בעסטע סחורה — שפייז און קאָלאָניאַל־פּראָדוקטן — פאַר די ביליקסטע פרייזן איז צו באַקומען נאָר ביי ר' ישעיה.

דער גביר אין „רבינס גאַס" איז, פאַרשטייט זיך, בסך הכל געווען אַ ייד אַ בעל־פרנסה און נישט מער. קיינעם פון די באַלעבאַטים האָט אָבער נישט געפאַסט אַזוי דער נאָמען ווי ר' ישעיהן, אי מחמת זיין אויסזען אי מחמת זיין פירונג. ער האָט געטיילט צדקה ביד רחבה, געהאַט אַן אָפענע שטוב און אַ האַלבע גאַס מענטשן געשטיצט מיט זיינע גמילת חסדים.

טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון זענען די שבת־צו־נאַכטסן ביי ר׳ ישעיהו אין שטוב. באַלד נאָך הבדלה פלעגן די באַלעבאַטים זיך דאָ פאַרזאַמלען טרינקען טיי. דאָס „טרינקען טיי" ביי ר׳ ישעיהן שבת־צו־נאַכטס איז געווען אַ מין שטאָט־ישער „פּאַרלאַמענט". דאָ האָט מען באַהאַנדלט נישט בלויז די צרכים פון דער שטאָט, נאָר אויך וועלט־פּאָליטיק. אויפן טיש זענען דערביי געשטאַנען גרויסע קלאָשן מיט האַרטע, געהאַקטע צוקער־קאָסטקעס און ר׳ ישעיה אַליין האָט גע־טראָגן פון דער קיך די פינקלדיקע גלעזער פריש אָנגעצויגענעם טיי פון די בעסטע מינים, וואָס זענען געווען בנמצא אין זיין דעליקאַטעסן־געשעפט. מיטן דאַזיקן „פּאַרלאַמענט" האָבן די גאַנצע צייט אָנגעפירט יוסף נחמיהס און משה אפרימס (שעדלעצקי). דער ערשטער, אַ ייד אַ חסיד און למדן, איז געווען דער צייטונגס־אַגענט, וואָס פלעגט פאַרשפּרייטן די פּרעסע פון וואַרשע, און קיינער ווי ער איז נישט געווען אַזאַ בקי אין דעם אַלעם, וואָס עס שרייבן די צייטונגען, אָנהייבנדיק פון חסידישן „טאָגבלאַט", „היינט" און „מאָמענט" ביז דער בונדישער „פּאָלקסצייטונג". דער צווייטער, מיין טאַטע, איז געווען אַ ייד אַ סוחר מיט אַ וועלטלעכן בליק און קעמפנדיקער ציוניסט אין חסידים־שטיבל. טאַקע אין איינעם אַזאַ שבת־צו־נאַכטס אין די אָנהויב דרייסיקער יאָרן איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דורך חסידים אין שטאָט אַ בונט נישט צו שטימען צום סיים פאַר דער ליסטע פון דער נאָכגיביקער אגודה מיט ר׳ איטשע מאיר לעווין אין שפּיץ, נאָר פאַר דער קעמפנדיקער ציוניסטישער ליסטע מיט יצחק גרינבוים בראש; אַ בונט וואָס האָט דערנאָך אַרויסגערופן אַ גרויסן אָפּקלאַנג אין דער גאַנצער געגנט און נישט איין חסיד איז דעמאָלט אַרויסגערופן געוואָרן צו זיין רבין און איז דערפאַר גוט אויסגעשייגעצט געוואָרן.

ר׳ ישעיה איז געווען גבאי אין אונדזער חסידים־שטיבל. ער איז אָבער געווען אָן עוסק בצרכי ציבור שלא על מנת לקבל פּרס. ער האָט פיינט געהאַט כיבודים. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז עס זענען פאַראַן גרעסערע למדנים ווי ער — אַז אַ גביר אַליין איז נישט אַלץ...

איין טאָג אין יאָר פלעגט אָבער ישעיה „פּשיסטאַווצער" אַרויס פון די כלים. דאָס איז געווען שמחת תורה בעת די הקפות.

„לעבעדיקער, לעבעדיקער!" — האָט ער נישט אויפגעהערט צו וועקן דעם עולם, און האָט געמאַכט יד אחת מיט דער „ווייסער חברה" אָפּצוטאָן כל המינים קונדייסישע שטיק. היינט זיין „אויסרופן" — דאָס טיטולירן די שיינע באַלעבאַטים און צוטרעפן יעדן איינעם מיט אַ גוט־געמיטלעך וואָרט, אימפּראָוויזירנדיק דערביי גראַמען וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ הייטערקייט און געלעכטער פון אמתער שמחה און פרייד, זיך אַליין האָט ער מכבד געווען מיט דער הקפה „עוזר דלים"...

„יעמוד, יעמוד — איך אַליין!" — האָט ער דערביי אויסגערופן מיט זיין צעקלונגענער יום־טובדיקער שטימע און געכאַפּט דערביי איינע פון די פיל ספרי־תורהס וואָס ער אַליין האָט געלאָזט „שרייבן" פאַרן שטיבל, און זיך אַרויסגעלאָזט אין אַ טאַנץ מיט חברה הוליאַקעס, געטאַנצט און געזונגען ביזן הייזעריק ווערן לסוף פלעגט ער אַ קלאַפּ טאָן אין בעלעמער און אויסרופן דווקא אין פּויליש:

— „ספראַוואַ וויגראַנאַ, בעז אַפּעלאַציִ!" (טייטש: דער משפט איז געוואונען, נישט נויטיק קיין שום געריכטס־אַפּעלאַציע).

דאָס האָט געהייסן: אָט זענען די ימים נוראים אַדורך, דער יום הדין איז פאַרביי, נאָר וואָס האָט מען אויך באַקומען אַ גוט קוויטל, — איז, ברידערלעך, חי געלעבט, נישט געזאָרגט. ס'גייט אַ ניי גוט יאָר!



ר' ישעיה האָט געהאַט פיר זין. דער עלטסטער, דוד, האָט פרי געהייראַט און מזכה געווען אים מיט אַ שטוב אייניקלעך — בלויז מיידלעך, איינע שענער פון דער צווייטער. די צוויי אַנדערע זין זענען אַוועק פון דער היים. דער יינגסטער זון איז געבליבן מיט די עלטערן אויך נאָך זיין הייראַט. אַברהם, אַזוי האָט ער געהייסן, איז געווען דער שטאָלץ פון טאַטע־מאַמע. צו גאָט און צו לייט, און נישט אומזיסט האָט מען אים אין שטאָט גערופן — אַ טייל מיט נישט־פאַרגינע־רישקייט און שפּאָט, אַנדערע מיט דרך־ארץ און אָנערקענונג — „דאָס חפץ".

ר' ישעיה האָט זיך געעלטערט אין פריידן — ער האָט געמעגט זיין רואיק: ער לאָזט איבער אַ פיינעם יורש, וואָס וועט נישט פאַרשעמען דעם טאַטנס שטוב.

איז אָבער געקומען די מלחמה מיט חורבן — און אַלץ מיטאַנאַנדער צעמישט און פאַרווישט.

אין איינעם אַ פאַרטאָג קלאַפּט מען ביי אונדז. אונדזער מחותן, ר' ישעיה זאָגט אונדז אָן אַ ביטערע בשורה: זיין אברהם איז די נאַכט פלוצים געשטאָרבן.

יענעם פאַרטאָג איז ר' ישעיהס שיינער זילבער־קאָפּ געוואָרן ווייס ווי שניי.

די גאַנצע שטאָט איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער לוויה, אָבער קיינער האָט נישט געוויינט — די שווערד פון אומקום האָט שוין געשוועבט איבער דער קהילה. יידן האָבן מקנא געווען, געהאַלטן דעם טויט פאַר אַ זכיה: אברהם קומט כאָטש צו קבר ישראל.

אויך ר' ישעיה אַליין האָט קיין טרער נישט געלאָזט, נאָר געהאַלטן דאָס שפּיץ בערדל צווישן די ציין און עפּעס שטיל געמורמלט. ערשט אין עטלעכע טעג אַרום — ווען די דייטשע מחבלים האָבן די שטאָט מיט יידן געטריבן צום מאַרק־פּלאַץ, פון וואַנען מ'האָט זיי, נאָך אַ גאַנצן טאָג זיצן אונטער דער ברע־נענדיקער זון אָפּגעפירט צו די טויט־וואַגאָנען, האָט ר' ישעיה איבערגעחזרט מיט אַ קול וואָס ער האָט פריער מורא־געהאַט צו ברענגען פאַרן מויל:

— „ספראַוואַ פשעגראַנאַ"...

ס'הייסט: דער משפט איז פאַרלוירן, אַלץ איז פאַרשפּילט...

# פרקי עבר



**געזעלשאַפטלעכער אַקטיוו — אויף איין בילד**
גרופּן־בילדביים קבר פון יחיאל מאיר דאַמב
פון רעכטס אויף לינקס:
מרדכי ווייסבראָט, שוויאַטלאַ, אָרליאַנסקי, ירחמיאל אייזנשטיין (פיטיגרילי), פרוי חנהטשע זשעלאַזני, טשאַרנע מיאַדאָווסקא, שלמה ליפּמאַן, אריה זילבערשטיין, יחיאל מאָטל קאַלטנס זון, יחיאל זשעלאַזנע, משה אָרלאַנסקי, ישראל ציליך, לייזער בוטלער, יעקב קויפמאַן, וועלוול זלאָטאַלאָוו, אהרן זיסערמאַן, משה שמעון פרידמאַן, ישראל גוטגאָלד, שלמה מאָרגנשטערן, אברהם סלאָדזשאַרש, ישראל רובינשטיין, פייגע זלאטאלאוו
רעכטס ביי דער מצבה — יחיאל זשעלאַזני

# זכרונות

**יצחק קלוגמאַן (ז"ל)**

# בית חותני

מינסק־מזובייצקי, שנתקשרתי אליה על ידי קשרי חיתון כחתנו של ר' אברהם יצחק ביבלרזש ז"ל, כמעט שלא הכרתיה הכרה יסודית. הגם שעירנו רמברטוב היתה קרובה מאד לה מבחינה גיאוגרפית, לא נזדמן לי אף פעם לבקרה אלא לאחר שהתחתנתי. וגם אחרי זה לא היתה לי אפשרות להכיר אותה מקרוב, על החיים התוססים שבה, על אנשיה, מוסדותיה, כי אחרי זמן מה חזרתי לעירנו רמברטוב לעיסוקי הרגילים. בזמן הקצר ששהיתי בה, הספקתי להכיר כמה אנשים שנחרתו בזכרוני ובלבי, עמוק עמוק. הם עומדים לנגד עיני, כי שוחחתי אתם לעתים קרובות, אם בדרך הילוכי מבית חותני ל„שטיבל" של גור, או על ידי פגישה ישירה במגמה לדבר על ענינים אקטואליים יום יומיים או בענינים של היהדות המקורית והשרשית שהיתה אז במלוא עוצמת ההתארגנות, בכדי לעמוד בפרץ ולהשיב מלחמה שערה. אגודת ישראל הסתערה לכבוש קהילות, לארגן בתי ספר לבנים ולבנות ברוח ישראל סבא. במינסק נפגשתי עם פעילים אחדים מהם, ובמיוחד עם לייזר אלי לרנר (הוציא בורשה שבועון בשפה הפולנית לאקדמאים דתיים „מוריה"), איטשה קפלן (בן הרב), פסח השען ומר בונה יבדל לחיים טובים, בר אההן ובר אוריין, הנמצא אתנו בארץ ותופס עמדה מכובדת בצבור הדתי. קשה לי להתעכב על כל אחד ואחד על כל תכונותיו, כולם בעלי שעור קומה ושאר רוח.

למשל, ר' פסח הורוביץ, השען. כשנכנסת אל חנותו והוא הרים את עיניו בהורידו המשקפת מעל עינו, הרגשת שהיהודי היקר הזה, למרות שהיה כל היום שקוע בגלגלי השעונים שעסק בתיקונם, היה אדם חושב וטוב היה לשוחח אתו, ולהתייעץ גם בענינים העומדים ברומו של עולם. הוא למד הרבה מגיסו ישראל אהרון ביאלער ז"ל שהיה גם גיסי, בעל אחותי.

עם אליעזר אלי לרנר ישבנו בצוותא גם לאחר שחזרתי לגור לרמברטוב והוא עבד בורשה, בבנק אגודת ישראל. הוא היה מבקר אותי כמעט כל שבוע ופעלנו יחד ברוח התנועה למען הצלת הנוער היהודי ולהכניסו תחת כנפי היהדות המקורית.

אולם לא רק יהודים יראים ושלימים הכרתי במינסק, אלא גם פשוטי עם, אנשי „עמך" שביקרו לעתים קרובות אצל חותני ז"ל — אם לשתית קפה או תה בשבת בבוקר לפני התפילה או בקידוש שמחת תורה או ביומא דפגרא אחר. לא אשכח בית חותני, שהיה ידוע בכל העיר ובסביבה. היה זה בית יהודי מפואר שלא התבטא אמנם בריהוט מפואר או בקישוטים חיצוניים אחרים. היה בו פאר פנימי והצטיין בתכונות נעלות ונשגבות. היה זה בית פתוח לרווחה, פתוח לעזרת הזולת ללא כל שמץ מלאכותיות. חותני היה בורח מן הכבוד ונזהר מאד לא לפגוע בכבודו של הזולת. בכל תכונותיו נדבקו גם כל בני הבית, הבנים והבנות הנמצאים אתנו בארץ וגם אלה שהושמדו ע"י האשמדאי הנאצי ימח שמו.

(רשימה זו רשם המחבר יום לפני פטירתו הפתאומית מהתקף לב, בשבת חול המועד פסח תשל"ה. ר' יצחק (איטשעלע) היה משתתף קבוע ונואם באזכרות יוצאי עירנו ובירך על היוזמה להוצאת ספר זה. יהא זכרו ברוך!).

**יעקב קויפמאַן**
(ירושלים)

# לזכר משפחתי

אבי ר׳ יצחק אייזיק שו״ב ז״ל, היה בנו של הלמדן המופלג ר׳ אברהם אליעזר שו״ב ז״ל וחתנו של המו״ץ דמתא, הרב ר׳ חיים אשר זליג הכהן ז״ל.

דמותו זכורה לרבים מיוצאי עירנו. היה איש־רעים, נעים הליכות ואוהב בריות. ענו וצנוע, חסיד וירא־שמים, לומד ומלמד בכל ימות השבוע. מפרש לפשוטי העם ולאנשי־הסדנא את פרשת השבוע או פרק משניות. עם הלמדנים היה לומד שעור בש״ס ופוסקים. העמיד תלמידים רבים ולומדי תורה בזמן ששירת כראש הישיבה במינצק.

כבעל קול ערב היה עובר לפני התיבה בימים הנוראים בבית המדרש הישן ובחדש וכובש לבבות בתפילותיו.

היה חסיד נלהב ב„חצר״ סטריקוב (מורשת אביו). ביתנו היה מקום מפגש לחסידי סטריקוב ואלכסנדר, בעיקר במוצאי שבת לסעודת מלוה־מלכה.



מימין לשמאל: אבי, ר׳ יצחק־אייזיק שו״ב, אמי חיה־פריידה וסבי הרב ר׳ חיים־זליק רוטלביץ׳, מו״ץ (יושב)

מינסק־מזובייצק היתה ברוכה ומשופעת בחסידים מכל ה„חצרות": חסידי גור, אלכסנדר, סטריקוב, פוריסוב, רדזין וסקערניוויץ וההווי החסידי היה תוסס בעירנו והשפיע על עיצוב החיים היהודיים.

ביום השבת השתררה שלווה ומנוחה. כבר עם שחר היו חסידים ואנשי־מעשה מקדימים קום ונראים ברחובות העיר בהליכה של פסיעות מדודות תוך כדי שיחה בדברי תורה או סתם בעניני דיומא, מי לבית המדרש ומי ל„שטיבל", בהעברה על ה„סדרה", שניים מקרא ואחד תרגום, מי בשיעור גמרא או פרק משניות ואף באמירת פיוטים ומזמורי תהילים, איש איש לפי טעמו.

גם בביתנו היה מורגש נועם השבת. האבא שכל כולו אמר רוממות, היה עוסק מבואו ועד צאתו בלימודי שיעורי גמרא, בתפילות ובזמירות.

הזמירות העליזות היו עולות ובוקעות מתוך ביתנו וניגוני מודזיץ וורקה שזמרו כל בני הבית, התפשטו הרחק הרחק על פני הסביבה כולה.

ובערוב היום, אחר תפילת מנחה, בשעת רעווא דרעווא, לסעודה השלישית התכנסו לבית סבי ר' אברהם אליעזר שו"ב. הדמדומים נתפשטו והלכו על פני הבית. דומיה השתררה: ר' אברהם אליעזר משמיע דברי תורה ושיחות מופלאות. סבא כיבד את אבי בזמירת „בני היכלא דיכסיפין" וכולם נשאו את קולם בהשתפכות הנפש.

ובמוצאי שבת בשעה מאוחרת נתכנסו חסידי אלכסנדר וסטריקוב לביתנו בכדי לקיים את סעודת מלווה־מלכה. ישבו צפופים וזמרו את הזמירות המיועדות לשעה זו — זמירות עליזות שקודש וחול נושקות בהן אהדדי, ליוו את שבת המלכה וקבלו את ששת ימי המעשה הבאים.

לא תמוש מזכרוני התמונה של חג שמחת־תורה כשהעיר התמלאה חדוה. תיכף עם תום התפילה בבתי הכנסת וב„שטיבלעך" המתה העיר מרוב חבורות חסידים לבושי שיראין. גם אצלנו בבית התכנסו החסידים לקדוש של שמחת־תורה. אכלו ושתו ובין לגימה ללגימה, כטוב לבם ביין, נשאו את קולם בשירה אדירה ושלובי ידיים התלכדו סביב לשולחן, נשאו את רגליהם, יצאו במחול, ורוחם התנשאה.

לפני מרחפות ועולות הדמויות היקרות, פאר משפחתי שהיו ואינם עוד. למדנים, כולם קדושים וטהורים. לא אשכח דמותו של אבי. מאז הבוקר היה עסוק בתורה, בשחיטה וב„העמדת" חלפים ובעיקר בכתיבת פרושים „לקוטי יצחק" בהלכה ובדרש, שלא זכו לראות אור.

אזכור את אמי חיה־פרידה בת הרב חיים זליג הכהן. אשה רודפת צדקה וחסד. מן הנשים המתפללות הקבועות ב„עזרת הנשים", שאף פעם לא משה ממקומה עד סיום התפילה. אינה מדלגת על שום פיוט ומזמור והכל מתוך יראת שמים תמימה.

אזכור את דמותו המפוארת של סבי ר' חיים אשר זליג שכיהן כמורה־הוראה במינסק שנים רבות. בהעדר רב בעיר, בגלל המחלוקת שבין תומכי „מייחוב" לבין תומכי „בריסק", מילא את כל תפקידי הרב ופקח על חייה הדתיים של העיר.

ניחן בתכונות טובות וגילם את האדם שתורה וחכמה חברו בו יחד. כשאנשי



אחותי דבורה,
נספתה בשואה

העיר הביאו לפניו את דבריהם ומחסוריהם ובטענותיהם ב„דין־תורה" — ידע הסבא מתוך בינת הלב, להרגיע פנים זועפות, וברוב המקרים הצליח לפשר בין הצדדים.

היה ידוע כש"ץ המחונן בקול אדיר ובעל לחן מיוחד בתפילותיו. עבר לפני התיבה בימים הנוראים בתפילות כל נדרי, מוסף ונעילה.

נפטר בגיטו מינסק בשנת 1942 ממחלת הטיפוס.

העליתי מעט מזכרונות העבר ודלה שפתי מלתאר במסגרת מצומצמת זו הרבה על חייהם המפוארים של משפחתי. קשה להשלים עם העובדה שכל זה היה ואיננו.

אין תשובה לשאלה הנוקבת והמחרידה מדוע דוקא אני, היחיד מכל משפחתי, נשארתי האוד המוצל מן השרפה הגדולה וזכיתי לעלות לא"י להשתקע בתוך עיר דוד ולהקים דור חדש העוסק בבנינה ובהגנתה של הארץ.

מיום עזבי את בית הורי, עת שמנו פעמינו, אני ואשתי שבע'לה, לרוסיה הרחוקה, עברו 38 שנה, אך לא תמוש מלבבי עד עולם ברכתו של אבי. ברכת אב שבעיניו צער עמוק ב„יברכך", וברכת אם בוכיה במלמולים של רחמים. ואני, במחנק בגרוני ואגלי דמע בעיני, האמנתי שאין זו אלא פרידה לזמן קצר, אך מי פילל את אשר עתיד לבוא!

ביום האקציה אבי הוצא מחוץ לעיר יחד עם קבוצת יהודים, ונורו למות. אמי ואחותי דבורה נרדפו אל תוך כבשני הגז שבטרבלינקה. אחי דוד וגיסי בן־ציון נורו ברחובות העיר. חותנתי גולדה מיודובסקי נורתה ברחוב בעת הגירוש. אחי ישראל ואשתו איטקה ובתם ויתר קרובי המשפחה — דרך מותם לא ידועה לי.

תהיינה נשמותיהם צרורות בצרור החיים.

מרדכי ווייסבראָט ז״ל

# מיין פּאָטערס הויז אויף דער באַן־גאַס

אין אונדזער הויז אויף דער „קאָליע״־גאַס האָבן מיר זיך אַריינגעצויגן ערב פסח פונעם יאָר 1908. דאָס איז געווען אַן ערך צוויי חדשים פאַר דעם ווי איך בין געבוירן געוואָרן. אין שטוב ביי אונדז זענען שוין דעמאָלט געווען פינף קינדער; דאָס עלטסטע — צען יאָר אַלט און דאָס יינגסטע קוים צוויי יאָר. איך בין געווען דאָס זעקסטע קינד אין דער משפחה (פינף יאָר שפּעטער איז געבוירן געוואָרן מיין יינגסטער ברודער שלום). דאָס פריערדיקע וווין־אָרט איז געווען אויך אויף דער גאַס, אַנטקעגן. דער טאַטע, ר׳ איטשע־מאיר, איז שוין דעמאָלט געווען אַ ייד אַ סוחר, געפירט עסקים אין אַ לאַנד־מאַסשטאַב: עקספּאָרטירט האָלץ פון רוסלאַנד קיין דייטשלאַנד.

פריער האָט דער טאַטע אַ געוויסע צייט — שוין נאָך דער חתונה — געוווינט אין באַברויסק. דאָרט זענען אויך געבוירן געוואָרן די ערשטע צוויי קינדער אין דער משפחה — מיין שוועסטער מרים (מאַניע) און שרה (סאָניע). נאָך עטלעכע יאָר וווינען דאָרט איז ער צוריק אַריבער קיין מינסק, דעמאָלט נאָוואָמינסק, אַפּנים ווייל דאָ זענען בעסער געווען די אויסזיכטן פון מסחר מיט דער וועלט. מינסק איז אויך געווען זיין געבוירן־שטאָט.

ר׳ יוסף־שלום ווייסבראָט, דער טאַטנס פאָטער, איז געווען אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס אין שטאָט. ער איז געווען ממונה איבערן היפּאָטעק. זיין חתימה אויף די אָפיציעלע דאָקומענטן האָט ער געחתמעט מיט אַ סטעמפּל מיט יידישע אותיות. די חתימה איז געלעגן כמעט אויף אַלע אַקטן פון אָפּשרייבן פאַרמעגנס אין יענער צייט. דאָס שטעמפּעלע גופא האָט אונדז געבראַכט אין שטוב אַריין יאַנקל ראָזנבערגס יינגסטער זון. ער האָט עס געפונען אין זאַמד פונעם אָראָפּ־געגומענעם פּאַרק ביי דער רויטער שקאָלע. מיר האָבן דאָס סטעמפּעלע געהיטן אין שטוב ווי דעם טייערסטן אָנדענק נאָכן זיידן.

ר׳ יוסף־שלום ווייסבראָט איז געווען אַ ייד אַ חסיד. ער איז געפאָרן קיין גער און איז דאָרט געווען פון די טיש־זיצער ביים אַלטן רבין. דעריבער האָט ער טאַקע דעם טאַטן געגעבן אַ נאָמען — ווי אַ סך גערער חסידים האָבן דאָס בשעתו געטאָן — נאָך דעם אַלטן רבין: איטשע־מאיר. אויך דער טאַטע אַליין איז געווען אַ הייסער גערער חסיד. אין די יונגע יאָרן האָט ער געטראָגן אַ שטריימל מיט אַ זיידענער קאַפּאָטע. צוליבן „אַרויס אין דער וועלט״ פון מסחר מיט דער האָלץ־בראַנזשע, האָט ער געמוזט ביסלעכווייז אויך אַרויס פון די חסידישע מלבושים. אין יענע יאָרן, ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, פלעגט די מאַמע ביים באַגלייטן דעם טאַטן צו דער באַן אויף זיינע אָפטע רייזעס מיטטראָגן מיט זיך דעם האַרטן קאַפּעליוש און גיבן אים דאָס איבערצוטאָן ערשט ווען ער איז שוין געזעסן אין צוג. אין שטאָט האָט דער טאַטע נישט געוואַגט דעמאָלט אין אַן „אייראָפּעישער״ קליידונג צו גיין אפילו דאָס פּיצל וועג פון אונדזער שטוב ביזן וואָקזאַל...

ווען מיר זענען אַריין אין אונדזער ניי הויז זענען כמעט אויף דער גאַנצער קאַליע״־גאַס ביי דער באַן נישט געווען קיין הייזער. דער גאַנצער וועג צו דער באַן בכלל איז נאָך נישט געווען פאַרבויט, איז געווען ליידיק און זאַמדיק. דאָס האָט נאָך דעמאָלט געהייסן „אויסער דער שטאָט״, בפרט אַז דערנעבן האָט זיך געפונען דאָס אַלטע בית־עלמין. יידן האָבן פשוט מורא־געהאַט צו וווינען נאָענט פון בית־הקברות. אָבער נישט בלויז צוליב דעם. מ׳האָט מורא־געהאַט דאָרט צו וווינען אויך צוליב באַנדיטן און גנבים. אונדזער הויז איז דעריבער באַלד מלכתחילה אַרומגעצוימט געוואָרן מיט אַ פעסטן פּאַרקאַן, וואָס איז געבליבן אויף תמיד. אינעם הויף זענען געווען נישט ווייניקער ווי זיבן געהיימע אַרויסגאַנגען, כדי אין פאַל פון אַן איבערפאַל זאָל עמיצער זיך אַרויסבאַקומען און אַלאַרמירן די פּאָליציי. דער טאַטע האָט אויך געהאַט אַ דערלויבעניש אויף געווער, אַ רעוואָלווער, כאָטש ער האָט אים קיינמאָל נישט געדאַרפט באַנוצן.

לאַנגע יאָרן איז אונדזער הויז געשטאַנען כמעט אַליין אויף דער גאַנצער גאַס. ביסלעכווייז האָט מען אָבער אָנגעהויבן בויען הייזער אַרום. נאָך אַביסל פריער איז אויפגעבויט געוואָרן דאָס אַלטע בית־מדרש אויף דער צווייטער זייט פון דער „קאַליע״־גאַס, נעענטער צום סעידל. דער טאַטע פלעגט דאָרט זיין פון די ערשטע מתפללים, נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלאָזט דאָס גערער שטיבל. ער האָט דאָ געהאַט אַ „שטאָט״ אויף דער מזרח־וואַנט מיט 4—5 פלעצער פאַר דער גאַנצער משפחה. ראש־השנה און יום־כיפור פלעגט ער אָבער דאַווענען אין נייעם בית־מדרש, ביים מאַרק אויף יענער זייט שטאָט.

דער טאַטע איז לאַנגע יאָרן געווען טעטיק אין מאַגיסטראַט, אַלס עסקן און שתדלן. עטלעכע קאַדענצן איז ער געווען לאַווניק מצד דער יידישער באַפעל־קערונג. אויך אין 1920, בעת דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע, איז ער געווען לאַווניק. איך געדענק, אַז דער שטאַב פון די „האַלערטשיקעס״ האָט זיך דעמאָלט געפונען אין פּאַלאַץ פון די דארנאַלאָוויטשעס, אינעם פּאַרק אויף דער וואַר־שעווער גאַס. דער טאַטע האָט דעמאָלט צוגעשטעלט מעבל פאַרן נייעם פּוילישן מיליטער און ער האָט געטראָגן מיט זיך אַ „שיין״, פאַרזען מיט דער חתימה פון גענעראַל האַלער אַליין. מיט דער שיין פלעגט ער פראַנק־און־פריי זיך קענען באַוועגן אומעטום און זייער אָפט איז אים אויסגעקומען צו זיין אינעם שטאַב. איינמאָל האָט אים דאָרט אַ „האַלערטשיק״, ווי דער שטייגער ביי די אַנטיסעמיטישע זעלנער דעמאָלט, אָנגעכאַפּט ביי דער באָרד און אים באַליי־דיקט. דערזעענדיק אָבער די שיין האָט דער זעלנער זיך גלייך אַנטשולדיקט און סאַלוטירט.

די חשיבות פון טאַטן ביי דער נייער פּוילישער מאַכט איז אים קאַפּויער געקומען. ווען די באָלשעוויקעס זענען אַריין אין שטאָט האָבן זיי דעם טאַטן אַרעסטירט און מיטגענומען מיט זיך אויף מזרח, צוזאַמען מיט גורפינקלען און סומערן פון מאַגיסטראַט. ערשט נאָך לאַנגע באַמיונגען איז ער געקומען אַהיים אַ גאַנצער.

נאָך פאַרן אויסברוך פון ערשטן וועלטקריג איז דער טאַטע געווען באַזונ־דערס אַקטיוו ביים ברענגען אין שטאָט אריין דעם רב, הרב קאַפּלאַן, „דער

בריסקער רב״ — ווי מען האָט אים גערופן. וועגן דעם איז אָנגעגאַנגען אַ גרויסע מחלוקת — דעם טאַטן איז אָבער געלונגען דעם ענין דורכצופירן. געווען אויך אַ שוחט פון בריסק וואָס דער טאַטע האָט אַראָפּגעבראַכט צו אונדז אין שטאָט. יענער האָט די ערשטע צייט געוווינט אין אונדזער הויז (שפּעטער ביי שאול שטוטמאַן).

דער טאַטע איז געווען צווישן די וואָס האָבן געזאָרגט אַראָפּצוברענגען אַ דאָקטער אין שטאָט, און ער איז געווען אַקטיווביים גרינדן דעם „לינת הצדק״. יאָרן שפּעטער איז ער געווען אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע פון „לינת הצדק״.

דאָס פאַרנעמען זיך מיט קהלישע ענינים און דער עיקר די האַנדלס־באַציִונגען האָבן געבראַכט דערצו, אַז ער האָט ביסלעכווייז געענדערט זיין חסידישן לבוש אויף אַן „אייראָפּעישן״ און ער איז וואָסאַמאָל מער, באַזונדערס נאָכן קריג, געוואָרן אַלץ וועלטלעכער. אויך אַלס חסיד פלעגט אָבער דער טאַטע סטאַביל לייענען די „הצפירה״ און די השכלה־ליטעראַטור. ער איז געווען פון די ערשטע וואָס האָבן אַבאָנירט די „הצפירה״ און אויפגעהיטן יעדן נומער, אַזוי צוועלף יאָר נאָכאַנאַנד. יאנקל איינבינדער האָט די צייטונגען געבונדן אין 4 בענדער, וואָס זענען ביי אונדז געלעגן אויפן בוידעם. איך געדענק, אַז קורץ פאַרן צווייטן וועלטקריג איז צו אונדז געקומען אַ מענטש פון יודאַיסטישן אינסטיטוט אין וואַרשע פאַרהאַנדלען כדי אָפּצוקויפן די פולע קאָמפּלעטן פון „הצפירה״. אונדז איז אָבער שווער געווען צו שיידן זיך מיטן טאַטנס ירושה (דער טאַטע האָט שוין דעמאָלט נישט געלעבט).

אין די צוואַנציקער יאָרן איז דעם טאַטן אויך אויסגעקומען צו פירן אַ שווערן קאַמף מכוח דעם אַלטן בית־הקברות. דער מאַגיסטראַט האָט דאָרט געוואָלט דורכהאַקן אַ נייעם וועג צו דער קאַשטשיושקאָ־גאַס. נאָך אַ לאַנגן קאַמף אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג איז די גזירה אָפּגערופן געוואָרן. דאָס בית־עלמין מיט די אַלטע מצבות פון די ערשטע יידן אין שטאָט איז געבליבן גאַנץ ביזן אומקום.

נאָך דער וועלט־מלחמה האָט דער טאַטע אויפגעהערט צו האַנדלען „מיט דער וועלט״ און זיך קאָנצענטרירט מיטן מסחר אויפן אָרט. האַלץ איז אַלץ געבליבן זיין פּרנסה. מיר האָבן געהאַט מאַשינען אויף דער וואַרשעווער גאַס מיט אַן אייגענער האַנט־„קאָלעיקע״ וואָס האָט אַרומגעקרייזט איבערן שטח און געפירט דאָס געהילץ און די צעשניטענע ברעטער. דאָס האָלץ איז געגאַנגען פאַר בוי־צוועקן. אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן האָט דעם טאַטן געהאָלפן אין די געשעפטן אונדזער עלטסטער ברודער לייביש (בעת דער לעצטער מלחמה איז ער פאַרוואָגלט געוואָרן קיין רוסלאַנד). די עלטסטע שוועסטער מרים האָט שוין אין יאָר 1922 געהייראַט קיין ליפּנאָ. אויך די צווייטע שוועסטער סאָניע האָט געהייראַט (מיט אליעזר זילבערמאַן). זי איז געווען די איינציקע שוועס־טער, וואָס איז געבליבן וווינען אין הויף. לייביש האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער טיכטיק אין געשעפט, אָבער נאָכן הייראַטן (מיט זיין קוזינקע פון וואַרשע אין יאָר 1924), איז ער אַוועק אין די קרעסן און אָנגעהויבן מסחר פאַר זיך.

צוערשט האָט ער זייער מצליח־געווען, אָבער לסוף איז ער צוריקגעקומען. ווען ער איז אַוועק פון שטאָט האָט דעם טאַטן געהאָלפן אין די געשעפטן ישראליק, וואָס האָט אויך שפּעטער געהייראָט קיין ליפּנאָ. אַז לייביש איז צוריקגעקומען, האָט דער טאַטע אים אַריינגענומען אין שותפות. די געשעפטן זענען נישט געגאַנגען שלעכט אַזוי ביזן גרויסן קראַך אין 26—1925. די עסקים זענען געוואָרן אַלץ קלענער. דער „סקלאַד" אויף דער וואַרשעווער גאַס איז ליקווידירט געוואָרן (דאָרט האָבן מיר דעמאָלט אויך געהאַט אַ מילעכל פון ראַזאָווע־מעל). אין איינעם אַ טאָג איז לייביש געקומען מיטן פאַרלאַנג אַרויס־צוגיין פון שותפות. מ'איז אַוועק צום רב, הרב קאַפּלאַן, און זיין פסק איז פאַרן טאַטן געווען הייליק. ער האָט לייבישן אויסגעצאָלט אַ סך געלט.

לייביש אַליין איז ווייזט אויס, נאָך לויט אַ פריערדיקן פּלאַן, געוואָרן אַ שותף צו ליפּשיטשינסקין, וואָס איז זיך ווידער פונאַנדערגעגאַנגען מיט זיין ביז דעמאָלט־דיקן שותף סאָסנאָווסקי — אַלץ פון דער זעלבער בראַנזשע. ליפּשיטשינסקי מיט לייבישעס שותפות האָט ביז גאָר מצליח־געווען אַזוי, אַז עס איז מער נישט געבליבן קיין פּלאַץ פאַרן טאַטנס האַלץ־עסקים. דער טאַטע האָט זיך דעריבער גענומען צו אַן אַנדער פּרנסה. ער האָט אַריינגעשטעלט אין הויף מאַשינען און מען האָט אָנגעהויבן אויסאַרבעטן מעבל ווי אויך פּודעלעך. דער טאַטע איז דערווייל אויך געוואָרן עלטער. ישראליק איז שוין פון לאַנג געווען אין ליפּנאָ און די ריי צו פירן די געשעפטן איז געפאַלן אויף מיר, אַזוי ביזן מלחמה־אויסברוך.

די גאַנצע צייט פון טאַטנס לעבן איז אונדזער שטוב געווען אַ בית ועד לחכמים — אַן אָפענע שטוב. שיינע באַלעבאַטים פון שטאָט זענען געקומען צום טאַטן זיך שואל־עצה־זיין נישט בלויז וועגן קהלישע ענינים, וואַלן וכדומה, און אויך וועגן פּריוואַטע ענינים. דער טאַטע איז אָנגעגאַנגען אַלס מומחה אין יורידישע ענינים. זיינע עצות זענען תמיד געווען לאָגיש אויסגעהאַלטן און געהאָלפן נישט ווייניק.

אין עלטער פון 67 יאָר — י"ז תמוז תרצ"ד — איז דער טאַטע געשטאָרבן נאָך אַ שווערער קראַנקייט און איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן גענשער בית עלמין אין וואַרשע. די מאַמע איידל (פון דער היים מילער), איז געווען אַ וואַרשעווערין און איר גאַנצע משפּחה האָט דאָרט געוווינט. די מאַמע האָט געלעבט ביזן אומקום. נאָך דעם ווי איך בין ביים מלחמה־אויסברוך געווען מאָביליזירט אין רוסלאַנד, איז די מאַמע געווען מיט איר טאָכטער סאָניע און מיטן ייִנגסטן פון אונדזערע ברידער, שלום. אַ פּאָר חדשים נאָכן מלחמה־אויסברוך איז קיין מינסק אויך געקומען ישראליק מיט זיין משפּחה פון ליפּנאָ פון וואַנען ער איז אַרויסגעטריבן געוואָרן דורכן דייטש. זי איז דערשאָסן געוואָרן בעת דער אַקציע אין עלטער פון 72 יאָר.

אין זעלבן טאָג איז אויך אומגעקומען אָדער אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע מיין שוועסטער סאָניע מיט איר מאַן אליעזר זילבערמאַן. זייער איינציקער זון, העניעק, איז שפּעטער אומגעקומען אין „קאָפּערניק" צוזאַמען

מיט ישראליקן. ישראליקס משפחה, וואָס האָבן די מלחמה־צייט געלעבט ביי אונדז אין הויז, זענען אויך אַלע אומגעקומען אין מינסק בעת דער אַקציע.

אין מינסק איז בעת דער אַקציע אויך אומגעקומען לייבישעס משפחה — זיין פרוי אונדזער קוזינקע, דעם טאַטנס אַ ברודערס טאָכטער, געניע, מיטביידע קינדער פראַניע און מאַניע. אויך פון מיין שוועסטער מרימס משפחה אין ליפּנאָ איז קיינער נישט געבליבן, און אַזוי אויך פון דער משפחה פון מיין שוועסטער הינדע, וואָס האָט געוווינט אין וואַרשע און געהייראַט מיט דער מאַמעס אַ ברודער־זון פּייוול מילער. דער ייִנגסטער ברודער אונדזערער, שלום, האָט בעת דער מלחמה געקעמפט פאַר דער פאַרטיידיקונג פון וואַרשע. ער איז אויך אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי פון וואַרשע און ניי־געבוירן קינד (אַ מיידעלע) אין געטאָ אין מינסק. פון שטאָט איז אויך אַרויסגעפירט געוואָרן מיין פרוי גוטא מיט אונדזער פינף־יעריק מיידעלע.

אַזוי איז פאַרשניטן געוואָרן אונדזער גרויסע משפחה פון וועלכער עס זענען געבליבן בלויז מיר צוויי — איך אין ישראל און מיין עלטסטער ברודער לייביש, ערגעץ־ווו אין ווייטן רוסלאַנד.



מרדכי ווייסבראָט ז"ל (אויבן) וואס האָט ביז זיין טויט אָנגעפירט מיט דער מינסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל מיט א גרופע מינסקער ביים פלאַנצן א וועלדל אין „יער הקדושים" לזכר אונדזער חרוב־געוואָרענער קהילה

**פולא טייבלום (צוקרמן)**
**(פתח־תקוה)**

# בשעת פרידה

מינסק מזוביצקי — עיירה השוכנת בלב פולין, בצלה של וארשה בירתה. עיירה מוקפת יערות ונחל קטן חוצה אותה לשתים. בשוליה — גן ענק וארמון עתיק־ימים המשתקף בנחל — נחלתם של בעלי העיירה בעבר, משפחת האצילים לבית דרנלוביץ׳. בעיירה זו נולדתי, גדלתי, פה עברו שנות ילדותי היפות. פה בגרתי ומכאן הפלגתי אל העולם הגדול.

משחר ילדותי זכור לי בית־הספר העברי של דודתי ודודי, תמר ויוחנן ליברמן, ומורת בית־הספר פולה זינגר, בת דודתי. אוהבי ציון וצמאי עברית שלחו לכאן את ילדיהם. בדמדומי זכרוני מימי ילדותי המוקדמים זוכרת אני קול שירת ילדים בוקע בחצר בשפה לא מובנת לי. ירדתי, והנה טור ילדים, מקושטים בסרטים כחולים־לבנים, יוצאים עם מוריהם ליער — חג ל״ג בעומר היה זה. כל חייהם שאפו דודתי ודודי ליברמן לעלות לארץ־ישראל ולא נסתייע הדבר בידיהם. יחד עם כל בית ישראל של קהילת וארשה עלו על מוקד ההשמדה.

גרנו בבית, שהקים עוד סבי ר׳ הערשל טייבלום, ברחוב וארשווסקה פינת אוגרודובה, מול הכנסייה. החצר שלנו — כמו רוב חצרות בני עירנו — ברוכת שכנים היתה. מנדל אופנהיים — ה„לאווניק״ וחבר הנהלת העיריה; סאנעלע רוזנברג — חסיד הרבי מסקרנביץ; פנחס־מתיס לושיצקי ובנו ברל־איצ׳ה, שעוד ידובר בהם; ר׳ יענקל רוזנברג — הגביר; ר׳ נח שטיינבוק — חסיד־גור הקנאי; משה וישניבסקי — „דוזר״ (שליח המועצה היהודית) החיי־טים; יוסל אורליאנסקי — ה„שפיליטר״, ואנו בתוכם — משפחת טייבלום על כל שלוחותיה בבית סבא. פעם, לפני שנים, היתה גם משפחת פרבמן הידועה שותפתנו לחצר, אך ברבות הימים עברו אל צדה האחר של העיירה.

ברוכי ילדים היו בתי ישראל וחצרנו לא שונה מן האחרות. עוד אזכור את הילדים עמם שיחקתי, השתוללתי — ותנאי חצרנו טובים משל אחרים כי לגדר של גן ה„פריץ״ נשקה. גן הפריץ! איך אוכל לא להזכירך?! והלא מרבית משחקינו בצל עציך התנהלו! ופלג המים אשר בינך ובין חצרנו — כמה חוויות השאיר בזכרוני! עצי האגוז הענקיים שמעבר לגדר הגן שלחו את ענפיהם אל חלונותינו, ועד היום אוחזת בי הריגשה כאשר אני נזכרת כיצד הייתי ניצבת על המשמר שעה שהגדולים ממני היו מטפסים על עצי האגוז לקטוף מפריים, ותפקידי להזהירם מפני שומר הגן הקרב.

נוער טוב היה למינסק. כל אחד חיפש את דרכו בחיים, את האמת שלו. מי ב„בונד״, מי אצל הקומוניסטים ורבים־רבים בתנועות הציוניות. בשנים קודמות עיירה דתית היתה מינסק. בתי־מדרש גדולים — שלושה, ו„שטיבלך״ של חסידים למיניהם — לרוב. זוכרת אני, כאשר ה„שטיבל״ של חסידי גור עלה באש באחד מלילות שבת — הוקם מייד חדש תחתיו ובתפארת גדולה יותר.

אחד מחסידי גור — והוא כבר הוזכר — היה ר׳ פנחס־מתיס לושיצקי.

יהודי תלמיד־חכם, שעשה ימיו בתורה. וברל־איצ׳ה — בנו. הזוכר אותם אי־מי? הנשאר להם זכר?

ברל־איצ׳ה מפרנס המשפחה היה. בוקר־בוקר, עם זריחת החמה, כאשר רוב השכנים עוד נמו את שנתם, היה ברל־איצ׳ה נוטל את חבילת הבדים על גבו ויוצא אל כפרי הסביבה, להמציא לבנות האיכרים בד לשמלה ולבני ביתו זהוב לפרנסה. ברל־איצ׳ה זכור לי עוד כבחור חסידי וכובע חסידים לראשו. אולם, התחשק לו, לברל־איצ׳ה, לצעוד לקראת ה„קידמה" ובאחד הימים, — אני, במקרה, הזדמנתי אז לביתם — חוזר הבחור והנה, אוי לעיניים שככך רואות, — ברל־איצה חבש קסקט לראשו. ר׳ פנחס־מתיס, בראותו את גודל שיברו, קפץ מעל הגמרא ובקול לא־לו קרא: „ברל־איצ׳ה, בשום אופן לא! לא אתן לך להשתמד!" וביקש להוריד בכוח את הקסקט מראשו של ברל־איצ׳ה. הלה תפס את ראשו בשתי ידיו וצעק: „טאטע, לאָז אָפּ!" (אבא, עזוב!). וזה קרא: „לא! בשום אופן לא!" כמובן, ניצח ברל־איצ׳ה. הקידמה תמיד מנצחת...

גם ביתנו מפולג היה. שמאל מזה וציונות מזה. וסער הוויכוח: ה„אינטר־נאציונל" או „התקווה" — מה טוב לנו, היהודים. וכל זה דווקא בלילות שבת, ליד שולחן אבא. עד שהיתה פוקעת סבלנותו של אבי והיה פוקד: „הערשל! נחום! מספיק! זמירות!" או: „מכבד בברכת המזון" והוויכוח היה תם.

אזכור את הסבלים הישובים על יד חנותו של לייבל׳ה רוזנברג בכיכר העיר, מתחממים בשמש ומחכים לעגלה עמוסה הזקוקה לפריקה ומספר זהובים בצדה, כדי לא לבוא בידיים ריקות אל האשה המצפה בבית.

סנדלר היה במינסק, גר בחצר שלפני בית־המדרש, בחדרון קטן. יהודי קטן וזקן לבן וארוך עוטר את פניו. הזדמנתי עם נעל קרועה אל חדרו הדל באחד מימי שישי, והתמלאתי פליאה: הכיצד, עוני כזה — ועם זאת חדרון נקי ומסודר וממורק לקראת שבת־קודש ופני הסנדלר קורנות לקראת המלכה הקרבה ובאה. וחשבתי לי: האם רק סנדלר הוא?... או שמא?...

...וחצרו של דיטנרסקי, מי לא יזכרנה? במרכז השוק היתה. השוק מזה והנחל החוצה את העיר מזה. גוי טוב היה לשכניו היהודיים הרבים. לא אמנה ולא אספר על כל דרי חצרנו, רק אחד מהם, שנחרת בזכרוני, אבקש להזכיר: ר׳ הערשל „קוילן־טרעגער" (נושא הפחמים). גבירי מינסק, מרתפיהם מלאו פחמים לקראת החורף, אולם קבצניה, מי יחמם ביתם בימי הקרה? ר׳ הערשל. הוא היה סוחב שקי פחמים ואליו היו ענייי העיר באים לקנות כמה קילוגרמים של פחם. תמיד מפוייח ושחור, בקושי הבחנת פני אדם. רק לקראת שבת אורו פניו. ר׳ הערשל הלמד־ווניק, זה היה כינויו.

ור׳ אליעזר הקברן, התזכרוהו? בתוך בית־הקברות היה ביתו והמתים — שכניו. לא הספיקה פרנסתו מקבורת מתי עירו ולפיכך היה גם שואב־מים. עוד רואה אני את ר׳ אליעזר צועד ברחוב ושני דליים תלויים לו על המוט שעל כתפיו השחות, להרוות את בתי הבעלי־בתים הרבים תמורת גרושים מעט.

רבות אפשר לספר עליך, מינסק עירי. אולם השעה היא שעת פרידה. איפרד, אפוא, ב„שלום לזכרך". נפרדת אני מאחי ואחיותי, מקרובי בני משפחתי ומכל הקדשים והטהורים אשר מקום קבורתם לא נודע.

מלך גובערעק
(פּאַריז)

# די משפּחה גובערעק־קאַלוסקי

אויף דער „קאַליע״־גאַס נומען 14, אינעם ירושה־הויז וואָס איז איבערגע־גאַנגען פון דור צו דור, האָבן געוווינט מיינע עלטערן: יצחק־שלמה און פריידל מיט זייערע זעקס זין. מיין מאַמע האָט געשטאַמט פון דער פאַרצווייגטער קצבישער משפּחה, די קאַלוסקיס.

מיין זיידע האָט געהייסן שמעון קאַלוסקי און מיין באָבע אסתר־מלכה. ביי יעדן פון אונדזער משפּחה איז בכן אין שטוב געווען אַ קליין שימעלע אָדער אסתר־מלכהלע. אַלע אין אונדזער משפּחה האָבן שטאַרק ליב געהאַט די צוויי נעמען פון זיידע־באָבע און אַלע האָבן טייער געהאַלטן זייער אָנדענק.

אין אונדזער הויז זענען אַלע געווען גרעאָטענע און גוטע קינדער. די עלטערן האָבן פון אַלע געשעפּט אַ סך נחת.

יעדער פון אונדז האָט זיך פאַרנומען מיט אַן אַרבעט און באַשעפטיקונג, און ערלעך פאַרדינט אויפן לעבן. דערביי האָט יעדער זיך אויך פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס איז געווען ברייט פאַרצווייגט אין שטאָט.

מיין עלטסטער ברודער ישראל־יאַנקל גובערעק האָט אין זיינע יוגנט־יאָרן געהערט צו דער פאָלקס־פּאַרטיי. דאָס האָט ער מיט נאָך חברים געשאַפן אין די יאָרן 1924—1923 די א. ג. „עזרת הפועלים החולים״, וואָס האָט געהאַט די אויפ־גאַבע צו העלפן אָרעמע מענטשן וואָס האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייטן צו רופן אַ דאָקטער אָדער אויסצוקויפן רעצעפּטן. ביי אָרעמע איז דאָס געווען אַן אָפּטע דערשיינונג. די געזעלשאַפט האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט אַ דאָקטער פון וואַרשע (זיין נאָמען איז געווען, אויב איך האָב נישט קיין טעות, דאָקטער קראַ־קאָווסקי), זיי האָבן זיך אויך פאַרשטענדיקט מיטן אַפּטייקער וואַיעווודזקי אויף דער וואַרשעווער גאַס, ער זאָל די רעצעפּטן אַרויסגעבן פאַר ביליקע פּרייזן און אין אַ סך פאַלן אינגאַנצן בחינם. דאָס איז געווען זייער אַ שיינע טעטיקייט פון אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט ברידערלעכע הילף פאַר נישט־פאַרמעגלעכע.

יעדע געזעלשאַפט, יעדע חברה, האָט אויך געהאַט אַן אייגענעם „מנין״ צום דאַווענען. שבת אָדער יום־טוב האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט און זיך משמח־געווען אויף אַ פאָלקסטימלעכן אופן. צו די ימים־נוראים זענען ביי אונדז אין שטאָט געווען אויסער די חסידים־שטיבלעך און דעם רבינס בית־מדרש נאָך צוויי בתי־מדרשים (אויף דער קאַליע גאַס און אויפן מאַרק).

צוויי גוטע בעל־תפילות געדענק איך. איינער איז געווען מאיר פעל־סוחר (פּיעכאַטאָוויטש). ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער בעל־שחרית. ער איז געווען מיינס אַ פעטער. זיין ווייב טשיפּע איז געווען אַ שוועסטער פון מיין מאַמען. דער צווייטער איז געווען ישראל שוחט, אַ זעלטענער בעל־מוסף.ביידע זענען זיי געווען פּאַריסאָווער חסידים, אָבער דער פּאַריסאָווער רבי אַליין האָט זיי געהייסן דאַווע־נען ביים עמוד דווקא אין די בתי־מדרשים ווו עס האָבן געדאַווענט פּראָסטע יידן,

די פאָלקס־מאַסן. צום יום־טובדיקן דאַווענען האָבן זיי געדאָרפן משוררים, אַ כאָר פון באַגלייטערס. דאָס זענען געווען מיינע ברידער. אַלע האָבן זייער שיין גע־זונגען און באַגלייט סיי דעם בעל־שחרית סיי דעם בעל־מוסף אַזוי, אַז דאָס איז געווען פאַר די פשוטע יידן אַ גרויס פאַרגעניגן. איך געדענק ווי נאָכן דאַווענען האָבן די יידן אָפּגעוואָרט מיין מאַמען אין דער ווייבער־שול און אויסגעדריקט זייער צופרידנקייט פון דעם שיינעם זינגען פון אירע זין, און דערביי געווונטשן זי זאָל פון זיי דערלעבן אַ סך נחת און פרייד.



אויף אַ חתונה ביי משפחה גובערעק

געווען ביי אונדז אין שטאָט אַ סך קולטור־געזעלשאַפטן, ביבליאָטעקן, און אויך פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן נישט געפעלט. אַלע ברידער מיינע זענען געווען אַקטיוו און אויסגעלעבט זיך אין די אַלע אָרגאַניזאַציעס. מיינע צוויי עלטסטע ברידער זענען געווען פּאָלקיסטן, דער דריטער ברודער איז געווען אַ בונדיסט, דער פערטער אַ לינקער פּועלי־ציוניסט, און די צוויי יינגסטע — קאָמוניסטן. אין שטוב פלעגן דעריבער פּאָרקומען הייסע דיסקוסיעס. ביי דעם אַלעם זענען זיי אָבער געווען פאַמיליאַל געאייניקט. איינער איז גרייט געווען צו העלפן דעם צווייטן אין אַ שעת־צרה. ביים רוב געזעלשאַפטן זענען אויך געווען טעטיק דראַ־מאַטישע קרייזן. אויך אויף דעם געביט זענען מיינע ברידער געווען אַקטיוו, הגם דאָס איז נישט געפעלן מיין טאַטן וואָס איז געווען אַ פרומער גערער חסיד.

מיינע עלטערן ווי אויך אַלע מיינע ברידער וואָס זענען געווען פאַרהייראַט, האָבן געלעבט אין מינסק, אַרומגערינגלט מיט אַ סך פריינט און גוטע שכנים — ווי למשל לייבקע בערמאַן מיט זיין טשייניע, ווו מען האָט אויך געקראָגן אַ גלאָז סאָדע וואַסער און מען האָט געקענט איבערלייענען די טאָג־פּרעסע. נעבן אונדז האָט אויך געוווינט דער רבי ר׳ משהלע מיטן פּאַריסאָווער שטיבל, און צווישן זיי אַזוי פיל טייערע יידן, נאָך וועלכע איך האָב נישט איינמאָל געבענקט ווען איך בין אַוועק פון שטאָט און איך קען זיי עד היום נישט פאַרגעסן.

פאַרפאָלגט דורך דער פּאָליציי פאַר מיין טעטיקייט, האָב איך פאַרלאָזט מינסק אין יאָר 1931. איך בין אַוועק קיין פראַנקרייך. אין פּאַריז האָב איך געלעבט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה און דעפּאָרטאַציע. פון פראַנקרייך זענען, כידוע, דעפּאָרטירט געוואָרן אַן ערך 120 טויזנט יידן. אין איינעם אַזאַ טראַנספּאָרט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַן ערך טויזנט יידן, בין איך דעם 28טן יוני 1942 אָפּגעשיקט געוואָר קיין אוישוויץ. בלויז אַ צוויי צענטליק פון אָט דעם טראַנספּאָרט איז צוריקגעקומען נאָך היטלערס מפּלה. אַן ערך 350 נפשות, אָפּשטאַמיקע פון מינסק־מאַזאָוויעצקי, וואָס האָבן געוווינט אין פּאַריז, זענען אומגעקומען אין אוישוויץ



אַרום קבר פון פריידל גובערעק — די גאַנצע משפּחה

ווען איך בין נאָך דער מלחמה אָנגעקומען צוריק קיין פּאַריז, האָב איך געהערט וועגן דעם חורבן און אומקום פון אונדזער קהילה מיט מיין גרויסער משפּחה. ווי איינער פון די לעבנגעבליבענע מינסקער יידן האָט מיר דערציילט, איז מיין אַלטער גרייז־גרויער טאַטע געווען צווישן די ערשטע יידן, וואָס מען האָט געשאָסן אויפן מאַרק בעת דער „אַקציע". די גאַנצע משפּחה — אַלע מיינע ברידער מיט זייערע קינדער — זענען אָפּגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע. מיין יינגסטער ברודער מאיר־שלום זאָל האָבן אומגעבראַכט געוואָרן אין לאַגער מאַנאָוויץ ביי אוישוויץ.

זייער יאָרצייט־דאַטע איז מיר נישט געגוי באַקאַנט, אָבער אַלע טעג פון יאָר זענען ביי מיר יאָרצייט. איך זע פאַר זיך תמיד די טראַנספּאָרטן מענער, פרויען און קינדער ווי מען האָט זיי מאַסנוויז געפירט צום טויט — איך פאַרגעס זיי נישט און וועל די רוצחים נישט מוחל זיין.

**יעקב קויפמאַן**
**(ירושלים)**

# פון שעניצער גאַס ביז מאַריאַנקי

זומער. שבת נאָכמיטאָג. ביי אונדז אין שטוב זינגט מען נאָך זמירות, אַ געזאַנג וואָס קלינגט אָפּ אויף דער גאַנצער שעניצער גאַס, די גאַס וואָס פירט צו די שעניצער וועלדער, יאַרזשאָנבקער זאַגייניקעס און ווייטער, דריי קילאָמעטער פון שטאָט, צום דאַטשע־דאָרף מאַריאַנקי.

אַלע וועלכע זענען געגאַנגען אין וואַלד אַריין און געמוזט דורכגיין אונ־דזער שטוב, האָבן שוין גוט געקענט די מאָדזשיצער נגונים, וועלכע מיר האָבן געזונגען בעת די שבת־זמירות. אפילו סטאַשעק דעמבסקי, דער שייגעץ, אונדזער שכן פון אויבן, אַ קאַליקע מיט אַ ריזיקן וואַסער־קאָפּ וואָס קען זיך נישט שטעלן אויף די פיס און זיצט תמיד אויף אַ קליין בענקעלע ביים אַריינ־גאַנג פון אונדזער הויז, אויך ער קען שוין אַלע מאָדזשיצער ניגונים און זינגט זיי נישט שלעכט. אויך אונדזערע שכנים, ישראל־מאיעס, יאַנקל בוטשעס, און די פון אַנטקעגן, די "קאַטשקעלעכע", קענען שוין די ניגונים וואָס ווערן שוין יאָרן געזונגען און געשפּילט ביי אָפענע פענסטער דורך דעם שוחטס בנים און זיין בת־יחידה.

דאָס צווייטע הויז פון אונדז, נעענטער צום מאַרק, געהערט צום פּאַריסאָווער חסיד יחיאל מאָטל קאָלטנס. זיינער אַ זון, אַן איבערגעוואַקסענער יינג האָט געבעטן ביים טאַטן אַ זלאָטע זיך צו פאַרשרייבן אין דער פּאַרטיי, ווי מ׳קעמפט פאַר אַ בעסערן מאָרגן, געמיינט די קאָמוניסטן. אויך וווינט דאָרט יונה „געניוש", איינער פון די „שטאַרקע", פאַר וועלכן יעדער אין שטעטל האָט געציטערט. יונה האָט אויך געפירט אָפטע „מלחמות" מיט וואָרפן שטיינער פון ביידע זייטן טייך מיט „פישקע־מאָשקען", דעם „גבור" פון „יענער שטאָט" וואָס איז געלעגן אויף דער צווייטער זייט טייך.

שעניצער גאַס איז רייך געווען מיט שטאַרקע יינגן, אויף וועלכע מ׳האָט זיך געקענט פאַרלאָזן בעת אַן אָנפאַל פון שקאָצים. דאָן זענען יונה געניוש, דוד קאָפּס זון, די ראַלניקעס און חיים־יאַנקעלס בנים נישט געזעסן מיט פאַר־לייגטע הענט און באַוויזן זייער כח.

אַ שמאָל אָרעם געסל מיט פאַרשידענע איינוווינער. געציילטע חשובע באַלעבאַטים, חסידים, לומדים, אָבער דאָס רוב „עמך", באַלמעלאָכעס, פורמאַנעס, טרעגערס, — אָבער אַ פריילעכע גאַס. מעגלעך צוליב דעם וואָס זי האָט געבונדן די שטאָט מיט די שכנותדיקע דערפער, וועלכע זענען געלעגן אויף דרום־זייט און פון דאָרט זענען פויערן און פויערטעס געפאָרן מיט זייערע פערד־און־וואָגן אין קלויסטער אַריין אָדער מיטוואָך און פרייטיק צום מאַרק פאַרקויפן זייערע דאָרפס־פּראָדוקטן און אויך איינצוקויפן שטאָטישע פּראָדוקטן.

נאָך פריילעכער איז געווען שבת „נאָכן עסן". יוגנט אָן אַ שיעור האָט געשטראָמט דורך אונדזער פענסטער. פּאָרלעך און גאַנצע גרופּן, ווער צו דער

פליאַזשע און צום „זדראַיאָוון“ וואַסער, זיך באָדן און ברענען, ווער סתם אויף אַ ווייטן שפּאַציר העט־ווייט צו מרדכי־פגר אויף מילך „גלייך פון דער קו“, ווער אין די יאַרזשאַנבעקער זאַגייניקעס שמועסן, דיסקוטירן, זינגען. יעדע גרופּע מיט אירע דיסקוסיעס, מיט אירע לידער. ערגעץ ווו, טיף אין וואַלד, הערט זיך אַן אויסגעבענקט געזאַנג: „שלום רב שובך, צפורה נחמדת“ אָדער „הכניסיני תחת כנפך“. אויך די קאָמוניסטישע יוגנט האָט אין די טיפענישן פון די שעניצער וועלדער, ווייט פון פּאָליציייִשן אויג, געפונען דעם געהער־קן פּלאַץ דורכצופירן אירע געהיימע טרעפענישן.

אין די וואַקאַציע־מאָנאַטן איז דער הויפּט־שפּאַציר געווען קיין מאַריאַנקי — דאָס דאַטשע־דאָרף דריי קילאָמעטער פון מינסק, ווייט נאָך די יאַרזשאַנבקער זאַגייניקעס.

געשמט האָט מאַריאַנקי אַלס גוט דאַטשע־אָרט צוליב דער נאַטירלעכער שיינקייט, רואיקייט, טרוקענער לופט און סאָסנע־ריח פון די נאָדל־ביימער, וועלכע האָבן איינגעהילט דאָס דאָרף.

אין די זומער־מאָנאַטן צווישן שבועות און ראש־השנה זענען געקומען יידן פון וואַרשע, איבערהויפּט לערער פון העברעאישע גימנאַזיעס און מקיים־געווען הלכות דאַטשע.

און געקלונגען האָט די העברעישע שפּראַך, וועלכע די לערערס האָבן גערעדט צווישן זיך און זייערע ווייבער און קינדער. צווישן אָט די „לעט־ניקעס“ האָט זיך אויך געפונען דער באַוווסטער פאָרשער פון דער העברעאישער שפּראַך, אהרן־יעקב שפּירא, פּאַרפאַסער פון פיל דקדוק־ביכער פון וועלכע מ׳האָט געלערנט אין אַלע העברעאישע שולן אין פּוילן.

פאַר מיר, דאַן אַ בחור פון צוואַנציק יאָר, וואָס האָט זיך געגריבלט אין דקדוק פון דער העברעאישער שפּראַך, איז געווען דאָס גרעסטע גליק צו כאַפּן פערזענלעך אַ שמועס מיט א. י. שפּירא וועגן נחי ל״ה און חסרי פ״נ, בנינים און פעלים כפולים ומרובעים.

אויך רעליגיעזע יידן זענען געקומען קיין מאַריאַנקי. אָנגעזעענע פּערזענ־לעכקייטן ווי ר׳ מנחם זעמבאַ, דער פּראַגער רב, איינער פון די גרעסטע לומ־דים און גאונים פון פּוילן אין יענער צייט. אויך דער אגודישער מנהיג און פּובליציסט ר׳ אייזיק־בער עקערמאַן, דער איידעם פון מינסקער איינוווינער לייזער זעלצער. וועלוול בריקס, באַוווסטער וואַרשעווער לעדער־סוחר, דער זון פון חוה־ליבע בריקס און אַנדערע.

אויך מינסקער יידן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די וואַרשעווער לעטניקעס און צוזאַמען מיט זיי „געשעפּט לופט“ און הגם מינסק איז נישט דאָס שטיקנדיקע וואַרשע און איר לופט מיט די וועלדער אַרום איר איז אויך נישט „אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט“, האָבן דאָך מינסקער יידן געפונען אין מאַריאַנקי אַן אָרט פון אָפּרו.

שבת האָט דאָס דערפל באַקומען אַ ספּעציעלן יום־טובדיקן אויסזען. שוין גאַנץ פרי האָט מען דערקענט דעם שבת, ווען יידן מיט זיידענע קאַפּאָטעס האָבן זיך געזאַמלט צום דאַוונען ביי אייזיק־בער עקערמאַן אין שטוב. צוריק־

גייענדיק אַ היים האָבן זיי מיט לאַנגזאַמע שבת־טריט געמיטלעך שפּאַצירט איבער דער ברייט פון דאָרף־וועג און געשמועסט דברי־תורה אָדער סתם מעניני דיומא און צוזאַמען מיט זיי אויך מינסקער יידן ווי מיין פאָטער ר׳ איטשע שוחט ז״ל, ר׳ משה שעדלעצקי ז״ל, וועמענס פאַמיליעס זענען זומער בדרך כלל געזעסן אין מאַריאַנקי.

אַביסל שפּעטער, נאָכמיטאָג, האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן די יוגנט. ווער ס׳איז געקומען זיך אויסבאָדן אין טייכל וואָס פליסט לענג־אויס דעם דאָרף און ווער „כאַפּן אַ פלירט״ מיט די וואַרשעווער לעטניטשקעס, ווער עסן אַ גוטע ליאָדע ביי אברהמעלע גאַרב, וועלכער האָט געפירט אַ שפּייז־געוועלבל בשות־פות מיט אסתר־ביילען, מענדל שוסטערס טאָכטער.

אָט דער מענדל שוסטער, אַ ייד אין די זיבציקער, אָבער אַ גברן, איז געוועזן אַן אָפטער גאַסט ביי זיין טאָכטער אין מאַריאַנקי, און טאַקע מיטגע־נומען מיט זיך זיין ליבלינג די ציג, זי זאָל אויך אַביסל אָפּעטעמען מיט פריי־שער לופט און זיך גוט אָנפרעסן מיט גרינעם לאָנקע־גראָז. פלעגט מען טאַקע זען מענדלען פאָרן אויף אַ וואָגן אָדער בריטשקע און די ציג זיינע ביי דער זייט. שבת פלעגט מענדל גיין צופוס גאַנצע דריי קילאָמעטער און פון צייט־צו־צייט כאַפּן די ציג אויף די אַקסלען, זי טראָגן אויף די הענט ווי מ׳טראָגט אַ קינד: צער בעלי־חיים...

מיטן שטראָם קומען אויך אָן מיינע חברים. דער געלער הערשל ליסאָביצקי, אריה שטיינבאָק און יחיאל דאָמב. דער געלער הערשל האָט אָפּט „מיטגעשלעפּט״ מיט זיך בן־ציון טרוינע (אנטאַלעק) און עליע מאָזעס. איז טאַקע געווען לע־בעדיק און פריילעך: „רעכטע״ און „לינקע״, ציוניסטן, קאָמוניסטן און בונדיסטן האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין שמועסן און אין דיסקוסיעס ביז מ׳האָט זיך אַוועקגעלאָזט צום טייכל — באָדן און ברענען.

מאַריאַנקי איז געווען באַוווינט מיט פּאָלקס־דייטשן, וואָס האָבן אפילו געקענט רעדן יידיש. יעדן באַגריסט מיט אַ ברייטן גוט מאָרגן און זייער אָרקעסטער האָט אפילו געשפּילט „התקוה״.

אַזוי איז געווען יאָר־יערלעך ביז זומער 1936, דאָס יאָר פון באַוווסטן פּאָגראָם אין מינסק־מאַזאָוויעצקי. צווישן די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אויך נישט געפעלט די מאַריאַנקער דייטשן מיט זייערע שכנים די רוצחים ווי די פּאָזשוכעס פון מיקאַנאָווע, וועלכע זענען געווען די ערשטע צום ראַבעווען און ברענען יידישע הייזער און סטראַגאַנעס. וואַרשעווער ווי אויך מינסקער יידן האָבן פון דאַן אויפגעהערט קומען קיין מאַריאַנקע אויף דאַטשע.

אין יענע טעג האָט די יידישע באַפעלקערונג אין מינסק געלעבט אין שטענדיקן פחד פאַר אָנפאַלן און פּאָגראָמען. איבערהויפּט האָט געליטן די יוגנט, וועלכע האָט נישט געקענט פריי אַרויסגיין אין גאַס אין די אָוונטן. דאַן האָט מען זיך ווייניק געזאַמלט אין די פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס מיט וועלכע מינסק איז געווען געבענטשט, נישט שפּאַצירט אין די וועלדער, און דאָס געזעלשאַפט־לעכע לעבן איז לחלוטין פּאַראַליזירט געוואָרן.

איך, זייענדיק שאַף־מייסטער אויף מינסקער פּאָוויאַט אין יאָר 1935,

האָב אָפּגעוואָרפן די איינלאַדונג צום שאַך־טורניר אויף 1936, וועלכער איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער ענדעקישער יוגנט אין די „רעסורסן", פּשוט צוליבן פּחד פּאַר נקמה מצד די אַנטיסעמיטן, וועלכע האָבן „געברענט" נאָך פון פאַרגאַנגענעם יאָר. ווען איך, אַ בחור מיט אַ יידיש היטעלע און ווי זיי האָבן מיר גערופן „סין ראַבינאַ", האָב פון זיי צוגענומען דאָס ערשטע אָרט פון שאַך־טורניר און דער אַנטיסעמיטישער סטאַראָסטע יאַן גאַדאָמסקי, דער שולדיקער אין די שפּעטערדיקע געשעענישן, האָט מיר געמוזט ווינטשן און דריקן די האַנט איבערגעבנדיק זיינס אַ מתנה, אַלס ערשטער פּרייז, אַ גרויסן מאַרמאָרענעם זייגער.

מיר האָבן דאַן שוין געוווינט אין מאַרק, אין הויז פון אַפּטייקער פּפּאַדט. שווער געווען זיך צו שיידן מיטן שניצער געסל ווו כ'האָב אַלע יאָרן געלעבט. אַ ניי אָרט, פרישע ריחות. ריחות פון אַפּטייק־זאַכן און רעצעפּטן אויסגעמישט מיטן ריח פון פרישע־געבאַקענע בייגל און פּוטער־בולקעלעך, וואָס האָט געזעצט פון יידל מיילעכס בעקעריי. נייע קולות. אַנשטאָט די קלאַנגען פון מאיר קאָוואַלס האַמער־און־קאָוואַדלע זענען געקומען קלאַנגען פון קאַשטשאַל־גלאָק, וועלכער האָט זיך געפונען נאָענט צו אונדזער הויז. נייע שכנים. די זיסערמאַנס מיט וועלכע מיר האָבן געדאַוונט אין אַלעקסאַנדער שטיבל; די מייזלערס מיט וועלכע מיר האָבן געהאַלטן בשותפות דעם „היינט" און גערעדט צווישן זיך העברעאיש. זייער פּאָטער יוסף מייזלער, אַ ייד אַ משכיל האָט דערפון געשעפּט נחת און אויך אַנטייל גענומען אין אונדזערע שמועסן.

אַן אָפּטער איינגייער ביי אונדז איז געוואָרן אונדזער נייער שכן פון יאָסקע קצב'ס הויז, דער אַלעקסאַנדער חסיד ר' יהודה־בער דאָמב, דער פּאָטער פון מיין בעסטן חבר יחיאל דאָמב, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן „דאָמבאַל" יחיאל איז יונג געשטאָרבן פון טובערקולאָז (מאי 1933). געווען איז ער פאַר דער קראַנקהייט אַ שטאַרקער, אַ דיקער, אַ גרויסער עסער. פלעגט נעמען אַ ברייטל פון אַ קילאָגראַם, עס גוט איינפּלאַטשן און טענהנדיק אַז ער עסט אַ פלעצעלע, שנעל עס איינשלינגען. אָפּט געגאַנגען אַ געוועט ביי יאָשע מענדל שוסטערס אין געוועלבל מיט שמעון מאָרגנשטערן, אויך נישט קיין שוואַכער עסער, ווער ס'וועט אויפעסן מער יאַגאָדע־קיכלעך. אָפּט פלעגט עס דערגיין ביז איבער צוואַנציק און אין מערער פאַלן האָט יחיאל געזיגט. געווען תמיד אַ פריילעכער, געשיט וויצן ווי פון אַ זאַק, נאָר דריי מאָל זיך געצערט צום פּריזיוו, אַנגעהויבן הוסטן, געוואָרן דאַר ווי אַ שפּענדל און געפאַלן צו בעט.

זייער וווינונג אונטערן דאַך איז באַשטאַנען פון איין צימערל — פיל קלענער פון ד' על ד'. אין שטוב האָט געפייפט דער דלות פון אַלע ווינקעלעך. אַריינגיין אין שטיבל האָט מען געמוזט דורך אַ קליינער עפענונג ביים ענדע פון די שטיגעלעך, וועלכע האָבן געפירט צו דער וווינונג. און ווען דער דאָקטער ראָגאַלסקי איז געקומען צו אים אויף אַ וויזיט איז ער בדוחק אַדורך אָט דעם לאָך, און באמת, אַזאַ גרויסער ערל. דאָרט איז באַקוועם געווען דער בקור־חולים פאַר מענטשעלעך ווי זיין מייסטער פון דער וולאָשנקע: יחיאל זשעלאַזנע, אָדער זיין חבר ירחמיאל, מאיר־עקיבא'ס, ווי מ'האָט אים גערופן „פּיטיגרילי".

פון וואַנען עס קומט צו, ירחמיאלען, דעם זון פון מיין געוועזענעם מלמד. אַן אַלעקסאַנדער חסיד, אַזאַ צונאָמען ווי „פּיטיגרילי", ווייסט קיינער נישט אין שטאָט, אָבער ווען מ׳זאָגט בלויז ירחמיאל, מאיר עקיבאס, איז אַ צווייפל צי מ׳וואָלט געוווּסט ווען מ׳מיינט. די גאַנצע שטאָט, יונג און אַלט, האָט אנדערש נישט געוווּסט ווי „פּיטיגרילי", און אַ ווונדער וואָס ביים דאַווענען אין „שטיבל", ביים געבן אים אַן „עליה", האָט מען אים נישט אויסגערופן צום ספר „יעמוד הבחור פּיטיגרילי בן מאיר"...

מיר האָבן געהאַט מזל צו שכנים גויים וואָס רעדן יידיש. גענוי ווי דער שייגעץ די קאַליקע פון דער שעניצער גאַס, סטאַשעק דעמבסקי, האָט אויך אונדזער נייע שכנטע סטעפאַ כמיליעווסקא פון טרומנע־געשעפט גערעדט יידיש „ווי אַ וואַסער" און געהאַט אפילו אַ שטיקל ידיעה אין יידישקייט. פּרייטיק, ביי שקיעה, האָט זי אונטערגעיאָגט די יידישע ווייבער, אַז ס׳איז שוין צייט אָנצוצינדן די שבת־ליכט און אויך דערמאָנט רבקה־פּערלען פון פאַרבן־געוועלבל, אַז דער שבת פאַלט צו, שוין צייט צו פאַרמאַכן דאָס געוועלבל און זיך אָפּוואַשן דאָס פּנים, וואָס איז אַ גאַנצע וואָך באַדעקט מיט פאַרבן פון פאַרשידענע קאָלירן.

איין זאַך האָט זיך נישט געענדערט. די אָרעמע ווייבער וועלכע זענען געקומען צו אונדז אויף דער שעניצער גאַס יעדן דאָנערשטיק צו באַקומען אויף שבת עפּעס „צוצולייגן צו דער יאָך", אַ מילצל, אַ גראַשיצע אָדער אַ שטיקל קישקע, ווייל דאָס איז ביי אַ שוחט געווען בשפע; אָט די זעלבע ווייבער האָבן אויך געטראָפן אַהער אין דער נייער דירה און אונדזער גוישער שכן, דער אַלטער אַפּטייקער, זעענדיק ווי עס גייען צו אונדז אַריין און אַרויס אָרעמע ווייבער, האָט ער פאַרשטאַנען אַז דאָס שמעקט מיט צדקה, האָט ער אָפּט איבערגעגעבן מיין מוטער אַ צענער זלאָטע צו טיילן נדבות צווישן די אָרעמע ווייבער. דערביי האָט ער געבעטן אַז ס׳זאָל בלייבן אַ סוד, אַז דער זון, דער „יידן־פּרעסער", דער פירער פון די ענדעקעס, זאָל זיך חלילה נישט דערוויסן דערפון. בעת דעם פּאָגראָם, ווען מיר זענען אַוועק קיין וואַרשע, האָט ער אונדז פאַרזיכערט, אַז ער וועט גוט היטן אונדזער שטוב פאַר גנבים און רויבער, און מיר קענען רואיק פאָרן.

אַ לענגערע צייט האָט גענומען ביז דאָס לעבן אין שטאָט האָט זיך ווי עס איז נאָרמאַליזירט. יידן האָבן נישט קוקנדיק אויף דער געפאַר, וואָס לויערט אויף זיי, אָנגעהויבן אַרויסגיין אין די אָוונטן אין גאַס. שפּיליטערס, וואָס זייער פּרנסה איז באַשטאַנען אין איבערפירן סחורות פון וואַרשע קיין מינסק, האָבן אָנגעהויבן קומען פון וואַרשע מיט דער „לעצטער באַן". אָבער דער פּחד איז נישט אָפּגעטרעטן. דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך געשטאַרקט. די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט שנאה צום ייד, שנאה וואָס האָט זיך פאַרשטאַרקט אין משך פון די יאָרן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

פּוילן איז געוואָרן דער צענטער פון גאַנץ אייראָפּע אויף אומצוברענגען זעקס מיליאָן יידן, און צווישן זיי אויך די מינסק־מאַזאָוויעצקער קהלה וועלכע האָט געציילט זעקס טויזנט נפשות.

**דער גורל האָט געוואָלט אַז איך און מיין פּרוי שבעלע זאָלן בלייבן לעבן. שבעלע, די טאָכטער פון גערער חסיד ר׳ שלמה מיאָדאָווסקי ז״ל, האָט צוזאַמען מיט מיר מיטגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גיהנום אין ווייטן סיביר און אַ דאַנק איר געזונטן חוש און אינטואיציע האָבן מיר אויסגעמיטן פיל געפאַרן, וואָס האָבן אויף אונדז געלויערט במשך דער גאַנצער מלחמה.**

**נאָכן חורבן האָב איך געטראָפן די שטאָט פאַרברענט, חרוב, אָן יידן. אויסגעמאָרדעט דורך די רוצחים איז געוואָרן אַן עדה יידן, וואָס האָט דאָ געלעבט דורי־דורות. נישט געבליבן קיינער פון מיין אָדער פון שבעלעס משפחה.**

**השם יקום דמם.**

ירושלים, טבת תשל״ז



**אַ גרופּע יוגנטלעכע אין די דרייסיקער יאָרן**

פון רעכטס אויף לינקס:
ישראל אהרון פרוימאַן, זיסערמאַן, גאָטליב, אברהם מייזלער, יעקב קויפמאַן. יחיאל זיסערמאַן, הערשל פינקלשטיין, ראובן מייזלער

**אסתר ראָכמאַן (פינקלשטיין)**

# די „לאַטאָוויטשער"

איך בין געבליבן צווישן די איינצלנע פון די לאַטאָוויטשער נאָך דעם גרויסן חורבן. איך מיט מיין שוועסטער צפורה צוזאַמען מיט אונדזערע מענער, וועלכע שטאַמען אויך פון מינסק. מיין מאַן איז לייב ראָכמאַן און דער מאַן פון מיין שוועסטער — אפרים שעדלעצקי. מיר האָבן זיך צוויי יאָר אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּאָליאַק אין אַ בונקער. מיר וווינען איצט אין ירושלים. צוזאַמען מיט אונדז אין באַהעלטעניש איז געווען נאָך אַ מינסקער בחור, ישראל אהרן פרוימאַן. נאָך דער מלחמה האָט ער חתונה־געהאַט אויך מיט אַ מינצקער מיידל, איידל פּאָפּאָווסקי. זיי מיט זייערע דריי טעכטער און אייניקלעך וווינען אין ניו־יאָרק. פון די „לאַטאָוויטשער" איז אויך געבליבן אַ טאָכטער פון מיין טאַטנס שוועסטער חיה און איר מאַן נפתלי — טאָבע. איר מאַן, משה זיסערמאַן, איז אויך אַ מינצקער. זיי האָבן נאָך חתונה־געהאַט אין דער היים. זייער איינציק קליין זונעלע בוטשעלע, איז אומגעקומען. זיי וווינען איצט אין ישראל, און ווי אַ סך מענטשן פון שואה אויפגעשטעלט אַ פרישע משפחה. זייערע צוויי פאַרהייראַטע טעכטער האָבן שוין דאָ דריי קינדערלעך.

נאָך קינדער זענען געבליבן פון די לאַטאָוויטשער: צוויי טעכטער און איין זון פון מיין פעטער אַלטער פינקעלשטיין און זיין ווייב דבורה־לאה. נאָך פאַרן קריג זענען זיי געפאָרן לערנען קיין בעלגיע, און אויך דאָרט, מיט גרויסע ניסים — געבליבן לעבן. די עלטסטע טאָכטער, הדס, איז געשטאָרבן נאָך דער מלחמה, אין קאַנאַדע. ס'איז פון איר געבליבן אַן איינציקע טאָכטער מרים מיט אַ מאַן און דריי קינדער. אויך זיי וווינען איצט אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע. דער איינציקער זון פון מיין פעטער אַלטער, אהרן, מיט זיין פרוי און זון, וווינט אין ליעזש — בעלגיע. די יינגסטע טאָכטער פון פעטער אַלטער, חנה, איר מאַן פסחיה, מיט זייער טאָכטער, איידעם און אייניקל, לעבן אין פּאַריז.

דאָס זענען אַלע וואָס זענען געבליבן פון די פיר זין און צוויי טעכטער פון מיין זיידן און באָבען, שמואל יאָסל און רחל לאה פינקעלשטיין, וועלכע מען האָט אין מינצק גערופן די „לאַטאָוויטשער", אויפן נאָמען פון שטעטל לאַטאָוויטש, פון וואַנען זיי זענען געקומען.

זעט אויס, אַז איין אייגנשאַפט האָט כאַראַקטעריזירט מיין טאַטנס משפחה, און דאָס איז אַלע יאָרן געווען דער הויפּט־געראַנגל, וואָס האָט זיי געפירט אין לעבן — פונעם אָנהייב אָן — אַזוי אַלע יאָרן. ערשט איצט, ווען כמעט אַלע פון זיי זענען מער נישטאָ, הייב איך אָן דאָס צו באַנעמען, און אין ליכט פון די דאָזיקע אַרויפן און אַראָפּן — פאַרשטיי איך זיי און גיי זיי נאָך: דאָס וועלן זיך אַרויסרייסן, אויפהייבן; עליות און ירידות. דאָס איז זיכער געווען דער הויפּט־שטריך, דורך וועלכן מען קאָן פאַרשטיין זייער לעבן אין מינצק.

שוין מיין זיידע, שמואל־יאָסל פינקעלשטיין, ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן מיט דעם אָנהייב פון זיין משפחה און אַוועק פון לאַטאָוויטש, האָט זיך פאַרנומען אויף גאָר ווייט. איך מיין אָבער, אַז מיין באָבע, רחל־לאה, האָט זיך דערשראָקן פון דעם שטאַרקן ווינט וואָס האָט געבלאָזן אין אים; אָדער אפשר איז זי באַלד פון אָנהייב מיד געוואָרן, און דאָס האָט גורם געווען, אַז זיי זאָלן נישט אַוועק ווייט, נאָר זיי זאָלן זיך אַראָפּזעצן אין מינצק. זיי זענען אַראָפּ אין אַן עק פון פיר־קאַנטיקן מאַרק (אפשר נאָר אויף דערווייל), אָבער דאָרט האָבן זיי שוין פאַרלייגט זייער געצעלט. דאָ זענען ביי זיי געבוירן געוואָרן די פיר זין און די צוויי טעכטער. דאָ זענען זיי ביזן סוף געבליבן דרויסנדיקע, דערווייליקע.

מיין זיידן שמואל־יאָסל געדענק איך נישט. ער איז געשטאָרבן ווען איך בין נאָך געווען זייער קליין, אַ קינד. איך געדענק אים בלויז פון שילדערונגען. ער איז געווען אַ ייד אַ תלמיד־חכם. אַ געראָטער חסיד. אַ גרויסער מכניס־אורח. פון אים האָבן דאָס זיינע פיר זין געירשנט זייער ווילן שטענדיק גרייט־זיין זיך אַ הייב צו טאָן: זיי זענען אַראָפּגעפאַלן און געבליבן אונטן.

מיין באָבע רחל־לאה, אַ זייער שיינע בכבודיקע יידענע, האָט געהאָדעוועט די קינדער און אויפגעמאַכט אַ „טשייניע" (אַ טיי־הויז). זייט איך געדענק, האָבן זיי אַלע, די באָבע, די פעטערס מיינע, און די מומעס, געוווינט צוזאַמען אין אַ גרויסן הויף אין עק פון מאַרק, אויפן „רינעק", יעדער אין זיין דירהלע, און די באָבע — אין אירס אין דער מיט. זי איז תמיד געבליבן דעם צענטער. שפּעטער האָט זי געפירט אַ „יאַדלאָדייניע" (אַרויסגעגעבן מיטאָגן). די פויערים פון אַרום האָבן זי גערופן די „יאָסקאָווע". זי איז געווען אַ שם־דבר אין אַלע אַרומיקע דערפער. יעדן מיטוואָך האָבן געגומען צו איר ציען הונדערטער פויערישע פורמאַנקעס. עס פלעגט זיין אַזוי פיל, אַז מיר, אַלע אייניקלעך, זענען מאָביליזירט געוואָרן צו העלפן. מיין באָבע רחל־לאה האָט זיי געפּאַשעט מיט לאָקשן און יויך, מיט לעבערלעך, צימעס און אַנדערע יידישע מאכלים. זיי פלעגן פון דעם לעקן די פינגער.

דער זיידע ר' שמואל־יאָסל האָט זיך ווייניק געמישט; ער האָט אין די זאַכן זיך פאַרלאָזט אויף איר. ווען עס איז נאָר געווען אַביסל ליידיק פלעגט ער נעמען אַ גרויסע גמרא און זיך אַוועקזעצן לערנען ביי איינעם פון די טישלעך. מען האָט שפּעטער אַלע יאָרן ביי אונדז נאָכדערציילט, אַז ווען עס איז עמעצער אַריינגעקומען, האָט ער אויפגעהויבן זיין קאָפּ און בלויז געפרעגט. דערנאָך האָט ער אַ רוף־געטון: „רחל־לאה, מען דאַרף טאַי". ער איז ווידער געבליבן זיצן און געלערנט.

אין דער משפחה האָט מען געוווּסט, אַז מיין זיידע האָט קיינמאָל נישט אויפגעגעבן זיין פּלי. ער האָט דאָס גאַנצע לעבן זיינס געוואַרט אַז אָט, אָט קומט עס. עס געשעט עפּעס גרויס. ביז עס זענען געקומען שווערע צייטן אויף יידן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן פּאָגראָמען און יידן־רדיפות, און מיין זיידע, ווי נאָך אַ סך אַנדערע אין יענער צייט, האָבן זיך איינגעהילט אין זייערע טליתים, נישט פאַרלאָזט זייערע היימען און מיט עקשנות געוואָלט אַראָפּברענגען משיחן. ער איז געווען זיכער אַז ער וועט אים נאָך זען.

מיין באָבע רחל־לאה איז געווען זיין רעאַליטעט. זי האָט אים אָפּגעגעבן כבוד און געזאָרגט פּאַר אַלץ און אַלעם. זי, פּונקט ווי אַלע פיר שנירן אירע, זענען געווען ווי קליינע גילדענע שטיינדעלעך, וואָס מען בינדט צו צו די פּיסלעך פון פייגל מיט גרויסע צעשפּרייטע פליגל. זיי האָבן געלויכטן, באַ־שיינט, האָבן אָבער זיך קיינמאָל נישט געלאָזט אויפהויבן.





רעכטס: מיין יינגסטער ברודער — שמואליק אין געטאָ;
לינקס — מיין פאַטער מרדכי פינקלשטיין

מיין לעבן אין מינצק איז כמעט אַדורך אין דעם הויף. אין מיטן מיט שטיינער, און פון הינטן — אַ גרויסער גאָרטן מיט גראָז און קאַשטאַן־ביימער. מיר האָבן זיך כמעט געקענט אויסלעבן צווישן זיך. אונדזערע חברים פלעגן זיך קומען שפּילן צו אונדז און אין אָוונט צוריקגיין. די טירן אין אַלע דירהלעך אַרום פון מיינע פעטערס און מומעס — און דער באָבעס אין מיט — זענען שטענדיק געווען אָפן. מען האָט בלויז געדאַרפט אַריינגיין.

דער עלטסטער פון די פיר זון פון די לאַטאָוויטשער איז געווען מיין פעטער אַלטער. ער איז געבוירן געוואָרן נאָך אַ פּאָר קינדער פאַר אים, וועלכע האָבן נישט געקאָנט לעבן, דעריבער האָט ער געקריגן דעם נאָמען אַלטער — אַ סגולה ער זאָל זיך עלטערן. ער האָט חתונה־געהאַט קיין לוויוויטש, מיט מיין מומען דבורה־לאה.

מיין פעטער אַלטער איז געווען אַ נידעריקער, אַ ברייטער, מיט אַ קורצער העל־שאַטינער באָרד, מיט זייער קלוגע, לייכטנדיקע אויגן. אַ קול — אַ טיפּס, אַ ווייטס און אַ וואַרעמס. ער האָט צו זיך געוועקט רעספּעקט. ער האָט בשום אופן נישט אויסגעזען ווי אַ נידעריקער, גיכער — אַן אַראָפּגעזעצטער. זיין

געבוי און די ברייטע אַקסלען זענען געווען פון אַ שטאַרק אויטאָריטאַטיוון מאַן.

מיין מומע דבורה־לאה איז געווען העכער פון אים. זייער ענערגיש און אַ גרויסע באַלעבאָסטע. זי האָט אין לויוויטש געפירט אַ שיין שפּייז־געשעפט, וועלכעס האָט זיך געגרענעצט מיט זייער וווינונג.

מיין פעטער פלעגט פון צייט צו צייט אַריינקומען. ער האָט אויסגעזען ווי אַן אויבער־דירעקטאָר.

איך בין איין מאָל אַ זומער געווען ביי מיין פעטער אַלטער אין לויוויטש. זיין שטוב איז געווען אַ וואַרעמע. עס פלעגן אַריינקומען בכבודיקע יידן — שמועסן, טרינקען אַ שיין שטאַרק גלעזל טיי. מיין פעטער אַלטער האָט גע־שפּילט פידל, שאַך, אָבער מער פון אַלץ איז ער געווען אַ דערציילער. ער האָט ווונדערבאַר דערציילט. זיין סיפּור איז שטענדיק געווען מיט שפּאַנונג, הומאָר און חכמה.

אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך מיין פעטער אַלטער אויפגעהויבן מיטן באַשלוס פון דער גאַנצער לאַטאָוויטשער משפחה — די פרוי און קינדער זענען דערווייל געבליבן — און ער איז אַוועק קיין ארץ־ישראל.

די גאַנצע משפחה האָט אים דערצו געהאָלפן. אויך מיין טאַטע, וואָס איז דאַן געווען אַ פאַרמעגלעכער מענטש, האָט אים מיטגעגעבן געלט, ער זאָל אויך פאַר אים דאָרט קויפן אַ שטיקל באָדן.

אַלע האָבן מיר געוואַרט אויף ידיעות פון אים. ער איז געפאָרן ווי אַ שליח־ציבור, ווי די טויב פון נחס תיבה. ער האָט דאָס געדאַרפט זיין דער ערשטער בשורה־אָנזאָגער פאַר די לאַטאָוויטשער.

מיין פעטער אַלטער האָט זיך אַרומגעדרייט אין ארץ־ישראל אַ פאַר יאָר. ער פלעגט זייער אָפט גיין צו הרב קוק; אַרומקוקן זיך אומעטום, געשלאָסן באַקאַנטשאַפטן, געהאַט אַ שטיקל צייט אַ געוועלבל אין יפו, און — איז צוריק־געקומען. דאָס איז געווען פון די גרעסטע אַנטוישונגען פאַר אַלע „לאַטאָוויטשער״.

מיין פעטער אַלטער איז געקומען אַן אָנגעפּולטער מיט מעשיות. די ערשטע צייט זענען זיי געווען נעגאַטיווע, אומעטיקע, אויסזיכטסלאָזע. ביסלעכווייז האָבן זיי זיך פאַרענדערט אין עפּיזאָדן, און איך געדענק, ווען איינמאָל אין דער מלחמה, אין יאָר 1940, איז צו אונדז קיין מינצק אָנגעקומען אַ ידיעה אַז די דייטשן זוכן מיין פעטער אַלטער אין לויוויטש, אים צו שיסן, האָט מיין עלטסטע שוועסטער חיה זיך דאַן איבערגעטון פאַר אַ פּויערטע, איז אַוועק קיין לויוויטש און אַן איבערגעטוענעם (איך מיין אויך פאַר אַן אַלטע פּויערטע) אים געבראַנגט מיט אַ פורל צו אונדז, צו די לאַטאָוויטשער קיין מינצק.

דעם גאַנצן ווינטער 1940 האָט דער פעטער אַלטער געוווינט ביי אונדז (מיין טאַטע האָט שוין דאַן נישט געלעבט). מיר זענען די גאַנצע לאַנגע נעכט געזיצן ביי פאַרהאַנגענע פענצטער, ביי אַ קליינעם ליכט־שיין, אַרום אונדזער טיש. און מיין פעטער אַלטער פלעגט דערציילן. ער האָט מיך זייער ליב געהאַט. זיינע מעשיות זענען געווען ווונדערלעך שיין.

איך געדענק זיינע ישראל־דערציילונגען, וואָס האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין

לעגענדעס, אַנגעלאָדענע מיט חלום. און אפשר האָט ער דאַן באַנומען זאַכן, וואָס ס׳רוב מענטשן מוזן דערצו צוקומען נאָר דורך פערזענלעכע דערפאַרונגען.

העיקר, דעם גאַנצן ווינטער 1940 האָבן אין אונדזער שטוב געשוועבט ווינטן און אפילו ריחות פון דעם ווייטן יידישן חלום.

ווען מיין מומע דבורה לאה איז אויך געקומען קיין מינצק, זענען זיי אָוועק וווינען צו זייער טאָכטער, דאָס ווייב פון מיין פעטער דוד, אַלטערס יינגסטן ברודער, אויף דעם הויף פון די לאַטאָוויטשער.

מיין צווייטער פעטער, לייביש, האָט שוין איין מאָל פריער חתונה־געהאַט מיט אַ זייער שיין מיידל. ער האָט זי שטאַרק ליב־געהאַט. זי איז אָבער קורץ דערנאָך געשטאָרבן. איך האָב זי נישט געקענט. מען האָט ביי אונדז געשמועסט, אַז ער האָט זי קיינמאָל נישט אויפגעהערט ליב צו האָבן. ער האָט דאַן נאָך אַמאָל חתונה־געהאַט מיט מיין מומע חייטשע.

אויך מיין פעטער לייביש איז געווען כמעט אַ נידעריקער, אַביסל אַ מאָגערער. אויך מיט אַ קורץ בערדל. אויך אַ ברייטער, אַ געמיטלעכער פון די אַנדערע. ער האָט געקענט זייער גוט לערנען. געהאַט אַ פענאָמענאַלן זכרון. אויך אַ גערער חסיד. ער האָט אָבער זייער אַ סך געלייענט וועלט־ליטעראַטור. דער פעטער לייביש, וואָס איז אפשר געווען מער פון אַלע זיינע ברידער, האָט אָבער קיין מזל נישט געהאַט. צו וואָס ער האָט זיך נאָר צוגערירט איז אים „אויסגעגאַנגען באָקעם״. אַזוי שוין פון זיין ערשטער חתונה אָן און כאָטש מיין מומע חייטשע איז אים געווען זייער געטריי, זי האָט אים געבוירן צוויי טעכטער, נחמהטשע און דבורהלע; זי האָט אויך ווי די איבעריקע שנורן פון מיין זיידן שמואל־יאָסל, גוט געפירט דאָס באַלעבאַטישקייט, געפירט דאָס געשעפט; די צוויי מיידלעך זענען געווען וווּנדערבאַרע קינדער — איז אין זייער לעבן אָבער קיין ברכה נישט געווען. שטענדיק זענען געווען אָן אַ שיעור צרות. ביז איינמאָל האָבן זיך גענומען שיטן איין צרה נאָך דער צווייטער. מיין פעטער לייביש האָט דאַן מער נישט אויסגעהאַלטן און איז אַראָפּ פון זינען.

די גאַנצע משפחה האָט זיך שנעל מאָביליזירט. מען איז געפאָרן, געלאָפן, געברענגט דאָקטוירים. ס׳איז אים בעסער געוואָרן — צוערשט אויף אַ פּאָר יאָר; דערנאָך איז דאָס געקומען וואָס אַמאָל אָפטער. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן מיין בעסטע חברטע, מיין קוזינקע, נחמהטשע: איר איבערגעגעבנקייט צום טאַטן, איר שטיין ביי זיין זייט, יאָרן לאַנג, אים צו העלפן; איר שטאָלץ. זי איז געווען די פּרינצעסין פון אַלע לאַטאָוויטשער אייניקלעך.

אין געטאָ האָט דער מצב שוין כמעט מער נישט פאַרלאָזט מיין פעטער לייביש. ער איז געווען פון די גליקלעכסטע מענטשן. זיינע „פלאַקאַטן״ מיט בטחון, באַזירט אויף פסוקים, האָבן ממש צוגעגעבן מוט. ער האָט געקענט יעדע שטוב מיט אירע צאָל מיטגלידער, די דאַטעס פון געבוירן־טעג פון קינדער, און די נעמען. ער פלעגט גיין דערמאָנען אַלע מענטשן ווען זיי דאַרפן זאָגן קדיש. זיין מערקווירדיקער זכרון איז זיכער געווען איינמאַליק.

מיין פעטער לייביש איז געווען זיכער אַז מיר שטייען פאַר גרויסע טעג.

פּלוצים וועט עס געשען און מיר אַלע וועלן אויסגעלייזט ווערן. ער האָט אויף דעם געקענט שווערן און מען האָט אים געגלייבט.

פרייטיק, דעם 21טן אויגוסט, 1942, איז מיין פעטער לייביש געשטאַנען איינגעוויקלט אין זיין טלית און געדאַווענט. ער האָט געהערט אַ גערודער אין מאַרק און אַזוי אין טלית איז ער אַרויס. און אַזוי אין טלית איז ער דער ערשטער דערשאָסן געוואָרן. ער איז געבליבן ליגן אַ ווייסער, צעשפּרייטער פויגל אויף די שטיינער פון עק מאַרק.



מיין פעטער, הרב ברוך העפנער, סלאָוויקאָווער רב

מיין טאַטע מרדכי האָט ייִנג חתונה־געהאַט. מיין מאַמע האָט געשטאַמט פון סטאָצק. איר טאַטע חיים ניסים העפנער איז געקומען פון גרויסן יחוס, אַן אייניקל פון רבי מלובלין. ער איז אָבער זייער פרי געוואָרן אַ יתום. זיינע ביידע עלטערן זענען פּלוצלינג געשטאָרבן אויף דער כאָליערע, וואָס האָט דאַן געבושעוועט. די באָבע מיינע, מרים־רייזל, איז געווען אַ טאָכטער פון אַ ייִדישן פּאָלוואַרק־אייגנטימער, אַ דאָרפסמאַן; אַ פּשוטער אָבער פאַרמעגלע־כער מענטש. ווען זיין טאָכטער, מיין באָבע, איז אַלט געוואָרן עלף יאָר, איז איר טאַטע אַוועק אין שטאָט און צוריקגעקומען מיט דער בשורה, אַז מרים־רייזל איז אַ כלה געוואָרן. זי האָט חתונה־געהאַט צו צוועלף יאָר. זי פלעגט מיר דערנאָך דערציילן, אַז אויך נאָך דער חתונה, ווען עס האָט זיך איר פאַר־גלוסט שפּילן, האָט זי אַראָפּגענומען די קופּקע, אַרויס צו די חברטעס, אָנגעפּילט די קופּקע מיט זאַמד, און ווידער אַביסעלע געווען אַ קינד.

מיין טאַטע, ווי זיינע צוויי עלטערע ברידער, איז אויך געווען קלענער פון מיטלוווקס. ער האָט געהאַט אַ פּאָר גרויסע, בלויע אויגן מיט שוואַרצע האָר. ער איז געווען אַ שיינער, מיין טאַטע. ווען איך פלעג אים נאָכקוקן, האָט זיין פּלייצע אויסגעזען ווי אַ ריזן־שטיין אין אַ מויער, וואָס האַלט זיך איינגעאַנצן אין זכות פון אים.

מיין מאַמע, חוה, איז געווען דער שטילסטער מענטש, וואָס איך האָב ביז היינט באַגעגנט אין מיין לעבן. אין משך פון די צוויי און צוואַנציק יאָר וואָס איך בין געווען מיט איר, האָב איך קיין איינציק מאָל נישט געהערט זי זאָל אויפהייבן איר קול.

זייער אַ קורצע צייט נאָך דעם ווי זיי האָבן חתונה־געהאַט איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. מיין מאַמע האָט שוין דאַן געשוואַנגערט מיט מיין שוועסטער חיה. די בהלה איז גרויס געוואָרן. די ייִנגעלייט פון שטעטל האָבן זיך באַמיט צו באַפרייען. מיין טאַטע איז אָבער כּמעט דער איינציקער אַוועק אין מיליטער. די מאַמע מיטן קינד זענען געבליבן. קאָן זיין ווען נישט די גרויסע שריפה, וואָס איז אויסגעבראָכן ביי מיין מאַמעס הויז אין סטאָצק, וואָלט זי געבליבן פון דער ווייטנס, אָפּגעריסן פון לאַטאָוויטשער נאָפּל. ווען זי איז אָבער געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, האָט מען זי מיטן קינד זיך איינגע־גלידערט צווישן זיי. אויך זי האָט זיך באַזעצט אין איינע פון די דירות אַרום מיין באָבען אויפן מאַרק־פּלאַץ אין מינצק.

מיין טאַטע איז פיר יאָר געווען אין דער מלחמה. דאָס האָט געלייגט אַ חותם אויף זיין גאַנץ לעבן דערנאָך. די לעצטע צוויי יאָר האָט ער געדינט אַלס „פּלעניק" (געפאַנגענער) ביי אַ ייִדישן פּריץ אין אונגאַרן. די רחבות פון דעם הויז — דאָס ברייטע פירן; די אייגענע סאַדזעוועקעס מיט פיש, פערד, די שיינע טישן, די וואָכעדיקע און שבת־יום־טובדיקע; די פריצעטע, די צוויי שיינע פריצישע טעכטער, דאָס אַלץ האָט געמאַכט אַז ווען מען האָט אים שוין אינגאַנצן געהאַלטן פאַר אַ פאַרלוירענעם, און ער איז פּלוצים צוריקגעקומען — איז אים ענג געווען. ער האָט נישט געקענט אַריין אין דער פריערדיקער פאָרעם: ער האָט גענומען שטופן ווענט, געשפּרייזט מיט גרויסע טריט, ביז ער איז געוואָרן אָנגעזעצן און רייך.

אויך ער, ווי זיין טאַטע, איז געווען אַ גערער חסיד. ער איז געווען אַ שטאָט־דאָזאָר אין נאָמען פון גערער שטיבל. ער איז געגאַנגען מיט אַ שטעקן מיט אַ זילבערן הענטל, כאָטש ביי זיין מאַמען האָט ער זיך נאָך אַלץ געפילט ווי אַ קינד: ביז דער לעצטער צייט האָט ער נישט געטון קיין זאַך איידער ער האָט זיך נישט מיישב געווען מיט איר — איז ער אַליין געווען זייער אויטאָ־ריטאַטיוו. ער האָט קיינמאָל נישט געזאָגט אַ וואָרט און עס דערנאָך אָפּגע־פרעגט. געזאָגט איז געזאָגט. מיר האָבן דאָס אַלע געוווּסט.

אויך מיין מאַמע, ווי אירע צוויי עלטערע שוועגערינס ביי זיך, האָט געפירט אונדזער געשעפט. אָן איר האָט מען זיך קיין איינציקע מינוט נישט געקאָנט באַגיין. איר ריטעם איז געווען ווי אַן אומרו פון אַ שטיל גאָלדן האַנט־זייגערל. זי האָט אַלץ באַוועגט אָן צו פילן דאָס. מיין מאַמעס גרויסע חכמה איז געווען אַז זי האָט גאָר קיינמאָל נישט געמוזט זיין גערעכט. איך האָב ליב געהאַט מיין מאַמען עד כלות־הנפש. איך פיל אין זיך ביז היינט אירע אייגנשאַפטן, מיין סאַמעטענע מאַמע!

דער טאַטע, ווען ער איז רייך געוואָרן, האָט אויף איר געוואָלט אַרויפציען זילבערנע פוקסן, פּוטערנע מאַנטלען. ער פלעגט איר ברענגען זיידענע ווע־ש

ער האָט מיט איר איינגעטענהט, זי זאָל אים לאָזן בויען אַ גרויס הויז, אַ גרויס געשעפט. זי האָט פון אַלעם אָפּגעדונגען, אָפּגעבעטן, ווי גזירות. עס האָט איבער איר געשוועבט אַ פחד פאַר רחבות. זי האָט נאָך אַלץ געמיינט, אַז אויב מען וועט זי נישט אַרויסזען, וועט איר גאָר קיין שלעכטס נישט געשען.

מיין באָבע מרים־רייזל איז צו אונדז געקומען ווען איך בין אַלט געווען אַכט טאָג. זי איז אויך אַריין אין אונדזער דירה אין עק פון מאַרק אויף דעם לאַטאָוויטשער הויף. זי איז געווען אַ קליינע, אַן איינגעבויגענע, כמעט האַלב־רונדיק, אַ קלוגע. אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ קופּקע מיט אַן אויסגענייט קעקסל. איר קאָפּ איז תמיד געווען אַראָפּגעבויגן. די גרויסע פּערל אויף מיין באָבע מרים־רייזלס קעקסל האָבן אויסגעזען ווי נאָך אַ פּאָר אויגן וואָס האָבן אַראָפּגעקוקט. זיי האָבן איר געהאָלפן אַלץ זען. מיין באָבע האָט קיין זאַך נישט פאַרזען, נישט אַרום אונדז און נישט אין אונדז.

מיין מאַמע פלעגט אויפשטיין גאַנץ פרי און אַוועק אין געשעפט. די באָבע איז געבליבן מיט אונדז. זי איז געווען בלויז אונדזערע.

מיין באָבע רחל־לאה, די לאַטאָוויטשער, האָט זיך געפירט ברייט. זי האָט פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט. ווען זי איז ערגעץ געזעסן און דערנאָך אַוועק, איז געבליבן אַן אָפּדרוק. צו דער „יאַדלאָדייניע" האָבן געפירט 5—6 הילצערנע שטיגן. כמעט יעדן פאַרנאַכט פלעגט מיין באָבע זיך אַוועקזעצן אין דער מיט אויפן העכסטן פון זיי. איר קופּקע און איר קעקסל זענען געווען זייער פּריציש. אין די אויערן האָבן זיך געבאָמבלט צוויי לאַנגע אויערינגלעך. באַלד ווי זי איז אַרויס, האָבן אָנגעהויבן צו קומען ווייבער. מיין באָבע האָט געקענט אָפּ־שפּרעכן אַן עין־הרע, אַריינמאַכן ביי אַ קינד אַן אויסגעלענקט פּיסל אָדער הענטל. זי פלעגט קאָנען פאַרלייענען און דערציילן פאַר ווייבער וואָס האָבן אַליין נישט געקענט. זי איז געווען אַן עצה־געבערין. שבת פלעגט מיין באָבע זיצן אין ווייבער־שול אין דער מיט, און דאַווענען. זי האָט געדאַוונט פאַמעלעך, אַרויסגעזאָגט יעדעס וואָרט. די ווייבער וואָס זענען געזיצן אַרום, האָבן איר נאָכגעדאַוונט. אויך מיין קליינע באָבע מרים־רייזל איז געווען צווישן זיי.

זי האָט די אַלע זאַכן נישט געקענט. זי האָט געהאַט דורותדיקע חכמה, און זי האָט בלויז געקענט ליב האָבן. זי האָט דאָס אין אונדז איינגעפלאַנצט. מיר האָבן זי קיינמאָל נישט געזען ווי אַ דערוואקסענע. זי איז געווען איינע פון אונדז.

פון באַלד אין פרי־מאָרגן, ווען מען פלעגט עפענען די אויגן ביז מען האָט זיי געשלאָסן אין אָוונט, איז די באָבע געשטאַנען איבער אונדז.

מיין מאַמע איז איינגעגאַנגען אויף אַ פשרה. מיר האָבן געקויפט אַ האַלב הויז אויף דער אַנדערער זייט פון מאַרק, אויף דער וואַרשעווער גאַס. דאָס איז געווען אַ צוויי־שטאָקיק הילצערן הויז מיט אַ הילצערנעם באַלקאָן מיט גזימסן. אונטן האָבן מיר געהאַט דאָס געשעפט מיט אַ גרויס שלאָף־צימער. און איבער דעם — צוויי צימערן מיט אַ קוך. ווען מען האָט אַרויסגעקוקט פון אויבערשטן פענצטער האָט מען פון דער ווייטנס אָנטקעגן גוט געזען מיין באָבעס „יאַדלאָ־דייניע", און דערנעבן — דאָס גרערער שטיבל.

ס'איז אַריין אַן ענדערונג אין אונדזער שטוב. מיין טאַטע האָט זי אָנגעהויבן

אַנפּילן מיט זילבערוואַרג און פּאָרצעלײַ, מיט אַ גרויסער מאַכאַגיאָװער ספרים־שאַנק. און כאָטש די וווינונג איז געווען פיל ברייוחדיקער פון דער פריערדיקער, איז אָבער דאָך אַלץ נישט געווען קיין פּראַפּאָרץ.

דאָס הילצערנע באַלקאָנדל איז געווען געשניצט, דאָס איינציקע אויף דער גאַס.

מען האָט פון שטוב אויף דעם געקענט אַרויס דורך אַ שמאָלער גלעזערנער טיר. מיר זענען אָבער קיינמאָל אויף דעם נישט אַרויף. איך ווייס היינט נישט מער, צי מען האָט אונדז איבערגעשראָקן, אָדער מיר אַליין האָבן מורא געהאַט דערפאַר. מיר זענען נישט זיכער געווען, אַז אָט פּלוצים קאָן עס זיך נישט אָפּרייסן און מיט אונדז צוזאַמען אַראָפּפאַלן. עס איז ביי אונדזער שטוב געהאַנגען צווישן הימל און ערד, ווי עפּעס אַ נייע קולטור־דערשיינונג.

דאָס עס־צימער איז געווען נישט קיין גרויס. דער טיש האָט פון אים פאַרנומען אַ האַלבן שטח. מיין טאַטע פלעגט שבת זיצן אויבנאָן פון טיש, אויף אַ פאָטעל. ביי זיין רעכטער זייט — די מאַמע; אַנטקעגן אים — די באָבע. מיר אַלע, פינף קינדער, זענען געזעסן אויף בענקלעך אַרום. אויפן טיש האָט געברענט אַ זילבערנע קאַנדעלאַברע מיט ניין ליכט (חנוכה איז פון דעם געוואָרן אַ מנורה). די טעלער זענען געווען פון פּאָרצעלײַ. די לעפל, מעסער־גאָפּל — פון זילבער. זיי האָבן געבריט ווען מען פלעגט זיי אַריינלייגן אין דער הייסער יויך.

מיין טאַטע האָט פאַר זיך געמאַכט געזעצן: נדבות פלעגט מען געבן אין געשעפט. ער פלעגט אָבער אַראָפּגעבן צען פּראָצענט פון דעם סכום פון וועלכן ער האָט אויסגעגעבן אויף סחורה. עס איז געלעגן אין אַ גרויסער טיי־פּושקע אין דער ספרים־שאַנק. דאָס איז געווען אויף העלפן אויפשטעלן געפאַלענע.

זילבערוואַרג און ספרים פלעגט מיין טאַטע קויפן נאָר פון געלט, וואָס האָט זיך פאַרגרעסערט פון „דאָלאַרוווקעס" און ווערט־פּאַפּירן.

די באָבע האָט זיך דאָ אַרומגעדרייט ווי פריער דאָרט. זי איז נישט נתפּעל געוואָרן. ס'האָט אויף איר נישט משפּיע געווען. איך פלעג טראַכטן, אַז נישט איר רוקן און נישט איר קאָפּ זענען געבויגן צוליב עלטער; ניין, זי האָט געמוזט געבוירן ווערן אַזוי. זי איז געווען פול מיט הכנעה. זי האָט געשטעקט אין דעם ווי אַ פייגעלע אין אַ וואַרעמער נעסט.

צווישן די פינף קינדער וואָס מיין באָבע האָט געהאַט, איז אויך געווען דער פעטער ברוך. ער איז געווען רב אין סלאַווקאָוו, לעבן קראָקע (צוויי טעכטער פון אים זענען געבליבן לעבן און געפונען זיך מיט זייערע משפּחות אין ישראל).

מיין פעטער ברוך, דער רב, איז געווען זייער אַ שיינער; אַ הויכער מיט אַ שיינער שוואַרצער באָרד, גרויסע שיינע אויגן מיט זייער דיקע שוואַרצע ברעמען. ער איז נישט געווען סתם שיין, ער האָט ממש אויסגעזען ווי אַ פּרינץ. פון צייט צו צייט פלעגט דער פעטער ברוך קומען צו אונדז. ווען ער איז אַריינגעקומען, האָט ער אויסגעפילט אונדזער שטוב. ער איז צו צו דער באָבען, זיך אַראָפּגעבויגן, איר אַ קוש־געטאָן, און ווען מיין באָבע האָט פאַמעלעך אויפגעהויבן אונטער אים איר קאָפּ, האָט ער אויסגעזען ווי אַ קרוין איבער איר. זי האָט צו אים אַרויפגעשמייכלט. ער האָט אַראָפּגעפרעגט: וואָס מאַכסטו מאַמע? מיין באָבע האָט שטיל געענטפערט: ברוך־השם!

עס פלעגט טרעפן, אַז ווען מיין פעטער ברוך איז געגאַנגען דאַוונען, האָט מיין באָבע אים געפרעגט צי זי זאָל מיטגיין. ער האָט אַ שמייכל־געטאָן און גע־זאָגט: אוודאי! ער האָט געעפנט די טיר און זי פריער אַדורכגעלאָזט. מיין באָבע איז געגאַנגען לעבן אים איבער דער גאַנצער וואַרשעווער גאַס, איבערן מאַרק, פאַרביי די „יאַדלאָדייניע" פון מיין באָבען רחל־לאה. ער איז אַריין אין שטיבל, און מיין באָבע — אין ווייבער־שול. נאָכן דאַוונען האָבן זיי געמאַכט דעם גאַנצן וועג צוריק.

און ווען ער פלעגט בלייבן ביי אונדז אויף שבת פלעגן זייביידע, ער און מיין טאַטע, פרייטיק־פאַרנאַכט אָנטון זיך אַטלאַסענע קאַפּאָטעס און זענען מיט מיינע צוויי ברידער אַוועק דאַוונען. מיין באָבע איז דאַן צו אַן עק פענצטער און זיי נאָכגעקוקט. זי האָט געזען ווען זיי זענען אַדורך דעם מאַרק. זי האָט זיי געזען אַדורך דעם לאַטאַוויטשער הויף, און ווען זיי זענען אַריין אין גערער שטיבל, האָט מיין באָבע זיך צוריקגעשאַרט, זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען. זי האָט צו דעם נישט געהאַט קיין כוח. ס'איז איר צו גוט געווען. און — זי האָט מורא געהאַט פאַר אַן עין־הרע.

דער פעטער ברוך, דער רב, איז געווען מיין באָבעס יש, זיך אָנצוהאַלטן; אויסצולייזן זי פון אַ סך וואָס זי האָט אַראָפּגעשלונגען; איר אידענטיטעטס־קאַרטע.

מיין באָבע איז מיט אונדז געווען ביז איר טיפער עלטער. זי איז אויסגע־גאַנגען ווען זי איז אַלט געוואָרן 93 יאָר. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז דאָס איז נישט פון קיין שום קרענק. די יאָרן האָבן זיך ביי איר געענדיקט.

אַ שבת פאַרנאַכט, חמשה עשר בשבט אין יאָר 1935, האָט זיך די באָבע מיט יעדן איינעם באַזונדער געזעגנט און איז געשטאָרבן.

איך בין געבוירן געוואָרן די ערשטע נאָך לאַנגע מלחמה־יאָרן. נאָך פיר יאָר בענקעניש פון מיין מאַמען, וועלכע האָבן אין איר איבערגעלאָזט אַ מין זיסע מעלאַנכאָליע, און פון וועלכע זי פלעגט נישט אויפהערן צו דערציילן. דאָס איז געווען נאָך מיין טאַטנס העראָיש מלחמה־קאַפּיטל, און נאָך זיין צייט אין יידיש־אונגאַרישן הויף. נאָך מיר זענען געבוירן געוואָרן מיין ברודער חיים, מיין שוועסטער צפורה מיט וועלכער איך האָב צוזאַמען איבערגעלעבט די מלחמה און וואָס וווינט איצט מיט איר משפחה אין ירושלים. דער קלענסטער פון אונדז איז געווען מיין ברודער שמואליק.

מיין מאַמעס פחדים האָבן, זעט אויס, געהאַט אַ יסוד. זומער 1938 האָט מיין טאַטע עפּעס אָנגעהויבן זיך פילן נישט גוט. דער ערשטער דאָקטער האָט באַלד געזאָגט אַז ער האָט אַ ראַק. מיר האָבן אָנגעהויבן לויפן פון דאָקטער צו דאָקטער, פון פּראָפעסאָר צו פּראָפעסאָר; געטענהט, אַז עס קען דאָך נישט זיין; ער פילט זיך גוט; נעמט נישט אָפּ פון דער וואָג, גייט און פאָרט. איך געדענק אים אין איינעם אַ פרייטיק, ווען איך בין מיט אים אַליין געבליבן אין געשעפט, האָט ער פלוצים אָנגעכאַפּט זיין קאָפּ מיט די צוויי ווייכע הענט זיינע, גענומען אַרומלויפן אַהין און צוריק, ווי אַ פאַרווונדעטע חיה אין אַ שטייג. דערנאָך האָט ער זיך אַ דריי אויס געטאָן צו מיר און געזאָגט: דו פאַרשטייסט, איך האָב דאָך אפילו

נישט ווענען דאָס אַלץ איבערצולאָזן, ווער וועט זיך דערמיט אַן עצה געבן?!
דער טאַטע איז געשטאָרבן ממש אין מיינע הענט. איך בין געזיצן ביי זיין בעט אַליין ביינאַכט, מיר האָבן געשמועסט. איך האָב אים אַ נעם געטאָן די האַנט און פּלוצים דערפילט, אַז עס קלאַפּט מער אין איר נישט דער פּולס. איך בין דאַן אַראָפּ צו דער מאַמען און די קינדער, און ווען עס האָבן זיך שוין פאַרזאַמלט אַרום זיין בעט מענטשן, איז ער נאָך געווען ביים פולן באַוווסטזיין. ער האָט געדאַוונט, געזאָגט ווידוי. דאַן האָט ער אָנגעשטעלט אַ פּאָר מילדע ווייכע אויגן אויף מיר מיט מיין שוועסטער און געזאָגט: „קינדער, געדענקטס, איר זאָלט אָפּהיטן די מאַמען!"
הושענא־רבה 1938 איז מיין טאַטע געשטאָרבן.
ער איז געשטאָרבן אויף זיין בעט ווי אַן אמתער פּרינץ.
מיין מאַמע האָט דערצו אויך נישט זוכה געווען. זי איז געבליבן אַן אלמנה מיט פינף קליינע קינדער.
דעם 21טן אויגוסט 1942 האָט מען מיין מאַמען מיט איר יינגסטן זעכצן יעריקן זון שמואליק פון מאַרק־פּלאַץ אָפּגעפירט קיין טרעבלינקע.
מיין שוועסטער חיה, וואָס האָט חתונה־געהאַט אין געטאָ און געווען אין נײַנטן מאָנאַט, איז געקומען אין „קאָפּערניק"־לאַגער, געוואָלט מיך זען. מען האָט איר אַ שעה דערנאָך דערשאָסן פאַר מיינע פיס. דאָס קינד האָט זיך נאָך געוואָרפן אין איר.



חיה פינקלשטיין מיט איר מאַן שלום זאַלבע

מיין ברודער חיים איז דערשאָסן געוואָרן פון פוילישע פויערים, ווען ער איז געשפרונגען פון דער באַן, וואָס האָט געפירט קיין טרעבלינקע.
מיין יינגסטער פעטער דוד, האָט פיזיש אויסגעזען אַנדערש ווי זיינע ברידער. ער איז געווען העכער פון זיי, מאָגערער פון זיי. אָן אַ באָרד, מיט אַ „ליצעפּעט" היטל. דאָס פּנים אַביסל אַן אַסקעטיש. אַ הויט האָט ער אויף זיך געהאַט אַן

אָנגעצויגענע, אָנגעשפּאַנטע, ווי פון אַ יינג פערדל פאַרן פאַרמעסט. דער לאַטאָווי־טשער אומרו האָט אין אים אָבער געגנעסטיקט, אפשר מער ווי אין זיי.

מיין פעטער דוד האָט שוין אפילו נישט געוואָלט נעמען קיין ווייב פון דער פרעמד. ער איז אַוועק קיין לוויוויטש און חתונה־געהאַט מיט זיין ברודערס טאָכטער שרהטשע. זי איז געווען אַ שיינע, אַ יינגע, אַ פריילעכע. ער האָט זי אָבער אויך געברענגט אויפן לאַטאָוויטשער הויף. זיי זענען אַריין צו מיין באָבען אין איר „יאַדלאָדייניע״. ס׳איז געווען אומעטיק צו קוקן ווי מיין קוזינקע שרהטשע האָט אָנגעהויבן צו ווערן פונקט ווי מיינע אַנדערע מומעס. איר אייגנאַרטיקייט האָט אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן, און נאָך מיין באָבעס טויט איז זי געבליבן שטיין אין געשעפט פונקט ווי זי, נאָר בלויז — בלויז אָן איר אויטאָריטעט און זיכערקייט.



פון רעכטס: נחמה פינקלשטיין, אסתר פיעכאַטאָוויטש און די אויטאַרין ערב דער מלחמה

מיין פעטער דודן האָבן דאַן אָנגעהויבן אונטערצוגיין זיינע פאַרגעזעענע וועלטן. אַ שטיקל צייט האָט ער זיך נאָך געפּרוווט ראַטעווען, ער האָט אַראָפּגע־ברענגט רולעטקעס, פאַרשידענע אַנדערע שפּילן; איינגעפירט נייקייטן, געוואָלט צעברעכן די איינטאָניקייט. ס׳איז אים נישט געלונגען. ער האָט געשלאָסן זיין „יאדלאָדייניע״, געעפנט אַ געשעפט פון קינדער־שרייבגעצייג. ער האָט אַרויסגע־לאָזט פּרעמיעס. געוואָלט דערנענטערן די קינדער. אַלץ אויף אַן אייגענעם שטייגער. אויך דאָס האָט ער געמוזט שליסן.

די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה האָט ער געהאַט אַ שפּייז־געשעפט.

מיין פעטער דוד מיט מיין מומע שרהקע האָבן געהאַט צוויי קינדער. דער עלטסטער שמואליק, און דער יינגערער — דער פינף יעריקער ישראליקל, איז געווען אַ שאַך־שפּילער. אַלע האָבן צווישן זיך גערעדט, אַז ער איז אַ גאון. מיין פעטער אַלטער, ווען ער האָט ביי זיי געוווינט בשעת דער מלחמה — אויך ער איז געווען זייער גוט אין שאַך — האָט זיך מיט אים אַוועקגעזעצט און געוואָלט שפּילן ווי מיט אַ קינד. ער האט זיך פּלוצים געפונען אַ פאַרשפּילטער. דערנאָך

זענען זיי ביידע לאַנגע, לאַנגע שעהען געזעסן, דער זיידע מיטן פינף יעריקן אייניקל. ישראליקל האָט אויסגעזען אינגאַנצן ווי ער. אַ קלײנער פעטער אַלטער. זיי האָבן שוין געשפּילט גלייך אויף גלייך.

גלייך אויף גלייך זענען אויך מיין פעטער אַלטער, מיין מומע דבורה־לאה, זייער טאָכטער שרהטשע און די צוויי קינדערלעך, געזיצן אויפן מאַרק פון מינצק, פון וואַנען מען האָט זיי אַרויסגעפירט און אומגעברענגט אין טרעבלינקע.

מיט מיין פעטער דוד האָב איך זיך געטראָפן אין „קאָפּערניק"־לאַגער, דעם 24טן אויגוסט, דריי טעג נאָך דער אויסראָטונג. ער האָט אויסגעזען ווי אַ פאַר־טרוקנטער הונגעריקער וואָלף. מיר האָבן זיך אָנגעקוקט און געשוויגן.

בלויז שפּעטער ווען מען האָט אונדז אַלע אַרויסגעפירט פון „קאָפּערניק"־לאַגער צום שיסן — עס איז געוואָרן נאַכט און עס האָט אָנגעהויבן רעגענען, — בלויז דעמאָלט איז מיין פעטער דוד געגאַנגען לעבן מיר. ס'האָט כסדר גערעגנט. כסדר איז פינצטערער געוואָרן. אַרום אונדז זענען געגאַנגען דייטשן באַלאָדנטע. די דייטשן האָבן אַ באַפעל־געגעבן: „זינגען". ער האָט אָנגענומען מיין האַנט. ער האָט זי פעסט געהאַלטן, מיין פעטער דוד האָט אָנגעהויבן זינגען. ער האָט אָנגעהויבן זינגען די „התקווה". מיין פעטער דוד האָט געזונגען און אַלע האָבן מיטגעזונגען. ער האָט זיך אַ הייב־געטאָן און אונדז אַלע אַ שלעפּ אַרויף געגעבן. מיר זענען אַלע אַריין אין אַנדערע ספּערעס, אין אַן אַנדערן מעמד.

און כאָטש מיין פעטער דוד איז דערנאָך אומגעקומען, מיין איך אַז איך האָב דאַן מ'ט אים איבערגעלעבט איינע פון די דערהויבנסטע מינוטן אין מיין לעבן.

מיין פעטער דוד, דעם לעצטן פון די פיר לאַטאָוויטשער זין, האָט מען אַוועק־געפירט ערגעץ אין אַ לאַגער הינטער מראָזעס. מען האָט מיר דערציילט, אַז ער איז אַרומגעגאַנגען אַן אויסגעטרוקנטער, חדשים אַ הונגעריקער, אַן אויסגעדאַרטער פון בענקעניש. ער האָט נישט געקענט עסן און נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו דערכאַפּן. ער פלעגט ליגן און וואָיען פון צער. מענטשן האָבן אים געוואָלט העלפן, אָבער פריער האָט ער דאָס נישט געלאָזט און דערנאָך האָט מען שוין גאָרנישט געקענט טוען. ער האָט באַקומען אַ מאָגן־קראַנקייט. ער האָט זיך איינגעקורטשעט אין אַ ווינקל און איז אויסגעגאַנגען.

מיין זיידע שמואל־יאָסל האָט אויך געהאַט צוויי טעכטער, די מומע חיה און די מומע חנה. די מומע חיה מיט איר מאַן נפתלי רובינשטיין, אַ קאָזשעניצער חסיד. פאַר־מעגלעכע מענטשן. דריי קינדער זענען ביי זיי געווען. די עלטסטע, טאָבע מיט איר מאַן משה זיסערמאַן, האָבן איבערגעלעבט די מלחמה און וווינען איצט אין ישראל. די יינגערע טאָכטער שרה מיט איר משפּחה און זייער זון יאַנקל זענען אומגעקומען.

מיין מומע חנה בזשאָזאָווסקי איז פרי געוואָרן אַן אלמנה. זי איז געבליבן אַליין מיט איר מיידעלע פערעלע. ביים סוף פון געטאָ איז זי שוין אַלט געווען אַכצן יאָר.

זיי אַלע האָבן געוווינט צוזאַמען. זיי אַלע האָט מען אַרויסגענומען פון זייערע דירהלעך ביים מאַרק־פּלאַץ אין מינצק, אויף וועלכן מיין זיידע האָט זיך צופעליק אַראָפּגעלאָזט. און כאָטש אַלע פון זיי האָבן געהאַט פליגל, און אַלע האָבן אויך

געהאַט דעם אומרו וואָס באַוועגט פליגל, זענען זיי דאָך געבליבן צוגעבונדן צו דער נאָפּל־שנור אַרום די דירהלעך אויפן מינצקער מאַרק־פּלאַץ.

איך, וואָס בין פון זיי געבליבן, האָב חתונה געהאַט אויך מיט אַ מאַן מיט פליגל און מיינע קליינע לאַטאָוויטשער פליגעלעך זענען בטל־בששים געוואָרן. ס'איז פון זיי כמעט קיין זכר נישט געבליבן.



מיין חתונה אין געטאָ

לינקס: מיין ברודער חיים, רבקהלע ראַכמאַן (לייבלס מוטער), איך און לייבל, טויבע זיסערמאַן און ריווטשע זיסערמאַן

**ישראלקע הימלפּאַרב**
(שטראַסבורג, פראַנקרייך)

# גאַסן און מענטשן

מיין טאַטע האָט געהייסן בענדעט. גערופן האָט מען אים בענדעט טאָקאַרזש. מיין מאַמע חנה איז געווען אַ טאָכטער פון חיים־יאַנקל באַשלעגער (ראָזנבוים). מיר זענען געווען צוויי קינדער — איך און מיין עלטערער ברודער, אברהם. שוין פאַר דער מלחמה האָבן מיר געוווינט אין פראַנקרייך. איך האָב וואָלונטירט אין קריג און געווען אין דייטשער געפאַנגענשאַפט. אונדזערע פרויען און קינדער זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן דורך גוטע פראַנצויזן.

מיין פאָטער איז געשטאָרבן נאָך פאַרן קריג. ער איז געווען אַ געבוירענער אין קאָלביעל. ער האָט געהאַט צוויי ברידער און צוויי שוועסטער. זיין ברודער זישע האָט געהאַט פינף קינדער, און זיין ברודער ישראלקע — פיר. זיין שוועסטער רוכטשע האָט געוווינט אין וואַרשע מיט איר מאַן — אַ שניידער, אויך מיט פינף קינדער; די יינגסטע, כאַוטשע, איז געווען פאַרהייראַט צו אַ דראַזשקאַזש און געהאַט דריי קינדער. פון זיי אַלע, און פון נאָך פיל קרובים אונדזערע, פון טאַטנס צד, האָט זיך אָפּגעראַטעוועט בלויז איינער אין ראַטנפאַרבאַנד — דאָס איז בענדעט בראָטשטיין.

מיין מאַמע איז געבוירן אין מינסק ביי אַ משפחה מינסקער זינט דורות. זי האָט געהאַט אַ ברודער מיט צוויי שוועסטער. דער ברודער יונה ראָזנבוים, איז אין די יינגערע יאָרן געווען אַ באַשלעגער, דאָס הייסט ער האָט געדעקט דעכער. זיין פרוי, די מומע רחל, האָט געהאַט דריי קינדער. דער עלטסטער — לייבל — איז געקומען קיין פראַנקרייך פאַר דער מלחמה. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין דער מלחמה פאַר די דייטשן, און באַלד נאָך דער מלחמה איז ער געשטאָרבן אין ניס. אין פוילן איז אומגעקומען זיין פרוי מיט אַ קינד, וועלכע ער האָט נישט באַוויזן אַריבערנעמען.

מיין מומע פייגעס מאַן איז געווען פון די בוקלערס אין מינסק. זיי האָבן געהאַט דריי קינדער. די יינגסטע שוועסטער פון מיין מאַמע איז צוזאַמען מיט איר מאַן פאַר דער מלחמה געקומען קיין פראַנקרייך. ער איז געגאַנגען פרייוויליק אין דער אַרמיי און געפאַלן אויפן פראָנט. זיין פרוי צוזאַמען מיט אַ קינד זענען דעפּאָרטירט געוואָרן.

מיין מאַמעס שוועסטער לאה האָט גענומען אַ מאַן פון קאַלושין און געהאַט מיט אים פינף זין. איינער איז נאָך דער מלחמה געשטאָרבן, די אַנדערע פיר האָבן זיך געראַטעוועט אין ראַטנפאַרבאַנד. דריי פון זיי לעבן אין ישראל: פּרץ, שאַיע און וויקטאָר.

די יידן פון מינסק, וואָס איז געווען אַ פּאָוויאַט, זענען געווען געקניפּט און געבונדן מיט אַלע שטעטלעך אַרום — ווי מיט די יידן פון קאָלביעל, שעניצע, קאַלושין און מילאָסנע, פון דעמבי און פון אַנדערע ערטער — געבונדן מיט מסחר און דער עיקר מיט משפחה־פעדים. אין מיין זכרון לעבן די יידישע גאַסן און

געסעלעך מיט זייערע מענטשן. איך קען זיי נישט פאַרגעסן ביזן היינטיקן טאָג. איך בין נאָך דער מלחמה געווען עטלעכע מאָל אין מינסק, געגאַנגען איבער די חרובע גאַסן — אָן יידן און בשום־אופן נישט געקענט צוגלייבן מיינע אייגענע אויגן, אַז די אַלע יידן וואָס לעבן פריש אין מיין זכרון — זענען טאַקע נישטאָ.



דער מאַרק („רינעק") — היינט פלאַץ פון די דאמבראווושטשאַקעס — פארזייט מיט בלומען־בייטן און באַבויט מיט אַרבעטער־הייזער — אָן שום סימן, אז פון דאַנען איז די שטאָט יידן אַוועק אויפן לעצטן וועג...

אָט למשל דער מאַרק מיט די יידישע הייזער. היינט איז דאָ אַ סקווער מיט פאַרזייטע בלומען־בייטן. אין אַ זייט שטייען גרויסע הייזער. איך האָב אָבער דאָס אַלץ נישט געוואָלט זען, נאָר כסדר זיך דערמאָנט וויפל יידן עס זענען דאָ אַמאָל געווען. אַמאָל ? — ערשט נעכטן !

דאָס לעצטע הויז פון מאַרק, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דער קאַלושינער גאַס, האָט געהאַט אַ שענק — אַ שענק, אין וועלכן די פויערים פלעגן זיך אָפּ־שטעלן סיי ווען זיי זענען געקומען מיטוואָך אין מאַרק, סיי ווען זיי זענען זונטיק אָדער חגא געקומען אין דער קירכע אַריין. דעם אייגנטימער פון דעם שענק האָט מען גערופן חיל „זבענק". די שענק איז בלויז געווען איינע פון זיינע פרנסות. ער האָט אויך געהערט צו דער חברה קלעזמאָרים. איך וויל דערמאָנען אַז מיר האָבן געהאַט גוט־אָרגאַניזירטע צוויי קאַפּעלעס. איינע וואָס האָט געשפּילט נאָר אויף יידישע שמחות, אויף חתונות. אין שפּיץ פון איר איז געשטאַנען ישראל־לייב, וואָס האָט אַליין געשפּילט די ערשטע פידל. זיין שפּילן האָט געהאַט אַ שם אין דער גאַנצער געגנט. די צווייטע פידל איז געווען חיל „זבענק", און זיי האָט באַגלייט דער אַלטער בנציון קלעזמער. שמואל זביטש האָט געשפּילט אויף א

טרומפייט און זיין זון יאָסל — אויף אַלע כלים, וואָס מען האָט נאָר פאַרלאַנגט, אָבער באַזונדערס — אויף אַ קלאַרנעט. אפילו ביי די אולאַנער אין פּאָלק פלעגט ער אויפטרעטן מיט זיין שפּילן. ער איז געווען מיינס אַ גוטער יוגנט־חבר, און האָט אָנגעפירט מיט די „מאַיוווקעס". דאָס איז געווען ווען מיר פלעגן אַרויס אין די פאַרטאָגן אויף שפּאַצירן אין די אַרומיקע פעלדער און וועלדער. מיר האָבן געטרונקען ביי די פּויערים פרישע, נאָרוואָס אויסגעמאָלקענע מילך און צוגע־טרונקען מיט פרישע אייער. ער פלעגט אויף די „מאַיוווקעס" תמיד מיטנעמען זיין קלאַרנעט און צעשפּילן זיך אין מיטן וואַלד, אַז אַלע פייגל זענען אַנטשוויגן געוואָרן און זיך איינגעהערט.

צוזאַמען מיט דער קאַפּעליע פלעגט אויפטרעטן אויף יידישע חתונות שמחה בדחן.

די צווייטע קאַפּעליע פלעגט שפּילן בעיקר אויף נישט־יידישע חתונות און אויף פאַרשידענע „זאַבאַוועס" — פאַרוויילונגען פון די שקאָצים. די זאַבאַוועס פלעגן זיך מיינסטנס ענדיקן מיט געשלעגן. מיט דער קאַפּעליע האָט אָנגעפירט אהרון בלאַכאַרזש. אים האָט אַרויסגעהאָלפן זיינס אַ קרוב וואָס האָט געשפּילט באַס. די אַנדערע שפּילערס זענען מיינסטנס געווען נישט־יידן.

איך געדענק גוט דעם מאַרק. פון די מאַרק־טעג, די מיטוואָכס, האָבן יידן געשעפּט פרנסה, פאַרקויפנדיק אי מלבושים מיט שוכוואַרג, אי כלים און אַלץ וואָס די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן נאָר באַדאַרפט. נישט מינסקער הענד־לער און באַלעמעלאָכעס, יידן אויך פון די אַרומיקע שטעט, פלעגן קומען אַהער און ברענגען זייערע סחורות. אַזוי פיל יידישע שוסטערס און שניידערס, בעד־נאַזשעס (טעפּערס) און סטאָלאַרעס, רימערס און שטריקערס האָבן געצויגן פרנסה פון דעם מאַרק! אָבער נישט בלויז מיטוואָך, אין דעם יאַריד־טאָג; אויך אַ גאַנצע וואָך האָט זיך דאָ געטומלט. באַלד צומאָרגנס דאָנערשטיק, האָט דער מאַרק זיך געגרייט צו באַזאָרגן יידן מיט פיש און פלייש לכבוד שבת. יידישע פישערס האָבן אַליין געכאַפּט די פיש און זיי געבראַכט אין פעסער און באַליעס מיט וואַסער.

טיף איינגעקריצט אין זכרון איז ביי מיר דער קאַמף צווישן די רעוואָלוצי־יאָנערן און די שטרייקערס מיט דער אונטערוועלט אינעם פינפטן יאָר. די צאַ־רישע מאַכט האָט אויסגענוצט די אונטערוועלט קעגן די רעוואָלוציאָנערן. ביי אונדז צווישן די רעוואָלוציאָנערן האָט זיך אויסגעצייכנט חיימל פורמאַנסקי. ער איז געווען אַ ישיבה־בחור און מיטאַמאָל קאַליע געוואָרן. זיין פאָטער משה שענקער, דער וואָס האָט געהאַט אַ שענק אויף דער קאַליע־גאַס, איז געווען אַ געררער חסיד. די גאַנצע שטאָט האָט געציטערט פאַר אָט דעם חיימלען. ווען עס איז אויסגעפירט געוואָרן אַן אַטענטאַט אויפן נאַטשאַלניק, איז חיימל געווען צווישן די דריי אַרעסטירטע, וועלכע זענען געשטעלט געוואָרן פאַר אַ משפּט. און זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. דאָרט איז חיימל געזעסן ביז 17טן יאָר און דערנאָך געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין רוסלאַנד.

יאָרן שפּעטער האָבן מיר געגרינדעט אַ יוגנט־פאַראיין וואָס האָט זיך געפונען אויף דער וואַרשעווער גאַס, ביי די טרוינעס, וואָס האָבן אָפּגעגעבן אַ ספּעציעלן

זאַל. נישט ווייט פון דאָרט האָט זיך געפונען דער זאַל פון די פייערלעשער (די „שאָפּע״), ווו מען האָט פון צייט צו צייט געשפּילט יידיש טעאַטער. אין דעם זאַל האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט צו הערן און זען „די מאַמע פון יידישן טעאַטער״, אסתר רחל קאַמינסקי, אין איינער פון אירע פאָרשטעלונגען מיט וועלכע זי איז אַרומגעפאָרן אויף דער פּראָווינץ.

היינט דאָס סעידל, דאָס גערטנדל אין מיטן דער שטאָט, וואָס פּלעגט זיין דער צענטער פון אָפּרו פאַר יידישע מאַמעס מיט זייערע קינדערלעך; דערנעבן די יידישע קראָמען און הייזער — דעם פעלדשער גאָלדמאַנס הויז און דאָס הויז פון ישראל קענדזשער — באַלד דערנאָך דאָס ערשטע הויז אויף דער קאָליע גאַס אין וועלכן עס האָט געוווינט לעווענטאַל. לעווענטאַל האָט געשריבן „פּראָשעניעס״ (ביטעס) צו דער מאַכט און אויך געלערנט מענטשן רוסיש און פּויליש. ער האָט געהאַט פיר קינדער — צוויי יינגלעך און צוויי מיידלעך, איינע פון זיי אַ זעל־טענע שיינהייט. אויך זיין פרוי איז געווען זייער אַ שיינע. אין מיינע צייטן איז ער געווען אַביסל אַסימילירט. די לעצטע יאָרן איז ער געוואָרן נענטער צו עמך.

היינט די קאָליע־גאַס מיט אירע יידן אין הייף, וואָס האָבן זיך געצויגן ביזן וואַסער. איך געדענק: אויף איינעם פון די הייף, ביים סעידל, נענטער צום טייך, איז געשטאַנען אַ שיין איינשטאָקיק הויז מיט אַ גרויסער ווערענדע אין דער גאַנצער ברייט, וואָס האָט אַרויסגעקוקט טאַקע צום טייך. איינע פון די משפּחות וואָס האָבן דאָרט געוווינט איז געווען די משפּחה קאַמעניעצקי. דאָס איז געווען אַ יידישער פּריץ, וואָס האָט געהאַט פעלדער, וועלדער מיט אַ פאָלוואַרק. ער האָט אַלץ פאַרלאָזט און זיך אַריינגעצויגן צו אונדז אין שטאָט. איך געדענק נאָך דעם אַלטן קאַמעניעצקי — דאָס פּריצישקייט איז אים געלעגן אויפן פּנים, הגם ער האָט זיך געקליידט יידיש. זיין זון איז געווען אינגאַנצן געראָטן אין פאָטער און געהאַט, דאַכט זיך, אַ מעל־געשעפט אין מאַרק. ער האָט זיך קיינמאָל נישט גע־מישט אין פּאָליטיק, אָבער ער איז געפאַלן אַ קרבן בעת דער פּויליש־באָלשעוויס־טישער מלחמה אין 1920. די פּאָליאַקן האָבן אים דערשאָסן פאַר כלומרשטער הילף פאַר די באָלשעוויקעס.

אין מיינע צייטן, געדענק איך, האָט מינסק געהאַט צוויי יידישע קאָוואַלעס. איינער האָט געוווינט אויף דער קאָלושינער גאַס. זיין נאָמען איז געווען ישראל־יאַנקל, דער צווייטער — מאיר קאָוואַל — האָט געהאַט זיין קוזשניע אויף דער שעניצער גאַס. מאיר קאָוואַל מיט זיין אַלטן פאָטער זענען ביז שפּעט געשטאַנען ביי דער קאָוואַדלע מיט פאַריסטע פּנימער, געהאַקט די אָנגעגליטע אייזנס און אָנגעשלאָגן פּאָדקאָוועס די פּויערישע פערד.

אַ באַזונדער שבט זענען געווען די דראָזשקאַזשעס מיט משה לייב דראָזשקאַזש אין דער שפּיץ. אין מיין צייט זענען געווען ווייניקסטנס צען אַזעלכע בריטשקעס און דאָראָזשקעס, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט ביים וואָקזאַל, כמעט אַלע יידישע. דער אָנגעזעענסטער פון זיי איז געווען סרולקע לאַטיש. ער איז געווען פאַרמעגלעך און געהאַט עטלעכע געשפּאַנען וואָס זענען געטריבן געוואָרן דורך זיינע צוויי זין, חיים און יאָסל, און דורך משהלע גאַרב. דער חיימל האָט געהאַט אַ פּרעכטיקע שטימע און געקענט זינגען. דאָס פאָרן מיט אים איז געווען באַגלייט

מיט געזאַנג. דער דראָזשקאַזש מענדל סטאַזש איז געווען אַ פּאַרמעגלעכער ייִד, געהאַט אַן אייגן הויז אויף דער קאַליע־גאַס. נאָך אַ דראָזשקאַזש, יאָסל קאָטשעק, האָט געוווינט אויפן הויף פון די ראָכמאַנס. איך געדענק נאָך אַ דראָזשקאַזש, וואָס האָט געהייסן יאָסל פלאָקן. זיין אמתן נאָמען געדענק איך נישט. דער דראָזשקאַזש חיים קודיאַק האָט געהאַט צוויי זין — אויך דראָזשקאַזשעס. יאָסל פלאָקן איז געווען אַביסל פאַרגעשריטן, געטראָגן אַ „ליסעפּעד"־היטל און געגאַנגען קורץ געקליידט. ער פלעגט ברענגען אין בית מדרש נייעס פון דער וועלט. צווישן מנחה און מעריב האָט מען זיך געשטעלט אַרום אים, כדי הערן נייעס. געוווינט האָט ער אויף דער מאָסטאָווע־גאַס. איינער פון זיינע זין איז געווען משה בלאַ־כאַרזש, וואָס האָט שפּעטער געהייראַט מיט דעם פאַראַסאָלניקס טאָכטער. און דאַן איז געווען מענדל זאַק, אַ ייד וואָס האָט זיך נישט געלאָזט בלאָזן אין דער קאַשע. ער איז פאַרעכנט געוואָרן צווישן די „שטאַרקע" אין שטאָט. ער האָט געהאַט עטלעכע ווילע קינדער. פון זיי אַלע לעבט, דאַכט זיך, בלויז איינער אין ישראל.

אַ צווייטער שבט זענען געווען די באַלעגאָלעס וואָס האָבן געפירט קיין וואַרשע די אויסגעאַרבעטע סחורות פון די באַלמעלאָכעס, ווי אויך שפּייז, און געבראַכט צוריק פון וואַרשע אַלערליי סחורות. די דאָזיקע פורמאַנעס האָבן געהאַט גרויסע וועגן און שטאַרקע פערד, און פלעגן פאָרן ווייניקסטנס צוויי מאָל אין דער וואָך קיין און פון וואַרשע, מיט פולע פאַרלאָדענע וועגענער. אַמאָל ווען ביי אַזאַ איינעם איז אַ פערד קראַנק געוואָרן, איז דאָס געווען ווי עמיצער פון דער משפחה וואָלט אַוועקגעפאַלן, און אַז עס האָט פּאַסירט אַז אַזאַ פערדל האָט אויסגעצויגן די קאָפּעטעס, איז ביים באַלעגאָלע געווען תשעה־באב. די גאַנצע שטאָט האָט געזאָרגט צו קויפן פאַר אים אַ ניי פערד.

דער עלטסטער פון די באַלעגאָלעס איז געווען שלום קופּקע וואָס האָט גע־וווינט אויפן רבינס גאַס. ער מיט זיינע בנים האָבן געאַרבעט. לסוף האָבן די יונגע פאַרלאָזט דאָס פאַך און געוואָרן באַלעמעלאָכעס, באַזונדערס שניידערס. צוויי פון זיי לעבן איצט אין פּאַריז און אַרבעטן טאַקע ביי שניידעריי. איינעם פון די זין האָב איך גוט געקענט. דאָס איז געווען יצחקל שלום קופּקעס. ער האָט געוווינט אויף דער שעניצער גאַס. אין זעלבן הויז האָט געוווינט אַ צווייטער באַלעגאָלע זלמן נתנס — אַ ייד מיט הויכע ברייטע פּלייצעס, אַ גבר, וואָס האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט. ער איז געווען נישט בלויז באַלעגאָלע, נאָר אויך אַ שטיקל פערד־סוחר. ער האָט געהאַט אַ פולע שטוב מיט קינדער, לייטישע קינדער, וואָס זענען אַוועק קיין פראַנקרייך. אַ טייל זענען דעפּאָרטירט געוואָרן און דריי געפינען זיך ביז איצט אין פּאַריז. זיי האָבן זיך גוט אַרויפגעאַרבעט.

אַנטקעגנאיבער זלמן נתנס הויז האָט געוווינט בענדעט באַלעגאָלע, אַ פרומער ייד און חסיד, וואָס האָט שבת געטראָגן אַ קאַפּאָטע, ווי די שענסטע יידן אין שטאָט.

שיע מאָטל, דער מאַן פון דער געלער ברכה, האָט געוווינט אויפן רבינס גאַס אין אַן אייגן געמויערט רויט ציגל־הויז. נעבן אים האָבן געוווינט די בוק־לערס — אַ גאַנצע משפחה באַלעגאָלעס און פערד־סוחרים. איינער פון זיינע זין, שלום, האָט חתונה־געהאַט מיט מיינס אַ קוזינקע, פייגע ראָזענבוים.

אויף דער קאַליע־גאַס האָט נאָך געוווינט דער האַלב בלינדער אפרים פעלטע

— אַזוי האָט מען אים גערופן צוליבן פעלן פון איין אויג. ער איז נישט געווען פון די פאַרגרעבטע יידן, ער איז געווען אַ פּאַריסאָווער חסיד — צו גאָט און צו לייט.

געווען אויך עטלעכע באַלעגאָלעכלעך — קליינע יידעלעך מיט קליינע וועגעלעך און קליינע פערדלעך. זיי האָט מען גענוצט בלויז אויף אינערלעכע נסיעות, אין שטאָט גופא, אַריבערצופירן מעבל אָדער אַ פּאָר זעקלעך תבואה. זיי זענען על פי רוב באַגלייט געוואָרן דורך טרעגערס — אויך אַ באַזונדער שבט — מיט די ראָלניקס אין שפּיץ.

איך האָב אָנגעהויבן און וויל פאַרענדיקן מיט מיין פאָטערס הויז. געבוירן און דערצויגן בין איך אויף דער קאָליע־גאַס. מיר האָבן געוווינט אין הויז פון בענדעט באַלעגאָלע. מיר האָבן זייער אָפט געביטן די דירות, אָבער ביז 1914 האָבן מיר אַלץ געוווינט אויף דער קאָליע־גאַס. ערשט נאָך דער מלחמה זענען מיר אַריבער אויף דער שעניצער גאַס. מיין טאַטע איז געווען אַ פּאָלקסטימלעכער ערלעכער ייד. ער האָט זיך נישט פאַרנומען מיט פּאָליטיק, אָבער ער האָט גע־לייענט אַ יידישע צייטונג. דאָס איז געווען „דער מאָמענט", און דאָס — נאָר שבת ווען ער איז פריי געווען פון דער אַרבעט, ווייל אַ גאַנצע וואָך איז געווען ווייניק צייט. חוץ אינדערפרי פלעגט ער ביי מנחה און מעריב זיך אַריינכאַפּן אין בית מדרש, באַזונדערס ווען עס פלעגט זיין אַ מגיד. הערן אַ גוטן מגיד, פלעגט מיין טאַטע שטאַרק ליב האָבן. דער טאַטע האָט אויך געהערט צו פאַרשידענע חברות: צו ביקור חולים, לינת הצדק, צום האַנטווערקער־פאַרבאַנד. איך דערמאָן זיך אויך די גרויסע שמחה ווען די חברה טאָקאַרזשעס אין שטאָט האָט געלאָזט שרייבן אַ ספר־תורה אויף זייער נאָמען. וואָכן לאַנג האָט מען זיך געגרייט צום טאָג פון סיום הספר, און איך געדענק ביז היינט די פייערונג, אין וועלכער מיין טאַטע האָט זיך באַטייליקט, צוזאַמען מיט די פיל באַלמעלאָכעס פון דער בראַנזשע וואָס פלעגן בעיקר שיקן זייערע אויסאַרבעטונגען קיין וואַרשע.

אברהם פעלדמאַן־שדה
(תל־אביב)

# מער ווי אַ געבוירנשטאָט

געבוירן בין איך אין גאַרוואָלין, אָבער אין עלטער פון 14 יאָר האָב איך געמאַכט מיין ערשטע קאַנטשאַפט מיט מינסק. אַהער בין איך געקומען צו מיין זיידע־באָבע. מיין זיידע, יאָסקע אָלעיאַרניק (פעלדמאַן), האָט געוווינט אויף דער שעניצער גאַס נומער 7. דאָ האָט אויך געלעבט מיין פעטער. שיע באָלשעוויק האָט מען אים גערופן, ווייל אין 20סטן יאָר איז ער געווען אַ פוילישער זעלנער אין פלען ביי די באָלשעוויקעס. ער האָט געהאַט אַ „סקלאַד" פון קוילן. תמיד איז ער געווען אַ פאַרהאָרעוועטער ייד. זיין ווייב, פעסעלע, איז געווען אַ יפת־תואר. זי האָט געשטאַמט פון דעמבע, ווו אירע עלטערן האָבן געוווינט אַלע יאָרן. זיי האָבן געהאַט אַ זון מיט צוויי מיידלעך און געפירט אַ שיין משפחה־לעבן. מיין צווייטער, עלטערער פעטער אין מינסק, איז געווען שמואל פעלדמאַן, וואָס האָט געוווינט אין גרינשפאַנס הויז. ער האָט תמיד זיך געמאַטערט מיט פרנסה, עס פלעגט אים אויספעלן אַ זלאָטע אויף שבת. ער האָט געהאַט דריי זין — בוטשע, יצחק און יאָסל. אויך אין סטאַניסלאַוואָוו ביי מינסק האָב איך געהאַט אַ פעטער, לייבל פעלדמאַן, אַ ייד אַ בן־תורה און חסיד. ער איז דערשאָסן געוואָרן באַלד ווי די דייטשן זענען אַריין קיין סטאַניסלאַוואָוו.

נאָך אַ שטיקל צייט פאַרברענגען ביי מיין זיידן אין מינסק האָבן מיך מיינע עלטערן צוריקגענומען קיין גאַרוואָלין. מיך האָט אָבער שטאַרק געצויגן צוריק קיין מינסק, און איך בין נאָך אַ שטיקל צייט טאַקע צוריקגעקומען. מיינע עלטערן זענען געקומען קיין מינסק ערשט סוף 1937. מיין טאַטע, אַ חסידישער ייד און מיין מאַמע חיה האָבן זיך אַריבערגעצויגן צוזאַמען מיט מיין ברודער און מיט דריי קליינע שוועסטערלעך. מיר האָבן געוווינט ביי דער מילכעריי נישט ווייט פון מאַרק — די גאַנצע משפחה אין איין צימער.

איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן — פריער ביי לאַפעק עדלשטיינען אין אַ האָלץ־סקלאַד. ווען איך בין צוריקגעקומען פון מיליטער, האָב איך געאַרבעט אַלס עלעקטריקער ביי עפלבוים — פון קינדווייז אָן בין איך געווען זעלבשטענדיק, האָב אַליין זיך אויסגעהאַלטן.

וואָס מיך האָט באַזונדערס אַזוי צוגעצויגן צו דער שטאָט איז געווען די יוגנט און די האַרציקע חברים וועלכע איך האָב דאָ געפונען. מינסק איז ביי מיר געווען מער ווי אַ געבוירנשטאָט.

די נאָענטסטע חברים מיינע זענען געווען ראובן מייזלער און לייזער אַבראַמאָווסקי — מיט וועלכע איך האָב אויך צוזאַמען געדינט אין מיליטער.

מינסק איז געווען פול מיט שרעקלעכע אַנטיסעמיטן און כוליגאַנעס. איך מיט מיינע חברים זענען קיין שלעגערס נישט געווען, אָבער מיר האָבן געוווּסט ווי צו פאַרטיידיקן אונדזער כבוד און אָנצולערנען די צעווילדעוועטע שקאָצים. כאָטש מיר האָבן קיינמאָל נישט געוואָלט אַריין אין אַ געשלעג, האָבן זיי אונדז אָבער כסדר פּראָוואָצירט.

צווישן מיינע חברים זענען אויך געווען די ברידער אשר און שמואל ריבאָ־וויטש. איינמאָל בין איך געגאַנגען שפּאַצירן מיט שמואלען שבת אין וואַלד. פּלוצים זענען אונדז אַנטקעגנגעקומען שקאָצים און אָנגעהויבן זידלען. איך האָב זיי נישט געוואָלט אויסמיידן און אויך שמואלען אַריינגעצויגן אין עסק. די שקאָצים זענען געווען מיט אַ הונט, וועלכן זיי האָבן אָנגערייצט אויף אונדז. שמואל, אַ פעסטער בחור, האָט מיטאַמאָל אָנגעכאַפּט דעם הונט ביים ווידל און אָנגעהויבן זיך דרייען מיט אים אין אַ ראָד. די שקאָצים דערזעענדיק אַזאַ גבורה פון אַ יידישן בחור, האָבן שנעל געמאַכט פּיס.

אַ צווייט מאָל האָב איך אַזאַ גבורה־טאַט געזען ביי ראובן מייזלער, אַ שטילער פיינער בחור, וואָס האָט קיין פליג אויף דער וואַנט נישט געטשעפּעט. אין איינעם אַ שבת־צו־נאַכטס זענען אונדז אַנטקעגנגעקומען אויף דער גאַס אַ כאָפּטע שקאָצים. אויך ריבאָוויטש איז געווען מיט אונדז און דער עיקר העלקע שעדלעצקי — אַ מיידל פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, וועלכע מיר האָבן באַגלייט אַהיים אויף דער קאָליע־גאַס. דער אָביעקט פאַרן איבערפאַל בין איך געווען, איך האָב זיי נישט געוואָלט אָפּטרעטן דעם טראָטואַר. מיטאַמאָל האָט ראובן אַ שפּרונג געטאָן אויף איינעם פון די שקאָצים און אים מיט איין טראַסק אַוועק־געלייגט אויף דער ערד. די אַנדערע האָבן אונדז געפּרוווט נאָכיאָגן — אַזוי ביז גרינשפּאַנס הויז. דאָרט האָבן זיי אָבער נישט געוואָגט אַריינצוגיין. פון דערפאַ־רונג האָבן זיי געוווּסט, אַז מיר קענען זיי פאַרנאַרן אין עפּעס אַ הויף און גוט אָנקלאַפּן די ביינער, ווי מיר האָבן דאָס טאַקע אַמאָל געמאַכט אין אַ הויז בי דער עלעקטראָווניע.

די צווייטע היים פאַר מיר און מיינע חברים, איז געווען דער יוגנט־סניף פון פּועלי ציון (רעכטע) אויף דער וואַרשעווער גאַס ביי פאַרבמאַנען. אונדזער אָנפירער איז געווען אברהם סלאָדזשאַרזש. צו יענער צייט האָבן מיר געמאַכט אַ פּרווו צו שפּילן אַליין יידיש טעאַטער. אויף שבועות 1938 האָבן מיר אויפגע־פירט אַ פּיעסע מיטן נאָמען „צעבראָכענע הערצער”. די אויפפירונג איז געווען אין דער סאַלע פון די פוילישע פייערלעשער אויף דער וואַרשעווער גאַס. איך געדענק אַז עמיצער איז געווען פאַראינטערעסירט אונדז צו שטערן, און אויפן זאַל איז געוואָרן אַזאַ טומל, אַז עס איז אוממעגלעך געווען אָנצוהייבן. עס האָט געדראָט אַז אונדזער גאַנצע מי זאָל גיין אין ניוועץ. „צמח, מאַך אַביסל אָרדע־נונג!” — האָב איך זיך אָנגערופן צו אונדזער חבר צמח אָשלאַק (איצט אין ישראל). ווי נאָר ער איז אַריין אין זאַל, מיט נאָך עטלעכע חברים, איז גלייך געוואָרן שטיל ווי אין אַן אויער. מיר האָבן געשפּילט און געהאַט אַ גרויסן דער־פאָלג. די הויפּטראָל האָבן געשפּילט אונדזער גוטע חברטע טשאַרנע פּטאַשינסקי און איך, ווי אויך פייגע גאָנטאַרטשיק.

איך געדענק, דעם לעצטן פּסח ביים טאַטנס טיש. דער טעם פון די ארבע כוסות און דעם טאַטנס זאָגן די הגדה איז מיר נאָכגעגאַנגען שפּעטער אַלע יאָרן פון מיין וואַנדערן איבער רוסלאַנד און בענקען נאָך מינסק.

זומער־צייט זענען פאָרגעקומען די שטאָט־ראַט־וואַלן. איך געדענק ווי אויף

דער שעניצער גאַס איז אין איינעם אַ שבת נאָכמיטאָג גערופן געוואָרן אַ פּאַר־זאַמלונג פון „בונד". עס האָט גערעדט דער חבר אריה פון דער בונדישער „נייער פאָלקס־צייטונג". ער האָט געהאַט אַ שם ווי דער אַנטי־ציוניסטישער ספּעץ פון „בונד". ער האָט חוזק־געמאַכט דערפון וואָס די ציוניסטן שיקן חלוצים קיין ישראל און דאַרט קען מען בלויז בויען מקוות, בעת דאָ אין פּוילן האָבן מיר אַ שטאַרקן יידישן פּראָלעטאַריאַט. איך האָב זיך נישט געקענט איינהאַלטן און אים איבערגעריסן מיט די ווערטער: „אין פּוילן איז טאַקע דאָ אַ סך ברויט — אָבער נישט פאַר יידן!"

איך האָב נישט געוווּסט אַז דאָס איז אונדזער לעצטער זומער. באַלד דערנאָך איז אויסגעבראָכן די מלחמה און איך האָב זיך גלייך מאָביליזירט אין מיליטער. אַזוי ווי מיר האָבן נישט געהאַט וואָס אויפצוטאָן, בין איך פון קאַלושין צוריק־געקומען קיין מינסק אַהיים. דאָס איז געווען גראָד אינמיטן דער באָמבאַרדירונג פון דער שטאָט. די שעניצער גאַס האָט אָנגעהויבן ברענען. אויך מיין פעטער שיעס הויז האָט געברענט. איך האָב געוואָרפן זיך ראַטעווען. כ'בין אַריינגע־שפּרונגען אין גערער שטיבל וואָס איז שוין געשטאַנען אין פלאַמען, אַרויסגעראַ־טעוועט אַ ספר־תורה, געבראַכט מיין פאָטער און אים געזאָגט: „דו ביסט דאָך אַ גערער חסיד, דאָס איז אַלץ וואָס איז געבליבן פון שטיבל!".

אַ טויט־מידער בין איך אַוועקגעפאַלן שלאָפן און ווען איך האָב זיך אויפ־געכאַפּט זענען שוין די דייטשן געווען אין שטאָט. איך האָב דערפילט אַז עס הייבט זיך אָן אַ ניי קאַפּיטל. עס איז מיר זייער שווער געווען דאָס שיידן זיך מיט מיין טאַטע־מאַמע און משפחה, אָבער איך בין מיטגעריסן געוואָרן מיט דער יוגנט וואָס האָט אָנגעהויבן לויפן אויף מזרח.

באַלד נאָך סוכות האָב איך מיט יאָסל ראָזנבלאַט און טשאַרנע פּטאַשינסקי פאַרלאָזט די שטאָט. פון איינע פון די בערגלעך הינטער מינסק האָב איך געוואָרפן דעם לעצטן בליק אויף אונדזער שטאָט און אַרויסגעפּליסטערט די ווערטער ווי צו זיך אַליין: „מאַמע, איך וועל צוריקקומען!". מיט די ווערטער בין איך אַוועק קיין דאָברע.

דורך פאַרשידענע אונטערוועגן בין איך אָנגעקומען צו דער רוסישער גרענעץ, און באַלד — די ערשטע אַנטוישונג. ווען דער סאָוויעטישער גרענעץ־זעלנער האָט אונדז באַגעגנט, בין איך צוגעפאַלן צו אים ווי צו אַ פריינט: „טאָוואַרזשיש! איך בין געקומען אַהער כדי מיר זאָלן געמיינזאַם קעמפן קעגן פאַשיסטישן שונא!" מען האָט אונדז אָבער אויפגענומען ווי שפּיאָנען און אַריינגעזעצט אין אַרעסט...

צו מיין גליק בין איך נישט לאַנג געזעסן. איך בין דערנאָך — נאָכן איבער־פאַל אויף רוסלאַנד — געווען אַ גוטער זעלנער און דורכגעמאַכט מיט דער רויטער אַרמיי די שווערסטע צייטן אויף אַלע פראָנטן. דערנאָך האָב איך געקעמפט אין די רייען פון דער פּוילישער אַרמיי און דערגאַנגען ביז דער עלבאַ. איך בין צו־ריקגעקומען קיין מינסק — אָבער קיין איינעם פון מיין משפחה שוין נישט געטראָפן.

נאָך די קאַמפן בין איך אַוועק צו מיין רעגימענט, דאָס איז געווען אין לאָדזש. אין מיליטער האָב איך נישט געשעמט זיך אַרויסצוטרעטן מיט מיין אני־מאמין:

איך האָב געקעמפט צוגלייך מיט אייך, צו באַזיגן דעם היטלעריזם. העלפן אָבער אויפשטעלן צוריק פוילן — ווי איר זאָגט אַ דעמאָקראַטיש פוילן — איז שוין נישט מיין אויפגאַבע. מיין אויפגאַבע אַלס ייד בלייבט איצט צו העלפן בויען אַן אייגענע יידישע מדינה.

מיינע מיטקעמפער אויפן פראָנט האָבן מיר אַפּלאָדירט. קיין שום כוח האָט מיר נישט געקענט אָפּהאַלטן פון מיין באַשלוס. איך בין אַוועק מיט דער „בריחה". אַ געוויסע צייט געווען טעטיק ביים אַריבערפירן יידן דורך די גרענעצן, ביז איך בין אַליין אָנגעקומען קיין איטאַליע ווו עס האָבן שוין אויף מיר געוואַרט מיין פרוי און צוויי טעכטערלעך. אין 1948 בין איך אָנגעקומען קיין ישראל, פאַרווירקלעכט מיין חלום און חלום פון מיינע עלטערן. מיין לעבן דאָ האָב איך אָנגעהויבן אין די רייען פון צה"ל.



פון רעכטס אויף לינקס: עס שטייען — שלמה וואַלפּאָוויטש, יצחק־אייזיק געלדמאַן; עס זיצן: געצל און אייזשע מאַסטאָווסקי

מרים בערמאַן־אַקסנהענדלער
(פּאַריז)

# מיין טאַטע לייבקע


לייבקע

מיין טאַטע לייבקע בערמאַן, אָדער ווי מען האָט אים גערופן, לייבקע לעכטציער (זיין משפחה האָט אַמאָל געמאַכט ליכט), איז געווען אַ סטריקאָווער חסיד (די סטריקאָווער האָבן געדאַוונט אין איין שטיבל מיט די אַלעקסאַנדער חסידים). מיין טאַטע איז שוין געווען אַ מענטש פון בערך פופציק. אַ הויכער, אַ שיינער, מיט אַ שוואַרצער, נישט געדיכטער באָרד, דאָ און דאָרט דורכגעוועבט מיט גרויע האָר, אַ גלייכע פיגור. תמיד אין אונדזער „טשייניע" (אַ גרויס הויז פאַר צובייסן און געלעגערס), איז ער געזעסן מיט אַ ספר אין האַנט. ער האָט געהאַט אַ דורכדרינגלעכן בליק. אין שטוב, און אויך צווישן מענטשן, איז ער אָנגעגאַנגען אַלס שטילער, אַ קפדן וואָס רעדט נישט קיין סך, אַ חכם, וואָס יעדעס וואָרט איז געציילט און געצילט. באַזונדערס שטרענג איז ער געווען צו אונדז קינדער — דריי זין און אַ טאָכטער. דער עלטסטער, יאַנקל־דוד, אַ חסידישער יונגערמאַן, וואָס האָט נישט געהאַט קיין מזל אין לעבן; איך, וואָס בין אַראָפּ פון „גלייכן וועג" און בין געווען באַוווּסט אַלס קאָמוניסטקע, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט דער פּאָליציי, און לסוף מיינע ייִנגערע צוויי ברידער, יצחק און לייזער — חסידישע בחורים, וואָס האָבן געלערנט ביי מלמדים און אין שטיבלעך אין שטאָט. מיין מאַמע צביה איז אויך געווען אַ הויכע שטילע פרוי, נישט קיין געבוירענע אין מינסק, נאָר אין סטאָק. מיין מאַמע, ווי אַלע יידישע פרויען, איז תמיד געווען אונטערטעניק דעם מאַן, דער שטוב, און געטראָגן דעם עול פון הויז, ווי גאָט האָט געבאָטן.

איך געדענק בעיקר די פרייטיק־צו־נאַכטסן ביי אונדז אין שטוב. ווינטער, ווען די נאַכט וואָס פאַלט צו, ציט זיך לאַנג. מיין טאַטע מיט די ברידער זענען אַוועק אין סטריקאָווער, צי אין פּאָריסאָווער שטיבל, נאָענט צו אונדז, דאַוונען קבלת שבת. אין דרויסן איז ווייט איבער אַלע דעכער און נאַקעטע ביימער געלעגן דער שניי. ווו דאָס אויג האָט געגרוט איז ער געווען פול — אַרום און אַרום אויף ווייטע שטחים, אויף אַלע ליידיקע פלעצער פון שטאָט. די קראָען

האָבן אין פאַרנאַכט געקראַקעט, געשפּרונגען מיט די פּיסלעך און ברייטע פינגער איבערן שנייִ, ווו זיי האָבן איבערגעלאָזט סימנים.

אין שטוב איז געווען צוגערוימט, וואַרעם. מיר האָבן געהאַט אַ „לאַנגע" דירה מיט אַ סך שלאָף־צימערן — אויף פּאָר געסט — אין פּאַרטער. דאָס הילצערנע הויז מיטן הויף און דעם ברונעם האָבן געהערט צו מאָטל קצב (מאָטל שעדלעצקי). אַ קיילעכדיקער ברונעם מיט קיילעכדיקע קרענגעס און אַ לאַנגע קייט אַראָפּצולאָזן, צו שעפּן וואַסער אינעם צובאַהאַפטענעם קובל. ווינטער איז דער ברונעם אין הויף געווען האַלב־געפרוירן, אַ סך אייז איבער אים און אַרום, אַז מען האָט זיך געקענט אויסגליטשן. יענעם אָוונט איז אין שטוב געווען וואַרעם, די פּאָדלאָגעס ריין, לכבוד שבת, באַשיט מיט ווייס זאַמד אונטער די פּיס. אונדזער עס־צימער לינקס נעבן דעם געשעפט, האָט געהאַט אַ פענצטער אַרויס צו דער גאַס. די לאָדנס זענען איצט געווען פאַרמאַכט. אינעווייניק, אַנטקעגן דער טיר, איז געווען קאָכעדיק דער קאַפלע־אויוון, הויך ביזן סופיט מיט אַ מעשן טירעלע אויבן, כמעט ביים קאָפּ, ווען מען איז געשטאַנען און זיך געוואַרעמט ביי אים, די הענט פאַרלייגט הינטער זיך. אינעווייניק, הינטערן טירעלע, אין דער טיפקייט, איז געשטאַנען אַ טשייניק מיט זידנדיק וואַסער אויף טיי אַ גאַנצן שבת. דאָס טישטעך אויפן טיש, אין דער מיט, וואָס האָט פאַרנומען כמעט דעם גאַנצן צימער, האָט פאַרפלייצט מיט זיין ווייסקייט און אויפגעליכטיקט דעם גאַנצן אַרום. אויבנאָן זענען געווען אונטער אַ טישטעכל די חלות, אַ מעסטל מיט זאַלץ, ספרים. ווען דער טאַטע איז אַהיימגעקומען מיט מיינע ברידער, זענען געווען אורחים מיט זיי. אַלע, אויך מיר, די פרויען, זענען געזעסן ביים טיש. נאָכן קידוש פון טאַטן איז די שטוב געווען פול מיט זמירות... אַזוי ביז שפּעט אין דער נאַכט... די וואַרעמקייט און די מאכלים, וואָס מיין מאַמע האָט דערלאַנגט, האָבן צעצומען די מענטשן.

נאָכן בענטשן געדענק איך, האָבן די מענער געלערנט פון ספרים. פון אַלע געדענק איך אַ „חוקל", וואָס איז געלעגן אויפן טיש מיט מלאכים מיט געוועבטע פליגל אויף דער פאָדערשטער זייט. זיי האָבן די שטוב ווי באַהאַפטן מיטן הימל. אָט פליען זיי.

אַזוי זענען אַדורך מיינע קינדער־יאָרן.

שפּעטער, ווען איך בין עלטער געוואָרן, איך בין געווען אַ דערוואַקסן מיידל, האָב איך פאַרשטאַנען אַז דאָס לעבן נעמט ווערן נישט אַזוי לייכט. די שטוב איז שוין פול מיט דאגות.

אַ סך זאָרגן האָבן אָנגעפילט די שטוב, אָבער בעיקר וויל איך דערציילן פון דעם, וואָס אַ נייעס איז אַריינגעטרעטן.

ביידע עלטערן האָבן געהאַט אויסצושטייען נישט ווייניק פון מיר, איך מיין, פון מיינע לינקע אידייען און טעטיקייטן, און כאָטש איך בין געווען דער אידעישער קאָנטראַסט פון מיין טאַטן, בין איך אָבער איז כאַראַקטער געווען ענלעך צו אים. איך בין געווען פאַרביסן אין מיינס. די מאַמע האָט אַראָפּגע־שלונגען די עגמת־נפשן. דער טאַטע האָט אָבער געקעמפט קעגן מיר. ער האָט נישט געקענט איבערטראָגן וואָס איך בין אים גורם „חרפּות". דער קאַמף

צווישן אונדז האָט געדויערט אַ שיינע פּאָר יאָר און האָט אַלץ מער אָנגענומען שאַרפערע פאָרמען: „קאָסאַ נאַ קאַמיען" — אַ סערפּ איבער אַ שטיין.

לסוף בין איך אין דעצעמבער 1933 געווען געצווונגען, צוליב די פּאָליצייאישע רדיפות, אַוועק קיין פּאַריז. איך בין אַנטלאָפן אומלעגאַל. מיינע עלטערן און מיינע ברידער האָב איך שוין ליידער מער קיינמאָל נישט געזען.

איך געדענק נאָר ווי מיין טאַטע האָט אויסגעזען, ווען ער האָט דאָס לעצטע מאָל מיך באַגלייט קיין וואַרשע.

פון מינסקער יידן וואָס זענען געווען אין געטאָ האָב איך געהערט אַז מיין טאַטע איז געוואָרן קראַנק און קראַנקער, — אויף די לונגען; ער איז לסוף כסדר געלעגן אויף זיין בעט מיט פיבער — אַ בלייכער, אויסגעצויגענער, נאָר זיינע אויגן האָבן געגליט. פון בעט האָט ער צוגעקוקט ווי די מינסקער יידן גייען אָפּ אין בלוט. עס איז געווען שלעכט און זיינע טעג און נעכט האָט געקענט פאַרנעמען בלויז איין גאָט.

איך האָב איבערגעלעבט די מלחמה. מיין מאַן אין פּאַריז — הירש אָקסענ־הענדלער, אַן אָפּשטאַמיקער פון זאַוויערטשע, איז דורך די דייטשן ווי אַ מאַר־טירער דערשאָסן געוואָרן. ער האָט מיך איבערגעלאָזט מיט אַ קליין יינגעלע, פּאַביאַן (פייוול). אַלע יאָרן האָב איך שווער געאַרבעט, כדי זיך און דאָס קינד אויסצוהאַלטן.

מיין פּאַביאַן איז אויסגעוואקסן. איצט איז ער אין ישראל, אין ירושלים, ווו ער איז אַ דאָקטער אין הדסה־שפּיטאָל. ער איז אַ ספּעציאַליסט אין באַ־האַנדלען קינדער פרי־געבוירענע און איז איינער פון די חשובסטע אויף דעם געביט. זיין מסירות־נפש האָט אַ נאָמען. ער האָט דאָ חתונה געהאַט און ער, מיט זיין פרוי טאַלי, האָבן צוויי קינדערלעך — אַ יינגעלע יובל און אַ מיידעלע שירה. אָפט קום איך פון פּאַריז זיי באַזוכן און שעפּן נחת. מיין פּאַביאַן, ווי אַלע, איז אויך אַן אָפּיצער־דאָקטער אין רעזערוו — אין דער ישראל־אַרמיי.

איך טראַכט אָפט וועגן גורל, וועגן מיינע עלטערן, וועגן מיין געבוירן־שטאָט. ווען מיינע עלטערן וואָלטן אין געטאָ פאַר זייער טויט געאַנט, אַז זיי זענען נישט די לעצטע, אַז דווקא פון מיר וועט אַרויסוואַקסן דער דור פון זייער המשך, ווען זיי וואָלטן פאַרגעפילט וועגן מיין פּאַביאַנען, ווי ער ראַטעוועט מיט מסירות־נפש דאָס לעבן פון אַ סך פרי־געבוירענע יידישע קינדער; ווען מיין שטרענגער פאָטער, לייבקע, וואָלט דאָס אַלץ פאָרגעאַנט, וואָלטן מיר אַלע פאַרגאָסן פיל שטילע טרערן פון דער באַשערטקייט.

**אסתר גאָלדבערג**
(תל־אביב)

# די וואַטע־פאַבריק אין רבינס הויף

מיין זיידע ישראל־איסר ראָכמאַן איז געווען אַ פרומער גאָטספאָרכטיקער ייד. סיי ווינטער סיי זומער פלעגט ער אויפשטיין פאַרטאָג און אַוועק לערנען אינעם גערער שטיבל, אַזוי ביז נאָכן דאַווענען שחרית. ער איז אויך געווען גאַנץ פאַר־מעגלעך, האָט זיך דערוואָרבן דאָס הויז אין וועלכן ער האָט געוווינט. דאָ האָט זיך אויך געפונען זיין געשעפט פון וועלכן די משפחה האָט זיך דערנערט. ער איז געווען אַ ייד מיט אַ ברייטער האַנט וואָס פלעגט טיילן צדקה און באַזונדערס אַרויסהעלפן מאַטעריעל זיינע אייגענע נויטבאַדערפטיקע משפחה־מיטגלידער. זיין ווייב, מיין באָבע נחמה, איז אויך געווען אַ פרוי מיט אַ וואַרעם האַרץ.

מיין מאַמע, יוכבד — איז געווען זייער עלטסטע טאָכטער. די מאַמע האָט פון קינדוויייז אָן אַרויסגעוויזן פעיקייטן. איך געדענק, מען פלעגט דערציילן, אַז ווען זי איז אַלט געוואָרן פינף יאָר, האָט דער טאַטע זי געבראַכט אין חדר, ווו עס האָבן נאָטירלעך געלערנט בלויז יינגלעך, און געזאָגט דעם מלמד: „איך וויל מיין טאָכטער זאָל לערנען ביי אייך תורה". דער מלמד האָט געמאַכט אַ מאָדנע מינע און דער זיידע האָט אים מסביר־געווען: „מיין מיידעלע איז זייער פעיק, מיט אַ זעלטענעם כוח־תפיסה און איך בין זיכער, אַז זי וועט זיך אויסצייכענען און קענען לערנען נישט ערגער ווי אַלע תלמידים". און אַז דער מלמד האָט נישט געלאָזט זיך איבערצייגן, איז דער זיידע אַוועק און געדונגען אַ פּריוואַטן לערער, ער זאָל לערנען מיט זיין טאָכטער אַלע לימודי־קודש און לימודי־חול — לויט די באַגריפן פון יענער צייט. איך מיין אַז דאָס איז נישט געווען בחינם...

מיין מאַמע איז געווען אַן אמתע אשת חיל, אַ פרוי מיט אַ זעלטענער אינטעלי־גענץ. צו אַלעם האָט זי געהאַט אַן אַנטוויקלטן סוחרישן געפיל. זי האָט פלאַנירט און אויפגעשטעלט אונדזער פאַבריק פון וואַטע און וואַטענע קאָלדרעס. די וואַטע־פאַבריק האָט זיך געפונען אין אַ ספּעציעלן געבוי אויפן רבינס הויף, נאָענט צום טייך. מיר אַליין האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן אויבערשטן שטאָק איבערן בית־מדרש־בנין מיט אַ גרויסן בוידעם. די פאַבריק האָט געגעבן פרנסה בכבוד און האָט פאַרוואַנדלט די גאַנצע שטוב מענטשן אין אַרבעטנדיקע. אַלע קינדער זענען גע־ווען באַשעפטיקט אין דער פאַבריק.

מיין מוטער איז געשטאָרבן זייער יינג, אין עלטער פון 37 יאָר. דאָס איז געווען אַ גרויסער קלאַפּ פאַר אונדזער גאַנצער משפחה.

מיין פאָטער יעקב איז געווען אַ ווענגראָווער; אַן אָפּגעהיטענער ייד, אָבער מער ווי אַלע מצוות האָט ער געשעצט די מצווה פון גמילת חסדים און צדקה. אַ שטילער מענטש מיט אַ זיידענער נשמה. ער האָט קיין מענטש נישט געקענט באַליידיקן. איך געדענק אַז פאַר פסח, ווען מען האָט געמאַכט אָרדענונג מיט די חשבונות פון אַ גאַנצן ווינטער, פלעגט ער הייסן אַ סך וועקסלעך פאַרברענען און נישט אָפּמאָנען די חובות ביי אָרעמע מענטשן: ס׳גייט פסח און יענער מוז

מסהמא זיין געענגט אין מזומן — פלעגט דער טאַטע זאָגן שטיל, אַפילו די מאַמע זאָל דאָס נישט וויסן. איך האָב אויך קיינמאָל נישט געהערט דעם טאַטן אויפ־הייבן דאָס קול אויף אונדז קינדער. העכסטנס האָט ער זיך באַמיט איבערצייגן, מסביר זיין — אַלץ געלאַסן, בדרכי נועם.

מיין עלטסטער ברודער שמעון איז געווען אַ ווונדערלעכע מזיגה פון מיינע עלטערן. ער האָט געהאַט אַ פייערדיקן קאָפּ צום לערנען און דערביי געווען אַן איידעלער, שטילער בחור. איך געדענק אַז ער פלעגט לערנען אַ שיעור ביי הרב קאַפּלאַן, נאָך דעם ווי ער האָט לאַנגע יאָרן געלערנט אין גערער שטיבל. איינ־מאָל, אין הויך־סעזאָן, ווען די אַרבעט אין שטוב האָט געברענט אונטער דער האַנט און אויך ער האָט געמוזט אַביסל העלפן, האָט ער פאַרפעלט דעם טעגלעכן שיעור ביי הרב קאַפּלאַן. צומאָרגנס האָט דער רב אַרויסגערופן צו זיך מיין פאָטער און מוטער און זיי געזאָגט: זייט וויסן, אַז אייער זון איז אַן עילוי און איר דאַרפט אים נישט מישן אין שטוב־אַרבעטן. ער וועט זיין אַ גדול בישראל...

שמעון איז געווען איינער פון די ערשטע תלמידים, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אין דער לובלינער ישיבה. דער ראש פון דער ישיבה, דער באַרימטער הרב שאַפּיראָ, האָט שטאַלצירט מיט זיין מינסקער תלמיד. אָנגענומען צו ווערן אין דער כיתה, אין וועלכער ער האָט געלערנט, האָט שמעון געמוזט קענען 200 בלאַט גמרא פון אויסנווייניק!

טאַקע בעתן חנוכת הבית פון ישיבת חכמי לובלין האָט שמעון זיך פאַרקילט. איז קראַנק געוואָרן און געמוזט דערנאָך ליגן אין אַ סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־ליידנדיקע, ביז ער איז אַרויס פון דער קראַנקייט.

די אַנדערע ברידער מיינע האָבן זייער צוקונפט געזען אין אַרבעט אין דער וואַטע־פאַבריק — אַזוי משה, וואָס איז בעת דער מלחמה אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד און לעבט איצט אין אויסטראַליע, און אַזוי מיינע יינגערע ברידער חיים, פנחס און דוד. זיי דריי זענען אומגעקומען אין מינסק צוזאַמען מיט מיין פאָטער. וועגן שמעונען איז מיר נישט באַקאַנט קיין פרטים. קען זיין, אַז ער איז אומגעקומען אין קאַלושין.

איך וויל דאָ נאָך דערמאָנען אונדזער נאָענטע משפחה, וואָס איז אומגעקומען בעת דער מלחמה: די משפחה פון מיין מוטערס שוועסטער מינדל גאָלדבערג מיט איר מאַן איטשע און קינדער צפורה, חוה און שרה; און נאָך אַ שוועסטער, איטע, וואָס איז אומגעקומען מיט איר מאַן ברוך דוד רובינשטיין, מיט אַ טאָכטער בראָניע און נאָך צוויי קינדער, וועמענס נעמען איך האָב שוין פאַרגעסן.

אשר אַנשל גולדברג

# לזכרון משפחת תלמוד

נשארתי אוד מוצל מאש מכל המשפחה הגדולה שלנו. ואתחיל בדוד אמי ר׳ מאָטל ברונשטיין זצ״ל, מחסידי אלכסנדר — תלמיד חכם מופלג, למדן, צדיק ועשיר מאוד, בעל מחסן עץ ענקי. העסיק מספר עובדים מקרובי משפחה שלנו אשר גם הם חסידים יראי שמים וגרו בבית הגדול של ר׳ מאָטל. בדירתו המרווחת בת שמונה חדרים התאכסנו האדמו״רים אשר ביקרו במינסק.

בקופת הברזל אשר בביתו היו טמונים נדנים רבים של צעירים. בביתו הגדול היה בית תפילה ממש כמו בבית מדרש, וכל מספר שנים „כתב" לו ספר תורה והכניסו לבית המדרש ברוב פאר ושמחה. בשבת, בסעודה השלי־שית, ניהל „שולחן" עם מאות אנשים. בביתו האכיל הרבה שרעבו ממש ללחם, וחילק צדקה ביד רחבה. מאות מתושבי מינסק לוו אצלו גמילות חסדים, ללא כל סיכויים להחזיר את הכסף, אבל ר׳ מאָטל רשם את כל ההלוואות בספר וציווה לשים את הספר הזה אחרי פטירתו מתחת לראשו. ספר ההלוואות — מספר הדפים שבו גדל מיום ליום.

בשנת 1924 מכר את כל רכושו, וחלק מכספו חילק בין קרובי משפחתו. היה חשוך ילדים ועלה לארץ ישראל, כפי שהשתוקק כל חייו. נפטר בשיבה טובה בשנת 1936.

דודי (אח אמי), ר׳ יואל לייב תלמוד, גם הוא מחסידי אלכסנדר היה, תלמיד חכם היה, ישב ימים ולילות על התורה. אשתו ניהלה מסחר של שמרים ור׳ יואל לייב הבטיח לה חצי מעולם הבא שלו. נפטר בשיבה טובה בשנת 1932.

בנו של ר׳ יואל לייב זצ״ל, ר׳ שמואל שאול תלמוד, סוחר עשיר בלודז׳ היה, מחסידי אלכסנדר־סטריקוב; בתו לאה ע״ה היתה אשתי הראשונה, שניר־צחה בגיטו לודז׳ יחד עם הוריה. בתנו היחידה פייגה רחל הושמדה באושוויץ.

הערשל מיאבלונה, בן שני של דודי ר׳ יואל לייב, גם הוא ניספה עם כל המשפחה. כמו״כ ניספו בנו ר׳ יחיאל תלמוד, מפרנסי עיר מינסק, עם כל משפחתו וכן ר׳ מאַטיס עם כל משפחתו שגם הוא גר במינסק.

אבי מורי ר׳ יצחק אייזיק גולדברג, מחסידי לוקוב—קוצק, היה סוחר עצים, בנו של ר׳ יעקב, נצר מגדולי רבנים, חתנו של הרב הקדוש מנמרוב. מחבר ספר „ושב הכוהן" על התוספות.

אמי וכל משפחתי, אחי ואחיותי ומשפחותיהם, כולם ניספו במחנות השמדה על אלה אני בוכיה.

**יעקב פייגנבוים**
(נצרת עלית)

# מיין זיידע מרדכי וואַסערמאַכער

איך בין א זון פון מרדכי וואסערמאכערס זון יחזקאל, וואָס האָט געהייראַט מיט מיין מאַמע ריווע שרייבוים פון גער. מיינע קינדער יאָרן האָב איך אָבער פארבראכט ביים זיידן אין מינסק — דאָס איז געווען אין די יאָרן 1916 ביז 1920. דעם זיידנס שטרענגע פרומקייט און בכלל התנהגות האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם אויף מיר, דעם דעמאָלט אַכטיעריקן יינגל. איך האָב אים קיינמאָל נישט פארגעסן.

זיין פרנסה איז געווען א פאבריקל פון סאָדע־וואסער און דעריבער האָט מען אים גערופן „וואסערמאכער", אָבער דערמיט האָבן זיך בעיקר פארנומען דער פעטער פנחס, דער פעטער יהושע און די מומע חנה רויזע. זיי זענען תמיד געווען שטארק פארהאָרעוועט. דער זיידע אליין איז בעיקר געווען פארנומען ווי א מוהל. ער פלעגט זייער אָפט פאָרן אויף א ברית־מילה קיין קאַלושין און אין אַלע שכנותדיקע שטעטלעך.

אַ באַזונדער פרייד איז פאַר מיר געווען ווען עס איז אויסגעפאַלן אַ „ברית" שבת. אין אזא פאל פלעג איך — ווי א יינגל — טראָגן אלע כלים, ווייל דער זיידע האָט נישט געהאלטן פון ערוב אין שטאָט. איך פלעג שטייען נאָענט פון זיידן און דאָס האָט ארויסגערופן קנאה ביי די חברים מיינע אין חדר.

אז עס איז געקומען שבת אָדער א יום־טוב האָט דעם זיידנס שטוב אָנגענומען א גאנץ אנדער פנים. פרייטיק־צו־נאכטס פלעגט דער זיידע תמיד ברענגען מיט זיך פון שטיבל אן אורח. אהיימגעקומען האָט מען געטראָפן געדעקט דעם שבתדיקן טיש מיט א סך לייכטערס, און נאָכן קידוש האָט די באָבע ליבע דערלאנגט די אמתדיקע שבתדיקע מאכלים און באזונדערס געזאָרגט פארן אורח, ער זאָל עסן און הנאה־האָבן.

א גאנצע וואָך בין איך געגאנגען אין חדר, וואָס האָט זיך געפונען פונקט אנטקעגן דעם זיידנס הויף. נאָך מיטאָג האָב איך געהאָלפן אינעם פאבריקל אָדער מיט גייען אין שליחות מיט א „קוואס" צום מארק, ווו די מומע עלקע אָדער די מומע חנה־רויזע פלעגן שטייען מיט אביידל און פארקויפן דעם קוואס. פאר מיר איז דאָס געווען א גרויס פארגעניגן צו דערפילן אזעלכע שליחותן און זיך כסדר דורכלויפן דאָס שטיקל וועג.

עס דערמאָנען זיך אויך די לאַנגע ווינטער־אָוונטן ווען די באָבע ליבע, מיד פון א גאנצן טאָג ארבעט, פלעגט זיצן אין געוועלב פון פאבריקל און דרימלען, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ. אין דער דערבייאיקער אַלקאָווע איז געשטאַנען אַ בעטל אויף וועלכן איך פלעג שלאָפן צוזאַמען מיטן פעטער יהושע, וועלכער לעבט איצט אין לאָס־אנדזשעלעס.

שפעטער האָב איך געוווינט אין וואַרשע, געהאַט אַ פאַרבן־געשעפט, געהאַט פרנסה, און געהאט א פרוי מיט א קינד. נאָכן מלחמה־אויסברוך בין איך בעתן

אנטלויפן פון ווארשע אויפן וועג אָפּגעטראָטן אין מינסק און געזען צום לעצטן מאָל, די מיר אַזוי באַקאַנטע פון די קינדעריאָרן ערטער, פּלעצער און מענטשן. א מורא און א פארלוירנקייט האָט אין מינסק געהערשט יענעם טאָג, דעם 16טן אָקטאָבער 1939, ווען איך בין אוועק פון מינסק מיט מיין רוקזאק אויף דער פּלייצע, אוועק אויף מזרח, און זיך געזעגנט מיט מיין פעטער פנחס און מיט דער גאנצער משפּחה.



פון רעכטס אויף לינקס : לאה זלאַטאָלאַוו, לייבל (לעאן) יאַגאַדאָוויטש
איטקע מיאַדאָווסקי און איר קוזינקע שרה מיאדאָווסקי

**רחל קויפמאַן (גראָסמאַן)**
(בני־ברק)

# מיין טאַטע אברהם־לייזער שוחט

באַלד ווי מיין ברודער יאַנקל איז אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, האָב איך און אַ סך פון אונדזער שטוב, נישט אויפגעהערט צו חלומען וועגן לאַנד. מיטאַמאָל האָט ארץ־ישראל אויפגעהערט פאַר אונדז צו זיין עפּעס אַ ווייטע זאַך, אַ וואָרט פון חומש און סידור. די בריוו וואָס מיר האָבן באַקומען פון יאַנקלען זענען געגאַנגען פון האַנט צו האַנט — נישט בלויז צווישן די משפחה־מיטגלידער. יאַנקל האָט זיך אינטערעסירט מיט אַלץ וואָס קומט פאָר ביי יעדן איינעם פון דער משפחה, און בכלל וואָס מען הערט אין שטאָט. מיר זענען געשטאַנען כסדר אין קאָנטאַקט און איך האָב נישט אויפגעהערט אים צו דערמאָנען אין יעדן בריוו, אַז איך וויל פאָרן קיין ארץ־ישראל.

אין 1935 האָט יאַנקל זיך באַמיט און ענדלעך מיר אַרויסגעשיקט אַ סערטי־פיקאַט. איך בין גלייך געפאָרן. די האָפענונג איז געווען, אַז איך זאָל נישט זיין די איינציקע, און נאָך מיר זאָלן אויך אַנדערע משפחה־מיטגלידער נאָכקומען. לײַדער איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. די מלחמה איז אויסגעבראָכן און מען איז אינגאַנצן אָפּגעשניטן געוואָרן פון דער משפחה אין מינסק.

איך האָב זיי מער נישט געזען — נישט מיין עלטסטן ברודער גאָדל מיט זיין משפחה, דער סטאַניסלאַוואָווער שוחט, נישט מרדכין וואָס האָט געוווינט אין ווישקאָוו, נישט איטשע שוחט און נישט מיינע שוועסטער נחמה קיטשקאָווסקי אין וואַרשע און נישט רבקה בריקס און חיה וויינגאָט מיט זייערע משפחות, וואָס זענען אומגעקומען אין מינסק צוזאַמען מיט זייערע מענער און קינדער.

ווען איך האָב פאַרלאָזט מינסק האָט שוין דער טאַטע נישט געלעבט, אָבער עד היום קען איך אים נישט פאַרגעסן — געניי ווי אַ סך מינסקער יידן געדענקען אים. אברהם לייזער שוחט איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער געגנט — קודם־כל ווי אַ גרויסער למדן. דערביי איז ער געווען אַ ליבער האַרציקער מענטש, וואָס האָט זיך דערווייטערט פון יעדער מחלוקת, אַפילו ווען דאָס איז געווען אַ מח־לוקת לשם שמים. איך געדענק, אַז ווען עס האָט געברענט די מלחמה צווישן מעכעווער רב און בריסקער רב, און די שטאָט איז געווען געשפּאָלטן — איז דער טאַטע געווען נייטראַל אין דער מחלוקת און פלעגט זיין חלף ווייזן סיי דעם בריסקער סיי דעם מעכעווער, כדי די גאַנצע שטאָט זאָל קענען עסן פון זיין שחיטה.

דער טאַטע איז אויך געווען אַ גוטער פאָטער. די מאַמע איז געשטאָרבן אַ סך פריער פון אים. איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ יינג מיידל. מיין מאַמע שיינע־פעשע איז געווען אַ צדיקת און האָט אַ סך געהאָלפן אָרעמעלייט און געטיילט אַ סך צדקה. זי פלעגט אויך אָוועקטראָגן אין אָרעמע שטובן פלייש־דראָב, וואָס די שוחטים פלעגן בדרך כלל באַקומען אין שעכטהויז און דאָס האָט נישט אויס־געפעלט ביי אַ שוחט אין שטוב.



די משפחה ווײַנגאַט

אינמיטן זיצט —
רחל קויפמאַן־גראָסמאַן
פאַרן אָפּפאָר קײן
ארץ־ישׂראל

ווען איך שרײַב די שורות ליגט פאַר מיר אַ בריוו וואָס מײַן ברודער איטשע שוחט האָט געשריבן אין זײַנער צײַט צו מײַן ברודער יעקב אליאב קײן תל־אביב וועגן די אומשטענדן פון טאַטנס פּטירה. נישט געקוקט דערויף, וואָס דער טאַטע האָט זיך שוין געפילט זײער שוואַך, האָט ער שמחת תורה בײַנאַכט דאָך באַשלאָסן גײן דאַווענען אין שטיבל אַרײַן. ווי תמיד האָט מען אים מכבד־געווען מיט זאָגן „אתה הוראית״ פאַר די הקפות. אויך צומאָרגנס איז ער געגאַנגען דאַווענען און נאָכן דאַווענען איז ער אַוועק צום קידוש פון דער חברה קדישא, וואָס פלעגט פאָרקומען יעדן שמחת־תורה. מײַן ברודער איטשע האָט אים אָפּגעּרעדט דערפון און געזאָגט: דו פילסט זיך דאָך שלעכט, איז אויב ווילסט זײַן מיט מענטשן, קענסטו דאָך אַרײַנקומען צו מיר אויפן קידוש, וואָס איך מאַך שמחת תורה פאַר אַלע חסידים״. דערויף האָט אים דער טאַטע געענטפערט: „איך מײַן נישט דעם קידוש, איך וויל זיך זען מיט דער חברה קדישא״...

צומאָרגנס נאָך שמחת תורה איז דער טאַטע פאַרשלאָפט געוואָרן, און איז מער נישט אויפגעשטאַנען פון קראַנקן־בעט. ער איז ניפטר געוואָרן ו׳ חשון תרצ״א.

איך געדענק ביז הײַנט דעם הספד וואָס עס האָט געהאַלטן דעמאָלט אונדזער מחותן דער מורה־הוראה ר׳ חיים זעליק ראָטלעוויטש אין הויף פון בית מדרש ווו די גאַנצע שטאָט יידן זענען געקומען אָפּגעבן כבוד זײער באַליבטן שוחט און למדן.

**פסח משה ניימאַן**
(מאָנטרעאַל, קאַנאַדע)

# מיין טאַטע דער שוחט

מיר האָבן געוווינט פריער אויף דער וואַרשעווער גאַס ביי די בערגערס און די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה הינטער דער תיפלה, אינעם געסל וואָס האָט געגרענעצט מיט דער קאַלושינער גאַס. מיין טאַטע דוד לייב ניימאַן איז געווען אַ געבוירענער אין סטאָטשעק. מיין מאַמע — רחל האָט זי געהייסן — איז געבוירן אין מינסק ביי דער משפּחה פּיערניק — בעקערס און פאַרבערס.

איך בין געווען דער עלטסטער אין שטוב און פאַר דער מלחמה האָב איך שוין אפילו באַוויזן אַביסל צו העלפן מיט פּרנסה אין שטוב. איך האָב געאַרבעט אין וואַרשע און געהאָלפן דעם טאַטן, וואָס האָט תמיד געהאַט שוועריקייטן מיט באַ־שפּייזן די משפּחה. ער האָט זיך גענומען צו פאַרשידענע מלאכות, אָבער געהאַט פון זיי ווייניק ברכות... פאַר דער מלחמה איז ער געוואָרן אַ ווינקל־שוחט, דאָס הייסט אַ שוחט וואָס די קהילה האָט נישט געוואָלט אָנערקענען. די שטאָט פלעגט אָבער אַ סך קומען צו אים שעכטן געפליגל, ווייל חסידישע יידן האָבן דווקא פון אים געהאַלטן (ער איז געווען אַן אָנגעזעענער חסיד אין אַלעקסאַנדער־סטרי־קעווער שטיבל) און בכלל געווען אַ ליבלעכער, לעבעדיקער און הומאָרפולער ייד, אַזוי אַז ער האָט נושא־חן געווען ביי מענטשן. אויך אין דער מלחמה־צייט, ווייס איך, האָט ער עוסק געווען אין דעם פאַך, כאָטש דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט מסירת נפש און פחד פאַר די דייטשן, וואָס האָבן געהאַט פאַרבאָטן די שחיטה בכלל.

איך אַליין בין אַנטלאָפן פון מינסק מיט חברים באַלד ווי די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. די מלחמה האָב איך דורכגעמאַכט אין וויטן רוסלאַנד, ווייט פון מיינע נאָענטסטע און טייערסטע, ווען איך בין לסוף צוריקגעקומען קיין פּוילן, האָב איך קיינעם פון זיי נישט געטראָפן.

צוזאַמען מיט מיינע עלטערן זענען אומגעקומען מיינע דריי שוועסטערס און איין ברודערל. מיין עלטסטע שוועסטער — רייזל — איז געווען דריי יאָר יינגער פון מיר. די אַנדערע שוועסטער האָבן געהייסן חיה־שרה און די דריטע — קיילע. מיין ברודער מאָטל איז געווען דער יינגסטער.

נאָך דער מלחמה בין איך פון די לאַגערן פאַרוואָגלט געוואָרן קיין קאַנאַדע, ווו איך האָב צוריק אויפגעבויט מיין משפּחה און אַרבעט ביי מיין פאַך — דרוק־וועזן. אין מאָנטרעאַל זענען פאַראַן בלויז דריי מינסקער פאַמיליעס און די לאַגע איז ביי זיי נישט קיין גוטע. גוט וואָס איך קום אָפּט אויף באַזוכן קיין ישראל און נוץ שטענדיק אויס די געלעגנהייט צו זען זיך מיט מינסקער יידן, צוזאַמען דערמאָנען זיך דאָס לעבן און די מענטשן פון אונדזער פאַרשניטענער שטאָט.

**פייגע גאוואָרטשיק־ערליך**
(מעלבורן, אויסטראַליע)

# מיין משפחה און מיין יוגנט אין מינסק

איך טראָג דעם נומער 46963 פון טויט־לאַגער אוישוויץ. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן בין איך אַלט געווען 19 יאָר. מיין פאָטער חיים ברוך גאָוואָרטשיק איז געווען פון די שיינע יידן אין שטאָט, אַן אַלעקסאַנדער חסיד, אַ הויכער מיט אַ טונקל־בלאָנדער באָרד. אַ צייט — פּרעזעס פון קהילה־ראַט אין מינסק. אונדזער „אַלעיאַרניע״ (אייל־פאַבריקל) מיט אַ געוועלב, איז געווען אין מאַרק. מיין פאָטער האָט געשטאַמט פון לאַסקעראָוו, געווען אַ זון פון דאָרטיקן רב. אַליין אַ בעל־הוראה. קיין מינסק האָט ער חתונה־געהאַט מיטביילע, דער טאָכטער פון דער חסידישער משפחה פעלדמאַן. מיר זענען געווען 8 קינדער אין שטוב.

איך געדענק, ווי דאָס לעבן האָט געשמייכלט צו מיר. אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי ראָז. אַ צייט האָב איך געהערט צו דער רעליגיעזער יוגנט־באַוועגונג (פון מזרחי), „השומר הדתי״. איך בין געווען אַ בלאָנד מיידל, אַ געשטאַלטיקע. אין די אָוונטן פלעג איך פאַרברענגען מיט דער מינסקער יוגנט. מיר זענען געקומען אין פּאַרטיי־לאָקאַלן, געהערט היסטאָרישע און אידעאָלאָגישע שמועסן, דיסקור־טירט; שפּאַצירט אויף דער וואַרשעווער גאַס, און געטרוימט וועגן אַ שיינער צוקונפט. אַלץ איז געווען אַזוי ניי, פריש און פול מיט האָפענונג. דאָס לעבן עפנט זיך ערשט פאַר אונדז. מיר פלעגן זיך פאַרזאַמלען אין שטובן, פאַרברענגען און זינגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. מיין נאָענטסטע חברטע איז געווען אַ שטיל מיידל, אין מיין עלטער, שרהלע גאָלדצווייג, אַ ברונעטקע, וואָס האָט זייער שיין, פאַרבענקט, געזונגען. זיי האָבן געוווינט אויף דער קאָליע־גאַס. זי האָט געהאַט, געדענק איך, זייער אַ גוטע משפחה, גאָר בכבודיקע מענטשן. איר פאָטער מיט אַ שוואַרצער, סאַמעטענער באָרד, משה טוביה, יוסף פּאַקערס (מילכערס) איידעם, דער פעטער בער בייער און איר איינציק ברודערל אברהמעלע (אין עלטער פון 15—16 יאָר), האָבן אַרויסגערופן צו זיך רעספּעקט. אַלע זענען זיי געווען פּאָריסאָווער חסידים. אונדזערע חברים, מיט וועלכע מיר האָבן זיך אָפט געטראָפן, זענען געווען לייבל ראָכמאַן און יאַנקל שיפּמאַן, וועלכער האָט אויך זייער שיין געזונגען.

אַזוי זענען אַדורך מיינע יוגנט־יאָרן, וועלכע איך געדענק תמיד.

מיטאַמאָל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונדז די מלחמה. אַלץ איז צעשטערט געוואָרן.

דעם ערשטן דורכפאַל האָט געהאַט מיין עלטערע שוועסטער, אסתר: צוזאַמען מיט מיין ברודער אברהם מאיר, האָט זי געהערט צו דער בית״ר־יוגנט. סעפּטעמבער 1939 איז געווען באַשטימט, זי זאָל אומלעגאַל אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל. דעם ערשטן סעפּטעמבער איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, און פון איר טרוים איז גאָרנישט געוואָרן. זי האָט שוין געמוזט פאַר־בלייבן. צוזאַמען מיט אירע חברטעס, צוזאַמען מיט אַלע יידן ביי אונדז, אין

איינעם מיט איר מאַן רפאל סאָסנאָוויטש, מיט וועמען זי האָט חתונה־געהאַט, איז איר באַשערט געווען דורכצומאַכן אַלע צרות. זי איז געווען אין געטאָ, און לסוף איז זי אינאיינעם מיט אַלע אומגעקומען.

דער זעלבער סוף האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַלע פון מיין משפחה. זיי זענען אומגעקומען, יעדער כמעט אַליין — ווייל שטאַרבן שטאַרבט מעז אַליין — צוזאַמען מיט דער גאַנצער שטאָט יידן.



פייגע גאָוואַרטשיק
מיט שרהלע משה טוביה'ס

מיין פאָטער, חיים ברוך, איז געווען אַן אויסנאַם. אים איז באַשערט געווען פריער צו שטאַרבן אויף זיין בעט. מיר אַלע האָבן אים נאָך באַוויינט און באַגלייט, צוזאַמען מיט אַן אַ שיעור מענטשן אויף זיין לוויה. ער האָט געהאַט אַ זכיה.

איך אַליין האָב אַ סך איבערגעלעבט. אין טאָג פון דער אַקציע (פרייטיק, דעם 21טן אויגוסט), באַלד אין דער פרי, בין איך, ווי יעדער איינער, אַנטלאָפן פון שטוב. עס האָט מיר פריער געוואָרנט און געראַטן ווו צו אַנטלויפן, מיין חבר יידל ציליך. איך בין אַנטלאָפן אויפן טאָרגאָווקער וועג, אין דער ריכטונג פון יידישן בית־עולם. דאָרט האָט מיר אַ קריסטין פאַרלייגט אַ טיכל אויפן קאָפּ און אָוועקגעזעצט שיילן קאַרטאָפליעס. עטלעכע מאָל זענען אַריין די דייטשן זוכן יידן און האָבן מיך נישט דערקענט. איך האָב אויסגעזען ווי אַ שיקסל. שפּעטער בין איך פאַרוואָגלט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ, פון דאָרט בין איך אָפּגעפירט געוואָרן אין לאַגער מאַידאַנעק, ווו איך האָב געזען צווישן די מענער מיין חבר פון מינסק, יאַנקל שיפּמאַן. עס איז געווען אַ פּחד. ער האָט אויסגעזען זייער שלעכט און פאַרלויזן. ער איז געגאַנגען באָרוועס. דאָס איז נישט געווען דער יאַנקל פון

מינסק. איך האָב איבער די דראָטן אים אַריבערגעוואָרפן אַ שטיקל ברויט, וואָס איך האָב געהאַט ביי זיך. מער האָב איך אים נישט געזען. נאָך 6 וואָכן האָט מען מיך מיט 40 מיידלעך, אָפּגעשיקט קיין אוישוויץ, ווו איך האָב נישט איינמאָל געזען דעם טויט פאַר די אויגן. איך דערמאָן זיך, ווען איך בין איינמאָל קראַנק געווען אויף אַ טיפוס און מען האָט מיך אָפּגעשיקט אין רעוויר (לאַזאַרעט־באַראַק), איז פּלוצים אַריינגעקומען אַ ס.ס.־מאַן. איך בין געווען די ערשטע ביי דער טיר. ער האָט דאַן מיך און נאָך אַ קראַנק מיידל (ביידע זענען מיר געווען האַלב־נאַקעט) אַרויסגענומען און אַוועקגעפירט רייניקן וואַננע־צימערן. מיר האָבן געציטערט און קוים געשטאַנען אויף די פיס. ווען מיר זענען צוריקגעקומען, איז דער באַראַק געווען ליידיק. מען האָט אינצווישן אַלע קראַנקע מיידלעך אַרויס־גענומען. מען האָט זיי אַוועקגעפירט אין גאַז־קאַמער. אַזעלכע נסים זענען מיט מיר געשען אומצאָליקע מאָל. אַלץ האָט אויסגעזען אַ צופאַל. פון אוישוויץ האָט מען ערב דעם סוף פון דער מלחמה אונדז אַוועקגעפירט אין דעם לאַגער פון ראַווענסבריק. באַפרייט בין איך געוואָרן דעם 5טן מאַי 1945 דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי אין נוישטאַט־גלעוויץ — אַ מידע, אויסגעמאַטערטע; אויף אייביק נישט מער דער זעלבער מענטש, ווי איך בין געווען. מיין לעבן האָט זיך אין גאַנצן געענדערט.

איך וווין איצט מיט מיין מאַן שמעיה ערליך (אויך אַ געראַטעוועטער פון לאַגער), מיט מיין פאַרהייראַטן זון, חיים נח (העברי — אַן אַדוואָקאַט), וואָס הייסט נאָך אונדזערע עלטערן, מיט זיין פרוי און קינד; מיט מיין טאָכטער פרומעטביילע (פרידאַ) — אין מעלבורן, ווו עס גייט אונדז גאָט צו דאַנקען גוט. מיין לעבן געהערט אָבער צו מיין געבוירנשטאָט, צו דער שטאָט פון מיין יוגנט, צו מיינע עלטערן, משפחה, וועלכע איך וועל מער קיינמאָל נישט זען.

נישט איינמאָל, ווען איך קום קיין ישראל, לעב איך נאָך אַמאָל איבער מיינע יוגנט־יאָרן. איך טרעף דאָ חברים, פריינט און באַקאַנטע פון מיין משפחה, פון מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער אין מינסק. איך טרעף חברים פון מיין שוועסטער אסתר, וועלכע האָבן פאַר איר, אין 1939, באַוויזן פון אונדזער שטאָט אויף אומלעגאַלע שיפן צו קומען קיין ארץ־ישראל. איך שמועס מיט זיי, מיט זייערע משפחות, וועלכע זיי האָבן שוין דאָ אויפגעשטעלט. מיר רעדן וועגן אונ־דזערע נאָענטע. אויף אַ רגע לעבט אַלץ פאַר מיר אויף.

עליעק טרוינע

# מיין פאָטער יוסף טרוינע

מיין פאָטער יוסף טרוינע איז לאַנגע יאָרן געווען פּרעזעס פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג. איך געדענק, ווי זייער אָפּט פלעגן קומען צו אים יידן מיט פּראָב־לעמען, פרעגן אַן עצה און אַזוי ווייטער. דער טאַטע מיינער, האָט יעדן איינעם אויפגענומען מיט אַ גוט וואָרט, מיט אַ שמייכל, געהאָלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט. צו יעדער פראַגע האָט ער געהאַט זיין צוגאַנג, זיין שטעלונג, און מיט חכמה האָט ער פיל זאַכן געלייזט.

איך געדענק, ווי מיין עלטערע שוועסטער פאַליע איז אַמאָל געקומען און דערציילט אין שטוב, אַז זי האָט אַ חתן, שמואל מערעטעק, גרייט זיך מיט אים חתונה צו האָבן. זיי האָבן זיך געהאַט ליב. ‏אָבער דער פראָבלעם איז געווען, אַז ביידע זענען לינק געשטימט און אַקטיוו אין זייער באַוועגונג, האָבן זיי בכלל נישט בדעה צו שטעלן אַ חופה ביים רב. פאַר מיינע עלטערן איז דאָס געווען אַ שאָק, הגם, ווי מיין פאָטער האָט אַליין דערציילט, איז אויך ער אין די יונגע יאָרן געווען פאָליטיש לינק געשטימט. מיין פאָטער האָט שטאַרק געבעטן מיין שוועסטער, זי זאָל דאָס נישט טאָן — הייראַטן אָן אַ חופה ביים רב — ווייל דאָס וועט מבייש־זיין די גאַנצע משפחה. נאָך לאַנגע דיסקוסיעס האָט מיין שוועסטער לסוף באַוויליקט צוליב־טאָן די עלטערן: יאָ שטעלן אַ חופה, אָבער נישט אין מינסק, נאָר אין וואַרשע — און בלויז אַ שטילע חופה. עד היום שטייען מיר פאַר די אויגן די שטראַלנדיקע פּנימער פון מיינע עלטערן, ווען זיי האָבן זיך געגרייט צו פאָרן קיין וואַרשע צו דער חופה פון מיין שוועסטער פאַליע מיט שמואל מערעטעק.

די טרוינעס זענען כמעט אַלע געווען פאָליטיש לינק. אָבער ביי אונדז אין שטוב זענען מיר, איך און מיין ייִנגערער ברידער מאָניעק, געווען רעוויזיאָניסטן. מיין ברודער מאָניעק איז אגב דערמאָרדעט געוואָרן אין רוסלאַנד פאַר האַנדלען אומלעגאַל מיט ברויט. אַלע מיינע חברים זענען געווען לינקע. מיר האָבן תמיד געפירט הייסע דיסקוסיעס, אָבער קיינמאָל זענען די דיסקוסיעס נישט דערגאַנגען צו געשלעגן אָדער צו אַ ברוגז.

דער ערשטער פאָליטישער אַרעסטירטער אין מינסק איז געווען מיין קוזין עליע מאָזעס, אויב איך מאַך נישט קיין טעות האָט מען אים פאַרשיקט קיין קאַרטוז־בערעזע. ביים פּראָצעס, וואָס איז געפירט געוואָרן קעגן אים פאַר קאָמו־ניסטישער טעטיקייט, האָט אים פאַרטיידיקט דער דעמאָלט־באַרימטער אַדוואָקאַט ד״ר עטינגער. געדענק איך ווי ד״ר עטינגער איז געקומען צו מיין טאַטן זיך באַראַטן, ווי אַזוי צו פירן דעם פּראָצעס. הגם יוסף טרוינע האָט נישט געהאַט קיין אוניווערזיטעט־בילדונג, האָט ער אָבער פאַרמאָגט אַ זעלטענע אָריענטאַציע אין געזעצן און אַן אויג, וואָס האָט געזען ווייט.

מיין ליבע האַרציקע מאַמע, מלכה, געדענק איך תמיד אַ פאַרהאָרעוועטע אין שטוב מיט די קינדער. זי האָט אויך מיטגעהאָלפן אין דער בעקעריי, ווייל דער פאָטער איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און אין דער גמינע. איך געדענק, וואָס פאַרא אַרבעט ער האָט פאַרלייגט, למשל, ביים

אויפנעמען דעם נייעם רב ; וואָס פּאַראַ מלחמות עס האָבן זיך געפירט צווישן די באַזונדערע צדדים, ביז דער טאַטע האָט געזיגט און דורכגעפירט זיין קאַנדידאַט. מיין מוטער האָט אים אויך געמוזט פּאַרטרעטן אין דער בעקעריי. הגם דאָס איז געווען געבוג שווער, האָט זי זיך קיינמאָל נישט געקלאָגט. צו דעם אַלעם פלעג איך נאָך אַלע מאָל ברענגען מיינע חברים אין שטוב — צווישן זיי פיל וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אָפּט אָן אַרבעט און אַ סך האָבן אין זייערע שטובן נישט געהאַט אפילו אָפּצועסן צו דער זעט. מיין גוטע מאַמע האָט אַלע מאָל צוגעגרייט עסן אויך פאַר זיי. איך געדענק, ווי מען האָט אַמאָל אַרעסטירט אַן אָרעם יינגל — איך דערמאָן זיך נישט זיין נאָמען — איז געקומען מיין שוועסטער פּאַליע און דערציילט, אַז מען קען אים באַפרייען אויף קויציע, אָבער ווו נעמט מען דערויף געלט. אָן אַרויסצורעדן אַ וואָרט האָט מיין מוטער גענומען דאָס זילבערנע באַשטעק און געגעבן מיין שוועסטער, זי זאָל דאָס פאַרזעצן און באַפרייען דאָס יינגל און זי וועט שוין שפּעטער אויסקויפן דאָס. אַ גאַנץ בוך קען מען אָנשרייבן וועגן די גוטע טאַטן פון מיין מוטער.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן און דער דייטש איז אַריין אין שטאָט האָט מיין טאַטע צוגענומען אַ שותף צו זיין בעקעריי — אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען כאַמקאַ, צו וועמען ער האָט געהאַט פולן צוטרוי. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון געטאָ, האָט מיין פאָטער דעם פּאָליאַק אַלץ אָפּגעגעבן און יענער האָט גענומען אויף זיך אויסצובאַהאַלטן אונדזער משפּחה. אַ טאָג שפּעטער האָט דער כאַמקאַ גערופן די געסטאַפּאָ, און ביי אים אין גאָרטן האָט מען דערשאָסן מיין פאָטער, מיין מוטער און מיין קלענסט שוועסטערל הינדעלע. מיין שוועסטער פּאַליע מיט איר מאַן שמואליק מערעטעק האָט מען פאַרפּייניקט אין וואַרשעווער פּאַוויאַק. זייער מיידעלע מייקא האָבן מיינע עלטערן אָפּגעגעבן צו אַ היימישן פּאָליאַק און אים באַצאָלט אַ סך געלט, ער זאָל דאָס קינד אויסבאַהאַלטן. ער האָט געטאָן וואָס אַ סך אַנדערע פּאָליאַקן האָבן געטאָן : ער האָט גערופן די געסטאַפּאָ און מען האָט דאָס קינד דערשאָסן.



רעכטס :
מיין ברודער מרדכי
אומגעקומען אין רוסלאַנד
לינקס :
מלכה טרוינע,
פרוי פון יוסף



**יעקב קויפמאַן**
(ירושלים)

# ר׳ שלמה מיאַדאָווסקי

ר׳ שלמה מיאַדאָווסקי („שלמהלע דעמבער״) איז געווען איינער פון די 10 זין פון דעם שעניצער שוחט ר׳ דוד. דער רוב פון ר׳ דודס זין האָבן געירשנט די מלאכה פון טאַטן און געווען שוחטים אין פאַרשידענע שטעט פון פוילן. ר׳ שלמה, הגם ער איז ווי אַלע אַנדערע ברידער געווען ראוי צו דער מלאכת השחיטה, האָט זיך גאָר פאַרנומען מיט מסחר. געפירט אַ בעקעריי און געהאַט אַ געוועלב אויף די „פיאַסקעס״.


ר׳ שלמה מיאַדאָווסקי

דעם נאָמען „דעמבער״ האָט ער געקריגן פון זיין שווער איצעלע, וועלכער איז זיינער צייט געזעסן אין דעמבי־וויעלקע און אַלס רייכער פאַכטער זיך איינגעקויפט פאַר אַן איידעם דעם ישיבה־בחור פון שעניצע. ער איז „געזעסן אויף קעסט״ ביים שווער אין דעמבע און געלערנט תורה. ווען ר׳ איצעלע איז אַראָפּ פון די נכסים און איז איבערגעגאַנגען וווינען קיין מינסק, האָט ר׳ שלמה מיטגעבראַכט דעם נאָמען „דעמבער״.

איך האָב מיין שווער ווייניק געקענט. ער איז נפטר געוואָרן כסלו תר״צ (דעצעמבער 1929) און הגם דער בת־קול איז שוין דאַן אַרויס אַז „פלונית לפלוני״ האָב איך נאָך נישט געוווסט אַז זיין טאָכטער שבעלע וועט זיין מיין ווייב. אָבער דאָס איידעלע געשטאַלט פון ר׳ שלמה׳ן האָט זיך שטאַרק איינגעקריצט אין מיין זכרון, ווייל יעדן שבת אינדערפרי האָט מען געזען ר׳ שלמה׳ן מיט אייזשעלע שניט־סוחר גייען דורך אונדזער פענסטער אויף דער שעניצער גאַס מיט שבת־טריט צום דאַווענען אין גערער שטיבל.

געווען פון די „שאַרפע״ גערער חסידים, גמרא־לערנער.

יהי זכרו ברוך!

**רחל אַרביסער־מאַרגוליעס**
**(פּאַריז)**

# מיין גוטער זיידע ישראל־הערש גערשקאָוויטש

פון אַלע ליבע און נאָענטע מענטשן, וויל איך דאָ אַרויסהייבן דעם אָנדענק פון מיין ליבן זיידן — אַ פרומער, ערלעכער ייד, וואָס האָט געלעבט אַלע יאָרן פון שווערער אַרבעט. זיין פּרנסה איז געווען צו פירן מעל פון דער באַן, צו די סוחרים. כאָטש אין שטאָט האָבן נישט אויסגעפעלט קיין פורמאַנעס, האָט מען אָבער דאָס מעל־פירן נישט אָנגעטרויט עמיצן אַנדערש, ווי ישראל־הערש גערשקאָוויטשן. אים, האָבן די סוחרים געוווסט, קען מען פאַרטרויען אַז די זעק וועלן אָנקומען גאַנץ, אַז קיינער וועט זיי אויפן וועג נישט לעכערן, נישט אַרויסנעמען צו עטלעכע קילאָ מעל; אַז יעדער זאַק וועט דערגיין אין דער פולער וואָג.

מיין זיידע איז געווען אַ פרומער ייד און געהאַט אַ ספּעציעלע באַציִונג צו דער משפּחה — צו יעדן איינעם פון זיינע קינדער און אייניקלעך, אויך ווען זיי זענען געשטרויכלט געוואָרן אין זייער פרומקייט. איין עפּיזאָד איז געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון, וואָס איך קען אים ביזן היינטיקן טאָג נישט פאַרגעסן.

איך בין געווען די עלטסטע פון אַכט קינדער ביי מיינע עלטערן — יעקב־הערש אַרביסער און זיין פרוי דבורה־לאה. דער שווערער מצב אין שטוב, די אָרעמקייט און די נויט, האָט מיך זייער פרי רייף־געמאַכט. איך האָב זיך צוגעקוקט ווי דער טאַטע איז פאַרטאָן אין זיין שווערער אַרבעט, טאָג און נאַכט, און אויך



ר' ישראל־הערש גערשקאָוויטש מיט זיין פרוי

די מאַמע איז אינגאַנצן פאַרנומען מיט נייען „וויפּראַוועס" פאַר פרעמדע, וואָס האָבן זיך געקענט דאָס דערלויבן, האָט זיך אין מיר דערוועקט דער סאָציאַלער פּאַרדראָס. ביי דער גאַנצער אַרבעט פון די עלטערן איז אין שטוב אויסגעקומען אונדז קינדער נישט איינמאָל פּשוט צו הונגערן. איך, די עלטסטע, וואָס האָב שוין אַ סך זאַכן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, האָב געדאַרפט האָבן מער איינזען און ליידן מער ווי אַלע אַנדערע; נישט מאָנען דאָס חלק ברויט און וואַרטן ביז דער טאַטע וועט פונאַנדערטיילן פריער די גרויסע שרייערס, די יינגערע קינדער אין שטוב, בעת נישט איינמאָל — ווען עס איז געקומען מיין ריי — האָט דער טאַטע שוין נישט געהאַט וואָס צו צעטיילן. דאָס ברויט האָט שוין פּשוט אויסגעפעלט...

צו שטילן דעם הונגער איז מיר געבליבן נישט מער ווי אַראָפּ אין הויף און זיך שטיל אויסוויינען אין אַ ווינקל...

אַזעלכע איבערלעבענישן האָבן מיך, ווי געזאָגט, שנעל רייף געמאַכט. גאָר יונג, שוין אין עלטער פון 13־14 יאָר, ווען איך בין נאָך געווען אין דער פאָלקס־



יעקב־הערש אַרביסער מיט זיין פרוי דבורה־לאה מיט זייערע ערשטע דריי קינדער: פעשע־רחל (איצט אין פּאַריז), שאַיע און אברהם

שולע, בין איך אַריינגעטראָטן אין די „פּיאָנערן". דאָ, אין דער אָרגאַניזאַציע, האָב איך געטראָפן אַ סך וואָס האָבן דערפילט מיין טעם.

די אָרגאַניזאַציע „פּיאָנערן" איז געווען אומלעגאַל אין דעמאָלטדיקן פּוילן. איך האָב אָבער געפילט, אַז די מענטשן דאָ זענען גוט אַלע אומגערעכטיקייטן אין לעבן, און איך בין געוואָרן אַקטיווער מיט יעדן טאָג.

ביז איינמאָל איז אויסגעבראָכן אַ מהומה אין שטעטל. די פּאָליציי פירט דורך רעוויזיעס. זוכט אומלעגאַלע ליטעראַטור, רויטע פענער... דער פחד איז גרויס דער זיידע רופט מיך אַוועק אין אַ זייט און פרעגט שטיל:

— רחלע, האָסטו עפּעס ביי זיך אין שטוב?

פאַרשטייט זיך, איך האָב געלייקנט, אַז נישט, איך האָב גאָרנישט. דער זיידע האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז איך זאָג נישט דעם אמת און ער איז צו מיר צוגעשטאַנען, איינמאָל און נאָכאַמאָל, געפרעגט און געבעטן זיך ביי מיר:

— רחלע, גיב עס מיר, איך וועל עס גוט איינלייגן, איינוויקלען און עס אַרונטערלייגן אונטער דעם פּערדס פּיס אונטערן היי, אין שטאַל. דאָרט וועט עס זיין זיכער, קיינער וועט עס נישט געפונען...

איך האָב טאַקע געהאַט ביי זיך אַ „פענדל", אַ רויט פענדל, וואָס מיר האָבן זיך געגרייט צו וואַרפן אויף די עלעקטרישע דראָטן. איך האָב עס אָנפאַרטרויט דעם זיידן. ער האָט עס טאַקע גוט אויסבאַהאַלטן, קיינער זאָל גאָרנישט וויסן. איך בין אַזוי אַרום אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון זיכערע עטלעכע יאָר תפיסה...

נאָך דער רעוויזיע, נאָך דעם ווי די פּאָליציי איז אַוועק און גאָרנישט נישט געפונען ביי מיר, האָט דער זיידע עס מיט ציטערדיקע הענט מיר צוריקגעגעבן. דאָס איז געבליבן אַ סוד אַלע יאָרן, אַזוי ביז איך האָב פאַרלאָזט פּוילן. דאָס איז געווען דער סוד צווישן מיר מיט מיין טייערן זיידן, וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט מענטשן, אויך ווען זיי זענען, לויט אים, באַגאַנגען עבירות...

**פרץ וואָלף**

# אונדזער משפחה

אונדזער גאַנצע משפחה האָט זינט דורות געלעבט אין מינסק, אַזוי ביזן אונטערגאַנג. ווען איך בין צוריקגעקומען נאָך דער מלחמה, האָב איך אומזיסט געזוכט עפּעס אָן איבערבלייב אָדער אפילו עמיצער וואָס זאָל מיר קענען דער־ציילן וועגן די לעצטע טעג פון זייער לעבן און טראַגישן אומקום. אומגעקומען זענען זיי גלייך מיט דער גאַנצער שטאָט יידן, אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע — דאָס איז דער איינציקער ענטפער וואָס די ווייניק לעבנגעבליבענע האָבן מיר געקענט געבן.

איך געדענק זיי און קען זיי נישט פאַרגעסן. מיין פאָטער הערש־יוסף און מיין מוטער לאה און מיין פעטער יונה ראָזנבוים מיט זיין ווייב רחל און טאָכטער פייגע, איר מאַן שלום בוקלער מיט צוויי קינדער, מיין מומע חנה הימלפאַרב און מיין פרויס עלטערן מאָטל און רחל מאַטושעווסקי מיט זייערע טעכטער צירל און רייזל; לייזער און צביה מיט 5 קינדער, יהושע און יוכבד מיט צוויי קינדער, מיין פעטער יוסף כרענאָוויצקי און זיין פרוי מינדל און זייערע 5 קינדער מיט אַן אַלטער מאַמען לאה כרענאָוויצקי.

איך בין אַוועק פון דער היים באַלד ווי די מלחמה איז אויסגעבראָכן. מיין פעטער יונה ראָזנבוים האָט מיך צוגערעדט איך זאָל נישט פאַרלאָזן די שטוב, אָבער מיך האָט געצויגן קיין רוסלאַנד. איך בין בשלום אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק און עס האָט מיך אָפּגעגליקט און איך האָב געהאַט אַ דירה פון 4 צימערן, וואָס איז געוואָרן אַ זאַמל־פונקט פאַר אַלע אַנטלאָפענע פון מינסק. משה שעקערקי, יאַבלאָנקע, הענעך גאַרטנקראַנץ, משה גראַדמאַן, נטע הילדענבראַנד — זיי זענען לסוף על פי רוב צוריקגעפאָרן, חוץ יאַבלאָנקע. די אַלע האָבן געפונען ביי מיר אַ שטיקל אָפּרו, אַן אָרט אַרומצוּוואַשן זיך און אָפּרו אויפן לאַנגן וועג פון ווייטערדיקע וואַנדערונגען. איך האָב אָבער דאָס אַלץ איבערגעלאָזט און בין אַוועק טיף קיין רוסלאַנד. דערנאָך בין איך געווען אין מיליטער־דינסט, געוואָרן פאַר־וו״נדעט.

נאָכן צוריקקומען קיין פוילן האָב איך צען יאָר געלעבט אין שטשעטשין — ביזן יאָר 1956, ווען איך בין עולה־געווען קיין ישראל.

**אברהם מערעטעק**
(ניו־יאָרק)

# דער רויטער פערד־הענדלער און מיין חבר יוסף־בער

קיין מינסק בין איך געקומען פון וואַרשע שוין זייענדיק אַ יינגל פון אַ יאָר 10־8, און אַוועקגעפאָרן בין איך זייענדיק שוין 24 יאָר אַלט. אָט די קורצע צייט האָט זיך גוט איינגעבאַקן אין מיין זכרון, און איך וויל דאָ בלויז דערמאָנען צוויי געשטאַלטן וואָס שטייען פאַר מיינע אויגן ווי לעבעדיק: דער רויטער פערד־הענדלער יצחק שטיק און מיין חבר יוסף־בער פּאָפּאָווסקי.



די מאַמע פון
די ברידער מערעטעק

דער פערד־הענדלער, וועמענס פערד זענען נישט געווען קיין צו ערלעכע, האָט געהאַט טאַקע אַ רויטע באָרד, רויטע האָר, רויטע באַקן, גרויסע ריזיקע הענט, הויך — געשפּריצט האָט פון אים אַן אומגעהויערע פיזישע קראַפט. יצחק, קען זיין, אַז טאַקע צוליב זיין אויסזען, האָט אים אַמאָל די פּאָליציי אַרעסטירט צוזאַמען מיט מיר און צוזאַמען מיט עליע מאָזעס, אונטער דער באַשולדיקונג אַז מיר האָבן צוזאַמען געוואָרפן אין מאַרק אַ רויט פענדל און אַז ער געהערט צוזאַמען מיט אונדז ביידע צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דער פּשוטער ייד האָט געוויינט מיט טרערן אין די אויגן און נישט פאַרשטאַנען וואָס מען וויל פון אים: וואָס פאַראַ פאָן, וואָס פאַראַ קאָמוניזם — ער ווייסט נישט וואָס מען וויל פון אים. אונדזער אַדוואָקאַט, וואָס מען האָט געדונגען אונדז צו פאַרטיידיקן, און וואָס האָט געהאַט אַ סך דערפאַרונג ביים פאַרטיידיקן קאָמוניסטן, האָט באַלד געזען, אַז דער ייד איז דאָ זיכער אַ קרבן און ער האָט אונדז טאַקע פאַרטרוילעך געפרעגט, צי דער ייד מיט דער רויטער באָרד האָט עפּעס אַ שייכות צו אונדז. נאַטירלעך, האָבן מיר געלאַכט און אויפגעקלערט, אַז דער ייד איז פּשוט פאַרביי

די גאַס, ווען די פּאָליציי האָט באַמערקט, אַז פּלוצים האָט אַ פּענדל זיך פאַרצויגן איבער די דראָטן... עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן — די מינסקער פּאָליציי איז געווען אַזוי כאַמיש, אָן אַ ברעקל אינטעליגענץ, און דאָס זעלבע ווייזט אויס אויך די ריכטער, ווייל דער ייד האָט באַקומען אַ שווערע שטראָף און האָט געמוזט אומשולדיק זיצן...

יוסף בער פּאָפּאָווסקי איז געווען אין מיין עלטער. געוווינט אויף דער זעלבער גאַס אין דער געגנט, וואָס מען האָט גערופן דער „גאָזשדזשיק", אַ פּוילישע געגנט. ער פּלעגט אַריינקומען צו אונדז זייער אָפט. מיר זענען געוואָרן נאָענטע חברים — און ער טאַקע איז געווען דער ערשטער וואָס האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס ס'איז סאָציאַליזם, ציוניזם, בונדיזם און אַלע אַנדערע איזמען. געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ, געלייענט אַ סך, פאַרמאָגט אַ שאַרף צינגל און געקענט אויך שרייבן. ער איז געווען פאַר מיר דער גייסטיקער סטימוליאַנט צו לייענען, צו ווערן אַ קאָמוניסט.

ווען מיר האָבן זיך געטראָפן יאָרן שפּעטער אין פּאַריז, איז יוסף בער געווען פון די סאַמע ערשטע, וואָס איז אַרויסגעטראָטן קעגן סטאַליניזם. פאַרשטייט זיך, אַז ער איז גלייך געסטעמפּלט געוואָרן אַלס טראָצקיסט און לסוף ווי אַ געווייני־לעכער משוגענער...

אַ געוויסע צייט איז ער געווען אין דער שווייץ און זיך פאַרנומען מיט שרייבן מוזיק־רעצענזיעס אין געוויסע צייטונגען. ווען איך בין אין יאָר 1955 געפאָרן קיין פּוילן, האָב איך דערהאַלטן פון אים אַ בריוו פון אַרגענטינע, ווו ער האָט געהאַט אַ שוועסטער. זיין בריוו איז געווען אַ וואַרעמער, האַרציקער. איך האָב געוואַרט מיטן ענטפערן אַ לענגערע צייט ביז... ער איז געשטאָרבן. ער איז געווען אַ צוקער־קראַנקער, זיך טאַקע שטענדיק אַרומגעטראָגן מיט אַ נאָדל און זיך אַליין געמאַכט אינסולין־איינשפּריצונגען.

ווען איך טראַכט וועגן יוסף בער פּאָפּאָווסקי, האָב איך אַ געמישט געפיל. פון איין זייט טראַכט איך זיך, אַז ער איז געווען דער שולדיקער איך זאָל ווערן אַ קאָמוניסט; פון דער צווייטער זייט האָב איך אַ געפיל פון חרטה, וואָס ווען אַלע אַמאָליקע חברים זיינע האָבן פון אים געווייכט, האָב אויך איך פאַרשפּעטיקט אויף זיין לעצטן וואַרעמען בריוו זיינעם צו מיר קיין וואַרשע.

**פנחס קאַרמאַן**
(ירושלים)

# אונדזער הויף אויפן רבינס גאס

אונדזער הויף איז געווען פון די צום מיינסטן באַוווּינטע הייף אינעם געדיכט־אָנגעפּראָפּטן רבינס געסל, פון איין זייט דער הויף פון שאַיע פרידמאַן און פון דער צווייטער זייט דער הויף פון משה זילבערבערג און פון די שעקערקעס. דער נומער פון אונדזער הויף איז געווען באדזשעטשנאַ 8. דאָ בין איך געבוירן געוואָרן און דאָ האָבן ביזן חורבן געלעבט דער גרעסטער טייל פון אונדזער פאַרצווייגטער משפחה, איינע פון די עלטסטע אין אונדזער שטאָט.




שמואל „דער רבי״ מיט זיין ווייב אין די יונגע יאָרן

דער הויף מיט די הייזלעך אַרום, געבויט פון האָלץ, איז געווען אַ ירושה פון מיין זיידן ר׳ נתן קאָרמאַן. אים האָב איך שוין נישט געקענט — אָבער די באָבע פייגעלע געדענק איך גוט. ביידע זענען געווען מינסקער בני מינסקער, עטלעכע דורות אַזוי.

דער זיידע ר׳ נתן האט געהאט עטלעכע זין און טעכטער און דער רוב פון זיי זענען אויך געבליבן אין דעם הויף. די עלטסטע טאָכטער זיינע איז געווען גאָלדע, די „לאָמע גאָלדע״ וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אריינשטעלן שויבן. זי האָט געהייראַט מיט מרדכי מענדל זילבערשטיין. אין איינעם אַ טאָג איז ער געוואָרן א בעל־תשובה, אָפּגעגט זיין ווייב און איז אוועק קיין ארץ־ישראל, ווו עס לעבט עד היום זיין זון שמואל. די צווייטע טאָכטער דעם זיידנס — חיה אסתר — האָט געהייראַט מיט שמואל „דער רבי״, ווי מען האָט אים גערופן, — שמואל יאַקובאָווסקי. געווען נאָך א זון עלטער פון מיין טאַטן, און דער יינגסטער זון פון זיידן איז געווען נחום קאָרמאַן, וואָס האָט נישט

געוווינט אין אונדזער הויף און געהאט אין מאַרק א גרויס קאָנפעקציע־געשעפט און געוווינט אין אַן אייגן הויז אויף דער וואַרשעווער גאַס.

מיין טאַטע, ישראל הערש קאָרמאַן, האָט געהאַט אַכט קינדער, אָבער בלויז זעקס פון זיי האָבן געלעבט. דער עלטסטער, נטע, האָט געוווינט אין לובלין. מיין שוועסטער סערקע האָט געהייראַט מיט בערל רוזשאַנסקי און אויך געלעבט אין דעם הויף מיט זייערע קינדער. זייער זון שמואל לעבט איצט אין תל־אביב און דער יינגערער, מיכאל, איז געבליבן אין פוילן. די צווייטע שוועסטער מיינע, אסתר, האָט געהייראט מיט משה קאַליש און איז אוועק קיין פאריז ווו זי לעבט מיט איר משפחה אויך נאָכן פריצייטיקן טויט פון איר מאַן. מיין ברודער פייוול מיט זיינע זעקס קינדער איז אומגעקומען בעת דער אקציע אין מינסק, און דער יינגסטער יאַנקל — איז אומגעקומען ביי די פארטיזאנער.



עלי דוד יאַקובאָווסקי, ראַזע זיין פרוי
מיט די קינדער: נטע, שמעון, חנה, מנדל, פרימט, יוסף,ביילע, רחל

דער טאטע איז געווען א ייד א בעל־פּרנסה. ער האָט געהאַט א שוך־סטראַגאַן אין מאַרק. דער פּדיון פון איינציקן מאַרק־טאָג איז געווען גענוג אויף לעבן א גאנצע וואָך, אָבער דאָס איז נישט געווען זיין איינציקע פרנסה. דער טאטע האָט תמיד געהאט מזומנים און פלעגט צושטיין צו שותפותן מיט פארשידענע סוחרים. ער פלעגט אריינלייגן דאָס געלט, און דאָס האָט אים אריינגעבראכט א צוגאָב הכנסה.

דער טאטע — געגוי ווי דער פֿאָטער זיינער און די גאנצע משפּחה אין און מחוץ דעם הויף, זענען געווען קאָלושינער חסידים. דער טאטע האָט אין הויף צוגעבויט א ספּעציעל געוויים צימער ווו דער רבי ר׳ נפתלי פלעגט איינשטיין ווען ער איז געקומען קיין מינסק צו זיינע פיל חסידים אין שטאָט.

דעם טאַטנס טריישאפט צום קאלושינער רבין איז אויך געקומען צום אויסדרוק בעת דער רבנים־מחלוקת. דער טאטע, וואָס איז געווען א דאָזער אין דער גמינע און א צייט אפילו פּרעזעס פונעם קהילה־ראט, איז געשטאַנען צוזאַמען מיט יוסף טרוינע אין שפּיץ פון די אָנהענגער, וואָס האָבן לסוף אויך געזיגט, אויפצונעמען אלס רב דעם קאלושינער רבינס אייניקל, הרב משה נתנאל שאפּירא. איך געדענק, ווי אין איינער א נאכט איז אראָפּגעקומען צום טאַטן אַ דעלעגאַציע פון די פּני אין שטאָט, פון די וואָס זענען געווען פֿאַר דער קאנדידאטור פון וולאָדאַווער רבין, און זיי האָבן אים פֿאָרגעלייגט א ריזיקע סומע, ער זאָל שטימען פאר זייער קאנדידאַט. דער טאטע — געדענק איך — איז לאנגע שעהן געזעסן מיט די חשובים פון שטאָט, טאקע אינעם רבינס צימער, און זיי געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז ער וועט נישט פֿאַראַטן דעם רבין זיינעם, אפילו ווען מען זאָל אים אָנפולן דאָס גאנצע צימער מיט גאָל־דענע רענדלעך. די מאַמע האָט אפילו געהאַט טענות צום טאטן וואָס ער האָט דורכגעלאָזט אזא „גוטע געלעגנהייט״. דאָס געלט וואָלט גוט צונוצגעקומען, חתונה צו מאכן קינדער, אדג״ל. דער טאטע איז אָבער געווען צופרידן וואָס ער האָט אויסגעהאַלטן דעם נסיון און איז טריי געבליבן דעם רבין ביזן סוף. דער טאָג פון נצחון אין די רבנות־וואַלן איז געווען זיין גליקלעכסטער טאָג אין לעבן.

דער טאטע פלעגט אויפשטיין יעדן פרימאָרגן מיטן ערשטן אויפשפּראָץ פון טאָג, כדי צו דאַווענען מיט ערשטן מנין. נאָך א טאָג ארבעט פלעגט ער איילן אין בית־מדרש צו מנחה־מעריב, אויך כדי צו לערנען א שיעור מיט באַלעמעלאָכעס אין שטאָט. זיי איז ער געבליבן טריי דאָס גאנצע לעבן, און דעריבער פלעגט ער ביי קהילה־וואַלן תמיד געניסן פון אַזאַ ברייטער אונ־טערשטיצונג. „עמך״ האָט אים געהאלטן פאר זייער ווירדיקן שליח־ציבור, וואָס האָט פאַרטיידיקט זייערע אינטערעסן און געמאָנט זייערע עוולות.

**רוכטשע וואַרשאַווסקי**
**(פּאַריז)**

# מיין משפּחה אין מינסק

מיר האָבן געוווינט אין מינסק אויף דער מאָסטאָווע־גאַס, אין פּראַנדזשינס־קיס הויז. מיין פּאָטער האָט געהייסן ישראל־מאַניש לאַשיצקי, א הייסער גערער חסיד, מיין מאַמע איז געווען רבקה (בורשטין). דער טאַטע איז געווען אַ קלר־גער ייד צו וועלכן א סך זענען זיך געקומען באַראָטן, הערן א גוטע עצה. מיר זענען געווען דריי שוועסטער און איין ברודער. צוויי זענען זיך צעפאָרן נאָך פּאריז און איין טאָכטער און זון לעבן אין בעלגיע.


בורשטין ישראל מאַניש


בורשטין־לאַשיצקי רבקה

מיין עלטסטע שוועסטער — זיסל — האָט געהייראַט פאר מאיר דזיא־לאָווסקי, א באקאנטער דיכטער אין פּאריז, מחבר פון עטלעכע ביכער און פּרעזידענט פון יידישן שרייבער־פאריין אין פּאריז. ער מיט זיין פרוי, מיין שוועסטער זיסל, זענען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ.

איך, רוכטשע, האָב געהייראַט מיט אברהם וואַרשאַווסקי, א גוטער בוכ־האַלטער־קאָנטראָלער — אויך אומגעקומען אין אוישוויץ. די דריטע שוועסטער האָט זיך געראַטעוועט אין דער שווייץ מיט איר מאַן לייבל קאצענעלבויגן און זיי לעבן אין בריסל. מיין ברודער, מאָטל לאַשיצקי, מיט זיין פרוי, האָבן די מלחמה־צייט זיך אויסבאַהאַלטן אין בעלגיע.

מיין פאָטער איז נאָך געשטאָרבן פאר דער מלחמה מיט א נאַטירלעכן טויט. מיין מאמע איז געווען בעת דער מלחמה אין מינסק. איר בעסטע חברטע איז געווען די אלמנה פון ר' שמעון ראָכמאַן. זיי האָבן זיך אַלע יאָרן גוט געהאַלטן, און זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט דער שטאָט יידן. מיין שוועסטער זיסל איז געווען אַ נאָענטע חברטע פון די שוועסטערס דינה און אסתר ראָכמאַן.

**בצלאל יאַגאָדאָוויטש**
**(פּאַריז)**

# געבליבן איינער אַליין

מיין פאָטער האָט מען אין שטאָט גערופן דער טויבער עליע, ווייל די שמיעה איז ביי אים געווען אַביסל געשטערט. מיין מאַמע האָט געהייסן ליבע. דעם עלטסטן ברודער מיינעם האָבן אַלע געקענט ווי משה ליבעס. ער איז געווען אַ שוסטער. אונדזער משפחה האָט געוווינט אויף דער שעניצער גאַס נומער 20. מיר זענען געווען אַ גרויסע פאַמיליע פון אַכט קינדער — 4 יינגלעך און 4 מיידלעך.



פון רעכטס אויף לינקס:
בצלאל יאַגאָדאָוויטש, זיין מוטער ליבע און שוועסטער שיינדל מיט אירע צוויי זין: עליע־חיים און יאַנקל.

באַלד נאָך דער ערשטער מלחמה זענען פיר קינדער יונג אַוועקגעשטאָרבן פון פאַרשידענע קראַנקהייטן, וואָס האָבן דעמאָלט געפּאַנעוועט אין שטאָט און מיר האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן זיי צו היילן. מיין פאָטער איז נאָך פריער געשטאָרבן. ער איז אַלט געווען בלויז 45 יאָר. מיין מוטער מיט אַכט קינדער האָט נישט געקענט אַליין זיך אַן עצה געבן. אויך ווען דער פאָטער האָט געלעבט, איז די נויט געווען גרויס. ער איז געווען אַ שטאַרק פרומער און מער געלערנט ווי געאַרבעט. מיין עלטסטער ברודער, משה, האָט צו 13 יאָר איבער־גענומען די גאַנצע זאָרג. ער האָט אויפגעהערט גיין אין חדר און אָנגעהויבן אַרבעטן — פאַריכטן שיך. אַביסל שפּעטער איז אויך מיין עלטסטע שוועסטער אַוועק אַרבעטן, קיין וואַרשע. שיינדל איז אַלט געווען 15 יאָר ווען זי האָט פאַר־לאָזט די שטוב.

דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט דער טערמין פון מיליטער. דער עלטסטער ברודער האָט געמוזט אַוועק דינען אויף צוויי יאָר, איז דער מיטעלער ברודער — שלום אייזיק — צוריקגעקומען פון וואַרשע, ווו ער האָט אויך געאַרבעט ביי שוסטעריי און האָט אָנגעהויבן אַרבעטן מיט מיר, ווייל איך בין נאָך געווען יונג און די מלאכה נישט באַוויזן צו לערנען ווי געהעריק. אַזוי האָבן מיר קינדער אויסגעהאַלטן אַליין די שטוב גאַנצע 20 יאָר נאָכן פאָטערס טויט. באַלד ווי משה איז צוריקגעקומען פון מיליטער איז שלום שווער קראַנק געוואָרן. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 21 יאָר.

נאָכן פאָגראָם אין 1936 בין איך אַוועק פון שטאָט, איבערלאָזנדיק מיין עלטסטן ברודער משה מיט זיין פרוי און אַ קינד און דער עלטסטער שוועסטער מיט צוויי זין. דער עלטסטער פון די צוויי האָט געהייסן נאָך מיין פאָטער עליע חיים, דער יינגערער — יאַנקל. זיי אַלע זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע, בעת מיין מוטער איז געשטאָרבן פון צרות נאָכדעם ווי אונדזער הויז איז בעתן מלחמה־אויסברוך אָפּגעברענט געוואָרן צוזאַמען מיט דער גאַנצער שעניצער גאַס און די־מענטשן האָט מען אַריינגעזעצט אין בית מדרש. עטלעכע וואָכן נאָך דעם איז זי געשטאָרבן.

אין פּאַריז האָב איך געהאַט מיינס אַן עלטערער שוועסטער יאָספּע. זי איז דעפּאָרטירט געוואָרן צוזאַמען מיט איר מאַן און דריי קינדער — אַן 21יעריק מיידל און צוויי יינגלעך, אין עלטער פון 14 און 11 יאָר. אַלע זענען זיי אומגעקומען אין אוישוויץ.

פון אונדזער גאַנצער משפּחה בין איך לסוף געבליבן איינער אַליין.

ט י פ ן



נחמה קענדזשאר



גבריאל מאַיעווסקי

**פייגה גונטרצ׳יק־שרמן**
**(לוד)**

# ביתנו ברחוב הכנסיה

הורי באו למינסק מעיר אחרת. גרנו ברחוב קושצ׳לנה 8. היינו בבית חמש בנות, כולן נולדו במינסק. אבי היה בעל בית מלאכה לנעליים. למדתי בבית־הספר העממי. נוהגים היינו להכין את השעורים ביחד אצל הינדה פרידמן.

בגיל 14 סיימתי את בית־הספר. מגיל 15 הייתי מבקרת בתנועת „פועלי ציון". ראש הסניף היה סלודז׳רש. החניכים המבוגרים נסעו להכשרה. בתנועה קראנו ספרים, ניהלנו ויכוחים וחלמנו על החיים בארץ־ישראל.

בעירנו היתה עזרה הדדית. גם אבי היה חבר בקופת „גמילות חסדים" והיה אדם שהושיט עזרתו לזולת. הוא היה גם איש שיחה ודאג להביא תמיד אורח לשבת.



סבתי, שפרה, היתה מיילדת, והיה ומצאה כי מצב קשה שורר בבית היולדת, היתה משאירה מכספה ולא ביקשה דמי הלידה. גם מעט הכסף ששלח לה בנה, היתה מחלקת בין העניים.

עד שנת 1936 היו החיים טובים ואיש לא פחד לטייל בחוצות העיר, גם בשעות המאוחרות של הלילה. אחרי הפוגרום השתנו פני הדברים. בשעת הפוגרום ברחנו כולנו לורשה, רק הורי לא הספיקו לברוח והם הסתתרו אצל שכנתה הפולניה.

בפרוץ המלחמה גרנו בבית בנוי אבן, אך הוא נהרס בעת ההפצצות ועברנו לגור במקום אחר. כאשר החלו הגרמנים „לחטוף" יהודים לעבודות, ברחתי עם ישראל קשונשקובסקי, שתי האחיות מוזס ומשה רוז׳נסקי ואשתו וגם משה בוטלר לרוסיה. שם חייתי כל שנות המלחמה

**מאיר שטיינבאַק**
(מעלבורן, אויסטראַליע)

# די שטיינבאַקס

מיין טאַטן האָט מען גערופן שלמה שעניצער, ווייל ער האָט פריער געוווינט אין שעניצע. אויך די עלטערע קינדער אין אונדזער שטוב זענען דאָרט געבוירן. קיין מינסק איז ער געקומען ווינען ערשט אַ זעקס יאָר פאַרן ערשטן וועלטקריג מיט נאָך אַ סך שעניצער יידן. ער האָט זיך פאַרנומען מיט מלמדות, ער איז געווען אַ פרומער אָפּגעהיטענער ייד, אַ גערער חסיד, וואָס האָט געהאָפט אַלע זיינע קינדער צו דערציען אין זיין דרך.

מיר זענען געווען פיר ברידער און דריי שוועסטער. דער עלטסטער, משה, האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות, אָבער קיין רב איז ער נישט געוואָרן. ער האָט אויך עוסק געווען אין מלמדות. ער האָט חתונה־געהאַט קיין פאַלעניץ און איז דאָרט אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי און צוויי דערוואַקסענע טעכטער. אויך דער צווייטער ברודער מיינער, הענעך, איז געווען אַ שטרענג־רעליגיעזער ייד. ער האָט געהאַט אַ געשעפט פון שניט־סחורה און גאַלאַנטעריע אין שטעטל סטאַ־ניסלאַוואָוו נעבן מינסק, און זיך געלעבט גאַנץ פיין מיט זיין פרוי לאה און זעקס דערוואַקסענע קינדער. צוויי פון זיי זענען שוין געווען כלה־מיידלעך און האָבן געהערט צו די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. הענעך איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס באַלד אין סעפּטעמבער 1939 אין זיין אייגענער קראָם, פאַר די אויגן פון זיין גאַנצער פאַמיליע. די פרוי מיט אַלע קינדער זענען אומגעקומען בעת דער אויסראָטונג פון דער סטאַניסלאַוואָווער קהילה, אין סעפּטעמבער 1942.

מיין ברודער אריה האָט געלערנט אין גערער שטיבל ביז 18 יאָר. דערנאָך, שוין וועלטלעך געשטימט, איז געוואָרן אַ קאָמאַשן־שטעפּער. ער האָט זיך אין געהיים פאַרנומען מיט שרייבן לידער און פּאָעמעס. קיינעם האָט ער דאָס נישט דערציילט, אָבער איך האָב דאָס אַנטדעקט, און אויך געהאַלטן דעם סוד. ער איז אין 1939 אַוועק קיין רוסלאַנד און געווען אין דער שטאָט קאַלוגאַ. דאָרט האָט ער זיך באַקענט מיט אַ גרופּע בחורים פון פּוילן, אַ סך ייִנגערע פון אים. ער איז געווען זייער פריינט און לערער, געוועקט אין זיי האָפענונג אויסצוהאַלטן די שווערע צייטן. די שטאָט איז אַ שטיקל צייט געווען אַרומגערינגלט דורך די דייטשן. ער האָט זיך פאַר זיי אויסבאַהאַלטן, ווי האָבן אים געפונען און דערשאָסן אויפן אָרט. דאָס איז געווען אין 1943. דאָס האָט מיר איבערגעגעבן איינער פון די יוגנטלעכע וואָס זענען מיט אים געווען. זיין נאָמען איז פייגנבוים און ער וווינט נישט ווייט פון מיר אין מעלבורן. מיין פאָטער מיט מיינע שוועסטערס יוכבד, כיענע און פאָלע זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע אינאיינעם מיט אַלע יידן פון מינסק.

מיין פעטער נוח, דעם טאַטנס ברודער, איז אויך געווען אַ גערער חסיד. ער האָט געהאַט אַ שיין שניט־געשעפט אין מינסק לעבן מאַרק. ער מיט זיין פרוי בלומע, צוויי דערוואקסענע זין, אברהם און יידל,

און די צוויי טעכטער — רייזל און רבקה, זענען אויך אומגעקומען מיט אַלע מינסקער יידן. מיין קוזינקע רבקה, אַ לערערקע אין בית יעקב, איז געווען צווישן די וואָס זענען פאַרבּרענט געוואָרן לעבעדיקערהייט אין „קאָפּערניק", דעם 10טן יאַנואַר 1943.

מיין פעטער משה־זעליק גאָלדשטיין און זיין פרוי ברכה פון שעניצע און מיין קוזין יחיאל לייזער גאָלדשטיין מיט זיין פאַמיליע זענען אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ. אין שעניצע און אין די שטעטלעך אַרום מינסק האָבן מיר נאָך געהאַט צענטליקער פעטערס און מומעס, קוזינען און קוזינקעס. פון זיי אַלע בין איך דער איינציקער וואָס איז געבליבן לעבן. קיין מצבה מיינע נאָענטע קען איך נישט שטעלן, זאָל כאָטש אין יזכור־בוך אַריין אַ שטיקל זכר פון דאָזיקן פאַרשניטענעם צעצווייגטן שטאָם.



אַ גרופּע אַרבעטנדיקע יוגנטלעכע

מאיר גראַדמאַן
(אויסטראַליע)

# איך האָב זיי מער נישט געזען

איך בין אַ זון פון מאָטל גראַדמאַן, מאָטל חנה־רייזלס. מיר האָבן געוווינט אויף דער שעניצער גאַס 22. ווען די שטאָט איז באַשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן, איז אונדזער הויז אַוועק מיטן פייער צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע הייזער אויף דער שעניצער גאַס.

היינט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, געדענק איך נאָך אַלץ יענע נאַכט ווען די דייטשן האָבן אַזוי מוראדיק באַשאָסן אונדזער גאַס. מיר זענען אַלע געלעגן אויף די פּאָדלאָגעס און די שראַפּנעלן זענען געפאַלן און געפאַלן. יעדע פּאָר מינוט האָט זיך געהערט אַן אויפרייס. נאָר מיט ניסים זענען מיר אַרויס פונעם ברענענדיקן הויז און אַנטלאָפן צום רבינס גאַס, ווו מיר האָבן באַקומען אַן אַזיל — צוזאַמען מיט נאָך אָפּגעברענטע — אין לאָקאַל פון דער „תרבות״־שולע.

פאַרטאָג, ווען די באַשיסונג האָט זיך איינגעשטילט, האָבן מיר מיטאַמאָל דערזען אַז אונדזער ייִנגסטע שוועסטער איז נישט מיט אונדז. איך מיט מיין ברודער משה זענען אַרויס איר זוכן. מיר האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון מאַרק. מיטאַמאָל האָבן מיר באַמערקט אַ זעלנער מיט אַ מאַשין־געווער. דאָס איז שוין געווען אַ דייטש און ער האָט אונדז אָנגעהויבן אויספרעגן ווי עס האָט אויס־געזען ביינאַכט און מיר האָבן אים דערציילט. אין זעלבן מאָמענט זענען אָנגע־פאָרן עטלעכע מאָטאָציקלען מיט זעלנער, וואָס האָבן אָנגעהויבן אויפהאַקן די געשעפטן און רופן די מענטשן צו עפענען די קראָמען. באַלד האָבן דייטשע זעלנער אָנגעהויבן ראַבירן די געשעפטן. איך האָב אַליין געזען ווי פון פייוול זייגערמאַכערס געשעפט אין מאַרק זענען אַרויס עטלעכע זעלנער מיט זייגערס אויף בײדע הענט...

נאָך אַ היבשע צייט זוכן האָבן מיר געפונען אונדזער שוועסטער אַ פאַר־וווּנדעטע. מיר האָבן זי גלייך געבראַכט צו אונדז אַהיים, מען האָט אַליאַרמירט אַ דאָקטער און ער האָט ביי איר אַרויסגענומען אַ שטיק שראַפּנעל פון דער ברוסט. זי איז געזונט געוואָרן און געלעבט ביזן אומקום פון דער שטאָט.

מיין טאַטע איז פאַר דער מלחמה געווען אַ קליינהענדלער. ער האָט זיך פאַר־נומען מיט אָפּדונגען סטאַוועס מיט פיש, אַליין זיי געכאַפּט און אַוועקגעפירט אויף די מערק קיין וואַרשע און אַנדערע שטעט. ער איז אויך געווען געזעלשאַפט־לעך טעטיק אין לינת הצדק. גאַנצע נעכט דאָרט געווען אויף דיזשור ביים אַרויס־געבן רפואות פאַר אָרעמע קראַנקע און געווען פון די וואָס האָבן געקעמפט פאַר דעם, אַז אַלס רב זאָל אָנגענומען ווערן דער מאָדזשיצער רבי. ער האָט געהאַט דריי ברידער און דריי שוועסטער. איינעם פון די ברידער האָט מען גערופן משה שעניצער און ער האָט געהאַט אַ שם מיט זיינע קונסט־שניצונגען מיט וועלכע ער האָט באַצירט די ארון קודש׳ס אין די בתי־מדרשים און געמאַכט פאַרשידענע קונסט־אויסאַרבעטונגען פון האָלץ. ער מיט זיין ווייב זענען יונג געשטאָרבן און

איבערגעלאָזט פיר קינדערלעך, דריי יינגלעך און איין מיידל, וואָס זענען צעטיילט געוואָרן צווישן דער משפּחה. איינער פון זיי האָט שפּעטער געלערנט אין ישיבת חכמי לובלין, איז געוואָרן אַ רב און איז אַרומגעפּאָרן זאַמלען געלט פאַר דער ישיבה. זיינס אַן עלטערער ברודער ברוך און זיין עלטסטע שוועסטער צירל, זענען געווען ביי אַ פעטער אין וואַרשע. צירל האָט געהייראַט מיט אַ געוויסן אברהם קויפמאַן פון טאַרטשין, און האָט די צוויי ברידער ברוך און בערל אַריינגענומען אין זייער שניידער־וואַרשטאַט. בערל איז אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ, אָבער ברוך איז צוזאַמען מיט זיין שוועסטער צירל און איר מאַן אברהם קויפמאַן אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד, ווו זיי האָבן איבערגעלעבט די מלחמה און דער־נאָך אויסגעוואַנדערט קיין אויסטראַליע. צירל האָט געלעבט ביזן יאָר 1975 און איז געווען אַקטיוו אַלס ציוניסטישע טוערין אין מעלבורן. זי האָט איבערגעלאָזט אַ מאַן, אַ טאָכטער און פיר אייניקלעך. ברוך גראַדמאַן איז געווען אַקטיוו אין דער מינסקער לאַנדסמאַנשאַפט און ער איז געשטאָרבן דעם 6טן יוני 1971, פאַריתומדיק צוויי זין און צוויי אייניקלעך.

נאָך אַ ברודער פון מיין פאָטער איז נאָכן ערשטן וועלטקריג אַוועק קיין דייטשלאַנד און ער איז געווען אַ חזן אין קעלן. ער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק ווען די נאַציס זענען געקומען צו דער מאַכט, איבערלאָזנדיק אַ פרוי מיט 3 קינדער.

מיין מוטער העניע האָט געשטאַמט פון פאַביעניץ. איר פאָטער איז געווען אַ רב און זי איז געווען אַ שטרענג־רעליגיעזע. זי האָט געהאַט פיר שוועסטער און צוויי ברידער.

אויך מיין ברודער משה איז געהאַט אַוועק קיין רוסלאַנד, אָבער איך ווייס נישט וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. איך האָב אויך געהאַט אַ ברודערל וואָס איז אַלט געווען אַכט יאָר. ער האָט מיר געשריבן אַ בריוו קיין רוסלאַנד איך זאָל אים ראַטעווען, אָבער דאָס איז נישט מעגלעך געווען. ער איז אומגעקומען מיט דער גאַנצער משפּחה און צווישן זיי איז אויך געווען מיין עלטסטע שוועסטער פייגעלע, וואָס איז געווען אַ שיינהייט. זי האָט געהייראַט אין דער מלחמה, אָבער נישט באַוויזן צו געניסן פונעם לעבן און איז אומגעקומען מיט אַלע גלייך.

איך בין אַוועק קיין רוסלאַנד אין טאָג ווען עס איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג אַז אַלע יידן פון 16 ביז 60 דאַרפן זיך צושטעלן צו אַרבעט. און זינט דעמאָלט האָב איך מיין משפּחה שוין נישט געזען.

**חיה ווישקאָפּ־גאָלדשטיין**

# אין הויף פון יאָסקע קצב

מיינע עלטערן האָט מען קיינמאָל נישט אָנגערופן מיטן נאָמען גאָלדשטיין. הערשל בייטלמאַכער האָט מען מיין טאַטן גערופן, און מיר האָבן געוווינט אין הויף פון יאָסקע קצב, א הויף מיט בלויז יידן — אפילו דער סטרוזש איז געווען אַ ייד און געהאַט האָט דער הויף אַ דורכגאַנג ביזן בית־עולם. דער הויף האָט פאַרמאָגט אלערליי באַלעמעלאָכעס: א בייטלמאכער (מיין טאטע), א שוס־טער, אַ בעקער, אַ שניידער, אַ באַלעגאָלע, אַ קרעמער און אַ הענדלער מיט ליאָדעס און סאָדעוואַסער, און — אויך אַ ליידיקגייער: דאָס איז געווען יאָסקע קצבס א שוואָגער.

ביי אונדזער באַלעבאָס פון הויף — יאָסקע קצב — האָט מען פּרייטיק־צו־נאכטס געדאווונט מיט א מנין, און דאָס זעלבע שבת. געקומען צום מנין זענען אלע איינוווינער פון הויף, חוץ מיין טאטע וואָס האָט געדאווונט אין גערער שטיבל. ווען עס האָט אבער אויסגעפעלט א בעל־תפילה פלעגט יאָסקע בעטן דעם טאַטן ער זאָל דאווענען ביים עמוד.

דאָס איז געווען אין אונדזערע יונגע יאָרן. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן מיר זיך ארויסגעצויגן קיין ווארשע. מיר זענען זייער אָפט גע־קומען קיין מינסק. מיין ברודער מענדל גאָלדשטיין פלעגט יעדן שבת קומען שפּילן פוטבאָל. מיין שוועסטער מיט איר פאַמיליע האָט תמיד געוווינט אין מינסק, און דאָס זעלבע מיין באָבע און פעטער מיט זיין פאמיליע. אָבער נישט בלויז אונדזער גרויסע משפחה האָט אונדז געצויגן אָפט צו קומען אין שטאָט, נאָר דאָס אָרט ווו מיר זענען געבוירן און אויסגעוואַקסן, די חברים פון די קינדעריאָרן און דער הויף פון יאָסקע קצב, וואָס האָט געהאט תמיד געשמעקט מיט פרישן אייל פון דער שכנותדיקער „אָלעיאַרנע", דער ריח פון פרישן אייל וואָס איז דאָרט געקוועטשט געוואָרן פון אמת פרימיטיווע מאַשינען.

**חוה קאַווקאַ־בראָכשטיין**
(פאריז)

# מיין פאָטער דער שטאָט־חזן

איך בין געבוירן אין מינסק בעתן ערשטן וועלט־קריג, אין יאָר 1915. מיין פאָטער איז געווען דער שטאָט־חזן אין מינסק אין משך פון לאַנגע יאָרן. זיין נאָמען איז געווען ישעיהו בראָכשטיין. גערופן האָט מען אים פשוט ר׳ ישעיה חזן. נישט בלויז אין בית־מדרש האָט מען אים געהערט ביים עמוד דאַווענען אין די יום־טובים און אין די שבתים. אויף יעדער שמחה — חתונה, ברית און בר־מצווה — האָט מען געהערט דעם חזן. דער טאַטע האָט אויך געהאַט אַ גאַנצע קאַפּעליע ״משוררים״ — מיטזינגערס מיט וועלכע ער האָט געדאַוונט און מיט וועלכע ער האָט געזונגען אויף די שמחות. אין פּאַריז פלעג איך אָפט באַגעגענען זיך מיטן פאַרשטאָרבענעם מוזיקער און דיריגענט פון יידישן פאָלקס־כאָר קויפמאַן. אויך ער איז געווען אַ „משורר״ ביי מיין טאַטן, און ער פלעגט מיר וועגן אים אַ סך דערציילן.

אויך מיין פאָטערס ערשט ווייב — גיטל איטקע — האָט מען אין שטאָט גערופן „די חזנטע״. זי איז געשטאָרבן און איז באַערדיקט געוואָרן אויפן בית־עלמין אין מינסק. נאָך איר טויט האָט מיין פאָטער נאָכאַמאָל געהייראַט. איך בין די ייִנגסטע טאָכטער זיינע פון זיין צווייט ווייב. צוויי ברידער האָב איך געהאַט — בעריש און מענדל. הגם מיטגלידער אינעם בונדישן פאַראיין, האָבן זיי תמיד געזונגען מיטן טאַטן און אים געהאָלפן ביים דאַווענען די יום־טובים. חוץ די צוויי ברידער האָב איך אויך געהאַט פיר שוועסטער — גיטל, דבורה, שרה און רוכטשע.

חזנות אליין איז נישט געווען, ווייזט אויס, גענוג אויף פּרנסה, האָט מיין מוטער אַרויסגעהאָלפן; געהאַט אַ שפּייז־געוועלבל אויף מאָסטאָווע 1, ביי שטוט־מאַנען. ער איז געווען אונדזער ווירט — מיר האָבן דאָרט אויך געוווינט אַלע יאָרן.

נאָכן יאָר 1921 האָבן מיר פאַרלאָזט מינסק און זיך אַריבערגעצויגן קיין וואַרשע. איך פלעג נאָך אָבער אויך שפּעטער, פון צייט צו צייט, קומען זען מיין געבוירנשטאָט, ווו איך האָב געלעבט ביזן עלטער פון זעקס יאָר און באַזונדערס פאַרבראַכט אויף דער מאָסטאָווע גאַס, אינעם הויז ווו מיר האָבן געוווינט.

**חיה הימלפאַרב־גליקמאַן**
(שטראַסבורג, פראַנקרייך)

# די איינציקע פון אַ גאַנצן שטאַם

מיין פאָטער עליע גליקמאַן איז געווען אַ געבוירענער אין שעניצע. ער איז געווען דער איינציקער זון אין אַ משפחה פון צען קינדער. זיינע שוועסטערס זענען אַוועק פון קליינעם שטעטל כמעט איבער גאַנץ פוילן. בלויז איין שוועסטער זיינע האָט געוווינט אין מינסק. דאָס איז געווען מיין מומע ניכע, די פרוי פון חיים פליישער. זיי האָבן געהאַט זעקס קינדער — פיר זין און צוויי טעכטער, אַלע, חוץ די יינגסטע וואָס איז געווען אַ בלינדע, זענען געווען פאַרהייראַט און געהאַט צו עטלעכע קינדער. פון אָט דער גרויסער משפחה האָט זיך בלויז געראַטעוועט איינער — דוד עליעס אַ זון, ישראליק פליישער. בעתן מלחמה־אויסברוך איז ער אַוועק קיין רוסלאַנד און היינט וווינט ער אין תל־אביב.

מיין מאַמע האָט פון דער היים געהייסן אַראָנזאָן. דאָס איז אַ זייער יחוסדיקע משפחה. געהאַט האָט זי אַן איינציקע שוועסטער — רבקה רחל, די אלמנה פון טראַגיש־אומגעקומענעם בעריש פינקלשטיין, אַ סוחר און אָנגעזעענער חסיד אין שטאָט. זיי האָבן געהאַט בלויז איין זון הערשל, וואָס איז אומגעקומען, גענוי ווי מיין מוטער איז אומגעקומען אין דער מלחמה.

אין אונדזער משפחה זענען מיר געווען פיר זין און דריי טעכטער. דער עלטסטער ברודער מיינער, משה, איז געווען אַ ביין־טאָקאַרזש און געוווינט אין וואַרשע. אויך זיין פרוי איז געווען אַ מינסקערין. זיי האָבן געהאַט פינף קינדער, צוויי יינגלעך און דריי מיידלעך. מיין שוועסטער חנה האָט געהייראַט קיין פאַלעניץ, מיט ציקלעוויטש, און געהאַט פיר קינדער. מיין ברודער ישראל איז אומגעקומען ביים ערשטן וועלטקריג, מיין ברודער יהושע איז געפאַלן בעת דער פויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה. אויך מיין שוועסטער גאָלדע איז אומגעקומען אין דער לעצטער מלחמה צוזאַמען מיט אירע צוויי קינדער, און דאָס זעלבע מיין יינגסטער ברודער אהרן מיט זיין פרוי און צוויי קינדער, וואָס האָבן געוווינט אין פראַגע.

איך בין די איינציקע, וואָס איז געבליבן פון אָט דעם גאַנצן שטאַם.

רוזשקע אַראָנסאָן־סטאַניסלאַווע
(פּאַריז)

# די משפּחה אַראָנזאָן

אויפן ראָג פון די גאַסן קאָשציושקאָ און סעווערינאָוו (לעגיאָנאָוו) האָט זיך געפונען אַ גרעסערע פּאָסעסיע פון דער משפּחה אַראָנזאָן. פון דער זייט פון סעווערינאָוו איז געשטאַנען אַ הילצערן הויז מיט אַ צוגעבויט פון ציגל שטאָקיק הייזל אין וועלכן עס האָט געוווינט זייער טאָכטער סאַלע מיט איר מאַן איגנאַץ באָרנשטיין און זייערע צוויי קינדער. פון דער זייט פון דער קאָשטשיושקאָ־גאַס איז געשטאַנען אַ הילצערן הויז מיט אַ הויף און פאַרשידענע געבויען. „עליע מאַלפּע" — האָט מען גערופן מיין טאַטן, עליע אַראָנזאָן, הגם קיינער האָט נישט געוווּסט פון וואַנען עס נעמט זיך אָט דער נאָמען. ער מיט זיין פרוי הינדע זענען געווען פשוטע אַרבעטס־מענטשן, גרייט העלפן אַלע מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. זייער הויפּטציל איז געווען דערציען די קינדער, מאַכן זיי פאַר לייט.

פּרנסה האָבן זיי געצויגן פונעם שפּייז־געוועלבל מיט דער ביר־שענק, וואָס זיי האָבן געהאַט ביי דער סעווערינאָוו גאַס. ביר האָט מען דאָרט אמת געטרונקען ווייניק, אָבער קיין בעלנים אויף אַ גלעזל בראָנפן האָבן דאָ קיינ־מאָל נישט געפעלט, בפרט אַז מען האָט געקענט פאַרבייסן מיט אַ היימישע אוגערקע, אַ שטיקל שמאַלץ־הערינג און אפילו מיט אַ געשמאַק גוט שטיקל יידישע פיש. באַדינט די קליענטן מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויפן פּנים און אין אַ גוטן פּויליש האָט מיין מאַמע, הינדע, אָדער ווי די גויים האָבן זי גערופן די „פּאַני עליאָוואַ". די קליענטן זענען בעיקר געווען אַרבעטער פון רודזקיס פאַבריק, אַרבעטער־געזעלן, באַלעגאָלעס און סתם פּוילישע שכנים. מיינע עלטערן זענען געווען באַליבט און געשעצט ביי דער גאַנצער פּוילישער באַפעל־קערונג, בפרט אַז מען האָט דאָ אויך באַקומען קרעדיט מיט אַ ברייט האַרץ.

דער עלצטער ברודער, קסיל־אַלעקס, איז אַוועק קיין פּאַריז שטודירן מעדיצין. היינט איז ער אַ דאָקטער אין פראַנקרייך. איך, די עלצטע טאָכטער, האָב געהייראַט מיט משה סטאַניסלאַווסקי פון דעמבע. אויך מיר לעבן אין פראַנקרייך און האָבן נחת פון אונדזערע קינדער.

וואָס איך געדענק פון מיין היים, איז די מאַמעס זאָרג פאַר אָרעמעלייט. פרייטיק פלעגט זי מיר געבן חלות און טעפּלעך געקעכטס כדי צעטראָגן אין אָרעמע שטובן אַריין, ווו מען האָט געהונגערט. איך געדענק אויך פיל חתונות פאַר אָרעמע כלה־מיידלעך, וואָס מיין מאַמע האָט איינגעאָרדנט. אַן אָרעמאַן איז קיינמאָל פון אונדזער שטוב נישט אַרויס הונגעריק, תמיד האָט ער באַקו־מען אַ זאַטן מאָלצייט אָפּצועסן און אַ מטבע אין האַנט אַריין. דאָס איז באַ־זונדערס געווען אין דער מלחמה. מיר האָבן דעמאָלט אין אונדזער הויז אַריינ־גענומען 5 פאַמיליעס, צווישן זיי די משפּחה מינץ פון דער וואַרשעווער גאַס.

אַ געוויסע צייט האָט די מאַמע געאַרבעט אין דער קוך אין געטאָ, וואָס האָט אַרויסגעגעבן מיטאָגן פאַר אָרעמע מענטשן.

אונדזער גאַנצע משפחה איז אומגעקומען אין דער מלחמה. מיין פאָטער איז דערשאָסן געוואָרן ווען מען האָט אים דערקענט אויף די „פּיאַסקעס״, ווּהין ער איז גראָד אַוועק מיט עסן פאַר יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. דריי טעג האָט מען זיין טויטן קערפּער געלאָזט ליגן אויף דער גאַס. אויך מיין מאַמע איז דערשאָסן געוואָרן, אין אונדזער הויף. מיין שוועסטער סאַלע מיט איר מאַן זענען אומגעקומען ביי די פּאַרטיזאַנער; אַדעלאַ מיט איר טעכטערל לילקא זענען אומגעקומען אין קאָפּערניק; זי האָט געוואָלט שפּרינגען דורכן פענצטער און איז דורכגעלעכערט געוואָרן פון מאַשין־געווער. איר מאַן מאָניעק פרידמאַן איז אומגעקומען בעתן קאַמף אינעם וואַרשעווער געטאָ.

אַזאַ איז אויך געווען דער גורל פון מיינע יינגע ברידערלעך. מאָניעק איז אַ'ועק קיין טרעבלינקע, העניעק האָט זיך מיט אַ חבר געהאַט באַהאַלטן אין אַ קלאָזעט און איז דאָרט אומגעקומען ווען אַ דייטש האָט אַהין אַריינגעוואָרפן אַ האַנט־גראַנאַט און זיי צעריסן אויף שטיקער.

קסיל איז בעת דער מלחמה ווי אַ זעלנער אין פּוילישן מיליטער אַריינגעפאַלן אין דייטשער געפאַנגענשאַפט. ער האָט זיך אָנגעגעבן אַלס פראַנצויזישער דאָקטער און אַזוי אַרום איז ער ניצול געוואָרן.



משפחה אַראָנסאָן אין פרידלעכע צייטן

מאיר שטיינמאַגען ז״ל

# אונדזער הויז אַנטקעגן דעם גערער שטיבל

מיין פאָטער לוי איז געווען אַ שוסטער. ער מיט מיין מאַמע נעכע און די קינדער האָבן געוווינט אינעם הויז אַנטקעגנאיבער דעם גערער שטיבל. מיר זענען געווען פינף ברידער און איין שוועסטער. שטילע און באַשיידענע מענטשן זענען געווען מיינע עלטערן, וואָס האָבן תמיד געלעבט אין גרויס אָרעמקייט.

ווי אַ יינגל האָב איך אָנגעהויבן לערנען שניידעריי. איך בין אַוועק קיין וואַרשע זייער יינג און דאָרט פאַרבליבן אַרבעטן און וווינען ביזן אויסברוך פון דער מלחמה.

ענדע 1939 בין איך אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד צוזאַמען מיט מיין פרוי. די מלחמה־יאָרן בין איך געווען פאַרשיקט אין קאָמי, ווייטער צפון, און דאָרט געליטן גלייך מיט אַלע אַנדערע פאַרשיקטע יידן הונגער און נויט. דאָ איז ביי אונדז אויך געבוירן געוואָרן אונדזער עלטסטער זון.

קיין פוילן בין איך צוריקגעקומען שוין אין 1946. אין מינסק האָב איך נישט געקענט בלייבן זעענדיק ווי די שטאָט איז אָן יידן און פון מיינע נאָענטסטע איז קיין זכר נישט געבליבן. איך בין אַוועק קיין נידער־שלעזיע, איך האָב געוווינט אינעם קליינעם שטעטל ביאַלי־קאַמיען. דאָ איז ביי אונדז געבוירן געוואָרן דער צווייטער זון.

מיט מיין פרוי און צוויי זין בין איך דערנאָך אויסגעוואַנדערט קיין אויסטראַליע.

מאיר שטיינמאַגען איז געשטאַרבן אין מעלבורן אָקטאָבער 1969. זיין טויט איז געווען אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר אַלע מינסקער וואָס געפינען זיך אין אויסטראַליע.

**אָסקאר ראַק**
(ניו יאָרק)

# וואָס איך דערמאָן זיך

ווען איך דערמאָן זיך ווען אונדזער שטעטל, וואָס איז שוין אַזוי ווייט פון מיר, געדענק איך בעיקר די מענטשן — געשטאַלטן פון פשוטע, אָבער פיינע יידן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט איינגעבוירענע איידלקייט.

דער טאַטע אונדזערער, ר' שמואל מענדל ראַכמאַן, האָט געהאַט אַ מעל־געוועלב אויף דער קאַליע־גאַס — קעגנאיבער אונדזער זיידן ר' שמעון ראַכמאַן. דן, אַ בעקער אויף דער זעלבער גאַס, איז אַמאָל געקומען צום טאַטן פרעגן צי ער וועט אים געטרויען עטלעכע זעקלעך מיט מעל. דער טאַטע, אַן ערלעכער גאַטספאַרכטיקער ייד, האָט נישט געקענט אָפּזאָגן און געענטפערט: פאַרוואָס נישט? — דן האָט דאָס מעל גענומען, אָבער קיינמאָל דאָס געלט נישט באַצאָלט. ווען אונדזער פאָטער פלעגט אים פון דער ווייטנס דערזען אויף דער גאַס, פלעגט ער אַריבערגיין אויף דער אַנדערער זייט, כדי דעם בעל־חוב זיינעם נישט מבייש־צו־זיין...

יחיאל מאָטל קאָלטנס, אונדזער מלמד אויף דער שעניצער גאַס, האָט געבעטן ביים זייגערמאַכער, אויף דער קאַליע־גאַס לעבן בית־מדרש, ער זאָל אים פאַריכטן זיין זייגער. דער זייגערמאַכער האָט זיך געפּאָרעט מיטן זייגער, געדרייט אַהין און אַהער, אים געפּוצט און געריייניקט ביז ער האָט אָנגעהויבן גיין. „וויפל קומט אייך פאַר דעם?" — האָט יחיאל געפרעגט און דער זייגערמאַכער, נאָכן קווענקלען זיך אַ ווײַלע, האָט געענטפערט: „צוואָנציק קאָפּיקעס". עטלעכע מינוט שפּעטער איז דער זייגערמאַכער געקומען צום מלמד אין חדר און צוריקגעגעבן די צוואָנציק קאָפּיקעס: „יחיאל, נעמט צוריק דאָס געלט, ווייל איך האָב מורא אַז דער זייגער וועט לאַנג נישט אָנטרייבן"...

איך געדענק ווען דאָס פּאַריסאָווער שטיבל איז נאָך געווען ביים טייך אויף דער וואַרשעווער גאַס, האָט עמיצער געפונען עפּעס אַ חיבור מיט שלעכטע אויסדרוקן קעגן דעם רבין. דער חשד איז געפאַלן אויף דעם זון פון בירך גאַרבאַווניקס משרת. דער בחור האָט אָבער געלייקנט שטיין און ביין. די חסידים האָבן זיך געקאָכט און געשריגן, אַז מען דאַרף דעם עוכר ישראל עוקר מן השורש זיין, אַרויסוואַרפן אים פון שטיבל. אַנדערע זענען געווען נאָך שאַרפער — אויך דעם טאַטן זיינעם אַרויסוואַרפן פון שטיבל. דאָ האָט זיך אַריינגעמישט בירך און גענומען אין שוץ זיין משרת: נישטאָ קיין באַווייזן. דער טויבער יאָסל האָט געהאָלפן בירך דעם גביר און גערופן הויך אויפן קול: „בירך איז גערעכט!" עמיצער האָט זיך געמאַכט תמעוואַטע און געפרעגט: „ר' יאָסל, וואָס זאָגט ער עס, ר' בירך?" — זיין ענטפער איז געווען: „איך ווייס?" — — —

יעקב ראַק
(ניו־יאָרק)

# מיט אַ שמייכל

נאָך איבער זעכציק יאָר ווי איך האָב פאַרלאָזט מינסק, זעט דאָס לעבן פון דעמאָלט אַלץ מער אויס איינגעהילט אין אַ נעפּל, און בלויז קליינע עפּיזאָדן פון די קינדעריאָרן לעבן נאָך ווי זיי וואָלטן ערשט נעכטן געשען.

איך געדענק די פּלאָג פון גנבענען וועש. פלעגט מען דעריבער ביי אונדז די וועש הענגען אויפן בוידעם — אַהין איז שווערער געווען דעם גנב צו דער־גרייכן. איינמאָל, ווען דער בוידעם איז געווען פול מיט די הענגענדיקע וועש צום טריקענען, האָבן מיר מיטאַמאָל דערהערט פרעמדע טריט. ביי אונדז איז גראָד געווען אַ גאַסט פון וואַרשע — אשר פּערלמאַן, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ באַקאַנטער זשורנאַליסט אין „מאָמענט". דערהערט אַז אויפן בוידעם געפינט זיך אַ גנב, האָט ער זיך צעשריגן הויך אויפן קול: „גיט מיר דעם שפּייער!". „שפּייער" (רעוואָלווער) איז געווען אַן אָפּשרעקונגס־וואָרט פאַר אַלע גנבים. האָט זיך טאַקע באַלד דערהערט דאָס נעבעכדיקע קול פונעם גנב׳ל, וואָס האָט אַראָפּגעשריגן פונעם בוידעם: „שיסט נישט, איך גיי שוין אַראָפּ!"...

אויפן וועג פון חדר ווינטער ביינאַכט פלעגן מיר זיך לאָזן אויף דער גליטש אויפן פאַרפרוירענעם רינשטאָק. באַלעבאַטישע קינדער האָבן נישט געטאָרט טאָן אַזאַ זאַך, ווייל שכנות האָבן גלייך אָפּגעטראָגן: „גייט, זעט, ווי אייער זונדל גליטשט זיך!" — —

אין חדר אויף דער קאַליע־גאַס פלעגן מיר קריגן אַ שטיקל פּריזע אין מיטן לערנען און די צייט האָבן מיר אויסגענוצט אויף פאַרשידענע שפּילערייען און קונדייסישע שטיק. דעם רבינס שכן האָט געהאַט אַ קאָזע, האָבן מיר באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז די קאָזע צו מעלקן. וואָס טוט מען אָבער, אַז די קאָזע לאָזט זיך נישט? איין יינגל האָט אָנגעכאַפּט די קאָזע ביי די הערנער, אַ צווייטער ביים ווידל, אַ דריטער האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף איר מיטן גאַנצן כוח, און דער פערטער האָט געפּרוווט מעלקן, אָבער די קאָזע איז געווען שטאַרקער פון אונדז אַלעמען און האָט זיך אַרויסגעריסן, ערשט דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די קאָזע איז גאָר אַ באָק, גיט נישט קיין מילך, ווען ער וויל אפילו צוליב טאָן צעשטיפּטע חדר־יינגלעך...

ביירישׁ גאַרבאָווניקס ווייב איז געווען שטאַרק קראַנק, דאכט זיך אויף טובערקולאָז. פּלוצים דערוויסט מען זיך: זי איז געשטאָרבן. חברא קדישא איז גלייך געקומען, זי אַוועקגעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע און אָנגעצונדן צוויי ליכט. מיטאַמאָל גיט זיך די טויטע ראַצע אַ זעץ־אויף. פאַר שרעק איז זי דערנאָך נאָך שווערער קראַנק געוואָרן. נאָך איר טויט האָט ביירך געהייראַט מיט אַ צווייט ווייב — מיט חוהלע ראָנדזער, אַן אלמנה מיט עטלעכע קינדער.

וואָכן פאַר פּסח פלעגט אונדזער מאַמע איינלייגן אַ גרויסן פאַס מיט בוראַקעס אויף יום־טובדיקן קוואַס. שכנים פלעגן אַריינשיקן זייערע קינדער מיט גרויסע

גאַנשערס און די מאַמע פלעגט אַלעמען טיילן פון דעם כשרן היימישן קוואַס אויף פסח, כשר למהדרין...

אַ געוויסע צייט האָבן מיר געוווינט אויף דער קאָליע־גאַס נעבן דער „שטשאַנקע״, וואָס האָט געפירט צו דער מקווה. אַמאָל האָט דער טאַטע אַוועקגע־לייגט עטלעכע פאַר הונדערט רובל אויפן בוידעם אונטער אַ בעלקע און פאַרגעסן. נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך פון דער דירה אַרויסגעצויגן, האָט דאָרט געוווינט מאָניש דער שפּיליטער. ער האָט דאָרט געוווינט אַ קורצע צייט און נאָך דעם ווי ער האָט די דירה פאַרלאָזט, האָט דאָרט דער באַלעבאָס, שמאַי מעל־סוחר, געפונען דאָס געלט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס געלט איז פון לעצטן לאָקאַטאָר, איז ער אַוועק און אָפּגעגעבן אים דאָס געלט. שמאַי׳ס ווייב האָט צופעליק די מעשה דערציילט פאַר שכנים, האָט אונדזער טאַטע זיך דערמאָנט, אַז דאָס געלט איז זיינס. מאָניש האָט אָבער געטענהט, אַז דאָס געלט איז זיינס, איז מען אַוועק אויף אַ דין־תורה צום רב. דער רב האָט געפּסקנט, אַז מאָניש דאַרף שווערן ביי אַ ספר־תורה, אַז דאָס געלט האָט ער דאָס אַוועקגעלייגט און פאַרגעסן. דאָס דער־הערט, האָט דער טאַטע געזאָגט: „זאָל שוין דאָס געלט בלייבן ביי מאָניש. וואָס דאַרף איך גורם־זיין אַז צו דער גניבה זאָל אַ ייד נאָך שווערן פאַלש אויך?״.

יאָרן שפּעטער האָט מאָניש אָפּגעקויפט אין פאַריסאָווער שטיבל הגבה און גלילה אויף אַ גאַנץ יאָר, מיר ייִנגלעך זאָלן האָבן די מצווה יעדע וואָך, ווען מיר האָבן באַשטימט. אונדזער טאַטע האָט געזאָגט, אַז דאָס האָט מאָניש דערמיט זיך געוואָלט אויסקויפן פאַר זיין זינד און אפילו גרייט זיין שווערן פאַלש...

**אַ גרופּע מיידלעך**



פון רעכטס — עס שטייען: רייזל ווישניעווסקי, זלאַטאָלאָוו שרה, אָרליינסקי נחמה.
עס זיצן: זעלצער לאה, גערשקאָוויטש שיינדל, אָרליינסקי פּאַליא

# חורבן ושואה



בדרכם האחרונה...

בעת איינע פון די לעצטע אַקציעס — יידן ווערן געטריבן צו דער באַ',
דורך דער קאַליע־גאַס

# חורבן און אומקום

# אונדזערע טרויער־דאַטעס

**13טער סעפטעמבער 1939 (ערב ראש השנה ת״ש) —**
זענען די דייטשן אַריין קיין מינסק.

**12טער אויגוסט 1940 (ערב תשעה באב ת״ש) —**
עטלעכע צענטליק בחורים אַוועקגעפירט אין אַרבעטס־לאַגערן אין לובלינער געגנט.

**25טער אָקטאָבער 1940 (שמחת תורה תש״א) —**
שאַפונג פון געטאָ.

**21טער אויגוסט 1942 (ח' אלול תש״ב) —**
אויסראָטונג־אַקציע אין שטאָט.

**22טער אויגוסט 1942 (ט' אלול תש״ב) —**
אין פאַרהאַקטע וואַגאָנעס אָפּגעשיקט די מינסקער יידן קיין טרעבלינקע.

**25טער סעפטעמבער 1942 (ערב סוכות תש״ג) —**
אויסראָטונג פון די אַרומיקע שטעטלעך: קאַלושין, דאָברע, סטאַניסלאַוואָוו, נאָענט צו דער דאַטע אויך אין קאַלעביעל, שעניצע, לאַטאָוויטש און מראָזי.

**ראש חודש טבת תש״ג —**
אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע עטלעכע טויזנט יידן פון גאַנצן קרייז, צוזאַמענגעטריבענע קיין קאַלושין.

**24טער דעצעמבער 1942 —**
218 יידן דערשאָסן אויפן בית־עלמין נאָכן אַרויס־פירן זיי פון „קאָפּערניק״־לאַגער.

**10טער יאַנואַר 1943 —**
לעבעדיקערהייט פאַרברענט די איבער 300 יידן אין „קאָפּערניק״־לאַגער.

**5טער יוני 1943 —**
דערשאָסן די לעצטע מינסקער יידן פון אַרבעטס־לאַגער אין רוצקיס פאַבריק.

א. שעדלעצקי

# בלעטלעך פון פייער

### ימים נוראים 1939

די ימים נוראים פון יאָר 1939 האָבן זיך אָנגעהויבן א סך פריער איידער עס האָט זיך געעפנט דער לוח פון יאָר ת"ש. די פּאָרכטיקע טעג האָבן דאָס מאָל מקדים־געווען זייער אָנקומען, מיט אַ שיינע פּאָר וואָכן פריער. בערלין האָט געקינדיקט דעם נישט אָנגריפס־פּאַקט מיט פוילן. היטלער האָט געוויזן, אַז זיין אַפּעטיט האָט זיך נישט איינגעשטילט נאָכן איינשלינגען עסטרייך, די סודעטן, טשעכיע. די ריי איז איצט געקומען אויף דאנציק. יאָ מלחמה, נישט מלחמה? — דער גורל פון אייראָפּע איז געהאָנגען אויף משקולת.

אַזוי — ביז עס איז אין מאָסקווע געשטעלט געוואָרן די שוואַרץ־רויטע חופּה — דער מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־אָפּמאַך. מער איז קיין ספק נישט געווען די וועלט־שריפה איז עלול אויסצוברעכן יעדע רגע. היטלער האָט זיך באַוואָרנט — ער האָט באַקומען סטאַלינס הסכמה אָנצוהייבן. ביידע וועלט־דיקטאַטאָרן האָבן זיך געשטעלט אויף איין ברעטל. אַ זאַך וואָס מיט טעג פריער וואָלט יעדער בר־דעת באַטראַכט ווי אַ קראַנקע פאַנטאַזיע, אַ משוגעת, איז געוואָרן דעם 23־טן אויגוסט 1939 וועלט־געשיכטע.



די ידיעה וועגן דאָזיקן סטאַלין היטלער־"שפּיצל, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן דער וועלט מיט אַזאַ ציניזם, איז צו מיר דערגאַנגען אויף די רואיקע סמענטנע ליטווישע פעלדער, ביי די שטילע וואַסערן פון דער גרויסער טראָקער אָזיערע, אויף דער אַמאָליקער פויליש־ליטווישער גרענעץ. יענעם זומער האָב איך זיך געפונען אין אַ סעמינאַריסטן־לאַגער פאַר מדריכים פון דער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „הנוער הציוני". איבער הונדערט און פופציק יוגנטלעכע פון אַלע עקן פוילן האָבן זיך אַהער געהאַט צונויפגעפאָרן אויף עטלעכע וואָכן, צוגרייטן זיך צו די נייע אויפגאַבן פאַר וועלכע עס איז געשטעלט געוואָרן די יידישע יוגנט אין פוילן אין אָנבליק פונעם אויפגייענדיקן היטלעריזם און אַנטיסעמיטישע כוואַליעס אין פוילן גופא, פון איין זייט, און דעם בריטישן ווייסבוך פון דער צווייטער זייט; גזירות, וואָס האָבן פאַרשלאָסן די טויערן פון ארץ־ישראל, פאַרשניטן יעדע האָפענונג, יעדן אויסוועג פאַר דער יידישער יוגנט אינעם פיל־מיליאָניקן פוילישן יידנטום. איך בין געווען אויף דעם זומער־לאַגער דער איינציקער פאַרשטייער פון מינסק.

„ריבנטראָפּ שרייבט אונטער אָפּמאַך אין מאָסקווע" — האָט געפלאַטערט דער אויפשריפט איבער דער גאַנצער ברייט פון דער מאָרגן־צייטונג, וואָס איז צו אונדז, אין דעם פאַרוואָרפענעם העק, אָנגעקומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון היפּשע שעהן אין יענעם פינצטערן מיטוואָך פון 24־טן אויגוסט. די לאַגע

ווערט געפּערלעך. דאָס האָבן מיר אַלע גלייך פאַרשטאַנען. די אָנפירער פונעם מדריכים־קורס האָבן זיך גלייך אַרויסגעלאָזט צום נאָענטסטן פּאָסט־אַמט. אָנפרעגן ביי וואַרשע וואָס צו טאָן. דער ענטפער איז געווען: פונאַנדערלאָזן דעם זומער־לאַגער. יעדער איינער זאָל פאָרן צו זיך אַהיים. אָן אַלגעמיינע מיליטערישע מאָביליזאַציע איז אַ פראַגע פון בלויז געציילטע שעהן.

חברה האָט זיך גלייך גענומען פּאַקן אין וועג אַריין. ביינאַכט איז פאָרגעקומען דער געזעגענונגס־אָפּעל. יהושע גלויבערמאַן האָט געהאַלטן די שלוס־רעדע ביים געצונדענעם פייער־שייטער:

— מאָרגן קען אויסברעכן די שריפה. אַ גרויס אומגליק דערוואַרט אונדז ווער ווייסט וואָס עס וועט זיין מיט אונדז אַלע, צי מיר וועלן זיך ווען בישט איז זען — — —

אַ ציטער איז אונדז אַלע אַדורך ביז די ביינער. אַ קעלט האָט אונדז אָנגעהויבן שוידערן, נישט געקוקט אויף דער וואַרעמקייט וואָס האָט זיך געטראָגן פונעם ברענענדיקן שייטער. די שומרישע פאָן איז אַראָפּגעצויגן געוואָרן פונעם מאַשט. זי איז מער נישט אַרויפגעצויגן געוואָרן אויף דער דאָזיקער ערד.

פאַרטאָג האָבן מיר אָנגעהויבן דעם פוס־מאַרש צו דער נאָענטער באַן־סטאַציע — לאַנדוואַרוו. יעדער פון אונדז האָט דאָ געדאַרפט איינזיצן אין צוגן וואָס זאָלן אים ברענגען אַהיים פון דעם פריצייטיק געשלאָסענעם, בישט־פאַרענדיקטן זומער־לאַגער, יעדער אין זיין ריכטונג.

אויף אָט דער קליינער סטאַציע אין שכנות פון ווילנע, האָבן מיר זיך שוין דערוווּסט וועגן דער מאָביליזאַציע, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן ביינאַכט. דאָ האָט שוין געהערשט בהלה. די מאָביליזירטע פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך און דערפער האָבן זיך געשטופּט מיט אָנגעפּאַקטע „פּלעצאַקעס" און רענצלעך, כדי צו פאַרכאַפּן פּלעצער אינעם איבערפולטן צוג. אונדזער גרופּע, וואָס האָט געדאַרפט פאָרן אין דער ריכטונג פון וואַרשע, איז באַזונדערס אָנגעקומען שווער דאָס אַריינשטופּן זיך אין צוג און אַז מיר זענען שוין אַריין אינעווייניק האָט היבש געדויערט ביז דער צוג האָט אָנגעהויבן רירן פון אָרט. דער פאָר־פּלאַן איז שוין נישט געווען גילטיק. אויף יעדער סטאַציע האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע בילד: מאָביליזירטע האָבן זיך געשטופּט אַריין אינעווייניק; וויינענדיקע פרויען און קינדער וואָס האָבן באַגלייט זייערע נאָענטסטע בישט־ויסנדיק ווען זיי וועלן זיי צוריק זען...

דאָס איז געווען דער גרויסער פעלער פונעם פּוילישן מאָביליזאַציע־סיס־טעם. איינוווינער פון מזרח האָבן זיך געדאַרפט צושטעלן אין זייערע איינהייטן אין מערב בעת די פון מערב האָבן זייערע איינהייטן געהאַט אין מזרח. שוין דעם ערשטן טאָג פון דער מאָביליזאַציע איז בכן געוואָרן אַ כאַאָס, אַ מישמאַש: די באַנען האָבן שוין אָנגעהויבן קורסירן מיט גרויסע פאַרשפּעטיקונגען, נישט געווען גרייט צו אַזאַ גרויסן פאַרקער...

קיין וואַרשע זענען מיר, בכן, אָנגעקומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון 5־6 שעה. פונעם צפון־וואָקזאַל האָב איך נאָך געמוזט פאָרן מיט אַ טראַמוויי צום

מזרחדיקן „דוואָרזשעץ״, כדי פון דאָרט צו כאַפּן אַ באַן צו מיר אַהיים.

ווען איך בין אַהיימגעקומען, איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט, ביי אונדז איז קיין בהלה נישט געווען. יידן זענען געווע אָפּטימיסטיש, געגלויבט אין דער וועלט: אַלע זעען דאָך שוין וואָס דער כלב פון בערלין איז אויסן. די וועלט וועט אים נישט לאָזן...

בלויז די מיליטער־פליכטיקע זענען שוין געהאַט אָפּגעפאָרן דערפילן זיי׳ער בירגער־פליכט, אין די ווייטע קאַזאַרמעס אַריין...



אַ וואָך שפּעטער — דעם 1־טן סעפּטעמבער, פרייטיק אינדערפרי, האָט מיך אויפגעוועקט אַ געוואַי פון סירענעם: אַליאַרם! מענטשן האָבן אָבער



מיין יינגערע שוועסטער בראָנטשע (רעכטס) מיט אונדזער שכנטע אַזשע שעדלעצקיס טעכטערל און אסתרל פרידמאַן, טעכטערל פון דוד און בראַנדל פרידמאַן



מיין שוועסטער באַשע (אינמיטן), געהייראַט אין טאָג פון מלחמה־אויסברוך, מיט איר קוזינקע טילטשע פון וולאַדאַווע (לינקס) און נאָך אַ חברטע

געטענהט, אַז דאָס איז אַ פּראָבע, אַ פּראָבע־אַליאַרם צו וועלכע מען איז שוין געווען צוגעוווינט אין דער וואָך פון שפּאַנונג. אַביסל שפּעטער האָט מען שוין אָבער געוווּסט: די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. וואַרשע איז באָמבאַרדירט געוואָרן.

אין שטוב ביי אונדז איז אַ גרויסע פאַרלעגנהייט. די מאַמע ברעכט די הענט. היינט איז די חופּה פון איר עלטסטער טאָכטער, באַשע. דער זמן־

חתונה איז נאָך באַשטימט געוואָרן אַ שטיק צייט פריער. צוליב דער מאָבילי־זאַציע האָט מען באַגרענעצט דעם פאַרנעם פון דער חתונה: בלויז אַ חופּה, אַ קידוש און שבע ברכות. איצט וואָס טוט מען? —

„אַ חופּה לייגט מען נישט אָפּ. אם ירצה השם וועט אַלץ זיין גוט״ — זאָגט דער מורה־הוראה ר׳ חיים־זעליק, אונדזער שכן. די הכנות ווערן פאַר־ענדיקט, בפרט, אַז די אָפיציעלע רעגירונגס־קאָמוניקאַטן זענען האָפּערדיק, האַלטן אויף די מאָראַל ביי דער באַפעלקערונג.

בעת דער חופּה פליען ערגעץ־הויך עראָפּלאַנען. קיינער ווייסט נישט וועמענס כלי־משחית דאָס זענען, אייגענע אָדער דעם שונאס. מען זאָגט, אַז אין וואַרשע זענען שוין געפאַלן אַ סך באָמבעס, ערגעץ־ווו זענען שוין באָמ־באַרדירט באַן־ליניעס, וואָקזאַלן. אין שטאָט ביי אונדז איז נאָך אָבער קיין איין שאָס נישט געפאַלן...



אָבער נאָך עטלעכע טעג, איידער עס זענען ביי אונדז געפאַלן די ערשטע באָמבעס, האָבן מיר שוין אָנגעהויבן פילן און זען די מלחמה פאַר די אויגן. קודם־כל — דער שטראָם פון די פּליטים, מענטשן מיט אויגן פול מיט בראָך, וואָס האָבן נאָרוואָס געהאַט אָנגעווווירן זייערע היימען. אויף זייער בראשית־וועג פון ווייַ און וואַנדער האָבן זיי געזוכט אַביסל צו באַרואיקן די נערוון פונעם ערשטן שאָק, אין אונדזער שטאָט, אין דער ערשטער גרעסערער שטאָט, מזרח פונעם באָמבאַרדירטן וואַרשע. מינסק־מאַזאָוויעצקער יידן, וואָס האָבן דריי יאָר פריער אַליין געפילט דעם טעם פון פאַרלאָזן היים און הויז בעתן פּאָגראָם וואָס די שטאָט האָט איבערגעלעבט אין יוני 1936 און זענען מאַסנווייז אַנטלאָפן קיין וואַרשע, האָבן איצט אָפּגעצאָלט זייערע וואַרשעווער ברידער מיט ברייטער גאַסטפריינטלעכקייט. יעדע שטוב האָט אויפגענומען די אַנטלויפנדיקע, זיי געגעבן אַ נאַכט־לעגער, וואַסער, ברויט און אפילו אַביסל וואַרעמס...

מיט יעדן מלחמה־טאָג איז דער שטראָם געוואָרן אַלץ גרעסער, פאַר־צווייפלטער... צענטליקער טויזנטער זענען אַדורך יענע טעג אונדזער שטאָט אין זייער וועג אויף מזרח. די ערשטע פאָר טעג זענען נאָך ווי עס איז געווען לאָקאָמאָציע־מיטלען פאַר שווערע געלטער. באַלד איז אָבער מער נישט געווען קיין ברענשטאָף. מען האָט אָנגעהויבן זען אַלץ מער פוסגייערישע פורלעך, דער־נאָך איז מען געגאַנגען, געלאָפן צופוס...

אינעם דריטן מלחמה־טאָג זענען צו אונדז אויך אָנגעקומען עטלעכע חברים פון אונדזער צענטראַלע אין וואַרשע, מיט וועלכע איך האָב זיך נאָרוואָס געהאַט צעשיידט אין טראָקי. מיט זיי זענען אויך געווען חברים פון קיבוץ הכשרה „בדרך״ אין לאָדזש. פון זיי האָבן מיר געהערט, אַז די דייטשן זענען שוין אין אין לאָדזש, אין פּלאָצק... זיי אַלע האָבן נישט געהאַט קיין קליינגעלט כדי צו קויפן ברויט. בלויז באַנקנאָטן פון הונדערטערס האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך

ביים פאַרלאָזן וואַרשע. מיר האָבן זיי געהאָלפן אויסבייטן עטלעכע באַנקנאָטן ביי שאַיע פשיסטאַווצער, איינגעקויפט ברויט און אַזוי האָבן זיי נאָכן איבער־נעכטיקן געקענט פאָרזעצן דעם וועג.

אינעם זעלבן טאָג — דעם ערשטן דינסטיק פון דער מלחמה — איז אונדזער שטאָט צום ערשטן מאָל באָמבאַרדירט געוואָרן פון דער לופט. די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט אַ צוג מיט עוואַקואירטע פון וואַרשע. דאָס איז געווען די לעצטע באַן, וואָס איז אַרויס פון דער באָמבאַרדירטער הויפטשטאָט.

דער דייטש גייט פאָרויס. ער שטייט שוין אויף יענער זייט וואַרשע. דאָס איז געווען קלאָר פון די איוב־בשורות, וואָס די אַנטלויפנדיקע האָבן געבראַכט צו אונדז, שוין אין דער ערשטער וואָך פון דער מלחמה. דאָרט האָט מען גע־גלויבט, וועט מען זייערע חיילות פאַרהאַלטן. וואַרשע וועט נישט פאַלן. אַז דער דייטש וועט אונדזער שטאָט פאַרנעמען איידער ער וועט אַריין קיין וואַרשע, איז קיינעם נישט איינגעפאַלן.



„דעם טייערן פאָטער מיינעם אין טאָג פון צעשיידונג" — אַזאַ אויפ־שריפט געפינט זיך אויפן דאָזיקן בילד פון מיין שוועסטער וואָס איז אַוועק קיין רוסלאַנד מיט אברהם סלאָדזשאַרזש. איבערגעלעבט אויף פאַרשיקונג, צוריקגעקומען קראַנק און געשטאָרבן אין ירושלים אין עלטער פון 34 יאָר, ב' אדר תשי"ג

פרימעט שעדלעצקי־סלאָדזשאַרזש

דעם צווייטן מאָנטיק פאַרנאַכט האָט אונדזער שטאָט באַקומען אַ נייעם פּליטים־שטראָם — דאָסמאָל פון מזרח. דאָס זענען צוריקגעלאָפן מענטשן, וואָס האָבן אויף זייער וועג אָנגעטראָפן דייטשן. פון זיי האָבן מיר געהערט, אַז קאַלושין — 18 ק"מ אויף מזרח — ברענט פונעם דייטשן האַרמאַטן־פייער. באַלד ווי עס איז געוואָרן פינצטער, האָבן מיר דאָס אַליין געזען. פון יענער ריכטונג איז אויפגעגאַנגען אַ רויטע בראַנד און זיך אַלץ מער פאַרשפרייט איבערן פינצטערן הימל. פון דער זעלבער ריכטונג האָבן אויך זיך געהערט טעמפּע האַרמאַטן־אָפּהילכן.

איך קען נישט פאַרגעסן דאָס טראַגישע בילד אויפן הויפט־שאָסיי, וואָס

האָט געפּירט אויף שעדלעץ און בריסק, ווען צוויי מענטשן־שטראָמען האָבן זיך אָנגעשטויסן פּנים אל פּנים. די אַנטלויפנדיקע פון מזרח און די וואָס זענען געקומען פון מערב האָבן מיט דערשראָקענע אויגן זיך געפרעגט איינאַנדער:

— מענטשן, וווהין לויפט מען פאָרט? — — — —



צומאָרגנס, אין דער זעלבער צייט, האָבן די האַרמאַטן אָנגעהויבן באַשיסן אונדזער שטאָט גופא, טאַקע פון מזרח־זייט. דאָס הויפּט־פייער איז געווען געריכטעט אויף דעם וועג אויף דרום, וווהין דאָס פּוילישע מיליטער האָט אין גרויס אומאָרדענונג אָנגעהויבן אַ בהלהדיקן אַנטלויף. פאַרטאָג האָבן שוין דייטשע פּאַטרולן שפּאַצירט איבער דער גאַנצער שטאָט. דאָס איז געווען ערב ראש השנה. וואַרשע איז אַזוי אַרום אַריינגענומען געוואָרן אין אַ קעסל.

די ימים נוראים האָבן זיך אָנגעהויבן מיט רעקוויזיציעס, מיט „כאַפּן" יידן צו דער אַרבעט. רציחה האָט אָנגעהויבן יובלען. די פּאַרכטיקע טעג האָבן זיך פאַרצויגן, נישט אויפגעהערט — געוואָרן פאַרכטיקע יאָרן; יאָרן פון גזירות, געטאָ, אַרבעטס־לאַגערן, טויט — ביז דער טאָטאַלער אויסראָטונג אנדערהאַלבן יאָר שפּעטער, די פאַרניכטונג פון אונדזער שטאָט יידן צוזאַמען מיט אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך...

**דער שופר האָט נישט געבלאָזן...**

אַ גאַנצע נאַכט האָט די דייטשע אַרטילעריע געהאַלטן אין איין באַשיסן די שטאָט. הייזער האָבן געברענט. מענטשן זענען געפאַלן. דאָס פּוילישע מיליטער איז אַנטלאָפן אין בהלה אויף דרום. קיין אַנדער וועג איז שוין נישט געווען פריי. אינדערפרי האָבן אַריינמאַרשירט די דייטשן. דאָס איז געווען קוים צוויי וואָכן נאָכן מלחמה־אויסברוך: ערב ראש השנה ת"ש.

דעם רבינס בית־המדרש איז געווען פול מיט יידן — דאַסמאָל נישט צו סליחות און נישט צום ימים־נוראימדיקן דאַווענען, ווי יעדעס יאָר. אין דער גרויסער געביידע פון רויטע ציגל אינמיטן מיט שטיינער־ברוקירטן הויף, האָבן יידן געזוכט שוץ באַלד ווי אין שטאָט האָבן אָנגעהויבן פאַלן די ערשטע שראַפּנעלן און אָפּגעמעקט מיט פייער די גאַנצע שעניצער גאַס. פון רבינס גאַס, וואָס האָט זיך געצויגן פּאַראַלעל מיט דער אין פלאַמען־שטייענדיקער שעניצער גאַס מיט אַלע אירע הילצערנע בנינים, איז מען געקומען צו לויפן אַהער. צווישן די פעסטגעמויערטע ווענט און באַזונדערס אינעם טיפן קעלער האָט מען געפונען שוץ קעגן דעם פייער פון די אומברחמנותדיק־שיסנדיקע האַרמאַטן.

מיטאַמאָל איז געוואָרן שטיל. די האַרמאַטן האָבן אויפגעהערט דאָס שיסן, די שרעק איז אָבער נישט געוואָרן קלענער. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז די דייטשן מוזן שוין זיין אין שטאָט. באַלד האָט מען זיך טאַקע דערוווּסט: דער וואַרשעווער וועג רוישט שוין מיט אָנפאַרנדיקע טאַנקן און פאַנצער־אויטאָס.

די ערב ראש־השנהדיקע זון האָט אויפגעשיינט אַ פרי־האַרבסטיק לויטערע. עס איז שוין געווען פולער טאָג אָבער די מענטשן אין קעלער פון רבינס בית־מדרש האָבן זיך פון אָרט נישט גערירט נאָך דער שרעקנדיקער וואַך־נאַכט. אַ טייל האָבן שוין געוווסט, אַז זיי האָבן נישט וווהין זיך צוריקצוקערן, אַז היינטיקע נאַכט זענען זייערע הייזער פאַרברענט געוואָרן. צו די נשרפים פון די שכנותדיקע שטעטלעך, וואָס האָבן אַ גאַנצע וואָך געשטראָמט אַהער זענען איצט צוגעקומען אייגענע נשרפים. אָבער אויך די אַנדערע, וואָס האָבן יאָ געהאַט זייערע היימען, האָבן זיך נישט געאײַלט. זיי האָבן עפּעס מורא געהאַט. אין אַן עת־צרה איז בעסער צו זיין צוזאַמען...

אַ גאַנצע גאַס יידן, אַ שיינע פּאָר צענדליק משפחות — אנשים, נשים וטף — וואָס האָט די גאַנצע נאַכט פאַרבראַכט אין שרעק און אין ענגשאַפט אין דעם קעלער, האָט אָפּגעוואַרט איצט מיט שפּאַנונג וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט. פון מאָל צו מאָל האָט עמעצער אַ דרייסטער געוואָגט דורך די הייף זיך דורכצובאַקומען צו דער צענטראַלער גאַס, און געבראַכט פון דאָרט אַ גרוס. אויפן מאַרק־פּלאַץ האָט מען שוין געזען די דייטשע זעלנער. דאָ און דאָרט האָבן יידן געמוזט עפענען אַ קראָם — די זעלנער זאָלן קענען איינקויפן קלייניקייטן.

— יידן. עס איז היינט ערב יום־טוב... — דאָס איז ר׳ מעכעלע אַראָפּגע־קומען אין קעלער אַריין פון זיין דירה אויפן צווייטן שטאָק פון דער צווייטער קאַמעניצע אין רבינס הויף. ר׳ מעכעלע איז געווען אַן אייניקל פונעם אַלטן רבין. ר׳ יאנקעלע, וואָס האָט געגרינדעט דאָס נאָוואָמינצקער חסידות און דער איינציקער פון רבינס משפחה, וואָס איז געבליבן וווינען דאָ, נאָך דעם ווי דער רבי איז נאָך בעתן ערשטן וועלט־קריג אַריבער קיין וואַרשע און שוין דאָרט געפירט זיין חסידישן הויף.

„ס׳איז ערב יום־טוב". — דאָס האָבן אַלע געוווסט, קיין איין רגע נישט פאַרגעסן. ר׳ מעכעלעס זאָג האָט אָבער געמאָנט, אַז מען דאַרף מאַכן יום־טוב נישט געקוקט אויף אַלעם, נישט געקוקט אויף דער מלחמה, טראָץ דעם, וואָס דער דייטש איז אַריין אין שטאָט און נישט געקוקט דערויף, וואָס מען ווייסט נישט, וואָס עס וועט זיין אין אַ שעה אַרום... ער האָט, פאַרשטייט זיך, קודם־כל געמיינט אַ מנין צום דאַווענען.

ווי נאָר די נאַכט האָט צוגעשלאָגן, האָט מען זיך געשטעלט דאַווענען „מעריב", מקבל זיין דאָס נייע יאָר. נישט אין גרויסן בית־מדרש מיט די צענומענע ווענט, ווי יעדן ראש השנה, נאָר אינעם קעלער. דאָס בית מדרש מיט אַלע צימערלעך אַרום, אין וועלכע אַ גאַנץ יאָר האָבן זיך געפונען די באַזונ־דערע כיתות פון דער תלמוד־תורה, זענען איצט פול געווען מיט די משפחות פון די נשרפים און מיט די פּליטים, וואָס זענען אַנטלאָפן פונעם ברענענדיקן וואַרשע אויף מזרח און דער דייטש האָט זיי געפעדערט דעם וועג. ביים שיין פון צוויי חלבנע ליכטלעך מיט פאַרטונקלטע פענצטער, דאָס ליכט זאָל נישט אַרויס אין דרויסן, האָט מען זיך געשטעלט צום מעריב־דאַווענען. ווי ר׳ מעכעלע מיט זיין חסידישן ברען און אייביקן בטחון, אַז „עס וועט זיין גוט" האָט זיך נישט די מי־געגעבן, דער יום־טובדיקער ניגון פון „ברכו" און דער „מזמור

לדוד״ זאָל קלינגען ווי תמיד, איז אים דאָס נישט געלונגען. דער „מעריב״ האָט געקלונגען בחיפזונדיק, צומאָל איכהדיק, אָן אַריינגעכאַפּט דאַווענען געווען און נישט מער...

דאָס זעלבע איז געווען צומאָרגנס. דאַווענען שחרית האָט מען זיך געשטעלט באַלד אינדערפרי. דער רוב — אָן די טליתים, וואָס מען האָט געהאַט איבער־געלאָזט אין די היימען. ר׳ מעכעלע אַליין האָט נישט געוואָלט בשום אופן נאָכגעבן. ער האָט אָנגעטאָן זייַן יום־טובדיקן טלית מיט דער זילבערנער עטרה, וואָס ער האָט געהאַט באַקומען צו דער חתונה פון זיין ליטווישן שווער און דער עיקר — אַרויסגענומען דעם שופר, וואָס ער האָט געירשנט פון אַלטן רבין. מיטן דאָזיקן שופר האָט ר׳ מעכעלע געבלאָזן אין דעם בית מדרש די תקיעות יעדעס יאָר. זיין בלאָזן שופר האָט געהאַט אַ שם אין שטאָט מיט דער ריינקייט פונעם קלאַנג זיינעם, וואָס האָט זיך אַריינגעשניטן אין דער לופט און דערגאַנגען ווייט ווייט... נאָכן דאַווענען האָט ער זיך נאָך אַרויסגעלאָזט איבער דער שטאָט און מזכה געווען מיט די תקיעות שוועך־קראַנקע אין די בעטן אָדער אַ יולדת, וואָס האָט נישט געקענט קומען הערן שופר־בלאָזן אין שול.

דער שחרית, ווי געזאָגט, איז געדאַוונט געוואָרן בחיפזון. דער חזן האָט געהיפּערט איבער די שטיקלעך יוצר. אין הויף ביים טויער האָבן די גאַנצע צייט עטלעכע בחורים זיך געטוישט מיט האַלטן וואַך, זיך אַרומגעקוקט איןביידע זייטן גאַס צי עס קומען נישט אָן קיין דייטשן. מיליטערישע קעטשלעך האָבן זיך שוין געהאַט באַוויזן אויך אינעם רבינס געסל.

ווען עס איז געקומען צו תקיעת שופר איז דער עולם געבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט. ר׳ מעכעלע האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן ווי געוויינלעך צו די תקיעות. ער האָט אָנגעטאָן דאָס ווייסע קיטל, עס אַרומגעבונדן מיט דעם גאָלד־געליישטן גאַרטל און אָנגעטאָן דאָס הויכע ווייסע קאַפּל אַרומגענייט מיט גאָלדענע פעדים.

— זענט איר חלילה חסר־דעה, ר׳ מעכעלע? — איז כאַצקעלע בעדער (נאַפּאַרסטעק) מיטאַמאָל געוואָרן אומרואיק — די דייטשן וועלן דאָך דערהערן און גלייך קומען צו לויפן און אַלע חלילה דערהרגענען...

ר׳ מעכעלע איז געבליבן שטיין אַ פאַרלוירענער. מיט אים די גאַנצע עדה. אויך דער מורה־הוראה ר׳ חיים־זעליק, וואָס האָט זיך אַהער דורכגעקומען פון שכנותדיקן הויף דורכן צעבראָכענעם פּאַרקאַן, האָט דערפילט אויף זיך די געווענדטע בליקן פון די יידן, וואָס דערוואַרטן פון אים אַ פּסק־הלכה. ער האָט בלויז שטיל געמורמלט:

— פּיקוח נפש, עס איז פּיקוח נפש...

אַ היפּשע ווײַלע האָט געהערשט אַ דערדריקטקייט, אַ פאַרשטומטקייט. באַלד האָט אָבער עמעצער אַ זאָג געטאָן:

— יידן, לאָמיר ענדיקן דאָס דאַווענען...

מען איז גלייך צוגעטראָטן צו דעם סדר פון די תקיעות אָן שופר־בלאָזן, כנהוג ווען ראש השנה פאַלט אויס אום שבת, הגם עס איז געווען אַ דאָנער־שטיק...

דער שופר, וואָס ר׳ מעכעלע האָט מיטגעבראַכט מיט זיך, איז געבליבן ליגן אַ פאַרשעמטער. ר׳ מעכעלע האָט זיך נישט געקענט באַהערשן. ער האָט זיך צעכליפּעט ווי אַ קינד און אָנגעהויבן מיט אַ פאַרשטיקט קול אויסצוטענהן זיך מיט גאָט:

— רבונו של עולם, זע כי היינו ללעג ולקלס. קוק אָן דעם שופר. מיט אים האָט געבלאָזן יעדן ראש השנה דער הייליקער זיידע מיינער, דערנאָך דער טאַטע מיינער און די לעצטע צוואַנציק יאָר איך — אַזוי יעדעס יאָר, קיין איין יאָר נישט פאַרפעלט. היינט איז דער ערשטער ראש־השנה, וואָס דער שופר שווייגט. זאָל זיין שטומער געשריי אויפגיין צו דיר אין הימל, זיך שטעלן דאָרט פאַרן כיסא־הכבוד און נישט אָפּטרעטן ביז דו וועסט ברענגען אַ ישועה פאַר יידן! — —



קוים באַוויזן אָפּצודאַווענען האָט זיך ווי אַ בליץ פאַנאַנדערגעטראָגן די ידיעה, אַז דייטשן זענען אין רבינס געסל. ווען זיי זענען אַוועק האָט דער טאַטע זיך איינגעשפּאַרט מען זאָל צוריקגיין אין אונדזער הויז, אויף יענער זייט גאָס. „עס איז יום־טוב, כ׳וויל מאַכן קידוש אין מיין שטוב״ — האָט דער טאַטע זיך פאַרענטפערט פאַר דער מאַמען מיט די קינדער, וואָס האָבן אים געפּרוּווט אָפּרעדן דערפון.

איינציקווייז האָבן מיר אָנגעהויבן אַריבערגיין די גאָס און זיך אַריינגע־שלייכן אין אונדזער הויף, זיך אַרומקוקנדיק דערביי אויף ביידע זייטן צי עס קומען ניט אָן קיין דייטשע זעלנער. ווען דער טאַטע האָט געפּרוּווט אַרי־בערגיין די גאָס האָט זיך אָבער פּלוצים דערהערט אַ געשריי פון אַ זעלנער „שטיין בלייבן!״. יענער האָט זיך באַלד דערנענטערט, געהייסן דעם טאַטן מיטגיין מיט אים. אַ פּאָר טריט ווייטער האָט ער פאַרהאַלטן נאָך אַ ייד, אונדזער שכן משה דיקערמאַן (באש), און זיי ביידע מיטגענומען מיט זיך, אין די קאַשאַרן אַריין. אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר געוואַרט מיט האַרץ־קלעמעניש. ערשט פאַרנאַכט איז דער טאַטע מיטן שכן צוריקגעקומען — גאָט צו דאַנקען, מען האָט אים בלויז „געכאַפּט אויף אַרבעט״ און נאָכן אָפּטאָן די אַרבעט אָפּגעלאָזט אַהיים.

דאָס איז געווען דער אָנהייב. צומאָרגנס — דעם צווייטן טאָג ראש השנה — האָבן די דייטשע זעלנער געהאַלטן אין איין „כאַפּן צו דער אַרבעט״. אַזוי האָט עס זיך אָנגעהויבן...

ר׳ מעכעלע אַליין האָט, באַלד נאָך דעם ווי וואַרשע איז איינגענומען געוואָרן און עס איז מעגלעך געווען אַהין צו פאָרן, זיך אַריבערגעצויגן צו משפּחה קיין וואַרשע צוזאַמען מיט זיין ווייב און איינציקן זון אהרון און מער נישט צוריקגעקומען קיין מינצק. אין אַ מלחמה — האָט ער געטענהט — איז בעסער צו זיין אין אַ גרויסער שטאָט. אַזוי האָט אים געהאָט געלערנט די דערפאַרונג פון ערשטן וועלט־קריג, ווען אַלע פון רבינס הויף זענען אַוועק קיין וואַרשע.

און אפשר האָט ער נישט געקענט אויסטראָגן דעם בזיון פון פאַרשעמטן שופר, דעם זיידנס ירושה, וואָס האָט יענעם ראש השנה פון שנת ת"ש מער נישט געבלאָזן...

### חנוכה אָן ליכטלעך...

דעם ערשטן חנוכה האָט מען קיין חנוכה־ליכטלעך נישט געצונדן. די ווייניקע וואָס האָבן אפשר פאָרט יאָ געצונדן האָבן דאָס געטאָן אין געהיים, נישט אַרויסגעשטעלט די לעכטלעך אין פענצטער אָדער ביי דער טיר לשם פרסומי ניסא. אויך די חנוכה־לאָמפּן, ירושה פון דורות, זענען יענעם חנוכה צום ערשטן מאָל געבליבן ליגן פאַרשעמטע, מ'האָט פון זיי צומאָל דעם שטויב נישט אָפּגעווישט.

דאָס שטעטל איז געלעגן פאַרקאָוועט אין אייז און פראָסט, באַדעקט מיט הויפנס שניי. אַזאַ שווערער ווינטער ווי יענער ערשטער מלחמה־ווינטער, האָבן אויך זקנים נישט געדענקט. צו דעם אַלעם האָט אינעם רוב שטובן געהערשט הונגער און קעלט, נישט געווען צו עסן און נישט געווען מיט וואָס צו הייצן די אייוועלעך...

— אַלע מענער פון זעכצן ביז זעכציק שטעלן זיך מאָרגן זיבן אינדערפרי אויפן מאַרק! —

אַזוי האָט געלויטעט דער באַפעל וואָס איז פונאַנדערגעטראָגן געוואָרן פון שטוב צו שטוב יענעם שבת חנוכה. אַ נאַכט פריער האָבן זשאַנדאַרן צוזאַמען מיט פוילישע פּאָליציאַנטן געכאַפּט פון די שטובן אַרויס עטלעכע פּני פון דער שטאָט, און זיי געבראַכט פאַרן ס.ס.־פירער, וואָס איז נאָרוואָס געהאַט אָנגעקומען און אויסגעקליבן פאַר זיין קוואַרטיר איינע פון די שענסטע הייזער. די אַלע געכאַפּטע זענען דורך אים „נאָמינירט" געוואָרן אַלס „יודן־ראַט". ווי אַזוי דאָס איז פאָרגעקומען האָט מען זיך נאָכדערציילט אין שטילן פּחד, פון מויל צו אויער. ווי עס זאָל נישט זיין — דער רוב פון די יידן זענען דערנאָך טעג געלעגן אין די בעטן מיט צעשמיסענע לייבער...

— „איר וועט אַלץ טאָן וואָס איך וועל אייך באַפעלן, ווען נישט — ווערט איר דערשאָסן!" — האָט דער צעווילדעוועטער רויט־פּרצופּדיקער, הויכער און האַלב־קיילעכדיקער ס.ס.־מאַן געשריגן אויף אַ קול און געשמיסן מיט זיין נאַהייקע איבער די צעשראָקענע פּנימער פון דעם מנין יידן. אַזוי האָט אויסגעזען די ערשטע באַגעגעניש מיטן פירער פון דער ס.ס. פון דעם גאַנצן ראַיאָן צווישן דער ווייסל און דעם בוג. „אָבערשטורמבאַנפירער בראַנדט בין איך! פרעגט אייערע גענאָסן אין שעדלעץ, וועלן זיי אייך דערציילן ווער איך בין!" — האָט ער איבערגעחזרט איינמאָל און נאָכאַמאָל, הגם אין דער אמתן איז דער שרעק־נאָמען שוין געווען באַקאַנט. אַלע האָבן מיר שוין געהאַט געהערט וועגן זיינע אכזריותן. אַ פּאָר טעג פריער האָט ער געהאַט אָנגעפירט מיט דער פאַרברענונג פון דער גרויסער שול אין שעדלעץ, אַ שריפה בעת וועלכער עס זענען אויך לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן עטלעכע אָנגעזעענע יידן פון שטאָט.

— אַלע מאַרגן אינדערפרי אויפן מאַרק! — דער־אָ באַפעל האָט ווי מיט אײַזערנע האַמערס געקלאַפּט אין די שלייפן, און די הערצער בײַ אַלעמען האָבן געפּיבערט מיט שרעק און אומרו: ווי קומט מען שוין איבער דעם זונטיק!

די ראשי הקהל זענען אַרומגעלאָפן פון שטוב צו שטוב. זיי האָבן זיך געבעטן און געוואָרנט אַלע זאָלן דעם באַפעל אויספירן פּינקטלעך, אויב מען וויל נישט חלילה שטעלן אין סכנה דאָס לעבן פון דער גאַנצער קהילה.

— יידן, האָט רחמנות, קיינער זאָל למען השם נישט אַרויסדרייען זיך פון דער פליכט!

אַנדערע האָבן אפילו געפּרווווט באַרואיקן:

— ס׳האַנדלט זיך בלויז אין אַרבעט. בראַנדט וויל בלויז מען זאָל אָפּרייניקן דעם פּלאַץ פונעם מאַרק. קיין סימן פון שניי זאָל דאָרט נישט בלייבן און מען זאָל אַרויסזען אַלע שטיינער. צען אַזייגער וועט ער אַליין אַראָפּקומען זען צי דער מאַרק איז ריין פון שניי. אויב דער פּלאַץ וועט זיין אָפּגערייניקט ווי ס׳געהער צו זיין, וועט קיין שום שלעכטס נישט פּאַסירן...



אַ גרופּע יוגנט אין די ערשטע מלחמה־יאָרן בײַ ראָכמאַנען אין דער וווינונג: עס זיצן פון רעכטס: א. שעדלעצקי, מרים ראָכמאַן, לייב ראָכמאַן, קלמן ראָזנבערג, סאַראַקאַ (אַ פּליט), קלמן אייזנבערג, יאנקל שיפּמאַן; עס שטייען: יחיאל לאַנדאו, ישראל אהרון פרוימאַן, זיסמאַן און הערשל טענענבוים



פּליטים־יוגנט פון דער פרעמד; לינקס — מאיר ביר פון קאַליש, געווען מיט מיר אין טראַקי־מחנה ערב דעם מלחמה־אויסברוך

ווי אַזוי קען מען אָבער אָפּרייניקן אַזאַ פּלאַץ פון שניי, בעת אַלץ איז פאַרפרוירן, בעת דער פראָסט ברענט אונטער די נעגל?

אויף דער פראַגע האָט קיינער קיין קלאָרן ענטפער נישט געקענט געבן.

קהל־לייט האָבן אַ גאַנצן שבת געפּרוּווט מסביר זיין, אַז דער מיין איז אוודאי בלויז אויסצופּרוּוון, מען זאָל פּאָלגן זיינע באַפעלן, בראַנדטס. מען האָט אָבער דערביי אויך אָנגעהויבן זאַמלען געלט און טייערע חפצים. אפשר — מיט אַ מתנה וועט אפשר מעגלעך זיין דעם אכזר ווייכער צו מאַכן, ער זאָל נישט דאָ, אין דער שטאָט וואָס ער האָט איצט אויסגעקליבן פאַר זיין רעזידענץ צוליב דער נאָענטקייט צו וואַרשע, ער זאָל דאָ נישט איבערחזרן זיינע רציחות פון שעדלעץ, ביאַלע, לוקאָוו, מעזריטש, — שטעט וואָס זענען אין יענע טעג איבערגעגאַנגען פון דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג צו דער ציווילער, עס הייסט אין רשות פון ס. ס. און געסטאַפּאָ...



נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט האָט אינדרויסן אָנגעהויבן גראָען, בעת מיר אַלע זענען שוין געווען גרייט צו דער אַרבעט. פאַר זיבן אַזייגער איז אָבער געווען פאַרבאָטן אַרויסצוגיין, האָבן מיר געוואַרט אַ ביסל. אויך אויף מיר, דעם 17־יעריקן בחורל איז דאָ חל געווען דער באַפעל. דער טאַטע זוכט אויס כלים אין קאַמער: צוויי לאָפּאַטעס. איינע איז פאַר מיר, זיין בן־יחיד. נאָך אַ קוק אויפן זייגער: מען מעג שוין אַרויסגיין.

ביי מיר קלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן — פון דער פראָסטיקער קעלט, וואָס נעמט אונדז אַרויס אין דרויסן אָדער אפשר גאָר פון גרויס פחד? ערגעץ ווו אויפן שטערן מיינעם פרירט אַ טרער, וואָס די מאַמע האָט געלאָזט פאַלן ביים געבן מיר אַ קוש ווען איך בין שוין געשטאַנען אין דער אָפענער טיר. איך גיי מיטן טאַטן ביי דער האַנט — נישט ווי חנוכה וואָלט היינט געווען אויף דער וועלט נאָר דער יום־הדין, אַזאַ האַרבער יום־הדין...

אין געציילטע מינוטן ווערט דער מאַרק פול מיט יידן. די אַרבעט הייבט זיך גלייך אָן. יעדער איינער פילט אחריות. מען קערט דעם שניי, מען רייסט די שטיקער אייז פון צווישן די שטיינער פונעם ברוק. קוים באַוויזן אָנצוהויבן די אַרבעט — און ווי צו להכעיס הייבט אָן פאַלן אַ געדיכטער שניי, געמישט מיט ווינט און פראָסט.

„וואָס טוט מען?" — פרעגן מענטשן און מען קוקט צום הימל מיט געבעט און מורא. אָט קוים באַוויזן אַביסל אָפּצורייניקן דעם שטח, און שוין ליגן ווידער גאַנצע הויפנס שניי. אַ מאָדנער וואַנזיניקער געוועט גייט דאָ אָן צווישן אַן עדה יידן און דעם הימל, וועלכער הערט נישט אויף צו שיטן מיט שניי... ווער וועמען וועט גובר זיין? וועלכער טייוול האָט דאָס אויסגעטראַכט אַזאַ משר־געָנעם פאַרמעסט? — — —

צען אַזייגער (דייטשע פּינקטלעכקייט!) איז בראַנדט פאַרפאָרן מיט זיין אויטאָ און איז אויסגעשטיגן מיט זיין סוויטע ביים קאַשטשאַל, אויף יענער זייט מאַרק, און פונדערווייטנס אָבסערווירט דעם ספּעקטאַקל פון הונדערטער יידן אַריבערגעבויגענע איבער דער ערד, וואָס זוכן צו „פאַרניכטן" דעם שניי וואָס הערט נישט אויף צו פאַלן... די אָנפירער פון „יודען־ראט" קומען אים

אַנטקעגן. אַ הילכיק געלעכטער „באַגריסט” זיי צוזאַמען מיט שמיץ פון זיין נאַהייקע, בלויז עטלעכע שמיץ און נישט מער, פון צופרידנקייט זעט אויס. נאָך אַ ווייל און ער זיצט צוריק אין זיין אויטאָ; דער ווינט, דער פראָסט, דער שניי פאַריאָגט אים צוריק אין זיין וואַרעמער רעזידענץ אַריין...

„ער איז שוין אַוועק!” — צעטראָגט זיך די ידיעה ווי אַ בשורה איבערן גאַנצן מאַרק. מען גלייכט צום ערשטן מאָל אויס דעם רוקן. אויך דער הימל לייטערט זיך אַביסל אויס, ער איז מער נישט אַזוי פאַרכמאַרעט ווי דעם גאַנצן פרימאָרגן. מען ניכטערט זיך אויס פונעם קאָשמאַר. „אַ נס חנוכה!” — זאָגן יידן. ערשט שפּעטער איז מען אָבער געוואויר געוואָרן, אַז באַלד אין דער פרי האָבן די ראשי קהל אַוועקגעפירט צו בראַנדטן אַ וואָגן אָנגעלאָדן מיט גוטס: אַ גאַנצן זאַק פון דרייסיק קילאָ גוטע פאַרמלחמהדיקע באָנע־קאַפע, זייף, בראָנפן, ליקערן, טרוקענע טיי... דאָס זענען געווען די לעצטע רעזערוון פון די שפּייז־געשעפטן.

### די באָבע שטאַרבט...

דער ווינטער פון יאָר ת״ש, דער ערשטער מלחמה־ווינטער אין פּוילן ביים דייטש, איז געווען אַ שווערער ווינטער מיט בייזע פרעסט, טיפע שניייען, נויט. אויך זקנים האָבן נישט געדענקט אַזעלכע שטאַרקע קעלטן, אַזאַ לאַנג־דויערנדיקן ווינטער. דער פּורים איז שוין געהאַט אַדורך, מען האָט שוין געבענטשט ראש חודש ניסן, דער דרויסן האָט אָבער אויסגעזען ווי חנוכה־צייט. דאָס שטעטל איז נאָך אַלץ געווען פאַרקאַוועט אין פראָסטיקן אייז, געהילט אין אַ דיקן שניי־צודעק. דאָס טייכל אינמיטן האָט אויסגעזען ווי אויף אייביק פאַרפרוירן. אויך די נאַטור האָט אַפּנים געמאַכט יד־אחת מיטן צעווילדעוועטן דייטשן מחבל, וואָס האָט אַלץ מער פאַרצויגן די קלעם איבער אונדז מיט נייע גזירות און פּורעניותן. יידן האָבן אָבער נישט פאַרלוירן דעם בטחון. אין יענעם ערשטן מלחמה־יאָר האָט מען זיך נאָך געגאַרט מיט דער אילוזיע, אַז עס איז בלויז אַ פראַגע פון געציילטע חדשים, אַז דער קאָשמאַר וועט אַדורך צוזאַמען מיטן ווינטער, און מיטן שפּראָץ פון פרילינג וועט זיך אָנהייבן די גרויסע אָפענסיווע פון מערב, און אויך פּוילן וועט כהרף עין באַפרייט ווערן.

— איך וועל דאָס אָבער, קינדערלעך, שוין נישט דערלעבן... — האָט זיך אָנגערופן די באָבע, ווען זי האָט געהערט ווי איך לייען פאַר די שטוב־מענטשן די נייעס פון דער איינציקער צייטונג אין פּויליש, באַגלייט מיט מיינע אייגענע פּירושים, געשעפּט פון דער „אַגענטור” ייווו״א (ראשי תיבות: יידן ווילן אַזוי), „קאָמענטאַרן” מיט איין אויספיר: דער דייטש ליגט טיף אין דער אדמה, היטלערס סוף איז נאָענט. עס וועט לאַנג נישט דויערן, און ער וועט האָבן המנס מפּלה. לאָמיר נאָר דערלעבן דעם פרילינג. דעם פּעסימיזם אירן האָט די באָבע אויסגעדריקט פון איר קראַנקן־בעט, וואָס איז געשטאַנען צוגערוקט נאָענט פונעם קאַפּלאָוואַנעם אויוון, וואָס איז געווען געהייצט מיטן לעצטן ביסל האָלץ און קוילן, וואָס מיר האָבן נאָך פאַרמאָגט.

שוין אַ פּאָר טעג ווי די באָבע ליגט קראַנק. דאָס חיות גייט איר אויס. דער

דאָקטער גרינבערג, דער איינציקער יידישער רופא וואָס איז אין דער מלחמה צוגעשיקט געוואָרן אין שטעטל ווי מן השמים (ער איז געווען אַ פּליט פון די אַנגעשלאָסענע געביטן צום רייך), ער איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעלאָפן פון איין קראַנקן צום צווייטן, ביז ער איז אַריינגעפאַלן צו אונדז אין איינעם אַ פאַר־נאַכט, צו באַטראַכטן די באָבען. ער האָט אָבער אפילו קיין רפואה נישט פאַר־שריבן. „איך געפין נישט קיין שום מחלה. זי איז פשוט פארשלאָפּט... איר ווייסט — די עלטער...״ — האָט ד״ר גרינבערג געזאָגט ביים שמועסן ־ערנאָך מיטן טאַטן, און קלאָגן זיך אויפן מצב אין שטעטל: אַזוי פיל קראַנקע און נישטאָ מיט וואָס די מענטשן צו היילן. עס פעלן רפואות. די גוֹאישע אַפּטייקערס זענען שונאי ישראל. זיי ווילן נישט פאַרקויפן יידן קיין מעדיקאַמענטן סיידן פאַר איבערגעטריבענע פרייזן. דאָס רעדט ער צום טאַטן ווי צום אַמאָליקן פּרעזעס פון דער חברה „לינת הצדק״, וואָס האָט אַלע יאָרן געטענהט, אַז אַ שטאָט יידן



מ׳פייניקט יידן... — ספּעקטאַקל וואָס די דייטשן האָבן צוגעגרייט אין מאַרק (אויפן רינעק) פאַרן פוילישן פובליקום אין אַ מאַרק־טאָג

טאָר נישט זיין אויסגעשטעלט בלויז אויף גויאישע אַפּטייקערס און גויאישע דאָקטוירים. ווען דער דייטש איז אַריין, האָט דער טאַטע זיך אָבער צוריק־געצויגן פון יעדער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער האָט מורא געהאַט פאַרן דייטש אימת מוות. ער האָט זיי נאָך געקענט פון ערשטן קריג, הגם דעמאָלט זענען זיי געווען „גוטע״. ביים ערשטן קריג איז ער אין װאָלאַדאַווע געווען יידישער וויצע פונעם בירגערמייסטער, וואָס איז געווען אַ דייטש. דער טאַטע האָט געהאַלטן, אַז ווער עס קען דאַרף אַוועק וווהין די אויגן טראָגן אים. אויך ער אַליין וואָלט אַוועק, געגנוי ווי דאָס האָבן בעיקר געטאָן אַ סך יוגנטלעכע, אויף מזרח. מיט אַזאַ גרויסער פאַמיליע ווי זיינע איז אָבער שווער געווען

צו רירן זיך פון אָרט, באַזונדערס מחמת דער אַלטיטשקער באָבען. בלויז מיין שוועסטער פרימעט איז אַוועק צו די רוסן, אויף יענער זייט בוג, צוזאַמען מיט אברהם סלאָדזשאַרזש.

די גאַנצע צייט זינט דעם מלחמה־אויסברוך האָט די באָבע זיך גוט גע־האַלטן, נישט געקוקט אויף איר טיפן עלטער. זי פלעגט טענהן, אַז זי דערנענ־טערט זיך צו די אַכציקער, כאָטש עס איז געווען אַ קוק צו טאָן אין „מעלדונקאַוון בוך", כדי צו זען אַז זי איז שוין היבש אַריבער די שמונים. די באָבע האָט אַלעמאָל געגלויבט באמונה שלימה, אַז זי וועט דערגרייכן אריכות ימים, מיט גאָטס הילף. דאָס האָט איר צוגעזאָגט דער הייליקער רבי אַליין נאָך ווען דער זיידע, ר' אפרים משמש, איז באַלד נאָכן ערשטן וועלט־קריג פריצייטיק אַוועק פון דער וועלט, קוים אין די ערשטע פופציקער יאָרן פון זיין לעבן. „חיה־רבקה, איך בין בטוח אַז איר וועט האָבן אריכות ימים, און דערלעבן צו זען אַ סך אייניקלעך און אור־אייניקלעך פון אייערע קינדער" — האָט דער נאַוואָמינסקער רבי, ר' אלתר־ישראל־שמעון, איר געזאָגט ווען ער אַליין האָט זיך מטריח געווען און געקומען זי מנחם אבל זיין. אַלע יאָרן האָט זי געגלויבט און געווען שטאָלץ מיט אָט דער הבטחה פון דעם רבין. אין יענעם שווערן ווינטער, דעם ערשטן ווינטער פון דער נייער וועלט־מלחמה, וואָס איז געווען פול מיט גזירות רעות אויף יידן, איז אָבער די באָבע אַריין אין צווייפל צי דער צוזאָג פון רבין איז פאַר איר טאַקע אַזאַ ברכה...



מינסקער ציוניסטישע יוגנט אין געטאָ — פון לינקס: ריבאַוויטש מיט זיין כלה שפרינצע הילדערבראַנד, יודל ציליך מיט אַ חברטע, אשר ריבאַוויטש מיט אַ חברטע

די לעצטע וואָכן איז די באָבע באַזונדערס געווען באַזאָרגט צוליב די ידיעות וועגן איר יונגן זון, דעם פעטער ברוך מיט זיין ווייב און קינדער. דער פעטער ברוך האָט געוווינט אין פיאַסעטשנאָ, אויף יענער זייט ווייסל. שוין אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1940 זענען די יידן פון כמעט אַלע קליינע שטעטלעך פון יענער זייט ווייסל אַריינגעטריבן געוואָרן קיין וואַרשע, וווּ די

דייטשן האָבן שוין געגרייט אויפצושטעלן ס׳געטאָ. אין גרויסן אָפּגעשלאָסענעם יידישן וואַרשע האָבן די מגורשים געליטן הונגער, פּיין, געוועזן נע־ונד. נאָכן אַרומוואַלגערן זיך עטלעכע וואָכן אין וואַרשע ווי אַ פּליט האָט דער פעטער ברוך אָנגעהויבן אונדז אַלאַרמירן אין בריוו: „דאָ אין וואַרשע זענען מיר פאַר־משפּט אויף טויט, ראַטעוועט אונדז אַרויס פון דאַנען!״. די באָבע האָט קיין רו נישט געהאַט. זי האָט אירע לעצטע זאַכן אויספאַרקויפט, געליען געלט ביי מענטשן און אָוועקגעשיקט אַ גוי, אַ „מאַכער״, קיין וואַרשע צו ברענגען דעם פעטער ברוך מיט זיין משפחה צו אונדז קיין מינסק, ווו דער מצב איז דעמאָלט, אין פאַרגלייך מיט וואַרשע, געווען אַ גן־עדן...

אין סאַמע מיטן פון אומגעדולדיקן אָפּוואַרטן דאָס אָנקומען פון פעטער ברוכס משפחה איז די באָבע פאַרשלאָפן געוואָרן, נישט געקענט אַראָפּ פון בעט און מער נישט אויפגעשטאַנען. דאָנערשטיק פאַרנאַכט האָב איך נאָך גערעדט מיט דער באָבען. „ברוכס קינדער זענען שוין געקומען?״ — די אַ איינציקע פראַגע וואָס זי האָט מיר געשטעלט איז געווען ווי פון אַ טיפן שלאָף, ווי שוין נישט פון דער וועלט. מידע האָבן מיר, קינדער, יענעם אָוונט זיך געלייגט שלאָפן. נאָך חצות האָט אונדז אויפגעוועקט אַ שטיל פאַרשטיקט כליפּען פון דער מאַמען:

— די באָבע איז געשטאָרבן!...

פאַרטאָג, נאָך איידער עס זענען געקומען די חברה־קדישא־ווייבער, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין לאָדן. דער טאַטע האָט געעפנט די טיר און אין שטוב האָבן זיך אַריינגעלאָזט די קינדער פון פעטער ברוך צוזאַמען מיט דער מומען. אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי זיך געשלעפּט אין אַ פּלאַטפאָרמע־וואָגן מיט פאַר־לאָדענע סחורות וואָס דער גוי, דער „מאַכער״, האָט געפירט מיט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון וואַרשע און בשלום איבערגעקומען אַלע דייטשע וואַכן.

חוץ דעם פעטער ברוך אַליין, וואָס איז געהאַט אַריינגעפאַלן אין אַ „קוואַראַטאַנע״ (צוליב אַנטדעקן אַ פאַל מיט אַ טיפוס־קראַנקן האָט מען אָפּגעשלאָסן דעם גאַנצן הויף איינוווינער אויף צוויי וואָכן איזאָלאַציע), האָבן אַלע, די גאַנצע משפחה, נאָך באַוויזן אָנצוקומען צו דער באָבעס לוויה, פרייטיק ז׳ ניסן.

נאָך פאַרן סוף פון דער שבעה איז אויך דער פעטער ברוך געקומען: דער סדר צום ערשטן מאָל אונטערן דייטש האָבן מיר געפראַוועט ביי איין טיש, אָבער שטיל אָן דעם יום־טובדיקן פראַכט פון אַמאָל. מצות זענען יענעם פּסח געווען, פון די פּעקלעך מצות וואָס דער „דזשאָינט״ האָט געשיקט פאַר פּוילישע יידן דורך האָלאַנד (אַמעריקע איז נאָך דעמאָלט נישט אַריין אין קריג). ערגער איז געווען מיט וויין אויף ארבע כוסות.

ביים אַריינברענגען אין געאייל דעם פּסח אין שטוב האָט די מאַמע אַנט־דעקט אין באָבעס קרעדענץ אַ ווילדע מציאה: כמעט אַ האַלבע פלאַש כרמל־וויין. די באָבע פלעגט אויף יעדן פּסח באַקומען אַזאַ פלאַש וויין, צוגעשיקט פון רבין אין וואַרשע. אַ האַלבע פלאַש וויין פלעגט מען פאַרנוצן צו דער ערשטער סדר־נאַכט און דאָס איבעריקע איבערלאָזן אויף אַ רפואה פאַר דער

באָבען. „דאָס איז בעסער ווי דער בעסטער רעצעפּט" — פלעגט די באָבע טענהן, ווען זי האָט זיך געפילט שוואַך און געדאַרפט מיט עפּעס דערכאַפּן זיך דאָס האַרץ. די באָבע האָט דעם גאַנצן ווינטער נישט גענוצט דעם וויין. זי האָט געוווּסט, אַז אין דער מלחמה וועט אוודאי נישט זיין קיין כרמל־וויין, און זי האָט דאָס האַלב־אויסגעליידיקטע פלעשל די גאַנצע צייט אויפגעהיטן צום סדר אויף פּסח...

דער טאַטע האָט טרויעריק און שטיל געמאַכט קידוש איבערן אויפגעהי־טענעם כרמל־וויין ביי פאַרמאַכטע טירן, ווי מאַראַנען אַמאָל. עס האָט נאָך אויך געסטייעט אַביסל וויין אויסצומישן מיט געקאָכט פאַרזיסט וואַסער, וואָס די מאַמע האָט צוגעפּראַוועט, עס זאָל כאָטש האָבן אַ שטיקל קאָליר פון וויין... מיר האָבן געטרונקען ארבע כוסות אויף וועלכע מען האָט נישט געטאָרט מאַכן קיין „בורא פּרי הגפן". בלויז טראָפּנס פון וויין זענען געווען אין יענע כוסות — וויין פון דער באָבעס ירושה...

**די עקידה...**

אַ סך גרויסע משפּחות זענען געווען אין שטאָט. משפּחות, פאַרצווייגטע — שבטים גאַנצע: טאַטעס מיט זין, טעכטער, איידעמס און אייניקלעך. זיידעס, פעטערס, קוזינען און מחותנים. שני שבשנים און שני שבשלישים, וואָס האָבן זיך צעצווייגט און פאַרצווייגט, אַ סך מאָל אויך אין דער סביבה אַרום.

צו אָט די צעצווייגטע משפּחות האָבן אויך געהערט די שעקערקעס. אַז מ'האָט דערמאָנט דעם נאָמען אַליין איז שווער געווען צו וויסן געניי וועמען מען מיינט. מען האָט געמוזט צוגעבן וועלכן פון זיי מען האָט אין זינען — די פון רבינס גאַס, אָדער די פון דער קאָליע־גאַס, די פון דער מאַסטאָווע אָדער פון דער וואַרשעווער גאַס. און נישט בלויז אין גאַסן האָבן זיי זיך געטיילט נאָר אויך לויטן שטאַנד — אויף סוחרים און בעלי־מלאכות, אויף קרעמערס און האַרעפּאַשניקעס. פון אַלע סאָרטן יידן האָט מען געפונען ביי אָט דער משפּחה. וואָס עס האָט אָבער זיי צום מיינסטן כאַראַקטעריזירט איז געווען דאָס האַלטן זיך צוזאַמען, די אחריות און איבערגעגעבנקייט פון איינעם צום אַנדערן.

איינער פון זיי איז געווען דער אַלטער ר' שמואל, וואָס האָט געהאַט דאָס פאַבריקל פון סאָדע־וואַסער אויף יענער זייט טייכל, אויף די זאַמדן, ביי דער בריק־גאַס, די מאַסטאָווע. אין שכנות פון דעם פאַבריקל האָט זיך געפונען דאָס חדר פון ר' ישראל־דודן, מיין ערשטן מלמד. שוין ווען כ'בין געגאַנגען אינעם דאָזיקן חדר, האָט דאָס פאַבריקל מיט די מאַשינען, געפעסן, קאָלירטע סיפאָנען און פלאַשן, מיך פאַראינטערעגירט ביז גאָר. אַ ביסל שפּעטער האָט ר' שמואל אין זיין פאַרמאַכטן הויף געגראָבן אַ ברונעם וואַסער, וואָס האָט געשמט פאַרן בעסטן וואַסער אין שטאָט, אַזאַ „ווייך" וואַסער איז זעלטן ווו בנימצא. האָבן באַלעבאָסטעס געטענהט. פּסח פלעגן אויך מיר נוצן דאָס וואַסער, הגם מיר האָבן געהאַט ברונעמער אַ סך נאָענטער צו אונדזער הויז און צו ר' שמואלן אויף יענער זייט בריק איז געווען אַ היבש שטיקל וועג. אין ר' שמואלס ברונעם איז נישט געווען קיין חשש, אַז שקצים האָבן דאָרט אַריינגעוואָרפן שטיקער

חמץ, ווי זיי האָבן דאָס להכעיס געטאָן מיט די אַנדערע ברונעמער, וואָס האָבן זיך געפונען אויף די פרייע פלעצער, אָדער אָפענע הייף...

ר׳ שמואל אַליין איז געווען אַן אלמן. מיט אים אין הויז האָט געוווינט זיין טאָכטער, וואָס האָט געהייראָט מיט קלמן סאַדאָווסקי, נישט קיין הויכער אָבער אַ געזונטער און פעסטער מיט אַ פעך־שוואַרץ בערדל און רויטע געזונטע באַקן. הגם דער איידעם זיינער האָט געאַרבעט און געהאָלפן אים אין פאַבריקל, איז דאָס אָבער ביי אים נישט געווען די איינציקע פרנסה. ער האָט צוביסלעך אויך צוגעהאַנדלט מיט תבואה, געגנד ווי זיין עלטסטער ברודער, אברהם־איטשע.

ווי אין רוב הייזער ביי די שעקערקעס האָט אויך דאָ געהערשט אַ זעלטענע שלום־בית־אידיליע. איין זאַך האָט אָבער פאַרטונקלט דאָס לעבן דאָ — דער פאַקט, וואָס ר׳ שמואל טאָכטער, נישט געקוקט דערויף וואָס עס זענען שוין געווען פאַרביי אַ היבשע פאָר יאָר נאָך דער חתונה, האָט נאָך אַלץ נישט געבוירן קיין קינד.

דאָס איז גאָרנישט געווען קיין נאָרמאַלע זאַך אין שטעטל. אוודאי נישט ביי די שעקערקעס, וואָס אַלע זענען זיי געווען געבענטשט מיט אַ סך קינדערלעך אין די שטובן...

סיי ר׳ שמואל, סיי זיין איידעם זענען געווען שטענדיקע מתפללים אין אונדזער חסידים־שטיבל. איז מען נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. מען האָט מרעיש עולמות געווען, וועלטן איינגעריסן... מזכיר־געווען ביים רבין אין וואַרשע און יעדעס מאָל ווען ער איז געקומען אין שטעטל אויף קבר אבות, ער זאָל לעבן זאָל זיך מיען, גאָט זאָל עפענען די טראַכט פון דער יונגער אשה הצנועה מרת שרה...

די גאַנצע משפחה, דאָס גאַנצע שטיבל — אַלע זענען געווען איבערגענומען מיט דער טראַגעדיע פון דער שטילער בכבודיקער משפחה. דאָס האָט מען באַזונדערס געקענט זען בעתן אויספאַרקויף פון די עליות אינעם ערשטן טאָג ראש־השנה. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז מפטיר פון ערשטן טאָג ראש־השנה וואָס דערציילט וועגן חנהן אין שילה, וואָס האָט אויסגעבעטן דאָס געבוירן פון שמואל הנביא, געהערט נישט צו עמעצן אַנדערש ווי צו קלמנען, הגם דעם ערשטן טאָג יום־טוב האָט מען קיין יונגעלייט קיין עליות נישט געטיילט... געזאָגט האָט מען, אַז דאָס איז איינע פון די סגולות, וואָס עס האָט געגעבן דער רבי, שוין ביים אָנהויבן דאָס לייענען די יום־טובדיקע פרשה, האָט דאָס גאַנצע בית־מדרש געהאַט אין זינען ר׳ שמואלן מיט זיין איידעם און טאָכטער, תפילה געטאָן גאָט זאָל זיי מזכה־זיין מיט אַ קינד, אַזוי באַלד ווי עס האָט זיך דער־הערט דער ערשטער פסוק פון דער פרשה:

— וד׳ פקד את שרה כאשר אמר...

אַ צווייטע סגולה טובה איז געווען שמחת תורה. ביים אויפרופן כל הנערים צום ספר, איז קלמן געווען דער, וואָס האָט אונדז אַלע יינגלעך אַרונטערגענומען אונטער זיין טלית און געמאַכט מיט אונדז די ברכה... ער האָט דאָס געטאָן מיט פריידיקער צאַפּלעניש, הגם די ווייסע חברהניקעס פלעגן, ווי דער שטיי־גער, אים דערביי נישט שפּאָרן קיין שפּילקעס...

אַזוי האָט זיך געצויגן אַ היבשע צייט נאָכאַנאַנד, כמעט אַלע מיינע קינדער־יאָרן און פריע יוגנט, אַזוי לאַנג ביז די תפילה פון אַן עדה יידן איז לסוף דערגאַנגען צו די שערי רחמים און אויסגעפועלט. ר׳ קלמנס ווייב איז פאַרגאַנגען אין טראָגן און מיט מזל געבוירן אַ בן־יחיד...

די שמחה איז געווען פון דער גאַנצער שטאָט. אַלע האָבן אין דעם געזען אַן אצבע אלוקים.

דאָס קינד איז אונטערגעוואקסן. אַ געראָטן קינד געווען, אַזוי, אַז די עלטערן און אויך דער זיידע האָט געקענט זאָגן אויף אים, געגנוי ווי חנה אין שילה:

— אל הנער הזה התפללתי...



די מלחמה איז אויסגעבראָכן. אין דער נאַכט פון ערב ראש־השנה, אַ נאַכט פאַרן אַריינקומען פונעם דייטש, איז די שטאָט באַשאָסן געוואָרן. גאַסן גאַנצע זענען אַוועק אין פייער און רויך. אויך זילבערשטיינס האָלץ־סקלאַד, וואָס האָט געגרענעצט מיט ר׳ שמואלס הויז, איז אַוועק מיטן פייער. ערשט ביי ר׳ שמואלס סאָדע־פאַבריקל האָט דאָס פייער זיך פאַרהאַלטן. קען זיין אַז דאָס איז געווען אַדאַנק דעם שפע וואַסער פון ברונעם, מיט וועלכן מען האָט גע־לאָשן די שריפה. די מלחמה קעגן די יידן, וואָס די דייטשן ימח־שמם האָבן אָנגעהויבן נאָכן פאַרנעמען פוילן, האָט אָבער קיין שום וואַסער נישט געקענט איינשטילן. אויך דאָס אויסגעבעטענע יצחקל איז אַוועק צו דער עקידה — אין איין אָפּפער מיט טאַטע־מאַמע און מיט דער גאַנצער שטאָט יידן און מיט אַלע זייערע אויסגעחלומטע, אויסגעהאָדעוועטע, צאַרטע קינדערלעך. קיין שום מלאך מן השמים האָט נישט געקענט זאָגן דעם משחית „אל תשלח ידך״...

דאָס איז געווען אין טאָג פון דער „אַקציע״, ווען די גאַנצע עדה איז אַרויסגעפירט געוואָרן אין די וואַגאָנען אויף טויט קיין טרעבלינקע. געבליבן אין שטאָט זענען בלויז עטלעכע הונדערט יונגע אַרבעטער ביי דער ווערמאַכט. אַ טאָג פון פריער האָבן מיר אַלע דעמאָלט איבערגעלעבט אין די קאַשאַרן ביי דער אַרבעט. אַלע ווייל זענען פרישע טייוולאַנישע שליחים פון ס. ס. געקומען פאַרלאַנגען ביים מיליטער אונדז אַרויסצוגעבן, אַזוי ביז די מיליטערישע פאַר־וואַלטונג האָט קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן, ווייל זיי דאַרפן די אַרבעטער פאַרן מלחמה־אָנשטרענג. ווען מיר האָבן יענעם טאָג געענדיקט די אַרבעט און עס איז געקומען די צייט „צו גיין אַהיים״ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אונדזער היים איז שוין נישטאָ, נישטאָ צו וועמען צו גיין, און די הייזער זענען צערויבט און אויסגעליידיקט. דאָס מיליטער האָט פאַר אונדז צוגעגרייט אַ לאַגער, אימפּראָוויזירט אין דער גיך, אויפן שטח פון דער אַמאָליקער „קאָפּערניק־שול״ ביים ראַנד פון דער שטאָט. אונטער אַ שווערער וואַך האָט מען אונדז אַריבערגעפירט אַהין, איבער גאַסן פול מיט קאַלוזשעס בלוט און צעשאָסענע און צעממיתטע יידן — מענער, פרויען און קינדער. דאָס זענען

בעיקר געווען אַזעלכע, וואָס מען האָט געפונען זיך אויסבאַהאַלטן, אָדער אַזעלכע וואָס האָבן געוואָלט אַנטלויפן פון די הענט פון די זשאַנדאַרן און פוילישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן געבישטערט און געזוכט אין אַלע קעלערס און באַ־העלטענישן. פון די קאַשאַרן אויף דער קאָליע־גאַס זענען מיר אַדורך די „פּיאַסקעס", און פון דאָרט זענען מיר אַרויסגעקומען אויף דער בריק־גאַס, אַריבער די בריק און דאָס „בערגל", און פון דאָרט זענען מיר אָנגעקומען צום „קאָפּערניק".

אויפן וועג, אינעם זאַמד ביי ר' שמואלס סאָדע־פּאַבריקל זענען געלעגן אין איין קנויל עטלעכע צעשאָסענע גופים. עס איז לייכט געווען זיי צו דער־קענען. דאָס זענען געווען די גופים פון קלמן סאַדאָווסקי, זיין ווייב און איינ־ציק יינגעלע...

שפּעטער האָבן אונדז די גויאישע שכנים דערציילט: אַ גאַנצן טאָג האָט קלמן מיט ווייב און קינד זיך אויסבאַהאַלטן אינעם קעלער פונעם פאַבריקל. עטלעכע מאָל האָט מען זיי דאָרט געזוכט און נישט געפונען. לסוף האָט זיי אַפּנים עמעצער געמסרט. דערמאַטערטע, דאַרשטיקע פון דער אלול־חמימה, האָט מען זיי לסוף געפונען, און אָנגעהויבן טרייבן צום מאַרק. דער ס.ס.־מאַן האָט אָבער נישט געקענט פאַרטראָגן, וואָס די מאַמע וויל זיך נישט שיידן מיט איר איינציק יינגעלע, וואָס זי לאָזט עס נישט אַרויס פון אירע אָרעמס, און אַלע דריי אָוועקגעלייגט מיט איין ביקסן־זאַלב — ר' קלמן, זיין ווייב און אַזוי זייער אויסגעחלומט בן־יחידל...

### לעצטער „כל־נדרי"...

דער טאָג איז נישט געווען אַנדערש ווי אַלע אַנדערע טעג אין „קאָפּער־ניק"־לאַגער. דאָס איז געווען ערב יום־כיפור תש"ג, — עס זענען קוים געהאַט אַדורך שלושים, נאָך דעם ווי די גאַנצע שטאָט יידן איז אַרויסגעפירט געוואָרן אין פאַרהאַקטע וואַגאָנען קיין טרעבלינקע. בלויז עטלעכע הונדערט זענען מיר געבליבן אין שטאָט, צעשפּרייט אין דריי „פּלאַצוווקעס", אויף אַרבעט ביי די דייטשן. דער גרעסטער פון זיי איז געווען דער אַרבעטס־לאַגער אין דער גרויסער דריי־שטאָקיקער געביידע פון רויטע ציגל, וווּ עס האָט זיך אַמאָל געפונען די גויאישע „שקאָלע" א.נ. פון קאָפּערניק, דער זעלבער לאַגער וואָס איז עטלעכע חדשים שפּעטער פאַרברענט געוואָרן.

דאָס פאַרברענען דעם „קאָפּערניק" איז פאָרגעקומען דעם 10טן יאַנואַר 1943. אין די ימים נוראים־טעג פון נייעם יאָר תש"ג זענען נאָך אָבער געווען אילוזיעס, געשאַפענע דורך די דייטשן, אַז די אַרבעטנדיקע יידן וועלן בלייבן לעבן. די פערפידע פּאָליטיק איז געווען צו איבערצייגן יידן, אַז די מאַכט נוי־טיקט זיך אינעם שווייס פון יידישע אַרבעטער. באין ברירה האָט מען געגלייבט אין דעם, בפרט, אַז אין די אַנדערע קליינע געטאָס פונעם „פּאָוויאַט", זענען יידן נאָך געזעסן אין זייערע הייזער (זייער גירוש איז פאָרגעקומען ערשט ערב סוכות).

דאָס לעבן אינעם „קאָפּערניק"־לאַגער איז אָבער די גאַנצע צייט נישט

געוועזן רואיק. יעדער מאָרגן האָט געבראַכט פרישע זאָרגן, נייע צרות האָבן גיך געמאַכט פאַרגעסן די אַלטע. דערצו זענען צו אונדז כסדר דערגאַנגען נייע איוב־בשורות. יעדן טאָג האָט מען געהערט וועגן דערשיסונגען פון יידן וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין טאָג פון דער „אַקציע" און איצט האָבן זיי גויים אויסגעפינען אין די וועלדער און דערפער, האָבן זיך מיטבאַטייליקט אינעם „יאַגד"... מיר האָבן יעדן טאָג געהערט נעמען, נעמען פון נאָענטע, באַקאַנטע, וואָס זענען דאָ און דאָרט דערשאָסן געוואָרן — נישט געוועזן אָבער קיין צייט צו באַוויינען די טויטע, ווען דער טויט האָט נישט אויפגעהערט צו לויערן אויף די, וואָס האָבן נאָך געלעבט, אויף אונדז אַלע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איין ראַנגלען מיט יעדן טאָג לעבן, פאַר אַ שטיקל ברויט, און דער עיקר צו זאָרגן פאַר דעם צו בלייבן אויף דער „ליסטע" פון די אַרבעטער וואָס האָבן רעכט צו זיין אין „קאַפּערניק" — דעם דעמאָלט קליינעם אינדזל אין מיטן גרויסן ים פון טויט; די פּוילישע און דייטשע אויפזעער ביי דער אַרבעט זאָלן אויף דיר נישט וואַרפן קיין בייז אויג...

„וועט מען אונדז דאָ בכלל האַלטן, וועט מען אונדז לאָזן לאַנג אַזוי לעבן?" — דאָס האָט יעדער ביי זיך אין האַרץ געפרעגט מיט קלעמעניש אָבער מורא־געהאַט צו ברענגען פאַרן מויל. אויך דער „גוטער" דייטש, דער וואַכמייסטער וואָס האָט אָנגעפירט מיטן אויסגעצייכנטן טישלער־וואַרשטאַט, וואָס האָט באַזאָרגט מיט מעבל דאָס גאַנצע מיליטער אויף דער ליניע פון וואַרשע ביזן בוג, דער וואַכמייסטער וואָס האָט כסדר אַראָפּגעלאָזט אין טאַש קאָסטבאַרע מתנות, האָט גאָרנישט געקענט צוזאָגן. „דאָס ווענדט זיך אין דער ס.ס." — האָט ער געהויבן מיט די אַקסלען אין אַ פאַרטרוילעכן שמועס מיט די יידישע פאַכלייט זיינע.

אַזוי האָבן זיך געצויגן לאַנגע טעג. פול מיט מוטשעניש און שווערער פיזישער אַרבעט; דאָס איז געווען דער כופר מיט וועלכן מען האָט זיך געוואָלט אויסקויפן פאַרן דערוויילדיקן לעבן. טעג פול מיט זאָרגן און האַרץ־קלעמענישן זענען דאָס געווען.

די הייסע זומער־טעג זענען פאַרביי, עס האָט אָנגעהויבן ווערן קילער, רעגענען. אַז עס איז געוואָרן קאַלט האָט דער גוטער וואַכמייסטער אויסגע־פועלט פאַר אונדז אַביסל מלבושים פונעם גרויסן מאַגאַזין האָב־און־גוטס, וואָס די דייטשן האָבן אָנגעזאַמלט פונעם ליקווידירטן געטאָ און האָבן זיי סאָרטירט — די ערגערע זאַכן פאַרקויפט אויפן אָרט פאַר די פּאָליאַקן און די בעסערע אָפּגעשיקט אין גרויסע טראַנספּאָרטן אינעם „רייך" אַריין...

מיר האָבן באַקומען עפּעס וואָס צו באַדעקן אונדזערע ציטערנדיקע גופים פון דער אָנקומענדיקער הארבסט־קעלט — אַ העמד, אַ פּאָר הויזן, אַ מאַריי־נאַרקע, אַ סוועדער, שוך... די „אויסטויגער" האָבן אפילו נישט געוואַרט אויף דעם חסד. זיי האָבן אין די פינצטערע נעכט, ביי סכנות נפשות, זיך אַרויסגע־לאָזט אויף „סקאָקן", זוכן אינעם אויסגערויבטן געטאָ מלבושים און ווערט־זאַכן וואָס זענען געווען באַהאַלטן, און די דייטשן האָבן נישט געהאַט באַוויזן

אַרויסצורייבן, און דאָס אַלץ געבראַכט אין די ניי־צוגעגרייטע באַהעלטענישן אויפן שטח פונעם „קאָפּערניק"־לאַגער...

אַ טאָג פריער האָט דער „קאָפּערניק" אַזוי אַרום באַקומען אויך אַ קליין ספר־תורהלע מיט עטלעכע ספרים און סידורים, וואָס משהלה־חווהס האָט אַרויס־באַקומען אויף אַזאַ אופן פון זיין באַהעלטעניש אין געטאָ, טאַקע דאָס זעלבע ספר, וואָס זיין מאַמע, די אלמנה, האָט געהאַט געשריבן אויפן נאָמען פון זיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער, דעם אלעקסאַנדערער חסיד. דאָס איז געווען דאָס ספר־תורהלע מיט וועלכער ער איז געשפּרונגען אין די פלאַמען און געדופן יידן צו גיין אויף קידוש השם, אינעם אונטערגעצונדענעם דורך די דייטשן „קאָ־פּערניק"...

— אַ ספר תורה איז פאַראַן, אַ טלית און מחזור אויך. לאָמיר מאָרגן דאַווענען כל נדרי בציבור! — האָט משהלע־חווהס אָנגעהויבן, נאָך אַ טאָג פריער, צוצוגרייטן אַ מנין מתפּללים.

ערב יום־כיפּור פאַרנאַכט, זענען די אַרבעטער צוריקגעקומען נאָך אַ געוויינלעכן שווערן אַרבעטס־טאָג אין די פאַרשידענע מיליטערישע „פּלאַצוּווּ־קעס". די קיך האָט ווי יעדן פאַרנאַכט פאַרטיילט די קליינע ברויט־פּאַרציעס מיט אַביסל מאָגערע זופּ פון אַ סך ריבן און ווייניק קאַרטאָפליעס. די אַ „סעודה מפסקת" האָט מען געגעסן שוין ווייט נאָך בין השמשות... געגעסן בחיפּזונדיק כדי צו פאַרזאַמלען זיך צו „כל־נדרי". דער גרויסער זאַל פון דער געוועזענער „שקאָלע", ווו עס זענען איצט געשטאַנען אויסגעשטעלט לאַנגע רייען טאָפּל־בעטן מיט די געלעגערס פון די „קאָשאַרירטע", איז גיך געוואָרן איבערפולט. משהלע־חווהס האָט אַרויסגענומען פון באַהעלטעניש זיין ספר־תורהלע, געשטעלט זיך ביי דער מזרח־וואַנט און אָנגעהויבן:

— „אור זרוע לצדיק!" — — — —

דער אַלטער ניגון האָט זיך אָנגעהויבן טראָגן איבערן פרעמדן זאַל, — פאַרשעמט, דערשטיקט, בעת אונטן, ביים טויער, איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ ספּעציעלע וואַך, קוקן צי עס קומען נישט אָן קיין דייטשן אָדער פּוילישע פּאָליציאַנטן, וואָס פלעגן אָפט קומען נאָך „אויסקויף־געלט". דייטשע שומרים זענען אויפן שטח פון לאַגער נישט געווען בנמצא. זיי האָבן נישט מורא־געהאַט עמעצער זאָל אַנטלויפן, זיי האָבן גוט געוווּסט — די יידן האָבן נישט וווּהין צו אַנטלויפן. פאַרקערט — יידן פון באַהעלטענישן פלעגן קומען אינעם „קאָ־פּערניק" אַריין. דאָ, האָבן זיי געהאַלטן, איז דערווייל זיכערער. די אָנפירער פונעם לאַגער זענען נישט איינמאָל באַשטראָפט געוואָרן פאַר אַריינלאָזן יידן, וואָס זענען נישט אויף דער „ליסטע", און יעדעס מאָל, זענען אַראָפּגעקומען זשאַנדאַרן און פּאָליציאַנטן אויף קאָנטראָלן און „סעלעקציעס". מחוץ די דראָט־פאַרצוימונגען האָט אויפן ייד געלויערט דער טויט. דאָרט האָט אים געדראָט געכאַפּט צו ווערן, נישט בלויז דורך פּאָליציי נאָר אויך דורך געוויינלעכע שקאָצים, וואָס האָבן די געכאַפּטע יידן איבערגעגעבן אין די הענט פון פּאָליציי וואָס האָט געהאַט רעכט זיי צו שיסן אויפן אָרט. ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז אַזוי דערשאָסן געוואָרן דורך אַ פּוילישן פּאָליציאַנט, אינגאַנצן עטלעכע

טריט פונעם לאַגער, ביי דער פלומפּ „אויפן בערגל״, דער ייִנגער יאַנקל ציליך...

לעבן משהלע־חווהס מיטן ספר אין דער האַנט האָבן זיך ביים אָנהייבן זאָגן „כל נדרי״ געשטעלט, לויטן דין, במקום צוויי חשובע באַלעבאַטים, צוויי על־טערע ייִנגעלייט. פון איין זייט — ר׳ שמואל ראָט, געלבפּישעס איידעם, דער איינציקער ייִד דעמאָלט אין „קאָפּערניק״, וואָס האָט בשום אופן נישט געוואָלט אָפּשערן זיין באָרד און צוליב דעם, שפּעטער ביי דער ערשטער ״סעלעקציע״, איבערגעשיקט געוואָרן אין אַ צווייטן לאַגער, קיין גאַרוואָלין, ווו ער איז דער־שאָסן געוואָרן אין אַ פּאָר טעג אַרום. פון דער אַנדערער זייט האָט זיך גע־שטעלט דוד ישעיה׳ס, דער בכור פון ר׳ ישעיה פּשיסטאַוועצער, איינער פון די שענסטע ייִדן אין שטאָט. דוד אַליין איז געווען אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער, אַ געזונטער און פלייסיקער אַרבעטער, וועמען די דייטשן האָבן געלויבט פאַר זיין אַרבעט...

איך אַליין האַלט זיך די גאַנצע צייט מיט דודן, איך געפין ביי אים אַביסל שוץ אין אָט דער פלוצימדיקער פאַריתומטקייט נאָכן חורבן פון דער שטאָט. נאָכדעם ווי איך בין דאָ געבליבן אַליין, אויסער די עטלעכע גוטע חברים מיינע וואָס האָבן מיר געהאָלפן די גאַנצע צייט, איז ער געווען דער איינציקער פון אונדזער גרויסער משפּחה, דער איינציקער קרוב. ער איז געווען דער מאַן פון מיין עלטסטער קוזינקע ברײַנדל, איטשע אָוויעסעס טאָכטער. איך האָב פון קינדוווייז אָן געוווינט מיט אים בשכנות, אינעם זעלבן ירושה־הויז פון מיין זיידן. גענוי ווי איך איז אויך ער איצט געבליבן אַליין פון זיין גאַנצער משפּחה אין געטאָ, מיט דער האָפענונג נאָך דער מלחמה אָפּצוגעפינען זיינס אַ ברודער וואָס איז געפאָרן קיין פּאַריז און אַ צווייטער ברודער וואָס איז עטלעכע וואָכן פאַר דער מלחמה אַוועק מיט דער אומלעגאַלער עליה קיין ארץ־ישראל. אויך דוד אַליין, איז אַמאָל, נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן, געווען אַ שטיקל צייט אין ארץ ישראל. ער איז צוריקגעקומען נאָך שווערע איבערלעבענישן אַהיים, צו ווייב און קינד, און דאָס גאַנצע לעבן נישט אויפגעהערט צו חלומען וועגן צוריקפאָרן קיין ארץ ישראל. דערווייל אָבער איז די משפּחה געוואַקסן, און דאָס פאָרן איז געוואָרן אַלץ שווערער. די גאַנצע צייט אין געטאָ פלעגט ער נישט אויפהערן צו רעדן מיט באַדויער, הלמאי ער איז טראָץ אַלע שוועריקייטן ניש געבליבן, אין יענעם שווערן יאָר פון 1926, אין ארץ־ישראל...

דוד איז אויך געווען דער לעצטער וואָס האָט אין טאָג פון דער „אַקציע״ געזען מיין מאַמע מיט מיינע צוויי קלענערע שוועסטערלעך, בראָנטשע און שרהלע, און די עלטערע שוועסטער באַשע מיט איר קליין ייִנגעלע פּנחס־אלעזר. ער אַליין האָט זיי באַהאַלטן צוזאַמען מיט זיין ווייב און דריי קליינע קינדער אין אַ קאַמער פון קוילן אין דער באָד, מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט אינעם געטאָ. ער האָט די טיר פאַרשאָטן מיט קוילן, און אַליין זיך באַהאַלטן אין קעלער. ערשט ביינאַכט, ווען ער איז אַרויס פון זיין מעלינע, האָט ער געזען אַז דאָס באַהעלטעניש איז אָפן און אַלע זענען אַרויסגענומען געוואָרן אין מאַרק אַריין, מיט אַלע ייִדן פון שטאָט. געקומען אין „קאָפּערניק״ אַריין האָט ער נאָך געהאָפט צו געפונען זיינע צוויי עלטסטע טעכטער, פייגע און צירל, וואָס זענען

אין טאָג פון דער אַקציע אַוועק צו אַ באַקאַנטן פויער אינעם שכנותדיקן דאָרף ציגעלניק, אַ פויער וועמען דער זיידע ר׳ ישעיה האָט באַלוינט מיט אַ סך געלט ער זאָל ראַטעווען זיינע אייניקלעך פון דער אַקציע. דאָ, אין „קאָפּערניק״, האָט ער געהערט פון אַן עדֿ־ראיה, ווי די צוויי מיידלעך זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן פויער און זענען דערשאָסן געוואָרן אויפֿן אָרט, טאַקע אין טאָג פון דער „אַקציע״.

— „נישטאָ אויך פייגעלע, נישטאָ צירעלע״... — האָט דוד נישט אויפֿגע־הערט צו באַוויינען זיינע צוויי עלטסטע טעכטער. פייגע איז געווען אַ יאָר יינגער פון מיר, צירל — אַן ערך צוויי יאָר יינגער פון פייגען.

„כל נדרי ואסרי, ושבועי, וחרומי, וקונמי״... — הערט זיך דאָס קול פון ר׳ שמואל ראָט, וואָס ווערט אונטערגעהאַלטן דורך משהלע־חווהס. דאָס קול ווערט וואָס ווייטער שטילער, געדעמפּטער, געדריקטער — פּונקט פּאַרקערט ווי לויטן סדר־התפילה ביים זאָגן כל־נדרי. די ווערטער קלינגען מיט געוויין, תחנונים, געשטיקט מיט ביטערע טרערן — — —

— „יעלה תחנונינו מערב ויבוא שועתנו מבוקר״... — הערט זיך ווייטער דאָס קול פונעם שליח־ציבור, ווי פון אַ נעפּל אַרויס. מיך שווינדלט פאַר די אויגן. איך דערמאָן זיך יום־כיפור אין דער היים, אַמאָל און דערנאָך אין געטאָ. וויל זען טאַטע־מאַמע, די שוועסטערס, וויל שרייען, וויינען, — אָבער איך קען אַ וואָרט נישט אַרויסברענגען, אַלץ אין מיר איז פאַרקלעמט... איך טוליע זיך צו דודן. איך פיל זיין שטאַרקן האַנט־דרוק. דוד, דער שטאַרקער, דער גיבור, כליפּעט גאָר ווי אַ קליין קינד... ער בייגט זיך צו מיר אַראָפּ, איך פיל ווי זיינע טרערן רינען אויף מיין פּנים... איך אַליין קען נישט וויינען, איך קען נישט נאָכזאָגן די תפילה ווי אַנדערע טוען דאָס, דעם איינציקן מחזור האַלט דער בעל־תפילה. איך זע גאָרנישט... דאָס ליכט איז שוואַך. שיינט בלויז איבערן בעל־תפילה. די פענצטער זענען פאַרמאַכט, די שויבן פאַרקלעפּט מיט קרעפּ־פּאַפּיר קעגן די לופט־אַנפֿליען וואָס מערן זיך לעצטנס. קיין פּיצעלע שיין טאָר זיך נישט אַרויסבאַקומען אין דרויסן. פאַר דעם קומט די העכסטע שטראָף...

— „ריב ריבי, שעה ניבי, והשיבני — — —״ — הער איך ווידער אַ פּסוק, פון פּיוט „אמנם כן״. איך פאַרטייטש זיך מיר די ווערטער אויף פּשוט יידיש: „בעט זיך אַן אונדזער פּיין, הער אונדזער געבעט און ענטפער אונדז!״ קיינ־מאָל, קיינמאָל זענען די ווערטער מיר נישט געווען אַזוי נאָענט ווי איצט. מסתמא אויך פאַר אַלע דאָ, וואָס פאַרשטייען דעם פּירוש המלות. דודס כליפּען פאַרשטאַרקט זיך. עס פאַראייניקט זיך איצט מיט אַ שטיל געיאָמער וואָס טראָגט זיך מיטאַמאָל פון אַלע געלעגערס, וואָס זענען פול מיט די לאַגערניקעס. איך קען שוין מער זיך נישט באַהערשן, ברעך איך אויס אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין — דאָס ערשטע מאָל דאַכט זיך זינט דעם ביטערן טאָג פון דער „אַקציע״. דוד פּרוווט מיך באַרואיקן. איך פיל אָבער, אַז וואָס מער איך וויין, ווערט מיר אַלץ בעסער, גרינגער... „לאָז מיך, לאָז מיך וויינען״ — בעט איך זיך, און אַלע וויינען מיט.

דאָס געיאָמער הערט נישט אויף, דויערט אַ היבשע צייט, ביז וואַנען עס דערהערט זיך אַ „ניכטערער" רוף:

— הערט אויף, משוגעים, גענוג אויף היינט! מאָרגן זעקס פרי דאַרף מען דאָך גיין צו דער אַרבעט. הערט אויף, גייט שלאָפן!

עס ווערט מיטאַמאָל שטיל. געענדיקט דאָס דאַווענען. אַ פאַרשטיקט כליפּען הערט זיך נאָך אַ גאַנצע נאַכט פון די געלעגערס, אויף פונעם שלאָף וואָס איז די נאַכט, נאָך מער ווי תמיד, געמישט מיט פינצטערע קאָשמאַרן.

דאָס איז געווען דער לעצטער כל נדרי אין שטעטל, בעת די לעצטע יידן פון דער קהילה קדושה האָבן באַווײנט און באַקלאָגט די אַלע וואָס זענען אַוועק אַ חודש פריער צום טויט, באַקלאָגט און באַוויינט צוזאַמען מיט זייער אייגן לעבן וואָס אין עטלעכע חדשים שפּעטער — אינעם טאָג פון 10־טן יאַנואַר 1943 — אַוועק אין די פלאַמען פון די דורך די דייטשן אונטערגעצונדענעם און באַשאָסענעם „קאָפּערניק"...

**הערמאַן...**

דאָס איז געווען ביים אָנהייב פון דעם ערשטן מלחמה־ווינטער. אין איינעם אַ טאָג פון אַ בייסיקן פראָסט און שניי־זאַווערוכע זענען מיר אַלאַרמירט געוואָרן: אויף דער באַן־ראַמפּע שטייט אַ צוג געפּאַקט מיט יידן, פאַרטריבענע פון די מערב־געביטן וואָס זענען אָנגעשלאָסן געוואָרן צום „רייך", דאָרט זיצן פרויען, קינדער און מענער האַלב־פאַרפרוירן און גייען אויס נאָך אַ ביסל וואַרעמס...

באַלד האָבן יידן זיך געלאָזט צו דער באַן־סטאַציע, גרייט צו העלפן די מגורשים. דאָס זענען געווען יידן פון קאַליש, שערפּץ, ליפּנאָ און אַנדערע שטעטלעך פון יענער געגנט, וואָס די דייטשן האָבן אַרויסגעטריבן פון זייערע היימען, אַריינגעזעצט אין צוגן וואָס האָבן געפירט אויף דער מזרח־זייט פון ווייסל, אָן אַ באַזונדערן ציל. דער צוג וואָס איז אָנגעקומען צו אונדז איז שוין געשטאַנען אַ היבשע פּאָר שעה, ווייל דער לאָקאָמאָטיוו איז פאַרפרוירן געוואָרן און נישט געקאָנט פאָרן ווייטער.

אַרום האָט מען גראָד קיין דייטשן נישט געזען, האָט מען דעריבער געפּועלט ביי די פּוילישע באַן־אַרבעטער זיי זאָלן לאָזן די יידן אַרויס פון צוג. אַזוי אַרום זענען ביי אונדז געבליבן אַ שיינע פּאָר צענדליק אַזעלכע פּליטים־משפּחות.

צווישן אָט די צוגעקומענע אין ווינטער 1939־40 האָט זיך אויך געפונען אַ ייד פון דייטשלאַנד, הערמאַן מאָשקאָוויטש־קלאַוזנער איז געווען זיין נאָמען. ער איז געווען צווישן די יידן פון זבאָנשין, יידן אין דייטשלאַנד וועמענס עלטערן האָבן געשטאַמט פון פּוילן, וואָס זענען אַ יאָר פאַר דער מלחמה אַרויסגעשיקט געוואָרן דורך היטלערן צום דערמאָנטן גרענעץ־שטעטל און די פּאָליאַקן האָבן זיי בלויז טיילווייז אַריינגעלאָזט, נאָך דעם ווי זיי האָבן אַ שטיק צייט זיך געוואַלגערט אין קיינעמס לאַנד, אונטערן פרייען הימל אויף דער גרענעץ. פון דאָרט איז הערמאַן אוודאי אָנגעקומען אין איינעם פון די שכנות־

דיקע יידישע שטעטלעך, און איצט איז ער פון דאָרט שוין צום צווייטן מאָל פאַרטריבן געוואָרן.

הערמאַן איז געווען אַ זעלטן־שיינער מאַן. אויך אין דעם מעמד פון אַ פּליט האָט ער זיך אויסגעטיילט פון אַלע אַרומיקע מיט זיין עלעגאַנץ און איידעלער באַנעמונג צו מענטשן. ער איז געווען אַליין, אָן משפחה, אַ בחור אין די ערשטע פערציקער יאָרן. אויפן וועג צו אונדז האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַן אלמנה מיט אַ יינגל פון 15־16 יאָר מיטן נאָמען סעגאַל, אויך דייטשע יידן, האָט ער זיי גענומען אונטער זיין אַפּוטרופּסות, געזאָרגט פאַר זיי ווי פאַר אַן אייגענער משפחה. מיט זיי האָט ער זיך געהאַלטן די גאַנצע צייט פון צייט־ווייליקן אַזיל וואָס ער האָט אין דער מלחמה געהאַט ביי אונדז אין שטאָט.

הערמאַן איז באַלד אין ערשטן מאָמענט פון זיין אָנקומען צו אונדז געוואָרן דער ליבלינג ביי דער יוגנט אין שטעטל, אַ לערער, דערציער. ער האָט געשמעקט מיט אייראָפּע, מיט גרויסוועלט און גרויס־שטאָט. ער האָט געהאַט הויכע בילדונג, געקענט פּערפעקט ענגליש, שפּאַניש און אַנדערע אייראָפּעאישע שפּראַכן, אַזוי, אַז עס איז אים נישט שווער אָנגעקומען אויסצולערנען זיך יידיש און אַביסל אויך פּויליש. געשטאַמט האָט ער, ווי געזאָגט, פון קעלן. דאָרט האָבן זיינע עלטערן געהאַט אַ גרויס וואַרן־הויז, און געווען רייך ביז היטלערס קומען צו דער מאַכט. אין אָט דער שטאָט... — האָט ער אונדז דערציילט — איז ער געווען אַ טעטיקער מיטגליד אין ציוניסטישן מכבי־קלוב. צווישן די איינציקע זאַכן וואָס ער האָט אויפגעהיט ביי זיך און זיך קיינמאָל נישט געשיידט דערמיט, זענען געווען צוויי פאָטאָס פון זיינע צוויי שוועסטערס אין תל־אביב, פאָטאָגראַפירט מיט זייערע קינדער. זיין חלום איז געווען נאָך דער מלחמה צו פאָרן קיין ארץ־ישראל.

אין געטאָ איז אים נישט געגאַנגען שלעכט מאַטעריעל. ער האָט פאַרדינט און, ווי געזאָגט, אפילו געהאָלפן אַנדערע. ער איז געווען דאָלמעטשער און „פּראָשעניע"־שרייבער צו די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען נישט בלויז ביי יידן און דעם "יודענראַט", נאָר אויך פאַר נישט־יידן, און אפילו דער פּוילישער מאַגיסטראַט איז אָנגעקומען צו זיין שרייבן, וואָס האָט באַזונדערס „אויסגענומען" ביי די דייטשע באַאַמטע. נישט איינער פון זיי פלעגט זיך וווּנדערן און נאָכפרעגן אויף דעם „שרייבער", וואָס האָט אַזאַ ריינעם דייטשן סטיל ווי ער וואָלט געווען אַ געבוירענער, הויכגעלערנטער דייטש...

אַ צווייטער מקור פון פּרנסה זענען ביי אים געווען די לעקציעס פון דייטש, וואָס ער פלעגט געבן פּוילישע באַאַמטע. פאַר דעם צוועק האָט ער אויך באַקומען אַ שיין, אַרויסצוגיין מחוץ דעם געטאָ, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן לחלוטין געשלאָסן.

אין איינעם אַ טאָג איז הערמאַן אַריינגעפאַלן צו אונדז, חברה יונגוואַרג, אין געטאָ אַ צעיאָכמעטער, פאַרסאַפּעטער און אונדז אין איין אָטעם דערציילט וועגן זיין נאָר וואָס מאָדנער איבערלעבונג. ער איז גראָד געגאַנגען צו דער לעקציע וואָס ער גיט דעם גויאישן אַדוואָקאַט עקעל, אויף דער צענטראַלער וואַרשעווער גאַס, וווּ יידן האָבן שוין נישט געטאָרט וווינען. מיטאַמאָל הערט

ער ווי פון דער צווייטער זייט גאַס רופט צו אים אַ פרוי מיט זיין פולן נאָמען:

— הערמאַן, הער מאַשקאָוויטש־קלאָוזנער!

מיט זיין אייגנאַרטיקן האַלב־יידיש האַלב־דייטש האָט דער צעטומלטער הערמאַן פאַרגעזעצט זיין דערציילונג:

— איך גיי אַריבער אויף דער אַנדערער זייט גאַס, איך גיב אַ קוק אויף דער פרוי און גלויב נישט מיינע אייגענע אויגן: דאָס איז נישט עמעצער אַנדערש ווי מיין גוווערנאַנטקע פון קעלן, די דייטשקע וואָס האָט אויסגעהאָדעוועט אַלע קינדער אין אתדזער שטוב. „וואָס מאַכסטו היר?" — פרעגט זי מיר, און איך קען קוים פון איבעראַשונג דאָס מויל עפענען „איך. בין דאָך יודע" — ענטפער איך און איך ווייז אָן אויף מיין אָרעם־באַנד מיטן מגן־דוד. דערזעענדיק דאָס האָט זי זיך אַביסל פאַרלוירן, זיך אַרומגעקוקט צי מען זעט זי נישט און איז אַוועק באַווייזנדיק מיר בלויז צו זאָגן, אַז זי איז איצט נישט־מער און נישט־ווייניקער ווי די פרוי פון „יודען־רעפערענט" ביים לאַנדראַט, באַטז, דער דייטש אין וועמענס הענט עס ליגט דער גורל פון אַלע יידן אינעם גאַנצן קרייז!...



דער דאָזיקער צופאַל, וואָס בלויז אַ שונד־ראָמאַן איז מסוגל אויסצוטראַכטן, האָט אָבער הערמאַנען נישט אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט. ער האָט ווידער פאַרגעזעצט דאָס לעבן אין געטאָ מיט אַלע יידן צוגלייך, ווי עס וואָלט גאָרנישט נישט פאַסירט. אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אין געטאָ אַראָפּגעקומען אַ שליח פון פרוי באַטז, אַ פוילישע באַאַמטין, וואָס איז געווען אַנגעשטעלט ביי איר אין הויז. זי האָט הערמאַנען געזאָגט: פראַו באַטז גריסט. זי וויל וויסן ווי אים גייט און צי זי קען אים מיט עפּעס העלפן.

„ניין!" — האָט הערמאַן מיט שטאָלץ געענטפערט.

אין עטלעכע חדשים אַרום נאָך דער פאַסירעניש איז פאָרגעקומען די „אַקציע". די גאַנצע שטאָט יידן איז אַרויסגעפירט געוואָרן אויף טויט קיין טרעבלינקע. עטלעכע הונדערט יידן זענען געבליבן „קאַשאַרירט" אויף אַרבעט ביים מיליטער און ביי פאַרשידענע אונטערנעמונגען. אין לאַגער פון די „וועהרמאַכט"־אַנגעשטעלטע איז אויך אָנגעקומען הערמאַן. דאָ, אין לאַגער, בין איך מיט אים געשלאָפן אויף איין פּריטשע, און ער איז געווען צו מיר ווי אַן עלטערער ברודער מיינער.

אויך אַהער, אינעם אַרבעטס־לאַגער פון שטאָט, האָט נישט אויפגעהערט צו קומען צו אים אָפט די „שיקסע", ווי ער האָט גערופן דאָס פוילישע מיידל, וואָס האָט געאַרבעט ביי פרוי באַטז, די פרוי פון דעם ליקווידאַטאָר פונעם געטאָ, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אינעם אַלגעמיינעם רויב און מאָרד צוזאַמען מיט אַלע דייטשן. טיילמאָל האָט זי אפילו מיטגעבראַכט מיט זיך אַ פּעקעלע שפּייז. אין איינעם אַ טאָג האָט הערמאַן מיר, זיין פיל־יינגערן פריינט, אַנפאַרטרויט אַ סוד: די שיקסע לייגט אים פאָר אויסצובאַהאַלטן, זי גרייט פאַר אים אַ „קריאָווקע"...

— נו? — האָב איך געפרעגט — וואָס־זשע וואַרטסטו?

שוין פריער האָבן מענטשן אין לאַגער גערעדט, אַז די שיקסע וואָס אַלע האָבן זי גוט געקענט צוזאַמען מיט איר פאָטער, אַ שוסטער אויף דער הויפּט־גאַס, און אַ שיינע דערצו, אַז זי איז נישט גלייכגילטיק צו הערמאַנען, ווייל זי זיצט מיט אים אַפּ גאַנצע שעהן ביים טויער פונעם לאַגער. איך האָב אים דאָס געזאָגט צוגעבנדיק, אַז אויך איך בין ביי דער מיינונג, אַז זי איז אין אים פּשוט פאַרליבט. דערויף האָט ער מיר געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט געווען זיכער אַז דאָס איז די איינציקע סיבה פאַר איר ווילן אים אויסצובאַהאַלטן, וואָלט ער אפשר מיט איר אַוועק „מיר דאַכט זיך אָבער — האָט ער צוגעגעבן — אַז אויך פרוי באָטז ווייסט עפּעס דערפון, קען איך דערצו נישט מסכים־זיין. איך וויל נישט קיין טובות פון דייטשן!״.

קורץ נאָכן דאָזיקן געשפּרעך האָט מיין חבר לייב ראָכמאַן געשיקט אַרויס־נעמען מיך פון לאַגער צו זיך אין באַהעלטעניש, ווו איך האָב איבערגעלעבט די מלחמה. תחילת האָב איך זיך אַביסל געוואַקלט, ווייל כמעט יעדן טאָג זענען מענטשן צוריקגעקומען פון אַזעלכע באַהעלטענישן, נאָכדעם ווי די גויים האָבן זיי באַרויבט און צעשלאָגן. הערמאַן איז צו מיר צוגעשטאַנען, אָנגעשריגן ווי אַ פאָטער: זיי נישט קיין קינד, דו ווערסט דאָ אומקומען ביי די סעלעקציעס. יעדער וואָס קען, דאַרף אַנטלויפן; מען וועט דאָ אונדז מער לאַנג נישט האַלטן..

ווען איך בין אַרויס מיט מיינע טענות צו אים הלמאי ער אַליין וויל נישט אַרויס, האָט ער לסוף מיר צוגעזאָגט, אַז אויך ער וועט אפשר אַוועק צו דער „שיקסע״. איך האָב אָבער געפילט, אַז ער זאָגט דאָס בלויז כדי מיך איבער־צוצייגן, איך זאָל מער נישט וואַרטן און אַוועק אין מיין חברס באַהעלטעניש אַריין.

ס׳איז שוין געווען האַלב דעצעמבער 1942. די געטאָס זענען שוין געווען ליידיק. איצט האָבן די דייטשן „גערוימט״ די רעשטלעך, וואָס זענען נאָך פאַר־בליבן אין די אַרבעטס־לאַגערן. יעדן טאָג האָט מען געהערט וועגן ביי־לאַגערס וואָס זענען ליקווידירט געוואָרן, און די יידן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אויף טויט. אַלע סימנים האָבן געוויזן אַז די ריי קומט אויך אויף אונדזער „קאָפּערניק״. יעדער וואָס האָט געקענט איז אַוועק זיך אויסבאַהאַלטן. אַזעלכע מעגלעכקייטן האָבן אָבער געהאַט בלויז יחידים. שלמה מאָרגנשטערן, דער פירער פונעם לאַגער, איז אין איינעם אַ טאָג אַוועק. הערמאַן איז באַשטימט געוואָרן אויף זיין אָרט. אין פרימאָרגן פון 10־טן יאַנואַר 1943, ווען דער „קאָפּערניק״ איז אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דער ס.ס., זשאַנדאַרן און פּוי־לישער גראַנאַט־פּאָליציי און עס איז געווען קלאָר, אַז זיי גייען אַרויספירן די לעצטע 400 יידן פון מינסק־מאַזאָוויעצק צום טויט, איז הערמאַן אַרויס מיטן רוף: „נישט אַרויסגיין פון הויז, פאַרבאַריקאַדירן זיך, שטעלן אַ ווידער־שטאַנד!״ ער אַליין איז אַרויס אויפן הויף, זיך געשטעלט פאַרן ס.־ס. קאָמענ־דאַנט ניקאָלאַס און אויסגערופן:

— לעבעדיקערהייט וועט איר אונדז פון דאַנען נישט אַרויסבאַקומען!

אַ האָגל פון קוילן האָט צעלעכערט דעם קערפּער פון שטאָלצן הערמאַן, וואָס איז געפאַלן אַ מיט בלוט־באַגאָסענער אויפן פּאַרפּרוירעוועם שניי. איך זעלבן מאָמענט זענען די זשאַנדאַרן באַוואָרפן געוואָרן מיט שטיינער און פאַר־שידענע חפצים, וואָס די פאַרבאַריקאַדירטע יידן האָבן געוואָרפן פון די אויבערשטע שטאָקן פונעם בנין. די דייטשן האָבן גלייך פאַרלאָזט דעם הויף, אַרומגערינגלט דעם לאַגער, אים באַשאָסן מיט געווער און פאַרברענט אים צוזאַמען מיט אַלע יידן.



נישט קיין פולע דריי יאָר האָט געדויערט מיין קאַנטשאַפט מיטן דאָזיקן שטאָלצן מענטש און ייד פון דער שטאָט קעלן, הערמאַן מאָשקאָוויטש־קלאַוזנער, הי״ד. דאָס איז אָבער געווען אַ צייט פול מיט נסיונות, אויסצושטיין יעדן טאָג. איך האָב פון אים אַ סך געלערנט, אויך בנוגע דער באַציאונג צום רוצח פון נעכטן. ווען באַקאַנטע האָבן מיר אין זיינער צייט מיט שטוינונג געפרעגט הלמאי איך גיב נישט אָן אויף אינדיווידועלע שילומים (פאַרגיטי־קונג), וואָס לעבנגעבליבענע פון חורבן באַקומען פון דייטשלאַנד (אגב, קען איך אַ סך וואָס האָבן אַזוי געהאַנדלט ווי איך), האָב איך געענטפערט מיט הערמאַנס ווערטער, וואָס קלינגען אין מיינע אויערן ווי אַ צוואה:

„איך וויל נישט קיין טובות פון דייטשן"...

ליב רוכמן

# מותו של הרב

בדמדומי שחר האפורים, הקרים והאפלולים נפתחו לרווחה שערי הכלא של דאנילוביציבסקה ובשריקת אימה זנקו ויצאו ארבע מכוניות המשא הגמלוניות הטעונות יהודים מובלים למות. השריקה האיומה של המכוניות תפקידה היה מצד אחד להטיל אימה ופחד על התושבים היהודים, ומצד שני לשאת לחלקים האחרים של האוכלוסיה בעיר את בשורת החינגא הרצחנית.

במכוניות היתה צפיפות איומה, 15 יהודים בכל מכונית. הקרבנות היו שקטים, כל אחד מכונס בתוך עצמו. לאחר תלאות הימים האחרונים עשו היהו־דים רושם של יצורים חלכאים האדישים לכל. מקצתם אחוזי תנומה. השאר שקועים בהרהורים וכולם יחד — כאילו אינם נותנים את דעתם כל עיקר על הצפוי להם בעוד שעה קלה.

בפינה על הקרש ישב האלשטוק, אברך כבן 30 ומעלה, הזקנקן השחור נתון בפה ונשך בשיניו את זקנקנו השחור מתוך עצבנות נפרזת, כשעיניו נשואות למעלה. ממולו, חיוור כסהרורי — ירחמיאל שפירא, בר אבהן, דודנו של הרב הנובומינסקאי ר׳ משה נתנאל שפירא, שישב לא רחוק מהאלשטוק — יהודי שהדרת פניו העידה על שלשלת היוחסין הארוכה שלו, שהיה כולו שקוע במחשבות ובזכרונות על חויותיו מלפני ימים אחדים:

— כן. בס״ה היה זה לפני ימים אחדים, גם אז היה בוקר קר, כמו עתה — בשעה שעגלה רתומה לפי מנהג האכרים סרה אליו החצרה, כמתגנבת. הרבנית עם הילדים וגם רבים מבני עדתו במינסק ליוו אותו בצאתו. הוא זוכר את המבט האחרון בזו העגלה, ברכות־הפרידה האחרונות, ואיך שהרבנית מיהרה אחריו בכדי להווכח אם זקן הקטיפה עטוף היטב ואינו עשוי לעורר חשד.

והעדה: — צאתך לשלום! ה׳ יצליח דרכך והלואי ותשוב בקרוב בריא ושלם!

והילדים (י—ת—ו—מ—י—ם ? ? !) :

— אבא, מתי תשוב? — —

זיעה קרה מכסה את מצחו של הרב. הלב דופק ביתר שאת. רגע קט הוא שוקע בהרהורים, אבל פתאום חולפת אותו כעין הזדעזעות:

— לא, לא היה צריך לעזוב לנפשה את העדה, לא, אסור היה לברוח מהעיר, אסור היה לצאת את נובומינסק!

הוא נזכר באותה תמונה מימי ספטמבר הראשונים (ימי אלול...), כשהקלגסים הגרמנים הלכו והתקרבו לעירו. בעיר שררו אז מהומה ומבוכה: רבבות אנשים מוארשה ומכל פולין המערבית רצו ברחובות כאחוזי טירוף ונהרו מזרחה. מרוב עייפות ואפיסות כוחות נפלו אנשים ברחובות. ובאחד הימים האלה, בנטות צללי ערב, בשעה שחלק מהעיר עלה בלהבות, וסביב דירת בית הדין שלו צבאו מאות יהודים, בני העיר וחדשים מקרוב באו, כאילו לחפש אצלו עצה ותושיה, לפתוח במלה, במבט־עין. אז, נזכר הוא, יצא מבין הקהל צעיר, לא מגולח.

פניו מיוזעים ובגדיו מאובקים, אבל עיניו לוהטות וחודרות, מבלי להוציא הגה מפיו שלף מכיס בגדו פתקה מהוהה ומקומטת, אך הכתב ברור ונוח לקריאה:

— אני — היה כתוב בפתקה — בן הרב מעיר ג. הגרמנים נכנסו אתמול לעירנו ושחטו כמעט את כל היהודים, אנשים, נשים וטף, רק אני ועוד יהודים אחדים ניצלנו.

והפתקה סיימה:

— יהודים, המלטו מהר על נפשכם לכל אשר ישאוכם עיניכם!

כשהרים את עיניו מהפתקה לא מצא עוד את הצעיר, לא הועילו כל החי־פושים אחריו בין קהל היהודים — הוא נעלם ואיננו.

הוא זוכר: הוא העיף אז את מבטו על הרבנית והילדים. בלבו יקדה אש לוהטת, ראשו הסתחרר, אבל הוא לא ברח אז אם כי היה ביכלתו לעשות זאת. לא, ידוע ידע כי מרא דאתרא, רב בישראל, צריך להיות אחרון לבורחים, לא ראשון. ועתה? — עתה ברח, נמלט על נפשו, ואילו את בני עדתו השאיר לאנחות — — —

הוא נזכר, כי יום אחד לאחר בוא הפליט המודיע, הצעיר המסתורי, בן הרב, פלשו הרוצחים, ו„הדבר התחיל". אמנם קרבנות לא היו, חס וחלילה, אבל היסורים, העינויים והבזיונות, הסחיבה לעבודה, ההשפלה, כיצד הוליכו אותו בעצם יום חג שמחת התורה באמצע הכביש לעבודה, כשהוא עטוף בטליתו, ואתו כל בני עדתו אשר התפללו יחד אתו בדירת „בית הדין" שלו. כולם עטופים בטליתותיהם. הם נאלצו ללכת בידים מורמות למעלה ולשיר „אוי, ווי", תחת מטר מהלומות. ומאז התחיל הדבר: הגרמנים, בהדרכת אחרים, באו בכל יום לחפש אותו. בכל יום סחבוהו וביזוהו, באמצע העיר, לעיני עם ועדה, לצערם הרב של היהודים וללעגם ושנינתם של הערלים.

— ה„ראבינר" — אמרו וחזרו ואמרו — צריך להיות הקרבן הראשון.

— אה, הקרבן הראשון — — —

ואז נטפלו אליו הרבנית והילדים: ברח לוארשה, הימלט על נפשך! הם שמו את עיניהם בך, והם יכולים לקיים את דבריהם ותהיה, חס וחלילה, הראשון — —

לא. הוא לא ברח ולא נמלט על נפשו. הוא הלך לעבודה יחד עם כל קהל עדת ישראל. הוא נתן את בשרו למכים וטוב היה לו יחד עם הכל — —

אבל הרוצחים הכבידו עליו את ידם יותר ויותר וכמעט שעשו בו כלה. אך הוא קיבל את יסוריו באהבה ולא עשה כל נסיון לברוח. יהודים התחילו לבוא אליו ולהתחנן לפניו על הצלת נפשו. מצד אחד הרבנית והילדים, ומצד שני בני עדתו שחזקו עליו דבריהם:

— רבנו, מה בצע בדמך? מה יהיה לנו מזה אם תפול, חלילה, קרבן? רבנו, הצל את חייך, וכשיעבור זעם תשוב אלינו בשלום!

הם לא שעו לסירובו, לא זזו ממנו וחזרו באזניו שוב ושוב:

— רבנו, הצל את נפשך, בין כך אין ביכלתך לעזור לנו. הרוצחים מבקשים את נפשך. הצל את חייך!

ו־הוא נעתר להם ונמלט. כן, כל זה קרה רק לפני ימים אחדים.

— ה„ראבינר" הקרבן הראשון — —

— לא — פורצת פתאום נהימה מקרבו — לא, אסור היה לעזוב את נובומינסק, כמו ר' השלה בעירו, כמות אבותי ואבות אבותי שבודאי לא היו נוהגים אחרת.

לפני עיניו צפה ועולה דמות סבו. האדמו"ר מקאלושין, דמות אבי־סבו, האדמו"ר ממוגאָלניץ זי"ע, דמות הסבים הקדושים שאמנם לא הכיר אותם פנים אל פנים, אבל תיאר לו תמיד בעיני רוחו את מראיהם, עד הרבי מלובלין, „החוזה", בעל הזקן הלבן והרחב היורד לו על פי מידותיו — מצד אחד, והמגיד מקוז'ניץ קצר הקומה וצמוק הלחיים שבזקנו הקצר והמחודד זרקה שיבה — מהצד השני.

— סבא! פורצת שוב נהימה מקרבו. — — —

יד רכה הונחה פתאום בחיקו של הרב, זאת היתה ידו הרכה של יעקב שווייט, שכן:

— רבי, אמור אתנו וידוי!

בחור לבוש בגדי עבודה, בעל „שערות אבישלום" מתולתלות ופרועות ולסתות מוקפות זיפים שחורים וסומרים, שעד־עתה עמד כשראשו שעון על מרפקו וחרק שיניו מתוך עצבנות, נענה פתאום ואמר:

— כן, וידוי, רבי, אמור אתנו וידוי!

והתחיל להתנועע בעצבנות.

התעוררות פתאומית עברה את הנידונים משוללי התקוה. מפי כולם פרצה הקריאה:

— וידוי, וידוי, רבי — —

שני החיילים שישבו בקצה, ליד היציאה, שעונים על רוביהם ומעשנים סיגאריות, נבהלו והתחילו להצליף מבטי אזהרה דוקרניים על קרבנותיהם. מה מתרחש פה? האין מתחולל כאן איזה מרד סמוי?

היהודים לא הרגישו בזאת. הרב כבר אמר:

— אשמנו — —

— אשמנו — חזרו כולם אחריו.

— בגדנו — —

— בגדנו — —

— גזלנו, דיברנו דופי — —

אחד מהחיילים בהוסיפו לעשן את הסיגריה שלו, חייך. השני התלקחה בו חמתו והתחיל להצליף מבטי זעם.

— שמע ישראל — — — —

— שמע ישראל — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

המכוניות נעצרו אי־שם, בדרך צדדית, בין שתי חורשות. שוב פלחה את האויר שריקת המוטורים, אבל הפעם כמו אות אזעקה, קריאה לשחקים.

קצין גוץ וצנום, בעל עינים מימיות עכורות וקול צפצפני מקניט ומרגיז. צץ פתאום, הוא התרוצץ ודידה ממכונית למכונית ופקד קצרות ונמרצות:

— אחד־אחד, אחד־אחד להוציא אותם!

מיד הוציא זוג ידים חייליות כבדות את היהודי הראשון. כעבור רגע קט נשמעה יריה בודדת

— שמע ישראל! — הרעימו שאר היהודים מהמכוניות. הוצא עוד יהודי ונשמעה שוב יריה.

— שמע ישראל — קראו שוב כל היהודים בקול גדול.

הידים הגסות של החיילים הוציאו יהודי שלישי —

יריה.

רביעי —

יריה.

שמע ישראל, שמע ישראל — — כל אחד התחיל להתרפק על רעהו ולהיצמד אליו, כרוצה להיכנס לתוכו, כל אחד נדחק ונלחץ אל חברו וכולם יחד חתרו אל הקצה, כולם נצנפו זה בזה והיו לבליל אחד, לגוש אחד, לבלי היפרד.

— שמע ישראל! שמע ישראל!

החיילים הפרידו בין הדבקים וזרקו אותם אחד־אחד החוצה, זריקה — ויריה, זריקה — ויריה.

שמע ישראל — הידהדו קולות, כתפילת קדיש לנשמת הנזרק — — — — —

— שמע ישראל, שמע ישראל! — —

כשהוציאו את ר׳ משה נתנאל ראה סביבו רק חיילים אחדים בפרצופים אדומים ומיוחמים מחמת רצח. בנשק בידיהם — עומדים ליד בור גדול מאד ופעור כפי התהום.

שני חיילים סחבו אותו בזרועותיו ופקדו עליו לשבת ופניו לבור. הוא ראה תחתיו המוני גופים רוחשים ודם, דם — —

מסתבר כי היריה בגבו של הרב היתה חלשה, משום שבבור נשאר שוכב בעינים פקוחות לרווחה, נשואות אל על — לשמים — כתפילה אחרונה, ולרוצחים — כחניתות שחורות דוקרניות של ששים מעונים טהורים וקדושים.

משה דוד געלדמאַן
(תל־אביב)

# אין „שווארצן שבת" (שבת בראשית) אין מינסק ביים דייטש

איך בין געבוירן אין מינסק, מיינע עלטערן — חיים־בער און ברײנדל געלדמאַן. פאַרלאָזט די שטאָט האָב איך ווען איך בין קוים אַלט געוואָרן 13 יאָר. איך בין אַוועק קיין וואַרשע, ווו איך האָב געלעבט אַלע יאָרן — אויף דער גזשיבאָווסקי גאַס, אין שכנות פון דער קהילה.

אין דער צייט פון פּאָגראָם אין 1936, ווען די וואַרשעווער קהילה האָט אַרויס־געשיקט טראַנספּאָרטן שפּייז פאַר די באַלאַגערטע יידן אין שטאָט, האָט מען אויף מײַן געבעט מיך דערלויבט מיטצופאָרן, כדי מיך זאָל אויפזוכן מיינע עלטערן וועגן וועמענס גורל איך בין געווען באַאומרואיקט. איך האָב זיי געטראָפן באַ־האַלטן ביי דער משפחה כאַסקעלעוויטש, אַנטקעגנאיבער די פּאַרבמאַנס.



די משפחה פון משה געלדמאַן אין מינסק — פאַר דער מלחמה

אויך ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה אין 1939, בין איך גלייך אַראָפּ־געקומען קיין מינסק זען אונדזער משפחה.

אין איינעם אַ שבת אינדערפרי (שבת בראשית), ווען איך בין אַרויס און זיך געלאָזט זען מיין ברודער שמואל־אהרן, וואָס האָט געוווינט אויף דעם רבינס גאַס, האָב איך פלוצים דערהערט אַ געשריי פון אַ דייטש: „שטייען בלייבן!". אַ דער־שראָקענער האָב איך אָנגעהויבן לויפן צוריק און בין אַריינגעלאָפן צו איטשע

קצב, אָשלאַק. איך האָב גלייך אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מלבושים און אַריין אין בעט. באַלד האָט מען אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיר, און אין דער דירה זענען אַריין צוויי — אַ דייטש מיט אַ פּאָליאַק, וואָס האָט אים געהאָלפן. „ווּ איז דער יודע־הונט, וואָס איז אַנטלאָפן ?" — האָט דער דייטש געריטשעט אויפן קול. איך האָב זיך געמאַכט תמעוואַטע, אַז איך ווייס נישט וואָס ער וויל — נישטאָ קיין הונט ; קיינער איז נישט אַנטלאָפן. ער האָט מיך אָפּנים נישט דערקענט און איז אַרויס. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער ווידער אַריין מיט אַ רעש און אָנגעהויבן זוכן צווישן די מלבושים אין שאַנק, ווּ ער האָט דערקענט מיין מאַנטל. ער האָט גלייך באַפוילן איך זאָל זיך אָנטאָן און מיטגיין.



דער 'שוואַרצער שבת" אין רודזקיס מעטאַל־פאַבריק — אויפנאַמע וואָס די דייטשן האָבן געמאַכט כדי אָפּהוזקן פון די געפייניקטע יידן

פאַרשטעלט די אויגן מיטן היטל און פאַרלייגט די הענט אויף דעם קאַרק האָט ער מיר געפירט אויף דער אַנדערער זייט גאַס — צום רבין ר' משהלע. דאָרט האָט ער פון שטיבל אַרויסגענומען נאָך יידן : דעם רבין ר' משהלען, איטשע בער און חיים גאָלדע דעם קצב, און אונדז אַוועקגעפירט צו רודזקיס פאַבריק. דאָ האָט מען אונדז אָנגעהויבן פייניקן מיט מוראדיקע סאַדיסטישע שטיק. קודם־כל האָט מען אונדז באַפוילן קריכן אויף אַלע פיר, אויף דעם בויך, אַ שטרעקע פון 50 מעטער — אַהין און צוריק. מיר האָבן זיך דערבייַ אָפּגעריבן די קני און אָרעמס, גאַנצע שטיקער פלייש. באַלד דערנאָך האָט מען אונדז געהייסן אויס־קאָפּען אַ גרוב און דאָרט אַריינוואָרפן דאָס גאַנצע שמוץ, וואָס האָט זיך אָנגע־זאַמלט אויפן פּלאַץ. דאָס איז געווען נאָך אַ רעגן און קיין בלאָטעס האָט נישט געפעלט אויפן אָרט. יעדער איינער פון אונדז האָט געמוזט אַריין אין גרוב און זיך אונטערטונקען ביז איבערן קאָפּ. ווען עמיצער פון אונדז האָט עס נישט

געמאַכט אַזוי געניי ווי די צעווילדעוועטע סאָלדאַטן האָבן געפאָדערט פון אונדז, האָט ער באַקומען אַ באַפעל: „טרינקען די שייסע!" — דאָס הייסט פשוט טרינקען די שמוציקע בלאָטע פון גרוב...

דאָס האָט אַזוי געדויערט ביז פיר פאַרנאַכט, און לסוף האָט איינער פון די סאַדיסטן זיך אָנגערופן צו אונדז: איר האָט גוט געאַרבעט, באַקומט איר יעדער אַ ברויט. מיר האָט ער געגעבן צוויי ברויט, ווייל איך האָב „בעסער" דערפילט די אַרבעט ווי אַלע אַנדערע, האָט ער געלאַכט.



נאָך אַ בילד פון שוואַרצן שבת. פון רעכטס — משה קלמן יאַבלאָנקע, ישראל מאַרגענשטערן, [illegible] ר' משהלע (מיטן גרויען בערדל און טלית) מיט זיינע זין און אייניקל מאיר־שלום

אין אַ מצב וואָס עס איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן, האָב איך זיך קוים דערשלעפּט אַהיים. מיט אומרו און זאָרג האָט מען שוין אויף מיר געוואַרט אין שטוב. אַז מען האָט מיר שוין ענדלעך דערזען אַ לעבעדיקן, האָבן אַלע געוויינט — פון גליק אָבער אויך מיט מיטלייד אויף מיין פינצטער פנים און צעהאַקטע גלידער.

צומאָרגנס נאָך דעם שוואַרצן שבת — בין איך גלייך צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע.

יצחק ליפּטשינסקי
(חולון)

# דער יודענראַט

אין דער צווייטער העלפט אָקטאָבער 1939 האָט אָנגעהויבן אָנצוקומען אין שטאָט די ציווילע דייטשע אַדמיניסטראַציע, נאָך דעם ווי פריער האָט געהערשט אַ דייטשע מיליטערישע קאָמענדאַטור מיטן האַופּטמאַן לאַריש אין דער שפּיץ. דאָס האָט זיך באַלד געגומען פילן אויף אַלע געביטן. דער ערשטער אָנזאָג איז געווען דאָס אָנקומען פונעם ס.ס.־פירער בראַנדט מיט זיין פּאַרטרעטער ד״ר מאָל בראַנדט איז געווען בערך אינעם עלטער פון 45 יאָר, אַ בלאָנדער, אַ דיקער ווי אַן אויסגעפּאַשעט חזיר. שטענדיק שיכור און מיט אַ בייטשל אין האַנט. זיין פּאַרטרעטער ד״ר מאָל איז געווען עטוואָס מער ווי מיטלוווקס, אין בינאָקלען און תמיד מיט אַ שמייכל, אויך ווען ער האָט געשאָסן אָדער געשלאָגן ביז בלוט. מיט די צוויי טייוולאָנים איז געקומען אַ גאַנצע כאָפּטע „סאָנדערדינסט״, אָדער „שוואַרצע״ ווי מ׳האָט זיי גערופן צוליב די שווארצע מונדירן, וואָס זיי האָבן געטראָגן. דאָס זענען געווען הילפס־פּאָרמאַציעס ביי דער ס.ס. פון פאָלקס־דייטשן פון די ניי אָנגעשלאָסענע געביטן. אין זייער שפּיץ איז געשטאַנען אַ „צוגפירער״, געקומען פון די סודעטן. מיט זיי זענען אויך געווען עטלעכע ציווילע פאָלקסדייטשן, און צווישן זיי דער „לאָמער גערטנער״ — אַ סאַדיסט און רוצח.

בירגערמייסטער אין שטאָט איז דעמאָלט געווען קיזעוויטש, דער זעלבער פּאָליאַק, וואָס האָט פּאַרוואַלטעט מיט מינסק בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אינעם ערשטן וועלטקריג. בראַנדט האָט אים גלייך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צונויפצורופן אויפן נאָענטן פרייטיק 24 יידן — אין זיין קוואַרטיר. שווער צו וויסן ווי אַזוי קיזעוויטש האָט געמאַכט דעם אויסוואַל. ער האָט זיך, ווייזט אויס, באַמיט אויס־צוקלייבן די וויכטיקסטע פּני — אָנגעזעענע באַלעבאַטים, געוועזענע דאָזאָרעס, ראַטמענער און אַזעלכע וואָס האָבן פריער געהאַט פּאַרנומען וועלכע נישט איז געזעלשאַפטלעכע פּאָסטנס. אויפן אָרט פון די וואָס די פּאָליציי האָט נישט געפונען, האָט מען גענומען אַנדערע. פון די 24 האָט בראַנדט גענומען בלויז 22, און די לעצטע צוויי האָט ער מיט שמיץ אַרויסגעיאָגט. צווישן די 22 וואָס זענען געבליבן זענען געווען: משה קראַמאַזש, לעאָן וויינבערג, מרדכי־יאָסל קירשנבוים, לייב עדעלשטיין, משה פּאַרבמאַן, מאיר שלום בריקס, יאַנקל גרינבערג, יוסף לוקין, פּיניע גרינבערג, בוטשע הערמאַן, מאיר לעווין, אַלטער מיצנער, בנימין גאַרבאָווניק, דער פעלדשער אַלעקסאַנדער גאָלדמאַן, משה קליינמאַן, יידל מיקאַנאָווסקי, אַלטמאַרק, שמעון מאָרגנשטערן, מנחם בערגער, שמואל אָרלאַנסקי, משה סלאָן, יאַנקל פּאַפּאָווסקי.

די אַלע האָט בראַנדט נאָמינירט אַלס „יודענראַט״. „אייער אויפגאַבע איז — אַלע מיינע באַפעלן אויספירן!״ מיט אָט די ווערטער האָט ער פּאַרענדיקט דער־קלערנדיק זיי, אַז פון הייַנט אָן זייַנען זיי אַמטירן. דערביי האָט ער אַ געשריי געטאָן: אין דרייסיק סעקונדן זאָלן אַלע פּאַרלאָזן דאָס צימער. די יידן

האָבן נישט באַוויזן זיך צו כאַפּן וואָס דאָ האָט פּאַסירט, ווי ער מיט זיין פאַר־טרעטער זענען זיי באַפאַלן: געשלאָגן, געקאָפּעט, געשמיסן און אַרויסגעוואָרפן.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן פאַרשידענע דייטשע באַאַמטע און עס האָבן זיך געעפנט אַמטן — דער לאַנדראַט, דער אַרבעטס־אַמט, „פּרייזאיבערוואַכונג" און עס האָבן זיך אָנגעהויבן מערן גזירות און פאַראָרדע־נונגען, מיט יעדן טאָג אַלץ מער. קראַמאַזש, וועלכער איז נאָמינירט געוואָרן אַלס פּרעזעס, און געהילף ווייגבערג, וואָס האָט, אגב, גערעדט אַ גוטן דייטש, זענען גע־וואָרן די פאַרבינדלער צווישן דעם יודענראַט און די דייטשע באַאַמטע. פון ערשטן טאָג אָן האָבן זיי אָנגעווענדט די טאַקטיק פון „איינבייסן" די באַאַמטע, כדי צו לינדערן אַביסל די גזירות. צוערשט מיט אַ פלאַש ווײַן, בראָנפן אָדער פּעקל קאַווע פאַרן קליינעם באַאַמטן; לסוף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך די גרויסע באַאַמטע זענען להוט נאָך אַזעלכע „מתנהלעך", בתנאי איינער זאָל נישט וויסן פון אַנדערן...

די אַרבעט פון יודענראַט האָט זיך אָנגעהויבן אויסברייטערן מיט יעדן טאָג. די עטלעכע צוואַנציק מענטשן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, זענען צו ווייניק אויף צו באַהערשן די אַרבעט, און דער יודענראַט האָט אָנגעהויבן זוכן הילף, אַנגאַזשירן מענטשן. די וויכטיקסטע אויפגאַבע איז געווען צוצושטעלן יעדן טאָג אַרבעטער, קודם־כל אין די מיליטערישע קאַשאַרן און דערנאָך אויך אין פאַרשידענע אונ־טערנעמונגען, און צו גרויסע דייטשע פירמעס וואָס האָבן געאַרבעט פאַרן מילי־טער אָדער אויסגעפירט פאַרשידענע עפנטלעכע אַרבעטן, ווי בוי פון שאָסייען.

צווישן די ערשטע וואָס זענען צוגעצויגן געוואָרן צו דער אַרבעט אינעם יודענראַט בין אויך איך געווען. אָנגעהויבן האָט זיך דערמיט וואָס פון די קאַשאַרן אויף דער קאַלושינער גאַס זענען די יידישע אַרבעטער תמיד אַהיימגעקומען צע־שלאָגענע און צעקאַטעוועטע. אין אָט די קאַשאַרן האָט מיין פאָטער, נאָך פאַר דער מלחמה, אָנגעהויבן בויען פאַרן פּוילישן מיליטער עטלעכע הייזער־בלאָקן. באַלד ווי די דייטשן זענען אַריין, זענען זיי צו אונדז געקומען מיר זאָלן פאַר־ענדיקן דעם בוי פון די הייזער. דאָס דייטשע מיליטער האָט נאָך דעמאָלט נישט אונטערשיידט צווישן יידן און נישט־יידן און זיי זענען געווען פאַראינטערעסירט די הייזער זאָלן וואָס פריער (איידער עס ווערט גוט קאַלט) פאַרטיק ווערן. מיר האָבן די אַרבעט דורכגעפירט און אין רעזולטאַט האָב איך געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג. אין איינעם אַ טאָג בין איך אַוועק און אינטערווענירט ביי דער מיליטערישער מאַכט קעגן דעם, וואָס די יידישע אַרבעטער קומען אַהיים צעשלאָגן דורך די זעלנער. דער אָפיציר האָט אין רעזולטאַט אַרויס־געלאָזט אַ באַפעל, און זינט יענעם טאָג האָט כ'ען מער נישט געשלאָגן קיין יידן אין די מיליטערישע קאַשאַרן. דאָס איז געווען אַ געוואַלדיקע פאַרלייכטערונג. משה קראַמאַזש איז מיר געווען דאַנקבאַר פאַר דעם אויפטו און געפאָדערט פון מיר איך זאָל זיך מער אנגאַזשירן אין אַזעלכע אינטערווענצן, ווייל נאָך פאַר דער מלחמה האָב איך געהאַט גרויסע פאַרבינדונגען און קאָנטאַקטן מיט פּוילישע באַאַמטע, און אויך דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער נוציק. אין דער זעלבער צייט איז צוגעקאָאָפּטירט געוואָרן צום יודענראַט אויך ר' שמואל ראָט.

דאָס רעגולירן די אַרבעט איז נויטיק געווען, כדי אַ סוף צו מאַכן צו די „לאַפּאַנקעס" — צום כאַפּן פון יידן אין גאַס, פון די שטובן. אין אַזעלכע פאַלן האָבן די דייטשן אויך גענומען עלטערע מענטשן, אויף וועלכע עס איז נישט חל געווען דאָס געזעץ פון צוואַנג־אַרבעט. דערביי האָבן זיי נישט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ אויף רעכטס און לינקס. דאָס האָב איך אַליין געפילט אויף מיינע פּלייצעס ווען מ'האָט מיר אין „שוואַרצן שבת" געכאַפּט אויף אַרבעט אין רודזקיס פאַבריק. צו דעם מצב האָט בדרך כלל אַ סוף גענומען, נאָכן איינפירן די רעגו־לירונג אַז יעדער איינער דאַרף געבן אַ טאָג אַרבעט און דער וואָס קען אַליין נישט, דאַרף שיקן עמיצן אויף זיין אָרט — אַ פרייוויליקן אָדער באַצאָלטן אַר־בעטער. מיט דער אַרבעט האָט אָנגעפירט שמעון מאָרגנשטערן, און זינט דער רעגולירונג האָט בדרך־כלל אויפגעהערט דאָס כאַפּן. פאַקטיש האָבן טעגלעך



**ביי דער קוך פון גערער שטיבל פאַר הונגעריקע יידישע משפחות און פליטים**

אין דער ערשטער ריי אויבן פון רעכטס אויף לינקס: לייב ראַכמאַן, משה קראַמאַרזש, אברהם־יעקב שוויאַטלאַ, משה קלמן יאַבלאָנקע, גרשון הענעך ליבערמאַן, יאנקל דאַנגאָט, כאַסקל וועגנעל און פרוי

געאַרבעט נישט מער ווי צוויי־דריי הונדערט מענטשן בעת אין די ראַפּאָרטן קיין וואַרשע איז די ציפער פאַרדאָפּלט און אפילו פאַרדרייפאַכיקט געוואָרן, כדי צו שאַפן דעם איינדרוק אַז די יידן אין שטאָט זענען „פּראָדוקטיוו". דער שם האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער גינסטיק ביים פאַרהיטן די שטאָט קעגן פיל צרות פון וועלכע אַנדערע שטעט האָבן געליטן בעת דער דייטשער אָקופּאַציע. איך זאָג בדרך־כלל — ווייל זייער אָפט זענען געווען שטערונגען אין די רעגולירונגען, ווייל עס זענען תמיד געווען דייטשן, וואָס האָבן נישט געמיינט די אַרבעט נאָר

די פייניקונגען. אַרבעט איז ביי זיי געווען בלויז אַן אויסרייד צו פייניקן יידן. עס איז דעריבער כסדר נויטיק געווען צו שטיין אין קאָנטאַקט און אינטערווענירן, נישט צו דערלאָזן אַזעלכע ווילדע כאַפּענישן מצד דייטשן. אין דייטשן אַרבעטס־אַמט אַלנפאַלס האָט מען פאַרשטאַנען, אַז זיי קענען נישט פאַרלאַנגען פון איין זייט מען זאָל זיי ליפערן אַרבעטס־הענט און פון דער צווייטער זייט זאָלן זיי כאַפּן יידן פון די שטובן.

אַ צווייט פּראָבלעם איז געווען — הילף פאַר די נויטבאַדערפטיקע. באַלד ביים אָנהייב זענען אַ סך משפחות אָפּגעבערענט געוואָרן און געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָן זייערע וואַרשטאַטן, אָן פּרנסה. צו זיי זענען צוגעקומען עטלעכע הונדערט פּליטים פון פאַרשידענע שטעט אין מערב, וואָס זענען אָנגעקומען צו אונדז אין אָקטאָבער און אין נאָוועמבער, באַזונדערס פון שטעט וואָס זענען אָנגעשלאָסן געוואָרן אין „רייך" און זענען געוואָרן יידנריין. ביים יודענראַט איז דעמאָלט געווען טעטיק אַן עקספּאָזיטור פון דער אַליינהילף־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געטיילט שטיצע נישט בלויז פון די געלטער וואָס זענען אָנגעקומען פון וואַרשע און פון דער צענטראַלע אין קראָקע, נאָר אויך מיט די זאַמלונגען אין שטאָט גופא, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן ביי פאַרמעגלעכע מענטשן.

דער שוחד פאַר פּוילישע און דייטשע באַאַמטע און די הילף פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג האָבן גורם־געווען דער יודענראַט זאָל אַרויפלייגן אַ שטייער על פּי רוב אויף די וואָס האָבן געקענט צאָלן, ווי למשל אויף די בעקערס, קצבים, קאַשעמאַכערס, אָלעיאַרניקעס אדג"ל. כדי איינצומאָנען דאָס געלט, האָט דער יודענראַט געשאַפן אַ ספּעציעלן געזעלשאַפטלעכן ביירוט, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן אויף אַ פאַרזאַמלונג, אויפן הויף פון יודענראַט. אינעם דאָזיקן ביירוט זענען געווען: שלמה בערקאָוויטש, יאַנקל ראָזענבערג, הערשל ביבלאַרזש, אברהם פרידמאַן, יוסף טרוינע און אברהם מאָרגענשטערן. דאָס זענען געווען אָנגעזעענע באַלעבאַטים און טוער, צו וועלכע די גאַנצע באַפעלקערונג האָט געהאַט דעם פולן צוטרוי. זיי האָבן אויסגעמאָסטן דעם שטייער, געזאַמלט דאָס געלט און געהאַט די אויפזיכט און קאָנטראָל איבערן יודענראַט, וואָס האָט, אגב, אין א געוויסן מאָמענט געוואָלט זיך אָנגעבן אין דעמיסיע צוליב מאַנגל אין געלט־מיטלען.

איך וויל דאָ אויך דערמאָנען אַ דערשיינונג, וואָס איז אפשר געווען איינציק ביי אונדז אין שטאָט — דער פאַקט וואָס דער יודענראַט האָט אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט — דורך מיר פערזענלעך — מיט דריי פּוילישע באַאַמטע פון דער קריפּאָ (קרימינאַל־פּאָליציי), וואָס זענען געזעסן אין דער פּאָליציי און מיטגע־אַרבעט מיט דער פּוילישער אונטערערד. דאָס זענען געווען די צוויי פרויען עלזביעטאַ גאַיעווסקי און מילאַ דינווונאַ און דער לייטער שוואַגערטשאַק. פון זיי טאָקע האָבן מיר באַקומען אין איינעם אַ נאָכמיטאָג אַ ידיעה, אַז ביינאַכט וועט אַרעסטירט ווערן ברוך פאַרבמאַן. מיר האָבן אויך געוווּסט די סיבה. דאָס איז געווען מחמת דעם וואָס פאַר דער מלחמה האָט ער זיך געהאַט אויסגעדריקט פאַר זיינס אַ קליענט אַ פאָלקס־דייטש, אַז היטלער וועט פריער די פּיס צעברעכן, איידער ער וועט אַריין קיין פּוילן. מיר האָבן גלייך געמאָלדן וועגן דעם ברוך פאַרבמאַנען, און אין דער זעלבער נאַכט ווען מען איז אים געקומען אַרעסטירן,

איז ער שוין געווען אויפֿן וועג קיין וואַרשע. ברוך פֿאַרבמאַן האָט די גאַנצע מלחמה זיך טאַקע אויסבאַהאַלטן אין וואַרשע, ווייל דער אַרעסט־באַפֿעל קעגן אים איז כסדר גילטיק געווען.

שפּעטער זענען געווען פֿיל אַזעלכע פֿאַלן — ווי אַנזאָגן וועגן רעוויזיעס, אַבלאַוועס, אדג״ל.



די יידישע אָרדענונגס־דינסט בעת אַ לוויה אין געטאָ. אין דער ערשטער ריי זעט מען שטוטמאַן, טיראַנגל, יאַסל ווישניעווסקי (געפֿאַלן שפּעטער ביי די פּאַרטיזאַנער) און ברעסלער.
אין הינטערגרונט זעט מען דאָס הויז פֿון יודענראַט.

דער יודענראַט אין מינסק האָט געהאַט אַ געזעלשאַפֿטלעכע באַזע. דאָס איז געווען צו זען פֿון דער אויבנדערמאָנטער רשימה פֿון די מיטגלידער און פֿון ביוראָ. דאָס זענען פּאַקטיש געווען פֿאָרשטייער פֿון אַלע שיכטן און פּאַרטייען — ציוניסטישע און נישט־ציוניסטישע, האַנטווערקער און אַרבעטער. דאָס זעלבע איז אויך געווען דאָס פּרעזידיום, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן דורך דעם פּלענום. אין פּרעזידיום זענען געווען: קראַמאַזש, וויינבערג, בריקס, קירשענבוים, פּיניע גרינבערג און איך. אונדזער אויפֿגאַבע איז געווען צו טרעפֿן זיך יעדן טאָג און אָנהאַלטן דיזשורן טאָג און נאַכט. דער יודענראַט ביי אונדז אין שטאָט האָט בשום אופֿן זיך נישט געהאַלטן ווי אַ נאָמינירטער דורך די דייטשן, נאָר ווי אַ געוויילטער דורך דער שטאָט, און זיין הויפּט־אויפֿגאַבע איז געווען צו העלפֿן יידן מיט אַלע מיטלען איבערצוקומען די שווערע צייט.

און די צייט איז געווען אַ שווערע, פֿול מיט גזירות און נסיונות, מיט וועלכע מען האָט זיך געמוזט ראַנגלען יעדן טאָג, יעדע שעה.

אין איינעם אַ טאָג איז אַרויס די גזירה וועגן געטאָ. דאָס איז געווען נאָך לאַנג איידער עס איז געשאַפֿן געוואָרן דאָס געטאָ אין וואַרשע. בראַנדט און פֿעלקע האָבן זיך פֿאַרנומען דערויף, און מען האָט שוין אפֿילו געהאַט פֿאַרצויגן דראָטן אַרום דעם באַשטימטן שטח. די גזירה איז אָפּגערופֿן געוואָרן נאָך גרויס

מי. אַ קאָנטריבוציע פון 2.5 קילאָ גאָלד איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער שטאָט, כדי אָפּצורופן די גזירה.

געווען אויך די גזירה פון שיקן יוגנטלעכע אַרבעטער קיין פּלאַשאָוו, אַ גרויסער אַרבעטס־לאַגער אין לובלינער דיסטריקט. טויזנט יוגנטלעכע האָבן די דייטשן פאַרלאַנגט פון אונדזער פּאָוויאַט. מיר האָבן פאַרקלענערט די צאָל אויף 600. אויף מינסק איז אויסגעפאַלן לסוף אַ צאָל פון 150 יוגנטלעכע, פּאַקטיש זענען בלויז 40 געפאָרן. פאַרן יודענראַט איז געשטאַנען די פראַגע וועמען צו שיקן. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע האָט זיך אָוועקגעזעצט באַטראַכטן די רשימה פון דער באַפעלקערונג און עס זענען אָנגענומען געוואָרן קריטעריעס: איינציקע זין ווערן נישט גענומען; גענומען ווערן בלויז בחורים פון שטובן ווו עס זענען פאַראַן צוויי אָדער מער ייִנגלעך, און די אַלע פליכטיקע וועלן דורכמאַכן אַ מעדיצינישע קאָמיסיע, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען דער פּאָוויאַטאָווער דאָקטער, מאַצקיעוויטש, אַ פּאָליאַק. פיזיש שוואַכע זענען באַפרייט געוואָרן. דערנאָך, אַז עס האָבן אָנגעהויבן קומען איובס בשורות פון פּלאַשאָוו וועגן די מוראדיקע באַדינגונגען. איז קראַמאַזש און בריקס און דערנאָך צאָלקע גרינבוים געפאָרן אַהין און אָנגעהויבן אויסקויפן די צוואַנג־אַרבעטער, ביז כמעט אַלע זענען צוריקגעקומען פון דאָרט. בלויז איינער איז אומגעקומען אין לאַגער.

דערנאָך די עפּידעמיע פון טיפוס־קראַנקע. אין גערער שטיבל איז אינסטאַלירט געוואָרן אַ פּראָוויזאָריש שפּיטאָל. נאָך פריער איז געהאַט אַראָפּגעבראַכט געוואָרן דורכן יודענראַט אַ ספּעציעלער ייִדישער דאָקטער, ד"ר שמעון גרינבערג, אַ פּליט פון לאָדזש, כדי נישט צו זיין אויסגעשטעלט אויף די פּוילישע דאָקטוירים, וואָס האָבן נישט געטאָרט געבן ייִדן קיין מעדיצינישע הילף.

מיטן אויפשטעלן דאָס געטאָ איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ סאַניטאַרן־דינסט און אַן אָרדענונגס־דינסט. אויך זיי אַלע זענען געווען דורכגעדרינגען מיטן באַוווּסטזיין צו העלפן ייִדן, — צו אַליאַרמירן ייִדישע בעקערייען אָדער געשעפטן וועגן רעוויזיעס, וואָס די דייטשן גרייטן מאַכן, און בעיקר זאָרגן פאַר דעם, אַז דער צושטראָם פון שפּייז פאַרן געטאָ זאָל נישט אויפהערן אויף קיין איין מינוט. נישט איינמאָל האָבן די ייִנגלעך דערביי אַרויסגעוויזן מסירות נפש.

איך בין באַשטימט געוואָרן אַלס לייטער פון דער אָרדנונגס־דינסט.

דער יודענראַט אין מינסק האָט אויך געפילט זיך ווי דער אַפּוטרופּוס פון די אַרומיקע שטעטלעך און אינטערוועניִרט נישט איינמאָל לטובת זיי. אַזוי איז געווען למשל בעת דער טיילווייזער אויסזידלונג פון קאָלושינער ייִדן קיין וואַרשע. אגב, האָט מען דעמאָלט אויך פיל גערעדט וועגן דעם, אַז די ייִדן אין מינסק וועלן אויסגעזידלט ווערן קיין וואַרשע. שפּעטער איז דער פּלאַן איינגעטוישט געוואָרן אויף אַן אַנדער „אויפטו", צו פאַרקלענערן די צאָל ייִדישע ישובים אינעם פּאָוויאַט דורך דעם, וואָס די ייִדן פון סטאַניסלאַוואָוו זאָלן אַריבער קיין דאָברע אָדער פּאַרקערט, און די ייִדן פון שעניצע זאָלן אַריבער קיין קאָלביעל, פון לאַטאָוויטש קיין סטאָצק, אָדער פּאַרקערט. די דעציזיע וועגן דעם האָבן די דייטשן איבערגעגעבן אין די הענט פון יודענראַט אין מינסק. דער יודענראַט האָט נישט געוואָלט נעמען אויף זיך אַזאַ אחריות און האָט באַשלאָסן דעם ענין צו ברענגען פאַרן

קאַלעביעלער רב, דעמאָלט די גרעסטע רבנישע אויטאָריטעט אין פּאָוויאַט. אין איינעם אַ טאָג האָט מען אַרויסגערופן קיין מינסק די פאָרשטייער פון די אַלע שטעטלעך. צוזאַמען מיט משה קראַמאַזש און מאיר שלום בריקס בין איך אַרויס־געפאָרן אויף אַ שליטן קיין קאַלעביעל. דאָס איז געווען ווינטער 41־42. אַ גרויסער שניי איז גראָד געפאַלן. מיר האָבן זיך קוים דערשלעפּט קיין קאַלעביעל און געבראַכט דעם רב. דער רב האָט אַ גאַנצע נאַכט גוט אויסגעהערט די טענות פון די צדדים און לסוף באַשלאָסן צו וואַרפן גורל. איך קען נישט פאַרגעסן דעם יאָמער און קלאָג פון די יידן, וואָס האָבן אַ גאַנצע נאַכט געזאָגט תהילים זייער קהילה זאָל אויסמיידן אַ גירוש...

איך געדענק שוין נישט גענוי ווי דער גורל איז אויסגעפאַלן, בפרט אַז די גזירה איז לסוף אָפּגערופן געוואָרן. די אַלע קליינע קהילות זענען ליקווידירט געוואָרן ערשט אַ חודש נאָך מינסק. די דייטשן האָבן שוין אָפּנים געגרייט די טאָטאַלע אויסראָטונג.

יולי 1942 זענען מיר אויפגעטרייסלט געוואָרן פון די אויסזידלונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אין וואַרשע. די דייטשן ביי אונדז אין שטאָט האָבן אונדז אָבער ככדר פאַרזיכערט, אַז מיר מעגן זיין רואיק. אין אונדזער געטאָ זענען אַלע באַשעפטיקט, ביי דער אַרמיי און ביי אַנדערע אַרבעטן, און קיין שום אויסזידלונגען וועלן נישט זיין.

אין איינעם אַ טאָג בין איך געווען אין וואַרשע. דאָס איז געווען אין שייכות מיט אויפשטעלן אַרבעטס־שאָפּן וואָס מיר האָבן פּלאַנירט אויפן מוסטער פון וואַרשעווער געטאָ. איך בין אַריינגעגאַנגען צום וואַרשעווער אגודה־פירער, אייזיק בער עקערמאַן, וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון וואַרשעווער יודענראַט. אַ חוץ אַ מינסקער איידעם, איז ער אויך געווען זייער באַפריינדעט מיט מיין פאָטער. אַזוי שמועסנדיק מיט אים וועגן דער לאַגע, רופט ער זיך פלוצים אָן: איך וועל אייך עפּעס זאָגן, אָבער גיט מיר אַ תקיעת כף, אַז דאָס בלייבט אַ סוד און איר וועט קיינעם נישט אויסזאָגן וואָס איך וועל אייך אַנטפּלעקן. איך האָב אים צוגעזאָגט און באַלד געזען, אַז נישט קיין פריילעכע נייס גייט ער מיר איבערגעבן. ער האָט מיר דערציילט, אַז דער יודענראַט האָט פאַר אַ סך געלט נאָכגעשיקט פּאָליאַקן, זיי זאָלן נאָכשפּירן די טראַנספּאָרטן יידן, וואָס גייען אָפּ פון אומשלאַג־פּלאַץ אין וואַרשע, זיי זאָלן זיך דערוויסן וווהין די יידן ווערן געפירט. צווישן זיי זענען אויך געווען פּוילישע באַן־אַרבעטער, וואָס זענען מיטגעפאָרן מיט די צוגן; ווייזט זיך אַרויס, אַז נישט אויף מזרח גייען די צוגן — ווי די דייטשן האָבן אָפּגענאַרט — נאָר זיי פאָרן גאָר אויף דער ליניע קיין מאַלקין און די מענטשן שטייגן אויס ביי דער סטאַציע טרעבלינקע, און דאָרט איז טויט... מער קיין פּרטים האָט ער מיר נישט איבערגעגעבן.

אַ צעמישטער בין איך צוריקגעפאָרן קיין מינסק און אַ טאָג־צוויי געראַנגלט זיך מיט דער דעה: יאָ אָדער נישט אַנטפּלעקן דעם סוד. לסוף האָב איך באַשלאָסן: דאָס טאָר נישט זיין קיין סוד און איך האָב אויף אַ זיצונג פון יודענראַט זיי מגלה־געווען דאָס וואָס אייזיק בער עקערמאַן האָט מיר איבערגעגעבן בסוד. בלויז וויינבערג האָט זיך צו דער ידיעה באַצויגן סקעפּטיש. די אַנדערע האָבן

געשוויגן אין ווייטיק. מרדכי־יאָסל האָט דעם ענין גענומען ערנסט און טאַקע באַלד אָנגעהויבן זאָרגן וועגן קען־קאַרטן אַלס קריסטן פאַר זיין טאָכטער און איידעם, וואָס האָבן געהאַט אַ גוטן אַרישן אויסזען. דאָס זעלבע האָבן מסתמא געטאָן אויך אַנדערע. נישט איינער פון די וואָס זענען לעבנגעבליבן אויף אַרישע פּאַפּירן פון אונדזער שטאָט, האָט צו פאַרדאַנקען זיין לעבן יענעם געשפּרעך מיינעם מיט עקערמאַנען...

קוים אַ פּאָר וואָכן זענען פאַרביי און די אַקציעס האָבן אָנגעהויבן פאָרקומען אויך מחוץ וואַרשע. די דייטשן האָבן נאָך אַלץ געטענהט, אַז מען מיינט נישט אונדזער פּאָוויאַט. רעמבערטאָוו און אָטוואָצק האָבן דאָך געהערט צו וואַרשע. דאָך האָבן מיר געפילט ווי די געפאַר דערנענטערט זיך צו אונדז. הערנדיק וואָס עס קומט פאָר אין אַנדערע שטעט, האָב איך צוזאַמענגערופן די אָרדענונגס־לייט און זיי געזאָגט, אַז ווער עס וויל קען פאַרלאָזן דעם פּאָסטן. צוויי האָבן באַלד אַראָפּגעוואָרפן די לענטעס. זיי זענען געוואָרן גרופּנפירער. דאָנערשטיק ביינאַכט האָבן רוסישע עראָפּלאַנען באָמבאַרדירט וואַרשע. מיר זענען געווען וואַך. אַזייגער זעקס פרי באַקום איך אַ טעלעפאָן. עס קלינגט חיים־ברוך אָפּנהיים, וואָס איז פרי אַוועק מיט אַ גרופּע אַרבעטער קיין סטוידליס. „זיי זענען דאָ!” האָט ער געזאָגט און איך האָב שוין אַלץ פאַרשטאַנען. איך האָב גלייך אַליאַרמירט קראַמאַזשן מיט בריקסן. זיי זענען אַוועק צום לאַנדראַט און איך צו דער פּאָליציי, צו שמידטן. קיין איינער פון זיי האָט אונדז אָבער איצט נישט געקענט...

באַלד האָבן זיך געהערט שאָסן. מ'איז זיך צעלאָפן. די ערשטע גרופּעס יידן זענען באַלד געבראַכט געוואָרן צום מאַרק. די היץ איז געווען אומגעהויער און די יודענראַט־מיטגלידער און די אָרדענונגס־דינסט האָבן דערלאַנגט וואַסער און ברויט פאַר די אָנגעזאַמלטע יידן אין מאַרק. אַרום צען אַזייגער האָבן די ס. ס.־לייט אָנגעהויבן שלאָגן מערדערלעך די וואָס האָבן געטראָגן, ברויט מיט וואַסער פאַר די מענטשן. יאָסל קאַלוסקין האָבן זיי בלוטיק צעשלאָגן. דערנאָך איז גע־קומען אַ באַפעל, אַז דער יודענראַט דאַרף אויך זיך זעצן אין מאַרק, גלייך מיט אַלע. איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס ביי איינעם פון די ס.ס.־פירער איז צעבראָכן געוואָרן אַ שויב אין אויטאָ, און ער האָט געזוכט אַ גלעזער. איך האָב אויסגעזוכט אין מאַרק דעם לאָמען גאָלדעס אַן אייניקל און מען איז געפאָרן זוכן גלאָז. פריער זענען מיר אָנגעקומען אין די קאָשאַרן אויף דער קאָליע־גאַס. שטייענדיק ביים וואַרשטאַט פון די טישלער האָט דער ס. ס.־מאַן ברייט אָנגע־צונדן אַ ציגאַר צום רויכערן נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט. דער לויטענאַנט אייזנהוט, וואָס האָט דאָס געזען דורך זיין פענצטער, איז אַרויס און אים אָנגע־הויבן זידלען און טופּען מיט די פיס ער זאָל גלייך פאַרלאָזן דעם מיליטערישן שטח. ביי דעם גאַנצן אומגליק האָט מיר הנאה־געטאָן וואָס דער ס. ס.־מאַן כאַפּט דאָ איבערן קאָפּ פון אַ דייטש. אַ באַליידיקטער איז ער אַוועק און מיר האָבן אים געפירט צו רודזקין. פאַר מיר איז דער באַזוך אין די קאָשאַרן געווען וויכטיק, ווייל איך האָב געקלערט אַהער צוריקצוקומען. אויפן מאַרק האָב איך געהערט ווי דער פאָלקסדייטש גלייץ פון דער פּאָליציי האָט ראַפּאָרטירט די ס. ס.־אָפיצירן, אַז אומגעפער 1200 יידן זענען שוין צעשאָסן געוואָרן איבער די גאַסן און אַרום

דער שטאָט ביים אַנטלויפן. דאָס איז געווען אַרום 10 פרי. ווייזט אויס, אַז דאָס וואָס אַזוי פיל האָבן געפּרוּווט אַנטלויפן, האָט זיי אַריינגעבראַכט אין צאָרן, וועלכן זיי האָבן אויסגעלאָזט אויף די יידן אין מאַרק. איך האָב באַשלאָסן אַנטלויפן.

גראָד זענען אונטערגעקומען דריי פעלד־זשאַנדאַרן, וואָס איך האָב זיי אַ טאָג פריער געהאַט צוגעזאָגט זייף מיט קאַפּע. איך האָב דאָס אויסגענוצט און זיי גע־בעטן זיי זאָלן מיך צופירן אויף דער קאָליע־גאַס. זיי האָבן מיר געהייסן גייען פאָרויס, עס זאָל הייסן אַז זיי פירן מיך ווי אַן אַרעסטאַנט. אויפן וועג, אויף דער מאָסטאָווע גאַס, האָב איך מיט אַמאָל דערזען ווי מען פירט מיינע עלטערן און משפּחה: מיין שוואָגער אלימלך גרינבערג מיט מיין שוועסטער און קינדער, די שוועסטער פון מילאָסנע מיט דער עלטערער טאָכטער (דעם מאַן פון דער יינגס־טער שוועסטער, אהרן דאָמב, האָב איך שפּעטער געטראָפן אין קאָפּערניק). פאַרבייגיי׳ענדיק, זאָגט מיר מיין מאַמע שטיל, אַז צירונג און געלט ליגט אונטערן שייטל אין קוך־שאַנק. איך האָב שוין אָבער וועגן דעם כּלל נישט געטראַכט.



די משפּחה פון אלימלך גרינבערג — איידעם פון שלמה ליפּשיטסקי
איך אומגעקומען בעת דער אַקציע אין מינסק (אין צענטער פון
בילד — דער מחבר יצחק ליפּשיטסקי)

מיר האָבן זיך געזעגנט מיט שטומע בליקן. איך האָב זיי מער שוין נישט געזען. אויך אונדזערע שכנים, די שטוטמאַנס און די סאָסנאָווסקיס, זענען געפירט געוואָרן צום מאַרק.

איך וויל דאָ באַמערקן, אַז די געסטאַפּאָ האָט יענעם טאָג זיך באַנוצט מיט דום־דום־קוילן, וואָס האָט די קרבנות אינגאַנצן צעשמעטערט.

ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו אָבפּייערס בעקעריי, האָב איך באַמערקט ווי דער זשאַנדאַר זאָנענבערג (מען האָט אים אין געטאָ גערופן „זעסער", ווייל ער האָט געהאַט אַן ענלעכן גאַנג ווי דער שטאָט־משוגענער שלמה זעסער) גייט מיר אַנטקעגן מיט זיין רעוואָלווער אין האַנט. ערשט ווען די פעלד־זשאַנדאַרן האָבן אים געזאָגט, אַז איך גיי מיט זיי, האָט ער מיך אָפּגעלאָזט. נאָך פריער האָט דער זעלבער זאָנענבערג געשאָסן פרוי מאַרגענשטערן און אהרון כאַסקעלעס פרוי מיט אַ קינד אויף עק מאָסטאָווע און פילסודסקי־גאַס.

ענדלעך בין איך אָנגעקומען אין די קאָשאַרן אויף קאָליע־גאַס און זיך אויס־געמישט מיט אַלע אַרבעטער. וואָס עס האָט פּאַסירט אויפן מאַרק נאָך עלף אַזייגער, האָב איך בלויז געהערט שפּעטער אין קאָפּערניק לאַגער. פאַרנאַכט, ווען אַלע זענען געטריבן געוואָרן צו דער באַן, איז דער יודענראַט אָוועקגענומען געוואָרן צו דער זאָנדערדינסט. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען זיי דאָרט געפּייניקט און שבת אינדערפרי האָט מען זיי אַרויסגעפירט צו דער מיל פון שולצן ביי דער פירמע „וואָלפער און געבעל" און זיי אַלע דערשאָסן. וויינבערגן האָט מען פריער אָפּ־מיט אַ קינד אויף עק מאָסטאָווע און פילסודסקי־גאַס.

אין „קאָפּערניק" האָב איך זיך אויך באַגעגנט מיט מיין פרוי. זי איז ביים אָנהייב פון דער אַקציע אַוועק אין שפּיטאָל, צו ד"ר סטאַזשיק, ווו זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן יענעם טאָג. איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן זוכן אַ באַהעל־טעניש. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מען וועט מיך זוכן און יעדער דייטש אין שטאָט וואָס וועט מיך געפונען, וועט מיך גלייך אָפּרוימען, כדי עס זאָל נישט בלייבן קיין עדות וועגן שוחד, וואָס זיי האָבן גענומען...

מאָנטיק פאַרנאַכט איז דער קאָפּערניק אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דער מינסקער זשאַנדאַרמעריע און געסטאַפּאָ — שוין אָן די „געסט" פון די ספּעציעלע ס. ס. אָפּטיילונגען, וואָס זענען נאָכן ענדיקן זייער אַרבעט אין מינסק אַוועק קיין שעדלעץ און אַנדערע שטעט אויף דער ליניע. איך האָב זיך גלייך אָנגעהויבן באַהאַלטן. אין איינעם פון די זאַלן פון דער שול איז געשטאַנען אַ הויכער, קיי־לעכדיקער אויוון. איך האָב זיך אַריינגעשטופּט דורך אויבן, אין אַ ווינקל צווישן דעם אויוון און דער וואַנט. ווי אַזוי איך האָב דאָס באַוויזן, ווייס איך נישט עד היום, ווייל נאָך דער אַקציע האָבן גורפּינקל און קויפמאַן מיך געמוזט פון דאָרט אַרויסציען מיט פעסטע שטריק... פון אָט דער באַהעלטעניש מיינער האָב איך בלויז געקענט הערן די שיסערייען און די יאָמערלעכע געוואַלדן פון די קרבנות, וואָס זענען געפאַלן פון די שאָסן. „איך בין יינג, איך וויל לעבן!" — האָב איך געהערט די געוואַלדן פון דער פאַרווונדעטער מאָזעסוונע, אין יידיש און פויליש, און דערנאָך האָב איך געהערט דאָס קול פון גוטבעליי: „גענוג, גענוג" און באַלד דערנאָך האָבן זיך געהערט זיבן שאָסן פון זיין פּיסטאָלעט.



דאָמבס פרוי
העלע אסתר מיט הדסה

שפּעט ביינאַכט, נאָך דער סעלעקציע, און נאָך דעם ווי די אַלע וואָס זענען נישט געווען אויף דער ליסטע זענען אַריבערגעפירט געוואָרן צו יורטשאַקן אין דער נישט־פאַרענדיקטער קאַמיעניצע, האָב איך אָנגעהויבן זוכן מיין ווייב. פון איר פאַטער, יחיאל נוס, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זי האָט זיך אין סאַמע מיטן דער אַקציע אָנגענומען מיט מוט און אָן פּחד פאַרלאָזט דעם קאָפּערניק, ווי נישט איר מיינט מען. זי איז רואיק אַוועק צום שעניצער וואַלד און אַריין צום סעקרע־טאַר פון דער פוילישער גמינע מיקאָליי פּיאָלעק. דאָרט האָב איך מיין פרוי גע־טראָפן אין בעט. איך אַליין האָב געמוזט אַוועק פון קאָפּערניק, ווייל די דייטשן האָבן נישט אויפגעהערט מיך דאָרט צו זוכן. אַ געוויסע צייט האָב איך זיך אויס־באַהאַלטן אין אַ דאָרף ביי אונדזערס אַ פּוילישן אַרבעטער, אַן אָרעמער פּויער, וועמען איך האָב געמאַכט אַ מתנה און געקויפט אַ קי מיט אַ פּאָר חזירים, ווייל ביי אים אין שטוב איז נישט געווען וואָס צו עסן. די געסטאַפּאָ און די פּוילישע פּאָליציאַנטן האָבן מיך נישט אויפגעהערט צו זוכן, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך מוז אַוועק וואָס ווייטער פון שטאָט. איך בין אַוועק קיין וואַרשע. אַ צייט האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ מינסקער גוי — ביים סטאָלער סאַרנעצקי, וואָס האָט געוווינט אַמאָל ביי דער עלעקטראָווניע אויפן רבינס גאַס. בעת דער מלחמה האָט ער געהאַט אין וואַרשע אַ רעסטאָראַן.

# צו דער געשטאַלט פון משה קראַמאַרזש

אינעם בוך „מאַטעריאַלן און דאָקומענטן וועגן אונטערערדישן קאַמף אין די געטאָס און לאַגערן" אַרויסגעגעבן דורך דער היסטאָרישער קאָמיסיע אין לאָדזש 1946 (אין דער פּוילישער שפּראַך), ווערט געבראַכט אַן איבערזעצונג פון א. שעדלעצקיס באַשרייבונג וועגן אומקום פון די יידן אין קאָפּערניק, און אין אַריינפיר ווערט דערציילט, אַז דער מחבר האָט דעם 28.2.46 אָפּגעגעבן אַ גביית־עדות אין דער היסטאָרישער קאָמיסיע, אַז שוין זומער 1942 האָבן עקזיסטירט אינעם געטאָ יידישע קאַמפּס־גרופּן וואָס האָבן פאַרשפּרייט אומלעגאַלע פּרעסע, בעיקר אַרויסגעגעבן דורך פּ. פּ. ר. און אַ. ל., ווי אויך געזאַמלט געלט אויף איינצוקויפן וואָפן. יוני און יולי 1942 איז דורכגעפירט געוואָרן כמעט אַן אָפענע געלט־זאַמלונג לטובת דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין וועלכער עס האָבן זיך אויך באַטייליקט מיטגלידער פונעם יודענראַט. אַ טאָג פאַר דער אַקציע, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 21טן אויגוסט, האָט דער פאָרזיצער פונעם יודענראַט, משה קראַמאַרזש, איבערגעגעבן צו (יודל) ציליך אויף איינצוקויפן וואָפן, אַ סומע פון 10,000 זלאָטעס. יודל ציליך איז אומגעקומען אין ערשטן טאָג פון דער אַקציע.

אינעם באַקאַנטן ווערק פון מיכאל באָרוויטש „אַרישע פּאַפּירן" (אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע, בוענאָס־איירעס 1955 — תשט"ו), ווערט געבראַכט פאָלגנדיקע דערציילונג פון אַ יידישע פרוי פון געטאָ־וואַרשע, וואָס האָט געהאַט דאָקומענטן ווי אַ קריסטין און געאַרבעט אין מינסקער לאַנדראַט און איז אַנגעגאַנגען ווי אַ כשרע אַריערין! זי שרייבט אין איר גביית־עדות, אויפגענומען אין דער היסטאָרישער קאָמיסיע באַלד נאָך דער מלחמה (מיר ציטירן לויטן דערמאָנטן בוך, זייטן 133—134):

„אין מינסק־מאַזאָוויעצק האָב איך קענען געלערנט דעם פּרעזעס פון „יודענראַט" — קראַמאַרזש. כ'האָב זיך מיט אים קאָנטאַקטירט און באַזאָרגט פאַר יידן גרעסערע צוטיילונגען. דערפאַר האָט ער געבראַכט קיין מינסק מיין שוועסטער און שוואָגער.

„מיין שוועסטער האָט געוווינט אין געטאָ (זי האָט געהאַט אַ „שלעכטן אויסזען") און דער שוואָגער איז געפאָרן קיין וואַרשע אויף „אַרישע פּאַפּירן". אַן אוניווערזיטעט־חבר האָט אים דערקענט... (מיין שוואָגער האָט געהייסן ד"ר קאַזשימיעזש ראָזענבערג פון וואַרשע, אַ פילאָלאָג פון דער קלאַסישער גימנאַזיע). מען האָט אים גענומען אויפן קאָמיסאַריאַט. פון קאָמיסאַריאַט־פענצטער האָט ער אַרויסגעוואָרפן אַ צעטל צו אַ חבר, אַז... ער וואָלט זיך געוואָלט אויפהענגען אָדער סמען, איך ווייס נישט וואָס עס איז מיט אים געשען.

„דעם 22טן אויגוסט (ס'דאַרף נאַטירלעך זיין דעם 21סטן — רעד'). אַזייגער 8.30 אינדערפרי, איז צו מיר אין סטאַראָסטווע געקומען דער פּרעזעס קראַמאַרזש און וויצע־פּרעזעס בריקס — און מיר איבערגעגעבן אַז די וואַרשעווער געסטאַפּאָ איז געקומען בכדי דורכצופירן אַן „אַקציע". כ'האָב געבעטן

קראַמאַרזשן ער זאָל זיך נישט צוריקקערן אין געטאָ און זיך באַהאַלטן ביי מיר, — בפרט אַז דער סטאַראָסטווע איז געווען איבערגעקויפט און ער וואָלט געשוויגן. קראַמאַרזש האָט זיך נישט געוואָלט באַהאַלטן; ער האָט געגלייבט, אַז אים וועט געלינגען איבערצוקויפן די דייטשן און אָפּצוראַטעווען די יידן. נאָך אַ שמועס מיטן סטאַראָסטווע ד״ר ציטריק (דאַרף זיין: ביטריך), אַ דייטש, וואָס האָט צוגעזאָגט אַן אינטערווענץ, האָט קראַמאַרזש זיך צוריקגעקערט אין געטאָ. פון מיר האָט ער דערהאַלטן דעם צוזאָג, אַז אין פאַל פון זיין טויט וועל איך זיך פאַרנעמען מיט זיין 13יעריקן זון און אים דערציען אַלס אַ גוטן ייד.

„בעת דער אַרבעט האָב איך געהערט שאָסן. כ׳האָב פאַרשטאַנען אַז די „אַקציע״ האָט זיך אָנגעהויבן. כ׳האָב געבעטן מיין רעפערענט, אַ דייטש, ער זאָל מיך באַפרייען אויף אַ שעה, ווייל כ׳האָב אַ קלייד ביי אַ יידישער נייטאָרין, און איך מוז עס אָפּנעמען נאָך פאַר דער אַקציע. ער האָט מיך באַפרייט. האַלב לעבעדיק בין איך געלאָפן צו מיר אַהיים. דאָרט איז שוין געווען מיין שוועס־טער. ס׳איר געלונגען צו אַנטלויפן דורך אַ געשעפט, וואָס האָט געהאַט צוויי אויסגאַנגען; אַן אַרישן און אַ יידישן. קראַמאַרזש און זיין זון זענען נישט געווען. כ׳בין אַרויס אויפן רינעק. דאָרט זענען שוין געווען פאַרזאַמלט די יידן. די יידישע דירות זענען שוין געווען אויסגעליידיקט. אין איין העלפט פון רינעק זענען געווען מענער — און אין דער אַנדערער פרויען. אַלע זענען געזעסן קניעענדיק. ענג. איינער ביים צווייטן. אַ הי׳ץ נישט אויסצוהאַלטן. כ׳בין געשטאַנען ביי דער מויער מיט אַ גרופע אַריער. קראַמאַרזש איז צו מיר צוגעגאַנגען. ער איז געווען שרעקלעך בלאַס און מיר געזאָגט, אַז אַלץ איז שוין פאַרפאַלן, אַז ער גייט צום טויט. ער האָט מיר נאָר געבעטן איך זאָל תמיד בלייבן אַ יידישע. מען האָט זיי דאָרט געהאַלטן ביז 8 אָוונט. די „אַריער״ האָבן צוגעוואָרפן פאַר די יידן פלעשלעך מיט סאָדע־וואַסער. טויזנטער הענט האָבן זיך אויסגעשטרעקט נאָך וואַסער; די ס.ס. האָט צו זיי געשאָסן. נאָכדעם האָבן זיי זיך גערימט: „איך האָב דערשאָסן 30 מאַן״, און „איך 48״, אא״וו.״



אויף דער לוויה פון עפּאַ קראַמאַרזש — פון רעכטס אויף לינקס: חיים ברון אָפּנהיים, שאַיע אָפּנהיים, מיט זייער מוטער, משה קראַמאַרזש, העניעק פיאַנקאָ און ישראל־איטשע לאָופער. אין הינ־טערגרונד זעט מען פון לינקס: יאַנקל שיפּמאַן, צאַלקע גרינבוים, אפרים שעדלעצקי, יוסף פורמיינסקי

**לייב ראַכמאַן**

# אין יענע טעג

### משה יערזשינקער הי״ד

משה יערזשינקער איז ווייט שוין נישט געווען קיין יונגערמאַן. א ייד — אַ קנאַפּער רעדער, אַ ברייטפּלייציקער, אַ גבר. דער גוף — אַ גרויסער, אַ שטאַרקער — מיט א קינדישער נשמה אין זיך. למראית עין, א פּשוטער ייד, א מענטש פון „עמך״. זיין פּרנסה פאַרבונדן מיט פעלדער און טייכן; א פישער, וואָס שטייט יעדן פרייטיק — ערב שבת און ערב יום־טוב — אויפן מארק, צווישן די אנדערע פישער. ער פאַרקויפט פיש לכבוד שבת און לכבוד יום־טוב.

ער האָט געכאַפּט פיש, משה יערזשינקער, אין די טייכן און סאַד־זעווקעס אַרום מינסק; נישט איין מאָל — אַנהייב וואָך, לעבעדיקע פיש, און ביזן פאַרקויף לכבוד שבת — האָט ער זיי געהאַלטן אין לויזע קאַס־טענעס, פון אַלע זייטן מיט ברייטע שפּאַרעס — אין מיטן דער שטאָט, אין סרעברנאַ־טייך. געטון האָבן דאָס אויך אַנדערע פישער.

דאָס אַלץ, ווי געזאָגט, משה יערזשינקער דער דאָרפס־ייד, דער „בעל־גוף״.



ביידע זיידעס, די מחותנים — משה יערזשינקער (רעכטס) און זיין קוזין, דער דאַזער ר׳ דוד יאַבלאָנקע, פירן זייער אייניקל צו דער חופה — אַזוי האָט אויסגעזען אַמאָל, אַמאָל...

זיין נשמה, וואָס האָט אָבער טאָג און נאכט געשוויגן אין אים, איז כסדר געווען פאַרבונדן מיט זיין באַשעפער. זיין טיפע אמונה, פול מיט גרייטקייט צו מסירת־נפש, האָט געשטעקט אין זיין גאנצן שטילן גוף —

אין אלע זיינע איברים, אין זיינע אויסגעארבעטע הענט. דער שווייגנדיקער משה יערזשינקער איז געווען פול מיט געוויין ווי אַ גרויס קינד, מיט פאַר־באָרגענער הכנעה. פאר זיינע אויגן איז תמיד געווען גאָט. ער האָט פאר אים געשוויגן.

ער האָט געהאַט, משה יערזשינקער, צוויי־ערליי חברות: די פון א גאנ־צער וואָך, פשוטע יידן, פישערס און מארק־הענדלער, ווי ער, און — חסידים, שטילע בעלי מדרגה — אין די פארנאכטן, אין פּאָריסאָווער שטיבל, ווו ער האָט געדאַוונט מנחה און מעריב. אויך יעדן אין דער פרי פארן דאַ־ווענען האָט ער געטרונקען קאַווע בחברותא — מיט די פּאָריסאָווער חסידים, ווי זיי האָבן זיך געפירט.

און דאָ איז כדאי צו דערציילן: די פּאָריסאָווער חסידים אין מינסק האָבן געהאַט דאָס שטיבל בשכנות פון רבינס שוואָגער, ר׳ משהלע. ר׳ משהלע, וואָס איז אליין געווען רבי, האָט געהאַט גאָר ווייניק חסידים. א ייד — אן עניו; א דראָבנער, א קליינער. טאָג און נאכט איז ער געווען פארטיפט, און ביזן סוף נישט געקאַנט קיין צורת מטבע. דאָרט, אין דער שטוב פון רבין ר׳ משהלע, האָט מען יעדן שבת פאר נאכט געזונגען פאר־באָרגן און מיט בענקשאפט, די געזאַנגען פון „שלום־סעודות״. דאָרט איז מען זיך אויך צוזאַמענגעקומען, און פאַרברענגט יום־טוב — נאָך דער סעודה אין דער היים. תמיד, צווזאמען מיטן עולם, איז דאָרט געזעסן, נישט ארויס־געזען, משה יערזשינקער. ביים זינגען בצוותא האָט מען ארויסגעהערט זיין געדעמפט קול, ווי עס וואָלט זיך געהייבן פון תהומען. אויסער בעל־



משה קלמן ווערט געפירט צו דער אַרבעט אין „שוואַרצן שבת״ צוזאַמען מיט ר׳ משהלע.

קוראביים לייענען, יעדן שבת — איז ער אָפּט אויך געווען בעל־תפילה. אין די שבתים און יום־טובים האָט ער נישט איין מאָל געדאַוונט פאַרן עמוד שחרית אָדער מוסף. זיין דיקע „נישט געהיבלעוועטע" שטימע, איז געווען ווייך און ציטערנדיק ווי ביי אַ לייב — אַ קינד. נישט איין מאָל האָט אויך דער רבי אין אָטוואָצק אים מכבד געווען מיט זינגען ביים טיש, צי אוועקגעשטעלט אים פאַרן עמוד אלס שליח־ציבור. זיין געזאַנג האָט אַרויסגעבראַכט דעם דנאָ פון זיין נשמה וואָס איז פול מיט בושה.

איך געדענק, יעדעס יאָר, פּרשת בהר, ביים לייענען די סדרה, האָט משה יערזשינקער אויפגעהויבן זיין קול און זיך צעכליפּעט ביים אַרויס־ברענגען די ווערטער: ו—ח—י—ש—ב ע—ם ק—ו—נ—ה—ו!

ער איז שטיינגעבליבן און נישט געקאָנט גיין ווייטער.

עס איז געוואָרן אַ שטילקייט אין שטיבל.

— וחישב עם קונהו!

ער איז געווען, משה יערזשינקער, אַ דאָרפס־ייד — אַ תלמיד חכם, וואָס האָט תמיד מעיין־געווען אין אַ ספר; געשטאַנען אין אַ ווינקל, אַ געלב־לעכער, אַ גרויער, מיט אַ גערדיכט באַוואַקסן פּנים און גוף, פאַרטיפט אין אַלטע ספרים, און נישט אַרויסגעבראַכט קיין קול, ווי ער וואָלט זיך געפילט, נישט־ראוי אַריינצוקוקן. געהערט האָט ער צו דער פאַרצווייגטער יאַבלאָנקע־משפחה — דאָרפס־מענטשן און חסידים, יודעי־ספר, וואָס האָבן געוווינט אין די שטעטלעך און דערפער אַרום. זיין קוזין, דוד יאַבלאָנקע איז פיל יאָרן געווען פּרנס און דאַזער, אין נאָמען פון שכנותדיקן שטעטל שעניצע — אין דער קהילה פון מינסק. אָט די ביידע קוזינען,ביידע פּאַריסאָווער חסידים, האָבן זיך משדך־געווען צווישן זיך. משה יערזשינקער האָט אויף דער חתונה פון זיין אייניקל געטאַנצט, מיט אַ טיכל אין האַנט, דאָרפישע טענץ. אויך אויף חסידישע „פאַרברענגעכצן" פלעגט ער נישט איין מאָל זיך „פאַר־שטעלן" און טאַנצן דאָרפיש, מיט כוח, כדי משמח־צו־זיין יידן.

אין מינסקער פּאַריסאָווער שטיבל האָט אויך געדאַוונט זיין קרוב משה קלמן יאַבלאָנקע. משה קלמן איז געקומען פון שטעטל לאַטאָוויטש. ער האָט דאָ אהער זיך אריינגעצויגן, געהאַט אין שטאָט אַ האָלץ־סקלאַד, אַ טאַר־טאַק, און וואַלד, געקויפטן — אין ווייטע מקומות. מינסקער יידן געדענקען זיין נדבנות. ער איז געווען אַ גוטער־ברודער מיט אַלע; תמיד מיט אַ שמייכל, אַ האַרציקן, אויפן פּנים. אין שטיבל האָט ער יעדעס יאָר געקויפט חתן־בראשית, אָדער חתן־תורה, און נאָך דעם געמאַכט פאַרן עולם ביי זיך אין שטוב אַ גרויסן קידוש, אַ קידושא־רבא.

אין געטאָ פון מינסק האָט משה יערזשינקער, דער בעל־תפילה, בעל קורא און דאָרפס־ייד, ווי עס פּאַסט פאַר אים, אָפּט געליטן צווישן אַלע יידן. תמיד האָט ער ווי אַ למד־וואָווניק, זיך געפונען וווּ יידן זענען נאָר געווען אין אַ צרה. אויך אויף דעם באַקאַנטן „טאַנץ" אַרום מאַרק, וואָס די דייטשן האָבן פילמירט און פאָטאָגראַפירט (פון זיי טאַקע זענען געבליבן די דאָ געבראַכטע פאָטאָגראַפיעס) האָט ער, שוין נישט ווי קיין „פאַרשטעלטער" געטאַנצט. ער

איז צווישן אנדערע דורך זיי געכאפּט געוואָרן. צוזאמען מיט זקנים, יונגע; מענער, פרויען און מיידלעך — איז ער יענעם מיטוואָך אין דער פרי גע־ברענגט געוואָרן אויפן מארק. די יונגע זענען געצווּנגען געוואָרן צו רייטן אויף שוואכע און קראנקע, אויף אלטע־לייט; און די זקנים — אויף יונגע. אלטע קראנקע מענער האָבן געמוזט רייטן איבער געכאַפּטע מיידלעך פון שטאָט (צווישן זיי, אויך רוזשקע עדלשטיין — פון די שענסטע, פאר־מל־חמהדיקע גימנאזיסטינס). און אזוי אויך — פארקערט. לאנגע שעהען זענען די יידן אזוי, אויף אלע פיר, געריטן ארום און ארום דעם מארק. די פוילישע באפעלקערונג, וועלכע האָט יענעם טאָג, צוליב יאריד, אָנגעפילט דעם פלאץ, האָט זיך געוויילט, געפאלן שיער אין חלשות פון לאכן און האלטן זיך ביי די זייטן. די דייטשן, באַוואָפנטע, האָבן כסדר געשריגן אויף די יידן. די יידן, אויסגעלאָשענע, זענען געווען דערשלאָגן, אז נאָר איין גאָט האָט גע־קאָנט פארנעמען!

די סצענעס האָבן זיך געצויגן, ווי אן אומענדלעכקייט, ווייט ביז נאָכן האַלבן טאָג. די באַהאַלטענע יידן פון בוידעמס דערצו זיך צוגעקוקט, געזען יעדן פרט. די פילמען האָבן געדארפט בלייבן נאָך יידן, באווייזן וואָס פאַראַ פאַלק מיר זענען געווען; אַזוי האָבן מיר זיך אויפגעפירט! משה יער־זשינקערן איז צוגעטיילט געוואָרן די ראָלע פון צו זיין דער אייביקער ייד.

ער איז נישט איינגעבראָכן געוואָרן!

דער זון פון אים, אברהם יאַבלאָנקע, האָט אין געטאָ אויך פאַרלוירן זיין משפחה. ער לעבט איצט איינער אליין אין ישראל. ער טראָגט אין זיך שטיל זייער אלעמענס און דעם פאָטערס אָנדענק. הי״ד!



אויפן מארק — געצווּנגען דורכצופירן פאַרשידענע טענץ פאַר דער דייטשער קאַמעראַ ערשטער רעכטס — ר' משה יערזשינקער

**משהלע פֿאַרבמאַן הי״ד**

משה פֿארבמאן איז געווען איינער פֿון די זין פֿון דער בכבודיקער משפּחה אין מינסק, פֿארבמאן. אלע זענען זיי געווען געבילדעטע, גרויס־שטאָטישע מענטשן. משהלע, אַן אַלטער בחור, אַ „טשודאַק", איז געווען פֿון די אָנגע־זעענסטע געשטאַלטן אין מינסק. ער פֿלעגט אין געטאָ זאָגן, אַז ער געדענקט פֿאַרשידנס: ער געדענקט זעטיקייט פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אַ זעמל מיט פּוטער איז געווען אַ „פּשוטע זאַך"; נאָך דעם געדענקט ער די ערשטע וועלט־מלחמה, ווען אַ זעמל מיט פּוטער איז געווען אַ חלום (אַלע די זיך צוהערנדיקע, האָבן בשעת זיין דערציילן אַראָפּגעשלינגען אין האַלדז אַ פֿול מויל מיט שפּייעכץ); ער געדענקט אויך, האָט ער געזאָגט, די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, ווען אַ זעמל מיט פּוטער איז ווידער געוואָרן אויס יחסן, און איצט, האָט ער אַראָפּגעלאָזט דאָס קול, איז אַ זעמל מיט פּוטער ווידער אַ טרוים. אָבער, האָט ער אויסגעפֿירט, און קיינער פֿון די הערנדיקע האָט נישט געוואָלט גלויבן, עס וועט ווידער קומען אַ צייט ווען זעמל מיט פּוטער וועלן זיין לרוב און קיינער וועט זיך נישט אומקוקן.

אונדזער משהלע פֿארבמאן, אַ ריירעוודיקער, אַ שנעלער, נישט געקוקט אויף זיינע שוין נישט יונגע יאָרן, האָט פֿאַרשריבן איינע פֿון די מערקווירדיקסטע קאַפּיטלען אין סוף פֿון דער אַלטער יידישע קהילה, אין די טעג ווען אַלץ האָט זיך געהאַלטן ביים אויסלאָזן.

די פּוילישע שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, צוזאַמען מיט די דייטשן, האָט פֿאַרן סוף פֿון געטאָ, באַשלאָסן צו ליקווידירן דעם אַלטן יידישן בית־עלמין אויף דער קאָליע־גאַס, און דאָרט פּלאַסטערן אַ שאָסיי, צו גאָר פֿאַרלייגן אַ גאָרטן. דאָס האָט געדאַרפֿט געטון־ווערן איבער די אַלטע יידישע קברים, וואָס וועלן אויסגעגלייכט ווערן; די מצבות־שטיינער (ממש אויסגעקריצטע, נידעריק ליגנדיקע שטיינער) וועלן פֿריען באַזייטיקט ווערן. משהלע, אַן עסקן פֿון דער סאָציאַלער שוץ אין געטאָ, האָט זיך דאָס דערוווּסט, און מיט אַ „שיין" אַרויס־צוגיין אויסערן געטאָ, האָט ער אָפּגערעדט מיט די קריסטלעכע יינגלעך פֿון די אַרומיקע, אַרום בית עלמין, הייף און גאַסן, אַז פֿאַר יעדן פּאַפּירענעם בייטל (טיט) מיט מענטשלעכע ביינער, וואָס זיי וועלן אים ברענגען, וועט ער זיי צאָלן אַ האַלבע זלאָטע, מזומן געלט. דאָס האָט געלאָקט די שקצימלעך און זיי האָבן אים יעדעס מאָל ווען ער איז אַהינגעקומען — דאָס איז געווען אָפֿט — געגעבן פֿולע בייטלען (וואָס ער האָט פֿריער צווישן זיי צעטיילט) מיט סקעלעטן פֿון הענט, פֿיס, קאָפּ־טשאַשקעס, רוקנביינער און אַנדערע מענטשלעכע ביינער. צווישן די פּוילישע יינגלעך איז ממש אַנגעגאַנגען אַ וועט־פֿאַרמעסט, ווער עס וועט מער פֿאַרדינען. די בייטלען האָט ער געבראַכט צו קבורה אויפֿן „נייעם" יידישן בית־עלמין, מזרח־זייט פֿון שטאָט, וואָס האָט זיך געפֿונען צווישן פֿעלדער.

דער נייער בית־עולם האָט זיך געפינען אויפן וועג אין דאָרף טאַרגוווקע, און מען האָט אים, צוליב דעם, גערופן „טאַרגוווקע".

דאָס האָט ער געטון, משהלע פארבמאַן, לאנגע חדשים פאַרן סוף פון געטאָ און אויך שפּעטער, ווען די מינסקער יידן זענען שוין געהאַט אַרויס־געפירט געוואָרן און געטויט אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע; ווי אויך דערשאָסן געוואָרן און באַגראָבן אין מאַסן־גריבער אויפן נייעם בית־עלמין. ער איז געבליבן צווישן די ארבעטער אין קאָפּערניק־לאַגער, און אין אנדערע לאַגערן. א שטיק צייט איז ער אויך געלעגן א קראַנקער אין פּוילישן שפּיטאָל (טאַקע נישט ווייט פון דעם „נייעם" בית־עלמין מיט די מאַסן־קברים). און געציטערט מיט דער נשמה, אז מען זאָל אים נישט אַרויסגעבן. קיין יידן זענען שוין כמעט נישט געווען. ער איז געבליבן פון די לעצטע.

אויך זיין נשמה איז אויסגעגאַנגען; ער איז אומגעקומען צווישן די לעצטע — בקדושה ובטהרה.

## לייבקע

דאָס איז געווען זומער 1940 אין מינסק. די דייטשן האָבן דעמאָלט דורכגע־פירט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע יידישע מענער — אין אַרבעטס־עלטער. ס'איז געווען „תשעה באב" אין שטאָט. מען האָט געזאָגט, אַז דער וואָס אַרבעט נישט ביי קיין „נוצלעך" פאַך, וועט אַוועקגעשיקט ווערן אין אַן אַרבעטס־לאַגער. אַ כּחד איז אַדורך אין שטאָט. די רעגיסטראַציע איז פאָרגעקומען אין דייטשן „אַרבעטס־אַמט" אויף דער וואַרשעווער גאַס. אַלע יידן האָבן געדאַרפט קומען זיך רעגיסט־רירן. די דייטשן האָבן געפאָדערט, אַז דער „יודנראַט" זאָל צושטעלן צוויי באַאַמטע, וואָס קענען „רעדן מיט מענטשן" און העלפן ביי דער רעגיסטראַציע.

דער יודנראַט האָט געשיקט איינעם אַ יונגן בחור, קאָווע, אַ פּליט פון קאַליש, וואָס האָט גוט געקענט דייטש און דאַן האָט מיר צו זיך אַרויסגערופן געהיים דער מיטגליד פון יודנראַט, דער באַקאַנטער ציוניסטישער טרוימער און עסקן מרדכי יאָסל קירשנבוים. ער האָט מיר מרמז געווען, אַז מיר זענען פאַראינ־טערעסירט, אַז אַלע יידן זאָלן פאַרשריבן ווערן אַלס „נוצלעכע" אַרבעטער. איך האָב פאַרשטאַנען דעם רמז און צוזאַמען מיט קאָווען בין איך אַוועק, זיך צושטעלן אַלס אַרויסהעלפער אין דורכפירן די רעגיסטראַציע.

עס איז נישט צו באַשרייבן יענעם טאָג. אַרום דעם הויז פון אַרבעטס־אַמט האָט זיך געטון חושך. יידן זענען געשטאַנען אין לאַנגע רייען. „שוואַרצע" (פאָלקס־דייטשן, יונגע, אין שוואַרצע ס.ס.־מונדירן), האָבן געהיט די אָרדע־נונג. מיר ביידע זענען פון באַלד אין דער פרי אָן געזעסן אַנטקעגן די דייטשן פון אַרבעטס־אַמט און האָבן אויסגערופן דעם נאָמען פון יעדן וואָס איז אַריינ־געקומען. איך האָב דערביי געדענקט דעם אָנזאָג און יעדן אַריינגעקומענעם אויסגערופן אויך מיט דעם נאָמען פון זיין „פאַך", פון זיין „פּראָפעסיע", פון וועלכער ער אַליין האָט קיין אַנונג נישט געהאַט. אַ סך האָבן נישט פאַרשטאַנען און שפּעטער געזאָגט „סוחר", אָדער „מלמד", צי דעם נאָמען פון עפּעס אַז אַנדער „פאַך", וואָס די דייטשן האָבן נישט פאַרשטאַנען. איך האָב שנעל

אויסגעבעסערס „אויף דייטש" און געזאָגט: „זאָטלער", „מייסטער פון מעבל" „טאַפּעצירער", „מעטאַל־אַרבעטער", „שניידער", וכדומה. אַ סך פון די יידן אין זייער תמימות האָבן זיך געשפּאָרט. איך האָב געמוזט קעמפן אויף קעגן זיי דער רוב האָט זיך געכאַפּט אין וואָס עס גייט און נאָכגעזאָגט נאָך מיר דעם נאָמען פון נייעם נוצלעכן פאַך.

איך געדענק, מיטאָג־צייט, ווען די דייטשן האָבן אויסגערופן אָן איבעררייס און מיר זענען אַוועק אַהיים, יעדער עפּעס צו כאַפּן אין מויל, האָבן אָנגעהויב: קומען יידן צו אונדז אין שטוב (איך געדענק, צווישן זיי לייבל זילבערבערג גרייצערס הויכער איידעם) און געזאָגט צו מיין מאַמען, אַז זיי האָבן פאַרנומען דאָס מסירות נפש אין מיין קול, וואָס האָט זיי אָפּגעראַטעוועט. מיין מאַמע, רבקה'לע, האָט געווישט די אויגן. דאָס קול איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין שטאָט. אומעטום האָט מען דערפון גערעדט. דערווייל האָט זיך פאַרענדיקט די מיטאָג־שעה און מיר זענען שנעל צוריקגעקומען. ווייטער איז אָנגעגאַנגען די אַרבעט: איך האָב אויסגערופן, קאָווע האָט געשריבן, די דייטשן האָבן געהאָרכזאַם צוגעהערט, געגעבן באַפעלן און געשוויגן, נאָר פון צייט צו צייט אויף עמעצן געשריגן.



פאַטאָ־אויפנאַמע אין געטאָ פון 20.4.41 — לייב ראַכמאַן מיט קאָווע, דעם פּליט פון קאַליש.

דאָס האָט אַזוי געדויערט עטלעכע טעג.

אויפן הויף האָט זיך געטאָן שרעקלעך. די „שוואַרצע" זענען געשטאַנען און געוואַכט ווי בייזע הינט, און די יידן, איבערגעשראָקענע — אין דער ריי — האָבן געציטערט...

און דאָ איז עס געשען: עטלעכע יידן האָבן געזאָגט דעם אמת, זיי זענען נכשל געוואָרן אָדער זענען דורכגעפאַלן ביים אויספאָרשן דורך די דייטשן, וועלכע האָבן זיך געווונדערט, וואָס אַלע יידן זענען אַזעלכע „טיכטיקע" פאַכלייט. געווען זענען דאָס סך הכל עטלעכע מענטשן, מערסטנטייל שוואַכע. די „שוואַרצע" האָבן זיי אָפּגעטיילט און שוין געוואַכט איבער זיי. נישט אָפּ־געלאָזט. עס איז געווען ביטער.

צווישן די דורכגעפאַלענע איז אויך געווען מיין נאָענטער חבר יצחק בערמאַן, דער זון פון מיין שכן, אַנטקעגן אונדז, אויף דער אַנדערער זייט קאָליע־גאַס, לייבקע. יצחק איז געווען אַן איידעלער בחור, אַ מיטגליד פון „צעירי אגודת ישראל", אַ הויכער, אַ דיקער, אַ בחור פון הויעלער גייסטיקייט. אַלע האָבן געוווסט אַז אין דער היים, אויף זיין טויטן־בעט, אין ווייסן בעט־געוואַנט, ליגט זיין פאָטער לייבקע, וועלכער וואַרט, און לאָזט פון צער נישט באַנעצן זיינע פאַרברענטע, פאַרטרוקנטע ליפּן: וואָס וועט זיין? יצחק וועט זיך נישט אומקערן אַהיים?!

איך האָב מער נישט געקענט איינזיצן ביים אויסרופן, און אויך נישט געקענט אַרויסגיין: ווייטערדיקע מענטשן קאָנען דורכפאַלן! עס האָט מיר אונטערגעהויבן.

לסוף, ווען עס איז ווידער געווען אַ הפסקה, און מיר זענען פאַרנאַכט אַרויס, האָט דער הימל געברענט רויט. עס האָט אויסגעזען ווי שריפות פון אַלע זייטן.

איך האָב געהערט אַז דער „יודנראַט" לייגט שוין איין וועלטן אָפּצורופן די גזירה. אין דרויסן, אין אַ ווינקל פון הויף, האָב איך געזען די אָפּגעטיילטע באַלעבאַטישע מענטשן, צווישן זיי מיין חבר יצחק. איך בין צו. די „שוואַרצע" האָבן מיך צוגעלאָזט. איך האָב געזאָגט צו מיין חבר יצחק און צו אַ ל ע:

„אל תירא! איר זאָלט קיין מורא נישט האָבן. מען טוט פאַר אייך. מען וועט אייך אַרויסנעמען. זייט מיט בטחון, מיט האָפענונג!"

ווען איך בין אַריין צו מיר אין שטוב אויף אַ ווייַלע, האָט מען מיר געזאָגט איך זאָל שנעל גיין צו לייבקען, ער רופט מיך, ער שיקט כסדר נאָך מיר.

איך בין גלייך אַריבער, בין אַריין אין זיין צימערל, ווו דער טויט איז שוין געווען אַרום. אַלץ איז געווען ווייס געקאַלכט. לייבקעס פנים האָט זיך שוין צונויפגעגאָסן מיט דער ווייסקייט פון קישן און איבערבעט. איך בין געבליבן שטיין פאַר זיין בעט אַ שטילער, אָן לשון.

לייבקע האָט שוין אַלץ געוווסט. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט זיינע אויגן: נישט געקענט רעדן. איך האָב געזען ווי טרערן קייקלען זיך פון זיינע אויגן, איבער דער פאַרמעטקייט פון זיין פנים, רינען, רינען אָן אויפהער, און ער קוקט צו מיר. ווען איך האָב זיך צו אים אַראָפּגעבויגן, האָבן זיינע ליפּן אַרויס־געפּרעפּלט: ל—יי—ב—ל, ר—אַ—ט—ע—וו—ע מ—יי—ן י—צ—ח—ק—ע—ן!

אין אַ רגע אַרום איז יצחק געבליבן שטיין איבער דער שוועל. דער יודנראַט האָט אַלע פאַרהאַלטענע אויסגעלייזט.

די קנוילן האָבן זיך אויפגעלייזט אין האַלדז. אַלע האָבן געוויינט אַ גרויס און ביטער געוויין.

## אין יער הקדושים

הינטער ירושלים, אין די בערג, מערב פון שטאָט, געפינט זיך דער יער הקדושים, ווו יידן פלאַנצןביימער לזכר די אומגעקומענע. דאָרט, טיף אין וואַלד, האָבן, אַגב, מינסקער יידן פאַריז אַוועקגעשטעלט אַ מצבה לזכר די קדושים פון אונדזער שטאָט. געדענק איך, אַז אין איינעם אַ זומער האָבן אין ירושלים זיך געפונען די פלוטיצקיס: אפרים (פרויקע) — פאַרבמאַנס איידעם — אַ משכיל, אַ ספרא רבא; אַ מענטש פון אַ שיינעם געשטעל און פון הפטרהס; אַ בעל־מנגן מיט אַ צעשפּילטער נשמה, און אַן אַנגעזעענער וואַלד־סוחר. פרויקע האָט געשטאַמט פונעם געגנט פון די ביאַלאָוויעזשער וועלדער. ער איז קיין ירושלים געקומען אין איינעם מיט זיין פרוי פעשקע, יוקל פאַרבמאַנס טאָכטער. איר פּערזענלעכקייט רופט אַרויס פאַרערונג; צווינגט שווייגן. דאָס איז פון די זעלטענע פרויען, וואָס מענטשן באַטראַכטן פאַר אַ שטאָלץ אַז זי שטאַמט פון זייער געבוירנאָרט; אַ פרוי וואָס האָט אייביק אַ יונגן צו־ריקגעהאַלטענעם עספּרי. די עלטער האָט איבער איר קיין שליטה נישט.

פעשקע און איר מאַן פרויקע זענען געווען מענטשן פון אַן אומגעשטי־לטן צער. זיי האָבן איבערגעלעבט אַליין — אָן זייער איינציק זונעלע, חנן. ער איז אומגעקומען בעת דער אַקציע אין אונדזער שטאָט. די דייטשן האָבן אים אונ־טערגעשניטן. אַליין האָבן זיי ביידע אַדורכגעמאַכט די שואה־יאָרן אין אַ באַ־העלטעניש אין פּראַגע. זייט דער ענדע פון דער מלחמה געפינען זיי זיך — מענטשן שוין אין די מיטעלע יאָרן — אין סאַן־פּראַנציסקאָ, ווו פעשקע האָט אַ ברודער. זיי זענען ביידע צעבראָכן. מער קאָנען זיי נישט קומען צו זיך.

און אָט זענען זיי אין ירושלים. אין יער הקדושים ווערט פאַרפלאַנצט אַ בוים אויפן נאָמען פון זייער זונעלע, פון חננען, וואָס איז, אַגב, געווען אויי־סערגעוויינלעך געראָטן. מען האָט אים פאַרגעזאָגט אַ גרויסע צוקונפט, וואָס איז אַזוי איבערגעריסן געוואָרן! שוין קיינמאָל נישט צו טרייסטן!

עס וועט בלייבן אומפאַרגעסלעך יענער מאָמענט, ווען מיר, אַ גרופּע פריינט, זענען געפאָרן מיט די פאַריתומטע עלטערן אין יער הקדושים. וועגן עלטערע מענטשן קאָן מען נאָך זאָגן „כי האדם עץ השדה". ווי קאָן מען אָבער דעם דאָזיקן געדאַנק צולאָזן צו יונגע, נאָך נישט אויפגעבליטע, קינדער?! אַלע זענען מיר געזעסן אָן ווערטער. דער וועג פאַר אונדז האָט זיך געצויגן אומענדלעך. מיר האָבן געדענקט אַז חננעק איז אַלט געווען 15 יאָר.

און אָט קומען מיר אָן. דער פאָרשטייער פון יער הקדושים האַלט ביי פאַרזעצן דאָס ביימל. עס ציטערט גרין אין זיינע הענט. מיר דערזען אָבער פלוצעם אַז פרויקע פלוטיצקי אַנטלויפט. ער וויל בשום אופן נישט זיך דער־נענטערן. ווען מיר ווייסן שוין, אַז קיין שום זאַך וועט נישט העלפן, ער קען נישט — ווערן מיר אַלע אומרויק. ער פאַלט אויף דער ערד און באַהעפט זיך צו איר — נישט צו רירן. מיר נעמען פעשקען אונטער די אָרעמס און דער־נענטערן זיך. דער אָנדענק־צערעמאָניאַל ווערט דורכגעפירט. אויך פעשקע, זעען מיר, ווערט וואָס אַמאָל מער באַהאָפטן; איינס, מיטן וואַלד, מיט אַלץ

אַרום. דאָס לשון איז איר אָפּגענומען. דאָ ווערט בפירוש יעדער בוים אַ מענטש, אַ נשמה פון עמעצן. דו פילסט עס באַשיימפּערלעך. ער ציט זיך, דער יער הקדושים, אומענדלעך. פּרויקע שרייט פון דער ווייטנס; גיסט אַהער זיין געשריי, און עס לויפט, דאָס קול, איבערן וואַלד.

מיר ווערן נאָך אומרואיקער און באַנעמען פּלוצעם, אַז זי, פּעשקע, טאָר נישט! אַלץ איז אָפּהענגיק פון דער דאַזיקער מינוט. זי מוז איצט שטאַרק זיין, אויסהאַלטן! מיר זעען, מיר זענען עדות, ווי די טאַטעס ברעכן זיך ווי ביימער. זי אָבער מוז זיין ווי איינע פון די צאַרטע אויסגעפּרוווטע ביימלעך, וואָס אַלע ווינטן שאָקלען זיי, בייגן צו דער ערד! זי טאָר זיך נישט איינברעכן.

פאַר אונדז אַלע מוז פּעשקע איבערטראָגן! מיר פילן נישט, מיר זענען מתפלל.

מיר זענען צוריק קיין ירושלים — מיט אַ צובונד צו דער ערד אונטער אונדזערע פיס.

## יואלקע פ׳שער איז קובר די ענגלייכטער פון נייעם בית־מדרש

יואלקע פישער, אַ פּשוטער ייד מיט אַ פּעך־שוואַרץ און לסוף גרוי בערדל, איז געווען דער לעצטער גבאי פון גרויסן בית־המדרש אויפן עק מאַרק (פון נייעם בית־מדרש). ווען די דייטשן זענען אַריין צו אונדז אין שטאָט (ערב ראש השנה 1939), האָט יואלקע אַראָפּגענומען פון סופּיט, פון די ווענט און פונעם עמוד פון בית־מדרש אַלע מעשענע ענגלייכטער, די מנורות און לאָמפּן; אויך די חנוכה־מנורה, דעם האַנט־פּאַס, די וואַש־שעפּ און אַלע זילבער־און מעש־כלים. ער האָט זיי באַגראָבן אין אַ פאַרבאָרגן אָרט אין דער ערד.

זיי רוען אין די טיפענישן ביזן היינטיקן טאָג.

דער אַלטער בית־מדרש אויף דער קאָליע־גאַס (גבאי קלמן קאָרקנמאַכער), ווו דער טויבער למדן איטשע מאיר שניצער האָט לאַנגע יאָרן יעדע נאַכט נאָך מעריב געלערנט משניות מיט פּשוטע יידן איז — ווען די דייטשן זענען אַריין, צענומען־געוואָרן אויף ברעטער דורך יידישע מייסטער און מ׳האָט אים אַריבער־געפירט און ווידער אויפגעשטעלט אויפן הויף פון נייעם בית־מדרש. דאָ זענען געווען די אַמטן פון דער סאָציאַלער שוץ אין געטאָ, וואָס האָט געגעבן שטיצע (קעגן הונגער) — ביים סוף — ממש 70־80 פּראָצענט פון דער געטאָ־באַפעל־קערונג און די פליטים אין שטאָט.

## דער אַלעקסאַנדער רבי זצוק״ל

דער אַלעקסאַנדער רבי, האדמו״ר, רבי יצחק מנחם דאַנציגער זצוק״ל, האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַרשעווער געטאָ. אין דער הויפּטשטאָט האָט ער געהאַט טויזנטער חסידים, ויאָס האָבן געדאַוונט אין אומצאָליקע אַלעקסאַנדער שטיבלעך. אויך אין מינצק איז געווען אַן אַלעקסאַנדער־סטריקאָווער שטיבל, און אַ זון פון זיינס אַ חסיד, פון ר׳ הערשל קראַמאַזש ע״ה, משה קראַמאַזש הי״ד, איז געווען פּרעזעס פון „יודענראַט״ אין געטאָ. משה קראַמאַזש וועלכער האָט געטון אַלץ

וואָס מעגלעך פֿאַר אַנגעזעענע יידן, האָט אַוודאי זיך געפֿילט גליקלעך צו קאָנען העלפֿן דעם אַלעקסאַנדער רבין.

ער האָט אַנגעגרייט פֿאַרן רבין אַ דירה אויף דער וואַרשעווער גאַס. מען האָט דעמאָלט געוואָלט גלייבן, אַז „מינצק איז זיכער" (די דייטשן האָבן אַזוי איינגערעדט). די דירה איז געווען אָנגעברייט. דער אַלעקסאַנדער רבי האָט געדאַרפֿט קומען פֿרייטיק, ח׳ אלול, ווײַנען אין איר. וואַרשע איז דעמאָלט געווען אין מיטן דער ליקווידאַציע פֿון אירע יידן. משה קראַמאַזש מיט זיינע געהילפֿן, וועלכע האָבן געהאַט די געהעריקע „שיינען", האָבן אַליין גערדאַרפֿט דעם רבין אַריבערפֿירן פֿון וואַרשע, אַן איבערגעטועמעם פֿאַר זייערס אַ „געהילף".

אין דעם זעלביקן טאָג, ח׳ אלול, איז מינצק געוואָרן ליקווידירט.

## די לעצטע חופה

איך ווייס נישט ווען עס איז געווען די ערשטע חתונה אין מיין היימשטאָט; איך ווייס אויך נישט וויפֿל חופות עס זענען אין מיין שטאָט געשטעלט געוואָרן אין די הונדערטער יאָרן פֿון איר זיין אַן „עיר ואם בישראל". איך ווייס אָבער. איך בין געווען אַן עדות, פֿון איר לעצטער חתונה ביי יידן — פֿון דער לעצטער חופה, וואָס איז אין איר געשטעלט געוואָרן; פֿון דער רגע, ווען אונזער רב האָט אויפֿגעלייזט די עדה, ער האָט צעלאָזט די קהילה קדושה; ווען עס איז געוואָרן „הותרה הרצועה" — אַלץ איז אויפֿגעבונדן, מען מעג שוין אַלץ, יידן, אויס כלל ישראל!

דאָס איז געווען אין דעם לעצטן פֿרייטיק פֿאַרנאַכט, ווען יידן האָבן געהייליקט שבת אין שטאָט: אַ חופה אין געטאָ.

אַ שעה פֿאַר ליכט־צינדן. אין אַ פֿאַרמאַכטן הויף, אַרומגענומען געדיכט פֿון אַ הויכן ברעטער־פּלויט, אונטער אַ שאָפּע, האָבן זיך געזאַמלט די געסט פֿון דער לעצטער יידישער שמחה אין שטאָט. פֿרומע טאַטעס האָבן אָנגעטאָן זייערע זיידענע בעקעשעס; מאַמעס — זייערע פּלושענע שמחות־קליידער מיט די ציטעריקע שפּילקעס; די לעצטע יידישע בחורים אין שטאָט — זייערע ווייסע קראַגנס; און זיי, אונדזערע שוועסטערס, די כלה־מיידלעך — זייערע שבתדיקע קליידלעך און בלויע מאַנטעלעך.

מיר זענען געשטאַנען אַ גרויסע פֿאַרשוויגענע עדה. מען האָט געוווסט, מ׳טאָר נישט זיין טרויעריק; מען פֿירט באַלד יידישע קינדער צו דער חופה; באַלד וועט זיך איבער אונדז אַראָפּלאָזן דער שבת־קודש.

מיר האָבן נישט געוווסט, אַז עס איז אונדזער לעצטע חופה — עס איז דער לעצטער שבת ביי יידן. מיר האָבן אָבער געאַנט, אַז עס איז געחתמעט די גזירה, מ׳דאַרף ציילן די טעג; מען ווישט אָפּ אַרום אונז קהילה נאָך קהילה, געטאָ נאָך געטאָ; עדות יידן גייען אויף אין הימל אַריין. ס׳איז אויס יידיש פֿאָלק.

אונזער רב איז שוין געשטאַנען גרייט אונטער דער באָרדאָ־חופה. ער האָט געוואַרט. ער האָט געהאַט אַ סאַמעטן פּנים, סאַמעטענע באָרד און פּאות און

אַ סאַמעטענע וואַרעמע שטים. ווען ער האָט גערעדט צום עולם — האָט זי געגלעט, באַרואיקט די געמיטער, צוגעשמידט צו די ערטער.

עס איז געווען שטיל. מען האָט געוואַרט עס זאָל זיך אָנהייבן. באַלד האָבן מחותנים, ווי בסוד, געברענגט צו פירן דעם חתן. ער איז צווישן זיי געבליבן שטיין אונטער דער חופה. אַלע האָבן מיט אים געוואַרט. ער האָט געהאַט אַ בלייך פּנים מיט אַראָפּגעלאָזטע דערשראָקענע אויגן.

צוויי מחותנתטעס האָבן אונטערגעפירט די כלה, אונזער טרויעריקע שוועסטער פון געטאָ — אין חופה־קלייד, אין בלויען וועלאָן, אַראָפּגעלאָזט איבער דעם פּנים.

עס זענען געווען רגעס פון דערוואַרטונג. מען האָט געפילט, ווי ביי חתן־כלה קלאַפּן די הערצער אונטער דער חופה.

ווען מיר האָבן זיך געכאַפּט — האָט דער רב שוין געזאָגט מיט זיין זינגעוודיקער, געדעמפּטער שטימע. ער איז געווען טרויעריק, אונזער רב; אויך מיר אַלע זענען געווען טרויעריק. מיר האָבן פאַרנומען, ווי אין חלום, ווייטע ווערטער פון דורות. זיי זענען געקומען וואַרעמע פון רבס מויל. מיר זענען געווען צוזאַמענגערוקט אַרום. די טראַדיציאָנעלע ברכות זענען פון אונדז — פון פאָראויס — אַנטקעגנגעקומען דעם רבס ווערטער.

מיר האָבן געדענקט וואָס עס דאַרף קומען. „הרי את מקודשת לי — כדת משה וישראל" — וועט דער חתן באַלד זאָגן. זי איז צו אים אויף אייביק געהייליקט פאַר אַ ווייב, כדת משה וישראל.

דערנאָך וועט דער רב באַלד אויסזינגען די זיבן ברכות: דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן „בצלמו — אין גאָטס געשטאַלט — בצלם דמות תבניתו". „והתקין לו ממנו בנין עדי עד" — און ער האָט פון אים, דעם מענטש, געגרונט־פעסטיקט אַן אייביקן בנין.

באַלד וועט דאָ, אין ווייטן, פאַרמשפּטן געטאָ, אויפגיין דאָס געזאַנג „עוד ישמע בערי יהודה ובחוצות ירושלים" — עס וועט געהערט ווערן אין די שטעט פון יהודה און אין די גאַסן פון ירושלים — „קול ששון וקול שמחה, קול חתן וקול כלה" — דאָס פריידיקע קול פון חתן־כלה.

דאָס איז אונדזער לעצטע תפילה, אונדזער טרייסט — דאָס יידישע פאָלק וועט נישט אונטערגיין. יידישע חתנים און יידישע כלות וועלן נאָך געפירט ווערן צו די חופות אונטער די אויסגעשטערנטע הימלען פון ירושלים, און אין די שטעט פון יהודה.

„אחותנו, דו שוועסטער אונדזערע, וועלכע שטייסט דאָ פאַר אונדז, אָדער דו, אונדזער צוקונפטיקע שוועסטער, וואָס מיר בעטן דיך אויס — את היי לאלפי רבבה — דו וועסט זיין צו טויזנטער טויזנטער, און דיינע קינדער וועלן ירשנען און איבערלעבן דעם שונא".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר האָבן געפילט, מיר זענען אַן עדה, וואָס דאַרף באַלד מקדש השם זיין, און — „עם ישראל חי" — יידן וועלן ווייטער לעבן.

דער רב האָט שוין גענומען זאָגן די ערשטע ברכות. ער האָט געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן. אויף איין האַנט — דעם איבערגעפּילטן בעכער וויין. מיט דער אַנדערער — האָט ער זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים. מיר אַלע האָבן זיך מיטגעשאָקלט. מיר האָבן פאַרנומען זיין פּול, וואַרעם קול. עס האָט זיך אַריינ־געזונגען אין אונדז אַלע און אין זיין אייגענעם טרויער אַריין. מען האָט נאָר געדאַרפט אַדורך, איבערקומען.

מיטאַמאָל איז עס געשען.

עס האָט אונדז פאַרפּעלט אָטעם. מיר האָבן אויף אַן אויגנבליק די אייגענע אויערן נישט געוואָלט גלויבן: דער שטן האָט פאַרפּלאָנטערט דעם רבס ווערטער אין זיין נעץ — אויסזינגענדיק באַגייסטערט מיט זיין סאָמעטענער שטימע די שבע ברכות, זייענדיק פאַרטאָן אין זיין צער, האָט ער, דער פרומער רב אונדזערער, אָנשטאָט „וצוונו על העריות, ואסר לנו את הארוסות והתיר לנו את הנשואות לנו" (און ער האָט אונדז פאַרבאָטן די עריות, און ער האָט אונדז מתיר־געמאַכט די פרויען, וועלכע מיר נעמען דורך חופּה־וקדושין) — אָנשטאָט דעם האָט זיך אים געגעבן אַ זאָג־אַרויס:

„והתיר לנו את העריות, ואסר לנו את הנשואות לנו על ידי חופּה וקי־דושין"! — ער האָט אונדז מתיר געמאַכט די עריות און געאסרט אונדז די אייגענע כשרע פרויען!

מיר זענען אַלע פאַרציטערט געבליבן.

אַ ווײַלע איז ער, דער רב, פאַרשטומט געוואָרן. נאָר באַלד האָט ער אַרויסגעלאָזט אַן אָפּגעהאַקטן פאַרצווייפלטן געשריי:

— אוי! אוי ווי איז נישט צו מיר, יידן!...

די חופּה איז פאַרענדיקט געוואָרן ביזן סוף. מיר אַלע זענען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ אַרום אים, דעם לעצטן רב פון אונדזער שטאָט.

מיר האָבן געוווסט, אונדזער גזר איז געחתמעט! ס'איז אויס עדה. „הותרה הרצועה" — אַלץ איז אויפגעלייזט. יידישע משפּחות זענען אויפגעבונדן. דער שטן נעמט איבער די מאַכט איבערן כלל ישראל — ער שפּרייט איבער אונדז זיינע פליגל.

דערנאָך האָבן אונדזערע מאַמעס נאָך געצונדן ליכט. עס האָט זיך איבער אונדז אַראָפּגעלאָזט נישט דער ליכטיקער, אויסגעשטערנטער פרייטיק־צו־נאַכטס, נאָר אַ שוואַרצער שבת, דער לעצטער שבת פון אונדזער הונדערטער־יאָרן־אַלטער שטאָט.

— —

דאָס איז געווען די לעצטע חופּה אין אונדזער קהילה — דעם 14טן אויגוסט 1942 (א' אלול, תש"ב), די חופּה פון ירחמיאל פעלדמאַן און פייגע ראָט.

אין אַ וואָך אַרום, פרייטיק, דעם 21טן אויגוסט 1942 (ח' אלול, תש"ב), האָט מען אונדז אַלע — זעקס טויזנט — ששת אלפים — אנשים, נשים וטף — אָפּגעווישט פון איבערן פּנים פון דער ערד.

### מינסקער „פּאַביטניקעס"

ווי אַ סך, אַ סך יידישע שטעט אין פּוילן האָט אויך מינסק געהאַט אַ צונע־מעניש. די מינסקער האָט מען ווי ווייט גערופן „מינסקער פּאַביטניקעס". „פּאַביט" הייסט אויף פּויליש־רוסיש „פּאַרשיקונג". אַהער פלעגט מען אין די צאַרישע צייטן פּאַרשיקן פּאַרברעכער, נישט־יידן בעיקר און אויך יידן, וואָס זענען שוין געווען נאָכן אָפּקומען די שטראָף. אין אונדזער צייט האָט מען פון דעם נישט געוווּסט. עס האָבן נאָך אָבער געוווינט עטלעכע עלטערע יידן פון די וואָס זענען אַ מאָל אַהער פּאַרשיקט געוואָרן. טייל זענען נאָך אַלץ געווען „נישט אַזוי כשר", און טייל האָבן מיט זייער „פּאַך" זיך שוין פון לאַנג נישט פּאַרנומען. זייערע קינדער זענען אַפילו געווען „שיינע" יידן, אינטעליגענטן און באַלעבאַטישע מענטשן.

צווישן די בולטע פון זיי איז געווען דער גרויסער און דיקער שאול „פּאַביט־ניק" וואָס איז שפּעטער געווען איינער פון די גבירים פון שטאָט. ער האָט געהאַט אַ גאַנצן הויף מיט געביידעס פון אַלע זייטן: אַ ברויערײ (פון ביר), אַ סאָדע־פּאַבריק, אַנדערע עסקים, אַ פּלאַטפאָרמע מיט פערד, ביוראָען, אַנגעשטעלטע — אַלץ אָפּגעזונדערט. זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען האַלצבאַנד.

בעת דער „אַקציע" איז שאול אַרויפגעלייגט געוואָרן אַלס „חוזק", אויפן בית־עלמין, איבער אַ שטויס מתים, דערשאָסענע אין יענעם טאָג — מיטן נאַקעטן „איבער" אַרויף, צום הימל. שאול האָט פריער, ביי זיך אין דער דירה, זעענדיק דעם סוף — זיך אויפגעהאָנגען.

שאולס פרוי אָדל (פּערקאַלס טאָכטער), און אויך זיינע צוויי טעכטער, בערטע און ראָמע, וואָס זענען לעבן־געבליבן, נאָכן אויסבאַהאַלטן זיך, האָבן זיך געשמדט נאָך דער מלחמה. די טעכטער האָבן חתונה־געהאַט מיט גוים, און זיי וווינען ביזן היינטיקן טאָג אין מינסק, אין זייער גרויסער דירה אין הויף אויף דער מאָסטאָווע־גאַס.

### יידישע הינט

יואלקע פישער איז געווען אַן עלטערער, פשוטער ייד, יידיש געקליידט, מיט אַ גרוי, נישט קורץ, בערדל. יואלקעס הויף איז אַרויס אין מאַרק. געהאַט האָט ער אַ הייזל, אַ ווייב מיט קינדער, אייניקלעך, אַ ווירטשאַפט, און אַ הונט, וואָס האָט געהיטן דעם הויף. בעת דער אַקציע, ווען מען האָט אַלע יידן, פרייטיק אין דער פרי, פאַרזאַמלט אין מאַרק, פאַרן פירן זיי פאַרנאַכט, בעת ליכט־צינדן, צו דער באַן, איז יואלקע מיט אַ טייל פון זיין הויז־געזינד געגומען געוואָרן. אַ גאַנצן טאָג זענען זיי געזעסן צוזאַמען מיט אַלע יידן אין דער היץ אונטער זיך. דער הונט איז אַ גאַנצן טאָג געזעסן נעבן זיי; נישט אָפּגעטרעטן. אויך פאַרנאַכט, ווען מען האָט די יידן אַרויסגעפירט פון שטאָט צו דער ראַמפּע, צו דער באַן, האָט דער הונט זיי באַגלייט דעם גאַנצן וועג ביז די וואַגאָנעס.

ער איז נאָכדעם געבליבן איינער אַליין.

אויך דער הונט פון דער לערערין אַנקאַ בערגער־קעסלער (פרוי פון אַדוואָ־קאַט קעסלער, וועלכער האָט געשטאַמט פון לעמבערג), האָט זיינע באַלעבאַטים (וועלכע ער האָט נישט געזען אַוועקנעמען) געזוכט אַ גאַנצן טאָג, צווישן אַלע;

שפעטער — עטלעכע טעג. ער האָט קיינעם נישט געפונען. ערשט אויפן פערטן טאָג, האָט אַנקאַ, זייענדיק קאָשאַרירט אין אַרבעטס־לאַגער קאָפּערניק, דערזען ווי דער הונט דרייט זיך אַ פּאַרלוירענער אין דרויסן, פון יענער זייט פּלויט. ער האָט נאָך טעג זוכן, דערשמעקט זיין באַלעבאָסטע. עס איז נישט צו באַשרייבן דעם געוואָי פון דעם הונט, ווען ער האָט זי דערזען. ביידע זענען זיי געפאַלן אויף זיך, געוואָלט זיך אַרומהאַלדזן, נאָר דער פּלויט האָט צווישן זיי פאַנאַנדער־געשיידט.

**„חברה, מיר זענען אין פעקל!"**

עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין פאַלן פון „גאַלגען־הומאָר":

ווען מען האָט, צום ביישפּיל, מיטן טאָג־אויפשיין פון 5טן יוני 1943, אויפגעוועקט פון שלאָף די לעצטע מינסקער יידן פון רוצקיס פאַבריק, כדי זיי אַרויסצופירן דערשיסן — איז הערשל טענענבוים (אן אייניקל פון ישראל שוחט), אַ 20־יעריקער בחור פון פאַריסאָווער שטיבל, גלייך מיט אַלע אַוועק־געשטעלט געוואָרן אינדרויסן פאַר דער „האַלע"; גרופּעס זשאַנדאַרן און פּאָליציאַנטן האָבן זיי באַוואַכט. די יידן האָבן דערפילט דעם סוף וואָס איז אָנגעקומען. הערשל האָט אין דער טויט־שטילקייט אַ זאָג־געטון:

— חברה, מיר זענען פאַרבאַפּסלט! (מיר זענען אין פעקל!).

באַלד נאָך דעם האָט מען זיי אָפּגעפירט אויפן וועג צום בית־עולם, צו די צוגעגרייטע גריבער.



פון דער
מאַיעווסקי־אַפּפּאַל־משפּחה

צפורה שעדלעצקי (פינקעלשטיין)

# די גימנאַזיאַלע קורסן אין געטאָ

אַ יאָר פאַרן מלחמה־אויסברוך האָב איך אָנגעהויבן מיינע לימודים אין וואַרשע. איך האָב אָנגעהויבן לערנען אין דער מיידל־גימנאַזיע „חבצלת" אויף דער שוויענטאָיערסקע גאַס. אַזוי האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין אַ היבשער גרופּע מיידלעך און יינגלעך פון מינסק, וואָס זענען געפאָרן יעדן טאָג קיין וואַרשע כדי פאָרזעצן זייערע לימודים נאָך דער פאָלקס־שול, אַ זאַך וועלכע נישט יעדער יוגנטלעכער האָט זיך געקאָנט דערלויבן. די איינציקע גימנאַזיע אין שטאָט איז געווען אַ פּוילישע, דאָס אָנגענומען ווערן אין איר, איז פאַר אַ יידישן תלמיד געווען נישט קיין לייכטע זאַך. אי די לערערס, אי די שילערס זענען געווען אַנטיסעמיטיש. אַ חוץ דעם האָט מען דאָרט געמוזט לערנען אויך שבת און יום־טוב. כדי פאָרצוזעצן די לימודים איז דעריבער בעסער געווען צו פאָרן קיין וואַרשע, ווו די מעגלעכקייטן זענען געווען ברייטערע ווייל עס זענען געווען אַ גאַנצע ריי ריין־יידישע מיטלשולעס. אין שטאָט ביי אונדז איז געהאַט אונטערגעוואַקסן אַ יוגנט וואָס האָט געדאַרשט נאָך וויסן, און טייל עלטערן האָבן געמאַכט איבערמענטשלעכע באַמיונגען זייערע קינדער זאָלן קענען פאָרזעצן דאָס לערנען. דאָס איז נישט געווען לייכט — נישט פאַר די עלטערן, נישט פאַר די תלמידים. קודם־כל האָט דאָס לערנען אין די יידישע מיטלשולן אין וואַרשע, וואָס זענען בעיקר געווען פּריוואַטע אָדער האַלב־געזעלשאַפטלעכע, געקאָסט אַ סך געלט. דערצו זענען צוגעגאַנגען די קאָסטן צו פאָרן יעדן טאָג מיט דער באַן, שוין אָפּגערעדט פונעם פיזישן אָנשטרענג וואָס איז דערמיט געווען פאַרבונדן מצד דעם שילער.

אַזוי אַרום האָבן זיך אַלץ מער אָנגעהויבן באַווייזן אין שטאָט יוגנטלעכע מיט די מונדירן און אָפּצייכנס פון באַקאַנטע וואַרשעווער יידישע מיטלשולן: „חבצלת", „יהודית", „לאור". אַ גרויסע פאַרלייכטערונג איז אויך געוואָרן דאָס וואָס עס האָט אָנגעהויבן צו קורסירן אויף דער ליניע אַן עלעקטרישע באַן. אין בערך פערציק מינוט איז מען אָנגעקומען צום מזרחדיקן וואָקזאַל און פון דאָרט, אין איין האַלבער שעה מיטן טראַמוויי, איז מען געווען אין שולע.

איך האָב באַוויזן צו ענדיקן די ערשטע גימנאַזיאַל־קלאַס ווי די מלחמה איז אויסגעבראָכן. אין זעלבן טאָג האָב איך זיך געגרייט צו פאָרן צו דער דערעפענונג פון נייעם, צווייטן לערן־יאָר. אָבער שוין דעם 1טן סעפּטעמבער איז געווען אַ צעמישעניש און בהלה, און די ערשטע זאַך איז געווען דאָס וואָס די באַנען האָבן אויפגעהערט קורסירן נאָרמאַל. ראַפּטום האָט זיך אַלץ געענדערט נישט צו דערקענען. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס „לעבן" אונטער דייטשער אָקופּאַציע.

תחילת האָט יעדער איינער פון אונדז זיך געטרייסט, אַז די מלחמה וועט לאַנג נישט דויערן און אַלץ וועט אַוועק ווי אין אַ קאָשמאַרדיקן חלום. אָבער

אַט זענען געלאָפן די טעג, וואָכן און חדשים און מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צופּאַסן צו די נייע אומשטענדן: לעבן טראָץ אַלע צרות און פּיין.

אין איינעם אַ טאָג איז אויך אַנטשטאַנען דער געדאַנק וועגן פאָרזעצן די לימודים. וועגן אַ „שול־באַנק" האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. ביים דייטש איז אַזאַ מעגלעכקייט נישט געווען. יעדע זאַך וואָס יידן האָבן געטאָן איז געווען קעגן דעם „געזעץ". פאַר יעדער זאַך וואָס יידן האָבן געטאָן האָט געדראָט אַ האַרבע שטראָף. יידן האָבן אָבער דאָך געדאַווּנט — הגם אין געהיימע מנינים און נישט אין בתי־מדרשים און שטיבלעך; מ'האָט נישט געטאָרט האַנדלען, אָבער דאָך האָבן יידן געהאַנדלט, טאָ פאַרוואָס זאָל מען נישט לערנען, כאָטש דאָס איז פאַרבאָטן? — באַלד אין די ערשטע חדשים פון דער מלחמה זענען בכן אויפגעקומען די קאָנספּיראַטיווע גימנאַזיאַלע קורסן, געפירט דורך פאַרשידענע לערער, וואָס האָבן געלעבט אין שטאָט. דער רוב פון די תלמידים זענען געווען מיידלעך. די יינגלעך — אונדזערע חברים — זיי זענען שוין אַרונטערגעפאַלן די דייטשע פאַראָרדענונג פון צוואַנג־אַרבעט (חל געווען אויף יידן אין עלטער פון 15 ביז 50!). געווען אָבער אויך עטלעכע שילערס — אַזעלכע וועמענס עלטערן האָבן זיך געקענט אויסקויפן מיט געלט אָדער שיקן אַרבעטער אויפן אָרט פון זייערע יינגלעך...

איך האָב זיך אָנגעהויבן טרעפן כמעט יעדן טאָג מיט מיינע חברטעס מיט וועלכע איך פלעג פאַר דער מלחמה פאָרן צוזאַמען אין צוג קיין וואַרשע. דאָס מאָל האָבן מיר זיך געטראָפן אין דער דירה פון פרוי עלקעס, די פרוי פון וועלוול עלקעס, וואָס איז פאַר דער מלחמה געווען אַ דיפּלאָמירטע מאַטעמאַטיק־לערערקע אין אַ ריי וואַרשעווער מיטלשולעס. פריער איז דאָס געווען אין זייער אייגענער וווינונג אויף דער וואַרשעווער גאַס און שפּעטער, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ, ביי די עלקעסעס אין הויז אויף דער שעניצקא עק מיאַדאָווע געסל. אַהער האָבן מיר זיך צוגעשלייכט יעדן טאָג איינצלווייז, זיך פאַרגנבעט קיינער זאָל אונדז נישט מערקן, בעת די העפטן און לערן־ביכלעך האָבן מיר גוט פאַרבאַהאַלטן אין די מלבושים. אויך מיט לערן־ביכלעך איז נישט געווען לייכט, אָבער ווי עס איז האָט מען זיך אַן עצה־געגעבן. די לימודים זענען בלויז פון צייט צו צייט געשטערט געוואָרן צוליב גרויסע געשעענישן און זענען באַלד ווידער באַנייט געוואָרן, אַזוי ביז דער אויסראָטונג. מיר האָבן אַלץ געמיינט און געהאָפט, אַז די מלחמה וועט לאַנג נישט דויערן, און מיר וועלן פיל פון אונדזערע יונגע יאָרן נישט האָבן פאַרלוירן. די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועלן מיר גרייט זיין אָפּצוגעבן מאַטורע־עקזאַמענס.

איך געדענק זיי אַלע און קען זיי נישט פאַרגעסן, מיינע חברטעס פון די גימנאַזיאַל־קורסן אין מינסקער געטאָ: מיין קוזינקע פערעלע מיט איר שאַרפן קאָפּ און מוראַדיקער לוסט צום לערנען און צו לעבן; די תמיד צעשפּילטע, קינדיש־פריילעכע און שטיפערישע ריווטשע, מאַטל זיסערמאַנס עלטסט טעכטערל וואָס האָט שוין אויך פריער געהאַט באַוויזן צו לערנען אַ יאָר אין וואַרשעווער „יהודיה"; פראַניע ווייסבראָט, וואָס האָט שוין געהאַט באַוויזן צו ענדיקן צוויי יאָר אין „יהודיה"; איזשאַ ווײַנער, האַנקע אַשפּעצין, די שוועסטער פון דער

לערערקע עלקעס, וואָס איז אין דער מלחמה געקומען צו אונדז פון וויעלון, האַנקע מיט איר וויס־דורכזיכטיקן פנים און לאַנגע שוואַרצע צעפּ; און אחרון־אחרון — גיטעלע, די ייִנגסטע פון דער לערנער־משפחה, אַ משפחה כשמה כן היא — אַלע פלאַמיקע באַגייסטערטע לערנערס...

יאָ, די משפחה לערנער פאַרדינט דאָ אַ פּאָר שורות: דער פּאָטער הערשל לערנער, אַ גערער חסיד האָט געשמט אין שטאָט ווי אַ גרויסער למדן. ער איז געווען אַן אַסטראָלעגקער, ליטע, און געהייראַט די עלטסטע טאָכטער פון די בערגערס אויף דער וואַרשעווער גאַס. פּרנסה — פּרנסה בדוחק — האָט געגעבן די מאַמע וואָס האָט געהאַט אַ קליין געוועלבל אין מאַרק. ער האָט צוגעהאָלפן מיט פּרנסה דורך לערנען מיט פעיקע בחורים, וואָס האָבן אַוואַנסירט אין ש״ס און פּוסקים, און אויך מיין ברודער חיים האָט ביי אים געלערנט ביז דער מלחמה. אַלע קינדער, די צוויי זין און פינף טעכטער, האָבן געהאַט פייערדיקע קעפּ און זענען אין זייערע לימודים דערגאַנגען ביזן וואַרשעווער אוניווערזיטעט, באַזונדערס אסתר וואָס האָט געמאַכט מאַטורע אין „חבצלת“ מיט אַן אויסצייכענונג און אָנגעהויבן שטודירן אויפן אוניווערזיטעט. איצט, אין געטאָ, האָט זי אויך געגעבן



„אַז דו ווערסט אַ קוק טאָן דערמאָן זיך.
אַז דו ווערסט זיך דערמאָנען, טו אַ קוק“ —
שרייבט חנה ליווראַנט אויף דער אַנדערער
זייט פון דאָזיקן בילדל ביים געזעגענען זיך
אין לאַגער פון שטראַסנבאוּאַמט — דעם
23־סטן נאָוועמבער 1942



בלומטשע זילבערבערג,
טאָכטער פון רחל אַשליאַק

לעקציעס און באַזונדערס געלערנט איר יינגסטע שוועסטער, מיין חברטע, וואָס איז געווען טאַלאַנטירט. דעם אויסזען האָט זי געהאַט פון אַ צעשראָקענעם פויגל אין אַ שטייג מיט אַרויסגעזעצטע אויגן, גלייך צו לויפן, אַנטרינען פון דער געפאַר אין וועלכער זי געפינט זיך. אויף איר מאָדנעם אויסזען איז געווען אַ מבין אויך אונדזער שטוביק הינטעלע „טשופטשיק", וואָס האָט אויף איר מער געבילט ווי אויף מייגע אַלע אנדערע חברטעס, וואָס זענען צו מיר געקומען. אַלץ צוליב איר מאָדנעם צעקראָכענעם אויסזען און פאַרלוירנקייט...

גיטעלע לערנער האָט געשריבן לידער אין פויליש, וועלכע האָבן ביי אַלע אירע חברטעס אַרויסגערופן גרויס אינטערעס. אין די לידער האָט זי רעאַגירט אויף אַלץ וואָס האָט פּאַסירט אין געטאָ. אויך צו מיין געבוירנטאָג האָט זי אַמאָל מיר געבראַכט אַ ליד — און דאָס איז, געדענק איך, געווען פאַר מיר דעמאָלט אַ גרויסע פרייד. צוויי שורות פון אירס אַ ליד זענען געבליבן אין מיין זכרון. דאָס איז אַלץ וואָס איז פאַרבליבן פון דאָזיקן ווונדערלעכן לעבן, וואָס איז אַזוי יונג פאַרשניטן געוואָרן. לאָמיר דאָ ברענגען די שורות:

"Snij mi sie snij
ze tulacz porzucil swoj kij"

דאָס הייסט: געחלומט האָט זיך מיר אַ חלום, אַז דער וואַנדערער האָט זיין שטעקן אַוועקגעוואָרפן. דאָס איז געווען אַ ליד וועגן באַפרייונג, וועגן אַן אייגן לאַנד, — חלומות מיט וועלכע יעדעס קינד אין געטאָ האָט זיך כסדר אַרומגעטראָגן.

ווי געזאָגט זענען געווען נאָך פיל לערן־גרופּעס. אויך חנה ליווערראַנט, מיט וועמען איך בין דערנאָך געווען אין לאַגער (זע בילד), איז געווען אין אַזאַ לערן־גרופּע און אויך בלימטשע זילבערבערג מיט איר חברטע פייגע רויזנער האָבן געלערנט אין די געהיימע קורסן.

די נאַכט פאַר דער אַקציע בין איך געזעסן ביי מיין שוועסטער אין צימערל און זיך צוגעהערט צו די פּעסימיסטישע געדאַנקען פון מיין שוואָגער מיט וועלכע ער האָט זיך געטיילט מיט זיינע חברים קלמן ראָזנבערג און אפרים. איך האָב געהערט וועגן די ידיעות וואָס זענען אָנגעקומען יענעם טאָג וועגן „ווישעדלעניעס" אין רעמבערטאָוו, אין אָטוואָצק. דאָך בין איך אַרויף אין אונדזער שטוב און ביי אַ נאָפט־לעמפּל האָב איך געמאַכט די לעקציעס צום מאָרגנדיקן לערן־טאָג.

צומאָרגנס זענען אָבער קיין לימודים נישט געווען. אין בהלה האָבן זיך אויפגעוועקט אַלע שטוב־מענטשן און אָנגעהויבן לויפן. מיין לעצטן בליק האָב איך געוואָרפן אויף די ביכלעך מיט די העפטן וואָס די מאַמע האָט מיר אָנגעגרייט ביי מיין בעט און זענען איצט געלעגן פאַרשעמט, פאַרלאָזט. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז איך וועל זיי מער נישט זען...

אויך מיינע מיטשילערס האָב איך מער נישט געזען. בלויז האַנקע אָשפּעציין האָב איך נאָך אויף איין ווייל געזען אַ מאָנטיק שפּעטער אין

„קאָפּערניק״. איך בין גראָד אָנגעקומען אַהין פון אונדזער באַהעלטעניש און זי איז מיר אַנטקעגנגעלאָפן מיט עטלעכע טאָמאַטן אין האַנט. איך זאָל זיך דערכאַפּן דאָס הארץ. פלוצים איז געוואָרן אַ בהלה. אַ שיסעריי. די דייטשן האָבן דורכגעפירט אַ סעלעקציע און מיטאַמאָל האָב איך זי דערזען, האַנקען, אַ צעשאָסענע ביי מיינע פיס.

איך האָב זיי מער נישט געזען און אויך נישט געהערט וועגן זיי, מיינע חברטעס. בלויז וועגן איינעם פון זיי, איזשאַ, איז מיר אויסגעקומען צו שמועסן באַלד ווי איך בין אָנגעקומען אין מיין קוואַרטאַל קיין ירושלים. אַ פרוי אין דער קראַנקן־קאַסע דערהערנדיק אַז איך שטאַם פון מינסק איז אויסגעבראָכן מיט אַ היסטעריש געשריי: מינסק־מאַזאָוויעצקי, איך האָב דאָך דאָרט געהאַט מיין שוועסטער. האָט איר געקענט די דענטיסטקע וויינער? ווייסט איר אפשר וואָס איז געוואָרן מיט איר איינציק יינגעלע איזשאַ? — איך האָב געענטפערט אַז יאָ, און אַז איזשאַ איז געווען מיינער אַ גוטער חבר, און עד היום דאַרף איך דער פרוי דערציילן וועגן אָט דעם איזשאַ, וועלכן זי האָט געקענט אַלס קליין יינגל...

יאָ, איך האָב זיי אַלע מער נישט געזען, אָבער איך ווייס וואָס מיט זיי איז געשען, מיט פערעלען, מיט ריווטשען, מיט גיטעלע לערנער און מיט אַלע יוגנטלעכע און קינדער. זיי אַלע געהערן צו מיינע קאָשמאַרן אין די נעכט עטלעכע דרייסיק יאָר נאָכאַנאַנד. שרייבן וועגן זיי איז ווי שטיין איבער אַן אָפענעם קבר און אַריינקוקן אין אים — — —



הערשל מאַסטאָווסקי
מיט זיין פרוי לאה
(פון די מאַרגנשטערנס)

**לייב רוכמן**

# ח׳ אלול תש״ב

פרק מתוך הספר „בדמייך חיי״, הוצאת „יסודות״,
ירושלים 1961, תרגום — חנוך קלעי.

יום השישי, השעה שמונה־וחצי בבוקר (ח׳ באלול תש״ב — 21 באוגוסט 1942) — „הם כאן, מאחורי העיר!״ — „הם כאן!!!״

ברחוב אנדרלמוסיה. רצים אנה ואנה, עם צרורות ובלי צרורות. יחידים ומשפחות שלמות.

— הימלטו, יהודים, הימלטו, נוסו מן הגיטו! — נשמעים קולות קוראים.

אני חש עשן סמיך אופף אותי וחונק אותי. כבתוך ערפל רץ אני אל ביתנו. אני פולש לתוכו בבהלה:

— מהר, מהר, בואו, כולנו! נברח! הם כאן!!!

הדלתות, התריסים הוברחו, וכולנו אצים אל מחוץ לגיטו, אל מאחורי הצד השני של העיר. אחותי מרים ועוד מישהו נושאים את אמי על כפיהם ורצים באפס־נשימה. בין הרצים — חותנתי, גיסי ואשתו, אסתר שלי ואחותה הצעירה, ועוד אנשים מן השכנים שלהם. אני מצווה עליהם שירוצו הלאה ויתחבאו אצל מכרה נוצריה. אני עצמי נשאר עומד על עמדי והריני מביט לעבר העיר. „אולי לא־כלום, אולי לא־כלום״.

בני־אדם עוברים על פני במרוצה פראית. שני ילדים וסוכריות בידיהם. אמם מצווה אותם לרוץ ולהימלט. נשים ותינוקות לשדיהן, בחורות וצרורות על שכמן. רצים. בחלל האוויר — קולות־שריקה. על אופניים עובר חיש שוטר־הגיטו היהודי יוסל וישניבסקי.

— מה נשמע? — צועק אני אחריו. הוא מניף בידו ואץ הלאה.

נוצרים עומדים במבוכה ומביטים על היהודים הנסים.

במרוצה עובר על פני הגביר ר׳ יעקב רוזנברג.

— מדוע אתה עומד?! — צורח הוא אלי — לא תספיק! — הוא רץ אל מכר נוצרי להתחבא אצלו. אני מסתובב, ואף אני אץ להימלט על נפשי.

את בני משפחתי כבר אינני רואה, אבל אני יודע לאן הלכו. זה לא־הרחק מאחורי העיר, אצל מכרה נוצריה בשם שצ׳פאנקה. בנשימה אחת הריני אץ לשם.

סימטא חולית ארוכה וצרה. גנים ובתים משני הצדדים. גדרות־עץ צבועים, העשויים מבדים צרים ורווח ביניהם. בתוך כל שער פשפש להולכי רגל. ענפי האילנות פושטים ועוברים מעל לגדרות למעלה על־פני הסימטא. אני נשאר עומד באמצעה של הסימטא בין החצרות שמשני הצדדים. דממה. אין רואים נפש חיה. פתאום — הנה עומד לו בחזית, לפני פשפש גנו, איש נוצרי. זה ממול חצרה של שצ׳פאנקה. אני מפחד, שהוא יראה אותי נכנס לשם, אני עומד אובד־עצות. הוא מתבונן בי. אני נכנס אליו לחצר. הוא הולך אחרי בחשדנות. אני פורץ בבכי חסר־ישע. שוב אני יוצא לסימטא.

לפתע־פתאום — מרחוק, מצדה השני של הסימטא, בא רכוב על אופניים איש עוצבת־ההשמדה, שרוואליו חפותים ורובהו נטוי לפניו. הוא רוכב לעומתי. נשימתי נעצרת. אני עובר מהר לצד גנה של שצ'פאנקה.

הנוצריה עומדת בפתח מבולבלת. היא לוטשת עיניה עלי ומכניסה אותי לתוך הגן, הבת מראה לי את התעלות שבין הערוגות שאסתתר שם, בין ערוגות תפוחי־האדמה — מתחת לעלים, ובמחסה כמה עצים קטנים. אני מגלה בסמוך אלי את אסתר. היא מחבקת אותי.

היא מספרת לי, כי אמותינו ואחותי נסו אל מקום אחר, אל בארטניצקי, נוצרי ממכריהם, משום שאמי החולה לא יכלה לרוץ הרחק כל־כך, עד כאן. הן בוודאי נמצאות שם. אבל עמנו כאן נמצאים גיסתי הצעירה ציפורהלי, גיסי שלום ואשתו חיה. חיה רועדת בלי־הפסק, חוששת שרואים מבין הערוגות את כריסה (היא בירח התשיעי). המכרה הנוצריה מורה על בור. גיסי מעביר לשם את אשתו.

פתאום:

טא־טא־טא — טא!

טא־טא־טא — טא!

מטחי־יריות מכל העברים! זה התחיל!

פתאום־לפתע:

— טא־טא — טא, טא!

כאן, לא־הרחק, צעקות!

— טא, טא, טא!

דממה.

אנו שומעים צעדים כבדים בסמוך אלינו. מחפשים בערוגות, מעברו השני של הגדר.

— האלו!

אני שוכב בפישוט־איברים. אשתי שלפני לוחצת ידי בחזקה. גיסתי שמאחורי — את רגלי. אנו נצמדים אל האדמה

— האלו, האלו!

— שמע ישראל — — השם אחד!!!!

אשתי חוזרת אחרי ולוחצת ידי עוד יותר בחזקה.

מתקרבים אלינו!

— הס־ס־ס־ס!

— טרח!

זה במרחק של כמה ערוגות מאתנו. נערה מתאנחת. גיסתי נועצת ציפורניה בתוך רגלי. התלעלעות. אין אוויר לנשימה. יריה! וצעדים — מתרחקים חיש. שוב דממה.

— טא־טא־טא — טא!

— בום, בום, בום, בר־ר־ם — בלי־הפסק, מסביב, מכל הצדדים, באוזניים — צלצלה.

שוב צעדים בסמוך אלינו, צעדי־חרש. זו מכרתנו הנוצריה, היא רוטטת:

— כרזות! גזר־מיתה על החבאתו של יהודי!

היא שואלת אותנו, מה יהיה? — מסביב יורים ביהודים בלי־הפסק. כבר שרועים מתים לאין־מספר.

— כאן, בערוגה השלישית לידינו, מוטלת נערה מתה, ובמרחק־מה ממנה — ילדונת שכדור בחזה. הדם שותת. הילדה עודנה בהכרה, והיא מבקשת מעט מים. אבל אין איש מגיש לה. הרחק יותר מוטלות כמה נשים ירויות. עודן חיות. הן מפצירות בגרמנים העוברים במרוצה, שיירו בהן ויהרגון, אבל הללו מסרבים ומניחים להן להתענות בתוך הדם הניגר מהן.

— מה יהיה? — שואלת שוב במר־יאושה שצ׳פאנקה. היא שוקעת רגע בהרהור וחומקת חרש.

מטחי־היריות מחרישים את האוזניים. בעיר פועלים כל כלי־הנשק. טרטור של אקדוחים, רובים, מקלעים, אקדוחים אוטומטיים ורימונים. כל הקולות האלה מתערבבים. מעלינו מאַוששים עליהם של העצים:

— טיק־טיק־טיק, טיק — — — —

— טא־טא־טא — טא!

שוב צעדים מזדחלים. אנו שומעים, מדברים אל המכרה הנוצריה שלנו. אשתי מכירה את הקול, זה ברקר, חתנה של שצ׳פאנקה. הוא מדבר בעצבנות עם חמותו. כעבור רגע הוא ניגש אלינו. מיוזע, מלא חדשות. הוא מתכופף, מושיט לי ידו, אנו מכירים זה את זה מכבר. זה־עתה בא מן החוץ.

— ה׳, מה שנעשה שם! משמידים את היהודים. בשוק קרוסים אלפי אנשים שנתפסו. ברחובות — מאות חללים. על כל צעד ושעל — חללים. את האנשים שקיבצו יעבירו לטרבלינקה.

הוא מחייך ואומר שזה מן העצבים.



אסתר רוכמן (יושבת) ומאחוריה — אחותה דינה וחברתה רבקהלי



מימין לשמאל:
דינה רוכמן וזלדה מינקובסקי

— ה„פאקו" * הגיעו במשאיות — הוא מוסיף — אֶס־אֶס, שחורים, ז׳אנדארמים, אוקראינים, ליטאים; במדים כהים, וכן משטרה פולנית. מצטיינים ביותר ה„שחורים" ממינסק, השוטרים והז׳אנדארמים. הם יודעים היטב כיצד מוצאים את היהודים המסתתרים.

— טא־טא־טא — טא!

— בר־בר־בו — בום!

ברקר מקשיב ואומר:

— כל ירייה — חלל!

אנו רוטטים כבקדחת.

— זקני־היהודים — ברקר מחייך שוב — זקני־היהודים אולצו לחפש תרנגולות בשביל הגרמנים. הם זוחלים על ארבעתם בחצרות, קוראים „צ׳יפ, צ׳יפ, צ׳יפ", ואוספים את התרנגולות. כמה מאנשי האֶס־אֶס מצליפים באחוריהם בשוטים ארוכים. שוב מטח־יריות.

— אל תפחדו — מרגיע אותנו ברקר — אם ימצאו אתכם כאן, אשתדל שלא יירו בכם בו־במקום, אלא יקחו אתכם לכיכר־השוק, לטרבלינקה!

ברקר מיהר והסתלק. עוד הספיק לחזור:

— לא לירות, אלא לקחת לכיכר־השוק, לטרבלינקה!



היינו שכובים בין העלים ונלחצנו אל אדמת התעלות שבין הערוגות. מלמעלה הליטו אותנו ענפיהם הירוקים והמשורגים בצפיפות של האילנות הקטנים. באוזניים עלה קול רעש וניסור, שריקות. באויר טיתטחו יריות. צעקות וצריחות פילחו את החלל, הרוח נשא והביא אנקות קטועות. סביב־סביב תאניה ואניה.

בלי־הפוגות נלחצנו בלבותינו אל האדמה. הם נעו־רעדו והניעו־הניפו אותנו. הצריחות קרבו בלי־הרף. קולות שיכורים הצוויחו. פירכסנו ופירפרנו, נעצנו אצבעותינו איש בבשר רעהו. ערפל הציף את המוח, ולפני העיניים — סחרחורת. הם היו קרובים אלינו — לפני הגן. צעקו, קיללו, ירו, והמשיכו במרוצתם. כפעם בפעם ניגשה אלינו בעלת־הבית, כשהיא זוחלת בזהירות בין העצים, ופכרה ידיה. בינתיים אף באה בתה מן הרחוב והביאה חדשות:

— בשוק קרוסים אלפי יהודים, זקנים נשים וטף. הם קורסים איש תחתיו שורות־שורות וניתכים בלהט־החמה. אנשים גוועים שם בתוך הדחס. אנשי אֶס־אֶס רצים על־פני החצירות ומוציאים בלי־הפסק אנשים נוספים מתוך מחבואיהם. בשוטים ארוכים הם מריצים אותם אל השוק. ברחובות מוטלות נשים ותינוקות לשדיהן, שנורו יחדיו, זקנים וזקנות. גרמנים, אוקראינים, ליטאים, שוטרים פולנים — כולם רצים לתוך הבתים, מחפשים תחת המיטות, בעליות, במרתפים, בזוויות ובארובות, וסוחבים בני־אדם אל השוק. מאחורי כל הקירות מוטלים מתים. גם בכל הגנים. הללו שנתפסים מחוץ לגיטו מומתים מיד. הרוגים בירייה שרועים

* פארניכטונגס־קולונה — עוצבת ההשמדה.

על פני השדות שמסביב לעיר. כנופיות משוטטות ביערים ובכפרים הסמוכים, בודקות ומחפשות בכל מקום. בכפר חוחול ירו בארבעים יהודים וקברו אותם בתוך בור אחד. וכן עשו בכיכרות־החול, מאחורי ה„צמנטאז״ *. היא עצמה היתה בכל המקומות האלה וראתה הכול. היא גם סקרה את הגיטו, כל הבתים שם כבר ריקים ומרוקנים, הדלתות והחלונות מפורצים ושבורים, מה שבפנים מושלך בערבוביה. החדרים נראים כמו חורים. כל רגע מריצים משם אל כיכר־השוק חבורות חדשות של בני־אדם. אנשי אָס־אָס, בפרצופים מואדמים ובשרוולים חפותים, מצליפים בהם בשוטים ויורים בהם, באנשים. החבורות קטנות והולכות מפעם לפעם, העיר המומה.

והיא מוסיפה לספר:

— בשוק, על המדרכות, עומדים עכשיו שולחנות ערוכים, מכוסים במפות לבנות, ועליהם בקבוקי יין, ליקר ויי״ש. סביב, על כורסות שהוצאו מתוך בתיהם המפונים של היהודים, יושבים הקצינים, המנהלים את האקציה, זוללים וסובאים. אנשי אָס־אָס מבשלים בבתי־היהודים שבסמוך תרנגולות ואווזים, שנתפסו בחצרות. הראשים נמלקים והעופות נזרקים כמות־שהם לתוך הדוודים, שיתבשלו. אחר־כך הם מוציאים אל השולחנות שבחוץ. השטורמיסטים סובאים, מעלעים בלגימה אחת בקבוקי־יי״ש שלמים ומקנחים בבתרי־בשר מרוטשים. כולם הלומי־יין ומגחכים בקולות סבואים. החבורות של יהודים שנתפסו מורצות לפני השולחנות. במבטי־פרא זידונים ושיכורים מודדים הם את היהודים המועברים, ובעוד בתרי־הבשר בפיותיהם — הם מצליפים בהם בשוטים ארוכים.

היא, בתה של שצ׳פאנקה, עמדה שעה ארוכה בצדו השני של השוק, ליד הכנסיה, והביטה במחזה. היא ראתה ליד אחד השולחנות שטורמבאן־פירר מתנודד קם ממקומו, תופס עוד בקבוק יי״ש ומשלשל אותו לתוך גרגרתו וצורח:

— פושעים! אין כאן אלא פושעים, באים על עונשם! חה־חה־חה!

הוא תפס רובה וירה בפראות לתוך ציבור היהודים.

— פושעים — צווח — ראו את סופכם!

והיא מוסיפה:

— בתוך השורות מוטלים עכשיו מתים שראשיהם מרוטשים בכדורי דום־דום. האנשים שמסביבם מוכתמים בנתזי דם ומוח. אסור להם לזוז מן המקום. בחורה אחת, סטודנטית, היפהפיה של הגיטו, רוז׳קא, בתו של סרולק אדלשטיין ,יצאה מדעתה. היא קרעה מעליה את בגדיה והתחילה לרוץ עירומה אל הכנסיה, רצתה להיכנס פנימה. סמוך לרגלי המדרגות נורתה ונהרגה.

— הו, מה ששם נעשה! זה־עתה העבירו שם את הדוקטור גרינברג. אנשי האָס־אָס היכוהו מכות איומות. הם צחקו ואמרו, שהוא שווה הרבה, יש לו אוצר של חלב — לעשות סבון.

חיש־מהר חזרה במרוצה אל העיר.



---

* בית־קברות נוצרי.

שוב הגיע במרוצה בעלה, ברקר. הזיעה נשתפכה ממנו. הוא ניגש מיד אלינו:

— לא טוב! שמעתי, כי עוד מעט יבואו אלינו, לחפש פה בגן. אתם מוכרחים להסתלק מכאן! כן, אולי יש עצה: אם יש לכם זהב, אקנה אותם, את הגרמנים, עוד לפני שיגיעו הנה. הבו, מהר! הזהב ממילא לא יביא לכם שום תועלת, אם יירו בכם, אז יפשיטו גם את בגדיכם. נערים משלנו מתרוצצים כנופיות־כנופיות ומפשיטים את המתים. גם יהודים חיים מחפשים הם, ומסגירים אותם לידיהם של הגרמנים. לא אתן להם לבוא הנה, לא להם ואף לא לגדולים מהם, לבני־ההמון שלנו, המשוטטים בעיר ובסביבתה, בגנים ובשדות, ומחפשים יהודים, כדי לסחוט מהם דמי כופר־נפש.



שת אחיות של המחבר — מרים־רחל ודינה

ברקר עומד מעלינו. כמחזית־מלחמה נישא מטח־היריות, חזית־מלחמה מכל ארבעת הצדדים. הוא סייע אותנו להוריד מן הידיים את השעונים, את טבעתי שלי, את טבעת־הקידושין מאצבעה של אסתר, את טבעתה של גיסתי. „מיד הוא הולך אל הגרמנים, לתת להם את זה, שלא יבואו הנה".



אחר־כך באה שוב אשתו, ובפיה חדשות:

היא היתה בשוק והתבוננה בשורות הראשונות. יושבים שם יהודונים זקנים, ששערם שיבה. היא ראתה שם רבים ממכריה וממיודעיה. יושב שם חיים־איציק ברגר הישיש, זה שהיה שכוב משותק במיטתו חמש שנים. אשתו הישישה הוציאה אותו על כפיים, חששה שמא יירו בו בתוך המיטה. שעיה פרידמן יושב בין הרא־שונים, והיוורון־מוות על פניו, והוא נושך בקצה זקנקנו האפור. שלומקה ברקוביץ', לייב רוזנברג, ועוד ועוד. רבים הביאו עמם את „כתנות־המוות" שלהם (היא מתכוונת לטליתות) והם אוחזים אותם מתחת לזרוע.

את אימותינו ואת אחותי הקטנה לא ראתה. מן־הסתם עודן מסתתרות, ואולי נהרגו אי־שם. עכשיו הביאו גם את כל הפועלים היהודים ממקומות־העבודה

הצבאיים והאזרחיים. לא יישאר בעיר אפילו יהודי אחד. אומרים, שגם בערי־הסביבה ישמידו מחר את היהודים.

מבחוץ, מלפני הגן, עלה קול שאון והמולה. אשתו של ברקר חמקה חיש־מהר הרגשנו — חסל! חסל! כבשנו פנינו בתוך האדמה. עצרנו את הנשימה.

השאון נתרחק והלך. שצ׳פאנקה הזקנה ניגשה אלינו. שנסתלק מיד! היא אינה רוצה לדעת כלום! ברקר הגיע שוב. הזהב מועט מדי, צריך עוד! או כסף! כמה יש? צריך לתת הכול, מוטב שתרבו. הוא הולך מיד לסדר את העניין. אמנם אינו יודע, אם יועיל, אבל — אל פחד, הוא ידאג לכך, שלא יירו בנו, אלא יקחו אותנו לכיכר־השוק, לטרבלינקה!



השעה כבר היתה ארבע. בסמוך כבר היה שקט יותר. במרחק עוד טחטחו רובים ומכונות־יריה. אשתו של ברקר שוב הגיעה במרוצה מן הרחוב, ובפיה חדשות:

— בשוק גיהינום. הם מתעלפים בצמא. עוללים נופחים נפשם. החיים והמתים יחד, בערימה אחת — מיטגנים בשמש. הסרחון נודף בכל העיר כולה. הם עושים צורכיהם תחתם, מי שמנסה לקום נורה על־אתר. כל הזמן מביאים עוד אנשים, אבל עכשיו — יחידים, לא חבורות. זה־עתה הביאו את ה„יודנראטניק״ מורדקה יוסף קירשנבוים, כל היום הסתתר אצל מכר נוצרי, אבל כששמע שאשתו וילדיו בכיכר־השוק, יצא ממחבואו והסגיר עצמו לידיהם של הגרמנים. הוא יושב בקצה ובלי־הרף הוא מחפש מתחת למשקפיו את אשתו וילדיו, שיושבים אי־שם בתוך הציבור הגדול ואינם יודעים כלל, שגם הוא בשוק. את אימותינו לא ראתה גם הפעם. היא אף חיפשה אותן בין החללים שבכל הרחובות והכיכרות ולא מצאה.

היא מספרת, שפולנים הרבה מחפשים עתה בחצרותיהם יהודים מסתתרים. מוצאים אותם גם בפחי־אשפה, במחראות, בדירי־חזירים. בעלי־הבתים שרויים בתבהלה, והם מגרשים אותם. היא שמעה, שיהודים רבים אינם רוצים לצאת בטובה, הם בוכים ומתחננים על נפשם, אבל בעלי־הבתים קוראים לז׳אנדארמים והללו יורים בהם במקום. אחר־כך בעל־הבית חייב לקבור אותם. אלא שבשביל זה הוא מקבל את בגדיהם. גם כסף רב מוצאים אצלם. הרבה יהודים נורו על שפת הנחל. שורות־שורות שרועים החללים על שתי גדותיו. את בני־משפחותינו לא ראתה גם שם.



ברקר איננו. מאז הלך כבר חלפו כמה שעות. אשתו אומרת, שהוא שותה עכשיו באיזו מסבאה יחד עם הגרמנים. ודאי לא יניח להם לבוא הנה.

השמש רד. דמדומים. ערב שבת עתה, שעת הדלקת־הנרות. אויה, אימותינו אַין?

והיכן ברקר? מה הוא עושה שם?

במרחב האפלולי עלתה המיה, נישאו הדים זרים־מוזרים, טיחטחו יריות. שכבנו, ושחורים כפחם גיפפנו זה את זה. כפות גדולות ואפלות חינקו אותנו. הצמדנו צוארותינו אל האדמה.

— לייבל, לייבל — לחשו באוזני — יירו בנו!

כבר ירדה האפלה. בין העצים הבקיע אור החשמל מחלונה של שצ׳פאנקה. נשים דיברו שם בקולי־קולות.

הושלח הס. בין העלים שוב התגנבו אלינו. צעדי־חרש איוושו. שצ׳פאנקה גישׁשה בידיה בין העשבים. היא כרעה ונתקלה בנו. לחשה לתוך אוזנינו:

— לכו, לכו! הסתלקו בשלום, בשם אלוהים! כאן לא תוכלו להישאר!

לא היינו מסוגלים לענות דבר. היא נאנחה וסיפרה, שבעצם הערב הזה קמו בשוק יהודים אחדים, כמו ישראל טראפיקאנט וחבריו, והתנגדו לגרמנים. בחור אחד — פליט מקאליש — מנדל זיידל, התנפל עליהם, הוציא רובה מידיו של איש אֶס־אֶס ושברו על ראשו של הלה. לירות לא היה יכול מחמת הדוחק. אילולא אנשי אֶס־אֶס והשוטרים הפולנים, שהתנפלו עליו, היה הורג את הגרמני. הם הפכוהו לגוש־בשר שותת־דם והרגו בירייה כמה יהודים מסביב. גם במקומות אחרים התנגדו יהודים יחידים לגרמנים והתנפלו עליהם.

היא פכרה ידיה:

לכו מכאן! לכו בשם אלוהים!

בחושך נשמעה פתאום תנועת־אדם מהירה. מישהו רץ מהר אלינו. תפסנו זה ביד זה. ברקר. הוא היה פרא:

— צאו, צאו מהר! הגרמנים באים תיכף הנה! מהר, נוסו!

ריח יי״ש נדף ממנו.

רצינו לנשקו, לחבקו — חמותו ואשתו קרבו ודחקו בנו:

— מהרו, מהרו!

אשתי וגיסותי בכו, נפלו בזרועותיהן. סביב־סביב טחטחו יריות.

— לאן נלך? החביאו אותנו באיזה מקום, הצילו את חיינו! הרי כל צעד החוצה הוא תיכף מוות! — התחננו על נפשותינו.

— עליכם להסתלק מיד! מיד להסתלק מכאן! — צעקו כנגדנו.

— צאו! מהר, צאו!

באפלה זחלנו ועברנו כצללים את גדר־הגן. עברנו ויצאנו אל שדה פתוח.

**א. שעדלעצקי**

# די „אַקציע"

פון אַ באַריכט דערשינען אין ניו־יאָרקער
„טאָג", דעם 29.7.46—28.

פרייטיק, דעם 21טן אויגוסט אינדערפרי איז דאָס געטאָ אויפגעטרייסלט גע־וואָרן דורך דער ידיעה, אַז „זיי" זענען דאָ: צום לאַנדראַט זענען פאָרפאָרן עטלעכע אויטאָמאָבילן מיט ס.ס., אוקראַינער און לאַטישן. זיי האָבן זיך צעטיילט אין גרופן און אָנגעהויבן מאַרשירן אויפן געטאָ, אים אַרומרינגלען.

ווי אין אַ טרינקנדיקער שיף האָבן זיך מענטשן געלאָזט לויפן אין אַלע ריכטונגען, זיך אויסצובאַהאַלטן.

אַ חברה רייסט אויף די דראָטן פון געטאָ און צעלויפט זיך איבער די אַרו־מיקע פעלדער אויסערן שטעטל. אַנדערע באַוויזן נישט אַרויס און באַהאַלטן זיך אין די שטיבער, אויף די בוידעמס און אין ספּעציעלע באַהעלטעניש.

דער טאַטע זאָגט אָן די קינדער: צעלויפט זיך אין פאַרשידענע ריכטונגען. אפשר וועט זיך ווער פון אייך ראַטעווען, ויחץ יעקב. אַ מאַמע גיט דאָס קינד צוקערלעך און אַ פּאָר זלאָטעס און הייסט עס לויפן ווו עס וויל, זי קאָן עס קיין שוץ נישט געבן, זאָל עס לויפן אין וואַלד, אפשר צו קריסטלעכע באַקאַנטע, אפשר וועלן זיי רחמנות האָבן און אויסבאַהאַלטן...

דערווייל ווערט ס׳געטאָ אַרומגערינגלט וואָס אַמאָל מער מיט ס.ס. צו די אַנטלויפנדיקע ווערט נאָכגעשאָסן. ס׳פאַלן מענטשן אויף די גאַסן פון שטאָט. אויף אַלע וועגן זענען אויסגעשטעלט וואַכן מיט מאַשין־געווער, וואָס הערט נישט אויף צו באַשיסן די אַנטלויפנדיקע.

גאָטספאַרכטיקע קריסטן באַהאַלטן זיך אויס אין די וווינונגען. יונגע חצו־פּותדיקע שיקסעס און שקצים העלפן צו אויפצוזוכן די יידן אין קאָרן און אין די וועלדער, און גיבן זיי איבער אין די הענט פון די דייטשן אָדער פּוילישע גראַנאַט־פּאָליציי.

פאָרן יודענראַט־בנין, אינמיטן מאַרק, פאַרפאָרן די אָנפירער פון ס.ס. מיטן דייטשישן סטאַראָסטע ד"ר ביטריך. עס קומט דער זשאַנדאַרמעריע־שעף ניקעלאָוז, ס.ס.־שעף שמידט און סקאָבלינסקי. די יידן אין געטאָ זענען זיי אַלע גוט־באַ־קאַנט — דאָס זענען דאָך די טעגלעכע בלוט־צאַפּערס און פּייניקער פון געטאָ...

עס פאַלט דער באַפעל: אַלע יידן זאָלן זיך תיכף שטעלן אויפן מאַרק. די וואָס וועלן זיך אויסבאַהאַלטן וועלן דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

די ס.ס. לייט, ווילד און בלוטדורשטיק, האָבן אָבער נישט געוואַרט די יידן זאָלן זיך אַליין צושטעלן אויפן מאַרק. ווי בלוטדורשטיקע חיות האָבן זיך די ס.ס., אוקראַינער, לעטן און גראַנאַט־פּאָליציסטן געלאָזט איבער די יידישע וווינונגען און אָנגעהויבן אַרויסצויאָגן אויפן מאַרק. קראַנקע און די וואָס האָבן קיין כח נישט אַזוי שנעל צו לויפן ווי די ס.ס. פאָדערט, ווערן דערשאָסן אויפן אָרט.

ס׳רוב יונגוואַרג האָט זיך אויסבאַהאַלטן אָדער זיך צעלאָפן אין די שכנותדיקע

דערפער. די ערשטע האָבן זיך אויפן מאַרק באַוויזן די עלטערע: זקנים און פרויען מיט פּיצלעך קינדער. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן אַרויסצושלעפּן גרעסערע פּאַרטיעס יידן פון באַהעלטענישן.

אָט גייט ר׳ ישעיהו פרידמאַן, אַ הויכער מיט אַ שפּיציק ווייס בערדל מיטן טלית און תפילין אונטערן אָרעם. ער גייט שטאָלץ ווי צו דער עקדה, ווי עס זענען אַמאָל יידן געגאַנגען אויף קידוש השם. ער טוט מיטן קאָפּ נישט קיין ריר, אפילו דאַן, ווען ער פאַלט פלוצים אַריין אין אַ שפּאַלער פון ס.ס.־לייט, וואָס האָגלען איבער אים מיט זייערע נאַהייקעס. דאָס זעלבע איז מיט אַנדערע: אָט גייט שלמה׳לע שוויאַטלאָ, לייבעלע ראָזענבערג, גרשון העניך ליבערמאַן, איטשע שוחט און אַנדערע חשובי העיר. דעם גראָען חיים יצחק בערגער פירט מען אַרויס ביי די הענט אויפן מאַרק אַרויס — פון קראַנקן בעט אַראָפּ...

די דייטשן כאַכאַטשען און האַלטן זיך אָזש ביי די גראָבע בייכער פאַר געלעכטער און — מאַכן פאָטאָגראַפישע אויפנאַמען...



חיים יצחק בערגער או׳ פרוי אין פרידלעכע צייטן, בילד געמאַכט אויף יאָשע בעקערס הויף צום אָפּפאָרן פון זיין טאכטער שרה צו איר מאַן קיין ישראל

דעם שטאָט־פעלדשער גאָלדמאַן האָבן די ס.ס. געפונען באַהאַלטן אין אַ קעלער צוזאַמען מיט זיין 15־יאָריק יינגל פנחס. אַ צעקאַטעוועטן און מיט בלוט־פאַרגאָסענעם פירט אים אַן ס.ס.־מאַן. און ווען זיי קומען צו צום שמאָלן בריקל איבערן טייכל — מוז דער פעלדשער מיטן זון גיין איבערן וואַסער, טונקענדיק אין דער בלאָטע ביז איבערן האַלדז...

און אָט פירט מען דעם דאָקטער שמעון גרינבערג, אַ דיקער מיט אַן אויסזען פון אַ געלערנטן. „פון דיר ווערט זיין גוטע זייפע, דו ביסט איין פעטער יודע!״ — זאָגט אים אַן ס.ס.־מאַן און פאַרכלינעט זיך פאַר תענוג.

אויפן ברייטן מאַרק־פּלאַץ, אויפן רינעק, וועלכער געפינט זיך ביי דער גרעניץ פון געטאָ, זיצן אונטער אַ צעגליטער אויגוסט־זון די צוזאַמענגעטריבענע יידן, מענער באַזונדער און פרויען מיט קינדער באַזונדער. אויפשטעלן זיך — דראָט

אַ קויל. כאַטש די לופט איז הייס און שטיקנד, שוידערט אַלעמען אַ מאָדנע קעלט. די קינדער ציטערן און טרייסלען זיך פאַר שרעק, טוליען זיך צו דער מוטערס ברוסט. קינדער פאַררייסן די קעפּלעך צו זייערע עלטערן, די אויגן שרייען און בעטן הילף, אָבער — — —

פּרימעט רויזנער (פון די קאַוועס), אַ יונגע פרוי, האָט אויפן מאַרק באַקומען געבורטס־ווייען. האָט אַן ס. ס.־מאַן „רחמנות״ באַקומען אויף איר און מיט איין קויל אַן ענדע געמאַכט צו איר לעבן, און צום לעבן פון דעם קינד, וואָס האָט נאָר וואָס געדאַרפט קומען אויף דער וועלט...

די ציין־דאָקטאָרין פרוי ווײַנער האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן דאָס בילד פון דער דערשאָסענער מוטער, וואָס איז געפאַלן מיטן קאָפּ אויף איר שויס, האָט זי באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק. אַ צווייטע קויל פון דעם ביקס פונעם ס. ס.־מאַן האָט אויך צו איר לעבן אַ סוף געמאַכט.

ביסלעכווייז זענען אויפן מאַרק צענויפגעזאַמלט געוואָרן עטלעכע טויזנט יידן. אַלע אויסגעזעצט אונטערן הייסן צעגליטן הימל און טאָרן זיך נישט רירן פון אָרט. אַרום דער קופּע מענטשן לויפן אַרום ווילדע ס. ס.־לײַט און רייסן גאָלד, געלט — אַ טרונק וואַסער קאָסט אַ גאָלדן רינגל. פּרוּיען גיבן אָפּ צירונג, וואָס מ׳האָט גע׳ירשנ׳ט פון עלטערן, פון דורות...

פון ביידע זייטן מאַרק שטייען ווי שטומע עדות, פון איין זייט די חורבות פון דער אַלטער חרובער שול, אַנטקעגנאיבער — דער שטאָטישער קלויסטער מיט די הויכע טורעמס...

רוזשקע עדלשטיין, אַ גימנאַזיסטקע, פון די שענסטע יוגנטלעכע, האָט אויפן פּלאַץ באַקומען אַ שגעון־אַטאַקע. זי האָט אָנגעהויבן ווילד שרייען און לויפן אין דער ריכטונג פון דער קירכע: „געוואַלד, ראַטעוועט מיך — האָט זי געשריען אין פּויליש, איר מוזט מיר ראַטעווען!״.

איר קערפּער איז געפאַלן אויף דער שוועל פון דער קירכע און מיט איר יונג בלוט באַשפּריצט דעם אַריינגאַנג...

אויף די טראָטואַרן, לענג־אויס דעם מאַרק זיצן אויסגעזעצט ביי טישן פרעסן און טרינקען די אָנפירער פון דער „אַקציע״. זיי שיכורן און זופן ביר. די גע־בראַכטע פאַרטיעס יידן ווערן פאַר זיי דערכגעפירט. מיט האַלב שיכורע אויגן באַטראַכטן זיי זייערע קרבנות. פון זייערע פּיסקעס פאַלן מיאוסע רייד אויפן אַדרעס פון יידישע פרויען און כשרע יידישע קינדער. מיט לאַנגע לעדערנע בייטשן שמייסן זיי נאָך די יידן, באַגלייט מיט אַ ווילד־תענוגדיק געלעכטער...

די מיטגלידער פון יודענראַט ווערן געהאַלטן באַזונדער. זיי מוזן באַדינען די דייטשן, זיי מוזן צושטעלן הינער און אַנדערע עופות אויף מיטאָג פאַר די ס. ס. אונטער אַ שמירה פון צוויי ס. ס.־לייט מיט נאַהייקעס אין דער האַנט ווערן געטריבן די צוויי יודענראַט־מיטגלידער משה קראַמאַזש און מאיר שלום בריקס צו ברענגען הינער. זיי ווערן געצווונגען צו קריכן אויף די הענט און פיס, אונ־טערשפּרינגען און שרייען „טשיפּ, טשיפּ, הינדעלעך״. די ס. ס.־לייט שמייסן אונטער...

ביי דער קירכע שטייט די דייטשע פעלד־קיך. מ׳קאָכט מיטאָג פאַר די

רוצחים. דער דייטשער קוכער דרייט אַף די קעפּ ביי עופות, ציפּט אַף די פעדערן, רייניקט אויס דעם דראָב און וואַרפט עס אין קעסל...



די זון איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען. מ׳ציילט די יידן. דער ראַפּאָרט שטעלט פעסט: 4,000 יידן. דער הויפּט־שטורם־באַנפירער פאַלט אַריין אין אַ גרימצאָרן: 2,000 יידן פעלן. ער האָט טענות צו זיינע זעלנער. די יידן באַהאַלטן זיך אויס. זיי זוכן נישט גוט. צום סוף לאָזט ער אויס דעם כעס צום יודענראַט און שמייסט זיי איבער די פּנימער.

אויפן מאַרק קומען דייטשישע סוחרים, באַלעבאַטים פון פירמעס. זיי דאַרפן מענטשן צו דער אַרבעט. זיי ווילן מ׳זאָל זיי איבערלאָזן אַביסל געזונטע און פעיקע. זיי האָבן וויכטיקע אַרבעט אויסצופירן פאַר דער דייטשישער מאַכט... אָן די יידישע קנעכט וועלן זיי נישט באַוויייזן אַלץ אויסצופירן צו דער צייט...

עס הויבט זיך אָן אַ מענטשן־האַנדל. דאָס דאַרף שוין זיין די רעטונג. רייסט זיך יעדער פאָרויס אין דער זייט פון די גליקלעכע, געזונטע מענער, וואָס די דייטשע סוחרים קלייבן אויס פון די רייען. אַ שטראָם רייסט זיך פאָרויס און מישט זיך אויס מיט דער ס. ס. און פּאָליציי, וואָס באַמיען זיך דעם שטראָם איינ־צוהאַלטן און מאַכן אָרדענונג, שלאָגן און שמייסן די יידן איבער די קעפּ מיט ביקסן־קאָלבעס און דאָ געשעט עפּעס אומדערוואַרטס.

אַ בחור רייסט אַרויס ביי אַן ס.ס.־מאַן אַ ביקס, מיט וועלכע ער האָט אים געוואָלט שלאָגן און לאָזט זי מיט דער גאַנצער קראַפט אַראָפּ איבערן קאָפּ פון ס. ס.־מאַן.

עס ווערט אַ גערודער. די דייטשן כאַפּן זיך צום געווער. אין אַ פּאָר מינוט אַרום ליגט די גאַנצע גרופּע מענטשן, וואָס זענען שוין געווען אויסגעקליבן צו דער אַרבעט אין איין קאַלוזשע בלוט...

אָט אַזוי איז אומגעקומען דער העלד מענדל זיידעל, אַ שלאָסער, געשטאַמט פון קאַליש און איז אין דער אָקופּאַציע־צייט פאַרוואָרלאָזט געוואָרן קיין מינסק־מאַזאָוויעצק. אָט אַזוי האָט אַ יידישער בחור געדורשט נאָך נקמה און געפאַלן ווי אַ העלד...

דער יודענראַט ווערט מיט נאָך עטלעכע חשובים אָפּגעפירט באַזונדער. „איר בלייבט, דאָס איבעריקע דרעקע קומט וועק!״ — דערקלערט דער גראָבער ס. ס.־מאַן. מרדכי יאָסל קירשענבוים, אַ ייד אַ ציוני, לאַנג־יאָריקער געזעלשאַפטלעכער טוער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן און געזאָגט: „איך וועל גיין צוזאַמען מיט אַלע יידן!״ דער ס. ס.־מאַן האָט אים אַ שמיץ געטאָן און אַריינגעיאָגט אין דער ריי גלייך מיט אַלע, וואָס זענען אָפּגעפירט געוואָרן צו דער באַן־סטאַציע.

אויפן וועג האָט די יידן באַגלייט אַ האָגל פון קוילן און נאַהייקעס פון די אכזריותדיקע רוצחים. עס האָבן זיך נישט געהערט קיין געוואַלדן, קיין הילפס־רופן. איינער האָט אָנגעהויבן זאָגן ווידוי און די גאַנצע עדה נאָכזאָגן. די דייטשן האָבן ווידער געשלאָגן און באַפוילן העכער צו זינגען...

טויטע קערפּערס, אָפּגעריסענע מענטשלעכע הענט און אברים, קאַלוזשעס בלוט — האָבן געצייכנט דעם לעצטן וועג.

די זון איז פאַרגאַנגען אין רויטע פלאַמען. ס׳איז געוואָרן נאַכט.



די יודענראַט־מיטגלידער זענען געבראַכט געוואָרן אין דער קוואַרטיר פון דער ס. ס. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען זיי געפּייניקט און אַנגעטאָן די גרעסטע עינויים קשים זיי זאָלן אָנגעבן ערטער, וווּ עס האָבן געווױנט רייכע יידן און האָבן באַגראָבן גאָלד.

אינדערפרי האָט מען זיי צעקאַטעוועטע און צעשלאָגענע, מיט אָפּגעהאַקטע שטיקער אברים (ביי איינעם האָט געפעלט אַ האַנט, ביי אַ צווייטן אַ שטיק אויער), אַרויסגעפירט פאַרן לאַנדראַט־בנין צו דער עקזעקוציע, אויף וועלכער עס האָבן זיך פאַרזאַמלט אַביסל ס. ס.־לייט מיטן דייטשישן סטאַראָסטע בראש. דער עלטס־טער פון יודענראַט משה קראַמאַזש האָט געהאַלטן אין איין זידלען די דייטשן און רופן צו זיי „מערדער!״ די איבעריקע האָבן שוין קיין כוחות נישט געהאַט צו שרייען...

אַ סעריע פון מאַשין־געווער האָט אַ סוף געמאַכט צו זייער פּיין.

אַ קליין מאַגיסטראַט־פורל האָט די קערפּערס אָפּגעפירט צום בית־עלמין וווּ זיי זענען באַגראָבן געוואָרן אין איין ברודער־קבר. עס איז אַפנים באַשערט געווען זיי צו רוען אויף דעם יידישן בית־עלמין, צו וואָס די גאַנצע עדה האָט נישט זוכה געווען. צווישן זיי האָבן זיך געפונען די ראשי־הקהל: משה קראַ־מאַזש, לעאָן וויינבערג, מאיר שלום בריקס, יחיאל מאָרגענשטערן, יעקב פּאָפּאָווסקי, ברעסלער א. א.

**א. שעדלעצקי**

# דער „קאָפּערניק״ אין פלאַמען

פון אַן אַרטיקל דערשינען אין „דאָס נייע לעבן״,
לאָדזש, 27.1.46.

...נאָך דער אַקציע זענען אין שטאָט פאַרבליבן נאָר עטלעכע הונדערט יידן. דאָס זענען געווען אַרבעטער און גוט־קוואַליפיצירטע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן געאַרבעט אין די מיליטערישע קאַזאַרמעס. די מיליטערישע פאַרוואַלטונג האָט אָפּגעזאָגט זיי אַרויסצוגעבן דער ס. ס.

די דאָזיקע יידן זענען אינטערנירט געוואָרן אין אַ לאַגער, אין אַ ספּעציעלן דריי־שטאָקיקן בנין, וווּ עס האָט זיך אַמאָל געפונען אַ כוילישע פאָלקס־שולע אויפן נאָמען פון קאָפּערניק.



דער 'קאָפּערניק״ אין פלאַמען — פאָטאָ אויפגענאָמען פוי דער ווייט דורך דער פוילישער אונטערערד

דער „קאָפּערניק״ — ווי די יידן האָבן דעם לאַגער אָנגערופן — איז געבליבן דאָס איינציקע אָרט ווו יידן זענען געבליבן אין שטאָט. האָבן דעריבער אַהער אָנגעהויבן זיך צונויפקלייבן אַלע יידן, וואָס האָבן אויסגעמיטן די אַקציע, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער אָדער אין די באַהעלטענישן פון געטאָ, וואָס זיי האָבן נאָך מיט אַ צייט צוריק געהאַט אָנגעגרייט.

די מענטשן פלעגן אין די נעכט זיך צו־שוואַרצן צום לאַגער, אַז קיינער פון די דייטשן זאָל נישט באַמערקן, ווייל זיי ציעל איז דערלויבט געוואָרן דאָ צו זיין 300 יידן.

איז מען דעריבער צוגעטראָטן צו בויען באַהעלטענישן אויפן שטח פון לאַגער די אָנקומענדיקע מענטשן אויסצובאַהאַלטן. בעת אַ קאָנטראָל פון דער ס. ס. אָדער סתם אַ ציילונג האָבן די „אומלעגאַלע״ זיך אויסבאַהאַלטן אין די קעלערן, בוידעמער און מאַגאַזינען, ווו עס זענען געמאַכט געוואָרן גוט־פאַרמאַסקירטע באַהעלטענישן פאַר הונדערטער מענטשן. צווישן די „אומלעגאַלע״ זענען אויך געווען אַ סך פרויען און קינדער פון די „פריווילעגירטע״ בעלי־מלאכות.

לאַנג איז אָבער שווער געווען אויסצובאַהאַלטן די מענטשן פונם וואַכ־זאַמען אויג פון די דייטשן און זשאַנדאַרמעריע, וואָס פלעגן אין לאַגער זיין אָפטע געסט. די דייטשן זענען דערגאַנגען, אַז דאָ זענען דאָ אַ סך איבעריקע יידן און האָבן אָנגעהויבן צו מאַכן סעלעקציעס.

יעדע פאָר טאָג זענען אַראָפּגעקומען זשאַנדאַרן מיט פּאָליציי און קאָנט־ראָלירט, געציילט און אויסגעקליבן די מענטשן וואָס זאָלן ווייטער בלייבן אַרבעטן. אַזוי למשל, איז סוף נאָוועמבער די צאָל „לעגאַלע״ אַרבעטער פאַר־קלענערט געוואָרן פון 300 אויף 220. די איבעריקע, וואָס זענען נעכטן געווען „כשר״, זענען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין קאַלושין, און פון דאָרט מיט נאָך אַנדערע יידן אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע דעם 10טן דעצעמבער. בכלל זענען בעת יעדער סעלעקציע געפאַלן קרבנות. די וואָס האָבן זיך נישט געפונען אויף דער ליסטע זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

---

דעם 10־טן יאַנואַר אינדערפרי. ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן גרויען דער פרי־מאָרגן איז דער קאָפּערניק אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אַ מחנה ס.ס., זשאַנ־דאַרמעריע און גראַנאַט־פּאָליציי. די מענטשן זענען אַרויסגעיאָגט געוואָרן פון די געלעגערס. ס׳איז געפאַלן אַ באַפעל אַלע זאָלן זיך שטעלן אין די רייען צו אַן אַפּעל. די יידן האָבן דערקענט, אַז דאָסמאָל זענען די דייטשן נישט געקומען סתם מאַכן אַ סעלעקציע.

דאָסמאָל האָבן די יידן באַשלאָסן זיך אַנטקעגנצושטעלן.

די ערשטע דרייסיק מאַן, וואָס זענען אַרויסגעפירט געוואָרן פון לאַגער געהיט דורך עטלעכע ס.ד.־לייט און גראַנאַט־פּאָליציאַנטן, האָבן זיך אויפן וועג צום בית־עלמין געוואָרפן אויף די רוצחים. דער ערשטער האָט דאָס געטאָן דער יידישער מאַלער הענעך גאַרטענקראַנץ, וואָס האָט מיט אַ טעמפן אייזן זיך געוואָרפן אויף אַ ס.ד.־מאַן. דער שניידער מנשה גרינבערג האָט מיט אַ פּשוטער שניידער־שער צעשפּאָלטן דעם קאָפּ פון אַ צווייטן רוצח. דער 16יאָריקער יצחק סיטען האָט זיך געוואָרפן אויף אַ גראַנאַט־פּאָליציאַנט און מיט די נעגל און ציין זיך איינגעביסן אין זיין טמאן האַלדז.

דריי מאַן פון דער גרופּע איז געלונגען דעמאָלט צו אַנטלויפן. די איבעריקע זענען אין געראַנגל מיט זייערע רוצחים געפאַלן אויפן אָרט.

דאָס איז אָבער נישט געווען אומזיסט. דריי פון די ס.ד.־לייט זענען שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. אין אַ טאָג שפּעטער איז איינער פון די רוצחים גע־שטאָרבן אין שפּיטאָל פון די וואונדן.

די שאָסן און די בהלה צווישן די דייטשן צוליבן אומגערעכטן ווידער־שטאַנד איז געווען אַ סיגנאַל פאַר די איבעריקע יידן אין „קאָפּערניק״.

די יידן האָבן זיך פאַרבאַראַקאַדירט אינם בנין פון דער שולע און באַשלאָסן גוטוויליק זיך נישט לאָזן פירן צו דער שחיטה.

— „נאָר טויטע וועט איר אונדז, מנוולדיקע רוצחים, פון דאַנעט אַרויס־באַקומען!״ — האָבן זיי אַראָפּגעשריגן פון די פענצטער פון דריי־שטאָקיקן

בנין צו דער פּאָליציי און ס. ס., וועלכע האָבן זיי אויפגעפּאָדערט צום לעצטן מאָל אַראָפּצוגיין און שטעלן זיך אויפן פּלאַץ.

באַלד האָבן זיך גענומען שיטן פון די פענצטער אַ האָגל פון שטיקער־אייזן, שטיינער, קוילן־שטיקער און אַלץ, וואָס ס'איז זיי אונטערגעקומען אונטער דער האַנט. די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן פון הויף און אַרומגעשטעלט דעם לאַגער מיט מאַשין־געווער. דער בנין איז באַוואָרפן געוואָרן מיט אַ שלל ברען־גראַנאַטן. דער „קאָפּערניק" האָט אָנגעהויבן ברענען.

ווען די פייער־צונגען האָבן אָנגעהויבן וואָסאַמאָל מער אַרומצונעמען דער געביידע, האָבן די יידן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן דעם בנין.

אַדורכרייסנדיק זיך דורכן פייער, אונטער אַ האָגל פון מאַשין־געווער־קוילן, האָבן די מענטשן מיט די בלויזע הענט געריסן די שטיינער פון ברוק און געשליידערט זיי אין דער ריכטונג פון די רוצחים. דאָס פייער איז כסדר גע־וואַקסן און אַרומגענומען אויך די שכנותדיקע באַראַקן און בנינים. די מענטשן זענען געשפּרונגען פון די שטאָקן און דורכגעלעכערט געוואָרן פון מאַשין־געווער־קוילן, וואָס האָט אומאויפהערלעך געהאָגלט איבערן לאַגער און זענען אַרומגעכאַפּט געוואָרן דורכן פייער. די יאָמערלעכע געוואַלדן און מוראדיקע יללות פון די האַלב־סמאַליעדיקע קרבנות האָט זיך געהערט איבערן גאַנצן שטעטל.

די איינוווינער פון די שכנותדיקע הייזער און גאַסן זענען דורך די דייטשן געצוווּנגען געוואָרן בייצוווינען דאָס מאַקאַברישע בילד, ווי לעבעדיקע מענטשן האָבן זיך געבראָטן אויפן פייער.

נאָך היינט גיבן איבער די פּאָליאַקן וואָס האָבן בייגעוווינט דעם ספּעק־טאַקל גרויליקע סצענעס פון פאַרברענען דעם „קאָפּערניק": וויאַזוי יידן זענען געשפּרונגען פון די פלאַמען מיט ביילנדיקע פויסטן צו די מערדער; וויאַזוי די יונגע פרוי חנה וועגנעל איז געשפּרונגען פון צווייטן שטאָק און געבליבן הענגען אויף דעם פענצטער און ווען איין העלפט קערפּער איז פאַר־ברענט געוואָרן אויף קויל, איז דער צווייטער טייל אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד; וויאַזוי משה גאָלדשטיין (משהלע חווה'ס האָט מען אים אין שטעטל גערופן), אַ פרומער ייד, וואָס האָט די גאַנצע צייט אויסבאַהאַלטן אין לאַגער אַ ספר־תורה און ביז דער לעצטער מינוט מיט איר זיך נישט געשיידט. צוגע־דריקט די ספר־תורה צום האַרץ, האָט ער אַזוי לאַנג ווילד געטאַנצט און געשריגן שמע ישראל — ביז וואַנען די פלאַמען האָבן אים פאַרציקט צוזאַמען מיט דער ספר תורה; וויאַזוי די יידישע פרוי קויפמאַן, וואָס האָט מיט עט־לעכע טעג צוריק געהאַט אָפּגעגעבן איר איינציק קינד — אַן אַכט־יעריק יינגעלע — צו אַ באַקאַנטער קריסטין, האָט וואַנזיניק געטאַנצט צווישן די פלאַמען און געשריגן: „מיין לאַלעקל איז אַ יתום, מיין לאַלעקל ווערט אַ יתום!".

לאַנג איז אָבער דאָס קינד נישט באַשערט געווען צו זיין אַ יתום. דאָס קינד וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דער שטאָט האָט זיך דערוווּסט

אַז דער „קאָפּערניק" מיט אַלע יידן און טאַטע־מאַמע זענען פאַרברענט גע־וואָרן, האָט ער כסדר געוויינט, אַזוי לאַנג ביז שלעכטע שכנים האָבן זיך דערוווּסט די סיבה פאַרוואָס דער קליינער לאַלעק וויינט אַזוי פיל. און עטלעכע וואָכן נאָך דער מעשה זענען אין דעם דאָרף אַראָפּגעקומען זשאַנדאַרן און פּאָליציי און דעם קליינעם יתום מיט נאָך צוויי יידישע קינדערלעך צוזאַמען מיט דער קריסטלעכער אַפּיעקונקע דערשאָסן.

לאַלעק איז לאַנג נישט געבליבן קיין יתום...

---

די אַקציע האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג.

די שריפה האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגן אויף די שכנותדיקע באַראַקן און קוילן־לאַגער. דאָס פייער איז אויך אַריבער צו צוויי שכנותדיקע הייזלעך באַוווינטע מיט קריסטן. די ס.ס. האָט נישט דערלויבט דאָס פייער צו פאַרלעשן. זיי האָבן אויך נישט געלאָזט אָפּרוימען די חורבות און באַזייטיקן די נאָך טליענדיקע טויטע קערפּערס פון די קרבנות. און נאָך לאַנג האָבן ביינאַכט געלויכטן די קוילן פון „קאָפּערניק".



אברהם מאָרגנשטערן מיט זיין פרוי סערקע (נחום קאָרמאַנס טאָכטער)
און קינדערלעך: יוסף, נטע, ישראל, חנה

יחיאל קירשנבאַום
(בת־ים)

# וואַלד, לאַגערס, באהעלטעניש

אין טאָג פון דער „אַקציע״ בין איך אַנטלאָפן, גענוי ווי הונדערטער יוגנטלעכע אין דערוואַקסענע האָבן דאָס געטאָן. איך האָב אויסגעצייכנט געקענט די געגנט ארום, די וועלדלעך, דערפער און וועגן. איך האָב געפרוווט דערנאָך דערנענטערן זיך צו דער שטאָט, זען פון דער ווייטנס וואָס דאָרט טוט זיך. איך האָב זיך מיינע אויגן נישט צוגעגלייבט. אַלע וועגן און פעלדער זענען פול געווען מיט טויטע. דערשאָסענע, פאַרפייניקטע, גוססדיקע יידן, — פרויען, קינדער און דערוואַקסענע. די אַלע טויטע זענען דורך די פּאָליאַקן באַפּאַלן געוואָרן ווי פון רויב־פייגל. זיי האָבן געזוכט און געגנישטערט צו געפינען ביי די אַנטלאָפענע ווערט־זאַכן. זיי האָבן צעשניטן און צעריסן די מלבושים אויף די טויטע אָדער גוססדיקע.

איך האָב שוין געהאַט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די „אָפּאַסקע״ — דעם באַנד, וואָס האָט עדות־געזאָגט אַז איך בין אַ ייד, און מיט מיין גוטן פּויליש האָב איך געפּרוּווט מאַכן דעם אָנשטעל פון איינעם פון די שקאָצים. איך האָב אָבער מער נישט געזען קיין מעגלעכקייט צו דערנענטערן זיך צו דער שטאָט, ווו דער טויט האָט געלויערט אויף שריט און טריט, און עמיצער האָט מיך נאָך געקענט דער־קענען. איך האָב זיך דעריבער באַהאַלטן אויף אַ בוידעם אין איינעם פון די בנינים מחוץ דעם געטאָ, אָן דעם וויסן פון די פּאָליאַקן, וואָס האָבן דאָרט געוווינט.

פאַרטאָג בין איך אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין. דאָ האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ יינגער פרוי, וואָס האָט שרעקלעך געבלוטיקט. זי האָט מיר דערציילט, אַז דייטשן אָדער אוקראַינער האָבן זי פאַרגוואַלדיקט, אַזוי איינער נאָכן אַנדערן, און נאָכדעם איז זי אַנטלאָפן. זי איז געלעגן און זיך נישט געקענט רירן פון אָרט. איך האָב זי פאַרדעקט מיט קשאַקעס (צווייגן), ווייל דאָס אָרט איז געווען נאָענט פון וועג. דערנאָך האָט די פרוי מיט די לעצטע כוחות זיך דערנענטערט צו דער אָזיערע וואָס האָט זיך געפונען דערנעבן און האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין וואַסער.

דאָס איז בכלל געווען אַן אָרט מיט אַ סך פיש־סאַדזעווקעס און ווילדגראָז. איך האָב זיך שפּעטער דערוווסט, שוין זייענדיק אין באַהעלטניש אין וואַרשע, אַז אויפן זעלבן אָרט האָט זיך אויך געפונען מיין שוועסטער מלכהלע מיט איר מאַן שלאָמעק פאַרבמאַן, און מיט מיין בעסטן חבר.

אין אָט דער ווילדערניש האָב איך, צו מיין גרויסער פרייד, אָנגעטראָפן אַ באַקאַנטן ייד, ראָזנבלום. איך בין שוין מער נישט געווען אַליין, מיר האָבן זיך אין צווייען באַהאַלטן. בלויז ביינאַכט זענען מיר אַרויס אין די דערפער כדי צו שאַפן זיך עפּעס צום אָפּעסן.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט האָבן מיר געזען ווי אַ פּויער אין אָפּגעריסענע מלבושים דרייט זיך נאָענט צו אונדזער באַהעלטעניש. מיר האָבן באַשלאָסן מיט אים צו רעדן, אפשר וועט ער אונדז העלפן.

דער פּויער האָט געוווסט וואָס עס טוט זיך אין שטאָט. ער האָט אונדז דער־

ציילט וועגן דעם טאָג פון דער „אַקציע” און אַז די דייטשן האַלטן נאָך אין איין אַרומזוכן יידן אין די וועלדער און זיי דערשיסן אויפן אָרט. „יעדער פויער וואָס ברענגט אַ ייד, וועט באַלוינט מיט אַ פלאַש בראָנפן, אָבער ער איז נישט אַזאַ וואָס וועט אויסגעבן מענטשן, מען זאָל זיי דערשיסן”. נאָכן צעשמועסן זיך מיט אים אַביסל, האָבן מיר אים געבעטן ער זאָל אונדז אַרויסברענגען פון דאָרף צוויי שטיקלעך ברויט. ער האָט צוגעזאָגט און מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט ווו מיר וועלן אויף אים וואַרטן. מיר האָבן די גאַנצע צייט נאָכגעשפּירט דעם פויער, ווייל מיר האָבן מורא געהאַט, ער זאָל אונדז נישט אויסגעבן. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און ער איז טאַקע געקומען און אונדז געבראַכט צוויי פּאַרציעס ברויט. אויף צומאָרגנס האָבן מיר אים פאַרגעלייגט, ער זאָל אונדז אַריינלאָזן אין זיין ווירט־שאַפט, און לאָזן אונדז דאָרט זיך אויסבאַהאַלטן. ער האָט אונדז געבראַכט אין אַ שטאַל און אונדז דערנערט מיט „פּאַלעווקע” (דאָס וואַסער אויף וועלכן מען קאָכט די קאַרטאָפל). עפּעס בעסערס האָט ער נישט געהאַט. מיר האָבן אים פאַר־געלייגט ער זאָל נעמען פון אונדז אַ בריוול צום רעיענט הערט אין שטאָט, זיי זאָלן אונדז שיקן עפּעס געלט. ער האָט די שליחות דערפילט זייער גוט, און אפילו באַקומען אַ פּאָר הויזן מיט שיך. דאָס געלט איז געגאַנגען אויף איינקויפן שפּייז.

די כסדרדיקע אָבלאַוועס פון די דייטשן אויף יידן אין דער געגנט און די דערשיסונגען פון געפונענע, האָט אונדז באַווירקט אַרויסצוקירן זיך פון דעם אָרט, בפרט אַז מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין שטאָט אַרבעטן יידן אין פאַרשידענע „פּלאַצוווקעס”. גאַנצע 11 טעג האָבן מיר זיך נישט ראַזירט. דער פויער האָט געבראַכט אַ מעסער און מיר האָבן אויסגעצופּט די האָר פון פּנים, איבערלאָזנדיק בלויז די וואָנסעס, וועלכע איך טראָג זינט דעמאָלט אַזוי ביזן היינטיקן טאָג... נאָכדעם איז צו מיין חבר, וועלכער האָט געהאַט אַ „גוטן” אויסזען, געקומען דער פּוילישער רעיענט הערט, און האָט אים אַוועקגעפירט קיין וואַרשע. צו מיר ווידער איז געקומען דער ייִנגער ברוטקאָווסקי און מיך גענומען אויף זיין ראָווער קיין מינסק צו די קאָשאַרן, ווו יידן האָבן געאַרבעט אין דער מיליטערישער סטאָלעריי. איך האָב זיך דאָ אָנגעגעבן ווי אַ סטאָלער. דער אָנפירער פון די יידישע סטאָ־לערעס האָט מיר אָבער אויסגעגעבן, אַז איך בין נישט קיין סטאָלער. איך האָב באַקומען גוט אָנגעהאַקט די ביינער און מען האָט מיר געשיקט אַרבעטן ביים אויסלאָדן קוילן פון די באַן־וואַגאָנען. דאָ האָב איך באַקומען אַן אָרט צו שלאָפן אין אַ באַראַק — אויף שטרוי. דאָס איז געווען „מאָטאַריזירט” שטרוי — דאָס הייסט שטרוי פול מיט ווערעם — מיט לייז און פליי. נישט געקוקט אויף דער מידקייט האָב איך פּאָרט נישט געקענט איינשלאָפן אויף אַזאַ געלעגער. איך בין אַרויס אויף דער לופט. דער פּוילישער שומר האָט מיר אָנגעהויבן זידלען. איך האָב אים געענטפערט אויף זיין לשון און ער האָט אַליאַרמירט די דייטשן. ביז זיי זענען אָנגעקומען, האָב איך באַוויזן צו מאַכן פליטה.

איך בין אַוועק אין קאָפּערניק־לאַגער. אין דעם לאַגער איז אין יענע טעג געווען אַן אָנגעלויף פון פאַרשידענע יידן — אַ סך מער יידן ווי עס איז געווען דערלויבט דורכן מיליטער. קיינעם איז נישט אָנגעגאַנגען פון וואַנען איך קום און

וואָס איך וויל. געווען אויך אַ גרופּע יונגע הפקר־מענטשן, וואָס האָבן איינגע־שטעלט דאָס לעבן, געמאַכט „סקאָקן" — דאָס הייסט, אַריינגעכאַפּט זיך אין געטאָ און פון דאָרט אַרויסגענומען ווערט־זאַכן און פון דעם געלט געטרינקען און געגעסן וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט.




בלימע מיקאַנאָווסקי איז געפאַלן אין די רייען פון א. ק. בעתן וואַרשעווער אויפשטאַנד, און דער געדענק־טאָוול איז אויפן אָרט פון איר קבר אויפגעשטעלט געוואָרן באַלד נאָך דער מלחמה

איך האָב אָנגעהויבן גיין צו דער אַרבעט גלייך ווי אַלע. איך האָב דערביי נישט רעזיגנירט פון זוכן אַ קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער אונטערערד. נאָך אין געטאָ האָבן מיר געהאַט אַ קאָנטאַקט מיטן קאָמענדאַנט פון א. ל. אין מינסקער געגנט טאַשעק דאָמבראָווסקי. מיר האָבן זיך געהאַט באַגעגנט און אויסגעאַרבעט אַ גאַנצן פּלאַן פון זאַמלען געלט אויף איינצוקויפן וואָפן און צו אָרגאַניזירן פּאַר־טיזאַנער־גרופּעס. אויך איינצואָרדענען באַהעלטענישן אין געטאָ פאַר פּאַליאַקן וואָס זענען טעטיק אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. די גרופּעס וואָס זענען אַרויס פון „קאָפּערניק" האָבן קיין מזל נישט געהאַט. די ערשטע פּאַרטיזאַנער־גרופּע, איז דערגאַנגען ביז לוקאָוו און איז דאָרט דערמאָרדעט געוואָרן. אַ צווייטע גרופּע איז אַוועק מיט מאַנגאַלן און איז אויך ליקווידירט געוואָרן (מיך פּערזענלעך האָט מען געפּסלט פאַר דער פּאַרטיזאַנקע צוליב אַ קראַנקן פוס זינט דעם פּאָגראָם אין 1936). אין לאַגער זענען צו מיר געקומען פאַרשידענע חברים. אַלע שמועסן האָבן זיך געענדיקט מיט דער עצה: „ראַטעווע זיך ווי דו קענסט!" אָבער קיין שום פּראָפּאָזיציע מיינע איז נישט אָנגענומען געוואָרן. די פּאַלקע געניאַ קאַמינסקאַ

פלעגט מיר תמיד ברענגען עפּעס צו עסן. איינער קאַראַל ברוטקאָווסקי האָט מיר געברענגט אָפּצועסן.

מיין קוזין אברהם מאָרגענשטערן, וועלכער האָט באַקומען פון זיין געוועזענעם פּוילישן שותף קאָלפּאַק אַ ברייטל מיט הונדערט פּאַפּיראָסן, איז אַרומגעלאָפן ווי אַ משוגענער איבערן גאַנצן לאַגער און געשריגן: „איר ווילט זען וואָס עס איז געוואָרן פון מיין גאַנץ פאַרמעגן און פיל־יעריקער האָרעוואַניע?! — זעט, אָט דאָס בין איך ווערט און נישט מער!"

די אַטמאָספער אין „קאָפּערניק" און די אָפּטע „טשיסטקעס" האָב איך מער נישט געקענט פאַרטראָגן און איך בין אַריבער אין רודזקיס פאַבריק. דאָ זענען געווען לעגאַליזירט 70 אַרבעטער, אָבער געווען זענען פיל מער יידן. זונטיק, ווען עס פלעגן פאָרקומען „טשיסטקעס" („רייניקונגען"), פלעגט מען זיך דאַרפן אויס־באַהאַלטן.

דער עלעקטריקער פון אָט דער פאַבריק איז געווען דער פּאָליאַק שובערט. זיין זון וואָס האָט געאַרבעט מיט אים, איז אַמאָל געווען מיינס אַ קאָלעגע, בין איך צו אים אַוועק און געבעטן ער זאָל מיר נעמען ווי זיין געהילף, אָבער מיטן תנאי, איך זאָל קענען זיך באַשעפטיקן מיט מיינע „ענינים". ער האָט געוווּסט וואָס איך מיין און ער האָט מסכים־געווען. איך האָב באַקומען אין האַנט כלים און געקענט זיך באַוועגן פריי.

גראָד זענען אויסגעבראָכן קראַנקייטן ביי די יידישע אַרבעטער; געווען אַ ריזיקע צאָל טיפוס־קראַנקע. די דייטשן האָבן דערפון נישט געטאָרט וויסן. איך בין אַוועק צו ד"ר מאַצקעוויטש, פאָרגעשטעלט פאַר אים די לאַגע, פאַרזיכערנדיק אים דיסקרעציע. ער איז געקומען און געהיילט די קראַנקע, פאַרשריבן רעצעפּטן וואָס איך האָב באַקומען אין אַפּטייק ביי וואָיעוואָדזקין אָן איין גראָשן געלט.

דערנאָך בין איך אַוועק צו אָסאַטאָווסקין דעם אייגנטימער פון אַ אַפּטייק־סקלאַד. איך האָב אים דערציילט, אַז מיר הונגערן אין לאַגער, אים געבעטן ער זאָל העלפן. ער האָט מיר גלייך געגעבן אַ צעטל צום בעקער גאַוורישׁ אויף 300 קילאָ ברויט. פאַר יענע צייטן איז דאָס געווען אַ פאַרמעגן. גאַווריך האָט מסכים געווען צו געבן דאָס ברויט, בתנאי אַז מיר זאָלן אים אָפּוואַרטן פאַרנאַכט. ער וועט מיט זיין וואָגן פאַרבייפאָרן די פאַבריק, ער וועט אַראָפּ פון וואָגן, מיר זאָלן דאָס ברויט נעמען אַליין. אויב די דייטשן וועלן דאָס אַנטדעקן, זאָל עס הייסן, אַז מיר האָבן גענומען אָן זיין וויסן... אַזוי האָבן מיר טאַקע געטאָן.

ד"ר מאַצקעוויטש האָט מיר איינמאָל ספּעציעל אַרויסגערופן און געזאָגט, אַז מאָרגן ווערט ליקווידירט דער לאַגער אין מיעניע (11 ק"מ פון מינסק). דאָרט זענען געווען 400 יידישע אַרבעטער. איך האָב גלייך זיך געווענדעט צו אַ פּאָליאַק, מיט וועלכן איך בין געווען אין פּאַרטיייִשער פאַרבינדונג, ער זאָל אַהין פאָרן און אַרויסנעמען יאַנקל אָפּנהיים, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען, און זאָגן אַלע יידן, וואָס זיי דערוואַרט. בלויז 30 פון די יידן זענען אַנטלאָפן און אָנגעקומען אין רודזקיס פאַבריק. האָט מען צו מיר געהאַט טענות: ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ קען־קאַרטע און שטעלט זיך אפילו נישט צו די אַפּעלן. זונטיק האָב איך זיך דאָס מאָל יאָ געשטעלט צום אַפּעל. ווידער האָט מען אַרויסגענומען זיבן אַרבעטער

— פון רעכטס און לינקס — און געשאָסן. איך בין אויך דאָסמאָל געבליבן לעבן.

דאָ ביי רודזקין האָט זיך צווישן אַנדערע געפונען מענדל אָפּנהיים. ער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט זיין זון שאַיע, וואָס איז געווען אויף דער אַרישער זייט אין וואַרשע. איך האָב זיך אויך דערוווּסט, אַז מיין שוועסטער מיטן שוואָגער לעבן און באַוועגן זיך פריי אין וואַרשע אויף אַרישע פּאַפּירן. דערווייל האָט מיר שאַיע מודיע געווען, אַז ער בעט מיר אָנגרייטן כלים צום גראָבן. אין הויף ביי זיין פעטער משה קראַמאַזש געפינט זיך באַהאַלטן געלט און ער וויל קומען עס אויסגראָבן. ער איז געקומען, אַרויסבאַקומען דאָס געלט און איז צוריקגעפאָרן. אונדזער אַלעמענס לאַגע האָט זיך דערמיט ראַדיקאַל געענדערט, ווייל מען האָט געקענט טראַכטן וועגן שאַפן פאַר זיין פאָטער מענדל אָפּענהיים, זיין ברודער יאַנקל און פאַר מיר אַ באַהעלטעניש. דעם 10טן דעצעמבער האָב איך מיט יאַנקלען פאַרלאָזט מינסק. מענדל אָפּענהיים און זיין עלטסטער זון, חיים־ברוך, זענען נאָך געבליבן. מיר האָבן געהאַט ביי זיך סיי געווער, סיי פאַלשע „קען־קאַרטן" אַלס פאַליאַקן און מיר זענען בשלום אָנגעקומען אין אונדזער באַהעלטע־ניש אויף בזשעסקאַ 16/5, צום פאַליאַק, פאַן סקאַלסקי.

דער פאַליאַק איז געווען אַ מויערער אין קאַנאַליזאַציע, אַן אַנאַלפאַבעט. זיין פרוי האָט געקענט לייענען בלויז די קעפּלעך פון אַ צייטונג. זיי האָבן געהאַט אַ 14־יעריק שיקסל.

פאַר אונדז האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע צייט. דעם זעלבן אָוונט פון אונדזער אָנקומען איז צו אונדז געקומען שאַיע אָפּנהיים. ער האָט אונדז געגעבן געלט — דאָס זעלבע דעם באַלעבאָס אונדזערן, און ער האָט מיר אָפּגעגעבן דעם ערשטן גרוס פון מיין שוועסטער און שוואָגער. מיר האָבן באַשלאָסן אַז זיין פאָטער, מענדל מיטן עלטערן ברודער, חיים־ברוך, וועלן קומען און דינגען אַ באַזונדער וווינונג, ווייל זיי האָבן אַ גוטן אויסזען און קענען אָנגיין ווי אַריער.

ווייַנאַכט האָט אונדזער באַלעבאָס צוגעגרייט אַ „וויגיליע". געקומען זענען אויך שאַיע, מיין שוועסטער און מיין שוואָגער. ביים עסן האָב איך געכאַפּט אַן איבעריקן טרונק בראָנפן, און איך בין אַרויס מיט אַ ספּאַזמאַטישן געוויין. דאָס איז געווען אַזאַ מין שאָק. מיר האָבן געציטערט די שכנים זאָלן דאָס נישט הערן.

קורץ נאָך דעם האָבן מיר אַראָפּגעבראַכט ישראליק גרינבערג מיט זיין פאָטער יאַנקל פון רודזקיס פאַבריק. מיר זענען שוין דאָ געווען פינף יידן.

דעם 1טן יאַנואַר 1943 האָבן מיר געהאַט די ערשטע „ווסיפּע". עטלעכע פאַ־ליאַקן, „שמאַלצאָווניקעס", האָבן צוגענומען אַלץ וואָס זיי האָבן געפונען ביי מענדל אָפּנהיים און ביי יאַנקל גרינבערג. אַ נס וואָס מיך האָבן זיי נישט געפונען און גרינבערג האָט באַוויזן מיר איבערגעבן זיין געלט. טויזנט דאָלער, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך איינגענייט, האָבן זיי געפונען און צוגענומען. דאָס האָט משפּיע געווען אויף יאַנקל גרינבערג צוריקצופאָרן מיט ישראליקן. זיי זענען אומגעקומען אין רודזקיס פאַבריק. פאַרן דערשיסן זיי האָט יאַנקל גרינבערג נאָך אויסגעגעבן פאַר די דייטשן ווו זיין באַהעלטעניש מיט גאָלד און ווערט־זאַכן געפינט זיך. די דייטשן האָבן צוגעזאָגט פאַר דעם אים לאָזן לעבן, אָבער זיי האָבן אים דערשאָסן צוזאַמען מיט ישראליקן.

אין יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן דער ענין מיטן „האָטעל פּאָלסקי״, וואָס איז געווען נישט מער ווי אַ דייטשע פּולאַפּקע אַריינצוכאַפּן יידן, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט. מענדל אַפּנהיים איז געפאַלן אַ קרבן דער־פון. ער איז אומגעקומען צווישן די יידן דאָרט. שאַיע איז אַרויס גאַנץ.

די בזשעסקאַ גאַס איז געווען אַ האַנדלס־גאַס, זענען דאָרט כסדר פאָרגעקומען רעוויזיעס און אָבלאַוועס. אויך מיר האָבן געהאַט אַמאָל טויט־שרעק ווען אין איינעם אַ טאָג האָבן מיר מיטאַמאָל געהערט אַז דער גאַנצער הויף איז פול מיט דייטשן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז זיי האָבן געזוכט עפּעס אַ פּאָליאַק. דער פאַל האָט אונדז באַוויזן מיר זאָלן פאַרמויערן אַ גאַנץ צימער און נישט זיצן אָפן. ביי דער צווייטער „וויסיפּע״ האָט מען אונדז פונדעסטוועגן אויך אַנטדעקט אין דעם גוטן באַהעלטעניש, און מיר זענען אָפּגעקומען מיט געלט.

אַמאָל האָט דער רעיענט הערט פון מינסק געטראָפן מיין שוואָגער און אים געזאָגט, אַז ער זוכט אַ פּלאַץ צו באַהאַלטן יידן. מיין שוואָגער האָט צו אים געהאַט צוטרוי און ער האָט אים געגעבן מיין אַדרעס. הערט האָט צו אונדז געבראַכט עטלעכע משפחות און אונדז באַזאָרגט מיט שפּייז. ער פלעגט אויך פאָרן צו מיין שוועסטער און זיך פאָרשטעלן פאַר די שכנים אַלס איר פעטער, כדי יענע זאָלן טאַקע זיין זיכער און נישט האָבן קיין חשד, אַז דאָס זענען יידן. ער האָט צו אונדז געבראַכט צוזאַמען אין פאַרשידענע צייטן 47 יידן. די מערסטע פון זיי אויף עטלעכע טעג צום איבערנעכטיקן, אַנדערע אויף עטלעכע וואָכן. דריי משפחות זענען מיט אונדז געווען ביזן סוף.

באַזונדערס אַקטיוו ביים ראַטעווען יידן אין וואַרשע איז געווען דעמאָלט רוזשקע פאַרבמאַן (זילבערבערג). זי האָט געהאָלפן אויף דער אַרישער זייט.

מיין שוועסטער און שוואָגער האָבן זיך געהאַט אַריבערגעצויגן אין אַ בייער דירה קיין פּאַדקאָוואַ־לעשניאַ, אַ פאָרשטאָט ביי וואַרשע. אין איינעם אַ טאָג איז אונדזער שיקסל, דאָס טעכטערל פון סקאַלסקין, געקומען מיט אַ מעשה אַז זי האָט געזען ווי עמיצער שרייט אויף איינעם „יודע, יודע!״ און אַ זשאַנדאַרם האָט אים פאַרהאַלטן און דערשאָסן, און אַז זי מיינט ,אַז דער עמיצער איז נישט קיין אַנדע־רער ווי מיין שוואָגער. זי האָט נישט קיין טעות געהאַט. איך האָב גלייך געשיקט אַהין מיין באַלעבאָס וואָרענען מיין שוועסטער זי זאָל נישט אַריינגיין מער אין איר דירה. ווען סקאַלסקי איז געגאַנגען צו דער סטאַציע מיט מיין שוועסטער, האָבן זיי טאַקע געזען ווי די זשאַנדאַרן קומען אָן צו זייער וווינונג.

אַזוי זענען געלאָפן די געשעענישן. יעדעס מאָל איז אונטערגעקומען אַן אַנדער געשעעניש. איך האָב שרעקלעך געליטן פון ציין־ווייטיק. ס׳איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה ווי גיין צו אַ דענטיסט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל ווי איך בין אַרויס אויף פרישער לופט נאָך 14 חדשים זיצן אין באַהעלטעניש. דער דענ־טיסט האָט באַלד דערקענט ווער איך בין, און ער האָט גענומען ווייניק געלט פאַרן אַרויסרייסן מיר צוויי ציין... אַ צווייט מאָל, ווען איך בין אַרויס פון באַהעלטעניש, איז געווען ווען איך האָב דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע מען זאָל נישט דערקענען, אַז איך בין אַ ייד. דאָס איז געווען שטאַרק אין דער מאָדע ביי די אַלע וואָס האָבן געלעבט אויף אַרישע פּאַפּירן.

**שמואל רוזשאַנסקי**
**(תל־אביב)**

# אין וואַלד און מיט פּאַרטיזאַנער

פאַר דער מלחמה בין איך געווען טעטיק אין דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג פריער אין „סקיף" און דערנאָך אין „צוקונפט", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן ביי אונדז אין שטאָט אין יאָר 1934־1935, נאָך דעם ווי אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט שוין עקזיסטירט אַ סך פריער און איז אָנגעפירט געוואָרן דורך ישראל מאַרגענשטערן — אַ ייד מיט אַ באָרד וואָס האָט פאַרשפּרייט די „פאָלקסצייטונג". אונדזער לאָקאַל איז געווען ערגעץ ווייט אויף דער קאַליע־גאַס, און מיר זענען געווען עטלעכע צענטליק יוגנטלעכע. אונדזערע אָנפירער דעמאָלט זענען געווען מילער („באַיטשיק") און פיעצוך.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה האָט נאַטירלעך אויפגעהערט צו עקזיסטירן די בונדישע אָרגאַניזאַציע, גענוי ווי דאָס איז געווען מיט אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. מלחמה־צייט בין איך געווען טעטיק אין געהיימע קאָמוניסטישע קעמערלעך. דאָס איז געווען נאָך דעם ווי איך בין צוריקגעקומען פון פלאַשאָוו. מיר זענען דאָרט געווען אַן ערך פערציק יוגנטלעכע פון מינסק. די באַדינגונגען זענען געווען שרעקלעכע. דאָס איז נאָך געווען אין 1940. דער סוף איז געווען, אַז כמעט אַלע זענען פון דאָרט אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן. איך בין געווען פון ד'י ערשטע וואָס זענען פון דאָרט צוריקגעקומען. דאָס איז געווען אין אַ גרויסער מאָס אַדאַנק מיין פעטער נטע קאָרמאַן, וואָס האָט געוווינט אין לובלין. די מינסקער שליחים וואָס זענען געקומען קיין לובלין אינטערווענירן לטובת אונדז, זענען איינגעשטאַנען ביי מיין פעטער און ער האָט זיך באַמיט. איך זאָל זיין פון די ערשטע וואָס וועלן באַפרייט ווערן. אין דאַזיקן לאַגער האָט דאָס לעבן פון אַ מענטש ניט געשפּילט קיין שום ראָל. ווען און ווען די ס. ס. האָבן געוואָלט, האָבן זיי דערשאָסן. די אַרבעט איז געווען ביים גראָבן שוץ־גראָבנס לענגאויס דער סאָוויעטישער גרענעץ. אַ סך האָבן אין פאַרצווייפלונג געפּרוווט אַריבערלויפן די גרענעץ. מען האָט זיי נאָכגעשאָסן.

צוריקגעקומען פון פלאַשאָוו, פלעג איך אָפט אַריינקומען צו מיין חבר משה ווישקאָווסקי, וואָס האָט געוווינט אַנטקעגנאיבער אונדזער הויף. צו זיין עלטערן ברודער, שמואל ווישקאָווסקי, פלעגט אָפט קומען אשר גאַרבאָווניק. מיר האָבן אים געקענט פון פאַר דער מלחמה ווי אַן אַקטיוון קאָמוניסטישן טוער. אין 1939 איז ער געהאַט אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד, ווי דער רוב יידישע קאָמוניסטן אין שטאָט. ער איז צוריקגעקומען — ווי ער האָט געזאָגט — מיט אַ מיסיע. ווען עס איז אויסגעבראָכן די דייטש־רוסישע מלחמה אין יוני 1941 האָט ער אונדז דערציילט, אַז אויף דער פּוילישער זייט אָרגאַניזירן זיך ווידערשטאַנדס־גרופּעס און ער האָט אָנגעהויבן פּראָפּאַגירן, אויך אין געטאָ אויפצושטעלן געהיימע קאָמוניסטישע קעמערלעך. עטלעכע מאָנאַטן נאָכן מלחמה־אויסברוך אין 1941, האָבן מיר שוין אָנגעהויבן אַ טעטיקייט. די ערשטע זאַך איז געווען איינקויפן וואָפן. אין אונדזער

געטאָ זענען, ווי איך ווייס, געווען פיר געהיימע גרופּעס צו פינף יונגטלעכע — אין יעדער גרופּע. איין גרופּע האָט נישט געוווּסט פון דער צווייטער. איך ווייס בלויז, אַז אין מיין גרופּע זענען געווען: דודטשע ראָטשטיין, משה ווישקאָווסקי, יאָסל ראָזנבערג, ברוך טשעבוצקי און איך. ראָטשטיין איז געווען דער פאַרבינדלער. מיליטערישער אינסטרוקטאָר איז געווען לייזער אַבראַמאָווסקי, וואָס איז אויך גע־ווען אַ מיטגליד אין דער אָרדענונגס־דינסט און אַן אויסגעדינטער זעלנער, אַ קאָ־מוניסט פון פאַר דער מלחמה געבוירן פון גענוי ווי זיין פאָטער משה בלאַכאַזש. אין אַנדערע גרופּן, ווייס איך, זענען אויך געווען די ברידער לייבל און יאָסל אָסטשעגאַ. טעטיק אין דער פּאַרטיי זענען דעמאָלט געווען מלך ראָטשטיין, טאָלאַרסקי, מילער און אַלטער מיצנער, כאָטש ער איז געווען אַ מיטגליד אין יודענראַט.

אונדזער געהיים קעמערל האָט לסוף, נאָכן איבערווייזן דאָס געלט איינצוקויפן וואָפן, באַקומען צוויי קילאָ אויפרייס־מאַטעריאַל. מיר האָבן דאָס גלייך באַגראָבן אין אַ קאַמער אין אונדזער הויף. דער ציל איז געווען, אַז אין פאַל פון אַן אויס־זידלונג זאָלן מיר אונטערצינדן דאָס געטאָ, שאַפן אַ טומל כדי מענטשן זאָלן קענען אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן. אונדזער אויפגאַבע איז באַזונדער געווען דאָס צו טאָן אין רבינס גאַס, ווי אויך אויפרייסן די בריק אויף דער וואַרשעווער גאַס, כדי צו שטערן דעם נאַרמאַלן פאַרקער אויפן הויפּט־שאָסיי. אַנדערע גרופּעס האָבן אויך געהאַט אויפגאַבן וועגן וועלכע מיר האָבן נישט געוווּסט.

פון דעם פּלאַן איז גאָרנישט געוואָרן, ווייל אין טאָג פון דער אַקציע האָבן נישט אַלע זיך גראָד געפונען אויפן שטח פון געטאָ. דער רוב מענטשן זענען געווען ביי דער אַרבעט אין פאַרשידענע „פּלאַצוווקעס". איך אַליין בין, ווי יעדן טאָג, געהאַט אַרויס אין דאָרף ווו עס האָבן געאַרבעט ביי פּויערים מיינע צוויי יינגערע ברידערלעך, כדי ברענגען מילך און אַנדערע פּראָדוקטן פאַר אונדזער משפּחה. ערשט שוין זייענדיק אין ניעדזשאַלקע (4 ק"מ פון שטאָט), האָב איך געהערט די פּויערים דערציילן, אַז דאָס געטאָ איז אַרומגערינגלט און די יידן ווערן געטריבן אין מאַרק. אָנגעקומען צום פּויער אין דאָרף האָב איך שנעל געכאַפּט מיינע צוויי ברידערלעך מעכל און דודטשע און בין מיט זיי אַוועק אין וואַלד. מיר זענען דאָרט אַ גאַנצע נאַכט געווען באַהאַלטן צווישן קשאַקעס. אַז עס איז געוואָרן טונקל און מיר האָבן זיך אַרויסגערירט פון אונדזער באַהעלטעניש, האָב איך צו מיין גרויס פרייד אינעם זעלבן דאָרף אויך געטראָפן מיין מאַמע מיט מיין שוועסטער צביהלע. מיין מאַמע האָט מיר דערציילט ווי זי איז גראָד פאַרביי דעם מאַרק ווען די דייטשן האָבן אָהין געבראַכט די ערשטע יידן. היות אָבער ווי זי האָט געטראָגן קאַנען מיט מילך, האָט מען זי אָנגענומען פאַר אַ קריסטין און זי געלאָזט אַנטלויפן. מיין שוועסטערל איז איר נאָכגעלאָפן, און אַזוי זענען זיי אָנגעקומען אין דאָרף ווו מעכל און דודטשע האָבן געאַרבעט. די פּויערים האָבן זיי געזאָגט וווהין מיר זענען אַנטלאָפן און זיי האָבן אונדז טאָקע געזוכט אַ גאַנצן טאָג אין וואַלד. צו־מאָרגנס איז אין וואַלד אויך אָנגעקומען מיין זיידע ישראל־הערש קאָרמאַן. ער האָט בעת דער אַקציע זיך אויסבאַהאַלטן אויף אונדזער בוידעם אין אַ גרויסן קויש. ווען עס איז געוואָרן שטיל, האָט ער, אין דער נאַכט־פינצטערניש, זיך אַרויסגע־גנבעט צום וואַסער. ער איז אַריבער די בריק, אַריין אין פּאַרק און פון דאָרט קיין

ניעדזשאַלקע צו אונדזער באַקאַנטן פויער, וואָס האָט אים אויך געריכטעט צו אונדז אין וואַלד אַריין. אין משך פון די ווייטערדיקע צוויי־דריי טאָג האָבן זיך דאָ ווידער אָנגעזאַמלט אַ סך מענטשן, ווי למשל דאָס מיידל מלכה פּיאַנקאַ. זיי זענען אַלע אַנטרינען פון דער אַקציע. פון גוטע פויערים האָבן מיר זיך דערוווּסט וואָס עס האָט פּאַסירט אין שטאָט, אַז אַלע יידן האָט מען אַרויסגעפירט. אין קאַפּערניק אָבער זענען געבליבן עטלעכע הונדערט מאַן. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז פון די שטעטלעך אַרום מינסק זענען יידן נישט אויסגעזידלט געוואָרן און פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז מסתמא אַ פּולאַפּקע און געוואָלט בלייבן אין וואַלד. מיין זיידע האָט אָבער באַשלאָסן צו גיין קיין סטאַניסלאַוואָוו. ער האָט דאָרט געהאַט אַ סך באַ־קאַנטע און אויך קרובים. ער האָט אויך נישט געוואָלט אָפּשערן זיין לאַנגע ווייסע באָרד. איך האָב זיך ביי אים געבעטן ער זאָל דאָס יאָ טאָן, וועט אים לייכטער זיין אויסצובאַהאַלטן זיך אין די דערפער. ער האָט גערעדט אַ גוטן פּויליש, געקענט די פויערים. ער וואָלט אויך פאַר זיי געקענט אַרבעטן, ער האָט מיר אָבער געענט־פערט: „איך וועל מיט מיין באָרד זיך נישט שיידן; איך וויל שטאַרבן ווי אַ ייד". ער איז אַוועק קיין סטאַניסלאַוואָוו. דאָס זעלבע מיין מאַמע, זיין טאָכטער סערקע מיט אונדזער צביהלען. מער האָב איך זיי נישט געזען. זיי זענען אַרויסגעפירט געוואָרן צום טויט אַ חודש שפּעטער, מיט אַלע יידן פון שטעטל סטאַניסלאַוואָוו. איך מיט מיינע ברידער זענען געבליבן אין וואַלד.

נאָכן אָפּזיין אַ וואָך צייט האָט זיך אָבער אונדזער מצב ראַדיקאַל פאַרערגערט. ווייל די דייטשן האָבן אָנגעהויבן פּובליקירן אין אַלע דערפער, אַז פאַר אויסבאַ־האַלטן יידן קומט טויט־שטראָף און אַז יעדער וואָס ברענגט אַ ייד באַקומט צוקער מיט אַנדערע פּראָדוקטן. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן מאַכן אָבלאַוועס. אין וואַלד איז ווייטער נישט מעגלעך געווען זיך אויסצובאַהאַלטן — אויך מחמת די קעלטן ביינאַכט; מיר זענען פון שטוב אַרויס מיט זומערדיקע העמדלעך אויפן לייב. איך האָב באַשלאָסן דורכצושלאָגן זיך צום „קאָפּערניק". אַזוי האָבן יידן אין וואַלד געטאָן.

אין „קאָפּערניק" זענען שוין דעמאָלט געווען מיינע חברים לייבל אָסטשעגאַ מיטן ברודער זיינעם און דודטשע ראָטשטיין. זיי האָבן מיר באַלד געזאָגט אַז זיי זענען שוין אין קאָנטאַקט מיט דער פּאַרטיי. דודטשע האָט געוווּסט מיט וועמען זיך צו פאַרבונדן, הגם אשר גאַרבאָווניק איז אַוועק אין די טויט־וואַגאָנען.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און מיר האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ זעלבּ־שטענדיקער יידישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע. דאָס איז אפשר געווען די ערשטע יידישע פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין פּוילן בכלל, אַלענפאַלס די ערשטע אין מינסקער קרייז און אַ סך פריער איידער עס זענען געגרינדעט געוואָרן די ערשטע פּוילישע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס מצד דער אונטערערד.

דאָס איז שוין געווען צוויי וואָכן נאָך דער אַקציע. דער קאָנטאַקט אונדזערער איז געווען דורך אַ לאָמען שוסטער, וואָס האָט געוווינט נישט ווייט פון קאָפּערניק. דעם פּאָליאַק האָבן מיר גוט געקענט. ער פלעגט אויך קומען צו מיין פאָטער. נאָכן וואַרטן אַ שטיקל צייט, זענען אָנגעקומען צוויי אומבאַקאַנטע פּערזאָן וואָס האָבן אונדז אַרויסגעפירט טיף אין וואַלד אַריין, נאָכן יאַרזשאָמבעק. ביינאַכט זענען מיר

אָנגעקומען אין אַ פּויערישער כאַטע און דאָרט האָט מען אונדז געגעבן געווער פאַר וועלכן מיר האָבן געהאַט באַצאָלט גוט געלט. געווען איז דאָס נישט קיין באַזונדער גוט געווער — בלויז דריי ביקסן, 1 פּיסטאָלעט און 2 גראַנאַטן. דאָס האָט געמוזט „סטייען" פאַר אונדזער גאַנצער גרופּע וואָס האָט געציילט 11 פּערזאָן: איך, דודטשע ראַטשטיין, לייבל און יאָסל אָסטשעגאַ, משה מילקער, הערשל טשעבוצקי, אהרון ראַדושינסקי (דער ייִנגערער), הערשל טשעבושעווסקי, יאָסל, אַן איידעם פון די שעקערקעס און איינער אַ מרדכי פון אָטוואָצק. אונדזער קאָמענדאַנט איז געווען יאָסל ווישניעווסקי.

פון דעם דאָרף הינטער מינסק זענען מיר אָנגעקומען, שוין אַן באַגלייטונג, אין דער געגנט פון יאַגאָדנע, לוקאָווער פּאָוויאַט. דאָרט זענען געווען גרויסע וועלדער. דאָ האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט בערך אַ וואָך צייט. די הויפּט־אַרבעט איז באַשטאַנען אין אַדורכפירן מיליטערישע איבונגען און באַקענען זיך מיטן שטח. נאָך עטלעכע טעג זענען אויסגעגאַנגען אונדזערע שפּייז־זאַפּאַסן. לייבל אָסטשעגאַ האָט געהאַט ביי זיך אַ סך געלט, האָבן מיר באַשלאָסן אַריין אין אַ דאָרף און פּרוּוון זיך איינשאַפן עפּעס עסן — פאַר אָדער אָן געלט.

אונדזער אויסוואַל איז געפאַלן אויף אַן איינזאַם דאָרפיש הויז וואָס האָט זיך געפונען נאָענט צום וואַלד און איז געלעגן אָפּגעזונדערט, בעת דאָס ערשטע שכ־נישע הויז האָט זיך געפונען אָפּגערוקט אַן ערך אַ האַלבן קילאָמעטער. ביינאַכט האָבן מיר זיך דערנענטערט צו דעם הויז און ערשט אַרום פיר פאַרטאָג זענען מיר אַריין אינעווייניק. מיר זענען געווען מיד, האָבן מיר עטלעכע מענטשן איבערגע־לאָזט צו היטן די פּויערים, זיי זאָלן אונדז נישט אויסגעבן, און די איבעריקע האָבן נאָכן עסן זיך געלייגט כאַפּן אַ שלאָף אין דער סטאָדאָלע. איך בין געווען צווישן די אין דער סטאָדאָלע. פּלוצים, אַרום 2־3 נאָכמיטאָג, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט און געהערט ווי יאָסל ווישניעווסקי שרייט: „דייטשן!" באַלד האָב איך געהערט אַ שיסעריי. דער טומל איז געוואָרן גרויס, אָבער גוט וואָס די סטאָדאָלע האָט געהאַט אַ הינטער־טיר, וואָס איז אַרויס אינעם וואַלד. מיר האָבן אָנגעהויבן אַנט־לויפן אין דער ריכטונג פון וואַלד. עמיצער האָט נאָך באַוויזן צו וואַרפן אַן איינ־צלנעם גראַנאַט אויף די דייטשן. מיר האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פונעם וואַלד אונטער אַ האָגל פון קוילן. אין וואַלד האָבן מיר זיך דערנאָך צוזאַמענגע־טראָפן. פון די עלף זענען געבליבן לעבן בלויז פיר — איך, דודטשע מיט אַ פאַר־ווונדעטער גאָמבע, יאָסל און לייבל אָסטשעגאַ.

אַ ספּעציעלער קלאַפּ איז פאַר אונדז געווען דאָס פאַלן פון אונדזער קאָמענ־דאַנט, יאָסל ווישניעווסקי. הגם ער איז געווען אַן אָנפירער פון דער פּועלי־ציוניס־טישער יוגנט ביי אונדז אין שטאָט, האָט אונדזער פאַרטיי געהאַט צו אים דעם פולן צוטרוי און האָט מסכים געווען ער זאָל זיין אונדזער קאָמענדאַנט, מחמת דעם וואָס ער איז געווען אַן אויסגעדינטער אונטער־אָפיציר. פאַר אונדז איז ער געווען ווי אַ פאָטער.

צוריקגעקומען אין „קאָפּערניק" האָב איך געהערט, אַז מיינע צוויי ברידער זענען אַריבער אין לאַגער אין מראַזי. איך בין אַוועק זיי זען און בין שוין אויך דאָרט געבליבן אַרבעטן. לייבל אָסטשעגאַ האָט אָבער נישט רעזיגנירט פון דער

פּאַרטיזאַנקע און איז אַרויס אין וואַלד. ער מיט זיין ברודער און מיין פעטער יאַנקל קאַרמאַן זענען אַרויס מיט אַ צווייטער גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער אין דער געגנט פון גאַרוואָלין. זיי האָבן געהאַט קאָנטשאַפט מיט אַ „גאַיאָוועל״ פון אַ וואַלד, וואָס האָט זיי געהאָלפן זיך אויסבאַהאַלטן ביז, ביז — עמיצער האָט זיי געמסרט. דייטשן זענען איבערגעפאַלן זייער בונקער, באַוואָרפן אים מיט האַנט־גראַנאַטן און אַלע אויסגעהרגעט. אַרויסגעראַטעוועט האָט זיך בלויז לייב אָסטשעגאַ, וואָס איז פון דאָרט קוים צוריקגעקומען אַ לעבעדיקער אין רודזקיס פאַבריק.

אין מראָזיס האָב איך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ גרופּע וואָס זאָל אַרויס מיט מיר און מיינע ברידער אין וואַלד אַריין. מענטשן זענען אָבער געווען אַפּאַטיש אַן חוץ ביי משה־יאַנקל סאַדאָווסקין — אַ בחור אַן אַטלעט — האָבן מיינע רייד נישט אָנגעטראָפן אויף קיין אָפענע אויערן. דער מצב איז געוואָרן דאָ וואָס ערגער, די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, און עסן האָט מען אויך נישט באַקומען. שאַפן אַ ביסל פּראָוויאַנט איז געוואָרן די וויכטיקסטע זאָרג פון יעדן, פלעגט מען מיט פאַרשידענע שפּיצלעך פּשוט גנבענען אויף דער באַן אַביסל קאַרטאָפל, כדי אַריינ־צוגעבן אין דער קאָלעקטיווער קוך אונדזערער, די זופּ זאָל נישט זיין אַזוי וואַסער־דיק. דאָס האָבן די דייטשן לסוף אַנטדעקט און זיי זענען אונדז געקומען באַשטראָפן. צוויי פון די אַרבעטער האָבן זיי דערשאָסן, צווישן זיי מיין יינגסטן ברודער דודטשע. ער איז אַלט געווען 12 יאָר. איך האָב געהערט די שאָסן און געזען ווי מיין דודטשע פאַלט פון די קוילן. איך בין אַראָפּגעלאָפן פון קוילן־וואַגאָן, וועלכן איך האָב געהאַלטן אין מיטן אויסלאָדן מיט מיין צווייטן ברודער (איך האָב געאַרבעט מיט זיי, כדי זיי צו פאַרלייכטערן) און גע־כאַפּט דעם פאַרוווּנדעטן אויף מיינע הענט. דודטשע האָט שוין נישט געלעבט... דער זשאַנדאַרם האָט אויסגעשטרעקט צו מיר די ביקס און געוואָלט צילן אויך אין מיר, אָבער דער דייטשער אויפזעער האָט אים אָפּגעהאַלטן, ווייל ער האָט מיר געהאַלטן פאַר איינעם פון זיינע בעסטע אַרבעטער.

אַ וואָך שפּעטער איז ליקווידירט געוואָרן דער לאַגער אין מראָזי. אָנשטאָט צו דער אַרבעט האָט מען אונדז אינדערפרי אַוועקגענומען צום וואָקזאַל. געהייסן אַלע ליגן אויף דער נאַסער ערד, ביז עס זענען אָנגעקומען די יידן פון קאַלושין. פאַרנאַכט האָט מען אונדז אַריינגעשטופּט אין די וואַגאָנען. אברהם מאָרגענשטערן האָבן די דייטשן געשאָסן באַלד אינדערפרי זוכנדיק ביי אים געלט. איך האָב באַ־וויזן מיט מיר מיטצונעמען אַ שאַרפן שטיין, וואָס איך האָב אַרויסגעריסן פון ברוק. משה־יאַנקל סאַדאָווסקי פלעגט תמיד ביי זיך טראָגן אַ שפּיציק שאַרף שטיק אייזן. מיט אָט די „כלים״ און פּשוט לײדיקע הענט האָבן מיר אין מיטן לויף פונעם טויטן־צוג אויסגעהאַקט אַ לאָך און אָנגעהויבן שפּרינגען. דעם ערשטן האָב איך אַרויסגעשטופּט מיין מעכלען און דערנאָך בין איך געשפּרונגען פאַרלירנדיק דעם באַוווּסטזיין. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך געזען ווי מעכל מיט משה־יאַנקלען מונטערן מיך. איך בין געקומען אַביסל צו זיך און באַלד האָבן מיר אָנגעהויבן גייען אין דער ריכטונג פון מינסק. צוקומענדיק צו יאַנאָווע, אַן ערך זעקס ק״מ פון מינסק, האָט סאַדאָווסקי מיט אונדז זיך צעשיידט. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט נישט ווייט פון דאָרט היימישע פּויערים און ער וויל פּרווון ביי זיי

זיך איינאָרדענען. איך האָב זיך עטלעכע טעג שפּעטער דערוווּסט, אַז ביים שאָסיי האָט ער אָנגעטראָפן אויף דייטשן. ער האָט געפּרוּווט אַנטלויפן, זיך ווערן, און איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

אויפן וועג קיין מינסק האָבן מיר אָפּגעטראָטן אין אַ דאָרף ביי באַקאַנטע פּויערים. פון זיי האָבן מיר אָפּגענומען אַ גרוס וואָס עס הערט זיך אין מינסק. מיר האָבן געהערט, אַז ביי רודזקין זענען נאָך די גאַנצע צייט פאַראַן יידן און מען קען זיך דאָרט באַהאַלטן. מיר האָבן זיך אין איינעם אַ פאַרנאַכט פאַרגנבעט און אַריינ־באַקומען אין דער פאַבריק. צו מיין גרויסער איבערראַשונג האָב איך דאָרט גע־טראָפן מיינע חברים לייב אָסטשעגאַ, דודטשע ראָטשטיין, שמואלקע ווישקאָווסקי, די ברידער אברהם און ראובן מייזלער. דאָ האָט זיך דעמאָלט אויך געפונען דער עסיקמאַכער משה זאַקאָן מיט זיין משפחה, ווייל ער איז פּערזענלעך געווען שטאַרק באַפריינדעט מיטן פּוילישן דירעקטאָר פון דער פאַבריק און ער האָט אויך געהאַט אַ סך געלט. אין רודזקיס פאַבריק זענען געווען עטלעכע אַקטיווע פּוילישע קאָמוניסטן און מיט זייער הילף האָט מען ווידער געגרייט אַ נייע פּאַרטי־זאַנער־גרופּע. דאָס איז געווען אָנהייב מערץ 1943.

אין איינעם אַן אָוונט זענען געקומען עטלעכע פּאַרטיי־לייט און אונדז אַרויס־גענומען פונעם לאַגער דורכן הויכן אַרומגעצוימטן פּלויט. פון דאָרט האָט מען אונדז געפירט אין וואַלד און מען האָט אונדז קאָנטאַקטירט מיט אַ שוין עקזיסטירנדיקע פּאַרטיזאַנער־גרופּע פון א.ל. אין וועלכער עס זענען אויך געווען צוויי מינסקער שקאָציס. מען האָט זיי גערופן באַלעק און וולאַדעק. אין שפּיץ פון דער גרופּע איז געשטאַנען מאַיאָר פּעטראָוו, אַ רוסישער אָפיציר, אַן אַנטלאָפענער פון דייטשן געפאַנגען־לאַגער, מיט נאָך פינף רוסישע זעלנער און אָפיצירן. צו זיי אַלע האָט מען איצט צוגענומען פיר יידן — איך, לייבל אָסטשעגאַ און דודטשע ראָטשטיין, און נאָך עפּעס אַ ווענגראָווער ייד וועמענס נאָמען איך האָב פאַרגעסן. דאָס איז געווען איינע פון די בעסטע און ערשטע אָרגאַניזירטע און באַוואָפנטע פּאַרטיזאַ־נער־גרופּע מיט אַ מיליטערישן רעזשים, כסדרדיקע איבונגען און אַקציעס, וואָס האָט דערפילט באַפעלן וואָס זי האָט באַקומען פון שטאַב פון א.ל. אין איינעם אַ טאָג, געדענק איך, איז אַראָפּגעקומען צו אונדז, אין אַן אָפּגעזונדערט הויז פון אַ פּויער וואָס האָט מיט אונדז מיטגעאַרבעט, עמיצער פון דער פּרעמד מיט היבשע פּעקלעך דינאַמיט. אויפן אָרט זענען געמאַכט געוואָרן פאַרשידענע עקספּערימענטן און אין זעלבן אָוונט זענען מיר אַרויס אויף אַן אַקציע און אונטערגעלייגט דעם דינאַמיט אויף די באַן־רעלסן אויפן וועג קיין שעדלעץ. דאָס איז געווען איינע פון די ערשטע אַקציעס אין וועלכע איך האָב זיך באַטייליקט. די רעזולטאַטן זענען נישט געווען אַזוי עפעקטיוו ווי מיר האָבן געוואָלט.

מיר זענען נישט געזעסן אויף איין אָרט, נאָר געוואַנדערט פון דאָרף צו דאָרף, כדי אָנצוּוואַרפן אַ מורא אויפן דייטש און אויך אויף די וואָס האָבן מיט אים קאָלאַבאָרירט. דאָס האָט אַזוי געדויערט אַ היבש שטיקל צייט ביזן ביטערן סוף פון אונדזער גאַנצער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג.

בעת איינעם פון אונדזערע מאַרשן אין דער געגנט פון ווענגראָוו האָבן מיר זיך פאַרטאָג, באַלד ווי עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, אַריינגעלאָזט אין איינעם פון

אונדזערע קוואַרטירן, אין אַ „קאָלאָניע", דאָס הייסט אין אַן איינזאַמער אָפּגעזונ־ דערטער ווירטשאַפט. צוויי פון אונדזע חברה זענען אַריף וואַכן אויפן דאַך, און די איבעריקע האָבן זיך געלייגט אַביסל שלאָפן נאָך אַ גאַנצער וואַך־נאַכט. ווייזט אויס, אַז דאָס בילן פון די הינט איז געווען פאַרדעכטיקט ביי די שכנים, וואָס האָבן זיך געפונען עטלעכע הונדערט מעטער פון דעם הויז און זיי האָבן אַלאַרמירט די דייטשן. עטלעכע שעה נאָך אונדזער אָנקומען האָט די וואַך אויפן דאַך אַליאַר־ מירט און אויפגעוועקט אַלע שלאָפנדיקע: „דייטשן רינגלען אונדז אַרום!" מיר האָבן געזען ווי די דייטשן קומען אָן מיט גאַנצע לאַסט־אויטאָס און פאַרנעמען פּאָזיציעס פון אַלע זייטן. אין איינעם אַ מאָמענט האָט זיך צו אונדז דערנענטערט אַ פויער, ווייזט אויס אַז די דייטשן האָבן אים געשיקט ווי אַן אויסשפּירער: זענען דאָרט דאָ פּאַרטיזאַנער וועלן זיי אים דאָך נישט צוריקלאָזן; וועט דאָס זיין אַ סימן צו אַטאַקירן. אַזוי איז טאַקע געווען. מיר האָבן דעם פויער צוזאַמען מיט אונדזער באַלעבאָס אַראָפּגעלאָזט אין קעלער און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער פאַרטיידיקונג ווי אַ פעסטונג. דאָס איינציקע מאַשין־געווער האָבן מיר אינס־ טאַלירט אויף אַ טיש און צוגערוקט צום פענצטער און מיר האָבן געוואַרט די דייטשן זאָלן זיך דערנענטערן כדי צו עפענען אויף זיי אַ פייער. די דייטשן האָבן לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן אויף זיך און אָנגעהויבן באַשיסן דאָס הויז מיט מאַשין־ געווער. אַ נס וואָס דאָס הויז איז געווען פון ציגל, זענען די שאָדנס נישט געווען אַזוי גרויס פון דער ערשטער באַשיסונג. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און די דייטשן האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן און אונדז באַוואַרפן מיט האַנט־ גראַנאַטן. מיר האָבן אויף זיי געעפנט אַ פלוצימדיק פייער. דאָס האָט געדויערט אַ שעה, צוויי־דריי. די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן און מיר האָבן געהאָפט אַז ווען עס וועט ווערן פינצטער, וועט אונדז לייכטער זיין זיך אַרויסבאַקומען פון דער אַרומרינגלונג. אַרום דריי בייטאָג האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע אַטאַקע, מיט פאַרשטאַרקטע נייע כוחות. דאָס הויז האָט אָנגעהויבן איינפאַלן און עס איז מער נישט געווען קיין עצה ווי דורכצורייסן זיך פון דער אַרומרינגלונג — נישט געקוקט אויפן פייער. דער מאַיאָר פעטראָוו איז געווען דער ערשטער וואָס איז אַרויסגעשפּרונגען, און מיר נאָך אים. מיר זענען געלאָפן צו אַ טיפן ראָוו וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דעם הויז. מיר זענען געלאָפן און געפאַלן, געשאָסן און ווידער געלאָפן. אָט זע איך ווי אָסטשעגאָ לויפט, אָט זע איך ווי אַ קויל טרעפט דודטשע ראָטשטיינען. פלוצים זע איך, אַז איך בין שוין אין ראָוו, מיט מיר קייקלט זיך מיט איינער פון די רוסן, מיר לויפן אָן אָטעם. שיצן זיך אין דער ווילדערניש און קומען אַרויס אויף אַ גרויס פריי פעלד. נאָך אַביסל און מיר קומען אָן אין אַ וועלדל. עס איז שוין גוט פינצטער און מיר רוען זיך אָפּ. דער רוס רעדט בלויז רוסיש, אָבער מיר פאַרשטענדיקן זיך. איך האָב מיין ביקס ביי זיך, הגם מיט ווייניק קוילן. ער האָט בלויז זיין רעוואָלווער און אַ גראַנאַט. דער רוס, סעגאַל האָט מען אים גערופן, איז אינגאַנצן פאַרצווייפלט: וואָס טוט מען איצט? פון דער גאַנצער גרופּע זענען מיר געבליבן צוויי — די אַנדערע זיינען זיכער דאָרט געפאַלן. ווען איך זאָג אים, אַז איך האָב אַ קאָנטאַקט מיט דער פּאַרטיי הייבט ער מיר אָן צו קושן. מיר לאָזן זיך אין דער ריכטונג פון מינסק.

פלוצים כאַפּט אונדז אָן אַ מוראדיקער הונגער נאָך דעם ווי מיר האָבן אַ גאַנצן טאָג גאָרנישט געגומען אין מויל. איך לאָז אים וואַרטן אין דרויסן און גיי אַריין אין אַ פּויערישער כאַטע. די פּויערטע צלמט זיך, איבערראַשט פון שרעק. דער פּויער הייסט אונדז אַנטלויפן, ווייל די גאַנצע געגנט איז פול מיט דייטשן וואָס מאַכן אָבלאַוועס נאָך דער שליאַכט וואָס איז היינט פאָרגעקומען מיט די פּאַרטיזאַנער. איך זאָג אים, אַז איך האָב דאָ נישט בדעה צו בלייבן. מיר ווילן אָנקומען קיין מינסק. ער האָט אונדז געגעבן אַ ברויט מיט אַ שטיק סלאָנינע און מיר האָבן באַשלאָסן וואָס פריער צו אַנטלויפן פון דער געגנט, ווייל אינדערפרי וועט אוממעגלעך זיין דאָ אויסצובאַהאַלטן זיך. מיר האָבן אויך באַשלאָסן דאָס געווער איבערצולאָזן און מיר האָבן עס באַגראָבן אין וואַלד, מאַכנדיק סימנים אַז אויב מיר וועלן צוריקקומען אַהער זאָלן מיר עס לייכט צוריק אָפּגעפונען.

די עטלעכע פערציק ק״מ קיין מינסק האָבן מיר דורכגעמאַכט אין צוויי טעג. ביינאַכט זענען מיר געגאַנגען, ביי טאָג האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן, ביז מיר זענען אָנגעקומען צו די בעדלעך. מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויפן קריסטלעכן צמענטאַר. אַרום 6.30, ווען עס איז שוין געווען טונקל, האָבן מיר שנעל דורכגעהאַקט די שטאָט און אָנגעקומען צום „גאַזשדזשיק״, צו ראָקיצקין, דער פּאַרבינדונגס־מאַן פון דער פּאַרטיי מיט אונדזער גרופּע אין רודזקיס פאַבריק. דאָ האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין קלאָזעט ביז וואַנען די שכנים, וואָס זענען געזעסן ביי ראָקיצקין, זענען אַרויס פון זיין שטוב און מיר האָבן זיך אַריינגעלאָזט צו אים. איך האָב אים אָפּגעגעבן אַ באַריכט וואָס עס איז געשען מיט דער גאַנצער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג פון מאַיאָר פּעטראָוו. איצט וואָס טוט מען? — מיט מיר איז נישט אַזוי שלעכט — איך וועל צוריק אַריין אין רודזקיס פאַבריק, אָבער מיטן רוס? מען מוז פאַר אים געפינען עפּעס אַן אויסוועג. ער האָט צוגעזאָגט אים צו באַהאַלטן ביי זיינס אַ חבר אין אַ דאָרף. צומאָרגנס אינדערפרי בין איך צוריק אָנגעקומען אין רודזקיס פאַבריק. אַריינגעפירט אַהין האָט מיר איינער פון די אַרבעטער, ראָקיצקיס אַ קרוב. דער רוס איז ביים אַריבערפירן אים אין דאָרף, גראָד אַריינגעפאַלן צווישן דייטשע זעלנער, וואָס האָבן געמאַכט איבונגען אין וואַלד ביי רודזקיס פאַבריק. דערזעענדיק זיי, האָט ער אָנגעהויבן לויפן. די דייטשן האָבן אים געכאַפּט און אים דערשאָסן.

אין רודזקיס פאַבריק האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן און געוואַרט אויף אַ נייער פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין וועלכער איך זאָל זיך קענען אָנשליסן. איך האָב אַזוי געוואַרט פון סוף מערץ 1943 ביז דער אויסראָטונג פון די יידן אין רודזקיס פאַבריק — די לעצטע אין אונדזער שטאָט.

דאָס איז געווען שבת דעם 5טן יוני, אַרום 4 פאַרנאַכט. איך בין גראָד געזעסן אין דער „פּאַרטאָווניע״ פון דער פאַבריק, געוואַרט אויף עמיצן וואָס האָט מיר געדאַרפט ברענגען אַ ידיעה פון דער פּאַרטיי. פלוצים גיב איך אַ קוק ווי פאָרן שלאַבאַן פון דער באַן פאָרן אָן פולע לאַסט־אויטאָס מיט דייטשן — זשאַנדאַרמען און פּאָליציי. אַ מאָדנע אינטואיציע האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס מיינט מען אונדז, בפרט אַז איך האָב באַלד געזען ווי זיי קרייזן אַרום דער פאַבריק. איך האָב אַליאַרמירט די יידן וואָס האָבן זיך געפונען אויפן הויף און צו זיי אַריינגעשריגן דורכן

פּאַרקאַן: „די דייטשן רינגלען אונדז אַרום!‟ איך האָב אָנגעהויבן לויפן לענגאויס דער באַן־ליניע. איך קריך אַריין און צי זיך אויס אויפן אַקס צווישן די רעדער פון עלעקטרישן צוג, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין אַ זייט. פון דאָרט זע איך ווי די דייטשן קרייזן אַרום דעם פּאַרקאַן פון דער פאַבריק ראובן מייזלער שפּרינגט אַראָפּ גלייך אין די הענט פון די זשאַנדאַרמען. אַ שיסעריי. אַ שפּיר־הונט פאַרהאַלט זיך ביי מיין וואַגאָן ווו איך ליג. „שוין, דאָס איז מיין סוף!‟ — טראַכט איך זיך, אָבער אין דעם מאָמענט רופט אים דער ס. ס. מאַן כאַפּן עמיצן פון די וואָס שפּרינגען פון פּלויט. ווייזט אויס, אַז מיין אַליאַרם האָט געהאָלפן. די מענטשן האָבן זיכער באַוויזן אַנטלויפן, אָדער זיך אויסבאַהאַלטן אויפן שטח פון דער פאַבריק — טראַכט איך מיט אַ שטיקל סאַטיספאַקציע, און באַלד ווי עס ווערט טונקל שלייך איך זיך צום שכנותדיקן הויז פון אונדזער פאַרבינדונגס־מאַן מיט דער א. ל. — ראָקיצקי. ער נעמט מיר דאָסמאָל אויף מיט פּאַניק: „אַלע יידן האָט מען אויסגעשאָסן, דו קענסט דאָ נישט בלייבן אפילו קיין איין טאָג, אַנטלויף!‟ פון אים לאָז איך זיך אין דער ריכטונג פון שעכטהויז. איך רייס אָפּ אַ פּעקל גראָז און טראָג עס ווי אַ פּויער. טאָמער באַמערקט מיך עמיצער זאָל ער מיינען אַז דאָ גייט עפּעס אַ פּויער. איך מאַך דורך דעם גאַנצן וועג לענגאויס דעם טייך, האַק דורך די בריק און איך בין ווידער אויפן וועג קיין ניעדזשאַלקע, איך באַהאַלט זיך ווידער אויס, נישט ווייט פון דעם אָרט ווו מיין ברודער האָט געאַרבעט אין די צייטן פון געטאָ. איך קען דאָ יעדעס ווינקעלע און אויך די פּויערים קענען מיר. צומאָרגנס, זונטיק, אַרום ניין אָוונט, דערנענטער איך זיך צום פּויערס כאַטע, האָב בדעה אַריינגיין בעטן עפּעס עסן און אפשר אויך דערוויסן זיך וואָס איז געוואָרן מיט די יידן אין רודזקיס פאַבריק. אין מוח עקבערט מיר, וואָס עס איז געוואָרן מיט מיין מעכל; פּלוצים — עפּעס אַ געשטאַלט דערנענטערט זיך אויף דער סטעזשקע וואָס פירט צו דעם פּויערס כאַטע. איך באַהאַלט זיך גיך אין די קשאַקעס: די געשטאַלט דערנענטערט זיך — איך גיב אַ קוק: מיין מעכל!

מיר פאַלן זיך אין די אָרעמס און מעכל דערציילט מיר זיינע ניסים. מיין אַליאַרם האָט געהאָלפן און אַלע מענטשן זענען זיך באַלד צעלאָפן, נאָך איידער די דייטשן זענען אַריין אינעווייניק. אָנשטאָט אָפּוואַרטן אַלע יידן ביים טיילן אָוונטברויט, ווי זיי האָבן פּלאַנירט, האָבן זיי געמוזט שעהן אַרומלויפן און אַרויסשלעפּן יידן פון זייערע באַהעלטענישן. ער אַליין האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ פּאַס פון גאַז פאַר בויער־מאַשינען. ער האָט זיך גוט פאַרמאַכט אינעווייניק און זונטיק פאַרטאָג איז ער פון דאָרט אַרויס און געלאָפן איבער די וועלדער צום זעלבן אָרט ווי איך...

עטלעכע טעג האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן צוזאַמען אין דעם דאָרף ווו מיר זענען געווען באַלד ביים אָנהייב פון דער אַקציע. אין איינעם אַ טאָג האָט אונדז אַ היימישער פּויער דערציילט, אַז ערגעץ־ווו דרייט זיך דאָ אַרום נאָך אַ ייד. איך האָב געבעטן אַ באַקאַנטן שייגעץ, סטאַשעק ליובאַשקי, ער זאָל מיר דעם ייד אויסזוכן און זאָגן ווער עס זוכט אים. איך בין געווען זיכער אַז דאָס איז עמיצער פון רודזקיס פאַבריק. אין איינעם אַן אָוונט האָט ער אונדז טאַקע צוזאַמענגעבראַכט מיט לייזער ראָזנבלאַט, פון דער משפּחה קאַליש. ער

האָט אונדז דערציילט ווי אַזוי ער האָט זיך געראַטעוועט פון דער פאַבריק. ער איז געווען אין דער גרופּע וואָס איז געפירט געוואָרן צום בית־עלמין. אַרום 200 מעטער פאַרן „גוטן אָרט" האָט איינער פון די אַרבעטער — שטיינער, אַלטער דעם חזנס אַ זון, וואָס האָט געאַרבעט אַלס אַפּטייקער און האָט אין לאַגער געהיילט וווּנדן מיט פאַרשידענע שמירעכצער — זיך געוואָרפן אויף אַ דייטש. ס'איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע און דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן צו צעלויפן אין הויכן קאָרן אַריין. די דייטשן האָבן געשאָסן און געזוכט אינעם קאָרן און בלויז איך און נאָך עטלעכע איז געלונגען צו אַנטלויפן. לייזער איז מיט אונדז געווען אַ וואָך צייט. שפּעטער איז ער אַוועק צו אַ היימישן פויער. אויפן וועג האָט מען אים געכאַפּט און די דייטשן האָבן אים דערשאָסן.

אָפּגעווען אַ שטיקל צייט אין וואַלד ביי ניעדזשאַלקע האָט דער באָדן ווידער אָנגעהויבן ברענען אונטער די פיס. אומעטום האָבן די פויערים געוווּסט אַז עס באַהאַלטן זיך אין וואַלד יידן און מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז אַ ליאַדע טאָג וועלן דייטשן דאָ קומען אונדז זוכן. מען מוז אַוועק, אָבער וווּהין? דער קאָנטאַקט מיט דער פאַרטיזאַנקע איז איבערגעריסן. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז מיין פאָטער האָט אַמאָל געהאַט סעדער ערגעץ־ווו אין בזשעזשיני, 3 ק"מ נאָך דעמבע־וויעלקע, אַן ערך 14 ק"מ פון מינסק. איך האָב נישט געוווּסט דעם נאָמען פון פויער ביי וועמען דער טאַטע האָט געדונגען די סעדער. דער פויער פלעגט קומען צו אונדז אָפט אין שטוב אַריין. איך האָב געהאָפט דאָס אָרט צו דערקענען, ווייל איינמאָל האָט מיר דער טאַטע געהאַט אַהין מיטגענומען. בלית ברירה האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט אַהין און איך מיט מעכלען זענען אָנגעקומען אין אַ וועלדל נישט ווייט פון סקודע. פון דאָרט האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט זוכן דאָס דאָרף, איך האָב געוווּסט אַז דאָס איז ביים שאָסיי וואָס פירט אין דער ריכטונג פון וואַרשע. מיטאַמאָל — האָב איך דערקענט דאָס אָרט, דערקענט אפילו דאָס הויז פון אונדזער פויער. איך בין אַריין און האָב זיך דערוווּסט אַז דער פויער אַליין לעבט שוין נישט, אָבער זיין זון לעבט. די מאַמע זיינע, ווען זי האָט געהערט מיין טאַטנס נאָמען, בערעק רודזשאַנסקי, האָט באַלד געוווּסט ווער דאָס איז. „איר קענט דאָ נישט בלייבן!" — האָט זי געזאָגט. זי האָט אונדז אָבער אַרויסגעבראַכט אַביסל ברויט מיט מילכוואַרג און געהייסן זיך אָפּטראָגן.

מיר זענען צוריק אַוועק אין וואַלד. אַ פּאָר טאָג האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין די קשאַקעס. איך האָב געזען, אַז צופיל פויערים דרייען זיך דאָ, און עס איז נישט מעגלעך זיי זאָלן נישט דערקענען אַז עמיצער לעבט דאָ. „ווייסט וואָס, מעכל? מיר מוזן זיך שאַפן אַ שפּאַדעל, אַ קובל און אַ האַק!" — האָב איך זיך אָנגערופן צו מיין ברודער און אים אויפגעקלערט, אַז אויב מיר מוזן זיך דאָ באַהאַלטן, מוז מען האָבן אַן אייגענעם גוט־פאַרמאַסקירטן בונקער, אין וועלכן מיר זאָלן קענען שלאָפן אַ גאַנצן טאָג און בלויז ביינאַכט אַרויסגיין זיך שאַפן אַביסל עסן. אויף די פעלדער איז אַלץ דאָ — קאַרטאָפל, מייערן, פּרוכטן, בפרט אַז עס רוקט זיך אונטער דער ווינטער און עס הייבן זיך אָן די קעלטן. „מען מוז דעם בונקער אויסגראָבן אין איין נאַכט" — האָב איך באַטאָנט פאַר מעכלען וואָס האָט זיך באַצויגן זייער סקעפּטיש צו מיין גאַנצן פּלאַן.

יענע נאַכט ווען מיר האָבן געגראָבן דעם בונקער וועל איך אין מיין לעבן נישט פאַרגעסן. קראַנקע און צעבראָכענע, אָפּגעשוואַכטע, האָבן צוויי ייִנגלעך גענומען זיך צו אַן אויפגאַבע וואָס איז געווען איבער זייערע כוחות. מעכל האָט זיך אינמיטן דער אַרבעט ממש איינגעבראָכן און געשריגן אַז ער האָט מער קיין כוח נישט, און זאָל דאָס לעבן גיין צו אַלדע רוחות. איך האָב געשריגן אויף אים, געבייזערט זיך און געשלעפּט אַליין די קובלעס ערד. זיי אַריינגעוואָרפן אין דער שכנותדיקער אָזיערע, כדי נישט איבערצולאָזן קיין שום שפּורן. לסוף, אַז דער בונקער איז געוואָרן פאַרטיק און מיר זענען אַריין אינעווייניק, אים אויסגעבעט מיט שטרוי, זענען מיר אָפּגעשלאָפן צוויי טעג מיט צוויי נעכט נאָכאַנאַנד. מיר האָבן געפילט אַז מיר האָבן אַן אייגן אָרט, אַן אייגל ווינקל.

דאָס ערשטע מאָל האָבן מיר אָנגעהויבן שלאָפן רעגולער. אין איינעם אַ טאָג האָבן מיר אויך באַגעגנט דעם סאָלטיס וואָס האָט אויך געקענט מיין פאָטער און זיינס אַ קרוב מיטן נאָמען סמאָליאַק. ער האָט אונדז צוגעזאָגט העלפן און איבער־געלאָזט פאַר אונדז יעדעס מאָל אַביסל שפּייז אויף אַן אָרט אין פעלד. ער האָט אונדז אויך דערציילט וועגן נטע קאַמינקאָווסקי, אַז ער דרייט זיך אַרום און אַרבעט רימאַרסקע אַרבעט פאַר די פּויערים אין דער געגנט. איינמאָל האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט אים. איינער פון די פּויערים האָט אונדז אויך צוגעשטעלט ידיעות וואָס מען הערט. די פריילעכע נייעס זענען געווען אַז די דייטשן באַקומען קלעפּ און עס וועט לאַנג נישט דויערן און די מלחמה וועט זיך ענדיקן.

אין איינעם אַ טאָג איז אונדזער שלווה ווידער געשטערט געוואָרן. אַ שייגעץ האָט געזוכט שוואָמען אין וואַלד און אָנגעטראָפן אונדזער באַהעלטעניש! דאָס איז געווען האַרבסט 1943. דער שייגעץ האָט פאַרלאַנגט פון אונדז געלט, אויב נישט — וועט ער אונדז אויסגעבן. מיר האָבן געזען אַז מיר מוזן אונדזער זיכער באַהעל־טעניש פאַרלאָזן און נישט וואַרטן דאָ מער קיין איין טאָג. וווּהין גייט מען? — נאַטירלעך צוריק קיין ניעדזשאַלקע.

דער ווינטער האָט זיך אונטערגערוקט מיט גיכע טריט און מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין עפּעס אַ פאַרלאָזטער סטאָדאָלע אינמיטן אַ פאַרוויסט פעלד פול מיט ריזיקע שטשאַרעס. ביינאַכט זענען מיר געגאַנגען בעטן ביי די פּויערים עפּעס עסן. נישטאָ קיין כוחות. עס איז קאַלט און איך פאַרקיל זיך אַזוי, אַז דער האַלדז ווערט מיר געשוואָלן ווי אַ באַניע. איך באַקום הויכע היץ. אין איינעם אַן אָוונט, ווען איך גיי אַרויס זוכן עפּעס עסן, איבערצייג איך זיך, אַז איך זע מער נישט. פון דער היץ און פון מאַנגל אין וויטאַמינען האָב איך באַקומען די קראַנקייט פון נאַכט־בלינדקייט. דערווייל איז דער מצב פון מיין האַלדז געוואָרן וואָס ערגער. אונטער דער גאָמבע האָב איך געהאַט צוויי שווערע געשווירן מיט ראָפּע. איך האָב געפילט, ווי דאָס איז די סיבה פון דער הויכער היץ מיינער, און האָב באַ־שלאָסן די מכות צו עפענען! מעכל האָט מיר פון אונדזער פויער געבראַכט עפּעס אַ פאַרזשאַווערטע זשילעטקע. איך האָב אים אָנגעוויזן ווו ער זאָל שניידן. מעכל האָט אָבער מורא געהאַט, האָב איך אויסגעזוכט אַ שטיקל גלאָז וואָס האָט מיר געדינט ווי אַ שפּיגל, און אַליין אָנגעהויבן דורכפירן די אָפּעראַציע. די צוויי שניט זענען געבליבן אונטער מיין גאָמבע ביזן היינטיקן טאָג.

אין דרויסן איז געלעגן אַ שווערער שניי, געווען אַ פראָסט און פון מיינע געשווירן איז גערינען אייטער אָן אַן עק און אָן אַ סוף. די אָפּעראַציע האָט מיך אָבער אָפּגעראַטעוועט פון אַ לאַנגזאַמען טויט.

איך האָב געפילט אַז מיר מוזן עפּעס אָנהייבן נאַרהאַפּטס עסן. פון אָבסער־וואַציעס האָבן מיר געזען ווי די פּויערים שטעלן אַריין דאָס מילך וואָס זיי מעלקן ביינאַכט אין די ברונעמס כדי עס זאָל נישט קאַליע ווערן. מיר האָבן אַנגעהויבן גנבענען יעדע נאַכט עטלעכע ליטער מילך. דאָס טרינקען מילך האָט אונדז געראַטעוועט און דערהאַלטן ביים לעבן יענעם גאַנצן שווערן ווינטער און פרילינג. ערגעץ ווו האָבן מיר אין אַ סטאָדעלע אויך געפונען אַ גאַנץ געפּעקלט חזיר. יעדן אָוונט האָבן מיר אָפּגעשניטן עטלעכע שטיקלעך און אויך דאָס האָט אונדז געהאָלפן אַביסל קומען צו די כוחות.

זומער 1944 האָבן מיר ווידער געמוזט אַנטלויפן קיין דעמבע וויעלקיע. דאָרט האָבן מיר אויסגעגראָבן אַ נייעם בונקער אין וועלכן מיר זענען געווען ביז די רוסן האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן. ווידער איז געוואָרן אוממעגלעך דאָרט צו זיין, ווייל אין וואַלד האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די לעצטע אָפּטרעטנדיקע דייטשע חיילות. איך האָב באַשלאָסן צוריקצוקערן זיך, וואָס נענטער צום פראָנט אויף מזרח. אין דער זעלבער נאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין דער געגנט פון יאָנאָווע.

אין אַ פרימאָרגן, איך גיי אַרויס פון אונדזער באַהעלטעניש, דערהער איך פלוצים אַ רוף אויף רוסיש: „רוקי ווערך". — „יעווריי" האָב איך געענטפערט דעם זעלבער וואָס האָט מיר פאַרהאַלטן און אַוועקגעפירט אין זיין קוואַרטיר. דאָרט איז אויך געווען אַ יידישער אָפיציר, וואָס האָט אונדז געהאָלפן דערנאָך אָנקומען קיין מינסק. מיר זענען באַפרייט געוואָרן סוף יולי און אָנהייב אויגוסט זענען מיר געווען פון די ערשטע וואָס זענען אָנגעקומען קיין מינסק און פאַרנומען דאָס הויז פון די גאַרבאָוויקס אויף דער קאַליע־גאַס, וואָס איז געוואָרן אַן אַזיל פאַר די ווייניקע יידן וואָס זענען לעבנגעבליבן פון אונדזער שטאָט.

(לויט אַן אויפגענומענער גביית־עדות)

**מרים כרמי**
(מלה פורמנסקי)

# ברדיפה אחרי החיים...

מגיל צעיר קיבלתי חינוך ציוני בבית אבא, שהיה בית מסורתי. זוכרת אני את ביקורו של לייבל פרבמן שבא אלינו מארץ ישראל, ובפיו סיפורים מהחיים בארץ. הסבתא לאה והסבא משה לייב (הוברמן), שניהם זקנים וחולים, קיבלו את פני האורח בשמחה ושוחחו אתו ארוכות על הבנים שלהם בארץ ישראל: אברהם, ישראל ושלמה הוברמן. פרבמן סיפר, שהבנים ביקשו ממנו לראות את המצב בבית ואם אפשר להעלות אותם ארצה. בהציגו שאלה זו לסבא תיאר האורח גם את הצד השלילי שבחיים באומרו: „אל תתפלאו אם תמצאו יהודי בגלוי ראש בישוב העברי, או שהשבת אינה נשמרת ע״י כולם. יש כל מיני אנשים בארץ ישראל, וגם כאלה האוכלים בשר טרף. ואיך אתה, כיהודי דתי, תסבול דברים כאלה בארץ הקודש?״

על זה — זוכרת אני — ענה לו הסבא: „וכי לראות מה אוכלים אנשים אני רוצה? הרי מדובר פה על עליה לארץ הקודש, לעלות ולמות בה, וזה העיקר״. כך שמעתי אז את האורח מן הארץ מספר על משפחתנו הגדולה בארץ ישראל וכשהגיע למחרת לבית הספר בו למדתי, „תרבות״, והירצה על ארץ ישראל — הסיפורים משכו אותי יותר ויותר. הרגשה נעימה היתה זאת. התחלתי להבין את הקשר ביני לבין משפחתי בארץ ישראל. כעבור זמן מה הייתי פעילה בתנועת הנוער „השומר הדתי״. את גרעין התנועה אירגנו אצלנו האחים ביבלרזש. יום אחד באו לבית הספר ואירגנו אותנו לקבוצות. פעילות למען הארץ התקיימה גם קודם לכן בבית הספר. אספנו בולי הקרן הקיימת ונערכו התרמות בין התלמידים, חגיגות והצגות שכל ההכנסות קודש לקרן. בתום הלימודים והכנת השיעורים היינו מתכנסים בתנועת הנוער ומשלימים בפעולות ובהרצאות.

היתה זו תקופה של אנטישמיות גואה, ובעיקבותיה ה„פוגרום״, אותו לא אשכח לעולם. היה זה ביום קיץ בהיר. שכנינו המוסתים התנפלו על כל בית יהודי. נפרצו דלתות, בזזו חנויות ושרפו בתים. היהודים עזבו את משכנותיהם תוך בהלה וברחו לורשה. שם הזעיקו עזרה, אשר משום מה בוששה לבוא. שבוע ימים ערך המצור. שבוע ימים שוטטו החוליגאנים, ואנו יחידים בכל הרחוב שלנו — רחוב שנניצקה — נסגרנו בתוך הבית פנימה כבתוך מבצר. עד היום הזה לא אבין איך נשארנו בחיים. רק אחרי ימי ההשתוללות הראשונים באה המשטרה מורשה ואיתה משאית עם לחם שחולק בין הרעבים. ורק כאשר המשטרה אחזה באמצעים ונרגעו הרוחות, החלו היהודים שנמלטו לחזור בהדרגה לבתיהם, ורק אז עמדו על הנזקים שנגרם לרכושם. חלה הרגעה, אולם הבטחון לא חזר עוד לעירנו. היו אלה הסימנים הראשונים של השואה הגדולה שבאה עלינו עם פרוץ המלחמה, ב־1939.

ביום 12.9.1939 הופצצה העיר בארטילריה ובמיוחד איזור שנניצקה, שרוב תושביה היו יהודים. אנו, כל אנשי הרחוב, נמלטנו על נפשנו לשדה הגובל לרחוב

שניציקה, ועקבנו בפחד אחרי ההרס שנגרם לרכוש. השריפות התעצמו מרגע לרגע ואנו נשארנו בשדה, רועדים מקור, עד שעות הבוקר. עם שחר ראינו שהבית שלנו נשרף כולו, עד היסוד. נשאר רק שלד של קירות שרופים, היחידי שנשאר, הואיל וכל הבתים בסביבה היו בתי־עץ. ישבנו על החבילות שלקחנו אתנו בעת מנוסתנו לשדה. עתה התברר שזה כל רכושנו שנותר לנו. ואני רק בת 16. אחי הבוגר, יוסף, שהיה חשמלאי מתקן אופניים והצטיין בכל מיני עבודות מכניות, ישב אתנו בלי לדעת לאן לפנות. ראובן, אחי הצעיר, השתדל להרגיע את אחיותי הקטנטנות חיה׳לה וגולדה, שהתיפחו בבכי מר. אבא מחטט בערמות השרופות ומוציא מדי פעם דבר שהאש לא אכלה עד תומה. אמי נשאה על זרועה את אחי הקט ישראל בן השלוש להרגיעו, תוך דאגה שלא נתפזר. אינני יודעת כמה זמן שהינו כך על חורבות הבית שלנו. נדמה היה לי ששעות ארך הדבר, ולבסוף עזבנו את המקום. הלכנו לבית תלמוד התורה אשר ברחוב „הרבי". שם התרכזו כל המשפחות שנשארו ללא קורת גג. פה גם אנחנו מצאנו מיקלט. אך עוד באותו יום, ביושבנו כך על החבילות באולם בית הכנסת, הגיע אלינו דוד פרידמן, שבתו פייגה היתה החברה שלי, והציע לנו שנעבור אל ביתו, עד שנמצא פתרון יותר טוב. קיבלנו את ההזמנה ומיד עברנו לביתו והסתדרנו — כל המשפחה, בת שמונה הנפשות — בחדר אחד בלבד, כאשר בחדר השני מתגורר המארח, שגם לו 8 נפשות.



פלטיאל פורמיינסקי ואשתו רחל,
ראובן, חייהלע, גולדלה
חיים פשנני מרעמבערטאַוו,
בן־דוד של הכותבת

הצענו את מצעינו על הריצפה ועבר עלינו ליל בלהות ראשון תחת שלטון הגרמנים.

באותו לילה הגרמנים דפקו בדלת, פרצו פנימה בחפשם אחרי חיילים פולנים מסתתרים, ובהזדמנות זו היו בוזזים ומטילים פחד. כעבור ימים מספר החלו להופיע גזרות חדשות, כך מדי יום ביומו: אסור ליהודים להחזיק פקדונות בבנקים. אסור ליהודים לסחור. אסור ליהודים לנסוע בלי אישור. אסר ליהודים לנהל עסקים. לכל בית מסחר ועסק יהודי הוצב „פולקס־דויטש", שהיה אחראי על הרכוש שלמעשה הוחרם ע"י הגרמנים, והבעלים היהודיים לא יכלו להוציא את רכושם. הגרמנים הופיעו בחוצות העיר, ותופסים את מי שבא בידם לעבודות כפיה. עבודות אלה היו כדי לשרת אותם במקום מגוריהם ללא קבלת תשלום. באותם הימים היה אבי מבקר על חורבות הבית ומתכנן כיצד לנצל את השלד שנשאר, לבנות ולתקן מחדש את הבית כדי שנוכל לחזור לגור בו.

הדבר לא היה פשוט, מכיוון שיום יום היו „הפתעות" חדשות. יום אחד, למשל, הגיעה רכבת עם פליטים מקליש, וכל משפחה יהודית נצטוותה לקבל משפחה אחת. גם אנו, שהיינו 16 נפשות בשני חדרים, קיבלנו תוספת 4 נפשות מפליטי קליש, את משפחת קווה: אב, אם, בן ואליהם נתלוותה צברית אורחת מארץ ישראל שהמלחמה סגרה עליה תוך ביקורה בפולין אצל משפחתה.

בדירתנו נעשה יותר צפוף וזה דירבן את אבא ביתר מרץ לגשת לעבודת שיקום ביתנו. שכרנו בנאי נוצרי שהסכים לבנות ולתקן את השלד השרוף, ואבא היה עובד אתו עד שהעבודה הושלמה. עוד לפני שבוצעו כל העבודות נכנסנו לגור לביתנו וגייסנו את כל המשפחה לעזור ולהחזיר לבית צורה של „בית מגורים".

הגרמנים מינו את ה„יודנראט" ככתובת לכל מיני תביעות. כך הם באו לדרוש יהודים לעבודה ולא טרחו לתפוס אותם בעצמם. הם גם דרשו יהודים למשלוח למחנה עבודה — וה„יודנראט" חייב היה לספק כמה מאות צעירים יהודיים — לפי הדרישה. המשלוח הגדול הראשון היה ב־12 באוגוסט 1940 ובו היה אחי הבכור, יוסף. רק אחרי כמה חדשים התחילו אחדים מהם לחזור ותיארו את הסבל ואת התנאים בהם עבדו עד לאפיסת כוחות.

אוקטובר 1940. אחרי סימון היהודים בסרט קלון, מתפרסמת הודעה שעל כל היהודים להיכנס לרובע שיהווה גיטו לכל יהודי העיר. כל מי שגר מחוץ לרובע המסומן יעבור לרחובות הנמצאים בתחום המסומן והגיטו ייסגר ואין יהודי יוצא ממנו ונכנס בו אלא ברשות הגרמנים. אנחנו נשארנו בבית. אך אלה שהיו מחוץ לתחום — היה זה יום מטורף עבורם. צריך היה לקחת את המטלטלים ולשאת אותם לבד, כי קשה היה להשיג תחבורה, סוס או עגלה. כשהועברו כל האנשים לשטח הגיטו, שוב חולקו בין המשפחות, והצפיפות גדלה בצורה איומה, צפיפות שהביאה איתה אפידמיות, שהמפורסמת בהן — מחלת הטיפוס. מחלה זו קצרה את קציר הדמים שלה במאות חללים. סגורים ומסוגרים ישבנו בגטו וסבלנו חרפת רעב. מושפלים, חסרי אונים, נתונים לחסדם של אנשי המשטרה והס.ס. אני זוכרת במיוחד את קצ'ורק עם כלבו המפורסם, שהירבה לבקר ברחובות הגיטו.

כך נמשך המצב עד הגירוש הגדול ב־21 באוגוסט 1942. 5 אלפים יהודים שולחו באותו יום לטרבלינקה. למשפחה שלנו נתמזל המזל באותו יום ונשארנו

כולנו חיים. אבי, יוסף וראובן, יצאו לעבודות חוץ („פלצובקה״), כדי לקבל כיסוי שהם עובדים עבודה „פרודוקטיבית״. אמא דאגה להוריד אותי, את אחיותי ואחי הקטן ל„מרתף״, בור שהיה מיועד לאחסנת תפוחי אדמה ושהכניסה אליו היתה דרך ריצפת הבית. על פתח הרצפה שמה „פיילה״ עם מים, כהסוואה וזה השתלב עם כל יתר האביזרים של בית הצביעה שהיה מקור פרנסנו. היות והבית היה גבול הגיטו והיה בודד ברחוב השרוף, היה נדמה לנו משום מה שהגרמנים לא יבואו אלינו. אך לא כך היה הדבר. הגיעו וחיפשו היטב. אמא הסתתרה בתוך תנור הסקה שבור ושמרה עלינו מלמעלה. מדי פעם נתנה אמא סימן שנתנהג בשקט, כי הסכנה עדיין לא עברה. 5 ימים לא ידענו מה נעשה בעיר, עד שהופיע הערשל מאיר, שהיה משמש אותנו כנושא מים וחוטב עצים. כאשר נודע לו שאנו במצוקה, הגיע מהכפר שם הסתתר ולחם בידו. לאחר שמצא אותנו סיפר שראה את אבא, יוסף וראובן ב„קופרניק״, היינו ברחוב שלנו. מפי אבא שלנו נודע לו, שאנחנו מסתתרים בבית שלנו. עוד 3 ימים ישבנו במסתור ורק ביום השמיני אחרי הגירוש יצאנו מהבית, התגנבנו ל„קופרניק״, ורק כאן נודע לנו על גורל יהודי מינסק ששולחו לטרבלינקה ועל החיפושים שעורכים הגרמנים כדי למצוא שרידים שנמלטו. ה„קופרניק״ היה בית לבנים אחד גדול מגודר מסביב, ובחצר באר מים. פה נשארו אחרוני היהודים אחרי הגירוש. כל בוקר היו הגרמנים פוק־דים את הבית, מוציאים ממנו את הפועלים לעבודה בצבא. הילדים שהיו בגיל צעיר נאלצו להסתתר בחסות כמה אמהות שסיכנו את חייהם ונשארו אתם.

ב־22 ספטמבר 1942, לאחר שחזרנו אחרי יום עבודה קשה ורצינו לשתות אחרי יום חם במיוחד, התברר שהבאר בחצר יבשה. ראובן אחי לקח דלי ויצא מחוץ לתחום הבית של הקופרניק אל „המשאבה״ שעמדה ברחוב, במרחק מה מהבית שלנו. עבר גרמני, השיגו והרג אותו במקום. הוא המשיך בדרכו ואז יצאו כמה אנשים עם יוסף אחי ונשאו את גופת ראובן לתוך חצר ה„קופרניק״. אמא פרצה בבכי ואתה כל המשפחה. היה זה הקרבן הראשון של משפחתנו. אמא הרימה את עיניה לשמים באומרה: רבונו של עולם, אם נגזר שכל משפחה יהודית צריכה לתת קרבן, הרי גם אנחנו כבר נפגענו. אולי מעתה כבר תיפסק הרעה. הלא אין עוד משפחה אחת שלימה בכל ה„קופרניק״...

יומיים לאחר מכן, ב־24 בספטמבר 1942, כשהיינו כולנו בעבודה ואמא נשארה עם עוד כמה נשים, כרגיל, לעבוד במטבח במחנה „קופרניק״, להסתיר את הילדים ולשמור עליהם, הופיעו לפתע גרמנים ועשו חיפוש בכל הבית. מצאו את הנשים שעבדו במטבח והוציאון לתחנת הרכבת. שם עמדה רכבת שהובילה טרנספורט מורשה לטרבלינקה. כל שנמצא ב„קופרניק״ צורף למשלוח הזה. עוד בהיותנו בעבודה נודע לנו על האסון החדש שפקד אותנו. לא ידענו בדיוק את מי הוציאו. אך כשחזרנו ל„קופרניק״ חשכו עינינו: אמא לא היתה והילדים נשארו במחבוא לבד.

יוסף, אחי הבכור, עבד במקום עבודה מחוץ לגיטו והיה בא אלינו מדי פעם ואתו סיפורים על אפשרות להצטרף לפרטיזנים או לברוח ולהסתתר במחבוא. אבל למחבוא אצל פולנים, הסביר לנו, צריך לשלם הרבה כסף. הוא טיפל בילדים והוחלט במשפחה שאני ורגינה גרינשפן, שהיתה כלתו של אחי, ניסע לורשה

למחבוא אצל פולני והוא ישאר עד שיצליח לסדר את הילדים הקטנים במחבוא במקום, אצל הנוצריה שמסרנו לה את הבית שלנו עם המכבסה. הנסיעה שלנו היתה כרוכה בתעודות מזויפות, בכסף ובנוצרי שיקח על עצמו להעביר אותנו לורשה. ב־15 בדצמבר 1942 הופגשתי עם גוי ששמו היה מריאן, והוא שהביא אותי למקום המיועד למחבוא. כשהגעתי פגשתי שם את רגינה עם עוד שלוש נשים וגבר אחד מקלושין, יהודים. זו היתה דירת אחיו של מריאַן.

פה החלו „חיים" חדשים. התחפשנו לנוצריות והתלבטנו יום יום שעה שעה עם קשיים חדשים. לא פעם קיללנו את היום בו נשארנו בחיים, כדי להמשיך למות מפחד כל אימת שמזהים אותנו, ויש צורך לעבור ממקום למקום ולחפש עבודה או מקלט חדש.

ב־24 בדצמבר בא אלינו מריאַן ובשורה רעה בפיו: קבוצת היהודים אשר ב„קופרניק", 218 במספר, נלקחו באותו יום לבית הקברות ונדרשו לחפור קבר אחים. לאחר שכרו את הקבר ירו בכל הקבוצה באכזריות והשליכום לבור. ביניהם היה אבינו. יוסף חזר מיד ל„קופרניק" והוציא משם את הילדים אל הנוצריה שגרה בבית שלנו. הוא ביקש אותה להסתיר אותם עד יעבור זעם, ועד שימצא מקום בטוח יותר עבורם. יום אחד בלבד החזיקה את הילדים, ובלילה הראשון גרשה אותם בחזרה ל„קופרניק" בטענה, שאינה יכולה להסתכן ולהסתיר אותם. כך חזרו הילדים ובחסותו של יוסף אחי, הסתתרו במחבוא עד ל־10 בינואר 1943.

שוב הופיע מריאן ומסר לנו את אשר קרה באותו יום ב„קופרניק": הבית הוצת וכל האנשים בתוכו נשרפו חיים. ביניהם היה אחי יוסף, אחיותי חיה וגולדה ואחי הקטן ישראל.

עד היום לא אבין איך יכולתי לשמוע שכולם אינם עוד בחיים ולא להתמוטט. נותרתי יתומה, גלמודה. שתקתי, רק הלב כאב, כאב נורא. לבסוף פרצתי בבכי והוקל לי, אך גם לבכות אי־אפשר היה כראוי... הזמן דחק וכל התייפחות וצעקות כאב עלולים היו להסגיר אותנו. הרגשנו שאנו רוצות להשאר בחיים, לספר, להעיד ולנקום. כל אותו לילה לא עצמתי עין. אך כשקמנו בבוקר נאלצנו לעזוב את המקום, כי שוב גילו עקבותינו וצריך היה לחפש מקום סתר חדש. מחופשת כנוצריה, ותוך מילוי כל מיני עבודות אצל אנשים שונים ומשונים, באה סוף סוף הגאולה עם שחרור פרגה בספטמבר 1944.

יאַגאָדאָוויטש-אסטשעגא ביילע
(פּאַריז)

# זיבן זענען מיר געווען...

דער נאָמען פון מיין פאָטער איז געווען אפרים, מיין מוטער האָט געהייסן ריישל וואסערמאַן. זי איז געווען אַ טאָכטער פון משה טאָקאַרזש.

מיין ברודער יאַנקל איז אומגעקומען ביים לעצטן אויפשטאַנד אין וואַרשע. מיין ברידער טוביה איז געפאַלן אין פוילישן מיליטער. מיין שוועסטער רחלע און שרהלע און מיין יינגסטער ברידער וועלוול זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע. צוויי שוועסטערס זענען דערשאָסן געוואָרן פאַר די אויגן פון מיין מוטער. דאָס איז דער סך־הכל פון דער גאַנצער משפחה, וואָס איך קען זיי נישט פאַרגעסן.

מיין פאָטער איז געווען אַ טאָקאַרזש און האָט אַלע יאָרן שווער געאַרבעט. די מוטער האָט געהאַנדלט דערצו אין מאַרק און אַרומגעפאָרן אויף יאַרידן, — אַלץ כדי צו קענען אויסהאָדעווען אירע זיבן קינדער.

מיט מיינע עלטערן אין מינסק בין איך געווען ביזן פּאָגראָם און זיך באַמיט מיינע עלטערן צו העלפן. נאָכן פּאָגראָם בין איך אַוועק קיין פּאַריז און אויך געהאַט אויסצושטיין ביטערע יאָרן.

נאָך דער מלחמה בין איך מיט מיין מאַן צאַלע יאגאָדאָוויטש און יינגסטן זון אפרים געפאָרן זוכן די קברים פון משפחה קיין מינסק. איך האָב געפונען דאָס קבר פון וועלוול אָסטשעגאַ (וועלוול ניעדזאַלקער האָט מען אים גערופן) און פון מיין באָבע לאה און נאָך קברים פון היימישע, — אָבער די מצבות אויף די אַלע קברים זענען געווען געשענדעט און פאַרוויסט.

**איידל פרוימאַן (פּאָפּאָווסקי)**

# צוויי שוועסטער זענען מיר געבליבן...

פון אונדזער גרויסער משפחה זענען מיר געבליבן צוויי: איך און מיין יינגערע שוועסטער שיינדל. ווייטער איז פון אונדזער משפחה גאָרנישט נישט געבליבן.

מיין פאָטער יחיאל־אריה פּאָפּאָווסקי און מיין מאַמעביילע־מינדל (פון די ראַדזינסקיס) זענען אומגעקומען אין קאַלושין אָדער זענען פון דאָרט אַרויס־געפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע נאָך דעם ווי זיי זענען געהאַט אַנטלאָפן פון מינסק. קאַלושין איז אויסגעזידלט געוואָרן דעם 25טן סעפּטעמבער 1942 (ערב סוכות).

מיין עלטערער ברודער ישראליק פּאָפּאָווסקי, אַן אויסגעדינטער זעלנער, איז אומגעקומען אין די וועלדער, ביי די פּאַרטיזאַנער. מיין יינגערער ברודער יאַנקל איז געווען צווישן די וואָס זענען אומגעקומען אין רודזקיס פאַבריק דעם 5טן יוני 1943.

צווישן די יידן וואָס מען האָט אַרויסגעפירט בעת דער אַקציע אין מינסק קיין טרעבלינקע אין די טויט־וואַגאָנען, זענען אויך געווען: מיין אַלטע באָבע געלע פּאָפּאָווסקי צוזאַמען מיט אַלע מיינע פעטערס און מומעס. אויך מיין זיידע זלמן ראַדזינסקי מיט זיין פאַמיליע, מיט אַלע זיינע ברידער און פעטערס, זענען אומגעקומען יענעם טאָג.

ווי קען מען דאָס אַלץ פאַרגעסן?



מיין פאָטער יחיאל־אריה



מייו זיידע זלמן ראַדזינסקי

**ישראל אהרן פרוימאַן**
(ברוקלין)

# „אנטלויפט, אפשר וועט זיך איינער ראטעווען"...

יענעם שוואַרצן פרייטיק אינדערפרי, ווען מען האָט זיך דערוווּסט, אַז די „אַקציע" הייבט זיך אָן, האָט דער טאַטע, דער פּאַריסאָווער חסיד ר' שמואל פּייוול, דער זון פון ר' מרדכי פרוימאַן, אין גרויס בהלה צונויפגערופן אַלע אין שטוב און געזאָגט: „קינדער, אַנטלויפט, ראַטעוועט זיך! זאָל יעדער לויפן אין אַן אַנדער זייט, אפשר וועט איינער פון אייך זיך ראַטעווען".

מיר האָבן געפאָלגט דעם טאַטן, וואָס ער האָט אונדז אָנגעזאָגט. מיר זענען טאַקע נאָך דער אַקציע געווען איינע פון די געציילטע „גליקלעכע" פאַמיליעס, וואָס זענען כמעט געבליבן גאַנץ, הגם צעשפּרייט און צעשפּליטערט אין פאַרשידענע ערטער.

דער משחית האָט אונדז אָבער נישט אָפּגעלאָזט און די קרבנות איינגעמאָנט ביי אונדז אין ראַטעס... נישט געקוקט אויף די ביטערע געראַנגלען פאַר אונדזער לעבן זענען מיר דאָך באַזיגט געוואָרן דורכן טויט און אויסראָט. געבליבן איז טאַקע פון אונדז אַלע בלויז איך אַליין, איינער — ווי דער טאַטע האָט געהאָפט..

מיין פאָטער אַליין צוזאַמען מיט מיין מאַמען, אַ טאָכטער פון די לעווינס, רייזעלע, צוזאַמען מיט אונדזער קלענסט 6־יעריק שוועסטערל, דבורהלע, זענען אומגעקומען אין קאַלושין. ערב סוכות תש"ג (דעם 25טן סעפּטעמבער 1942). מיין עלטסטער ברודער יצחק־משה מיט זיין פרוי לאהטשע און זייער צוויי־יאָריק יינגעלע דודל, זענען אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד ערב פסח תש"ג.

אין מינסק, אין טאָג פון דער אַקציע, איז אומגעקומען מיין שוועסטער חיהלע. זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן הינטער דער שטאָט צוזאַמען מיט אונדזער מומען ברײַנדל גרינבערג, אַנטלויפנדיק האָבן אין זיי געטראָפן עטלעכע קוילן, וואָס דייטשע זעלנער האָבן זיי נאָכגעשאָסן. אַזוי האַלב־דערשאָסענע זענען זיי געלעגן אויף אַ פעלד, אונטער דער ברענענדיקער זון, און געבעטן זיך ביי דורכגייענדיקע פויערים אַ טרינק וואַסער, אָדער מען זאָל זיי דערהרגענען אינגאַנצן, ווייל זיי האָבן מער נישט קיין כוח אויסצוהאַלטן די יסורים. קיינער האָט זייער געשריי נישט געהערט און זיי זענען אויסגעגאַנגען אין שרעקלעכע יסורים. דאָס האָב איך אַליין געהערט דערציילן באַקאַנטע פויערים, וועלכע האָבן גוט געקענט מיין מומען וועמענס מאַן יאַנקל גרינבערג געהאַט האָט געהאַט אין מאַרק אַ געשעפט פון אַגראַר־מאַשינען און קינסטלעכע כעמישע באַמיסטיקונג, וועלכע עס פלעגן קויפן די פויערים פון דער גאַנצער געגנט.

מיט מיר אין רודזקיס פאַבריק זענען געווען ביז דער לעצטער מינוט, צוויי שוועסטער און אַ ברודער. די עלטערע שוועסטער שרה איז אַרויסגעפירט געוואָרן בעת דער ליקווידאַציע פון דעם לאַגער, דעם 5טן יוני 1943. צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע יידן איז זי דערשאָסן געוואָרן אויף אונדזער בית־עלמין. מיין יינגערע

שוועסטער עטל, צוזאַמען מיט מיין מרדכילען, האָבן זיך נאָך אויסבאַהאַלטן אין די קעסלען פון דער פאַבריק. מרדכילע איז געווען זעלטן קלוג און געהאַט געוואַלדיקע המצאות ביים אויסבאַהאַלטן זיך. „דאָס פלעמל" האָט מען אים גערופן מחמת דעם צייכן אויף דער באַק פון דעם וואָס ער האָט זיך אַמאָל אָפּגעבריט; ער האָט אָבער אויך געהאַט אַ פלאַם־פייערדיק קעפל. אים מיט מיין שוועסטער עטל האָט שפּעטער אַנטדעקט אין זייער באַהעלטעניש דער סטרוזש פון דער פאַבריק. ער האָט גלייך אַרויסגערופן די דייטשן, וואָס האָבן זיי דער־שאָסן אויפן הויף פון דער פאַבריק. די פּוילישע אַרבעטער האָבן נאָכן טויט שוין פון זיי אַראָפּגעשלעפּט אפילו די אונטערוועש...

איך האָב געאַרבעט אינעם מיליטערישן לאַגער אין מראָזעס ביים לאָדן קוילן פאַר דער דייטשער אַרמיי, ביים שניידן ביימער פון מראָזער וואַלד און טראַנספּאָרטירן דורך דער באַן. מיר זענען געווען אַן ערך 120 מענער און בלויז עטלעכע פרויען. דער רוב איז געהאַט געקומען פונעם „קאָפּערניק", ווייל דאָרט האָט זיך אָנגעזאַמלט אַן עודף אַרבעטער. קיין מראָזעס זענען אַוועק די אַלע וואָס זענען נישט געווען לעגאַל אין „קאָפּערניק". דער רוב זענען דאָס געווען געזונטע מענער — הויכע און פעיקע צו אַלערליי פיזישע אַרבעטן. אַלע האָבן געגלייבט, אַז די „ווערמאַכט" וועט אַזעלכע אַרבעטער בשום אופן נישט לאָזן אַוועקשיקן צום טויט.

מיר זענען געווען באַוואַכט דורך זעלנער. יעדן אינדערפרי האָט מען אונדז אַרויסגעפירט צו דער אַרבעט און ביינאַכט האָט מען אונדז צוריקגעפירט אין אונדזערע באַראַקן אַריין.

אַזוי האָט אָנגעהאַלטן בלויז געציילטע חדשים. די ריי פון אויסראָטונג האָט אויך אונדז, „די גוטע אַרבעטער", נישט אויסגעמיטן.

אין איינעם אַ זונטיק אינדערפרי, א׳ טבת, האָט מען אונדז אָנשטאָט צו דער אַרבעט געפירט אויף אַ ספּעציעלן פּלאַץ אַרומגערינגלט דורך מיליטער. דער לאַגערפירער, אַ סטודענט פון בערלין, האָט אונדז אָנגעהויבן באַרויקן, אַז ער גיט אונדז זיין ערן־וואָרט אַז ער וועט אונדז נישט לאָזן אַוועקנעמען. די אַרמיי דאַרף אונדז. באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גוטע רייד זענען געווען כדי אונדז צו פאַרנאַרן. מיר זאָלן זיך נישט צעלויפן. עס זענען אָנגע־קומען ס.ס.־מענער „זאָנדערדינסט", צוזאַמען מיט פּוילישע פּאָליציאַנטן און אוקראַינער און האָבן אונדז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. „מאַרשירן!" — איז געפאַלן אַ באַפעל און מען האָט אונדז אָפּגעפירט צו דער באַן־ראַמפּע ווו עס האָבן שוין געוואַרט אָפענע לאַסט־וואַגאָנען...

אַ שיינע פּאָר שעה איז אונדז אויסגעקומען אַזוי צו שטיין אויף דער באַן־ראַמפּע און נישט רירן זיך פון אָרט, ביז וואַנען די דייטשן האָבן צוזאַ־מענגעקליבן קליינע רעשטלעך יידן פון דער גאַנצער געגנט אַרום און זיי געבראַכט צו אונדז. מיר זענען געשטאַנען און אפילו פיזיאָלאָגישע געברויכן געמאַכט אויפן אָרט: מענער אין אָנוועזנהייט פון פרויען און פרויען ביי דער אָנוועזנהייט פון מענער. בלויז פון צייט צו צייט זענען צו אונדז צוגעקומען פּוילישע פּאָליציאַנטן מיט נאַהייקעס אין די הענט און זיך געררייצט מיט אונדז:

„טויזנט יאָר וואַרטן מיר אויף דעם, מיר זאָלן פון אייך פּטור ווערן”. ביי וועמען זיי האָבן באַמערקט אַ גוטע פּאָר שטיוול אָדער מאַנטל האָבן זיי אויפן אָרט אַראָפּגעצויגן און דערצו אַ שמיר־געטאַן מיט די נאַהייקעס איבערן קאָפּ. זיי האָבן אונדז גוט געהיטן. יעדער וואָס האָט געמאַכט אַ פּרווו אַרויסצוגיין פון דער ריי אָדער אַנטלויפן איז אויפן אָרט באַשטראָפט געוואָרן.

נאָך עטלעכע שעה, פון וועלכע יעדע מינוט האָט אונדז אויסגעזען ווי אַ יאָר, פול מיט פּיין און לייד, האָט מען אונדז דורכגעפירט דורך אַ שפּאַלער פון ס.ס., פּוילישע פּאָליציאַנטן און אוקראַינער, וואָס האָבן אונדז מיט קאָלבעס געזעצט איבער די קעפּ און מען האָט אונדז אַריינגעשטופּט אין די וואַגאָנעס וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזט, נישט איבערלאָזנדיק אפילו קיין איין פרייען פּלאַץ.

אין מיין וואַגאָן איז די ענגשאַפט געווען נישט אויסצוהאַלטן. מענטשן האָבן זיך געשטיקט. איינער האָט געטראָטן אויפן אַנדערן אַזוי, אַז עס זענען באַלד געווען עטלעכע טויטע. די וואַגאָנען זענען אויך געווען שרעקלעך פאַראומרייניקט מיט ווערם, פליי און לייז, וואָס האָבן זיך צו אונדז „צוגעכאַפּט”. דעם אמת געזאָגט, האָבן באַלד די יללות און געשרייען זיך איינגעשטילט. דער רוב איז געבליבן אַפּאַטיש, הילפלאָז, האָט שלום־געמאַכט מיטן גורל. בלויז אַן ערך פינף פּראָצענט פון די מענטשן, דער עיקר יונגע, האָבן זיך געריסן צו די פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך כדי זיי אויפרייסן און פּרווון זיך אַרויסבאַקומען.

אינמיטן שגעונדיקן לויף פונעם צוג האָבן מיר דאָס פענצטערל אויפגעבראָכן און מען האָט אָנגעהויבן שפּרונגען אַרויס. אַ סך זענען דערביי דערשאָסן געוואָרן דורך די וואַכלייט, וואָס האָבן געהיטן אויף די דעכער פון די וואַגאָנען. אַנדערע זענען געבליבן אונטער די באַן־רעלסן מיט אָפּגעהאַקטע הענט אָדער פיס. ווען איך האָב זיך דערשטופּט צום פענצטערל, איז פאַר מיר געשטאַנען אַ ייִנגער בחור מיט זיין מיידל, חתן־כלה ווי זיי האָבן מיר געזאָגט. ער האָט אין איר אַריינגערעדט זי זאָל שפּרינגען, אָבער זי האָט מורא געהאַט. לסוף האָט ער זי מיט כוח אַרויסגעשטופּט אינדרויסן, און ער — נאָך איר. באַלד נאָך זיי בין איך אַרויס. דאָס מיידל האָב איך אין דרויסן באַלד באַגעגנט, דעם בחור האָבן מיר געפונען אַ צעשמעטערטן אונטער דער באַן. מיר זענען אַוועק אין וואַלד. דאָס מיידל האָט נישט אויפגעהערט וויינען און קלאָגן. מיר האָבן זיך צעשיידט אין וואַלד. מיר איז געווען שרעקלעך קאַלט, ווייל ביים שפּרינגען האָב איך געמוזט אַראָפּוואַרפן מיין שווערע וואַרעמע מאַרינאַרקע. אַנדערש וואָלט איך נישט געקענט אַרויס.

פון זעלבן וואַגאָן איז מיט מיר אויך געשפּרונגען מענדל גרינבערג פון וואַרשע, טלאָמאַצקע גאַס. דאָס איז געווען דער איידעם פון ר׳ דוד גורפינקל פון דער קאַליע־גאַס. אין לאַגער איז ער געווען דער גרופּנפירער. מיט אים זענען געווען זיינע צוויי שיינע געראָטענע קינדער: אַ בחור מיעטעק און אַ מיידל טאָשקע. אויך זיי זענען געשפּרונגען און זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע, אָבער מער האָב איך פון זיי נישט געהערט.

דער דערמאָנטער בערלינער סטודענט איז זייער צופרידן געווען פון דאָ־זיקן גרופּנפירער און זיינע קינדער. טאַשקע פלעגט רוימען ביי די אָפיצירן די צימערן. ערב דער ליקווידאַציע פון לאַגער האָט ער צו זיך צוגערופן מענדלען מיט זיינע קינדער, וועלכע האָבן גוט גערעדט דייטש, און זיי געזאָגט: „אויב איר ווילט קען איך אייך טאָן אַ טובה פאַר אייער גוטן דינסט די גאַנצע צייט, און „אוילן דעם שוואַרצן פויגל" — ער האָט דערביי אָנגעוויזן אויף זיין רעוואָלווער, אַז ער איז גרייט צו טאָן זיי אַ טובה און דערשיסן אויפן אָרט, זיי זאָלן זיך נישט דאַרפן מאַטערן אין שווערן וועג. „איך בין אַ סטודענט פון בערלין" — האָט ער פאַרענדיקט ערנסט. גרינבערג האָט אים געדאַנקט און איז אַוועק מיט אַלע אין וואַגאָן אַריין.

אַזוי אין לייכטע מלבושים בין איך קוים דערלאָפן די קרוב דרייסיק קי־לאָמעטער ביז רודזקיס פאַבריק. דאָ בין איך געווען ביז נאָענט פאַר דער ליקווידאַציע פון דאָזיקן אַרבעטס־פּלאַץ אָנגעקומען אין דער באַהעלטעניש פון מיין חבר, לייב ראַכמאַן.



צוערשט, נאָך זייענדיק ביי רודזקין אין פאַבריק, נאָכן שפּרונגען פון וואַגאָן, האָב איך געאַרבעט מיט אַ געוויסן משה פרידמאַן, אַ מעל־סוחר. ער איז געווען דער איידעם פון מנשה „קנוט" — פון יואלקע לעווינס מענטשן, דאָס הייסט מנשה קנוט איז געווען פון דער חברה קדישא. צו משה פרידמאַן פלעגט קומען זיינס אַ יינגערער ברודער, לייבל, וועלכער האָט געהאַט פאַרשידענע רעטונגס־פּלענער. צוערשט האָט ער אַרויסגענומען זיין ברודער, משה פרידמאַן. נאָך אַ קורצער צייט איז ער צוריקגעקומען און דערציילט זיינע איבערלעבונגען ביי די גויים. דאָס האָט אָפּגעהאַלטן אַ סך מענטשן, וואָס האָבן געטראַכט צו אַנטלויפן. איך האָב זיך גוט באַקאַנט מיט דעם לייבלען. ער האָט געוואָלט אַרויסנעמען פון רוצקיס פאַבריק מיין גאַנצע פאַמיליע. אין אַ געוויסן זונטיק האָט ער מיר געזאָגט אַז היינט גייט מען. מיר האָבן זיך פאַרנומען אין וועג אַריין. אין פּוילישע היטלען גייען מיר צוערשט קיין מראָזעס. מיר זענען אַריין אין דעם אַרבעטס־לאַגער. דאָרט האָבן יידן אונדז געוואָרנט, אַז אויפן וועג צום וואַלד, זאָלן מיר אויסמיידן די דייטשע זשאַנדאַרמעריע. קיין אַנדער אויסוועג איז אָבער נישט געווען. מען קאָן זיך פאָרשטעלן, מיט וואָס פאַראַ געמיט מיר זענען געגאַנגען. מיר האָבן כסדר געדענקט, אַז זיי האָבן נאָך אין געטאָ צעשלאָגן אויף טויט דעם מראָזער שוחט, וועלכן מען האָט געטראָפן שעכטן. געלאָזט האָבן מיר זיך צו אַ קריסט, וואָס איז געווען „גאַיאָוווער" (שומר) אין וואַלד. ער האָט געוווינט מיט זיין פאַמיליע אין אַ זייטיק וואַלד־שטיבל. דערנעבן האָט געוווינט זיין אויפזעער, אַ דייטש. האָט דער גורל געוואָלט, אַז אָנשטאָט אַריינצוטרעפן צום „גאַיאָוווער", זאָלן מיר אַריינטרעפן צום לייב אין פּיסק אַריין, דאָס הייסט, גלייך צום דייטש. ער האָט געכאַפּט זיין ביקס און צוזאַמען מיט זיינע צוויי הינט אונדז געפירט צו דעם שייער (סטאָדאָלע). ער האָט אונדז געוואָלט דערשיסן אויפן אָרט. אין דעם

מאָמענט איז אַרויס דער „גאַיאָווער“ און האָט אים עפּעס איינגערוימט אין אויער. דער דייטש האָט אונדז דעמאָלט אַריינגעוואָרפֿן אין סטאָדאָלע. ביז שפּעט ביינאַכט זענען מיר געווען אַליין. דאַן זענען אַריינגעקומען דער „גאַיאָווער“ מיטן דייטש. זיי זענען געווען טויט־שיכור. דער דייטש האָט צו אונדז אויסגעשטרעקט זיין ביקס. אָבער דאַן האָט דער „גאַיאָווער“ אים אָנגעכאַפּט פֿאַר דער האַנט. אונדז האָט ער מיט די אויגן געוויזן וווּהין גלייך צו אַנטלויפֿן. מיר זענען אַוועק טיפֿער אין וואַלד. מיר זענען שיעור געפֿרוירן געוואָרן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט לייבל דערזען עטלעכע געשטאַלטן, וואָס שאַרן זיך אַרויס פֿון צווישן די ביימער. לייבל האָט זיי געגעבן סימנים און זיי זענען צוגעקומען. פֿון דער גרופּע יידן איז געווען דער פֿירער פֿון יידישע פּאַרטיזאַנער אין געגנט, סטאַניסלאַוו. לייבל האָט עפּעס גערעדט מיט אים. איך האָב מער נישט געקאָנט גיין. אין דעם טיפֿן שניי און פֿראָסט האָבן זיי מיך געמוטשעט טראָגן אויף די הענט ביז אַ בונקער. דאָ האָבן מיר געטראָפֿן יידן. מיר זענען מיט זיי געבליבן עטלעכע וואָכן. צוזאַמען 23 מאַן. יעדע נאַכט פֿלעגן מיר זיך אַרויסלאָזן דורכצופֿירן פֿאַרשידענע אויפֿגאַבן. צווישן אַנדערן אַרויסדרייען די שרויפֿן פֿון די באַן־ליניעס. אין איינעם אַ טיפֿן ווינטער־טאָג איז געקומען צו לויפֿן דער „גאַיאָווער“ און דערציילט, אַז ער האָט איצט אונטערגעהערט אַ טעלעפֿאָן־געשפּרעך פֿון מינסק, אַז מאָרגן דאַרף זיין אַן אָבלאַווע אין פּראָסטיקן וואַלד. ער האָט געראָטן, אַז מיר זאָלן אַוועק אויף אַ טאָג. מיר האָבן זיך צעטיילט אויף גרופּן און זיך אָפּגעשמועסט ווידער צו טרעפֿן די צווייטע נאַכט. זיבן טיפֿוס־קראַנקע זענען אָבער געבליבן אין בונקער. מיר האָבן נישט געקאָנט זיי מיטנעמען. זיי האָבן נישט געקאָנט גייען. מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טון. מיר האָבן אָבער געמוזט אַוועק. איך בין געגאַנגען מיט לייבלען. אין דער זעלבער נאַכט האָבן פּאָלאַקן אונדז געכאַפּט. לייבל איז געווען פֿון דאָזיקן געגנט און אַלע געקענט. ער האָט געבעטן און מען האָט אונדז אָפּגעלאָזט. מיר האָבן געמוזט ווייטער אַנטלויפֿן. ווען מיר האָבן די צווייטע נאַכט זיך אומגעקערט צו דעם בונקער האָבן מיר געטראָפֿן אַלץ פֿאַר־ברענט — אויך די זיבן קראַנקע יידן פֿאַרסמאַליעט אינעווייניק. ווילדע חזירים זענען געשטאַנען אין דעם טיפֿן שניי איבער דעם בונקער. דער „גאַיאָווער“ האָט אונדז נאָך דעם דערציילט, אַז ווען די דייטשן האָבן אַנטדעקט דעם בונקער, האָבן די זיבן קראַנקע זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. זיי האָבן אַרויסגעשאָסן און פֿאַרוווּנדעט אַ דייטש. מען האָט צו זיי אַריינגעוואָרפֿן צינד־באָמבעס. זיי האָבן געשאָסן ביז דער לעצטער קויל.

אינטערעסאַנט, ווי שטאַרק עס איז געווען דער לעבנס־דראַנג: ווען איך און לייבל זענען אַריין אין דעם גרוב, האָט לייבל געטראָפֿן זיינס אַ יונגערן ברודער, וואָס צאַפּלט נאָך אין דער לעצטער גסיסה. לייבל האָט גענומען אַ שטיק ברויט און איז אַרויס; איך האָב צו אים געזאָגט: לייבל, איצט ליגט דיר אין זינען ברויט?! יאָ, האָט ער מיר געענטפֿערט — אין איין קעשענע דאָס לעבן, און אין דער צווייטער — נקמה!

אַזוי זענען מיר אַוועקגעטראָטן אַריין אין דער טיפֿער ווייסקייט, נישט ווייסנדיק וווּהין צו גייען. איך בין צוריק צו רודזקין אין פֿאַבריק, און פֿון דאָרט,

ווי געזאָגט, בין איך שפּעטער אָנגעקומען אין באַהעלטעניש פון מיין חבר לייב ראָכמאַן, וועלכער האָט מיר גענומען צו זיך.



ווען איך בין געבליבן לעבן און אָנגעקומען קיין מינסק האָב איך צו מיין גרויס פרייד געטראָפן מיין ברודער שמשון אַ לעבעדיקן. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער און דערפער נאָכן דורכמאַכן די בלוטיקע טעג פון „קאָפּערניק" און אין רודזקיס פאַבריק. פון די וואַנדערונגען אונטערן פרייען הימל איז ער אַרויס אַ קראַנקער און צעבראָכענער.

מיין פרייד וואָס נאָך עמעצער פון אונדזער גרויסער משפחה איז געבליבן ביים לעבן, האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. שמשון איז נאָך אַ לאַנגער קראַנקייט געשטאָרבן אין לאָדזש, דעם 22טן יאַנואַר 1946.

דער לעצטער מלחמה־קרבן פון אונדזער פאַמיליע.



דער שרייבער מאיר דזיאַלאָווסקי הי"ד — געהייראַט אין פּאַריז מיט זיסל לאַשיצקי־בורשטין, אומגעקומען אין אוישוויץ

משה זיסערמאַן
(בת־ים)

# ניין זענען מיר געווען...

ניין זענען מיר געווען — זיבן ברודער און צוויי שוועסטער. מיין מאַמע שרה איז געווען אַ טאָכטער פון איינעם פון די עלטסטע תושבים, פונעם מעל־סוחר און אַלעקסאַנדער חסיד הערשל לעווין. דער פאָטער מיינער, ברוך, איז געבוירן אין קאַלושין. אויך ער איז געווען אַן אַלעקסאַנדער חסיד און האָט פאַרגעזעצט דעם מסחר מיט מעל אויפן מאַרק, ווו מיר האָבן אַלע יאָרן געוווינט. מיין פאָטער איז געשטאָרבן זייער יינג. דאָס איז געווען אין 1920, און מיר קינדער האָבן ממשיך געווען צו פירן די שטוב מיט דער מאַמען צוזאַמען. אונדזער פּרנסה איז אויך געווען אַ כמעט פאַמיליען־פאַך: מעל. פון אָט דער גאַנצער פאַרצווייגטער משפחה אונדזערער זענען געבליבן נאָך דעם אומקום בלויז איך מיט מיין פרוי און מיין יינגסטער ברודער הערשל. מיר האָבן די מלחמה איבערגעלעבט אין אַ באַהעלטעניש אין פראַגע.



ר' נפתלי רובינשטיין מיט זיין משפחה — פרוי, צוויי טעכטער און איידעמס, זון יאַנקל און אייניקל בוטשעלע

**זיבן ברידער זענען מיר געווען...**

דער בכור איז געווען מאָטל, מאָטעלע זיסערמאַן, דער איידעם פון אפרים בעקער (אָבפייער) — פון די שענסטע פּני אין שטאָט און טיש־זיצער אינעם פּאַ־ריסאָווער רבינס הויף. מאָטל איז געווען ווי אַן אפּוטרופּוס פון אונדזער גאַנצער

משפחה און ער האָט שטאַרק מצליח געווען טאַקע אין מעל־האַנדל. זיין הויז אויף דער בולוואַרנע איז געווען אַן אַדרעס פאַר פיל סוחרים און סתם־יידן, וואָס האָבן געזוכט אַ גמילת חסד. ביי מאָטלען האָט מען תמיד באַקומען מזומנים און ער איז גרייט געווען העלפן פריינט און חברים. דאָס זעלבע זיין פרוי דבורה, וואָס האָט געפירט אַ שטוב, וואָס איז געווען אַ ביישפיל, אַ מוסטער. בײדע, מאָטל מיט זיין פרוי, מיט זייערע דריי קינדערלעך: רבקה, ברוך און יאַנקעלע — זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אין טאָג פון דער אַקציע.

דער צווייטער נאָך אים איז געווען יחיאל — אויך ער איז אומגעקומען מיט דער גאַנצער עדה.

אהרון איז געווען אן איידעם פון ישראל שוויאַטלאַ. מיט זיין פרוי ראַצע האָט ער געהאַט אַ וווינונג אין דיטנערסקיס הויף, אין מאַרק. ער איז אומגעקומען טאַקע אויפן מאַרק, אין טאָג פון דער אַקציע. דאָס איז געווען בעת דער פליט פון קאַליש, זיידל, האָט אַרויסגעריסן די ביקס ביי אַ צעיושעטן אוקראַינער און אים געגעבן דערמיט איבערן קאָפּ. די ס. ס.־לייט האָבן אָנגעהויבן שיסן און אַ קויל האָט געטראָפן מיין ברודער אהרון. זועלוול זלאַטאַלאָוו מיט משה מיאָדאָוניק האָבן אים אַריינגעטראָגן אין שכנותדיקן טויער פון געלעס בעקעריי און געפרווט אים געבן מעדיציניש הילף. די דייטשן האָבן נישט געלאָזט און אַזוי איז ער אויסגעגאַנגען אין שווערע יסורים.

מיין ברודער לייזער איז צוויי מאָל געשפרונגען פון די טויט־וואַגאָנען. געווען אויך אין רודזקיס פאַבריק. ביים צווייטן מאָל שפרינגען, איז ער אַ פאַר־ווונדעטער אַוועק אין וואַלד און לסוף געפאַלן.

אויך אברהם איז געשפרונגען פון צוג בעת דער אויסזידלונג פון קאַלושין. ער איז דערביי אומגעקומען. דאָס איז געווען דעם זיבעטן טאָג חנוכה תש״ב.

מיין שוועסטער דינה לאה איז אומגעקומען צוזאַמען מיט איר מאַן מענדל שלעכטער פון לאַטאָוויץ, מיט איר איינציק קינד דבורהלע.

אומגעקומען איז אויך מיין שוועסטער חנה פעלדמאַן מיט איר מאַן שמואל פעלדמאַן און זייערע קינדער ברוך, יצחק, רחלע און יאָסקע.

נאָך דעם אומקום פון דער שטאָט האָב איך געאַרבעט אין רודזקיס פאַבריק. פון דאָרט האָבן מיר אָבסערווירט און געזען וואָס עס קומט פאָר אין „קאָ־פערניק", ווו די צאָל יידן איז געווען אַ סך גרעסער ווי ביי רודזקין, ווייל דאָרט האָבן זיך כסדר קאָנצענטרירט יידן וואָס זענען געהאַט אַנטלאָפן אין די דערפער אַרום. די דייטשן פלעגן טאַקע דאָרט כסדר דורכפירן סעלעקציעס און די „אומ־לעגאַלע" „באַזייטיקן". דעם 24סטן דעצעמבער, ערב ווייַנאַכט, האָבן זיי פון דאָרט אַרויסגענומען איבער 200 יידן און זיי דערשאָסן אויפן בית־עלמין. ווען זיי זענען געקומען נאָכאַמאָל אויף אַן אַקציע, דעם 10טן יאַנואַר, האָבן יידן געזאָגט, אַז זיי וועלן צו דער שחיטה נישט גיין. זיי האָבן געשטעלט אַ ווידער־שטאַנד. די אָרגאַניזאַטאָרן דערפון זענען געווען אהרן דרעזנער, העניעך גאַרטענ־קראַנץ און אויך מנשה גרינבערג מיט זיין זון יאַנקל. זיי האָבן באַצייטנס צוגע־גרייט אייזנס, דרענגער, פלעשער מיט בענזין, און ברען־פליסיקייטן. ווען די דייטשן, אין שפּיץ מיטן קאָמענדאַנט גוטבעליי און ניקעלאוס, זענען געקומען

אויפן הויף און געפּאַדערט אַלע זאָלן אַרויס, האָבן די יידן זיך פאַרבאַריקאַדירט און גענומען די דייטשן באַוואַרפן מיט שטיינער און אייזנס. די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן און אָנגעהויבן באַשיסן די שולע ווי אַ פעסטונג. די שיסערייַ און די יללות פון די ברענענדיקע קרבנות האָבן זיך גוט געהערט ביי אונדז, אין רודזקיס פאַבריק, און מיר האָבן דערנאָך אויך געהערט פון אַן עד ראיה דער־ציילן ווי אַזוי משהלע חווהס איז מיט דער ספר־תורה וואָס ער האָט אויסבאַ־האַלטן אין קאָפּערניק געשפּרונגען אין די פלאַמען צוזאַמען מיט נאָך יידן, מיט „שמע ישראל” אויף די ליפּן.

שפּעטער האָבן מיר זיך אויך דערוווּסט גענויערע פּרטים: די דייטשן האָבן יענעם טאָג באַוויזן אַרויסצופירן די ערשטע גרופּע. געמיינט האָט מען אַז מען נעמט צו אַן אַרבעט ווי יעדן טאָג, אָבער ווי נאָר די יידן האָבן געזען אַז דער וועג פירט צום בית־עלמין האָבן זיי אָנגעהויבן זיך צעלויפן. העניעך גאַרטענקראַנץ האָט מיט אַ מעסער זיך געוואָרפן אויף אַ פּוילישן פּאָליציאַנט, וואָס האָט באַגלייט די יידן צום טויט, און אים צעשטאָכן. ער איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

אָפּקלאַנגען פון אָט דער שיסערייַ זענען דערגאַנגען צום „קאָפּערניק” גופא און דאָס איז געווען דער צייכן פון ווידערשטאַנד.

אין רודזקיס פאַבריק האָב איך דאָס אַלץ געהערט און געזען צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע יידן, און מיר האָבן געזען וואָס אונדז דערוואַרט. איך האָב אָנגע־הויבן פּלאַנירן דאָס אַנטלויפן.

מיט אונדז אין לאַגער איז געווען לוי גוס, אַ געבוירענער אין וואַרשע, „פּאַנגע” מאַניעס אַן איידעם. איך האָב אים געמאַכט אַ פאָרשלאַג: אַזוי ווי זיין פרוי האָט דעם אויסזען פון אַ גויע, זאָל מען דינגען אַלע בשותּפות אַ דירה אין וואַרשע. איך האָב געגעבן אַ סומע געלט, די פרוי גוס איז געפאָרן, געדונגען אַ דירה אין פּראַגע אויף טאַרגאָווע 64, דריטער שטאָק. דאָרט איז געמאַכט גע־וואָרן אַ טאָפּלטע וואַנט, אין וועלכער מיר האָבן געלעבט, בעת פרוי גוס איז אָנגעגאַנגען ווי אַן אַריערין מיט אַ געפעלשטן פּאַס.

איך האָב זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן צוזאַמען מיט מיין פרוי און ברודער הערשל מיט נאָך פינף יידן — ביז פּראַגע איז באַפרייט געוואָרן אין האַלב סעפּ־טעמבער 1944.

טאָבע זיסערמאַן
(רובינשטיין)

# א קליינער עפּיזאָד

אין דער מלחמה האָב איך פיל איבערגעלעבט און דורכגעמאכט. דאָס אנטלויפן פון דער אקציע, דאָס פארלירן מיין טייער קינד, די צעשיידונג און דערנאָך די ווידערבאגעגעניש מיט מיין מאן; מיין אויפהאלט אין „קאָ־פערניק" פון וואנען איך בין ארויסגעפירט געוואָרן קיין קאלושין דעם 2טן נאָוועמבער, און מיין אַנטלויפן פון דאָרט צו רודזקיס פאַבריק אין סאַמע לעצטן מאָמענט איידער מען האָט די אַנגעזאמלטע יידן אין קאלושין ארויסגעפירט דורך מראָזעס קיין טרעבלינקע. דערנאָך אונדזער אויסבאַהאַלטן זיך אין פּראַגע צוזאמען מיט מיין מאן און זיין ברודער. דאָס זענען אלץ געווען געשעענישן וואָס זענען נישט צום פארגעסן; און ווער האָט כוח צו דערציילן וואָס אונדז איז אויסגעקומען אלץ אויסצושטיין ביי די דייטשן אין דער ביטערער מלחמה.

איין עפּיזאָד וואָס איך האָב אליין בייגעוווינט האַלט איך אָבער פאר מיין חוב צו דערציילן, ווייל איך בין די איינציקע עדות דערפון, הגם אַ סך וייסן וועגן דעם און דערציילן דאָס איינער דעם אַנדערן.

דאָס איז געווען ערב סוכות תש"ב (1942), עטלעכע וואָכן נאָך דעם ווי די שטאָט יידן איז געוואָרן „אויסגעזידלט". איך בין דעמאָלט געווען אין לאגער פון „קאָפּערניק". אין יענעם טאָג בין איך געגאנגען צו דער ארבעט ביי דער באן,ביים לאָדן און פאקן „האָלצוואָלע" — אזא מין פאק־מאטעריאל פון האָלץ פאר צעברעכבארע זאכן. אין יענעם טאָג האָבן די דייטשן אויסגעזידלט די יידן פון סטאניסלאוואָוו, א שכנותדיק שטעטל ביי מינסק, און זיי צופוס געטריבן צום וואָקזאַל אין מינסק, ווו עס האָבן שוין אויף זיי געוואַרט די וואגאָנען אוועקצופירן קיין טרעבלינקע.

ווייזט אויס, אז ווייל די וואגאָנען זענען געווען נישט גענוג פול, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן זוכן נאָך אַביסל יידן פון די אַרבעטס־פּלאַצוווקעס, כדי אויסצופילן דעם קאָנטינגענט. זיי האָבן געזוכט, אָבער די ארבעטער האָבן זיך באַצייטנס דערפון דערוווּסט און זיי האָבן זיך אויסבאהאלטן.

און אָט האָבן זיך עטלעכע ס.ס.־מענער באוויזן אין אונדזער ארבעטס־פּלאַץ און האָבן ארויסגענומען עטלעכע פרויען פון דער ארבעט, כדי זיי אריינצושטופּן אין די פולע וואגאָנען וואָס זענען שוין געשטאַנען גרייט צום אָפּפאָר. צווישן די וואָס זיי האָבן אויסגעקליבן איז אויך געווען די יונגע טאָכ־טער פון עקיבא פורוואַסער.

מיט אונדזער גרופּע האָט אויך געארבעט נטע גרויזדיק, א שוסטער פון פאך וואָס האָט געוווינט אויף דער קאלושינער גאס, א פשוטער יידישער פאָלקס־מענטש. מען האָט אים גערופן „נטע פאַיעוואַי", איך ווייס נישט פאַר־וואָס. ער האָט זיך שטאַרק איבערגענומען דערמיט וואָס אויך אזא יונג מיידל גייט אוועק אין וואגאָן. איז ער צו צום דייטש און אָנגעהויבן זיך בעטן ביי אים:

— מיין הער, נעם מיך, איך בין שוין אַן אַלטער מאַן. זי איז נאָך יונג, זי האָט נאָך פון לעבן גאָרנישט נישט געזאָסן.

ווייזט אויס, אז ער האָט אָנגעטראָפן דאָסמאָל אויף א „גוטן" דייטש, און יענער איז אַנטקעגנגעקומען זיין ביטע. דער אויסטויש איז געמאַכט געוואָרן.

נטע גרויזדיק איז אוועק אין וואגאָן קיין טרעבלינקע און אויסגעלייזט מיט זיין קרבן א יונג לעבן.

ליידער נישט אויף לאנג. עקיבא פורוואסערס טאָכטער איז אויך געווען צווישן די וואָס זענען לעבעדיק פארברענט געוואָרן אינעם „קאָפּערניק"...



משה מענדל טרוינע



הנה טרוינע

משה באָרנשטיין
(ירושלים)

# מיינע קאַמפן אין שפּאַניע און די מלחמה־יאָרן אין רוסלאַנד

מיין מיליטערישע אויסאיבונג האָב איך באַקומען אין פּוילישן מיליטער, אין וועלכן איך האָב געדינט ווי אַ זעלנער פון ערשטן פערד־שיסער (קאַוואַלעריע)־פּאָלק. דאָס איז געווען אין גאַרוואָלין .איך האָב געדינט פון 1934 ביז 1936. מיט מיר צוזאַמען האָבן זיך געפונען אין מיליטער נאָך עטלעכע יידישע בחורים פון מינסק און פון מינסקער געגנט. עטלעכע פון זיי געדענק איך ביזן היינטיקן טאָג: בוטשע קויפמאַן פון דער מאָסטאָווע גאַס; לייזער אַבראַמאָווסקי פון דער קאָליע־גאַס; ראובן מייזלער פון מאַרק און אברהם פעלדמאַן, וועלכער לעבט איצט אין תל־אביב. איך געדענק נאָך אויך מאיר בערגער פון סטאַניסלאַוואָוו, שאַיע גאָנטאַרסקי פון קאַלושין און ברוך ניסנבוים פון פאַלעניץ.



**אין פּוילישן מיליטער**

פון רעכטס: ראובן מייזלער, לייזער אַבראַמאָווסקי, בוטשע קאופמאַן און משה באָרנשטיין

איך בין געווען אַ גוטער זעלנער און זיך גיך דערוואָרבן אויטאָריטעט. דאָס וואָס מיינע אָפיצירן האָבן גוט געוווּסט וועגן מיין פּאַרטייאישער פאַרגאַנגענהייט, האָט פון מיר פאַרלאַנגט אַ טאָפּלטע פאַרזיכטיקייט. איך האָב אָנגעהאַלטן אַ קאָנ־טאַקט מיט דער ק.פּ.פּ. די פאַרבינדונג האָב איך באַקומען דורך עליע מאָזעס. אין מיליטער האָבן מיר גוט געפילט די ספּעציעלע באַציונג צו יידן מצד די פּוילישע אָפיצירן וואָס האָבן געזאָרגט אַ סך מער פאַרן פערד ווי פאַרן יידישן זעלנער.

ווען עס איז אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם האָב איך זיך גראָד געפונען אויף אורלויב אין מינסק. דאָס איז געווען פאַר מיר אַ שרעקלעכע איבערלעבעניש. באַלד ווי איך האָב קורץ נאָכדעם פאַרענדיקט דעם דינסט, האָב איך באַשלאָסן אַוועק קעמפן מיט געווער אין האַנט קיין שפּאַניע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע.

איך בין אַרויסגעפאָרן קיין פּאַריז און נאָכן פאַרברענגען אַביסל מיט חברים און לאַנדסלייט האָב איך אין הערבסט 1937 זיך דורכגעשלאָגן אין געהיים די גרענעץ פון די פּירענעען־בערג און בין אָנגעקומען אין דער פעסטונג פיגועראַס. מיליטערישער קאָמענדאַנט איז דאָרט געווען אַ יידישער בחור פון וואַרשע, דער קאָמוניסטישער טוער סעוועק קירשנבוים, וועלכער פלעגט אָפט אויך קומען קיין מינסק. דאָ האָב איך גיך איבערגענומען די אָנפירערשאַפט איבער אַ גרופּע פריי־וויליקע און בין מיט זיי אַוועק קיין אַלבאַסעט. פון אַלבאַסעט בין איך אָנגעקומען קיין קאַסאַ־איבאַנעז. איך בין געוואָרן צוגעטיילט צו דער אָנפירונג פון דער דעמאָלט זיך אָרגאַניזירנדיקער יידישער איינהייט א. נ. פון נפתלי באָטווין.

אין דער באָטווין־קאָמפּאַניע האָב איך געטראָפן אַ סך היימישע און באַקאַנטע. דאָ איז אויך געווען אברהם מינץ, אַ פּועלי־ציוניסט פון מינסק, וועלכער איז גע־קומען קיין שפּאַניע פון פּאַריז, ווו ער האָט שוין געוווינט אַ לענגערע צייט. אין אַלגעמיין האָבן אין שפּאַניע געקעמפט אַ גאַנצע ריי מינסקער אין פאַרשידענע פאָרמאַציעס און אין פאַרשידענע צייט־אָפּשניטן. געטראָפן האָב איך זיך מיט עלי מאָזעס (פּאָליט־קאָמיסאַר פון דער אַרטילעריע־באַטעריע א. נ. פון גלאָ־וואַצקי), מיט גאָדל אַבראַמאָווסקי, מיט יאָסקאָוויטש (זלמן נתנס זון) און אויך מיט עטלעכע נישט־יידן פון מינסק.

געווען אין מינסק נאָך פיל יוגנטלעכע וואָס האָבן זיך געהאַט פרייוויליק מאָביליזירט צו קעמפן אין שפּאַניע. בלויז איין גרופּע איז אָפּגעפאָרן, צווישן זיי מרדכי מאָזעס, דער יינגערער ברודער פון עלי מאָזעס, און מיין יינגערער ברודער ראובן. מיט גרויסע שוועריקייטן איז זיי געלונגען אָנצוקומען קיין טשעכיע, אָבער מחמת דעם וואָס זיי האָבן נישט געהאַט קיין מיליטערישע אויסשולונג, זענען זיי צוריקגעשיקט געוואָרן. די פּאָליציי האָט זיי באַלד דערנאָך אַרעסטירט און מיין ברודער ראובן איז פאַר אָט דעם „חטא" געזעסן אין קאַרטוז־בערעזע.

נאָך מיליטערישע איבונגען און אויסשולונגען בין איך מיט מיין רעזערוו־קאָמפּאַניע „באָטווין" אַוועק אויפן פראָנט קיין עסטראַמאַדורע. איך האָב אָנגעפירט מיט אַ גרופּע יידישע קעמפער. דעם 16טן פעברואַר 1938 האָבן מיר זיך באַטייליקט אינעם אַטאַק אין די בערג פון סיעררא דע קאַמאַדאַ. די באָטווין־קאָמפּאַניע האָט געציילט 120 קעמפערס, יידן און אויך עטלעכע פּאָליאַקן און אפילו צוויי אַראַבישע קאָמוניסטן וואָס זענען געקומען פון ארץ־ישראל. פאַרמאָגט האָבן מיר אָבער בלויז 80 ביקסן. מיר זענען געווען די ערשטע יידן וואָס האָבן געקעמפט מיט וואָפן אין האַנט קעגן פאַשיזם אין אייראָפּע און האָבן אַרויסגעוויזן געוואַלדיקע העלדיש־קייטן. מער ווי אַ דריטל פון אונדז איז געפאַלן אין דער שלאַכט. פון יענע טעג האָט זיך באַזונדערס איינגעקריצט אין מיין זכרון דער עפּיזאָד, ווי איך האָב געראַטעוועט אונדזער לאַנדסמאַן אברהם מינץ. שפּעט אָוונט האָבן מיר באַקומען

אַ באַפעל צוריקצוציען זיך פון אונדזערע אָקאָפּעס. דעם צוריקצי פון מיינע זעלנער האָב איך געדעקט מיט פייער. פּלוצים דערהער איך אַ קרעכצן, אַ רוף נאָך הילף. אָן צו טראַכטן האָב איך זיך אַראָפּגעקייקלט פונעם בערגל, און אין דער פינצטער אָנגעטראָפן אויף אַ שווער פאַרוווּנדעטן קערפּער. מיטאַמאָל זע איך: דאָס איז מיין בן־עיר אברהם מינץ! איך האָב אים גלייך אָנגעהויבן אַרויפ־שלעפּן אויפן בערגל צו אונדז, ווייל די פאַשיסטן האָבן זיך שוין דערנענטערט. מיט נאָך אַ קעמפער פון דער באַטווין־קאָמפּאַניע האָבן מיר אים אַרויפגעלייגט אויף אַ מאַנטל און אים עוואַקואירט צום פעלד־שפּיטאָל. אַרויסגעוויזן האָט זיך אַז נאָך דעם ווי ער איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן אין אַ פוס און נישט געקענט זיך צוריקציען, האָט ער אַ פאַרצווייפלטער, אויס מורא אַריינצופאַלן אין די הענט פון שונא, זיך אַליין איבערגעשניטן די אָדערן. אברהם איז שפּעטער אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל קיין פּאַריז, און לעאָן בלום אַליין איז אים געקומען מבקר־חולה־זיין ווי אַ סאָציאַליסטישן קעמפער. ער האָט לסוף אויסגעהיילט זיך פון די שווערע ווונדן און לעבט ביזן היינטיקן טאָג אין פּאַריז.

נאָכן באַטייליקן זיך אין נאָך אַ ריי שלאַכטן בין איך דעם 2טן אַפּריל 1938 שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן אין אַ פוס און אין קאָפּ. דאָס איז געווען ביי לערידאַ. דערמיט פאַרענדיקט זיך מיין אָנטייל אין דער שפּאַנישער מלחמה, בעת וועלכער איך האָב דערגרייכט דעם ראַנג פון אַ פּאָרוטשניק (לויטענאַנט) אין דער שפּאַ־נישער רעפּובליקאַנישער אַרמיי.

איך האָב דורכגעמאַכט שווערע ביטערע טעג. די איינציקע טרייסט איז געווען פאַר מיר דעמאָלט דער בריוו פון מיין מאַמען מיט וועלכער איך האָב זיך געזעגנט דערמיט, אַז איך פאָר קיין פּאַריז און נישט קיין שפּאַניע. ערשט אין אַ בריוו פון שפּאַניע האָב איך איר פאַרטרויט מיין סוד. כדאַי דאָ צו ברענגען דעם דאָזיקן בריוו פון מינסק וואָס איז אויפגעהיט ביי מיר ביזן היינטיקן טאָג און איז אויך ווי אַ דאָקומענט אָפּגעדרוקט אינעם בוך פון א. ווזעק „זכרונות פון אַ באַטווי־ניסט" (פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע 1964):

„מיין טייערער זון!

דו האָסט זייער גוט געטאָן, וואָס דו האָסט מיר געשריבן דעם אמת. סיי ווי האָט מיין אויסגעמאַטערט מאַמעס האַרץ געפילט, אַז דו ביסט נישט אין פּאַריז. בעסער דער ביטערער אמת איידער פאַרשידענע נחמות און נישט זיכערקייטן.

טייערער מאָניוש! ווייסט זייער גוט, ווי שווער מיר איז געווען צוצוגרייטן דיך צום וועג, וויפל האָפענונגען האָב איך געהאַט אין צוזאַמענהאַנג מיט דיין זיין אין אויסלאַנד, און ספּעציעל ווען מיין געזונט־צושטאַנד ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג און ס'ווערט כסדר שווערער צו פאַרבינדן איין עק מיטן צווייטן.

טראָץ דעם בין איך דיר מוחל, מיין טייערער, און כ'האָב נישט צו דיר קיין פּרעטענזיע, און כ'מאַך דיר נישט קיין פאָרוווּרפן.

אויב ביסטו געפאָרן קיין שפּאַניע, פאַרשטיי איך, אַז אַנדערש האָסטו נישט געקאָנט מאַכן, אַז דו האָסט געוויס געטאָן דאָס, וואָס דיין געוויסן האָט דיר דיק־טירט, ווייל כ'ווייס, אַז דו האָסט אונדז אַלעמען ליב און ס'איז דיר אויך זיכער נישט לייכט אויף דער נשמה.

כ׳שיק דיר מיין ברכה און איך בעט כסדר דעם רבונו של עולם, אַז ער זאָל דיך שוינען און היטן. כ׳בעט אויך פּאָר דיינע חברים, פּאָליאַקן, יידן, רוסן, פראַנצויזן, שפּאַניער, וועלכע ס׳פּאַרבינדט איין ציל, וועלכע האָבן אויך מאַמעס און פאַמיליעס, וואָס וואַרטן אויף זיי מיט פול אַנגעווייטיקטע הערצער.

ס׳קומען צו מיר דיינע חברים און זאָגן, אַז זיי זענען דיך מקנא. כ׳מיין, אַז זיי זאָגן דאָס ערנסט. אָבער דאָס האַרץ פון אַ מאַמע פאַרשטייען זיי זיכער נישט. זיי פרעגן מיך, צי כ׳באַדאַרף גישט עפּעס, זיי באַמיען זיך מיר צו העלפן. כ׳פאַר־טראַכט זיך אָפט אין וואָס זענען די מענטשן מיין גליק ? צי פון דיר אויפן פראָנט אין שפּאַניע אָדער פון דיין יינגערן ברודער ראָמעק (דאָס וואָס דו ווייסט נאָך אוודאי נישט), וועלכער געפינט זיך שוין זינט אייניקע וואָכן אין קאַרטוז־בערעזע.

איך קוק אויף דיינע חברים און זע דיך און ראָמעקן. כ׳וויין כסדר און ס׳ווערט מיר לייכטער, ווען איך זע, אַז זיי געדענקען אין אייך. איך זע ביי זיי, ביי די קאָמוניסטן, קומען טרערן אין די אויגן... איך פאַרשטיי, אַז אייך אַלעמען אייניקט איין ציל, אַזוי ווי איר זאָגט — איין אידעע. זאָל גאָט אייך העלפן, אפשר וועט זיין בעסער אויף דער וועלט.

טייערער זון איך קאָן נישט ווייטער שרייבן. כ׳שיק דיר וואַרעמע קושן און האַרציקע גרוסן פּאָר דיינע חברים. שרייב אָפט. יעדער טאָג אָן נייעס פון דיר איז פאַר מיר אַ מאַטערניש. אויף ווידערזען, דיין דיך ליבנדע מאַמע״.

ענדע 1938 ווער איך אָפּגעשיקט אויף ווייטערדיקער קוראַציע קיין פּאַריז. כ׳קום צו זיך אַביסל און ווער אַקטיוו אין שפּאַנישן הילף־קאָמיטעט. דאָ באַגעגן איך אויך מיין חברטע שרהלע מאָרגענשטערן, וואָס איז אַריבערגעקומען קיין פּאַריז פון מינסק.

דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, ווען עס ברעכט אויס די מלחמה, האָב איך צוזאַמען מיט הונדערטער יידן פון פּוילן, באַלאַגערט די פּוילישע אַמבאַסאַדע גרייט צו מאָביליזירן זיך אין קאַמף קעגן היטלער־דייטשלאַנד. אַ באַאַמטער פון דער אַמבאַסאַדע ענטפערט אונדז אָבער מיט אַ צינישן שמייכל : „די מאָשקעס ווילן קעמפן — מיר וועלן זיך באַגייען אָן אייער הילף״... איך טרעט דאַן אַריין אַלס פרייוויליקער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי. ווי אַ פרעמדן בירגער שיקן זיי מיר דערנאָך איבער אין דער זיך־אָרגאַניזירנדיקער אַרמיי פון פּוילישן גענע־ראַל שיקאָרסקי אין פראַנקרייך. דער צענטער איז געווען קאָטקידאַן. איך האָב באַקומען אַ צוטיילונג אין 1טן אַנטי־אַוויאַציע פּאָלק. פון דאַנען שיקט מען אונדז איבער אין אַ געגנט לעבן סאַן נאַזאַר, ווו עס קאָנצענטרירן זיך די פּוילישע און אַנדערע מיליטערישע אָפּטיילן, איידער זיי ווערן עוואַקואירט קיין ענגלאַנד. איך טרעף זיך מיט נאָך עטלעכע מינסקער, ווי מיט יאַנקל פלאָטקעוויטש (זיל־בערבערג), וואָס לעבט איצט אין פּאַריז, און מיט קתריאל אַראָנזאָן (שפּעטער אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, איצט אין פראַנקרייך). די דייטשן זענען שוין 40 ק״מ פון אונדזער לאַגער. אין אַ יולי־טאָג, ווען איך כאַפּ זיך אויף פון שלאָף, זע איך מיטאַמאָל, אַז אונדזער גאַנצע איינהייט איז אַוועק און געבליבן זענען בלויז די זיבן יידן. מיר זענען שטיל פאַרלאָזט געוואָרן דורך אונדזערע אַנטיסע־מיטישע אָפיצירן...

בלית ברירה שליס איך זיך אויף גיך אָן אין אַ פראַנצויזישער איינהייט. איך באַטייליק זיך אין אַ פאַרביסענער שלאַכט און ווער פאַרווונדעט אין האַנט. מען עוואַקואירט מיך קיין טולוז. נאָכן אַרויסגיין פון שפּיטאָל האַלט איך זיך אויף ביי אונדזער לאַנדסמאַן משה טשעבוצקי, אַ פעטער פון שרהלע מאָרגענשטערן. דאָ באַגעגן איך זיך אויך מיט אַנדערע אַנטלאָפענע מינסקער פון פאַריז, ווי מיט איטשע בראָנעס און זיין פאַמיליע, מיט לייב ראָזנבוים, חיים מענדעלסאָן און מיט אַנדערע.



**אין קאַטקידאָן, פראַנקרייך, 1939**

פון לינקס: משה באַרנשטיין, יאַנקל פלאַטקעוויטש־זילבערבערג, קסיעל אַראָנסאָן,
דער לעצטער — קאָרנבליט, נישט קיין מינסקער

אויף אַ באַפעל פון דער פאַרטיי, פאָר איך אָפּ מיט שרהלען קיין פאַריז, וואָס איז שוין אין דייטשע הענט. איך טרעט אַריין אין דער אונטערערדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג ווי דער סעקרעטאַר פון די יידישע קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין 12טן אַרענדעסמאַן, און הייב אָן אָרגאַניזירן ווידערשטאַנד־גרופּעס.

אין איינעם אַ טאָג מעלדעט מען מיר, אַז איך געפין זיך אויף דער רשימה פון די וואָס די סאָוויעטן טוישן איין אויף דייטשע בירגער. איך באַקום אַ פּאַס מיט רוסישער בירגערשאַפט. דאָס אַלץ איז אויפן סמך פון באַפעלקערונגס־אויסטויש צווישן רוסלאַנד און היטלער־דייטשלאַנד. צוליב ביוראָקראַטישע שוועריקייטן האָט מיין שרהלע ערשט שפּעטער געדאַרפט באַקומען אַ דערלויבעניש צו קומען צו מיר קיין רוסלאַנד. דאָס איז שוין נישט צושטאַנד געקומען. דאָס לעצטע מאָל האָב איך מיין טייערע חברטע געזען דעם 14טן מערץ 1941 אויפן פאַריזער וואָקזאַל — פון וואַנען אונדזער גרופּע איז אָפּגעפאָרן. זי מיט איר משפחה איז געקומען מיך געזעגענען (זי איז דערנאָך דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ און איז דאָרט אומגעקומען).

די באַן־רייזע פון פּאַריז ביז מאָסקווע איז רייך מיט פּיקאַנטע עפּיזאָדן. אונ־דזער גרופּע האָט געציילט פינף מענער און 2 מיידלעך. צוויי טעג שפּעטער זענען מיר אָנגעקומען קיין בערלין (מיר זענען געפאָרן בלויז ביינאַכט און ביי פאַרהאַנגענע פענצטער). דעם טאָג פון 16טן מערץ זענען מיר געווען די געסט פונעם רוסישן אַמבאַסאַדאָר אין בערלין. דער אַמבאַסאַדאָר דעקאַנאַזאַנאָוו האָט אונדז אויפגענומען אויף אַ מיטאָג. ביים עסן האָבן מיר אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז אַ מלחמה צווישן רוסלאַנד מיט דייטשלאַנד איז אַ פראַגע פון דריי חדשים. „זאָלן זיי קומען, מיר וועלן זיי גאַסטפריינלעך „באַגעגענען" — האָט ער געענט־פערט מיט שפּאָט. מיר האָבן יענעם טאָג אויך שפּאַצירט אַביסל איבער בערלין און געווען אויפן הינדענבורג־פּלאַץ גראָד ווען עס איז פאָרגעקומען אַ מיטינג מיט דער באַטייליקונג פון היטלערן אַליין. דאָס איז געווען לכבוד דעם יאַפּאַנישן אויסערן־מיניסטער וואָס האָט דעמאָלט געווייזלט אַלס גאַסט אין בערלין. דאָ און דאָרט האָבן מיר געלייענט די אַנטי־יידישע אויפשריפטן און אונדזערע געדאַנקען זענען געווען מיט אונדזערע פאַמיליעס וואָס געפינען זיך איצט אונטער אָט דער חיהשער נאַצי־הערשאַפט: וואָס וועט מיט זיי איצט זיין?

דעם 18טן מערץ 1941 זענען מיר אָנגעקומען צו דער סאָוויעטישער גרענעץ און פון דאָרט זענען מיר גלייך אָפּגעפאָרן קיין מאָסקווע. מיר האָבן באַקומען אַזיל־רעכט אַלס פּאָליטישע עמיגראַנטן און געווען אונטערן פּראָטעקטאָראַט פונעם קאָמאַ־נטערן. אין מאָסקווע האָט מען אונדז זייער פיין אויפגענומען. מיר האָבן גענאָסן פון פאַרשידענע פּריווילעגיעס. אין קוראָרט סיענעז לעבן מאָסקווע האָבן מינסקער קעמפער אין שפּאַניע זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן צוזאַמען. דאָ האָב איך זיך אויך באַגעגנט מיט עלי מאָזעס און מיר האָבן עטלעכע טעג געשמועסט וועגן דעם מצב פון אונדזערע פאַמיליעס אין מינסק, וועגן דעם, וואָס מיר קענען טאָן כדי זיי צו העלפן.

נאָך דעם היטלער־איבערפאַל אויף דעם ראַטנפאַרבאַנד האָבן מיר זיך ווידער באַגעגנט. מיר שטעלן זיך פרייוויליק אין רשות פון דער רויטער אַרמיי. עס ווערט באַשלאָסן צו שאַפן פון אַלע מינסקער אַ ספּעציעלע פּאַראַשוטיסטן־גרופּע וואָס וועט אַראָפּגעוואָרפן ווערן אין מינסקער ראַיאָן, כדי דאָרט אָנצופירן מיט דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. די מעדיצינישע קאָמיסיע דערלויבט מיר אָבער נישט, צוליב מיינע ווונדן, אַריינצוטרעטן אין אָט דער גרופּע. איך צעשייד זיך מיט זיי אויף אייביק און באַקום אַן אַנדער אויפגאַבע, אין נאָרמאַלן מיליטערישן דינסט.

אויף אַן אָנווייזונג פון קאָמאינטערן ווענד איך זיך צו דער אָנפירונג פון דער פּוילישער אַרמיי וואָס האָט זיך דעמאָלט געגרונטעט פאָרמירן אין מאָסקווע, וועגן אָננעמען מיר אין אָט דער אַרמיי. צופעליק טרעף איך זיך פּנים אל פּנים מיט גענעראַל אַנדערס. „דאָ האַנדלט זיך נישט אין מאַכן געשעפטן, דאָ דאַרף מען פשוט קעמפער" — האָט מיר אַנדערס געענטפערט מיט בייזער איראָניע. איך האָב אים דעריבער פאָרגעשטעלט מיינע דאָקומענטן ווי אַן אויסגעדינטער פּוילישער זעלנער, וואָס האָט אויך זיך באַטייליקט אין די קאַמפן פון דער פּוי־לישער אַרמיי אין פראַנקרייך, בעת וועלכע איך בין פאַרוווּנדעט געוואָרן. ער האָט אָנגעטאָן זיין מאָנאָקל, לאַנג באַטראַכט מיינע פּאַפּירן און לסוף געענטפערט:

„נו, איר צווינגט מיר אייך אָנצונעמען". וועגן שפּאַניע האָב איך מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט, אָבער אין אָוונט ליגנדיק אויף מיין בעטל אין זאַל פון די מאָביליזירטע אונטעראָפיצירן, האָב איך געהערט ווי איינער פון זיי האָט דערציילט זיין חבר, אַז היינט איז געווען אַ שטיקל אינצידענט צווישן דעם גענעראַל מיט אַ בונטאָווטשיק פון שפּאַניע... צווישן די זעלנער דאָ האָט געהערשט אַ שרעקלעכער אַנטיסעמיטיזם און זיי האָבן אָפן צווישן זיך גערעדט, אַז ווען זיי וועלן צוריקקומען קיין פּוילן וועלן זיי אַלע יידן אויסהרגענען... עס האָט טאַקע לאַנג נישט געדויערט און איך בין „ציטווייליק" באַפרייט געוואָרן. דער אויס־רייד איז געווען, אַז די צאָל זעלנער איז איבער דער מאָס... דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט מיין דינסט אין אַנדערסעס אַרמיי. איך בין צוריק געפאָרן קיין מאָסקווע. דאָרט האָב איך ווידער באַקומען פאַרשידענע מיליטערישע און ציווילע אויפגאַבן.

אין אַ צייט אַרום בין איך אָנגעקומען קיין מיטל־אַזיע און זיך פאַרהאַלטן אין קאָקאַנד, ווו עס האָט זיך געפונען אַ קאָלעקטיוו פון פּאָליטישע עמיגראַנטן פון פאַרשידענע לענדער, מערסטנטייל געוועזענע פרייוויליקע פון דער אינטערנאַצ־יאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַניע. מיר אַלע האָבן דאָ באַקומען פאַרשידענע אויפ־גאַבן מצד דעם קאָמאינטערן, חוץ אונדזער נאָרמאַלער באַשעפטיקונג.

אין קאָקאַנד האָב איך זיך אויך באַקענט מיט מיין איצטיקער פרוי מיט וועל־כער איך האָב געהייראַט אין 1945. אין יוני 1946 בין איך מיט מיין פרוי און עלטסטן זון אָנגעקומען קיין פּוילן. איך באַזעץ זיך אין שווידניץ, דערנאָך אין וראָצלאַוו. אַ קורצע צייט לעב איך אין אָטוואָצק און לסוף אין וואַרשע. אין יאָר 1963 בין איך פון דאָרט אָפּגעפאָרן קיין ישראל.

גדליהו טייבלום
(גבעתיים)

# בימי המלחמה במדי חייל

... זה היה בשלהי הקיץ של שנת 1944, אי־שם בחולות המדבר, בטריפולי־טניה, אל הכביש החוצה את המדבר — עורק החיים היחידי בחולות אין־סוף — נצמדו כמה אוהלים בודדים בים החול. חיילים יהודיים אחדים היינו, מנותקים מהעולם הגדול. רק אותה תיבת־קסמים, היא היחידה שהביאה לנו את בשורת קיומו של העולם הגדול, אי־שם מעבר לחולות.

ערב דומם ושקט, אשר רק המדבר יודע כמותו. איש־איש נפנה לו „לגרש" את הזמן כדרכו ואני, כדרכי, נתיישבתי ליד הרדיו. השעה שבע פחות חמש־עשרה דקות. בעוד חמש־עשרה דקות ישמיע קריין רדיו מוסקבה את פקודת היום של מפקדת הצבא. והימים ימי התקדמותו הגדולה של הצבא האדום. ידעתי: אי־שם, על אדמת פולין מולדתי, נזנקים קדימה גלים אדירים של צבאות משחררים. עיר אחר עיר, מחוז אחר מחוז, פורקים מעליהם את עול השיעבוד הנאצי. הנה־הנה מגיע תורה של עירי הקטנה, השוכנת בצל כנפי וארשה רבתי. הנה־הנה יגיחו מחוריהם אחרוני האחים לשמע קול תותח אדם מתקרב. הנה־הנה ומאחי הנותרים יגיע מכתב: „נשארנו בחיים" — יהיה כתוב בו.

הנשארו? — לא. בנבכי־נפשי ידעתי, כי מתו מות־קדושים. לא, הם לא עוד ייצאו לקדם את פני הצבא האדום. לא עוד ייצא לקראתו אליהו בנו של הרצען, זה שבילדותו חלם על בואו; גם שמרל הנגר ופיני הסבל, ר' יענקל הגביר והקבצן נטע הסנדלר. אולי יחידים בודדים יגיחו ממחבואם, חיוכי אושר יזהרו על פניהם הצמוקות, ינסו לרוץ לקראת החייל המציל, לחבקו, אולם... לא, לא יוכלו, רגליהם תמעדנה מתשישות ורעב.

מחשבה רודפת מחשבה. חזיון העיירה קם לתחייה. הייתכן כי כל מה שהיה — שוב איננו עוד? הייתכן? כי נעלמה ונאלמה אותה יהדות־פולין המפוארת?

פולין מולדתי!... פולין מכוסת ערים ועיירות יהודיות; פולין עם „ירושלים דליטא", עם קהילת וארשה — זו עיר מולדתי השניה, בה ביליתי את שנות בגרותי, טרם עלותי ארצה.

גדולה היתה וארשה. לבה של יהדות פולין היתה. ומסביב לה, כעדרי־צאן, רבצו בין שדות ויערות, ערים ועיירות, רבות לאין קץ. ערים גדולות, ששמו־תיהן נתפרסמו בעולם, ועיירות קטנטנות, שאיש, זולת בניהן, לא הכירן...

לא רחוק מווארשה־רבתי שוכנת גם עירי הקטנה. לא עיירת־כיס היתה, אולם לעומת הבירה, במה תיחשב? על כן כמעט ולא נודע שמה, ובעתונים מעולם לא נתקלת בשם מינסק־מאזובייצקי. אבל אני לא שכחתיה. זכרתיה בכל עת, ולמען האמת אומר, כי יראתי באותם ימים פן אתקל בשמה בצורה איזושהי. מי יודע על מה ולמה אפשר היה להזכירה בשלוט פריצי אדם בגבולה!

בן שבע־עשרה הייתי, כשעזבתי את עיר מולדתי. כרבים אחרים יצאתי מגבולות פולין החורגת לחפש עתיד אחר לנעורי. עוד אזכור את מינסק ויהו־דיה, שהרכינו ראשם אל מול כל רוח קלה, יהודים עמלנים ששירכו רגליהם מכפר אל כפר כדי להרוויח חצי פרוטה מידי האיכר ולהשיג איך־שהוא „רבע" תפוחי־אדמה ולסחבו על כתפיים מרחק פרסאות, למען הביאו לילדיהם הרעבים. יהודים שפלי־רוח, חסידים שהטביעו אביונותם בריקוד שבדבקות או בוויכוח בטלני ליד התנור החם בבית־הכנסת, ויכוח שגאה ונמשך עד לשעות הלילה המאוחרות, כי, הלא, מי שכמוהם ידע טעמו של בית, בו מחכה ה„פלונית" לו, לבטלן, שיביא זהוב לשבת?



בעמוד מלכות פולין הפאשיסטית על תילה — דהיינו, בימים שזוללי יהודים בעלי דם פולני טהור עוד פיצחו על דעת עצמם ראשים יהודיים — נתפרסמה, לפתע, עירי הקטנה. כל העתונים נתקשטו בכותרות רעשניות, שבישרו לעולם, כי קיימת מינסק־מאזובייצקי ליד וארשה. יהודים רחמניים החלו לשלוח עזרה לאחיהם, שפרנסתם נתקפחה מחמת סכנת־הנפשות שבעזיבת הבית והסביבה היהודית. עצבון ירד על העיר. עוד יותר הורכנו הראשים ושחו הגבות. הזקנים הלבינו והפנים החווירו ומעומק העיניים נשתקף הפחד בכפל־מתיחות מאשר אי־פעם. כל דפיקה בדלת הרעידה לב.

לפני הפוגרום עוד ניסו יהודים גברתנים — סבלים, עגלונים וסתם עמך — להתנגד לפורעים. מדי פעם בפעם עוד נצנצה גבורת יהודים העומדים על חייהם. אולם, לאחר שהשלטון העמיד עצמו בגלוי לצד הפורעים הפאשיסטיים, רפו ידיהם. הנוער הרב, בו היתה העיר ברוכה, החל לעזבה, להתפזר לכל רוחות העולם — כי חסר אוויר לנשימה. האדמה החלה בוערת מתחת לכפות הרגליים.

כך נידלדלה והלכה העיירה. באין נוער, לא נשמע יותר בערבי קיץ קול־זמר בחורשות הסמוכות לעיר. עם שקוע השמש נדמו הרחובות. רק אותם יהו־דים, שלא היה להם לאן לברוח, שלא יכלו לברוח, יהודים, שאבותיהם ואבות־אבותיהם ישנו שנת־נצחים באותה עיירה עצמה, יהודים שהעמיקו שורשים באדמת המקום — רק הם נשארו. מדוכאים, מרוששים, חיכו לנס אשר יחולל תמורה בחייהם.

במצב זה בא על עיירתי סתיו 1939...

...מני אז נשתתק הכול: אף לא מכתב אחד. רק ידיעות בודדות ומקוטעות סיפרו על קורות תושביה בימים ההם. לאט־לאט גוועה עיירתי, נתרוקנה מאנשיה־בניה — אם מרעב, אם ממחלות, אם משילוחים למחנות־המוות ואם מסתם רצח לאור השמש. בראשונה נעלמו התשושים, נסתלקו להם, לשם — אל רבי אליעזר הקברן. החזקים יותר הוסיפו למשוך בעול־הפרך של תליייני היטלר במחנות עבודת־הכפייה. אולם רבים עוד נותרו בעיירה.



מיהו אשר הביא את בשורת איוב? היאך ובאיזו דרך הגיעה? — אין איש יודע, אבל ביום בהיר אחד הופיעו בעתון שתי שורות מיותמות, שבישרו לעולם, כי אחרוני היהודים של מינסק־מאזובייצקי גורשו אל מחנה־ההשמדה, לאחר שמאות מהם הועלו באש בתוך בניין בית־הספר, שבו גם אני, בהיותי ילד, קיבלתי את שיעורי בפיזיקה, בית־הספר על שמו של קופרניקוס.



...רק כעבור זמן נודע לי, כי גם אחי היו בין כותלי בית־הספר הבוער. — — — יהודים לא בכו אז — יבשו מעיינות הדמע ולא עת קינות היתה זו. היהודים בכל פינות העולם יצקו מדמעות — עופרת. הכאב בקע החוצה בשאגת תותחים. רגש הנקם חישל גבורה על־אנושית. על כן לא בכיתי גם אני. רק בושה כיסתה את פני למראה הרובה, שעמד נשען אל דופן האוהל, בטל ממלאכה.



המחוג התקרב לזווית של 90 מעלות. עוד רגע ומוסקבה תשמיע את קולה. וידעתי: יחד עמי יושבים צמודים אל מקלט־הרדיו, בכל קצות תבל, אלפי־רבבות אנשים, המצפים בנשימה עצורה לפקודת יומו של מצביא הצבא האדום. ובהשמיע השעון את צלצולו השביעי, כשבקע ועלה מתוך המקלט קולו המוכר של יורי לוויתן (קריין רדיו מוסקבה) ידעו המאזינים החרדים, כי אכן החיה הנאצית נדחקת אל תוך מאורתה.



לא אוכל לספר על אותו רגע, כאשר גלי האתר הביאו אל האוהל הבודד במרחבי המדבר את בשורת עירי המשוחררת. כי איך אוכל להעביר אל הנייר את רגשותיו של חייל יהודי, שהחליף את המעדר ברובה, כי דם עמו, עירו ומשפחתו זעקו: נקמה!

והקול בישר: שדלצה, קאלושין, מינסק־מאזובייצקי. ידעתי, כי מעטים היו היהודים שיצאו לקראת הצבא המשחרר; לבי הגיד לי, כי אחי לא היו ביניהם. ובכל־זאת, מה גדולה היתה השמחה. אדמה קדושה זו, בה טמון אפרם של אבות־אבותי, בה נקרעו בורות של קברי־האחים בשלוט בה פריצי־אדם, התנערה מן החלאה.



מינסק עירי, בה נולדתי, בה גדלתי וחלמתי חלום עולם שכולו יפה, בה אהבתי לראשונה את כל הראוי לאהבה ושנאתי את הראוי לשנאה. אבוי, כי את אינך יותר ורק נשארת בלבי.

**יעקב ראַדזינסקי**

# פון פראָנט אין מזרח־פּרייסן צו „עקזאָדוס״־שיף

איך בין געבוירן געוואָרן אין יאָר 1918 אין מינסק־מאַזאָוויעצק. מיין פאָטער איז געווען א בעקער, יצחק ראדזינסקי, און געהאט אן אייגענע בעקעריי. נאָכן ענדיקן די פאָלקס־שול האָב איך געארבעטביים פאָטער.

צוויי חדשים נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן פארנומען מינסק־מאזאָוויעצק, בין איך אנטלאָפן אויף יענער זייט בוג. מיין שוועסטער מיט איר מאן זענען געווען אין בריסק. איך בין דאָרט געבליבן און געארבעט אין א מלוכהשער בעקעריי. די שוועסטער מיטן מאן האָבן זיך אומגעקערט קיין מינסק־מאזאָוויעצק, ווו זיי זענען אומגעקומען אין 1942.

אין יוני 1940 בין איך געוואָרן פארשיקט קיין קאָמי אססר, ווו מען האָט מיך פארשפאַרט אין לאגער „קירפּיטשני זאַוואָד״. אין אויגוסט 1941 בין איך געוואָרן באַפרייט. כ׳בין געווען קראַנק און אויסגעשעפּט פון די שווערע באַדינגונגען, און איך האָב נישט געהאַט קיין כוח ארויסצופאָרן אויף דרום, ווי אנדערע באפרייטע האָבן דאָס געטאָן. די באפרייטע נאָך דער אמנעסטיע, וועלכע זענען געבליבן אין קאָמי, האָט מען איבערגעשיקט אין קאָרטקעראטישן ראיאָן. דאָרט האָב איך אָנגעהויבן ארבעטן אין „לעספּראָמכאָז״, די באדינגונגען זענען דאָרט געווען שווערע און מיר אַלע האָבן געליטן הונגער.

כדי צו ראטעווען זיך פון הונגער בין איך צוזאמען מיט א קאָלעגע — פאָגעל פון ווארשע — אוועק אין דער ריכטונג פון סיקטיקוואר — די הויפּט־שטאָט פון קאָמי. מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן אין „זאַטאָן קראַסני וואָדניק״. דאָרט האָט זיך געפונען א רעפּאראציע־פּונקט פאר טייך־שיפן. איך האָב אָנגעהויבן ארבעטן אלס הייצער אויף די שיפן.

בשעת עס איז אין יאָר 1943 אַנטשטאַנען די „קאָשטשושקאָ״־דיוויזיע האָב איך דורכן „וואָיענקאָמאט״ פרייוויליק זיך געמאָלדן אין פּוילישן מיליטער. אָבער ווי א סך אנדערע הונדערטער פּוילישע יידן פון יענעם ראיאָן, האָט מען מיך נישט אָנגענומען.

אין יולי 1944 האָט מען איבערגעפירט אלע געוועזענע פּוילישע בירגער פון אונדזערע געביטן אין קראסנא יארוגא (סומער ראיאָן, כארקאָווער אָב־לאסט). דאָרט האָב איך געארבעט אין א סאָווכאָז און זיך ספּעציאליזירט אויף די פלאנטאציעס פון צוקער־בוראקעס.

דירעקטאָר פון סאָווכאָז איז געווען א רוס, אן אינוואליד פון דער שלאכט ביי סטאלינגראד. ער האָט זיך צו מיר גוט באצויגן און באלד פון אָנהייב האָב איך זיך באפריינדעט מיט אים. איך האָב אים דערציילט, אז איך וויל גיין אויפן פראָנט, אָבער אלס ייד וויל מיך דער „וואָיענקאָמאט״ נישט שיקן אין פּוילישן מיליטער, און פון דער צווייטער זייט, אלס „זאפאדניק״ * קאָן איך נישט אריינבאַקומען זיך אין דער סאָוויעטישער אַרמיי. דער דירעקטאָר האָט מיר געהאָלפן און אַדאַנק זיין אינטערווענץ האָט מען מיך אַריינגענומען

אין דער סאָוויעטישער ארמיי און אָפּגעשיקט קיין נאָוואָגראָד־וואָלינסק אין דער רעזערוו־דיוויזיע 151, ווו מ׳האָט אין משך פון א חודש געגרייט רעזערוון פארן פראָנט.

✶

אין נאָוואָגאָראָד־וואָלינסק בין איך געווען צוויי חדשים. אין אָקטאָבער 1944 האָט מען מיך ארויסגעשיקט קיין לעטלאנד אין 6־טן גוואַרדייאישן קאַווקאזער פּאָלק פון דער 121־טער דיוויזיע (3־טער ווייסרוסישער פראָנט). אונדזער פּאָלק איז איינגעשטאנען אין דער געגנט פון קאָווערט, אויף דער פריערדיקער גרע־נעץ פון ליטע און מזרח־פּרייסן, 2 קילאָמעטער פון דער פראָנט־ליניע.

איך בין צוגעטיילט געוואָרן אלס צייכענער צום שטאַב פון פּאָלק. מיין אויפגאבע איז געווען צו צייכענען טאָפּאָגראפישע מאַפּעס אויפן סמך פון די מעלדונגען, וועלכע מיר האָבן באקומען פון אונדזער אויסשפּיר־דינסט. אָט די ארבעט האָב איך אָנגעהויבן ערב דער גרויסער ווינטער־אָפענסיווע פון יאָר 1945 און אין דער סיטואציע איז געווען א סך אַרבעט. עס האָט אויסגעזען, אז מיט מיין פּינקטלעכקייט און פאראנטוואָרטלעכן טראַקטירן די אויפגאבעס האָב איך געוווּנען דעם צוטרוי פון מיינע עלטסטע. אין דעם האָב איך זיך איבערצייגט בעת מ׳האָט מיר פּלוצעם אָנגעטרויט אן אויסערגעוויינלעך שווערע און געפערלעכע אויפגאבע.

אָבער איידער דאָס איז געשען האָט אונדזער פּאָלק זיך גערוקט פאָרויס און פארנומען באזעס שוין אין מזרח־פּרייסן, ווו אונדזער שטאַב האָט קוואר־טירט אין קעלער פון א חרובדיק הויז.

כדי צו אילוסטרירן די געפאַרן, פאַרבונדענע מיט דער מיסיע, וואָס מ׳האָט מיר אָנפארטרויט אין דער קומענדיקער נאכט — איז אזוי געשען, אז הארט פאר דער יאנואר־אָפענסיווע איז געקומען צו פאָרן גענעראל סאַמאַפּאָנאָוו און מ׳האָט צונויפגענומען דריי פּאָליאַקן פון אונדזער דיוויזיע אויף אַ פעלד־געריכט. א דייטשער דיווערסאנט, וואָס האָט זיך ארייַנבאקומען צו אונדז, איז פאר־משפּט געוואָרן צום הענגען און דער אורטייל איז תיכף אויסגעפירט געוואָרן.

✶

א נאכט שפּעטער האָט מען מיך ארויסגערופן אין דער אָנפירונג פון פּאָלק און איך האָב באקומען אן אויפגאבע. איך האָב געדארפט אוועק אויף א פּאָלק־אויסשפּיר צוזאמען מיט עטלעכע ניי־אָנגעקומענע אָפיצירן, וועלכע זענען אהערגעקומען גלייך פון דער אָפיצירן־שול. איך בין געווען דער איינציקער ייד אין אָט דער קליינער אָפּעראטיווער גרופּע. מ׳האָט געדארפט ארייַנשניידן זיך אין דער דייטשער ליניע אויף א טיף פון 8 קילאָמעטער. דער קאָמאנדיר האָט מיך געפרעגט צי איך וועל זיך אן עצה געבן אָן דערפארונג אין דעם מין עקפּעדיציעס.

איך בין געווען פארווונדערט, וואָס דווקא מיר האָט מען אָנפארטרויט אַ אויפגאַבע, וואָס פאַרלאַנגט דאָך, אַז דער אויספירער זאָל האָבן אַזעלכע אייגנ־שאַפטן, וועלכע מען האלט נישט כאראקטעריסטיש פאר יידן. נאטירלעך, אַז כ׳האָב גלייך אויפן אָרט מסכים געווען זיך צו באטייליקן אין דער עקספעדיציע

פון שטאַב זענען אָנגעקומען די לייטענאַנטן, וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן צו דער אויפגאַבע. מיט זיי האָט אָנגעפירט אַ 19־יעריקער בחור.

די עקספעדיציע איז געווען אן אויסערגעוויינלעך שווערע. די גאנצע פראָנט־ליניע איז געווען מינירט פון ביידע זייטן. צווישן אונדז און די דייטשן איז געשטאנען א צעשטערטער טאַנק. אויסער די געדיכטע מינעס זענען ארום און אַרום, אויף די הויכע ביימער, געזעסן דייטשע סנייפּערס און קאָנטראָלירט טאָג און נאַכט דעם גאַנצן שטח. אין אַזאַ סיטואַציע איז דער דערפאָלג פון דער עקספעדיציע, און קודם כל דאָס דורכגיין די פראָנט־ליניע, געווען זייער פּראָבלעמאטיש.

דער אויסשפיר האָט פריער באזאָרגט אונדזער שטאַב מיט גענויע אינ־פאָרמאציע וועגן דער סיטואציע אויף אונדזער אָפעראציע־אָפּשניט אויף דער דייטשער זייט. מיין פערזענלעכע אויפגאבע איז באשטאנען דערין, אז איך זאָל צוקומען מיט אונדזער גאנצער גרופּע, אריינבאקומען זיך אין ערד־שטיבל וווּ עס געפינט זיך דער דייטשער פּאָלק־שטאַב און פאַרכאַפּן דאָרט די פּאַפּירן און דאָקומענטן.

צוויי אויסשפירער פון אונדזער גרופּע האָבן גענומען מיט זיך שטריק אויף צו בינדן די „צונג". איך בין אַוועק צוזאַמען מיט זיי. מיר האָבן אָנגעהויבן צו גיין. ס׳איז געווען נאכט און א שניי־שטורעם האָט פארווישט די זעעוודיקייט. מיר זענען געווען פארמאסקירט אין ווייסן און כמעט נישט צום באמערקן. הינטער אונדז האָבן מיר געהאט א דעקונג פון צוויי אויסשפירער מיט א מאשינענגעווער.

די גאנצע צייט פון דער עקספעדיציע האָב איך זיך אָפּגעגעבן א חשבון, אז פון איין זייט האָב איך מורא, און פון דער צווייטער — פיל איך אין זיך אויסערגעוויינלעכע דרייסטקייט און מוט. איך האָב געהאט פאר זיך א מוסטער. די יונגע רוסישע אָפיצירן־בחורים זענען געווען אין אַן אויסגעצייכנטער שטי־מונג און זיי האָבן די גאנצע אקציע באטראכט ווי א נאָרמאל געשעעניש. איך האָב געוואָלט זיין ענלעך צו זיי, אָבער איך האָב נישט פארמאָגט זייער דער־פארונג און זייער געשולטקייט. חוץ דעם בין איך געווען א ייד פון מינסק־מאזאָוויעצק, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאט קיין געלעגנהייט צו באטייליקן זיך אין דער עקספעדיציע צוזאמען מיט זיי און ווי איינער פון זיי. אָט די אלע געדאנקען האָבן געוועקט אין מיר גלייכצייטיק אי שרעק, אי מוט.

דאָס צוגרייטן די אקציע איז פאָרגעקומען מיט אן אויסערגעוויינלעכער פּינקטלעכקייט. די אינפאָרמאַציעס פון אויסשפיר־אָפּטייל זענען געווען אַזעלכע גענויע, אז מיינע חברים האָבן געהאט אפילו די פּינקטלעכע כאראקטעריסטיק פון דעם דייטשן אָפיציר, וועלכן זיי האָבן געדארפט פאנגען. די גאנצע צייט זענען זיי געגאנגען אויפן זיכער.

ענדלעך, נאָך א מארש פון איבער א שעה צייט אויף דער דייטשער זייט פון פראָנט, זענען מיר אָנגעקומען אויפן באַשטימטן אָרט. דער וואכמאן פון דייטשן שטאב איז געשטאַנען אויף זיין פּאָסטן אין א פוטער. מיינע חברים האָבן אים דערשטיקט נאָך איידער ער האָט באוויזן א פּיפּס צו טאָן. דאָס איז געווען אַרום צוויי ביי נאַכט. מיר האָבן אונטערגעוואָרט אַ ביסל, און לסוף זענען די דייטשע אָפיצירן ארויסגעגאנגען פונעם ערד־שטיבל. זיי האָבן הויך גערעדט און ס'איז זיי אפילו נישט איינגעפאלן, אז דער וואכמאן זייערע לעבט שוין נישט. פון די אויסשפּיר־אינפאָרמאַציעס האָבן מיר געוווּסט, אַז אין דער שעה גייען די דייטשע אָפיצירן ארויס אויף אן אינספעקציע איבער די טראנשייען. מיר האָבן געוווּסט געננוי אין וואָסער שעה זיי גייען ארויס און ווען זיי קומען צוריק.

אין דרייען זענען מיר אריין אין ערד־שטיבל פון דייטשן שטאַב, ווו ס'איז נישט געווען קיין לעבעדיקער נפש. אויפן טיש זענען נאָך געשטאַנען פלעשלעך מיט ליסאבאָנער וויין. אלע דאָקומענטן זענען געלעגן אָפן און פריי אויפן טיש איך האָב זיי אַריינגעשטופּט הינטער דער בלוזע וויפל ס'האָט זיך נאָר געלאָזט איך האָב געקוקט אויף מיינע חברים, וועלכע האָבן רויק געוואַרט אויפן צוריק־קומען פון די דריי דייטשע אָפיצירן. דאָס האָט געדארפט געשען, לויט די פריער באקומענע אינפאָרמאציעס, אין א שעה ארום.

✶

איך האָב זיך צום ערשטן מאָל געפונען אין אזא סיטואציע און איך בין ווייט נישט געווען אַזוי רויק ווי זיי. זייער ביישפּיל האָט אָבער געהאַט אַ השפעה אויף מיר. די מינוטן האָבן זיך געצויגן אין דער אומענדלעכקייט אריין. פּלוצעם האָט זיך דערהערט די שטימע פון איינעם פון מיינע חברים. ער האָט ארויס־געשעפּטשעט דאָס איינציקע וואָרט: „יידוט" (זיי גייען). כ'בין געשטאַנען גרייט מיטן אויטאָמאט אין האַנט, כדי צו לאָזן א סעריע אין פאל פון א קאמף צווישן מיינע חברים און די אָנקומענדיקע דייטשן.

עס איז אַריינגעקומען אַ נידעריקער דיקער דייטש אין אַן אָפיצירן־מונדיר. איידער איך האָב נאָך באוויזן אים אָנצוקוקן האָט זיך דערהערט דער קנאַק פון אַ רעוואָלווער־הענטל און דער דייטש איז אומגעפאַלן אויף דער ערד. אין א ווײַלע ארום איז אריין א צווייטער דייטש — א הויכער און א פעסטער. איינער פון אונדזערע מענטשן האָט אים געכאַפּט פארן האלדז, אוועקגעלייגט אויף דער ערד, צוגעדישעט אים מיט דער קני, אריינגעשטופּט אים א הענטשקע אין מויל און אים געבונדן. דאָס אלץ האָט געדויערט געציילטע מינוטן.

דער דריטער דייטש, וואָס איז דערווייל אריינגעקומען, האָט געוואָלט ארויסציִען זיין רעוואָלווער, עד האָט עס אָבער נישט באוויזן צו טאָן. ער האָט אויך באקומען א זעץ מיטן רעוואָלווער. שיסן איז געווען דערלויבט נאָר אין פאל פון דער לעצטער נויטווענדיקייט. איך האָב דעריבער נישט געשאָסן און מיי'ן ראָל אין דעם טייל פון דער אקציע האָט זיך באגרענעצט צו רעזערוו און הילף אין פאל פון א נויטווענדיקייט.

צווי דייטשן זענען אזוי ארום געוואָרן אומשעדלעך, און דעם דריטן, אָט דעם וואָס איז געווען באַשטימט פון פריער פאַר אַ „צונג", האָבן מיר אָנגע־הויבן שלעפּן איבערן שניי. דער שניי־שטורעם איז געווען א שטארקער און ס'איז אויסערגעוויינלעך שווער געווען צו שלעפּן איבערן פייכטן שניי דעם קערפּער פונעם געבונדענעם דייטש. מיינע חברים זענען געווען פול מיט קוראַזש, אָבער נישט געקוקט דערויף איז דער וועג געווען זייער א שווערער און גע־צויגן זיך אָן אן עק.

און מיר האָבן דאָך געהאַט אויסצופירן נאָך אן אויפגאבע. אויף צוריקצו־וועגס האָבן מיר געדארפט אָפּזוכן אויף דער סאמע פראָנט־ליניע דעם קערפּער פון אונדזערן א סאפּיאָר, וועמען די דייטשע סנייפּערס האָבן דערהרגעט מיט עטלעכע טעג צוריק. ענדלעך האָבן מיר אים באמערקט. ער איז שוין געווען פארשאָטן מיט א דיקן שיכט שניי און אינגאנצן פארשטייפט.

ווען מיר זענען צוריקגעקומען האָט אונדזער „צונג" נישט געקאָנט אַליין אויפשטיין. ער איז געווען צעקלאַפּט און צעווייטיקט. אויך מיר האָבן געהאַט צעבלוטיקטע הענט. נישט געקוקט אויף דער קעלט, בין איך פשוט געשווומען אין שווייס. איך האָב באמערקט, אז אונדזער געכאפּטער דייטש טראָגט אויפן האלדז א שווארצן קרייץ.

אונדזער גאנצע אָפּעראַטיווע גרופּע איז אוועק אין שטאַב, ווו מ'האָט אונדז זייער ברייט מכבד געווען. און דאָ איז ארויסגעשווומען דער אונטערשיד צווישן מיר און די אנדערע באַטייליקטע פון דער עקספּעדיציע. די רוסישע לייטענאנטן האָבן אָן אויפהער געטרונקען ביז טאָג, און איך, א פארמאַטערטער, בין בכוח געווען אויסצוטרינקען בלויז איין גלעזל. אינדערפרי האָט מען אונדז איבער־געשיקט אין אן אנדער עשאלאָן. מיר האָבן זיך אויסגעבאָדן און באקומען נייע מונדירן. מ'האָט אונדז אויך געגעבן דריי טעג אורלויב. נאָך אָט דער עקס־פּעדיציע בין איך געוואָרן באלוינט מיט א צווייטן מעדאל „זא באַיעוויע זאס־לוגי" (פאַר שלאכט־פארדינסטן) און באקומען א „גווארדייסקי זנאטשאָק" (גוואַרדייאישער אָפּצייכן).

אין עטלעכע טעג ארום האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע ווינטער־אָפּענסיווע פון יאנואר 1945. איך האָב שוין נישט געארבעט ביים צייכענען מאַפּעס, ווייל דער פראָנט האָט כסדר זיך גערוקט פאָרויס, און דאָס איז שוין נישט נייטיק געווען. איך בין געוואָרן צוגעטיילט צום 4־טן פלוטאָן.

*

עס האָט גראָד זיך אָנגעהויבן דער אָנגריף אויף בראנדענשטיין, ווו ס'איז געווען א שטארקע דייטשע פארטיידיקונג. הארט נעבן מיר איז פארוווּנדעט געוואָרן א געוויסער גרוזין, וועלכער האָט געהאַט א מאַשינגעווער. אין הסכם מיטן רעגולאמין האָב איך, דער נאָענטסטער שכן פון פארוווּנדעטן, איבער־גענומען דעם מאַשינגעווער. איך האָב אים ווי געהעריק איינגעשטעלט און אויספּראָבירט. אין דעם מאָמענט האָב איך באקומען אן אויפגאבע איינצושטייגן אין אַ געפּאַנצערטן אויטאָ כדי אָנטיילצונעמען אין אַ דעסאנט פון אַ פּאַנצער־

גרופּע אויף בראַנדענשטיין. איך האָב זיך אוועקגעזעצט אויפֿן בלאָטע־שיצער פֿון די רויפֿן מיט מאַשינגעווער אין האַנט. איך האָב אים איינגעשטעלט ווי ס'איז מעגלעך געווען אין אַזאַ סיטואַציע און מיר זענען אוועק פּאָרויס. אַרום איז געווען אַ מערדערלעך פֿייער פֿון די דייטשן. פּלוצעם האָב איך דערפֿילט אַ קלאַפּ אין קאָפּ. פֿאַר די אויגן האָבן אויפֿגעשווינדלט פֿאַרשידענע קאָלירן און כ'האָב פֿאַרלוירן דאָס באַוווּסטזיין. דאָס איז געווען דעם 28־טן יאַנואַר 1945 דריי נאָכמיטאָג. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז כ'האָב באַקומען אין קאָפּ שפּליטערס פֿון אַן אַנטיטאַנקן־סנאַריאַד.

די ערשטע אָפּעראַציע איז געוואָרן אַדורכגעפֿירט אין פֿעלד־שפּיטאָל ווען כ'בין נאָך געווען באַוווּסטלאָז. די צווייטע אָפּעראַציע בין איך אַדורכגעגאַנגען אין קאָוונע און די דריטע — אין וואָלאָגדע.

די רענטגען־אויפֿנאַמע האָט געוויזן, אַז דער מוח איז אָנגערירט. ביז איצט זענען מיר פֿאַרבליבן אין מוח פֿינף שפּליטערס.

✶

אין וואָלאָגדער שפּיטאָל האָט זיך מיט מיר ספּעציעל פֿאַרנומען אַ יידישע מיליטערישע דאָקטאָרין ראַפּאַפּאָרט. אין משך פֿון אַ צייט בין איך געווען שטאַרק קאָנטוזירט און פֿאַרלוירן דאָס לשון. בסך הכל בין איך אָפּגעלעגן אין די שפּיטאָלן זיבן חדשים, דעם לעצטן שפּיטאָל האָב איך פֿאַרלאָזט עטלעכע חדשים נאָך דער מלחמה.

אַרויסגייענדיק פֿון שפּיטאָל האָב איך גענומען מיט זיך בלויז דאָס וואָס כ'האָב פֿאַרמאָגט: צוויי אָרדערס „רום”, צוויי מעדאַלן פֿאַר „שלאַכט־פֿאַר־דינסטן” און אַ „זיג”.

דאָקטאָר ראַפּאַפּאָרט האָט מיר געוואָלט העלפֿן איינאָרדענען זיך און געזאָגט אַז זי וועט מיר געבן אַ בריוו צו באַקאַנטע אויף קאַווקאַז, ווו עס זענען פֿאַראַן יידישע קאָלכאָזן. איך האָב איר געענטפֿערט, אַז כ'וויל זיך אומקערן אַהיים, כּדי צו זען ווער ס'איז געבליבן לעבן פֿון מיין משפּחה.

דורך מאָסקווע און בריסק האָב איך זיך אַדורכגעקריגן אויף דער פּוילישער זייט. דעם 17־טן סעפּטעמבער 1945 בין איך אָנגעקומען קיין מינסק־מאַזאָוויעצק. אונדזער שטאָט איז אינגאַנצן געווען צעשטערט, און היות כ'בין אָנגעקומען ביינאַכט, איז דאָס בילד געווען אַ שרעקלעכס. אַלע מיינע נאָענטע זענען אומגעקומען און כ'האָב זיך געפֿילט ווי אויף אַ ריזיקן בית־עולם. אין דעם מאָמענט האָב איך תּיכּף געוואָלט אוועקפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל.

איך בין אוועק קיין וואַרשע. פֿון דאָרט בין איך געפֿאָרן אויף נידער־שלעזיע, ווו איך האָב געוווינט ביז מאַי 1946.

אין מאַי 1946, האָב איך פֿאַרלאָזט פּוילן. איך האָב זיך דערשלאָגן קיין עסטרייך און פֿון דאָרט — קיין איטאַליע. זומער 1947 בין איך געווען איינער פֿון די פּאַסאַזשירן אויף דער אומלעגאַלער שיף „עקזאָדוס”. נאָכן אומקערן זיך קיין איטאַליע בין איך לעגאַל אַרויסגעפֿאָרן מיט דער „קדמה” און אָנגעקומען קיין ישׂראל אין אויגוסט 1948, שוין נאָכן פּראָקלאַמירן מדינת ישׂראל.

זישע געלבאַרד
(חיפה)

# איבערגעלעבט אין רוסלאַנד

מינסק איז געווען מיין געבוירן־שטאָט און די שטאָט פון מיינע עלטערן. דאָ האָבן מיר געהאַט אַ פאַרצווייגטע משפחה — די פאַמיליעס ראָזנבלאַט, ליפמאַן, פערקאַל, פון וועלכע עס איז קיין זכר נישט געבליבן. מיין טאַטע מרדכי האָט אַלע יאָרן געאַרבעט שווער אָבער האָט צוזאַמען מיט מיין מאַמע מרים אויפגעשטעלט אַ שטוב מיט קינדער, וואָס זענען געוואָרן דערצויגן אין יידיש־נאַציאָנאַלן גייסט. פיר ברידער זענען מיר געווען. זייערע נעמען זענען: לייזער, יעקב, יצחק. איך, זישע, בין געווען דער יינגסטער אין דער משפחה. ווי אַזוי איך בין געבליבן לעבן? — מיט ניסים...



זישא געלבאַרד — אויף פראָנט פון סטאַלינגראַד

שוין פון די פריסטע יאָרן מיינע האָב איך גוט געפילט דעם גורל פון יידן. קוים 14 יאָר בין איך אַלט געווען ווען עס איז אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם. נאָך פריער בין איך געווען אויף דער לויה פון ישראלקע ציליך, וואָס איז צעשטאָכן געוואָרן אויף טויט דורך פוילישע כוליגאַנעס. אַז די מלחמה איז אויסגעבראָכן בין איך געווען עדות פון דעם גרויסן וואַנדער און אַנטלויף פון יידן, וואָס זענען דורכגעלאָפן אויף זייער וועג אויף מזרח דורך מינסק. מינסקער יידן — קען איך נישט פאַרגעסן — זענען געווען געוואַלדיקע מכניסי־אורחים. אין אונדזערע קליינע ענגע שטיבלעך, האָבן געפונען אַ נאַכט־געלעגער טויזנטער יידן וואָס זענען געלאָפן אויף מזרח. דאָס האָט מיר געגעבן כוח און מוט אויך צו אַנטלויפן שפּעטער אויף מזרח, ווייל איך האָב געוווסט אַז דאָרט ווו יידן זענען, וועל איך נישט פאַרלוירן גיין.

איך געדענק די ערשטע טעג פון דייטש — די „לאַפּאַנקעס” אויף אַרבעט, דאָס באַראַבעווען און אויסלייידיקן יידישע געשעפטן, דעם רויב פון יידיש האָב און

גוטס. מיך אַליין האָט אַ זעלנער שיער דערשאָסן ווייל איך האָב נישט געלאָזט צערויבן דאָס שיינע קאָלאָניאַל־געשעפט פון הערשל ביבליאַרזש, אינעם הויז פון מאַרק וואָס איז אַרויס אויף דער וואַרשעווער גאַס.

דאָס איז אפשר געווען די אַנטשיידענע סיבה וואָס איך האָב זיך אַנטשלאָסן און זיך געלאָזט אויף מזרח — אַנטלויפן פון דייטש.

איך בין שפּעטער געווען אין די וועלדער פון פּאַרטיזאַנער און דערנאָך אין דער רויטער אַרמיי. ווי אַ זעלנער אין דער רויטער אַרמיי בין איך צוריקגעקומען קיין מינסק אין 1946. איך קען נישט פאַרגעסן דעם טאָג ווען איך האָב דערזען די שטאָט אָן יידן.

איך האָב געזוכט אַ ייד מיט ליכט און לסוף אָנגעטראָפן אויף צוויי קליינע מיידעלעך, די בערגערס קינדער, וואָס זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן דורך אַ פּוילישער פרוי. איך האָב זיי געכאַפּט אויף דער האַנט און געפרעגט ווער זיי זענען און זיי האָבן מיר געענטפערט: „מיר זענען יידישע קינדער"...

די אָ ווערטער פון די צוויי קליינע מיידעלעך האָבן מיך באַגלייט דעם גאַנצן וועג און געשטאַרקט מיין גלויבן, אַז עם ישראל חי.

אינעם זעלבן יאָר בין איך אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. איך האָב געהייראַט און געבוירן דאָ צוויי זין.

יאָ, עם ישראל חי!



עפּעס וואָס וועגן מיין ברודער לייזער.

מיין ברודער לייזער איז געווען אַ גוט־געבויטער, געזונטער בחור. ווי געראַטעוועטע מינסקער האָבן מיר איבערגעגעבן, האָט מען אים אַרויסגעפירט צוזאַמען מיט אַ סך יידן צו דערשיסן אויפן מינסקער בית־עלמין. דאָס איז געווען אין די וואָכן נאָך דער אויסראָטונג, ווען מען האָט ליקווידירט די רעשטלעך מינסקער יידן געפונענע אין באַהעלטענישן און אַרבעטער אין די פאַרשידענע פלאַצוווקעס.

דייטשן און פּוילישע פּאָליציי האָבן זיי אַרומגערינגלט פון ביידע זייטן און אין לאַנגע שפּאַלערס געפירט אויפן בית־עלמין. אַזוי אַרום האָבן זיי אַליין — פיל יוגנטלעכע און קינדער — זיך באַגלייט לעבעדיק אויף דער אייגענער מאַסן־לוויה. אויפן בית עלמין זענען שוין געווען צוגעגרייט ראָוועס, לאַנגע גריבער, מען האָט זיי אויסגעזעצט קניענדיק מיט די פּנימער צום גרוב און דייטשן זענען הינטן געגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן — אויך קניענדיק — און זיי אַריינגעשאָסן אין קאָפּ. די יידן זענען גלייך אַריינגעפאַלן אין גרוב — טייל נאָך לעבעדיק. אַזוי האָט מען זיי באַגראָבן.

און דאָ איז געשען אַזאַ זאַך:

איינער פון די געבראַכטע אויפן בית הקברות, יאַנקל בוטשעס אַן אויסגעגע־בענער זון, אַ מענטש אין די הויכע דרייסיקער, אַ פעסטער, געזונטער, איז צוגעגאַנגען צום קאָמענדאַנט פון דער אַקציע, דעם זשאַנדאַר גוטבעליי, און

געזאָגט, אַז ער בעט אים לאָזן לעבן, וועט ער אים ווייזן אין פאַרלאָזטן געטאָ, אין זיין הויז, דאָס באַהעלטעניש, וווּ ער האָט ליגן געלט און צירונג. ער איז געווען אַ קאַשעמאַכער און ווי באַוווּסט, זענען קאַשעמאַכערס אין געטאָ געווען פון די פאַרמעגלעכסטע מענטשן (מען האָט אין יעדער קאַשע־פאַבריק אַריינגעזעצט אַ דייטש אַלס שותף). גוטבעליי האָט אים דאַן אויסגעטיילט און אַוועקגעשטעלט אין דער זייט, כדי צו גיין מיט אים, פירן אים צו זיין באַהעלטעניש (אויך ער איז שפּעטער אומגעקומען).

ווען מיין ברודער לייזער האָט דאָס געזען (ער האָט נישט גוט געהערט וואָס יענער זאָגט), איז ער צו צום דייטש און געשריען: אויך איך בין געזונט, אויך איך וועל גוט אַרבעטן!

ער האָט דערביי געוויזן פאַרצווייפלט אויף זיינע מוסקולן. זיינע יללות האָט מען געהערט ווי ווייט. מען האָט אים שרעקלעך געשלאָגן און צוריקגעיאָגט צום גרוב.

זיין געשריי שרייט ביז היינט אין מיר. איך הער אים כסדר און וועל אים נישט פאַרגעסן.

נטע מיצנער (זון פון משה), מיט פרוי
און שוועסטער און אייזיק מאַנטשאַזש



**אירית רומאַנו** (איטה לוין)
(הרצליה)

# ילדות בימי אימים

נולדתי להורים זיסל ויהושע לוין. גרנו ברחוב שניצקה 2, בחצר של ה„צרוד״ („דער הייזעריקער״). ארבע אחיות היינו. טובה הבכירה, אני אחריה. ואחרי — עוד שתי אחיות צעירות — איטה ורחלה. סבא היה איטשה־מאיר הספר. אשתו שרה היתה בת דורות רבים מבני עירנו.

אבי היה יליד וונגרוב ובא לעירנו אחרי ששרת בצבא והפך לנכה.

מול הבית שלנו היה ה„שטיבל״ של חסידי גור. בראשית המלחמה אבא היה נוהג לעבור את הכביש ל„שטיבל״, שם התפלל במנין. יום אחד תפסוהו הגרמנים והיכוהו עד מוות. היה זה עוד בחורף שנת 1940. הובא לקבורות בבית העלמין העירוני.

באפריל 1942, חדשים מספר לפני ההשמדה, אמא מסרה אותי לאכר מחוץ לגיטו. עבודה בכפר הצילה רבים מחרפת הרעב. בימי ה„אַקציה״ ברחה אמא לכפר, כנראה על מנת לשמור על ילדותיה ה„גדולות״ (בנות העשר ומשהו), שמסרה לאיכרים ובדרך נורתה בידי הגרמנים.

**בדרכים**

עם הנץ החמה קרבה אל מטתי אשת־האכר ואמרה:

— שובי אל ביתך, לאמך. היא מחכה לך.

בטרם קלטתי את דבריה, משכה את שמיכתי מעלי וגערה בי:

— מהרי, עזבי את ביתי!

— אמי תכעס עלי אם אלך לבדי — גמגמתי — היא ציוותה עלי לחכות כאן, עד שתבוא ותחזירני אל ביתנו.

האכרה שתקה רגע ואז ארזה את חפצי המעטים, הניחתם ליד הדלת, ויצאה בצעדים מהירים, בשובה, הלך לצידה כלב־ענק, לשונו משורבבת, וכל־כולו מוכן למלא פקודותיה.

— אם לא תסתלקי מהר, אשסה בך את כלבי! — אמרה.

„מהו הדבר אשר הסעיר כה את רוחה?״ — חשבתי. „הרי היא קיבלה מאמי סכום־כסף והבטיחה לה כי תשמור עלי שנה תמימה!״ אולם מה יכולתי לעשות? נטלתי את צרורי. דמעות חנקו את גרוני ולא אמרתי אפילו „שלום״. יצאתי מביתה והשארתי את הדלת פתוחה.

הכפר שכן חמישה קילומטרים מעיר־מולדתי. הדרך היתה מוכרת לי היטב, מן הימים שבהם הייתי מלווה את אמי, כאשר סחרה עם בני־הכפר. עם עלות השחר היינו גונבות את גבול הגיטו, והסחורה על גבינו. אמי לימדתני את כל הדרכים והשבילים הנסתרים. עתה יכולתי לחזור לעירי בעינים עצומות.

„מדוע לא באה אמי לבקרני בביתה של הכפרית? — חשבתי. „יתכן שקרה לה משהו״. החשתי את צעדי. החלטתי לעבור ביער, בדרך הקצרה ביותר.

צל העצים כיסה את הדרך, אבק נישא מרגלי הפרות היוצאות למרעה, תמרות־

עשן עלו מן הארובות. משנכנסתי לתחום היער אפפני ריחו וציוץ צפרים קידם את פני. אותה שעה קנאתי בצפרים. בנות־חורין הן, מתעופפות במרומים, ואני, ילדה יהודיה, כל העולם הוא לי כלוב, וכל האנשים — מבקשי־נפשי.

עם שאני הולכת בדרכי, הגיעני פתאום קול:

— מה את עושה שם? בואי הנה!

הפניתי את ראשי, לראות מאין בא הקול, אך לא ראיתי דבר.

— אני נמצא פה — שמעתי שוב קול, והנה יד שלוחה אלי ונוגעת בכתפי.

פקחתי את עיני וראיתי את שכני מן העיר שלנו, ילד כבן עשר, בנו הקטן של שיעלע קאַמאַשנמאַכער.

— יוסלה — קראתי — מה אתה עושה פה לבדך ביער? מדוע אינך בבית?

יוסלה שם ידו על פי והצביע על מקום־מחבוא.

— בואי נשב שם ואסביר לך הכול.

זחלנו לתוך המחבוא. יוסלה כיסה את פתחו בענפים. המקום צר היה וחשוך, אך אט־אט התרגלו עיני לחשכה. יוסלה שתק. הוא הוציא מכיסו פת־לחם ונגס בה. הציע לי להתכבד — וסרבתי.

— אני הולכת הביתה, אל אמי ואחיותי — אמרתי.

יוסלה הציץ בי שעה ארוכה. ואז אמר:

— האינך יודעת שאין לנו עוד בית? הגרמנים הקיפו את הגיטו ועמדו להרוג את כולם. „יהודים, הצילו את נפשותיכם!" — צעקו היהודים. גם אני רצתי, וכך הגעתי הנה ליער. אני מסתתר פה, כי הגרמנים רודפים אחרינו ולהם כלבי־גישוש.

הבטתי ביוסלה. פניו היו חיוורות מאד. בימים שלפני המלחמה ביליתי אתו שעות רבות. את דרכנו אל בית־הספר עשינו יחדיו. אחרי הצהרים היינו משחקים ב„חמש אבנים". בימי החופש טיילנו בצוותא. והנה יושב יוסלה לפני ופניו כפני זקן ועיניו כבויות.

— יוסלה — שאלתי — היכן הכיפה שעל ראשך?

— השלכתיה. אין לי עוד למי להתפלל.

— אבל, יוסלה, אני גרתי אצל גויים ואף־על־פי־כן התפללתי כל בוקר „מודה אני לפניך".

— ומי שמע את תפילותיך? מי עזר לאמא שלך, כשעמדה בשוק, מול רובי הגרמנים?

כך דיבר יוסלה ועיניו מציצות בי ודמעות זולגות מהן.

— ומה נעשה עתה, יוסלה? — שאלתי. יוסלה שתק שתיקה ממושכת ואז אמר:

— נעמיד פנים שאנו אח ואחות. נצא מפה ונרחיק לכת לאחד הכפרים הנידחים. לא נגלה לאיש כי ילדי יהודים אנו. נמציא לנו שמות פולניים. נספר כי הורינו ניספו במלחמה, ואנו יתומים שנשארו ללא בית וללא מחסה, ואנו מחפשים עבודה וביה.

— מתי נצא לדרך? — שאלתי.

— עם בוקר. ואולי מוטב שבחצות־הלילה, עתה שכבי לישון.

שכבתי, אך לא יכולתי להרדם. ניסיתי לראות בדמיוני את בני משפחתי וביתי. לפתע חשתי נגיעה ברגלי. עכבר מבוהל רץ מחורו וחיפש מחסה.

— יוסלה, מפני מי בורח העכבר ?
— מהחתול — ענה.
— למה רודף החתול אחרי העכבר ?
— נוהג הוא בעולם מימי בראשית — הסביר יוסלה — כך הוא טבעו של העולם. בשעה שנולד בעל חיים, מיד נולד לו אויב. לעכבר — החתול, לחתול — הכלב.
— ולאדם ?
— לאדם ? — ענה יוסלה מהורהר — אויב אחד ויחיד לו: אף הוא אדם. הנה ראי מה עוללו לנו הגרמנים !

שכבתי בתוך המחבוא. ירד הערב. מבעד לענפי העצים ראיתי שמים זרועי כוכבים. קול אמי נשמע בין ענפי העצים. שמעתי את צחוקה. ראיתי את עיניה הטובות. הושטתי אליה את זרועותי — — — —

— חצות ! — גחן עלי יוסלה — בואי, צאי בשקט, צעדי אחרי.

יצאנו מתוך היער. שקט שרר מסביב. עלינו על דרך־עפר, יוסלה ראשון, ואני — אחריו. חשתי שאני יכולה לסמוך עליו. „והרי הוא בן עשר בלבד — חלפה מחשבה במוחי — והנה הולכת אני אחריו כמו אחרי אדם מבוגר !"

— הבה נחליט מה שם משפחתנו — אמר יוסלה. ומיד הוסיף: — שמנו קוזלובסקי. שמך הפרטי סופיה, ושמי סטאַך. לא להכיר ! הושטנו ידים וצחקנו בחושך.

הירח האיר את דרכנו. הלכנו כל אותו לילה ולמחרת, לעת צהרים, הגענו לכפר נידח. כה נידח היה, שאנשי הכפר לא ידעו מה ארע בעיר לפני ימים מספר.

יוסלה דפק ראשון על דלת הבית.

— אנחנו יתומים — אמר — נשארנו ללא בית וללא קרובים ומחפשים עבודה. נוכל לרעות את הפרות. אחותי בקיאה בכל עבודות הבית.

הדלת נטרקה לפני אפנו. דפקנו על דלתו של בית שני ושלישי. אך בכל מקום נתקלנו בסירוב.

לבסוף, באחד הבתים שבקצה הכפר, פתחה לנו איכרה צעירה, ועל ידיה שני תינוקות. היא הקשיבה בתשומת־לב לדברי יוסלה.

— טוב — אמרה — את אחותך אני מוכנה לקבל לעבודה. לשנים איני זקוקה.

עמדתי בפתח, ולבי הולם בחזקה. ידעתי כי את אשר יאמר יוסלה, אעשה.

— אם כן, אחותי — אמר יוסלה ובעיניו ברק של שמחה — השארי פה, ואני אמשיך בחיפוש־עבודה. המתיני לשובי. עד־מהרה אבוא ואודיע לך היכן מקום עבודתי.

ובינתים הורידה הכפרית את התינוקות מזרועותיה והחלה ללמדני את אשר עלי לעשות. הייתי נבוכה. מעולם לא עשיתי שום מלאכה בבית אמי. אולם אותו רגע דומה היה עלי שאני שומעת בלבי את קולו של יוסלה: „תתרגלי ! אם רוצה את לחיות — אין לך ברירה אלא להעמיד פני פולניה !"

כל אותו יום חכיתי לשובו, אך לשוא. עברו ימים ויוסלה לא הופיע. ועד היום אינני יודעת מה עלה בגורלו.

**קניתי לי בגדים**

עברו חדשי הקיץ. חלפה הרוח הקלילה אשר הנעימה בנשיבתה לחי ולצומח. את מקומה תפסה רוח־סתו קרירה. היא תלשה את העלים מן העצים וערבלה אותם באויר. בערבים האדימו פאתי השמים.

ביום בואי אל הכפר מלינקה היתה לגופי שמלה דקה וראשי עטוף היה במטפחת. לבוש זה התאים לימות הקיץ היפים. עתה פחדתי מן הסתו הקרב ובא, מן הקור. כיצד אחזיק מעמד בסתו ובחורף? לא הייתי מוכנה כלל לקבל את פניהם.

הייתי אז ילדה קטנה, שריד ממשפחה גדולה שנרצחה כולה. הסתתרתי בכפרים והעמדתי פני נוצריה. אצל האכרים, שאצלם עבדתי, קבלתי אוכל, מקום־לינה ומעט כסף. אולם הם לא סיפקו לי בגדים או נעלים. האמת היא שגם הם עצמם נזקקו ללבוש ולא תמיד השיגה ידם לקנותו. אך מצבי היה חמור יותר: לאכרים היו מעט בגדים — לי לא היו בכלל!

מה עלי לעשות כדי להתכונן לימות החורף הקרוב? רבות חשבתי, אך לא העליתי דבר. לבסוף החלטתי להסתכן וללכת לעיר, כדי לקנות שם בגדים. בקשתי מאת מעבידי יום חופש ושמתי פעמי לעיר.

הדרך המובילה אל העיר, היתה מרוצפת אבנים גדולות, מחוספסות, אך רגלי שהתרגלו ללכת יחפות, לא חשו כלל באבנים החדות. הן עשו את דרכן כאילו מהלכות הן על רצפת־עץ.

בבואי לעיר ראיתי חנויות רבות, שהציגו בחלונות הראוה את חפציהן. אך בהתבונני אל המחירים, ידעתי מיד, כי כל כספי יספק רק לנעל אחת. מה עלי לעשות? עודני עומדת בהרהורי, הגיעני קול:

— בואי נלך אל שכונת היהודים, שם מוכרים בגדים בחבילות.

הפניתי את ראשי. לידי עמדו שתי נשים כפריות עניות. לבושן הדהוי העיד עליהן מה קשים חייהן בכפר.

הן החלו לצעוד לכיוון שכונת היהודים ואני — בעקבותיהן.

מי כמוני הכיר את העיר הזאת, עיר־מולדתי? כאן נולדתי וגרתי עד פרוץ המלחמה. כאן חייתי עשר שנים. עתה פסעתי אחרי הכפריות ולנגד עיני קמו כל חיי העיר.

— הנה שם — הצביעה באצבע אחת הכפריות.

„האמנם? — הרהרתי — כלום אפשר כי בבית־הכנסת הגדול ימכרו בגדים?"

אך עד מהרה נתגלה לפני מחזה אשר לא אשכחנו לעולם. ליד הפתח עמד שוטר והכריז בקול:

— מי קונה את הערמה הזאת? מי נותן בעד החבילה הזאת עשרים זהובים?

מסביב נתקהלו אנשים. נדחפתי אל תוך התור הנכנס פנימה, כדי לערוך קניות. הסתכלתי מסביב, בתוך בית־הכנסת.

לאורך הקירות עמדו שולחנות, אותם השולחנות אשר בשעת התפילה שימשו להנחת ספרי־תורה. על השולחנות היו מסודרים, כמו בתערוכה, פמוטות, מיחמים, צלחות, חנוכיות, סירים, טסים וכלי־כסף. ועל הרצפה מוטלות היו במפוזר ערימות־ערימות של בגדים, חדשים וישנים, מוכתמים בכתמי דם.

ולפתע פתאום הבחנתי בתוך אחת החבילות בשמלתה של אחותי טובה.

הוי, כמה שמחה אחותי טובה על השמלה הזו, שנקנתה לכבוד החג! היכן היא עתה אחותי היקרה?

עודני עומדת נדהמת למראה עיני, נתכווץ לבי בקרבי. מה זאת? האין אלה הפמוטות שלנו, של אמא?! הרי אמי קיבלה אותם שי לחתונתה! מה אהבתי להביט בעיניה השחורות של אמי בשעת הדלקת הנרות. מסובים היינו ליד השולחן בליל שבת. אבא שב מבית־הכנסת ובירך: „שבת שלום" ופניו מפיקות אור...

והנה המיחם של דודתי חיה! מה הוא עושה כאן? כמעט פרצתי מתוך קהל־האנשים. אך התאפקתי. אסור לי לגלות את המתרחש בלבי!

שמלת אחותי הוצאה מתוך הערימה ונלקחה על ידי גויה אחת. גם המיחם והפמוטות נחטפו על ידי הקונים.

מבטי בהו נוכחי. ראיתי את ארון־הקודש והוא פרוץ וריק. בימים שבהם חייתי בעיר היה רק הגבאי רשאי להזיז את הפרוכת, לפתוח את ארון־הקודש. נזכרתי ביום, שבו פרצה סבתי גיטל הזקנה לבית הכנסת וצעקה מול ארון־הקודש: „אלוהים! אל תתן למלאך־המות לשלוט בביתי! הנה כל נכדי גוועים!" והיא הקישה בידיה הגרומות על ארון־הקודש... תפילותיה עזרו. כל נכדיה הבריאו. והנה אני עומדת כאן. אני נכדתה של גיטל, אשר אלוהים בעצמו שמע את קולה!

„שמע ישראל!" — קול החזן נשמע בבית־הכנסת. כאן, בשבת וביום חג, השמיע החזן את קולו הערב. כאן עמדו היהודים, שעינו נפשם בצום ביום־הכיפורים והתפללו. ואנו, הילדים, היינו מקשיבים לתפילות, ויש שפרצנו החוצה, לשחק במחבואים.

העומדת אחרי בתור דחפתני. ושוב ראיתי ערימות בגדים מוכתמים בדם. הושטתי, כמו כולם, את ידי לברר בערימות מה אוכל לקנות בשבילי. כאשר מצאתי את סינר בית־הספר השחור, חטפה אותו מידי גויה שמנה.

שלחתי את ידי לבגד אחר. לא אוכל להבין כיצד נהפכתי בן־רגע לחיה כמוהם. כמוהם חטטתי בבגדים, מדדתי האם טובים הם עלי, וכבר היה על זרועי צרור גדול של בגדים. אחר כך פניתי אל ערימות הנעלים. אך כאן היתה המלאכה קשה יותר. מאות רבות של נעלים נערמו כאן, מכל הסוגים, מכל המינים ומכל הגדלים. והיה עלי להתאים לי זוג.

אותה שעה זכרתי כמה שמחתי כל שנה לקראת חג הסוכות. ידעתי, כי בסוכות נזכה בנעלים. נעלים של ממש. סגורות, עם שרוך ואף אבזם ולפעמים גם לחצניות. והנה עתה נערמו פה נעלי כל העיר!

מה עשו היהודים? מדוע חלצו את נעליהם? ובכלל, מדוע אין כאן יהודים?

דחיפה של גויה החזירתני אל המציאות. סוף־סוף היו בידי שני זוגות נעלים.

פסעתי עם כל השלל שבידי לעבר הדלת. השוטר הביט בי, סקר היטב את אשר בחרתי לעצמי, הביט שנית, והכריז בקול:

— הכל ביחד עשרה זהובים!

שילמתי את הכסף, לקחתי את הבגדים אשר קניתי ושבתי אל הכפר. שם אמשיך את חיי, חיי ילדה יהודיה קטנה בין המון הגויים.

## אצל הכומר

יום אחד הודיע לי האיכר, אשר בביתו מצאתי מקלט:

— לכי לעיר. עוד היום עליך לשוב והתעודות בידיך! אני רוצה להוכיח לכל אנשי הכפר, כי אינני מסתיר יהודיה בביתי. הבנת?

זה כמה חודשים שהיתי אצל אותו איכר. הגעתי אליו בעונה הבוערת, עת היו חסרות ידיים עובדות, ונתקבלתי אצלו כעובדת־מן־המניין למרות גילי הצעיר.

ביום בואי סיפרתי, כי יתומה אנוכי, שכן הורי וכל בני משפחתי ניספו במלחמה. את הפרטים מסרתי בעל־פה לראש־הכפר, לפי דרישת הגרמנים. והנה נכנס חשד ללבו של האיכר כי יהודיה אנוכי. ככל שנתגבר החשד, גדל כעסו: כיצד הצליחה ילדה להערים עליו, על איכר כבן ארבעים, מנוסה בחיים? עתה היתרה בי שוב לבל אחזור מן העיר בלא תעודת־לידה, אולם לפני צאתי לדרך הבטיח לי שמקומי בביתו ובעבודה יישמר לי.

לבשתי את „בגדי־השבת", נעלתי את נעלי־העץ, ועל כל צרה שלא תבוא, הכינותי צידה לדרך. האיכר ליווני במבטיו בכל מעשי. כאשר הייתי מוכנה, נשאתי את ראשי ובקול רם אמרתי „שלום!" חששתי שירצה ללוותני, כדי לראות אם אמת דיברתי. על כן התייצבתי מולו, הבטתי ישר לתוך עיניו ואמרת:

— אתה תראה, עוד היום אשוב ואביא לך תעודה.

סגרתי את דלת הבית, מבלי להביט אחורנית, ואוזני כאפרכסת. הפסעתי לאט בדרך ורק כאשר הייתי בטוחה כי שום סכנה אינה צפויה לי, פרצתי בריצה.

— ילדה, ילדה! לאן את רצה? — שמעתי קריאה מרחוק.

עמדתי. לנגד עיני הופיעה עגלה רתומה לזוג סוסים. ניכר היה בהם כי בעליהם הוא איכר עשיר.

— אני ממהרת לעיר. התוכל לקחתני?

— עלי! — אמר.

היה יום־שמש יפה. ישבתי על חבילות־הקש. האיכר זימזם פזמון ידוע, ואני הצטרפתי אל שירתו, ורגע קט נדמה היה לי כי אני יוצאת ליום־חופשה, יום־טיול. האיכר שלף מתוך כיסו קופסת טבק, פיסת נייר דק, וגילגל סיגריה.

— אני זקוק לעוד פיסת נייר — אמר האיכר.

„גם אני זקוקה לפיסת נייר" — חלף הרהור בלבי — „פיסת־נייר פשוטה, ששמה תעודה. תעודה שתאשר כי אני נוצריה. בפיסת נייר כזו תלויים חיי. האם אשיג אותה?"

— איפה את רוצה לרדת? — שאל האיכר וקולו עורר בי רטט — אני מגיע לשוק.

— טוב — עניתי — ארד בשוק.

הרים האיכר את השוט וזירז את סוסו.

את השוק עוד זכרתי יפה. הרי זוהי עירי שלי. בה נולדתי וגרתי עד אשר... פה נולדה אמי וגם סבתי. עצמתי עיני ולפתע ראיתי מראות מן הימים הלא־רחוקים: יום־שוק בעיר ואיכרי הסביבה באים לקנות ולמכור. אמי עומדת ליד דוכנה בשוק. מכריזה בקול על סחורתה. מאות בשנים דרכו יהודים על אבני־השוק. היכן הם עתה, היהודים ההם?

אויך מיין ברודער שלמה. פון אונדזער פּאָטער אין מינסק האָבן מיר געהאַט ביים אָנהייב קריג אַ ידיעה, אַז אויך אונדזער עלטסטער ברודער נטע איז געגאַנגען אין מיליטער. אויך ער איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט און נאָך זעקס חדשים איז ער אַהיימגעקומען אין געטאָ, גלייך אין ברען פון די רדיפות אויף יידן.

נאָך דער „אַקציע״ בעת נטע׳ס ווייב מיט אַ מיידעלע זענען געהאַט דערהרגעט געוואָרן דורך די דייטשן און די אַנדערע צוויי שוועסטערס מיט זייערע קינדער און מענער זענען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע מיט אַלע יידן פון שטאָט, האָט דער טאַטע מיט מיין ברודער נטע זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּויער, ווייט פון מינסק. נאָך אַ שטיקל צייט האָט דער פּויער מורא־געהאַט זיי צו האַלטן ביי זיך, זענען זיי אַוועק אין אַ צווייט אָרט.

אויך דאָרט האָט מען לאַנג נישט געוואָלט האַלטן ביידע צוזאַמען, און זיי האָבן זיך געמוזט שיידן. באַזונדער — ווער אפשר גרינגער זיין איבערצולעבן,— האָבן זיי זיך געטראַכט. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מיין ברודער זיך דערוווּסט, אַז אַ פּאָלאַק האָט דערקענט דעם טאַטן און אים דערהרגעט אויפן אָרט. דאָס איז געווען שוין אין יאָר 1943.

נאָך דער מלחמה איז מיין ברודער נטע געקומען קיין פּאַריז. מיטן פּאָליאַק וואָס האָט אים אויסבאַהאַלטן, האַלט ער ביזן היינטיקן טאָג אָן אַ קאָנטאַקט, שיקט אים פּעקלעך און העלפט אים. אָנגעקומען קיין פּאַריז, איז אים אויסגעקומען צו הערן וועגן אומקום אין דער מלחמה פון אונדזער טייערע שוועסטער ריווטשע, די פרוי פון מאַקס אָשלאַק. זי איז דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אָשוויץ נאָך דעם ווי מ׳האָט זי געכאַפּט צוזאַמען מיט מיין זעקס יעריק יינגעלע. מאַקס אָשלאַק איז שוין דעמאָלט געווען אין דער פרייער זאָנע אין פראַנקרייך. ריווטשע האָט אָבער נישט געוואָלט פאַרלאָזן פּאַריז ביז זי וועט באַזאָרגן אירע צוויי שוועסטערס — דאָס הייסט מיר און מיין שוועסטער בלעכמאַן. דאָ האָט נטע אויך געטראָפן אונדזער יינגסטן ברודער שלמה.

מאַקס אָשלאַק אַליין איז געשטאָרבן אין פּאַריז, איבערלאָזנדיק אין טיפן טרויער אַלע מינסקער. זיין שטוב — די שטוב פון מיין שוועסטער ריווטשע — איז לאַנגע יאָרן געווען אַן אַדרעס פאַר אַלע מינסקער אין פּאַריז, אַן אַדרעס פון הילף און שטיצע, וואָס איז געגעבן געוואָרן דורך אונדזער געזעלשאַפט, וועלכע איז נאָך געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1929.

מלכה מרקוביץ־גרשקוביץ'
(לוד)

# ממחנה רודזקי לגיטו וורשה

ילידת מינסק אני מדורי דורות. העיר נראתה בעיני כאילו משפחה אחת. בהתחלה גרנו ברחוב מוסטובה. זוכרת אני את בית הורי כבית מכניס אורחים. השתייכתי לתנועת בית"ר. בימי שבת וחג היינו מתאספים בככר השוק ומשם צועדים לקאלושין או למקום אחר ושרים משירי ציון. למרות שלא היה עושר בעיר, ידענו חיים נעימים. המלחמה באה עלינו במפתיע. מיד עם בואם של הגרמנים לקחו יהודים לעבודה. אני זוכרת את האסון שקרה אז לשמואליק זיסמן הצעיר, בתאונת עבודה, כאשר אדמה כיסתה אותו בבור שחפר במחנה העבודה של גרמנים ליד בית חרושת רוצקי. כל העיר התרשמה מהאסון שקרה.

ביום השישי השחור בבוקר ברחנו, הורי ואנחנו, ששה ילדים, והסתתרנו בשדות, בין ערוגות תפוחי־אדמה. עמנו הסתתרה חיה אקרמן וגם גולדפינגר. רצנו בכוון לקוסצ'לנה. הגויים עצרו אותנו. בקשנו שיתנו לנו לברוח. נכנסנו לתוך גורן ושם הסתתרנו. התגלגלנו כמה שבועות עד ששמענו כי ב„קופרניק" ישנם יהודים. הלכנו לשם ומצאנו הרבה מכרים, וביניהם את גרינברג החייט ובנו. מדי פעם ערכו הגרמנים סלקציות. באחת מהן הובילו קבוצת אנשים לקלושין והרגו אותם. ביניהם היו גם אחי הרשל ואחותי חנה. אמא הצליחה לברוח חזרה וסיפרה על ההרג. „הצילי את עצמך"! — אמרה אלי. יצאתי משם אל הכפר קרלינו ונשארתי אצל אכרה אחת.

כעבור זמן מה הגרמנים חיסלו את המחנה ב„קופרניק". פרצה שריפה ואת האש ראו למרחקים, בכפר בו הסתתרתי. רציתי לרוץ כדי להוציא את משפחתי. אבל הגויה עצרה בעדי ולא נתנה לי ללכת לשם. נשארתי אצלה זמן מה. אחרי שנודע לי שנשארו יהודים בבית־חרושת רוצקי, החלטתי להצטרף אליהם. שם מצאתי את שרה גונטרצ'יק. וולף מורגנשטרן, קאַמיען יואל ואחיו. מספר ימים חליתי וקמיין דקר אותי במחט לראות אם עודני חיה... שרה טיפלה בי עד שהבראתי. אחרי מספר שבועות החלו באופן פתאומי הגרמנים לירות לתוך הצריפים בהם גרנו. היהודים החלו לברוח.

ארבע נשים ושני גברים הגענו למחרת לעיר, אחרי שהתחבאנו בלילה בשדות ליד בית־הקברות. איזברכט נתנה לי מרק ואמרה שכאן מסוכן. קניתי כרטיס ונסעתי לורשה. נכנסתי לגיטו, שם מצאתי מקום אצל ליז, מהקצבים של מינסק. מגיטו ורשה הובילו אלפים ברכבות ללובלין ולאושביץ, ואַני בתוכם. שם עברתי את יתר שנות המלחמה.

לייבל גרינבערג
(פּאַריז)

# אונדזערע העלדן

## עליע מאָזעס

ווער האָט נישט געקענט די גרויסע פּאַרצווייגטע פאַמיליעס טרוינעס, מיט זייער ספּעציאַליטעט פון באַקן אַלע סאָרטן געבעקס. אַ שוועסטער פון דער דאָזיקער פאַמיליע, מאַשע, האָט חתונה געהאַט אויך מיט אַ בעקער, וואָס האָט געהאַט דעם נאָמען יידל מאָזעס; געהאַט האָבן זיי 5 קינדער, דער עלטסטער זון האָט געהייסן עליע, געבוירן אין יאָר 1909.

עליעס עלטערן, יידל און מאַשע, זענען געווען פּאָלקס־מענטשן, ווייט פון רעליגיעזן גייסט. עליעס מוטער מאַשע האָט אפילו געהערט צו אַ רעוואָלוציאָנערער גרופּע אין יאָר 1905. די קינדער זענען דערצויגן געוואָרן אין פרייעי גייסט.

אַ ברונעט חנוודיק יינגל מיט שוואַרצע אויגן ווערט עליע אַריינגעגעבן אין א פאָלקס־שולע, ווו ער צייכנט זיך אויס ווי איינער פון די בעסטע שילער. עטלעכע יאָר שפּעטער גייט ער איבער אין א האנדלס־שולע, ווו דאָרט זענען געווען צוויי פּראָפעסאָרן, די ברידער מאַריאַנסקי, וואָס האָבן געהערט צו דער אומלעגאַלער לינקער ארבעטער־באַוועגונג. טאַקע אונטער זייער אָנפירונג איז געשאַפן געוואָרן — דורך עטלעכע שילער מיט עליען צוזאַמען — א יוגנט־גרופּע, וואָס האָט געפירט א פאַרצווייגטע קאָמוניסטישע באַוועגונג אין מינסק ווי אויך אין גאַנצן פּאָוויאַט.

עליע האָט געלערנט אין דער האַנדלס־שולע עטלעכע יאָר, דערנאָך האָבן די עלטערן אים אריינגעגעבן אין א האַנטווערקער־שולע אין ווארשע „אָרט״. דאָרט צייכנט ער זיך אויס אַלס איינער פון די בעסטע שילער. ער לייענט א סך ליטעראַטור און שטודירט סאָציאָלאָגיע.

צו יענער צייט, ווען עליע האָט געלערנט אין ווארשע, האָט שוין עקזיסטירט אין מינסק א פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעך־קולטורעל לעבן מיט א קלוב, ווו עס האָט פונקציאָנירט א ביבליאָטעק, א לייען־זאַל און פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון שניידערס און שוסטערס. ווינטער־צייט איז געפירט געוואָרן אין דעם דאָזיקן קלוב א פאַרצווייגטע קולטור־ארבעט. יעדן שבת איז דורכגעפירט געוואָרן א קעסטל־אָוונט, אָדער רעפעראַט, ווו עליע האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל און געהאַט דערפאָלג ביי די עלטערע און ביי דער יוגנט. אויך זומער אין די וועלדער האָט עליע גענומען אָנטייל אין פאַרשידענע צוזאַמענטרעפן.

צו 17 יאָר ווערט ער אַרעסטירט מיט נאָך אַ גרופּע יוגנטלעכע דורך דער פּאָליציי פאַר פּאָליטישער אַקטיוויטעט. זיין פּראָצעס קומט פאָר, בערך אין יאָר 26—28 אין וואַרשע. געוווּסט האָט עליע אַז אים קומט אַ גרויסע שטראָף און אַלס יוגנטלעכער וועט ער קריגן אויסבעסערונגס־הויז. ער האָט אָבער

געוואָלט זיין צוזאמען מיט פּאָליטישע ארעסטירטע. עליע האָט זיך אָפּגעזאָגט פון װעלכער עס איז פארטיידיקונג. און ווען דער פּאָרזיצער פון געריכט ווענ־דעט זיך צו עליען צי ער וויל אַ פאַרטיידיקער, דערקלערט ער, אַז דאָס וואָס ער האָט געטאָן, איז מיט זיין פולן באַוווסטזיין און פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און ער איז גרייט אויף יעדער שטראָף, וואָס דאָס געריכט וועט אורטיילן. ער איז פאר־משפט געוואָרן אויף 3 יאָר שווערע טורמע און ווערט אַוועקגעשיקט אין דער באַרימטער טורמע פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע אין די ווראָנקעס. נאָך דער באַ־פרייונג פארנעמט ער וויכטיקע אמטן אין דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי אין ווארשע.

נאָך עליעס אָפּזיצן די דריי יאָר אין דער טורמע, ווערט ער שוין מיליטער־פעיק און ווערט אַוועקגעשיקט דינען אין מיליטער אין רעמבערטאָוו (נעבן וואַר־שע) אלס ארטילעריסט, און פארשטייט זיך (פאר אים) אין זייער שווערע באדינגונגען, ווייל די גאנצע פּאָליטישע אקטן פון דער פּאָליציי און געריכט, איז געווען אין מיליטערישן ביוראָ.

נאָך זיין אָפּדינען אין מיליטער די צוויי יאָר, פאַרבינדט ער זיך צוריק מיט דער אָנפירונג פון דער ק. פּ. פּ. און ער איז ווייטער טעטיק אויף פאר־שידענע אָפּשניטן.

נאָך זיין מיליטער־דינסט, אין יאָר 1936, ברעכט אויס אין שפּאניע דער בירגער־קריג. עליע מיט נאָך א גרופּע מינסקער פארשרייבן זיך פרייוויליק. צו זיינע עלטערן, כדי זיי צו בארואיקן, האָט ער געזאָגט אז ער פאָרט קיין פּאַריז זיך דאָרט איינאָרדענען ביי זיין קוזין עליע ראָטשטיין. אַ מיטוואָך אין מיטאָג־שעה קומט ער ארויף צו אונדז, זיך זען מיט מיין מוטער און מיט אונדז, ד. ה. מיט מיר און מיט מיין ברודער משה. פרייטיק אין אָוונט איז אָפּ־געפאָרן א צוג קיין שפּאניע. אין זעלבן טאָג קומט עליע נאָכאמאָל ארויף צו אונדז זיך געזעגענען. און מיין מוטער האָט נאָרוואָס געענדיקט וועבן א וואַ־רעמען שאַל אָנצוטאָן ווען עס וועט קאַלט זיין, ווי אויך עטלעכע זאָקן. עליע זאָגט מיר אז ער האָט א נאָטיץ־ביכל מיט נאָטירונגען אָנצושרייבן א בוך וועגן אונדזער היים, אז אלץ וועט זיך גוט ענדיקן און ער וועט לעבן בלייבן, וועט ער אזא בוך אָנשרייבן.

נאָך עטלעכע וואָכן אין שפּאַניע ווערט ער צום ערשטן מאָל פאַרווונדעט אויפן פראָנט ביי מאדריד. און עליע גיט זיך זיין פּסעוודאָ־נאָמען אַנדזשעי שמידט און אויך טשאַרני אנדזשעי (שווארצער אנדזשעי).

עליע איז בלויז געבליבן אין שפּיטאָל עטלעכע וואָכן, און איז ארויס, בעת זיין וווּנד איז נאָך אפילו נישט פארהיילט. ער פארלאנגט מען זאָל אים צוריק־שיקן אויפן פראָנט. ער ווערט צוגעטיילט צום סאמאסיירא־פראָנט, ווו עס שפּילן זיך אָפּ שווערע קאמפן. עליע פארנעמט זיין פּאָסטן ביי דער ארטילעריע, און אין אָנפאנג יאָר 1937 געפינט ער זיך שוין אויפן עסטראמאדורא־פראָנט, ווו ער ווערט דערהויבן צום גראַד פון אַן ארטילריע־קאָרפּאָראַל.

ער ווערט באשטימט אלס פּאָליטישער קאָמיסאר און גלייכצייטיק ווערט ער א מיטארבעטער אין דער צייטונג „דאָמבראָווטשאַק”. עליע מיט נאָך עטלעכע

מיטאַרבעטער גיבן אַרויס אַ צייטונג אויפן נאָמען פון זיין באַטעריע „באַרטוש גלאָוואַצקי".

איינע פון עליעס פעיקייטן איז אויך באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט שנעל באַהערשט די שפּאַנישע שפּראַך, אויף אַזוי ווייט, אַז ווען די פּאָליטישע קאָמיסאַרן פון גאַנצן באַטאַליאָן זענען געפאַלן אין גענעראַל־שטאַב פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אויף אַ באַראַטונג, האָבן זיי מיטגענומען עליען, זיך בעסער צו פאַרשטענדיקן אין דער שפּאַנישער שפּראַך.

מיט זיין שאַרפן פּאָליטישן חוש, האָט עליע געוווּנען דעם גרעסטן צוטרוי צו די אָנפירער אויפן פראָנט, ווי אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון באַרימטן בול־גאַרישן פירער דימיטראָוו, וואָס איז געווען זיין נאָענטער גוטער חבר.

נאָך דעם פאַלן פון דער שפּאַנישער רעוואָלוציע, האָבן אַסך לעבן־געבלי־בענע קעמפער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע, זיך צוריקגעצויגן אויף דער פראַנצויזישער טעריטאָריע און זענען גלייך אינטערנירט געוואָרן אין לאַגערן.

טראָץ די זייער שווערע באַדינגונגען, האָט עליע זייער שנעל באַהערשט די סיטואַציע מיט זיין גוטער שטימונג און גוטער מאָראַל. זיין ערשטע אַרבעט איז באַשטאַנען אין איינפירן קאָלעקטיוון און צו ביסלעך האָט ער אָנגעהויבן איינצופירן אַ קולטור־אַרבעט. ווי איך האָב שוין אויבן דערמאָנט, האָט עליע געהאַט פעיקייטן שנעל צו באַהערשן שפּראַכן. ער האָט אויך באַהערשט צו ביסלעך די פראַנצויזישע שפּראַך און אָנגעהויבן די פראַנצויזישע טאָג־פּרעסע פאַרלייענען פאַר די גרופּן אין פּויליש.

גלייך נאָך זיין קומען אין די אינטערנירונגס־לאַגערן האָט ער זיך פאַר־שטענדיקט מיט זיין קוזין עליע ראָסשטיין און נאַטירלעך אָנגעהויבן צו באַ־קומען פּעקלעך פון זיין קוזין. אין איינעם פון זיינע פּעקלעך האָט זיך געפונען אַרבעטס־כלים פאַר שלאָסעריי און עליע מיט זיין נאָענטן פריינט קופּיעץ האָבן איינגעאָרדנט אַ ווערקשטאַט, וווּ זיי מיט דער הילף פון נאָך אַנדערע חברים פלעגן אויסאַרבעטן פון ביין פאַרשידענע פּלאַסטישע קונסט־קעגנשטאַנדן. פאַר דעם פלעגן זיי באַקומען לעבנסמיטלען און דאָס האָט דערמעגלעכט זיי צו האָבן אַ געוויסע באַשעפטיקונג, אי זיך בעסער צו דערנערן.

אַזוי האָבן זיך געצויגן די שלעכטע לעבנס־באַדינגונגען פון עליען און זיינע חברים ביז עס איז אָנגעקומען האַרבסט 1940, ווען די סאָוויעטישע רעגירונג האָט אויסגעטוישט די קעמפערס פאַר אַ גרופּע פראַנצויזישע בירגער, וואָס זענען געזעסן אין די רוסישע טורמעס. עליע מאָזעס איז געווען אין דער דאָזיקער גרופּע פון די שפּאַנישע מיליציאָנערן.

עליע און זיין גרופּע וואָס זענען אויסגעטוישט געוואָרן האָבן זיך פריער אָפּגערוט אין אַן אָפּרו־הויז „סלאָנעטשני גאָרס" נעבן מאָסקווע, עטלעכע וואָכן. נאָכהער האָבן זיי דורכגעמאַכט אַ שולע פאַר אָרגאַניזירן אויפשטאַנדן אין פּוי־לישע געטאָס, ווי אויך אַ שולע פאַר פּאַראַשוטיסטן. אָנהויב יאָר 1942 האָט אַ גרופּע פון זיי זיך געלאָזט קיין פּוילן מיט אַ סאָוויעטישן אַוויאָן און יעדער איי־נער איז אַרונטערגעלאָזן געוואָרן נאָענט פון זיין היים־שטאָט. עליע האָט גע־זאָלט אַראָפּגעלאָזט ווערן אין דער נאָענט פון וואַרשעווער געטאָ.

איך האָב אויפגענומען און פאַרנאָטירט צוויי ווערסיעס וועגן עליע מאָ־זעסעס אומקום אין געטאָ פון ווארשע. די ערשטע ווערסיע איז, אז עליע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט מיט זיין פאַראשוט און איז דערזען געוואָרן פון די דייטשן. ער איז געפאַלן הינטער די מויערן פון ווארשעווער געטאָ. די צווייטע ווערסיע (איבערגעגעבן פון זיין פריינט קופּיעץ, וואָס האָט געזוכט נייעס פון עליען באַלד נאָך דער באַפרייונג) איז, אַז עליע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט מיט זיין פאַראשוט און איז אָנגעקומען אויף דער אַרישער זייט. ער האָט זיך פארבונדן מיט דער אונטערערדישער יידישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ ביים צוגרייטן קאַמפּס־גרופּן און אויך באַזאָרגן געווער. אין איינעם א טאָג איז עליע, מיט נאָך א גרופּע, אויף א טרעף־פּונקט, פאַרשיט געוואָרן דורך א פּראָוואָקאַטאָר און איז אָפּגעזעסן א געוויסע צייט אין פּאַוויאַק און דאָרט איז ער דערשאָסן געוואָרן.



פון לינקס: מערעטיק, פּאַלי טרוינע, עלי מאָזעס, הינדע מענדעלסאָן פרידמאַן, אנטאלעק, עלעק טרוינע

איך ציטיר עטלעכע זאצן פון ד״ר ב. מארק, דירעקטאָר פון יידישן היס־טאָרישן אינסטיטוט אין פוילן וועגן עליע מאָזעס אין זיין בוך „חורבות דער־ציילן״. אויף די זייטן 75—76 שרייבט ער:

„יוסף לעווארטאָווסקי און זיינע חברים זענען געקומען אין געטאָ מיטן

פעסטן באשלוס צוצוטרעטן אָרגאַניזירן אַ זעלבסט־שוץ. די דאָזיקע געדאַנקען האָבן געקענט רעאַליזירט ווערן שוין אין די ערשטע מאָנאַטן פון 1942 ווען אין געטאָ האָט זיך געיאַוועט די מערקווירדיקע געשטאַלט פון אַנדזשעי שמיד, ד. ה. עליע מאָזעס"...

אונדזער משה באָרנשטיין האָט אָבער דעם ענין אויסגעפאָרשט און ווי עס זעט אויס איז אין וואַרשעווער געטאָ אַראָפּגעלאָזט געוואָרן אַ צווייטער יידישער בחור מיטן פּסעוודאָ אַנדזשיי שמידט. עליע מאָזעס איז לויט באָרנ־שטיינס פאָרשונג אַראָפּגעלאָזט געוואָרן ביי קעלץ און איז דאָרט געפאַלן אין קאַמף.

עליעס עלטערן מיט נאָך דריי קינדער האָבן געטיילט דעמזעלבן גורל ווי דער גאַנצער יידישער ישוב אין מינסק־מאַזאָוויעצק און זענען אומגעקומען אין טויט־לאַגער פון טרעבלינקע. געבליבן לעבן איז נאָר איינער פון דער משפחה מאָזעס, דער ייִנגערער זון מרדכי, וואָס לעבט ביז היינט צו טאָג אין וואַרשע מיט זיין פאַמיליע. מרדכי האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ווען ער איז געווען אין דער צייט פון קריג אין ראַטנפאַרבאַנד און געאַרבעט אין די קוילן־גרובן, האָט ער געקריגן בריוו פון זיין ברודער עליע, וואָס האָט געוווינט אין מאָסקווע. אַ געוויסע צייט שפּעטער איז אָבער איבערגעריסן געוואָרן די קאָרעספּאָנדענץ. דאָס איז געשען זיכער דאַן ווען עליע איז פּאַראַשוטירט געוואָרן אין פּוילן.

### שמואל מערעטיק

נאָך אַלס ייִנגל, אינעם 13־טן לעבנס־יאָר, ווערט שמולעק אַריינגעצויגן אין דער פּראָפעסיאָנאַלער באַוועגונג.

געבוירן אין וואַרשע 1907, דער פאָטער אַ בעקער־אַרבעטער. ווי אַ קינד פון אַנדערהאַלבן יאָר פאַרבלייבט שמולעק אַ יתום. עס שטאַרבט דער פאָטער. די מוטער ווערט די שפּייזערין פון די דריי קינדער, פון נאָך אַ ברודער און פון אַ שוועסטער. די חיונה שעפּט זי פון וואַשן וועש. זי איז אַ קעכן ביי רייכע בעלי־בתים.

עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה. די מוטער מיט אירע קליינע קינדער פאָרן אַריבער קיין מינסק־מאַזאָוויעצק, האָפנדיק דאָרט איבערצוקומען די שווערע מלחמה־יאָרן.

שמולעק, שטענדיק אַ הונגעריקער, ווערט דערצויגן אויף דער גאַס אָן מו־טערלעכער אויפזיכט. ער באַמיט זיך צו קענען מיט עפּעס העלפן זיין מוטער, וואָס ער האָט זי זייער ליב געהאַט.

און ווי שמולעק שרייבט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע אין יאָר 1941 (וואָס געפינט זיך אין אַרכיוו־אינסטיטוט פאַר פּאַרטיי־געשיכטע פון דער פּוילישער קאָמ. פּאַרטיי), באַשליסט ער צו זיינע 12 יאָר אין 1919 זיך אָנצודינגען צו אַ מייסטער זיך צו לערנען שניידעריי.

אין יאָר 1924, ווען איך בין צוריקגעקומען אין אונדזער היים־שטאָט, נאָך מיין אָפּוועזנהייט פון 4 יאָר (פון 1921 געוווינט אין אָסטראָווצע), און זיך גענומען באַקענען מיט דער יוגנט, האָט זיך שוין עפּעס גערודערט

אויפן פראָפעסיאָנעלן געביט (אומלעגאַל): קאָנפליקטן מיט מייסטערס, קלע־נערע און גרעסערע שטרייקן, און שוין צו יענער צייט האָב איך דערקענט שמולעקן.

אַ סימפּאַטישער, קלוגער בחור, מיט טיפע, קלוגע אויגן, זייער רירעוודיק, פלינק, און פון זיינע קלוגע אויגן און אויף זיין געזיכט האָט מען געקענט אראָפּלייענען נויט, ליידן.

שוין דאַן האָט שמולעק זיך אויסגעצייכנט אַלס איינער פון די בעסטע אָרגאַניזאַטאָרן. כדי צו האָבן דערפאַרונג ביים קענען פירן די פראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, האָט ער זיך געלערנט אין דער צענטראַלער אָנפירונג פון די פראָפ' פאַריינען אין וואַרשע.

אין די יאָרן 1926—1927 ווערן די צוויי פאַכן פון שניידעריי־שוסטעריי לעגאַל. שמולעק ווערט באַשטימט אַלס פאָרזיצער פון פראָפ' פאַריין פון די שניידער. אין דערזעלבער צייט ווערט געעפנט אַ קלוב, וווּ עס גרופּירן זיך די דאָזיקע צוויי פראָפ' פאַריינען, ווי אויך אַ ביבליאָטעק, לייען־זאַל, קולטור־אָוונטן, פאַרוויילונגס־צוזאַמענטרעפן. איבערהויפּט שבת אַ גאַנצן טאָג (פאַר־שטייט זיך), זומער אין די וועלדער. אין יעדער פאַרזאַמלונג און קולטור־אונטערנעמונג, האָט שמולעק אָנטיילגענומען אַקטיוו. ער האָט אויך דורכ־געמאַכט אַ צענטראַלע פּאַרטיי־שולע.

די פּאָליציי און אויסשפּיר־אַפּאַראַט האָט, פאַרשטייט זיך, אויך נישט געררוט, און דערשמעקט אין שמולעקן אַ געפערלעכן עלעמענט. און ער איז אַ סך מאָל צו זיי אין די הענט אַריינגעפאַלן און אָפּגעזעסן קורץ־ און לאַנג־טערמיניקע טורמעס. אָבער קיינמאָל האָט ער זיך נישט געבראָכן.

אין יאָר 1939, ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, איז שמולעק מערעטעק פאַרוואָגלט געוואָרן מיט נאָך מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמ' פּאַרטיי (אויך מיט יוסף לעוואַרטאָווסקי) קיין ביאַליסטאָק. זיי זענען דאָרט געזעסן אין טורמע פאַר פּאָליטישער טעטיקייט. די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען זענען אָבער אַנטלאָפן און געלאָזן די טורמעס אויף הפקר. באַלד ווי ער איז אַרויס אויף דער פריי, האָט ער באַנייט אין דער שטאָט און אומ־געגנט אַ פאַרצווייגטע אַנטי־היטלעריסטישע אונטערערדישע באַוועגונג.

ד"ר ב. מאַרק, דירעקטאָר פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע שרייבט אין זיין בוך „חורבות דערציילן" וועגן מערעטיקס טעטיקייט אינ־איינעם מיט לעוואַראַטאָווסקין: „מערעטיק — אַ רירעוודיקער, ענערגישער, אַ גוטער פאָלקס־רעדנער און אָרגאַניזאַטאָר". און ב. מאַרק זעצט ווייטער פאָר אין זיין בוך וועגן דער טעטיקייט צו שאַפן אַן איינהייטלעכן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט אין געטאָ וואַרשע: „פון עקסטרעם לינקן לאַגער זענען געווען פאַרטראָ־טן: לעוואַרטאָווסקי יוסף, מערעטיק שמולעק (אדאם צימערמאַן), אַנדזשעי שמידט און נאָך אַנדערע פאָרשטייערס פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס".

און אין זעלבן בוך, זייט 108, שרייבט ב. מאַרק וועגן טראַגישן סוף פון שמואל מערעטיק, וואָס איז געווען פון די ערשטע קרבנות: „דעם 30־סטן מאַי 1942 האָבן מערעטיק און זיינע חברים זיך געדאַרפט טרעפן מיט זייערע

פארבינדעטע (וואָס זענען גאָר געווען פאַרעטער, איינער פון די פאַרבינדלער איז געווען א ווייס־גווארדייער, א קוכער ביי פילסודסקי). אין א יידישן רעס־טאָראַן אויף דעם ראָג זאַמענהאָף—גענשע, האָבן שוין אויף זיי געוואַרט געסטאַפּאָ־אַגענטן און זיי אַרעסטירט. געשלאָסענע אין קייטן זענען זיי אָפּ־געפירט געוואָרן אין פּאַוויאַק. א קורצע צייט שפּעטער האָבן די באַנדיטן אוועקגעפירט שמולעק מערעטיק און דוד וולאסקאָ אויף דעם שאָסיי פון פּעלצעוויזנע און דאָרט זיי געהאָנגען".

## רחלע גרינבוים

און וועגן נאָך אַ העלדין פון אונדזער שטאָט אין וואַרשעווער געטאָ. דאָס איז געווען יוסף כעמיעס אייניקל רישא (רחלע) גרינבוים.

רחלע אָדער רוזשקא איז געווען די יינגסטע פון די פיר קינדער וואָס זענען געבוירן געוואָרן ביי יוסף כעמיעס זון, יידל, וואָס איז געווען אַ טויב־שטומער און געוווינט אין פּראַגע. אויך זיין פרוי, מירע גרינגרוז, איז געווען אַ טויב־שטומע אָבער זייער אַ שיינע, און זיי האָבן געהאַט פיר זעלטן־געראָטענע קינדער. די עלטסטע איז געווען רחלע. זי איז אין דער מלחמה געווען אַקטיוו אין דער אונטערער־דישער באַוועגונג אין וואַרשעווער געטאָ און איז געפאַלן מיט געווער אין האַנט בעת די לעצטע שליאַכטן. אין די דאָקומענטן פיגור־רירט זי אויפן נאָמען פון דער מוטער, גרינ־גרוז — איר פסעוודאָ איז געווען „האַראַ רישאַ".



רחלע איז געווען אַ זעלטן־שיין קינד און אַן אויסגעצייכנטע שילערין. צו 12—13 יאָר איז זי אַריינגעטראָטן אין השומר הצעיר. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן איז זי שוין געווען אַ דערוואַקסן רייף מיידל, וואָס האָט איבערגענומען די גאַנצע זאָרג פון דער שטוב, נאָך דעם ווי איר צווייטע שוועסטער, דאָרקע, איז אַוועק קיין רוסלאַנד. מיט איר איז זי טאַקע אַלע יאָרן געשטאַנען אין אַ בריוולעכן קאָנטאַקט און איר געשריבן קיין כאַרקאָוו וועגן מצב אין שטוב און וועגן איר טעטיקייט אין וואַרשעווער געטאָ, וווהין זי האָט געמוזט, נאָכן שאַפן פון געטאָ, אַריבער פון פּראַגע ווו זיי האָבן געוווינט פאַר דער מלחמה. דאָרקע האָט וועגן דער טעטיקייט פון איר שוועסטער זיך דערוווסט אין יאָר 1961 פון אַ פּויליש בוך, וואָס זי האָט צופעליק געלייענט. באַלד נאָך דעם האָט זי זיך פאַרבונדן מיט פּראָפ' מאַרק פון היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע און פון אים האָט זי באַ־קומען גענויע ידיעות וועגן איר שוועסטער, און נעמלעך:

„האַראַ רישאַ" האָט געהערט צו די דרייסטע און דינסטגרייטע קעמפערינס

פון וואַרשעווער געטאָ. אַ געוויסע צייט האָט זי דערפילט די לעבנסגעפערלעכע פונקציע אַלס פאַרבינדלערין פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. פאַרשטעלט אַלס אַריערין פלעגט זי אַריבערפירן צו די געטאָס פון טשענסטאָכאָוו, קראָקע א.א. געווער, אינסטרוקציעס און מענטשן. אין דעצעמבער 1942 האָט זי אַריבער־געפירט די לעצטע קעמפּער פון געטאָ אין קראָקע קיין וואַרשע. שוין אין ערשטן אויפשטאַנד אין יאַנואַר 1943 האָט זי זיך באַטייליקט אין די קאַמפן. געפאַלן איז זי מיט געווער אין האַנט אין די לעצטע קאַמפן פון אַפּריל־אויפשטאַנד אין וואַר־שעווער געטאָ, ווען זי איז אַלט געווען בלויז 23 יאָר.

איר שוועסטער דאָרקע, וואָס איז געבליבן אין רוסלאַנד, איז עולה־געווען קיין ישראל. זי האָט געאַרבעט אַלס קראַנקן־שוועסטער און איז נאָך אַ שווערער מלחמה־קראַנקהייט יינג געשטאָרבן.

## יאַנקל מינסקי

דערשאָסן געוואָרן אַלס ערובניק, פעברואַר 1942,
פאַר אַנטיילנעמען אין רעזיסטאַנס.

ביים סוף פון דער קאַלושינער גאַס, אויפן וועג קיין קאַלושין, האָט געוווינט דער באַשיידענער פאַלקסמענטש משה מינסקי מיט זיין פרוי איטע און זייערע דריי קינדער. משה מינסקי האָט געאַרבעט שניידעריי פאַר מיליטער (מען האָט אים גערופן דער מיליטערישער שניידער) צוזאַמען מיט זיינע קינדער: זייער טאָכטער גיטל, אַ שוואַרץ חנווודיק מיידל, און זיינע צוויי סימפּאַטישע זין — דער עלטערער יאַנקל און דער יינגערער חיים. משה מינסקי האָט זיינע צוויי זין געשיקט פון די פריע יאָרן אין חדר, כדי דאָרט אויסצולערנען אַביסל לערנען און דאַווענען. שפּעטער האָט ער זיי געשיקט אין אַ שולע כדי אויך צו קענען אַביסל שרייבן און לייענען. ווען זיי זענען אונטערגעוואַקסן האָט ער זיי אויסגעלערנט דאָס פאַך — שניידעריי — כדי איס צו העלפן אין דער שווערער פּרנסה.



יאַנקל מינסקי
אין אַ מונדיר
פון אַ פראַנצויזישן
זעלנער, 1941

יאַנקל מינסקי האָט זיך אָבער אויסגעטיילט פון אַלע קינדער דערמיט, וואָס ער האָט אויך אָנגעהויבן צו ווערן געזעלשאַפטלעך אַקטיוו און נישט באַנוגנט זיך מיט דעם טאַטנס דערציונג. אַ הויכער, לוסטיקער און סימפּאַטישער בחור, האָט מען אים אַלץ מער אָנגעהויבן זען צוזאַמען מיט אַ סך חברים אינעם קולטור־קלוב ווו ער האָט אויך אָנגעהויבן ווערן אַקטיוו אין פאַרשידענע קולטור־פּאָליטישע אַקציעס אין דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג.

בעתן פּאָגראָם וואָס איז פּאָרגעקומען אין 1936 איז מינסקי געווען צווישן די וואָס האָבן געפּרוווט אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד, פּאַרטיידיקן יידישע לעבנס קעגן די כוליגאַנעס. די פּאָליציי האָט די אַלע אָנגעהויבן צו רודפן, און אַ סך פון זיי האָבן געמוזט פּאַרלאָזן פּוילן אומלעגאַל. צווישן זיי איז אויך געווען יאַנקל.

יאַנקל איז אָנגעקומען קיין פּאַריז. די געזעלשאַפט פון די מינסק־מאַזאָוויעצקער האָט אים געהאָלפן איינאָרדענען זיך געניי ווי זי האָט דאָס געטאָן לגבי אַלע אַנדערע אַראָפּגעקומענע מינסקער אין יענער צייט. מען האָט אים געהאָלפן ער זאָל קענען וווינען און אַרבעטן אין פּאַריז, און עס האָט לאַנג נישט געדויערט און יאַנקל האָט אָנגעהויבן פּאַרנעמען אַ פּלאַץ אין געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן לעבן — געניי ווי ער איז געוווינט געווען אין מינסק.

ווען עס ברעכט אויס די מלחמה, טרעט יאַנקל אַריין פּריי־ווויליק אין דער פראַנצויזישער אַרמיי. ער מאַכט דורך איבונגען אין די מיליטערישע צענטערס אין וואָלבאָקי, ווי אויך אין בארקארעס און ווערט געשיקט אויפן פראָנט. נאָכן אונטער־שרייבן דעם פייער־איבעררייס דורך פּעטען, ווערט יאַנקל דעמאָביליזירט אין מיליטערישן צענטער סעטפאַן און קומט צוריק קיין פּאַריז.

אין יאָר 1940, שוין אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע, האָבן זיך אָנגעהויבן בילדן די ערשטע קעמערלעך פון אַנטי־נאַצישן ווידערשטאַנד. די ערשטע אַרבעט איז באַשטאַנען אין זאַמלען געלט דורך פּאַרקויפן ספּעציעלע מאַרקעס. די הכנסה איז געגאַנגען פאַר צוועקן פון פּראָפּאַגאַנדע, אָבער שוין אין 1941 איז נויטיק געווען צו שטיצן פּאַמיליעס וועמענס פּרנסה־געבערס זענען אינטערנירט געוואָרן אין די לאַגערן לילא און דראנסי (ביי פּאַריז), אין די צוויי גרויסע קאָנצענ־טראַציע־לאַגערן פּיטעוויע און באַן־לאַ־ראלאנד (150 ק״מ פון פּאַריז), ווי אויך איך און מיין ברודער משה, האָבן זיך געפונען צווישן די אינטערנירטע פינף טויזנט מענער.

יאַנקל מינסקי איז אין פּאַריז געווען צווישן די אַקטיווע זאַמלערס און זיך תמיד אַרומגעטראָגן מיט בלאָטשקעס פון די מאַרקעס און באַשטייערט מענטשן לטובת דער אונטערערד־באַוועגונג.

אין איינעם אַ טאָג איז פּאָרגעקומען אַ גרויסע אָבלאַווע אין 12טן אראנדיסמאַן אין וועלכן עס האָט געוווינט יאַנקל מינסקי (רי קראָזאַטיע). אַלע יידן זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון זייערע וווינונגען און מיט שוואַרצע אויטאָמאָבילן האָט מען זיי אָפּגעפירט אין די קאָמיסאַריאַטן. בעת דער רעוויזיע ביי יאַנקלען אין שטוב האָט מען געפונען די בלאָקן מיט די מאַרקעס צו זאַמלען געלט. באַלד אין זעלבן טאָג איז ער אַריבערגעפירט געוואָרן אין לאַגער ביי פּאַריז לילא. דאָרט איז ער געהאַלטן געוואָרן בלויז עטלכע טעג. פון לילא האָט מען אים אַריבער־

געפירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער דראַנסי. דאָ האָט די געסטאַפּאָ תמיד געהאַלטן אַ רעזערוו, כדי פון צייט צו צייט צו דערשיסן עטלעכע ערובניקעס.

אי־ן חודש פעברואר 1942 האָט די „געסטאַפּאָ" ווידעראַמאָל אַרויסגענומען פון דעם לאַגער אַ גרופּע ערובניקעס, כדי צו דערשיסן און אָפּשרעקן דערמיט די רעזיסטאַנס־באַוועגונג. אין דער גרופּע וואָס האָט געציילט זיבן יידן און נישט־יידן איז אויך געווען אונדזער יאַנקל מינסקי. ער איז צוזאַמען מיט זיינע חברים דערשאָסן געוואָרן דורך די געסטאַפּאָ־לייט — ווי אַ נקמה־אַקט קעגן דער פראַנצויזישער רעזיסטאַנס און אירע קעמפער.

וואַרשעווער גאַס מיטן אַפּטייק



משה באַרנשטיין
(ירושלים)

# די מערדער פון דער „שוואַרצער סאַבינע"
# האָבן זייער שטראָף נישט באַקומען

„די שוואַרצע סאַבינע" — אַזוי האָט מען זי גערופן אין דער פּאַרטיזאַנקע און מיט דעם נאָמען איז זי באַקאַנט געווען אין דער גאַנצער געגנט פון ראַדאָם. תמיד האָט מען זי געזען רייטנדיק אויף אַ גרויס פערד — שלאַנק, פלינק, מיט צעלאָזטע האָר אויפן ווינט. קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס איז אַ יידישע פרוי פון מינסק, אַ מאַמע פון צוויי טעכטערלעך. סאַלע באַרנשטיין, פון דער היים אַראָנזאָן, די טאָכטער פון עליע „מאַלפע"...

די „שוואַרצע סאַבינע" איז געווען אַ פאַרבינדלערין ביים שטאַב פון די „באַטאַליאָני כלאָפּסקיע" (פויערישע פּאַרטיזאַנער־באַטאַליאָנען). אָנגעקומען אַהין איז זי נאַטירלעך מיט פאַלשע פּאַפּירן ווי אַ קריסטין און גיך האָט זי זיך געשאַפן אַ שם מיט איר דרייסטקייט, געשיקטקייט, העלדישקייט און איבערגעגעבנקייט ביים דערפילן פאַרשידענע פּאַרטיזאַנישע אויפגאַבן. מאָדנע האָט אויך אויסגעזען דער גרויסער רעוואָלווער וואָס זי האָט געטראָגן אָנגעשפּילעט צו איר פּאַרטי־זאַנער־בלוזע. געוווינט האָט זי אין אַ צימערל פון אַ מיל, נישט ווייט פונעם פּאַרטיזאַנער־שטאַב.

סאַלע איז געווען די פרוי פון מיין עלטסטן ברודער — איגנאַץ.

ווען איך בין צוריקגעקומען קיין פּוילן פון רוסלאַנד אין יוני 1946 און גע־טראָפן דעם גרויסן חורבן אין אונדזער שטאָט, האָב איך זיך אַביסל געטרייסט דערמיט, וואָס איך האָב אָפּגעפונען כאָטש עטלעכע פון מיינע משפּחה־מיטגלידער. קודם־כל האָב איך געטראָפן מיין ברודער ראובן, וואָס איז אויך צוריקגעקומען פון רוסלאַנד. נאָך לאַנגע זוכענישן האָב איך אָפּגעפונען מיין שוועסטער צעשע, וואָס האָט איבערגעלעבט די מלחמה אין מינסק. אַ גרויסע פרייד איז פאַר מיר געווען צו הערן אַז ביידע מיידלעך פון מיין ברודער איגנאַץ און שוועגערין סאַלע, זענען אויך געבליבן לעבן. די יינגערע, טערעסע, האָב איך געפונען אין קינדער־היים ביי אָטוואָצק און די עלטערע, זוזיע, איז שוין געהאַט אַרויסגעפאָרן מיט אַ קינדערהיים קיין פאַריז צו סאַלעס שוועסטער רוזשקע סטאַניסלאַוו מיט איר פאַמיליע. זי איז געווען ביי איר מומע ביז זי האָט געהייראַט און לעבט ביזן היינטיקן טאָג מיט איר פאַמיליע נישט ווייט פון פאַריז. טערעסע איז דעמאָלט אַלט־געווען זיבן יאָר און איך האָב זי גענומען גלייך צו מיר. זי איז אגב שפּעטער אומגעקומען אין עלטער פון 28 יאָר צוזאַמען מיט איר מאַן אין אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע. דאָס איז געווען אין 1966.

וועגן איגנאַץ און זיין פרוי סאַלע האָב איך געוווּסט, אַז זיי זענען אומגעקומען בעת דער אָקופּאַציע, אָבער קיינער האָט מיר נישט געקענט גענוי דערציילן ביי וואָס פאַראַ אומשטענדן דאָס איז געווען. ערשט ביי אַ באַקאַנטן קריסט, קאַזיק ציעפּלעווסקי, אין ראַדאָם, וועלכער איז געווען גוט באַפריינדעט מיט סאַלעס

פאַמיליע, האָב איך געהערט די געשיכטע פון סאַלעס אַנטייל אין דער פּאַרטי־זאַנער־באַוועגונג און מער־ווייניק וויאַזוי זי איז אומגעקומען.

קיין פּוילן בין איך צוריקגעקומען ווי אַן אָפיציר אין דער פּוילישער אַרמיי. אין מונדיר בין איך אַוועק קיין ראַדאָם און אָנגעהויבן פאָרשן דעם ענין, זוכן פּאַרטיזאַנער וואָס האָבן געקענט די „שוואַרצע סאַבינע". דער זעלבער קאַזיק האָט געהאַט גוטע פאַרבינדונגען און ער איז מיט מיר אומעטום מיטגעפאָרן. מיט זיין הילף האָב איך זיך באַגעגנט מיט פּאַרטיזאַנער פון דער זעלבער אָפּטיילונג, וואָס האָבן גוט געקענט די „שוואַרצע סאַבינע".

מיט דער הילף פון אַ סך פּלעשער בראָנפן האָבן זיך די צינגער ביי זיי צערעדט, און עס איז מיר געלונגען אָנצוזאַמלען אַביסל מאַטעריאַל וועגן אמת פון איר טראַגישן אומקום.

אין 1944 ווען די רויטע אַרמיי האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צום בוג, האָט דער שטאַב פון די „באַטאַליאָני כלאָפּסקיע" באַקומען אַ באַפעל זיך גרייטן צום קבלת פנים פאַר דער אַרמיי און איינשטעלן אַ מיליטערישע צוזאַמענאַרבעט. אויך סאַבינע האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן. זי איז אַוועק אין איר קוואַרטיר אין דער מיל און אָנגעהויבן פּאַקן אירע זאַכן. פון אַ פאַרבאָרגן באַהעלטעניש האָט זי אַרויסגענומען אַ זעקעלע, אין וועלכן זי האָט אין געהיים געהאַלטן אַ פּאָר פאָטאָס פון איר מאַן און פון די צוויי מיידעלעך, און דעם ריכטיקן דאָקומענט אירן. די אייגנטימערין פון דער מיל האָט דאָס געזען פון איר באַהעלטעניש, פון וועלכן זי האָט נאָכגעשפּירט די פּאַרטיזאַנקע. זי איז געווען זיכער, אַז אינעם דאָזיקן זעקעלע געפינט זיך אַן אוצר. ווען סאַבינע איז אויף אַ מאָמענט אַרויס פון צימערל, האָט די גויע אויף גיך געכאַפּט אַ בליק אינעם זעקעלע, וואָס איז געלעגן אויפן בעט און זיך דערוויסט, אַז די „שוואַרצע סאַבינע" איז גאָר אַ יידישע. זי האָט דאָס גלייך געמאָלדן אין שטאַב און אינעם זעלבן אָוונט איז אויסגעפירט געוואָרן אַ טויט־אורטייל איבער סאַבינען. זי איז דערשאָסן געוואָרן אין אַ דערבייאיק וועלדל און באַגראָבן געוואָרן אויפן אָרט.

מען האָט מיר אָנגעוויזן אויפן וועלדל און איך האָב דאָרט לאַנג געזוכט סימנים פון אַ קבר און גאָרנישט געפונען. נאָך מער — איך האָב זיך אפילו דערוויסט ווער איז דער פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָט זי געשאָסן. דאָס איז געווען אַן איינוווינער פון דער געגנט וואָס איז אין יאָר 1946 געווען אַפילו פאָרזיצער פון דער נאָענטער שכנותדיקער מלוכהשער דאָרף־ווירטשאַפט... איך האָב אַפילו קאַזיקן אַריינגעשיקט אין דער מיל צו כאַפּן אַ שמועס מיט דער אייגנטימערין. איר ענטפער אויף זיינע פראַגן איז געווען אַ קורצער: לאָז אָפּ דעם ענין, אויב דו ווילסט נישט טיילן דעם גורל פון יענער סאַבינע.

די צייט איז נאָך דעמאָלט געווען נישט זיכער. אין יענער געגנט האָבן כסדר גראַסירט באַנדעס פון אַ.ק. און נ.ס.ז.; איבערפאַלן און מאָרדן זענען געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, באַזונדערס איבער יידן, וואָס האָבן זיך געוואָלט אומקערן אין זייערע הייזער. קורץ נאָכדעם איז פאָרגעקומען דער קיעלצער פּאָגראָם. צוריקגעקומען קיין וואַרשע האָב איך אָנגעשריבן אַן אויספירלעכן ראַפּאָרט פון מיינע אַנטפּלעקונגען מיט אַלע פּרטים, נעמען, ערטער, עדות און

דעם מאַטעריאַל איבערגעגעבן אינעם מיניסטעריום פאַר עפנטלעכער זיכערקייט מיט דער פאָדערונג דורכצופירן אַן אויספאָרשונג, און די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן דאָזיקן מאָרד צוציען צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מאַנאַטן זענען אַדורך און איך האָב קיין שום ענטפער נישט באַקומען. איך האָב געמאַכט אַ צווייטע אינטערווענץ און געפאָדערט שאַרף צו נעמען שטעלונג צום מאַ־טעריאַל, דראָענדיק אַז אין קעגנפאַל וועל איך אַרויסברענגען דעם ענין פאַר דער עפנטלעכקייט.

באַלד נאָך דעם האָב איך באַקומען אַ מיליטערישן באַפעל, ווי צו אַן אָפיציר, איך זאָל זיך מער מיט דעם ענין נישט פאַרנעמען, ווייל עס איז נישט איצט די פּאַסיקע צייט דורכצופירן אַזעלכע עפנטלעכע אויספאָרשונגען. דאָס איז עלול צו קאָמפּראָמיטירן אייניקע פּערזאָנען, וואָס פאַרנעמען איצט פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין דער אַדמיניסטראַציע און בכלל אָנגעזעענע פּאַרטיי־פירער פון פּ. פּ. ר. (פּוילישע קאָמוניסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי). די זיכערקייט־אָרגאַנען זענען איצט אין דעם נישט פאַראינטערעסירט, אָבער מיט דער צייט — האָט מען מיר צוגעזאָגט — וועט מען זיך מיט דעם ענין פאַרנעמען...

איך האָב נישט גערוט און זיך אויך געווענדעט צום גענעראַל „וויטאָלד" (יוזוויאַק), וועלכער איז דעמאָלט געווען דער פאָרזיצער פון העכסטן מלוכה־קאָנטראָל־קאָמער „ניק", אין וועלכן עס האָט פאַרנומען אַ הויכן אַמט סאַבינעס קאָמאַנדיר אָשקי, אַן וועמענס הסכמה עס איז נישט מעגלעך געווען אויסצופירן דעם טויט־אורטייל. אויך גענעראַל וויטאָלדס ענטפער איז געווען, אַז „נישט איצט איז די צייט"... דערביי האָט ער צוגעגעבן, אַז אַזעלכע געמיינקייטן זענען פאַר אים נישט קיין נייס. ער קען פיל ערגערע פאַלן...

דערמיט האָט זיך געענדיקט די אויספאָרשונג מיינע — די מערדער פון מיין שוועגערין אין מינסק, די העלדישע פּאַרטיזאַנער־קעמפערין אין דער ראַדאָמער געגנט, וועלכע איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך אירע אייגענע מיטקעמפער נאָר ווייל עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז אַ ייִדישקע — זענען קיינמאָל נישט באַשטראָפט געוואָרן פאַר זייער פאַרברעכן און זיי זיצן ביז היינט אויף פאַר־אַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין דער פּאַרטיי און מדינה פון „פּאָלקסדעמאָקראַטישן" פּוילן...

אויך סאַבינעס מאַן, מיין ברודער איגנאַץ, איז אומגעקומען ביי די פּאַרטיי־זאַנער.

באַלד ווי די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט אויף מזרח צוזאַמען מיט מיין ייִנגערן ברודער ראובן — צוערשט קיין פּינסק און דערנאָך קיין לעמבערג, וווּ עס האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרעסערע גרופּע מינסקער. די שווערע באַדינגונגען, און דער עיקר — די בענקשאַפט נאָך פרוי און קינדער האָט אים צוריקגעבראַכט קיין מינסק. צוערשט האָט ער געאַרבעט ביי זיין פאַך, ווי אַ צאָן־טעכניקער, ווייל ער האָט געהאַט אַ סך פּוילישע קליענטן און פריינט. ווען דאָס געטאָ איז אויפגעשטעלט געוואָרן, האָט ער געאַרבעט אינעם סאַני־טאַרישן דינסט. איגנאַץ האָט אויסגענוצט די נאָענטע פריינטשאַפט זיינע מיטן פּאָוויאַטאָוון דאָקטער מאַצקעוויטש, כדי צו לינדערן אַביסל דעם געזונט־מצב

אין געטאָ. נאָך דער אויסראַטונג איז ער אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער פון „אַרמיאַ ליודאָוואַ". אין אַ צוזאַמענשטויסביים דאָרף וואָלקי איז ער געפאַלן אין קאַמף.

פּרטים וועגן זיין העלדישן פאַלן האָט מיר איבערגעגעבן דער פירער פון די פּוילישע קאָמוניסטן אין מינסק, סטאַשעק דאָמבראָווסקי. ער איז אויך געווען דער קאָמענדאַנט פון דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע, אין וועלכער איגנאַץ האָט גע־קעמפט. דאָמבראָווסקי האָט מיר אויך אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן דאָקומענט, אין וועלכן ער באַשטעטיקט דאָס, און רעכנט דערביי אויס די העלדישע מעשים פון מיין ברודער.



פון אויבן: יצחק באַרנשטיין, זיינע צוויי שוועסטערס, און די „שוואַרצע סאַבינע" מיט אירע צוויי קליינע מיידעלעך

**שאַיע אָפּענהיים**
(ניו־יאָרק)

# איך האָב דערפילט מיין פעטערס צוואה...

אַ שטיק צייט פאַר דער „אַקציע" האָב איך שוין געהאַט אַן אַרישן דאָקומענט. איך האָב געפילט, אַז עס רוקט זיך אונטער אַ ביטערע צייט פאַר יידן.

קורץ פאַר דער „אַקציע" האָב איך גערעדט מיט מיין פעטער משה קראַמאַזש. ווי דער פאָרזיצער פון יודענראַט, איז ער נאָרוואָס געהאַט צוריקגעקומען פון לאַנדראַט. דאָרט האָט אים דער רעפערענט פאַר יידישע ענינים באַטז פאַרזיכערט, נאָכן באַקומען פון אים אַ היבש פעקל מיט ווערטזאַכן, אַז יידן אין מינסק וועלן נישט אויסגעזידלט ווערן. איך האָב נישט געהאַט דעם איינדרוק, אַז מיין פעטער גלייבט אים. דאָס האָט עדות־געזאָגט זיין פאַרזאָרגט פנים. ווייסנדיק אַז איך — מיט מיין אַרישן אויסזען און דאָקומענט אַלס פּאָליאַק וואָס איז געבוירן געוואָרן אין בריסק, סטאַניסלאַוו אָשינסקי — קען זיך פריי באַוועגן, און האָב אויך אַ קאָנטאַקט מיט דער פוילישער אונטערערד, האָט ער מיר געזאָגט: „בלייב לעבן און צאָל זיי צוריק!".

דער זעלבער באַטז האָט אין טאָג פון דער „אַקציע", פאַרלאַנגט פון מיין פעטער ער זאָל האַלטן פאַר די יידן אין מאַרק אַ רעדע, זיי באַרואיקן און פאַר־זיכערן, אַז מען פירט זיי בלויז אויף אַרבעט. משה קראַמאַזש האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן. פאַרקערט — אַלעמען, וועמען ער האָט נאָר געקענט, האָט ער געזאָגט אויף העברעיש: „מאַכטס פליטה, ראַטעוועט זיך!". פאַר דעם האָט ער באַקומען קלעפּ פון באַטזן און פון גוטבעליי. דאָס איז אפשר אויך געווען די סיבה, אָדער איינע פון די סיבות, וואָס משה קראַמאַזש מיט אַנדערע מיטגלידער פון יודענראַט זענען אַזוי בעסטיאַליש געפּייניקט געוואָרן אַ גאַנצע נאַכט און צומאָרגנס נאָך דער אַקציע, שבת פאַרטאָג, זענען זיי דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט, אין מינסק, און נישט אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

באַטזן האָב איך באַלד נאָך דער מלחמה באַגעגנט אין דייטשלאַנד ווי אַ הויכן באַאַמטן פאַר „ווידערגוטמאַכונג". איך האָב עדות געזאָגט קעגן אים. דאָס זעלבע אויך אַנדערע מינסקער לעבנגעבליבענע, און באַזונדערס לעבנגעבליבענע פון קאַלושין. מיר האָבן אָפּגעגעבן עדות־דערקלערונגען קעגן אים. ביזן היינטיקן טאָג איז אָבער באַטז, דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער אויסראָטונג פון איבער 16 טויזנט יידן אין מינסקער פּאָוויאַט, נאָך אַלץ אויף דער פריי.

אונדזער משפחה האָט געהאַט מזל און חוץ מיין מוטער זענען מיר געבליבן נאָך דער אַקציע; מיין טאַטע מיט מיין ייִנגסטן ברודער יאַנקל זענען געווען ביי רודזקין אין פאַבריק. מיין עלטערער ברודער, חיים־ברוך מיט זיין חברטע טושקע פאַרבמאַן, האָבן שוין געהאַט פּאַפּירן אַלס אַריער און געוועזן מיט מיר אין וואַרשע. מיין ערשטע אַרבעט איז געווען אויסאַרבעטן פּאַפּירן פאַר מיין פאָטער און ברודער ווי אויך פאַר מיין גוטן קאָלעגע יחיאל קירשנבוים.

מיט אַ סך געלט, און מיט דער הילף פון פוילישע פריינט אין אונטערערד,

איז מיר דאָך געלונגען. איך האָב זיי געבראַכט קיין וואַרשע, אָבער זיך נישט פאַרלאָזט אויף זייער אויסזען און געהאַלטן זיי אין אַ קאָנספּיראַטיווער דירה.

דאָס איז נישט געווען אַזוי פּשוט. געווען „וואסיפּעס" און נישט איינמאָל האָט מען געמוזט זוכן אַ נייע „מלינע".



מענדל אָפּענהיים אין דער מלחמה



יאַנקל אָפּענהיים אין סאַנאַטאָריע

די גאַנצע צייט בין איך געווען טעטיק אין דער אונטערערד, געשמוגלט שפּייז פאַרן וואַרשעווער געטאָ, אויסגעאַרבעט פאַלשע „פּאַפּירן" און איך בין אויך געווען אַן עדות ווי די דייטשן פאַרברענען דאָס וואַרשעווער געטאָ... פון וואַרשעווער געטאָ האָב איך אַרויסגעראַטעוועט 22 יידן פון סאַמע פייער און געבראַכט זיי אין „האָטעל פּאָלסקי", וווּ איך האָב געוווינט מיט מיין פאָטער און ברודער פאַר וועלכע איך האָב לסוף אויסגעאַרבעט פאַלשע פּאַפּירן אַלס אויס־לענדישע בירגער. דאָ האָט מען לסוף אָנגעזאַמלט אַן ערך 600 יידן מיט אויס־לענדישע פּעסער. מיין טאַטע האָט געגלייבט אַז די געסטאַפּאָ וועט האַלטן וואָרט און די יידן טאַקע דערלויבן אַרויסצופאָרן. איך האָב אָבער נישט געגלייבט. איך האָב ווידער אַרויסגענומען מיין דאָקומענט אַלס פּאָליאַק און האָב פאַרלאָזט דעם „האָטעל פּאָלסקי". לסוף האָבן די דייטשן די אַלע 600 יידן אַרויסגעפירט אין גרופּעס — צו 15 ביז 20 — און זיי אַלע אויסגעשאָסן. צווישן זיי איז אויך געווען מיין פאָטער, מענדל אָפּענהיים.

קורץ נאָכדעם בין איך אַרעסטירט געוואָרן — צום גליק נישט אַלס ייד נאָר אַלס פּאָליאַק אונטערן פאַרדאַכט פון פירן אונטערערדישע טעטיקייט. איך בין אָפּגעזעסן 13 חדשים אין דער תפיסה אין פּאַוויאַק, דורכגעמאַכט אַלע מינים אויספאָרשונגען און טאָרטורן. די געסטאַפּאָ האָט געוואָלט אַרויסבאַקומען פון מיר סודות פון דער אונטערערד, אָבער אָן דערפאָלג. לסוף בין איך פון דאָרט אַנטלאָפן צוזאַמען מיט נאָך אַרעסטאַנטן נאָך דעם ווי אין משך פון חדשים האָבן מיר

אויסגעגראָבן אַן אונטערערדישן טונעל, וואָס האָט זיך פּאַראייניקט מיט דער אַלגעמיינער קאַנאַליזאַציע פון דער שטאָט. ווען איך בין נאָך דריי טעג וואַנדערן אין די פינצטערע אונטערערדישע קאַנאַלן אַרויס צום טאָג־שיין, בין איך אַריינ־געפאַלן אין סאַמע מיטן פון וואַרשעווער אויפשטאַנד פון 1944. גאַנץ וואַרשע האָט געברענט פון אַלע זייטן. נישט געקוקט דערויף וואָס איך בין געווען פאַר־ווונדעט אין אַ האַנט און קני, האָב איך גלייך געשטעלט זיך בראש פון אַ גרופּע אויפשטענדלער, אַלס לויטענאַנט פון דער אַ. ק.־אַרמיי. איך מיט מיין גרופּע, האָבן באַוויזן אויסצוהאַלטן און פירן אַ בלוטיקן קאַמף קעגן די נאַציס 54 טעג. צום ערשטן מאָל בין איך געשטאַנען פּנים אל פּנים מיטן דייטשן שונא און נקמה־גענומען. אין מיינע אויערן האָט כסדר געקלונגען מיין פעטערס צוואה: „צאָל זיי צוריק!״.



טושקע פאַרבמאַן



חיים ברוך
אָפּענהיים אין
אַ מיליטערישן
מונדיר

נאָכן אַכזריותדיקן אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד האָב איך דורכגעבראָכן די אַרומרינגלונג פון די דייטשע חיילות און צוזאַמען מיט נאָך פינף פון מיינע קעמפער דורכגעשווימען די ווייסל. דאָס איז געשען אונטערן האָגל פון מאַשין־געווער. די קוילן זענען אונדז געפלויגן איבער די קעפּ און אָנגעשלאָגן אינעם וואַסער אַרום אונדז. אַזוי ביז מיר זענען דערשווימען אויף יענער זייט און אָנגעקומען צו דער פּוילישער אַרמיי וואָס האָט שוין געהאַט באַפרייט דעם גאַנצן מזרחדיקן ברעג פונעם ווייסל.

נאָך פריער האָט אויך מיין ברודער חיים־ברוך, זעענדיק ווי די באַפרייונג פון וואַרשע פאַרשלעפּט זיך, באַשלאָסן דורכצורייסן זיך דורכן פראָנט. ער מיט טושקע פאַרבמאַן האָבן אָבער אָנגעטראָפן אויף אַ מינירט פעלד און זענען צעשמעטערט געוואָרן. מיין ברודער יאַנקל מיט יחיאל קירשנבוים זענען שוין געווען אויף דער פריי, ווייל זיי האָבן זייער באַהעלטעניש געהאַט אין פּראַגע. דריי טעג פאַר דער באַפרייונג פון פּראַגע האָט נאָך יאַנקל באַקומען אַ בריוול פון חיים־ברוכן, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין גראָכאָוו. דאָס בריוול,

געשריבן אין פויליש, האָט זיך אויפגעהיטן ביי מיר ביזן היינטיקן טאָג. חיים־ברוך פרוווט אים באַרואיקן און שיקט אים עפּעס צום עסן, וואָס איז אין פראַגע דעמאָלט נישט געווען צום באַקומען. ער שרייבט:

„איך בין נישט וויניקער באַזאָרגט ווי דו יאַנעק. איך בין גרייט צו אַלעם, ווייל עס איז קיין שום עצה נישטאָ. איך וועל זיך באַראַטן מיט געניען (טושקע פאַרבמאַן — רעד.) און אפשר וועל איך קומען צו אייך. געניע איז אַוועק וועגן אַרויסלאָזן זיך קיין מינסק, אָבער דערווייל איז גאָרנישט דערפון געוואָרן. מעגלעך אַז איך וועל אַליין ריזיקירן און אַוועק מיט געניען, אָדער אָדער... איך שיק דיר אַ האַלבן קילאָ פעטס, 1 קילאָ ברויט, 3/4 קילאָ מעל און 1 קילאָ קאַשע. איך אַליין ווייס נישט וואָס צו טאָן. געניע ראָט מיך איך זאָל קומען צו אייך, אָבער דאָס עצם קומען צו אייך קען זיין פאַרדעכטיק און אייך אויסגעבן. איך באַמי זיך דאָ צו זיין אויסגעמישט מיט אַלע, אָבער מען קען נישט וויסן. קען זיין, אַז דאָס וועט מיך אומברענגען. עס פעלט מוט עפּעס אונטערצונעמען. שוין צו שפּעט.

„יאַנעק, איך הער אַז דו פאַרנעמסט זיך מיט נאַרישקייטן און וויינסט. אויך מיר נעמט אָפּ אַן אַ געוויין, עפּעס וואָס ברעכט זיך איין. דאָס וועט אָבער גאָרנישט העלפן. איך האָב שוין אייך אין אַלגעמיין באַוויינט, ווייל מען האָט פאַרשידנס וועגן אייך דערציילט".

שאיע אַפּענהייט
מיט רוזשקע עדלשטיין



מיין יינגערער ברודער יאַנקל איז געבליבן לעבן, אָבער ביז היינטיקן טאָג געפינט ער זיך אין אַן אַנשטאַלט פאַר אומהיילבאַרע קראַנקע. אָט דאָס וואָס ער האָט „פאַראיבעריקט" פון זיינע פיינלעכע איבערלעבונגען אין יענע גרויל־טעג, ווען אונדזער גורל איז געהאָנגען צווישן לעבן און טויט.

**יחיאל קירשנבאַום**

# די שטאָט אָן יידן

### נאָך דער באַפרייונג

21 חדשים האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ באַהעלטעניש אין פראַגע. דורך אָט דעם באַהעלטעניש זענען פאַר דער צייט דורכגעגאַנגען נישט ווייניקער ווי 47 יידן, אַ טייל געווען אַ קליינע צייט, אַ טייל אַביסל לענגער. צום סוף זענען מיר געבליבן 13 יידן פון פאַרשידענע עקן פוילן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי אָט דער פוילישער משפחה, סקאַלסקי. געלט פאַר אונדזער אויסהאַלט האָבן מיר באַקומען פון דער הילפס־אָרגאַניזאַציע וואָס איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער „לאָנדאָנער דעלעגאַטור". מיר האָבן געוווּסט, אַז מיט געבן אָט די הילף פאַרנעמט זיך פרוי בערמאַן („באַשאַ"), סאַמסאָנאָוויטש („לעשטשינסקי") פון פּיאָטרקאָוו, בוגאיסקא פּאַלאַ א.א. אין דעם באַהעלטעניש איז מיט מיר אויך געווען מענדל אָפּענהיים מיט זיין זון יאַנקל, ווי אויך דינה — לעווענטאַלס אייניקל (איצט לאַנדבוים). אַ געוויסע צייט — אויך יאַנקל גרינבערג מיט זיין זון ישראליק.

צוויי מאָל האָט מען אונדז אַנטדעקט אין דעם באַהעלטעניש און די „שמאַל־צאָווניקעס" האָבן ביי אונדז צוגענומען אַלץ וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט.

דעם 16טן סעפּטעמבער 1944 איז פראַגע באַפרייט געוואָרן. איך בין אַרויס פון באַהעלטעניש און צוזאַמען מיט יאַנקל אָפּענהיים האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט קיין מינסק, וואָס איז שוין געווען פריי זינט אָנהייב אויגוסט.

אָן אויסגעמאַטערטער האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג. דער געדאַנק אַז באַלד וועל איך זען אונדזער שטאָט, האָט מיר אָבער געגעבן כוח און מוט צו אָט דער שווערער ערשטער וואַנדערונג נאָך דער באַפרייונג.

פאַרנאַכט־צו בין איך אָנגעקומען. די גאַסן פון מינסק זענען געווען פוסט, אָן סימנים פון לעבן. אין די פענצטער האָט זיך נישט געלויכטן קיין שום ליכט, נישט בלויז צוליב דער מלחמה־פאַרטונקלונג.

איך האָב זיך געלאָזט צו אַ באַקאַנטן פּאַליאַק, קאַראָל ברוטקאָווסקי. מען האָט מיך אויפגענומען וואַרעם. מ'האָט אונדז געגעבן אָפּצועסן און געבעטן אי־בערנעכטיקן. צומאָרגנס האָבן זיי אונדז מכבד געווען מיט אָנבייסן. מיט ציטער אין האַרצן האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט אָנקוקן די שטאָט.

דער ערשטער רושם — ווי אַלץ וואָלט איינגעזונקען אין דער ערד. די גאַסן פוסט. די ווייניקע מענטשן, וואָס איך האָב אָנגעטראָפן, זענען געווען פרעמדע, פּאַליאַקן, וואָס די דייטשן האָבן אויסגעזידלט פון פויזנער געגנט און זיי באַזעצט אין מינסק. די פּאַליאַקן, וועלכע איך האָב געזוכט, זענען געהאַט אַרויסגעפאָרן אין דאָרף מחמת מורא פאַר די אָפּטע באַשיסונגען וואָס זענען נאָך פאָרגעקומען מצד די דייטשן פון יענער זייט וואַרשע. איך בין געבליבן אין איינער אַזאַ פאַרלאָזטער וווינונג, אין וועלכער מ'האָט מיך איבערגעלאָזט. איך האָב זיך געדרייט איבער די פוסטע גאַסן, איינזאַם אַליין, אַליין נישט וויסנדיק וואָס איך זוך דאָ אין דער שטאָט וואָס איז אַמאָל פול געווען מיט יידן, מיט מיין משפחה...

עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך געפֿונען נאָך יידן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן גרופּירן אין הויז פֿון שעפֿערס רעסטאָראַן, אויף דער קאָליע־גאַס. 17 נפֿשות האָבן דאָ געלעבט אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, קראַנק, אויסגעמאַטערט, אָן עסן. די מאַכט האָט זיך ווייניק וועגן זיי געקימערט. מען האָט זיך געפּרוּווט העלפֿן, אַפֿילו שאַפֿן אַ קאָנטאַקט מיט יידן אין דער רויטער אַרמיי. דאָס האָט אָבער ווייניק געהאָלפֿן.

אין איינעם אַ טאָג איז אָנגעקומען קיין מינסק מיין חבר שאַיע אָפּענהיים. דאָס איז געווען אין 52סטן טאָג פֿון אויפֿשטאַנד אין וואַרשע. שאַיע איז געווען אַן אָפֿיציר אין א.ק. און אַקטיוו זיך באַטייליקט אין אויפֿשטאַנד. צוויי מאָל איז ער פֿאַרוווּנדעט געוואָרן. נאָך דעם ווי עס איז קלאָר געוואָרן, אַז דער אויפֿשטאַנד ווערט בלוטיק דערשטיקט, איז ער אַריבערגעשווימען דעם ווייסל און קוים זיך דערשלעפּט קיין מינסק אַ לעבעדיקער. אַז עס איז אים בעסער געוואָרן, האָט ער גלייך פֿאַרלאָזט די שטאָט. אויך פֿיל אַנדערע, יעדער וואָס האָט נאָר געקענט, האָט פֿאַרלאָזט די שטאָט, אַוועק קיין לובלין בעיקר, ווו עס האָבן זיך קאָנצענטרירט די געראַטעוועטע יידן. די וואָס האָבן די שטאָט נישט פֿאַרלאָזט, האָבן געלעבט מיט דער האָפֿענונג, אַז די נייע מאַכט וואָס האַלט זיך ביים אָרגאַניזירן וועט אויך זיי, די אומגליקלעכע, וואָס האָבן אַלץ און אַלעמען פֿאַרלוירן, מיט עפּעס וואָס העלפֿן. מיר האָבן אויך געמיינט, אַז באַקאַנטע פּאָליאַקן וועלן העלפֿן. דאָס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ נאַיוויקייט..

עטלעכע פֿאַקטן וויל איך דערמאָנען:

בעת דער אָקופּאַציע האָט מיר אַמאָל דער שוסטער כרושטשיק געהאַט צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיר העלפֿן זיך אויסבאַהאַלטן. דערנאָך אָבער, ווען איך האָב געזען ווי אַזוי ער האָט זיך פֿאַר גראָשנס איינגעקויפֿט צוגערויבטע מאַשינען ביי יידן, האָב איך פֿאַרלוירן צו אים דעם צוטרוי. איצט, נאָכן צוריקקומען אין שטאָט, האָב איך באַשלאָסן אים צו באַזוכן. אפֿשר וועט ער מיר מיט עפּעס קענען העלפֿן. די אויפֿנאַמע זיינע איז אָבער געווען אַזאַ קאַלטע, אַז איך בין גלייך אַוועק פֿון אים. קורץ נאָך דעם איז ער דערשאָסן געוואָרן. געווען קלאַנגען, אַז דאָס האָבן יידן אין אים נקמה־גענומען. ערשט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן בעת אַ פּראָצעס, אַז ער איז דערשאָסן געוואָרן דורך א.ק., ווייל ער האָט זיי נישט געוואָלט געבן אַזאַ סומע געלט ווי זיי האָבן פֿון אים פֿאַרלאַנגט.

מיין דערפֿאַרונג מיט כרושטשיקן, וואָס האָט געמאַכט אַזאַ פֿאַרמעגן פֿון יידיש האָב און גוטס האָט מיר געוויזן, אַז אויף יחידים איז נישטאָ וואָס אויסצושטעלן. איך האָב באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו דער נייער מאַכט, צום סטאַראָסטע קאָזאַק, וואָס איז אַמאָל געווען אַ פּעפּעסאָוויעץ.

אגב האָב איך זיך געהאַט דערוווּסט, אַז אין סטאַראָסטע זענען פֿאַראַן גרויסע מאַגאַזינען מיט מלבושים, וועש און בעטגעוואַנט פֿון די אַנטלאָפֿענע דייטשן. צווישן דעם זענען, פֿאַרשטייט זיך, געווען אַ סך זאַכן, וואָס די דייטשן האָבן געהאַט אָנגעראַבירט אין די אויסגעליידיקטע יידישע וווינונגען פֿון געטאָ נאָכן אַרויספֿיר פֿון די יידן קיין טרעבלינקע.

מיין איינטענהען מיטן סטאַראָסטע האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפֿן. „אויב

דו קענסט באַווייזן, אַז עפּעס פון די זאַכן געהערט טאַקע צו איינעם פון די לעבנ־געבליבענע יידן, איז אדרבא, וועט ער דאָס באַקומען" — האָט ער זיך געמאַכט נאַאיוו. קאַזאַקן האָב איך גוט געקענט פון פאַר דער מלחמה, האָב איך זיך דער־לויבט און אפילו אויפגעהויבן אויף אים דאָס קול. אויך דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפן. צוויי וואָכן שפּעטער איז שוין נישט געווען וועגן וואָס צו רעדן. די מאַגאַזינען מיט די מלבושים זענען צעטיילט געוואָרן צווישן „אייגענע" — די קנאַפּע צוויי צענטליק קראַנקע ניצול־געוואָרענע יידן האָבן פון דעם אַלעם נישט באַקומען אפילו קיין איין פאָדעם נישט...

דאָס האָט מיך אַריינגעבראַכט אין אַ שרעקלעכן כעס. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז קיינער וועט אונדז נישט העלפן, אַז צווישן אונדז און אונדזערע שכנים, אויך אינעם נייעם פּוילן, שטייט נאָך אַלץ אַ וואַנט פון פרעמדקייט...

די נייע מאַכט האָט זיך איינגעשטעלט, אָבער די סיטואַציע פון ביסל יידן האָט זיך פאַרערגערט, אַז עס איז מער נישט מעגלעך געווען אפילו פריי אָטעמען. „אַזוי פיל „פּודלעס" (הינט) זענען נאָך געבליבן", — האָט זיך נישט איינמאָל געהערט פון מויל פון אַ פּאָליאַק דערזעענדיק עמעצן פון די פּאָר יידן. מיר האָבן אַלץ מער געהאַט דאָס געפיל, אַז מיר דאַרפן זיך פאַרענטפערן פאַר אונדזערע שטאָטישע, הלמאי מיר זענען בכלל לעבן געבליבן. מיר האָבן געפילט אַז מיר זענען זיי נישט באַקוועם, אַז די פּאָליאַקן האָבן צופיל אויף זייער געוויסן, און מיר — מיטן בלויזן ווייזן זיך פאַר זיי — דערמאָנען מיר זיי צופיל וועגן זייער מיטאַרבעט מיטן אָקופּאַנט, באַזונדערס בנוגע אויסראָטן די יידן...

אין איינעם אַ טאָג האָב איך באַשלאָסן צוריקק׳מען אין אונדזער וווינונג. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז נאָך דער אַקציע האָט אונדזער הויז פאַרנומען לוקאַש קאַמינסקי. באַלד ווי איך בין צוריקגעקומען, איז ער מיטאַמאָל נעלם געוואָרן פון שטאָט.

אַ שיינע פּאָר טאָג האָב איך זיך געדרייט אַרום, אָבער נישט געקענט דער־נענטערן זיך צו אונדזער הויז. לסוף האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און כוח און צוגעגאַנגען. די טיר איז געווען פאַרמאַכט מיט אַ שלאָס. נישט פרעגנדיק קיינעם, האָב איך אויפגעריסן די טיר און אַריין אינעווייניק. די וווינונג איז געווען אויסגעליידיקט, בלויז אינעם שפּייכלער איז געווען אַביסל טאָרף צום ברענען.

פון אַ ביסל אַלט געהילץ האָב איך צונויפגעקלאַפּט אַ שטיקל טיש, אַ בעט, און איך האָב אָנגעהויבן וווינען אין אונדזער שטוב... באַלד האָב איך זיך אויך דערוויסט פאַרוואָס קאַמינסקי איז אַנטלאָפן, ווי נאָר ער האָט געהערט אַז איך בין געבליבן לעבן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז בעת דער אַקציע האָבן זיך אויף אונדזער בוידעם אויסבאַהאַלטן מיינע צוויי פעטערס משה קירשנבוים און ישראליק רובינשטיין מיט זייערע פרויען און פיר קינדערלעך. קאַמינסקי איז געווען דער, וואָס האָט זיי אַנטדעקט. ער האָט אַרויסגערופן דייטשן, און זיי האָבן אַלע דערשאָסן אויף אונדזער הויף. אָט דער קאַשמאַר האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט די גאַנצע צייט פון מיין זיין אין דעם הויז. איך האָב מורא געהאַט פאַר קאַמינסקין, ער זאָל נישט צוריקקומען און וועלן „באַרויקן" זיין אומריינעם געוויסן מיט אַ נייעם מאָרד, איבערן לעצטן עדות... אַזעלכע פאַקטן האָבן אָנגעהויבן טרעפן.

צו די קאַשמאַרן וואָס איך האָב איבערגעלעבט זייענדיק אין אונדזער הויז, זענען באַלד צוגעקומען אַנדערע קאָנקרעטע צרות. אין שכנות פון אונדז האָט געוווינט די איזבערעכטן, די וואָס האָט פאַרקויפט בראָנפן. אויך זי האָט אַפּנים נישט געקענט פאַרטראָגן מיין צוריקקומען אין אונדזער הויז, און זי האָט מיך אָנגעהויבן שיקאַנירן דורך שיקן צו מיר שיכורע רוסישע זעלנער, וואָס האָבן געזוכט זונות. יעדע נאַכט האָבן זעלנער אָנגעהויבן קלאַפּן אין מיין טיר, ווייל זי האָט זיך אינפאָרמירט, פאַרטרוילעך, אַז אין דער וווינונג זענען דאָ אַ סך מיידלעך מיט וועלכע מען קען זיך פאַרוויילן... נישט איינמאָל האָב איך אין מיטן נאַכט געמוזט עפענען די טיר פאַר די זעלנער, וואָס האָבן געזוכט און גענישטערט און ערשט נאָכן איבערצייגן זיך, אַז קיינער איז נישטאָ, זענען זיי אַוועק אַנטוישטע. איך האָב לסוף געמוזט אַריבערציען זיך אין אַן אנדער וווינונג.

ביסלעכווייז איז דאָס לעבן אין שטאָט געוואָרן אַלץ אומזיכערער. עס האָבן זיך כסדר געהערט ידיעות וועגן דעם, אַז דאָ און דאָרט איז אַ ייד דערשאָסן געוואָרן. אין מראָזעס איז דערשאָסן געוואָרן אַ ייד דורך א. ק.־לייט, ווי איך האָב זיך שפּעטער אין עטלעכע יאָר אַרום דערוווּסט.

איינצייטיק איז אָנגעגאַנגען אַ רויב פון יידיש האָב און גוטס. וואָס די דייטשן האָבן נישט באַוויזן צו צערויבן, האָבן די פּאָליאַקן פאַרענדיקט. זיי האָבן צענומען יידישע הייזער, כדי פון די ציגל צו בויען נייע אייגענע הייזער. אפילו דער מיטגליד פון דער „ראדא נאַראָדאָווא" אין מינסק יאַכאַצי האָט צענומען די מויער פון יידישן בית־עלמין, וואָס איז נאָך דעמאָלט פול געווען מיט יידישע מצבות, און באַנוצט זיך מיט די שטיינער פאַרן בוי פון זיין הויז. פאָרזיצער פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין ווידער איז געווען פּאַן מעלאַסאָ, וואָס האָט מיר בעת דער מלחמה אַמאָל געטראָפן מחוץ דעם געטאָ אָן דער בלוי־ווייסער „אָפּאַסקע", וואָס אַלע יידן האָבן געמוזט טראָגן, און — איך האָב אים אַלץ געמוזט אָפּגעבן, אַנדערש האָט ער מיר געדראָט צו פירן אין דער געסטאַפּאָ...

אויך די רייבונגען צווישן די פאַרשידענע פּאַרטייען מיט דער פּ.פּ.ר., און די כסדרדיקע מאָרד־פאַלן צווישן די פּאָליאַקן גופא, האָט אַרויסגערופן אַ זאָרג ביי יידן. אַלץ וואָס האָט פּאַסירט שלעכטס אין שטאָט איז ביי די פּאָליאַקן געווען די שולד פון דער זשידאָ־קאָמונא, ביז אין איינער אַ נאַכט זענען דערשאָסן געוואָרן מיטאַמאָל זיבן פּאָליאַקן, צווישן זיי אַ סך באַקאַנטע אַנטיסעמיטן און אפילו איינער, אַ קאָמוניסט. אין דער מיליץ אין שטאָט האָבן אויך געדינט פיר יידישע בחורים, לעבנגעבליבענע קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. זיי האָבן פשוט מורא־באַקומען און אַנטלאָפן פון שטאָט. אין איינעם אַ טאָג, נאָך דעם ווי וואַרשע איז באַפרייט געוואָרן, האָב אויך איך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן מינסק. איך בין אַוועק קיין וואַרשע. אויך אַלע אַנדערע זענען ביסלעכווייז אַוועק. געבליבן זענען בלויז שיקע טייבלום און די צוויי געשמדטע טעכטער פון די האַלצבאַנדס.

אַלע יאָרן ווי איך האָב געוווינט אין וואַרשע, ביז מיין עליה קיין ישראל, פלעג איך זייער אָפט באַזוכן מינסק. קיין איין מאָל האָב איך אָבער דאָרט נישט איבערגענעכטיקט. נישט שווער צו וויסן פאַרוואָס.

אין יענע יאָרן איז כסדר געווען אומרואיק. מסירות פון איין פּאָליאַק אויפן

אַנדערן, איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע זאַך. האָבן זיך צוויי שכנים געקריגט, איז מען גלייך געלאָפן צו דער נייער מאַכט מיט „דאָנאָסן", און די מיליציע האָט געהאַט פולע הענט מיט אַרבעט...

## די אַנטהילונג פון דענקמאָל אויפן בית־עלמין

בעת מיינע אָפטע באַזוכן אין שטאָט, האָב איך פיל געשפּאַצירט ביים בית־עלמין. דאָ זענען דאָך געווען די איינציקע סימנים פון אַמאָליקן יידישן לעבן:



פּאַריזער דעלעגאַציע ביים אַנטהילן דעם דענקמאָל אין מינסק
די ערשטע פון רעכטס צו לינקס: מאַקס אַשלאַק, ישראלקע הימלפאַרב



די פאַרבליבענע מצבות מיט די יידישע אותיות, וועלכע מען האָט נישט באַוויזן צו צעטראָגן און צו צעראַבירן...

דאָ, אויפן בית־עלמין, האָט זיך אויך געפונען דאָס גרויסע מאַסן־קבר פון די איבער טויזנט יידן. וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן אין טאָג פון דער אַקציע איבער די גאַסן פון דער שטאָט. איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק אויף דער מאַסן־קבר אויפצושטעלן אַ מצבה, אַ דענקמאָל... איך האָב וועגן דעם גערעדט מיט די האָלצבאַנדס. זיי זאָלן צוזאַמען מיט מיר אינטערווענירן וועגן דעם ביי דער מאַכט. דערפון איז אָבער גאָרנישט אַרויסגעקומען, ביז מיין באַזוך אין פּאַריז. איך האָב זיך דאָ געטראָפן מיט אונדזערע לאַנדסלייט און זיי פאָרגעשלאָגן דעם פּראָיעקט, וואָס זיי האָבן אָנגענומען.



דער דענקמאָל אויפן בית־עלמין — אַלץ וואָס איז געבליבן פון יידישן אַמאָל...

עטלעכע יאָר זענען אַריבער און דער פּראָיעקט האָט אָנגעהויבן פאַרווירקלעכט צו ווערן. עס איז אַריינגעפלאָסן אַ היבשע סומע פאַרן בוי פון דענקמאָל און איך, צוזאַמען מיט משה באָרנשטיין, האָבן אָנגעהויבן צוהיטן די אַרבעט זאָל זיך גלייך אָנהייבן. קודם־כל האָבן מיר געזאָרגט פאַר דעם דער דענקמאָל זאָל געבויט ווערן פון אַ מאַטעריאַל, וואָס זאָל נישט לייכט קענען פאַרניכטעט ווערן — דיקער מאַרמאָר וואָס זאָל זיין מאַסיוו, דויערהאַפט.

די אַנטהילונג פון דענקמאָל איז באַשטימט געוואָרן אויפן 21טן אויגוסט 1967 — אינעם 25סטן יאָרטאָג פון דער אויסראָטונגס־אַקציע, מיט דער באַטייליקונג פון אַ היבשער דעלעגאַציע פון אונדזערע לאַנדסלייט אין פּאַריז, וואָס זענען ספּעציעל געקומען פאַר דעם צוועק צו פאָרן קיין פּוילן.

לויטן אָנגענומענעם מינהג אין פוילן זענען צו דער פייערונג פֿאַרבעטן געוואָרן אַלע אָפּיציעלע פֿאָרשטייער פֿון דער מאַכט, שולן, אַרבעטער־דעלעגאַציעס פֿון די פֿאַבריקן, א. אַ. וו.

די פייערונג האָט זיך געזאָלט אָנהייבן אַזייגער פיר בייטאָג. דער טאָג איז געווען אַ פּרעכטיקער. די זון האָט געשיינט. עס איז געווען וואַרעם. אַלע האָבן דערוואַרט דעם פייערלעכן מאָמענט.

ווען אַלע געסט זענען שוין געווען אויפֿן אָרט, אַרום צען מינוט פֿאַר פיר, איז מיטאַמאָל, פּלוצים, דער הימל געוואָרן פֿאַרוואָלקנט, עס איז געוואָרן ממש פינצטער און עס האָט אָנגעהויבן צו פֿאַלן אַ מאָדנער, שטאַרקער רעגן. די מענטשן זענען זיך צעלאָפֿן. אויפֿן אָרט זענען געבליבן בלויז ווייניקע אָפּיציעלע געסט. די פייערונג איז געקירצט געוואָרן. די געסט פֿון פֿראַנקרייך מיט די פֿאַר מינסקער יידן פֿון וואַרשע זענען גלייך אַוועק פֿון אָרט, אין אַ רעסטאָראַן אַריין, כדי פֿאַרזעצן די פייערונג. אַ פֿערטל שעה שפּעטער האָט די זון ווידער אויפֿגעשיינט און דאָס וועטער איז ווידער געוואָרן שיין, אַזוי אַ גאַנצן טאָג...

דאָס איז געווען אַ זעלטענע דערשיינונג. יאָ, דער הימל האָט מיט אונדז מיטגעוויינט, און איך קען דאָס בילד נישט פֿאַרגעסן ביזן היינטיקן טאָג...

מען דאַרף מודה־זיין, אַז די לאָקאַלע מאַכט האָט אַרויסגעוויזן גרויס פֿאַר־שטענדעניש פֿאַרן דאָזיקן דענקמאָל, וואָרעם די רעאַליזירונג איז געווען פֿאַרבינדן מיטן ענדערן דעם גאַנצן אורבאַניזאַציע־פּלאַן פֿון דער שטאָט. לויטן דאָזיקן פּלאַן האָט מען געזאָלט דורכהאַקן, דורכן דאָזיקן אָרט, אַ צענטראַלע גאַס פֿונעם שפּיטאָל ביז דער וואַרשעווער גאַס. אַדאַנק אונדזער אינטערווענץ איז דער שטח פֿון בית־עלמין נישט גערירט געוואָרן.

אינטערעסאַנט, אַז קורץ נאָך דעם פֿאַל מיט אויפֿשטעלן אונדזער דענקמאָל, אין יאָר 1968, ווען די זשיראַרדאָווער יידן האָבן געוואָלט נאָכטאָן דעם זעלבן ביישפּיל זענען זיי אַפֿילו נישט אַריינגעלאָזט געוואָרן קיין פוילן. פֿון פֿלי־פּלאַץ אין וואַרשע, האָבן זיי געמוזט גלייך צוריקפֿליען קיין ווין...

די לאָקאַלע מאַכט־אָרגאַנען אין מינסק האָבן צוגעזאָגט צו זאָרגן פֿאַר דער אָרדענונג אויפֿן יידישן בית־עלמין און אַרום דעם דענקמאָל. די דעלעגאַציע פֿון פֿאַריז ווידער, פֿון איר זייט, האָט צוגעזאָגט אַ סומע פֿון 400 דאָלאַר פֿאַר דער שולע, וואָס איז געוואָרן צוריקאויפֿגעבויט אויפֿן אָרט פֿון דער אַמאָליקער קאָפּער־ניק־שולע. דאָס געלט איז אָנגעקומען אין געציילטע חדשים אַרום. די מאַכט האָט אויך געוואָלט אַ שפּענדונג פֿאַר אַ קינדערגאָרטן וואָס האָט געזאָלט געבויט ווערן אויפֿן פּלאַץ פֿון דער אַמאָליקער תלמוד־תורה אויפֿן רבינס הויף. דאָס איז געבליבן בלויז אַ חלום, ווייל דער קינדערגאָרטן האָט געזאָלט אָנגערופֿן ווערן אויפֿן נאָמען פֿון די אומגעבראַכטע יידן, און דערווייל איז פֿון דעם גאָרנישט געוואָרן.

## מיין לעצטער באַזוך אין שטאָט, פֿאַר מיין עליה

געווען יידן אין נאָכמלחמהדיקן פוילן, וואָס האָבן געגלייבט, אַז נאָך די איבערלעבונגען, וועט די יידן וואָס וועלן דאָס וועלן, געלונגען צו לעבן רויִק

אויף דער פּוילישער ערד צוזאַמען מיט דער פּוילישער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס וועט זיך לסוף אינגאַנצן באַפרייען פונעם אַנטיסעמיטישן גיפט. דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַן אילוזיע. אויך איך האָב זיך אַנטוישט און האָב באַשלאָסן אַרויספאָרן פון דאָזיקן נישט־דאַנקבאַרן לאַנד.

איך בין דאָס לעצטע מאָל געפאָרן קיין מינסק כדי צו געזעגענען זיך מיט דער שטאָט אין וועלכער איך בין געבוירן, דערצויגן געוואָרן; מיט דער שטאָט, אין וועלכער איך האָב געחלומט און געהאָפט. איך בין געקומען וואַרפן דעם לעצטן בליק אויף דער שטאָט אין וועלכער איך האָב איבערגעלעבט דעם פּאָגראָם און דערנאָך ניין חדשים געלעגן אין גיפּס צוליב די צעהאַקטע ביינער פון די קלעפּ, וואָס איך האָב דעמאָלט באַקומען פון די צעיושעטע כוליגאַנעס; אויף דער שטאָט אין וועלכער איך האָב איבערגעלעבט די מלחמה און די אויסראָטונג...

איך האָב נאָכאַמאָל געוואָלט אַ קוק טאָן אויף דער געשיכטלעכער אומגע־רעכטיקייט, און אפשר אויך אַ קוק טאָן דער אייגענער פאַרנאַרטקייט אין די אויגן אַריין...

איך האָב נאָכאַמאָל געוואָלט זען די שטאָט ווו העכער פינף טויזנט יידן האָבן אַמאָל געלעבט און געשאַפן, זייענדיק אָבער שטענדיק בירגער פון דער צווייטער קאַטעגאָריע.

אַ גאַנצן טאָג האָב איך אַרומגעשפּאַצירט אין שטאָט און נישט אָנגעטראָפן אויף קיין היימיש גוטמוטיק פּנים, אויף עפּעס וואָס זאָל מיר נאָענט זיין. איך האָבן געפילט דאָסמאָל מער ווי תמיד, אַז אַלץ איז מיר דאָ אַזוי פרעמד, פאַרע־טעריש פרעמד.

גייענדיק אויף דער וואַרשעווער גאַס בין איך פאַרביי די מיל פון שולץ און זיך דערמאָנט: דער פאָלקס־דייטש איז געווען דער ערשטער וואָס האָט נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן אָנגעטאָן דעם האַקנקרייץ און זיך אַרויסגעלאָזט כאַפּן פּאָליאַקן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. אָבער אויך דאָס האָט מען אים מוחל געווען. קיינער האָט מער וועגן דעם נישט געוואָלט רעדן. ער איז אָפּגעקומען מיט אַ תפיסה־שטראָף. שולץ איז דאָך נישט געווען קיין ייד, און דעריבער האָט קיינער צו אים נישט אויפגעהיטן אַזאַ שנאה.

אַ באַקאַנטער גוי האָט מיר אָפּגעשטעלט און אַ פרעג געטאָן: „וואָס טוט מען מיט אײַך?" איך האָב אים צוריקגעפרעגט: „ווער איז דאָס דער אייך". און ער האָט געענטפערט: „נו, מיט די יידן". איך האָב געשוויגן, געוואַרט ער זאָל פאַר־זעצן און לאַנג האָב איך נישט געדאַרפט וואַרטן אויף זיינע אויפקלערונגען: „ווען איר וואָלט פאַרשפּילט צו די אַראַבער וואָלט גאַמולקע אפשר געלייגט קראַנצן ביי די דענקמאָלן, איצט אָבער פרייען מיר זיך, וואָס די סאָוויעטן האָבן באַקומען אַ מפּלה". איך האָב אַלץ געשוויגן, ווייל דאָס איז געווען אַ פאַרטיי־מאַן, און איך האָב מורא־געהאַט פאַר אַ פּראָוואָקאַציע...

איך בין פאַרבייגעגאַנגען די אַמאָליקע יידישע קראָמען און וואַרשטאַטן, אין וועלכע עס האָבן געהאַנדלט און געאַרבעט יידן, און געהאַט האָב איך דעם איינ־דרוק ווי מ׳קוקט אויף מיר ווי אויף אַ נישט־געבעטענעם גאַסט.

איך בין גיך אַוועק פון דאָרט און מיטאַמאָל האָב איך זיך געזען אויסער

דער שטאָט — אין דער פֿאַבריק אין סטוידלעס, וואָס איז פֿאַרבליבן פֿון ייד פֿאַגעלנעסט. דאָ האָב איך געאַרבעט נאָך דער מלחמה. קיין שום שפּור פֿון אַמאָל האָב איך דאָ נישט געפֿונען, הגם די פֿאַבריק אַרבעט גענוי ווי פֿאַר דער מלחמה. אויך די אַרבעטער, מיט וועלכע איך האָב געאַרבעט, האָבן מיר נישט דערקענט איצט. איך האָב געוואָלט רעדן מיט די פּאַדזשיקס וואָס האָבן צערויבט אונדזער וווינונג נאָך דער אַקציע אין געטאָ, אָבער קיין איינער פֿון זיי האָט מיט מיר אפֿילו נישט געוואָלט רעדן...

אָט בין איך ווידער אין מאַרק, דער „רינעק" וואָס איז אינגאַנצן איבערגעבויט געוואָרן. אויף איין זייט מאַרק איז אויסגעבויט אַ גרויס הויז מיט דירות פֿאַר די אַרבעטער אין רודזקיס פֿאַבריק. פֿון דאַנען האָב איך געכאַפּט אַ בליק אויף דער נאַדזשעטשנאַ־גאַס (דעם רבינס געסל...), אויף דער שעניצקא — איך האָב גע־קוקט: איז מעגלעך אַז איך וועל דאָ טאַקע קיינעם נישט טרעפֿן, קיין שום היימיש פּנים פֿון אַמאָל? — — —

פֿון דאַנען בין איך אין געציילטע מינוטן אָנגעקומען צום יידישן בית־עלמין. שוין פֿון דערווייטנס האָב איך געזען דעם שפּיץ פֿונעם דענקמאָל. צוקומענדיק, האָט זיך אין מיינע אויגן געוואָרפֿן די גרויסע אומאָרדענונג און פֿאַרלאָזטקייט פֿונעם אָרט. דער דענקמאָל איז טאַקע נאָך געווען גאַנץ, אָבער אַרום איז געווען אָנגעוואַקסן מיט ווילדגראָז, — אַזוי האָט די מאַכט שוין באַוויזן נ י ש ט צו האַלטן וואָרט, אָפּצוהיטן דאָס אָרט ווי עס געהער צו זיין... אַרום האָבן זיך אויך געוואָרפֿן אין די אויגן די צעהאַקטע און אומגעוואָרפֿענע מצבות. דאָס איז נאָך אַלץ אַן אוצר פֿון שטיינער צו פּלאַסטערן וועגן און שטעגן אין שטאָט... פֿון דאַנען זעט מען אויך די נייע שיינע הייזער וואָס זענען אויפֿגעבויט געוואָרן אויף דער שעניצער גאַס. יאָ, שעניצער גאַס אָן איין ייד! דורך אָט דער גאַס בין איך טאַקע צוריקגעגאַנגען פֿון מיין באַזוך אויפֿן בית־עלמין. אַ סך מענטשן האָב איך דאָ געטראָפֿן אויף דער גאַס וואָס האָבן געקוקט אויף מיר ווי אויף אַ משוגענעם. און איך האָב זיך געטראַכט: גוט וואָס איך וועל דאָ אַהער מער נישט קומען, וואָס קיין שום זאַך קען מיר מער נישט אַראָפּברענגען אין אָט דער פֿרעמד געוואָרענער פֿאַר מיר שטאָט אויף אייביק.

יאָ, אויף איין ייד האָב איך זיך יאָ אָנגעטראָפֿן דאָ, — אויף שיע טייבלום. ער האָט דאָ אַ געוועלבל, ער שטעלט אַריין שויבן. דאָס איז זיין פּרנסה. ער וווינט אויף דער מאָסטאָווע־גאַס, אין גליקסבערגס הויז, וואָס איז נאָך דער מלחמה אַריבער אין זיין באַזיץ. ניין, ער דאַרף מער נישט ווי עסן און טרינקען. ער איז צופֿרידן. ער פֿילט נישט די פֿרעמדקייט אַרום, ער וועט שוין אַזוי דאָרט אויסלעבן זיינע יאָרן... מאָדנע...

איך בין אָנגעקומען צום אַמאָליקן „קאָפּערניק". איצט טראָגט די אַמאָליקע שולע דעם נאָמען פֿון דער יידישער קעמפֿערין האַנקא סאַוויצקאַ. אויף דער וואַנט פֿון צוריקאויפֿגעבויטן בנין איז איינגעמויערט אַן אָנדענק־טאָוול וואָס דערמאָנט, אַז דאָ זענען פֿאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט 220 יידן, דעם 10טן יאַנואַר 1943. דער טאָוול, וואָס איז אָנגעקלאַפּט געוואָרן דורך אונדזערע פֿאַריזער לאַנדס־

לייט, צוזאַמען מיטן אַנטהילן דעם דענקמאָל, איז נאָך דעמאָלט געווען גאַנץ. לאָמיר האָפן, אַז קיינער וועט אים נישט פאַרשווערכן...

איך בין געשטאַנען פאַר דעם טאָוול און זיך דערמאָנט אין די אַלע, וואָס זענען דורכגעגאַנגען דעם לאַגער, און זענען מער נישט צווישן די לעבעדיקע. אַהער בין אויך איך אָנגעקומען באַלד נאָך דער אַקציע. דאָ האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן מעגלעכקייטן פון אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד. פון דאַנען זענען אַרויס די ערשטע גרופּעס צו די פּאַרטיזאַנער. ביים זון פון דער פאַרוואַלטער פון דער שולע, אַדאָלף דאַבזשינסקי, האָב איך געהאַט אָפּגעגעבן אַלץ וואָס איך האָב פאַרמאָגט פאַרן צוזאָג מיך אויסצובאַהאַלטן. איך האָב אים אָפּגעגעבן אַ פוטער, מיין ברודערס פידל און אַ ביסל געלט. ער האָט אונדז געגעבן אַן אַדרעס אין פּראַגע, ווו מיר וועלן אים טרעפן און פון אים די אַלע זאַכן צוריקבאַקומען נאָכן אָנקומען בשלום קיין וואַרשע. אָנגעקומען קיין וואַרשע, בין איך צו אים אַוועק צוזאַמען מיט שאַיע אָפּנהיים, וואָס האָט מיר געהאָלפן זיך ראַטעווען מיט געלט. דאַבזשינסקי האָט אונדז תחילת אויפגענומען זייער רואיק, באַלד האָבן מיר זיך דערוווּסט אין וואָס עס גייט אים: מיר זאָלן אים אויסזאָגן ווו עס באַהאַלט זיך אויס שמואל ראָזנבערג. ער האָט געוווּסט, אַז שמואל ראָזנבערג איז אַ רייך זונדל, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער האָט מיט זיך מסתמא אַ סך געלט. ווען מיר האָבן אים אַנטוישט און געזאָגט אַז מיר ווייסן נישט ווו ער איז, האָט זיך זיין שטים גלייך געענדערט און ער האָט אָנגעהויבן אונדז צו זידלען, אויסשרייענדיק: „איך באַגיי אַ זינד, וואָס איך ווייס, אַז איר לעבט נאָך״. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז מיר זענען אין אַ געפאַר, האָב איך אים דערקלערט קורץ: „מיר זעען שוין מיט וועמען מיר האָבן צו טאָן, אָבער גאָט מעג דיך היטן, אויב דו וועסט אונדז נאָכגיין״. ער האָט פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט. מיר האָבן ביי זיך געהאַט אַ רעוואָלווער. מיר זענען אַראָפּ און אַ ביסל געוואַרט אין טויער, זען צי ער גייט אונדז נאָך. ערשט ווען מיר האָבן זיך איבערצייגט אַז נישט, זענען מיר אויף גיך אַנטלאָפן. אגב, דער פאַרשוין האָט די מלחמה נישט איבערגעלעבט...

פון קאָפּערניק צו רודזקיס פאַבריק איז נישט ווייט, בין איך שוין דאָ. דאָס איז דאָס אָרט פון וואַנען איך בין אַוועק קיין וואַרשע זיך ראַטעווען. די פאַבריק האָט זיך זינט דעמאָלט צעוואָקסן, אויסגעברייטערט. איך האָב דאָ געשמועסט מיט שובערטן, וואָס איז געווען מיין שעף, ווען איך האָב דאָ געאַרבעט אַ צייט. איך בין אים דאַנקבאַר געווען פאַר זיין באַהאַנדלען מיר, — לאָזנדיק מיר אַלץ טאָן. ער האָט געוווּסט, אַז איך געהער צו א. ל. קוקנדיק איצט אויף דעם בנין פון דער עלעקטראָווניע, האָב איך באַדויערט וואָס די יידן, וואָס זענען דאָ פאַרבליבן נאָך מיין פאַרלאָזן די פאַבריק, האָבן נישט אָנגענומען מיין פּראָפּאָזיציע זיי צו באַזאָרגן מיט אַ ביקס, און אין פאַל פון אַן אַקציע זאָלן זיי נקמה־נעמען אין די דייטשן.

די געדאַנקען וועגן דער דייטשער אָקופּאַציע ווערן אָבער גיך אַרויסגעשטופּט מיט אַקטועלע צרות, וואָס מיר — די רעשטלעך לעבנגעבליבענע יידן אין פּוילן — האָבן ווידער פאַר זיך. איך בין זיכער: אַן ענדעקיש פּוילן נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע, וואָלט געווען מער טאָלעראַנט צו יידן ווי די קאָמוניסטישע מאַכט.

דעם וועג וואָס איך האָב אויסגעקליבן נאָך דער באַפרייונג האָט זיך אַרויסגעוויזן אַזוי פאַרפירעריש, פּרוכטלאָז... 24 יאָר אַרבעט פאַרן „נייעם" פּוילן האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי איין גרויסער טעות. איך בין צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע, פאַר־פּאַקט די פּעקלעך און זיך געלאָזט צום אַרויספאָר, בעת שוין זייענדיק אויף דער גרענעץ בין איך נאָך אַלץ געווען אין ספק: וועלן זיי מיר אַרויסלאָזן, אָדער וועלן זיי מיך אַרעסטירן? — — —

דעם 25סטן נאָוועמבער 1968 בין איך אָנגעקומען קיין ישראל.



שלמה פאַרבמאַן, זון פון ברוך, איידעם פון מרדכי־יאָסל קירשנבאַום, געלעבט אויף דער אַרישער זייט און געכאַפּט געוואָרן דורך פּאָליאַקן אלס ייד און איבערגעגעבן־ פערט צו די דייטשן אויף די גאסן פון פּראַגע

## יתגדל ויתקדש...

## טיילווייזע רשימה פון די קדושים און טהורים

גרויס איז די רשימה פון די וואָס זענען אומגעקומען אין דער שואה — ישט אַלע פון די איבער זעקס טויזנט נעמען האָבן מיר באַוויזן דאָ צו ברענגען. די פאַרפעלטע איז געווידמעט דער ליידיקער עמוד — זאָל יעדער וואָס דערמאָנט זיך, זאָל צושרייבן די דורכגעלאָזטע צוליב שכחה פון דער צייט, אָדער די וועלכע האָבן נישט איבערגעלאָזט ווער עס זאל זיי דערמאָנען.

אַבפּייער אפרים (בעקער), שרה, בצלאל מיט משפחה
אַבראַמאָווסקי משה, פרוי, זון לייזער, טעכטער מיט משפחה
אָוויעס חיים, פרוי שרה, פינף יינגלעך, איין מיידעלע
אָוויעס איטשע, פרוי מאַשע, טאָכטער חנה, זון אברהם
אורמאַן רבקה־פּערל, אלמנה און אלעזר
אורמאַן (אלמנה פון אברהם־משה), זון אהרון און נאָך קינדער
איסלענדער, משפחה
אייזנפּיש יאַנקל מיט פרוי און קינדער
אייזנפּיש ישראל־משה מיט משפחה
אייזנפּיש לייבל, פּעשע, צירל, ליזע
אייזנראַט משפחה
אַלטמעד זישא, פרוי (פון די מיקאַנאָווסקיס) און זון לייזער
אַלטמעד דניאל מיט משפחה
אַנאַכאָוויטש ישראל (שוחט), פּערעלע, הערשל
אַנאַכאָוויטש (זון פון שוחט און אויך אַ שוחט), פרוי מיט קינדער
אַנאַכאָוויטש מאיר, פרוי, קינדער און טאָכטער צפורה
אַנאַכאָוויטש שלום מיט משפחה
אָסאָוויצקי משה־טוביה מיט משפחה
אָסטשעגאַ אברהם מיט פרוי און קינדער
אָסטשעגאַ אפרים מיט פרוי און קינדער
אָסטשעגאַ נאָך עטלעכע משפחות און צווישן זיי לייבל און יאַנקל,
געפאַלן אין קאַמף
אָפּגאַנג אהרון מיט משפחה
אָפּגאַנג משה מיט משפחה
אָפּפאַל פסח מאיר, פרוי, זון יונה, משה און נאָך קינדער
אַראַנאָווסקי לייבל, פרוי, קינדער — נחמה, איזאַק, טושקע
אַראָנסאָן איטשע, רחל, טשאַרנע, חנה
אַראָנסאָן אלי, הינדע, מאַניעק, העניעק
אַרביסער יעקב הירש און דבורה־לאה, ישעיהו, יצחק־ראובן, מרדכי, אבא
אַרביסער בצלאל, אַלטער־שמעון
אָרליאַנסקי שמואל, פרוי מיט קינדער
אָרליאַנסקי (אלמנה פון יהושע, מיט זון און משפחה)
אָרליאַנסקי משה מיט משפחה
אָרליאַנסקי לייב, פרוי שרה און שוועסטער חיה, נחמה, עלקע
אָשליאַק אסתר מיט אירע קינדער
אָשליאַק חיים, אברהם, רחל, שרה, לאה, ראָזע מיט זייערע קינדער
אָשליאַק דוד ישראל מיט פרוי
אָשליאַק משה מיט משפחה
אָשליאַק דוד חיים און פערל מיט זייערע קינדער
אָשליאַק (אלמנה פון לייזער), טאָכטער טאָבעלע, שמואל און נאָך אַ זון
מיט פאַמיליע
אָשליאַק איטשע (קצב), פרוי מיט קינדער
אָשליאַק (זיין זון) מיט משפחה
אָשפּעטשין חנה — פון ווילעון, 17 יאָר אַלט געווען

באָראָדאָוויטש ישראל־וואָלף, סימע־טשאַרנע, זון און טאָכטער פון שלמה און שרה־רבקה
באָרנשטיין איגנאַץ, סאַלע, מיט קינדער
באָרנשטיין מלכה מיט טאָכטער פעלאַ
בודוויצקי שמואל־הענעך, פרוי חיה־דבורה, חנה מיט מאַן און צוויי קינדער — רוחמה, ראשקע־רחל
בוטלער שלום (קויפמאַנס) מיט פרוי און קינדער
בוטלער טוביה, ווייב און קינדער
בזשעזשינסקי (לערערקע) מיט מאַן און קינדער
בזשאָזאָווסקי הענעך (שו״ב), פרוי, מרדכי, פנחס און נאָך קינדער
בזשאָזאָווסקי פערעלע
בזשאָזאָווסקי הערשל, דבורה, בלימע און נאָך קינדער
ביאַלער יעקב משה, גאָלדע, רחל, פייגע און משפחה, ישראל אהרון מיט משפחה, ליפציע, יהודית, יאָספע, יוסף־שלום
ביבליאַרזש הערשל מיט פרוי און קינדער
ביבליאַרזש פערל מיט משפחה
ביטער (אלמנה פון משה)
בייער בער מיט פרוי
בעקאַס בנימין און רבקה מיט זייערע קינדער
בערגער מנחם מיט פרוי און קינדער
בערגער אסתר, סאַלע מיט משפחות
בערגער חיים־יצחק מיט פרוי
בערגער זיסקינד מיט פרוי אסתר
בערגער (איידעם פון עדלשטיין) מיט פרוי און קינדער
בערנהאָלץ שמעון (מאָטל קצבס איידעם) מיט פרוי און קינדער
בערמאַן לייבקע, צביה, יצחק, לייזער
בערמאַן יעקב דוד (לייבקעס), פרוי מיט קינדער
בערמאַן (סאָדעוואַסער) מיט משפחה
בערקאָוויטש שלמהלע, פסח מיט משפחה, הענעך מיט משפחה
בראָטשטיין סעוועק און רבקה (מיאָדאָווסקי), פרידע און חנה
בראָנעס, משפחות
בריקס אהרון, רבקה, פעשקע, הערשל, לאה, רחל, וועלוול
בריקס חוה־ליבע (אלמנה), בריקס מאיר שלום מיט משפחה
בריקס מלכה (אלמנה פון יוסף)
ברעסלער לייבל מיט משפחה

גאָוואָרטשיק חיים־ברוך,ביילע, אסתר, אברהם־מאיר, ישראלקע, שמואל, רבקה, יוסף, נחמה
גאָטליב נוח, סערקע, ישראל, חיים, שלמה, שמחה
גאָטליב יצחק (שוסטער), מיט פרוי און קינדער
גאָטליב (פון מאַרק), פרוי, קינדער, ישראל־יאַנקל, שמואל און נאָך
גאָלדבערג שאַכנע, פרוי און קינדער
גאָלדבערג אייזיק און רבקה, צבי־יהודה, משה, אברהם, שרה, חנה, פעסיע, פייגע־רחל
גאָלדבערג יעקב און יוכבד, שמעון, חיים, פנחס, דוד

גאָלדפינגער (זון פון מאיר זעליק), פרוי און קינדער
גאָלדפינגער און פרוי שיינדל
גאָלדפאַרב אברהם־יצחק מיט פרוי און קינדער
גאָלדפאַרב חיים, חסיה, סימע, לאה, מאַלע, משה, בערל, אסתר־רחל, טובה, זיסל, רבקה
גאָלדרייך פייגע (אלמנה), גאָלדרייך חיים מיט משפחה
גאָלדמאַן אלעקסאַנדער (פעלדשער), פרוי און זון
גאָלדצווייג משה טוביה, פרוי (טאָכטער פון יוסף פאַקער), שרהלע און אברהמעלע
גאָלדשטיין יאָשע (בעקער), פרוי און קינדער
גאָלדשטיין סימע, שרה
גאָלדשטיין משה (חוהס) מיט פרוי און קינדער
גאָלדשטיין אלעקסאַנדער און אסתר
גאָלדשטיין דוד און רחל, חנה לאה, נחמה־רבקה, משה
גאָלדשטיין הערשל און רבקה, רחל, פערל ביילע, מענדל
גאָלדשטיין שיינדל, גאָלדשטיין שמואל און סאָניע
גאַלעצקי אהרון זאב און שרה, יחיאל מאיר און שאָשע, שרה
גאָנטאַרסקי וועלוול און חנה, ליבע, גיטל, שרה, צפורה, זלאַטע מיט משפחה, יחזקאל מיט משפחה
גאָנטאַרסקי יוסף מיט אסתר און קינדער
גאָנטאַרסקי יצחק און דבורה, יאָסל, אסתר, הערשעלע, מאַניעלע
גאַרבאָווניק הלל, פרוי און קינדער, גאַרבאָווניק אשר מיט פרוי
גאַרבאָווניק (אלמנה) מיט זון אברהם, אלמנה (ווענגעל) חוהלע מיט זון לייבל
גאַרבאָווניק לייב (לערער) מיט פרוי העלע און קינד; בנימין, פרוי, קינדער און צוויי שוועסטערס
גאַרטענקראַנץ הענעך מיט משפחה
גאָרדאָן רייזל (אלמנה פון יחיאל), איטשעלע, חוה, יעקב־הערש
גאָרדאָן פריילין, אייניקל פון אברהם־יהושע
גוטגאָלד שמחה, פייגע, יונה, מלכה, חייטשע
גוטמאַכער בערל און שרה (מיאָדאָווסקי), מרים, שלמה דוד, חנה
גובערעק יצחק שלמה, פראַדל, זון מאיר־שלום און נאָך קינדער מיט משפחה
גובערעק שמואל־יאַנקל מיט פרוי, קינדער, שמעון
גוראַ חייקל און גאָלדע, לאה, העניע, צפורה, משה יוסף
גורפינקל דוד, פרוי, טאָכטער, יהודה לייב מיט פרוי רבקה (אָרליאַנסקי)
גליקסמאַן הענעך, פרוי און קינדער; לייביש, פרוי און קינדער
גליקסבערג חיים־דודל, פרוי און קינדער
געלבאַרד יעקב־יוסף מיט פרוי, זון, טאָכטער מיט מאַן און קינדער
געלבאַרד חיים דוד, פרוי און קינדער
געלבאַרד מרדכי, מרים, לייזער, יעקב, יצחק
געלדמאַן חיים־בער און ברײַנדל, רחל־בלומע, מרים, יצחק־אייזיק, עטקע, שמואל־אהרון, שרה־רבקה
גערשקאָוויטש יהושע און אסתר, רחל און פאָלע, חנה; זין: ישראל און הערש־לייב
גערשקאָוויטש יוסף און פאַמיליע

גערשפוס חוה (רבס טאָכטער) מיט משפחה
גערעכט צעשע (מאָדעליסטקע)
געלבפיש ברוך, פרוי און קינדער
גראַדמאַן מאָטל און חנטשע, פייגע, נעכע, אהרון
גראַדמאַן משה, שמואל און בערל
גראַף ירחמיאל מיט משפחה; גראַף ישראל יצחק, זון משה און נאָך קינדער
גראַף שלמה מיט פרוי שרה (שעקערקי) און משפחה
גרייצער נחמן, פרוי און קינדער
גרינבערג (איידעם פון גורפינקל), פרוי, זון און טאָכטער
גרינבערג מנשה, פרוי, קינדער, זון יאַנקל מיט פרוי
גרינבערג פיניע, פרוי און קינדער
גרינבערג יאַנקל, פרוי, ישראליק, איטע מיט איר מאַן
גרינבערג חיה (אלמנה פון משה) מיט קינדער; אַדוואָקאַט גרינבערג
גרינבערג אלימלך און שרה, יעליס, אסתר, בתיה, הדסה
גרינבערג משה
גרינבוים יוסף און חנה, זון משה, צאַלקע, יהודית
גרינוואַלד חיים, פרוי, זין און טעכטער; משה, פרוי, זון שלמה
גרינשטיין פרוי (ביים סעדיל) מיט משפחה
גרינשטיין אפרים־פעלטע מיט פרוי
גרינהויז, משפחה
גרינשפאַן יוסף (זון פון הערש־יצחק), פרוי, טעכטער, זין מיט משפחה

דאַבאַש, משפחה
דאַנגאָט הענדל, אלמנה
דאַנגאָט יאַנקל, פרוי און קינדער
דאַנגאָט לייבל און פייגע, מיט זייערע קינדער
דאָמב יהודה בער מיט משפחה
דאָמב אהרן און אסתר, הדסה
דואַ (טאָכטער פון יהושע־דוד) מיט קינדער
דזשעווקאַ, שניידער
דיקערמאַן משה מיט פרוי, זון וועלוול און נאָך קינדער; שאַיע דיקערמאַן
מיט משפחה
דרעזנער משה, פרוי און קינדער
דרעזנער אהרן, פרוי און קינדער

האָכמאַן חיה (ראַדזינסקי)
האָלצבאַנד שאול
האָראָוויטש פסח מיט משפחה
האָראָוויטש אייזיק (זייגערמאַכער) מיט משפחה
האָראָוויטש פייוול מיט פרוי
האָראָוויטש משה לייב דאָראָזשקאַזשס, אלמנה
הילמאַן שלמה, רבקה, חנה
הילדעבראַנד (היטלמאַכער), פרוי מיט משפחה, אויפן רינעק
הילדעבראַנד — נאָך אַ משפחה — אויף וואַרשעווער גאַס
הובערמאַן נתנאל און משפחה

הימלפּאַרב, משפּחה
הערשקאָוויטש, משפּחה
הערמאַן ברוך, פרוי און קינדער

וואַכטער שמעון, פרוי, צוויי טעכטער
וואַכטער נחמה מיט זין און זייערע משפּחות
וואָלפאָוויטש, אלמנה פון אהרון, קינדער
וואָלפאָוויטש מיט משפּחה
וואַקסמאַן אַלטער, פרוי, יאָסל, איטע, משה און נאָך קינדער
וואַקסמאַן הרץ, פרוי און קינדער
וואָלף הירש און לאה מיט משפּחה
וויינער (דענטיסטקע), מאַן מיט זון איזשאָ
ווייסבראָד איידל, אלמנה, מיט משפּחה
ווייסבראָד ישראל מיט משפּחה; שלום מיט משפּחה; ווייסבראָד גוטע (אלמנה פון מרדכי) מיט 5־יעריק מיידעלע
ווייסבראָד געניע (פרוי פון לייביש), פראַניע, מאַניע
ווערניק גדליה, אַלטע און קינדער
ווערניק הערשל, פעשקע
וויסיפקע הענעך, פרוי און קינדער
ווענגעל יחזקאל, פרוי און קינדער
ווענגעל אברהם מיט משפּחה
ווענגעל לייבל
ווענגעל ישראל־יוסף, פרוי און קינדער
ווישניאַ אברהם־הערש, פרוי און קינדער
ווישניעווסקי משה און פריידע, יוסף, פייגע, פרימיט, בנימין
וויקסלפיש יחיאל און פייגע
ווערניצקי אפרים, מרים, דוד, מינדל, לאה
וואַסערמאַן יוסף — האַלערטשיק — מיט משפּחה
ווישקאָווסקי, משפּחות
וויינבערג לעאָן, פרוי (טאָכטער פון נחום קאַרמאַן) און יינגל

זאַיאָנץ הענעך, זון, טאָכטער און משפּחות
זאַלבע שלום מיט פרוי חיה (פינקלשטיין)
זאַק מענדל, מיט משפּחה
זאַקאָן משה (עסיקמאַכער), פרוי, קינדער
זאַרעצקי (פעלדשער) מיט שטיפטאָכטער
זאַרעצקי (זון) פריזירער, פרוי און קינדער
זיבונסקי שיע און גוטע
זילבערבערג לייבל, פרוי און קינדער
זילבערבערג פייוול, פרוי און טאָכטער רבקה
זילבערבערג זלמן (פון ביר), פרוי; זילבערבערג משה (האָלץ־סקלאַד) מיט פרוי
זילבערבערג (אלמנה, פון מאַנגעל) מיט טעכטער און זון אהרון
זילבערמאַן (מאירלס טאַטע) מיט משפּחה
זילבערמאַן לייזער (ווייסבראָטס איידעם), פרוי סאַבינע, זון צבי

זילבערשטיין מאיר־קיוועס, פרוי, צוויי זין און טאָכטער
זילבערשטיין הערשל און פרוי; זילבערשטיין חיים, גאָלדע, דאָבע און יוסף
זילבערשטיין יהושע און דאָבע, חיה־איטע, שרה־נעכע מיט משפחה, רייזל מיט משפחה
זילבערשטיין שמחה מיט פרוי און זייערע קינדער
זילבערשטיין אשר (שפיליטער), פרוי און קינדער
זילבערשטיין גאָלדע, קינדער, ראובן, יאָסל און נאָך קינדער
זיסמאַן יאַנקל (מאָרדער), פרוי, זון משה, נאָך קינדער
זיסמאַן, עטלעכע משפחות
זיסערמאַן מאָטל, פרוי דבורה, טעכטערל רבקה, יינגעלעך ברוך און יאַנקעלע
זיסערמאַן אהרון און ראַצע
זיסערמאַן (אלמנה), זון יחיאל, לייזער, אברהם
זיסערמאַן בוטשעלע (זונעלע פון משה און טאָבע)
זעלצערס משפחה (אוליקל)
זלאָטאָלאָוו נחמן בנימין, פרוי, זון וועלוול און נאָך
זשעלאַזני אפרים, פרוי און משפחה
זשעלאַזני יחיאל און חנה, שלמה, רוחמה

טאַבאַקמאַן נחום, פרוי און קינדער
טאַבאַקמאַן זון מיט זיין פרוי
טאַלאַרסקי ישראל — שניידער (פייערלעשער) — מיט משפחה
טאָפּילאָווסקי יוסף מיט קינדער
טיראַנגעל לעאָן, פרוי און משפחה
טייבלום יהודה און פייגע־לאה, אדעל מיט משפחה, רחל מיט משפחה, איטקע מיט משפחה
טייבלום יהושע און לאה, רחל מיט משפחה
טייבלום יוסף מיט משפחה
טייבלום נחום מיט חוה מיט זון
טייבלום נטע און טובה, משה, שבע
טייבלום צבי און פריידע מיט זייערע צוויי קינדער
טענענבוים יחיאל, אסתר, הערשל, משה (ישראל שוחטס איידעם)
טענענבוים יחיאל (קלמן שרייבערס זון), גרשון, חיים, ניסן
טראַפּיקאַנט יצחק שלמה און חיה אסתר, ישראל, מרים, בלומע, רייזל, שבע און זייערע משפחות
טראַפּיקאַנט שמחה, פרוי אירקע (עדעלשטיין), גרשון, גדליה, ישראליק
טראַפּיקאַנט — ברודער
טרוינע משה־מענדל, חנה־גיטל, יאַנקל
טרוינע ברוך, פרוי און קינדער
טרוינע הערש־לייב, פרוי און משפחה
טרוינע יוסף, פרוי, מרדכי און נאָך קינדער
טשעלענטיק יאַנקל, פרוי, צוויי זין און טאָכטער
טשעלענטיק פון רינעק מיט זיין משפחה
טראָיאַנאָווסקי הערש, מינדל, בעלאַ
טראָיאַנאָווסקי חיל מיט משפחה
טשעשעלסקי לייבל, פרוי און קינדער

טיגער, משפחה
טשעבושעווסקי, משפחות
טשעבושעווסקי הערשל, פרוי (עפלבוימס טאָכטער) און קינדער מיט מוטער אסתר הענדל
יאַבלאָנקע משה (יערזשינקער) מיט פרוי און קינדער
יאַבלאָנקע אשר מיט משפחה
יאַבלאָנקע בצלאל מיט משפחה
יאַבלאָנקע יעקב מיט רבקה, טובה־לאה מיט מאַן, חיה־מינדל
יאַבלאָנקע משה און בלומע
יאַבלאָנקע משה־קלמן מיט משפחה
יאַגאָדאָוויטש הענעך מיט משפחה
יאַגאָדאָוויטש יצחק מיט חנה
לייבל, שרה, פייגע, צביה
יאַגאָדאָוויטש (משה בייטערס טאָכטער) מיט משפחה
יאָקובאָווסקי עליע־דוד, פרוי און קינדער
יאָקובאָווסקי חיה אסתר
יאָקובאָווסקי מענדל, באַשע (שעדלעצקי), פנחס־אלעזר
יאָקובאָווסקי שלמה, פרוי צירל, און זיינע עלטערן
יאַנושעווסקי משה־עלי און יהודית, מרים, מאיר, זיסקינד, פסח
יאָסקאָוויטש זלמן נתן, מיט משפחה
יאָסקאָוויטש שמעון, מיט משפחה
יוכט (אלמנה פון פייוול), זון משה יאַנקל זייגערמאַכער, אברהם, זון אַ שניידער און נאָך אַ זון און איטקע מיט נאָך טעכטער

כאַסקיעל שמאי, פרוי, משה, פסח
כאַסקיעל שאַיע מיט פרוי און קינדער
כאַסקיעל אהרן מיט פרוי אסתר און קינדערלעך
כאָשטש אשר־זעליק, פרוי אסתר־ביילע, זון אברהם און נאָך קינדער
כרינאָוויצקי יוסף, מינדל, און קינדער
כמיעלעווער לערער, פרוי, זון נטע, געהייראַטער זון מאיר מיט פרוי

לאַופער דוד און פייגע מיט זייערע צוויי קינדער
לאַקס, דער רבי ר' משהלע, רבנית אסתר, קינדער און אייניקלעך
פנחס לאַשיצקי (מאַטעסעס), פרוי און קינדער
לאָסאָוויצקי (אלמנה פון הענעך), זון הערשל, שמואל און זלאַטקע
לאָש יעקב און זיסל, ראובן, מלכה, אַלטע, שרה, שמעון
לאָש מנשה, יהודית און יעקב
לאַסקע גיטל (באָדוויצקי) ניסן, אשר און חיים
לוואָוויץ מאיר און פערל, יונה, ברוך שיינדל
לוקין־ניסענזאָן מיט משפחה (דענטיסטין)
ליבערמאַן גרשון־הענעך מיט פרוי, אַרקע, שפרה, חנה
ליווראַנט חיה־רבקה (אלמנה פון משה), מאַטעס און חנה
ליפשיץ שמואל, פרוי, זין און טעכטער
ליפשיץ מאיר, צביה, קינדער רבקה און אברהם — פון פאַביאַניץ
לעוויטע פערל און חנה

לאַופער משה מיט משפחה
לאַופער אלי, פרוי שרה, טאָכטער רבקה
לאַופער דוד מיט משפחה
לאַנדאו יחיאל, מוטער, ברודער, חנהטשע און נאָך שוועסטער
לעווין דוד און שרה מיט משפחה
לעווין יצחק־מאיר און שרה
לערנער אשר, פרוי מאַשע
לעגנער דבורה מיט משפחה
לעגנער ראובן, פרוי, זון לייבל, און טעכטער מיט משפחות
לערנער הערשל, פרוי, טעכטער רבקה, אסתר. גיטעלע, און נאָך
לעבנסאָלד אייזשע, פרוי נעמי, טאָכטער און אייניקל
לעוועטאל יונתן, פרוי און טעכטער
לערמאַן לאה, און קינדער
לעווין ישעיה און זיסל, טובה איטה, חיה, משה
לעווין לעאָן און דבורה
לעווין מאיר דוד, פרוי און קינדער
ליפמאַן מאיר און דינה, יחזקאל, שלמה, אסתר רחל, שמעון, מרים מיט זייערע משפחות
ליפשיצינסקי שלמה און מאַשע־ריווע
לערמאַן משפחה

מאַיעווסקי אברהם און שרה־רבקה, פנחס, סאַגע, חנה
מאַיעווסקי גבריאל מיט משפחה
מאַיעווסקי יהודה מיט פרוי, אסתר, חנה, בעלאַ, שלמה
מאַיעווסקי מתתיהו און חוה, רחל, צביה, חיה, מרים, חנה־רויזע
מאָרגנבעסער ישראלקע מיט פרוי, טעכטער פערל, חוושע, זון חיים
מאָרגנבעסער — אויסגעגעבענע טאָכטער פון ישראלקע — מיט משפחה
מאָנטאַזש אייזיק (שניטסוחר) מיט משפחה
מאָסטאָווסקי דוד מאיר מיט זון און טעכטער
מאָסטאָווסקי חיים, צוויי זין, איין טאָכטער
מאָסטאָווסקי מאיר (שוסטער) מיט פרוי
מאָסטאָווסקי אייזשע מיט פרוי און משפחה
מאָסטאָווסקי הערשל (שוסטער) מיט פרוי און קינדער
מאָרגנשטערן בערל (זעלצער), יענטע, מעכל, רבקה, בלומע
מאָרגנשטערן משה מיט משפחה
מאָרגנשטערן אברהם מיט משפחה
מאָרגנשטערן יחיאל
מאָרגנשטערן רבקה און דאָבע
מאָרגנשטערן ראובן מיט משפחה
מאָרגנשטערן אהרון מיט משפחה
מאָרגנשטערן ישעיה מיט משפחה
מאָרגנשטערן שמעון מיט פרוי און צוויי קליינע קינדערלעך
מאָרגנשטערן שלמה מיט משפחה
מאָרגנשטערן יענטע (אלמנה פון שלמה זייפנזידער), טאָכטער מרים
מאָרגנשטערן פרץ מיט משפחה, שוועסטער פרימעט מיט משפחה

מאָזעס, משפחה
מאַרגוליס אברהם, זון טעאָדאָר
מיאָדאָווסקי אברהם מאָטעס מיט חנה־לאה, דוד מיט יוסף
מיאָדאָווסקי מענדל (שניידער), פרוי און קינדער
מיאָדאָווסקי גאָלדע
מיאָדאָווסקי חנוך און חנה, אברהם־דוד, חיה, הערשל, יוסף, יצחק, שמואל, פייגע, איטע, שלמה
מיאָדאָווסקי ראובן און חוה, טאָכטער רחל
מיאָדאָווסקי יונה, ווייב און קינדער
מיאָדאָווסקי סימע (אלמנה), זון משה מיט צוויי טעכטער
מילער בעריש, פרוי מיט קינדער
מילער משה, פרוי און קינדער
מילער יהושע, מיט ווייב און קינדער
מילער מנשה, פרוי, זון זיינוול
מילער משה (באָיטשיק) מיט משפחה
מילער חיים (טשוואָק) מיט משפחה
מילער צפורה
מייזלער יוסף מיט ווייב, אברהם, ראובן און אַנד.
מיקאַנאָווסקי שרה, מאַניע, כאַסיע, יעקב
מיקאַנאָווסקי רוחטשע
מינסקי — עטלעכע משפחות
מיקאַנאָווסקי ישראל־חיים מיט משפחה
מלינסקי יעקב יוסף מיט משפחה
מיצנער אַלטער, פרוי מיט קינדער
מיצנער — עטלעכע משפחות היטלמאַכערס
מערעטעק שמואל, פרוי און קינדער
פרוי מערעטעק (אלמנה, מוטער פון שמואליק), און פלימעניצע
מעלצמאַן צאַלקע און גיטל (לוואָוויטש), ציפע
מאַטושעווסקי, עטלעכע משפחות
מילכבערג סאַנעלע, פרוי און קינדער

נאָפאַרסטעק אברהם־יוסף, שרה, לאה, מרדכי
נאָפאַרסטעק יחזקאל, פרוי, זין און טעכטער
נודל הערשל (דאָזאָר), פרוי לאה רחל, זון יאָסל
נודל וועלוול, פרוי און קינדער
נודל לייבל, פרוי און קינדער
נודל אברהם, פרוי און קינדער
נוס חיל, מיט משפחה
ניימאַן, אלמנה

סאָטאַנאָוויטש שמחה, פרוי און קינדער
סאַדאָווסקי אברהם איטשע, פרוי און קינדער
סאַדאָווסקי פייוול, פרוי און קינדער
סאַדאָווסקי קלמן, פרוי און קינד
סאָסנאָווסקי (אלמנה פון יהושע), אלי
סאָסנאָווסקי לאָזער, פרוי (עפלבוימס טאָכטער) און קינדער

סאַפּירשטיין אברהם לייזער מיט משפחה
סאָסנאָוויטש יחיאל מיט משפחה
סאָסנאָוויטש רפאל מיט משפחה
סאָקאָל ישראל־יאַנקל און פרוי
סאַפּיר (זייגערמאַכער) מיט פרוי און שטיפטאָכטער
סיטען מרדכי לייב, מיט פרוי
סיטען משה און פרוי רוזשקע
סיטען משה־יחיאל מיט פרוי און קינדער
סיטען יעקב און העניע
סלאָדזשאַרזש (אלמנה פון ישראל) מיט טעכטער
סטאַווקאָווסקי שמואלקע און אסתר מיט זייערע קינדער
סטאַניסלאַוואָווסקי יצחק און פייגע שלמה, לייבל, ישראליק, גיטל מיט משפחה, גאָלדע מיט משפחה
סטאַניסלאַוואָווסקי מאיר מיט פרוי און צוויי קינדער
סלאָן משה מיט פרוי און קנדער
סערוואַטקע, משפחה
סערוואטקע שאַיע־מאָטל און ברכה
סעגאַל פרוי, מיט זון — פון דייטשלאַנד

עדעלשטיין שלמה־דוד, פרוי (פון דער היים לאָש), טאָכטער חוטשע
עדעלשטיין ישעיה (שוחט), פרוי מלכה מיט קינדערלעך
עדעלשטיין משה חיים מיט משפחה
עדעלשטיין אברהם, פרוי מיט קינדערלעך
עדעלשטיין דוד (זון פון כאַסקל) מיט משפחה
עדעלשטיין ראָזע
עדעלשטיין לייביש (זון פון כאַסקיעל) מיט משפחה
עדעלשטיין ישראל (זון פון כאַסקיעל) מיט משפחה
עלקעס (נחמן בנימינ׳ס אלמנה) מיט טאָכטער גאָלדע
עלקעס וועלוול מיט פרוי און קינדער
עקשטיין — משפחות
עפּעלבוים אברהם, פרוי, זון און טאָכטער
עפּעלבוים משה, פרוי
עפּעלבוים שמחה מיט משפחה
עפּלבוים הענעך, פרוי, טאָכטער דבורה, זון אברהם
ערליך מענדעלע, פרוי, זון יאַנקל און נאָך קינדער
ערליך ישראל, פרוי,ביילע, לייביש, יוסף
ערליך איטשע און שיינדל־לאה
ערליך אברהם און גיטל מיט זייערע קינדער

פאָגעלנעסט, משפחה, פאַבריקאַנט
פּאָפּאָווסקי מאיר (געלעס) מיט פרוי און קינדער און אירע ברידער מיט משפחות
פּאָפּאָווסקי יאַנקל (געלעס) מיט פרוי עלקע, עדינה־איידל, פּיניע און נאָך אַ קליין יינגעלע
פּאָפּאָווסקי יחיאל־אריה (געלעס), פרוי און קינדער

פּאָפּאָווסקי משה, פרוי, אברהם שמואל און נאָך קינדער
פּאָפּאָווסקי דוד (איידעם פון מאָטל קצב), פרוי און קינדער
פאקטשאַרסקי יעקב הערש, פרוי, קינדער (סטאָצקער)
פורמאַנסקי אברהם און איטע, ראובן, צפורה, פייגע מיט משפחה, רייזל מיט
משפחה, רחל מיט משפחה
פורמאַנסקי אשר מיט משפחה
פורמאַנסקי פלטיאל מיט פרוי רחל, קינדער: יוסף, ראובן, חיה, גאָלדע,
ישראל
פורמאַנסקי דוד, פרוי, קינדער, טאָכטער, איידעם און אייניקלעך
פורמאַנסקי (זון), פרוי און קינדער
פורמאַנסקי יאַנקל (בוטשעס), פרוי און קינדער
פורמאַנסקי (זון), פרוי און קינדער
פורמאַנסקי צבי (לערער), פרוי, טאָכטער הדסה, צוויי יינגלעך
פולאַווסקי (פּאַראַסאַלניק), משפחה
פורוואַסער עקיבא מיט פרוי, זון יאַנקל, נאָך קינדער
פוטערמאַן לייבעלע, פרוי און קינדער
פיאַנקאָ מאָטל, פרוי און קינדער
פיאַנקאָ יוסף, רחל, נעכע, הינדע, נחום
פיינגאָלד משפחה
פיינקינד משה, פרוי, זון אברהמעלע, מלך, שמחה, מאיר (מיט פרוי) טעכטער
פיינקינד הערשל מיט משפחה
פייערשטיין בונעם פרוי אַלטע, טעכטערל
פייערשטיין טאָבע, אלמנה פון משה־מיכאל
פינקלשטיין אברהם
פינקלשטיין לייביש, לאהטשע, טאָכטער נחמטשע
פינקלשטיין חוה (אלמנה פון מרדכי), קינדער חיים־מנחם, שמואליק
פינקלשטיין דוד, פרוי שרהקע און קינדער שמואליק און ישראליק
פינקלשטיין אַלטער, דבורה־לאה
~~פינקלשטיין (אלמנה פון בעריש יעבץ), זון הערשל~~
פיעטשינסקי יאַנקל, פרוי און קינדער
פיעטשינסקי ישראל־מאיר און שרה, פערל, אברהם־אלי, גיטל, אסתר־חיה
דבורה, שמואל־נוח
פיעכאַטאָוויטש מאיר, פרוי, טעכטער, איידעם
פיעכאַטאָוויטש יאַנקל מיט משפחה
פיעניעק, משפחה פליטים פון ליפּנאָ
פיעצוך מנחם, פרוי, זון ישראל־יהושע, טאָכטער חוה
פיערניק אפרים און פרימעט, איגנאַש, סאַמוש
פישביין מיט פרוי און קינדער (שוואָגער פון גרינשפּאַן)
פישער, משפחה
פליישער ארקע מיט משפחה
פליישער דוד אליהו און ראשקע, יעקב, אהרן־בער, מרדכי־אַלטער, חנה
פליישער חיים מיט פרוי, דבורה־בלומע
פעלדמאַן אהרון פרוי און קינדער
פעלדמאַן ירחמיאל מיט פרוי פייגע (ראַט)
פעלדמאַן יהושע מיט פעסיע, דריי זין

פעלדמאַן ישראל־יצחק און חוה־גאָלדע, חנה־לאה, דבורה, טשאַרנע, יוסף
פעלדמאַן לייבל, פרוי און קינדער
פעלדמאַן שמואל, פרוי חנה (זיסערמאַן), ברוך, יצחק, רחלע, יאָסקע
פעלדמאַן (שפּיליטער) מיט משפּחה
פעלנער משה־הערש, פרוי, זון שלמה, נאָך זין און טעכטער
פעלנער (אלמנה פון ראובן), זון אברהם, טעכטער
פערקאל חאסקעל, פרוי רויזע און טעכטערל
פערלמאַן אסתר מלכה; פערלמאַן ישראל מיט משפּחה; פערלמאַן מרדכי
מיט משפּחה
פערלמאַן נחום, פערלמאַן סאָנע מיט משפּחה; פערלמאַן שמואל־אלי
פריד שלמה (מלמד), פרוי (טאָכטער פון אברהם־יהושע גאָרדאָן), זון בנימין
פריד יעקב, פרוי מלכה און משפּחה
פרידמאַן ישעיה (שפּיליטער); פרידמאַן ישעיה, ברכה; פרידמאַן אברהם
מיט פרוי
פרידמאַן ישעיה (דער געלער), פרוי מיט טעכטער
פרידמאַן דוד, פרוי ברײַנדל (אוויעס), פייגע, צירל, אסתר, חוהלע, רייזל
פרידמאַן לייב און פערל, דוד, יהושע
פרידמאַן מאַניעק און אַדעלאַ, ליליא
פרידמאַן צעשע, רוזשקע, העלענא
פשעגני׳ אייזיק מיט משפּחה

צוקער העניע (אלמנה) מיט קינדער
צוקער (זון פון העניע) מיט פרוי און קינדער
ציוויאַק מאיר און דאָבע, חוה און אַלעקסאַנדער
ציוויאַק בנימין, פרוי, דריי טעכטער, זון יידל מיט משפּחה
צימערמאַן פנחס און שפּרינצע, עזריאל, טאָכטער מיט משפּחות
ציליך (אלמנה פון שמואל־יצחק) זין יודל און יאַנקל
צירקלעוויטש מרדכי, עלקע און קינדער
צירקלעוויטש מיט משפּחה

קאַווע, משפּחה פליטים פון קאַליש
קאַליש בוטשע, פרוי מיט קינדער; נאָך משפּחות קאַליש, בעקערס
קאַלוסקי מרדכי, שרה, משה, זיסקינד, חנה
קאַלוסקי ישראלטשע, משה, חנה מיט זייערע משפּחות
קאַלוסקי שרה (אלמנה) מיט זון
קאַלוסקי אהרון־יעקב, פרוי, טעכטער; זון מאיר שלום מיט משפּחה
קאַלוסקי יהושע מיט משפּחה
קאַמיען, עטלעכע משפּחות
קאַמינקאָווסקי משה־יצחק מיט צירל, רוכטשע מיט משפּחה, ריווטשע מיט
משפּחה, פעטשע מיט משפּחה, כאַנטשע, צירל מיט טאָכטער
קאַמיענטשיק יהודה מיט צירל
קאָרמאַן ישראל־צבי און רחל; קאָרמאַן נטע און רייזל מיט דריי קינדער
קאָרמאַן נחום פרוי און קינדער; קאָרמאַן יצחק מיט צוויי קינדער
קאָרמאַן פּייוול און אסתר און זייערע זעקס קינדער
קאַפּאָטאַ שמשון דוד (סופר), פרוי, טאָכטער, זון משה

קאַפּאָטאַ יחיאל־בער מיט פרוי; קאַפּאָטאַ ישראל־חיים מיט פרוי כינקע
קאַפּלאַן (אלמנה פון רב), איטשעלע, גאָלדע, לייזער, שוועסטער גיטעלע
קאַפּעליושניק מאַלע מיט משפחה; קאַפּעלושניק מרדכי מיט משפחה
קאַפּעליושניק ראובן מיט שרה־מלכה, דוד, שלמה, משה, חיים, אברהם, רחל
קאַפּעליושניק שמואל מיט משפחה
קורלענדער פראַנטשישעק און מלכה, אנא, יוליאַן
קויפמאַן יצחק־אייזיק און חיה־פריידע, זון דוד מיט פרוי און טעכטערל
קויפמאַן ישראל און איטקע, טעכטערל שולמית; קויפמאַן (אלמנה פון
בערל קיאַק) מיט קינדער
קיווייקא, משפחה
קירשנבאַום בענדעט, לאה; קירשנבאַום משה מיט משפחה; קירשנבאַום
משה, לאה און שלום
קירשנבאַום מרדכי־יאָסל, רחל, משה, שלום, דבורה
קירשנבאַום טוביה מיט משפחה; קירשנבאַום (פּאָטער פון פראַדל), זון
שמשון און נאָך קינדער
קירשנבאַום שלמה מיט פרוי, קירשנבאַום יאַנקל מיט פרוי און קינדער
קליין בנציון און דבורה (קויפמאַן), קליין — אַדוואָקאַט מיט פרוי
קליינמאַן חיים, פרוי און קינדער; קליינמאַן זון, פרוי און קינדער
קליינמאַן יאַנקל (בעקער) מיט משפחה
קלאַוזנער־מאַשקאָוויטש הערמאַן, פליט פון קעלן
קראַמאַרזש משה, פרוי און קינדער, שוועסטער
קרייטמאַן, משפחה

ראַדזינסקי (שניידער פון דיטנערסקיס הויף) מיט משפחה
ראַדזינסקי אברהם און שבע, טאָכטער סאַבינע
ראַדזינסקי אברהם (סאַניטאַר) מיט משפחה
ראַדזינסקי זלמן מיט משפחה
ראַדזינסקי יצחק און איטע, רחל, יחיאל־בן־ציון
ראַדזינסקי ישראל מיט משפחה
ראַדזינסקי מאיר־שלום און טאָבע מיט טעכטערל שיינדל
ראַדזינסקי מאַטעס, פרוי, צוויי טעכטער מיט איידעם און אייניקלעך
ראַדזינסקי מרדכי־אייזיק און באַשע, יוכבד, פייגע, מינדל נתן, איטקע
ראַדזינסקי משה ראובן מיט משפחה
ראַדזינסקי ישראל־טוביה (אויטאָ־אייגנטימער), פרוי, קינדער, איידעם
און אייניקלעך
ראַדזינסקי יחיאל (מאַשעס), פרוי און קינדער
ראַדאָשינסקי איצל (בעקער), פרוי און קינדער מיט אייניקלעך
ראָזן שלמה און חוה מיט זייערע פיר קינדער
ראָזנבוים איטשע־מאיר און שבע
ראָזנבוים אלי־יוסף און איטע (שעקערקע) מיט זייערע צוויי קינדער
ראָזנבוים משה און אסתר מיט זייערע קינדער
ראָזנבוים שיע און שרה מיט זייער קינד
ראָזנבוים שלמה און חנה מיט זייערע קינדער
ראָזנבוים שמחה און חוה מיט זייערע קינדער
ראָזנבוים משה קלמן (גאַרבאָווניקס שוואָגער) מיט משפחה

ראָזנבוים הערשל (טאָקער) מיט פרוי און קינדער
ראָזנבלאַט, עטלעכע משפחות
ראָזנבערג ברוך־איסר מיט רבקה, אסתר, העניע, חיים
ראָזנבערג נתנאל מיט משפחה
ראָזנבערג יחיאל („זבענק"), מיט פרוי און קינדער
ראָזנבערג בנציון (קלעזמער), פרוי מיט משפחה
ראָזנבערג לייבעלע, פרוי און טעכטער
ראָזנבערג יאַנקל מיט פרוי, זון שמואל, נאָך אַ זון און טאָכטער
ראָזנבערג יצחק מיט פרוי און משפחה
ראָזנבערג שמואל מיט פרוי און קינדער
ראָזנבערג (הייזעריקנס זון) מיט פרוי און קינדער
ראָזנבערג (צווייטער זון פון הייזעריקן), פרוי און טעכטער
ראָט שמואל מיט פרוי רעכל און קינדער
ראָטשטיין יחיאל בנציון (מאָטל קאָלטנס), פרוי און זון
ראָטשטיין (גליניאַנקער שוסטער) מיט משפחה
ראָטשטיין אברהם און רבקה, טאָכטער עטל
ראָטשטיין אהרון, זלמן, יוסף, יצחק, שמחה, שעפסל, גיטל, גאָלדע, געניע,
זעלדע, מאָטל, לאה, חיה מיט זייערע מענער אליעזר, בערל, משה
מיט זייער קינדער
הרב ראָטלעוויטש חיים־זעליק (מו"צ) און שבע, שרה, נתן, דבורה, שלמה
ראָטלעוויטש דוד און חנה, טעכטערל מלכה
ראָטשטיין הינדע, שאַרלאָט
ראָטשטיין, עטלעכע משפחות
ריבאַק פייגע באַשע, ביילע, אהרון־דוד, בלומע, ריבטשע מיט איר מאַן
און צוויי קינדער
ריבאַק לייזער (צאַצקע), פרוי, קינדער
ריבאָוויטש אשר מיט שפרינצע (הילדענבראַנד)
ריבאָוויטש שמואל מיט מוטער
ראָכמאַן רבקה בלומע (אלמנה פון ר' שמעון), טאָכטער מרים רחל
ראָכמאַן דינה (פייערשטיין) מילמאַן און שוועסטער אסתר (ר' שמעונס
טעכטער)
ראָכמאַן ישראל־איסר, פרוי נחמה און קינדער
ראָכמאַן (שוסטער), פרוי און קינדער, שנור און אייניקל
ראָכמאַן־גאָלדבערג מינדל מיט משפחה
ראָלניק סאַנע און ברכה
רובינשטיין יוסף־לייב מיט משפחה — קינדער און אייניקלעך
רובינשטיין נפתלי, פרוי חיה, זון יאַנקל
רוזשאַנסקי חיים־יאַנקל, פרוי און קינדער
רוזשאַנסקי פייוול, פרוי און קינדער
רוזשאַנסקי אברהם, פרוי און קינדער
רוזשאַנסקי בערל, פרוי און קינדער
רויזנער לייבל, פרוי פרימעט (קאָווע), טאָכטער פייגע
רוס ישראל און פעלאַ (קאַמיענטשיק), גבריאל
רייזמאַן, משפחות
רינקעוויטש הרב (מו"צ), פרוי, זון יחזקאל און נאָך קינדער

ריבאָוויטש בעריש (טאָקאַרזש), פרוי און קינדער — אשר, הערש־לייב, בונעם און אַנד. זין און טעכטער
רייזמאַן הערצקע, קצב, מיט משפחה

משה נתנאל שאַפּיראָ (הרב דמתא), רביצין, קינדער, ברודער ממלא־מקום פון רב
שאַפּיר פּיניע, פרוי און קינדער
שאַפּיר מיכאל, פרוי און קינדער
שאַפּירשטיין אהרון דב און צביה, יעקב־אשר, רחל, חנה מיט איר משפחה, שרה רבקה מיט איר משפחה
שאַרפשטיין אהרן און מאַניע און קינדער
שולץ שלמה, פרוי לאהטשע (בערגער), ברידער און שוועסטער, קינדער פון חנא בעקער
שושניק, משפחה
שוויאַטלאָ אברהם יאַנקל, פרוי און קינדער
שוואַרצמאַן שרה מיט משפחה
שוויעצקי, פרוי, טאָכטער פון שלמהלע אייזנקרעמער, מיט קינדער
שוויעצקי גרשון הענעך, פרוי עטל און קינדער
שטוטמאַן שאול, פרוי, זון לייביש
שטוטמאַן שלמה, פרוי און קינדער
שטיין, משפחה
שטיינער, משפחות
שטיינבאַק הענעך, פרוי און זעקס קינדער
שטיינבאַק נוח און בלומע, אברהם, יידל, רייזל, רבקה
שטיינבאַק שלמה און פייגע, אריה, יוכבד, כיענע, פּאָלאַ
שטיינמאַגען לוי און נעכע, בעריש, הערשל, חיה־לאהטשע
שטערן שאַיע און סיזל
שיפמאַן מאָטל רויזעלע, יאַנקל, אַ טאָכטער
שלעכטער מנדל, דינה־לאה (זיסערמאַן) פון לאַטאָוויץ מיט טעכטערל דבורה
שעדלעצקי משה און אסתר, בראָנטשע און שרהלע
שעדלעצקי ברוך און חיה מיט קינדער — משה, אפרים, דריי מיידעלעך
שעדלעצקי אהרן, קינדער חיה און סערקע
שעדלעצקי לאה מיט משפחה
שעדלעצקי אייזשע מיט פרוי און צוויי קינדער
שעדלעצקי אברהם, פרוי און קינדער
שעדלעצקי מאָטל, פרוי און קינדער
שפּיגל משה אלעזר, פרוי, זון מאָטל, טאָכטער פּאָלאַ
שפּיגנער מענדל, חוה־ביילע און משפחה
שפּינגער מענדל, אסתר־חנה, הערשל
שפּעקמאַן ברוך מיט פרוי, זון שלמה און טעכטערל
שפּעקמאַן (הערינג־הענדלער), פרוי, זון און דריי טעכטער
שעניצקי משה און דינה, שרה און דוד
שעניצקי אלעזר און פרוי, העניע
שעניצקי שרה מיט מאַן משה־טוביה פון אָשעצק
שעראָקע מרדכי און רבקה מיט זייער קינד

שעקערקע זלמן און העניע, אסתר
שעקערקע מענדל און פייגע מיט זייערע דריי קינדער
שעקרקע אברהם, פרוי יענטע, זון שמשון
שעקערקע יעקב־מענדל, פרוי לאה, קינדער
שעקערקע יצחק־יוספס אלמנה שרה מיט קינדער
שעקערקע משה, פרוי און קינדער און שוועגערין ליבעלע
שעקערקע שמואל מיט פרוי
שפּאַנצער אלמנה, זון יאַנקל, טאָכטער רבקה

תלמוד יחיאל, פרוי און קינדער
תלמוד מאָטעס, פרוי און קינדער

## אַזוי האָט מען זיי גערופן

(אומגעקומענע ווערמענס פינקטלעכע נעמען זענען פאַרגעסן)

פייוועלע בעקער מיט זיין משפחה
משה אהרן מלמד מיט משפחה
בעריש טאָקאַרזש, פרוי, זון אשר, הערש לייב און נאָך
פישקע מאָשקע
לייזער צאַצקע מיט פרוי און קינדער
קלמן קאָרקנמאַכער מיט משפחה
הערצקע שמש מיט משפחה
בערטשע שמש מיט משפחה
סומער מיט טאָכטער יאָספע
חיים גאָלדעס, אַ קצב
יעקב הערש גאָלדעס (חנהס איידעם) מיט משפחה, מאיר שלום גאָלדעס מיט משפחה
אהרון בלאַכאַרזש מיט משפחה
עלי פוס מיט משפחה
אהרון שוסטער מיט משפחה
אלמנה פון עלי באנק מיט משפחה
אָסטראָלענקער מלמד מיט משפחה, זיין זון יאַנקל מיט משפחה
קענדזשערס איידעם און פרוי דינה
שלמה מלכס (היטלמאַכער)
שלמהלע מלמד
הערשל באַרטניצער מיט פרוי און קינדער
חיימטשע קאָפּ (פון חברה קדישא), פרוי, קינדער און אייניקלעך
מענדעלע מלמד מיט משפחה
טאַטע לייזער מיט פרוי רויזע, זון און אייניקלעך (פון די באַלעגאָלעס)
חנה די בלאַכערקע, איר זון און זיין משפחה, איידעם יעקב־הערש, פרוי און קינדער
מאיר שלום, ברודער פון יעקב הערש און משפחה



אַן ערב יום־כיפור ביים מאָנומענט אין פּאַריז

## פאַראייביקטע נעמען אויפן דענקמאָל אין פּאַריז

די לאַנדסמאַנשאַפט פון מינסק־מאַזאָוויעצק אין פּאַריז האָט באַלד נאָך דער מלחמה אויפגעשטעלט אויפן פּאַריזער בית־הקברות, אין באַניע, אַ דענקמאָל מיט די נעמען פון אַלע דעפּאָרטירטע פון פראַנקרייך, אָפּשטאַמיקע פון מינסק־מאַזאָוויעצק. אין דער רשימה געפינען זיך אויך אַ סך וואָס זענען אין פּאַריז נישט געווען, אָבער זייערע נאָענטע אין פּאַריז האָבן כאָטש געוואָלט אויף וואָס פאַראַ אופן זייערע נעמען דערמאָנען. יעדן ערב־יום־כיפור זענען מינסקער יידן אין פראַנקרייך זיך מתייחד מיט זייערע נאָענטע ביי אָט דער מצבה, ווי מיר זעען דאָס אויפן בילד.

ווייטער ברענגען מיר די נעמען פון די מינסקער וואָס זענען אויסגעקריצט אויפן דאָזיקן דענקמאָל.

אין שפּיץ פיגורירן די נעמען פון די צוויי עקזעקוטירטע יידן פון מינסק, וואָס זענען אין פראַנקרייך דערשאָסן געוואָרן דורך די נאַציס אַלס ערוב־ניקעס: אברהם טשעבוצקי און יאַנקל מינסקי.

לינקע זייט פון דענקמאָל האָט פאָלגנדיקע נעמען פון די קדושים, לויטן לאַטייניש אַלפאַבעט:

אַבראַמאָווסקי גאָדל; אַרפאַ אידאַ, יוסף; בייער משה; בעקאָס בנימין, רבקה, אדאָלף, בעקאַס סימא; בערנאַט עוואַ, אַננאַ, רענע; באָרקשטיין קלאַראַ, שרה; באָרקשטיין אברהם, ביילע; בראָנעס־דאַנציקער שרה; בראָנעס חיים, העלען; בוכנער מאָריס, עלקע; טשעשינסקי שלמה, העלען, מינע, אַננאַ, מאָריס; צעניקסבערג בראַנדל, אָלגאַ, אידאַ, קסיעל; ציוויאַק מאיר, צאַרני יעקב־קאָפּל, מאלא העברי; דזיאַלאָווסקי מאיר, זיסל; אייזנמעסער אסתר, מאָריס; אייכענהאָלץ שאַיע, איטע, שאַרלאָט; ערליך אברהם, ערליך גוסטאַוו; פינקלשטיין אברהם, פינקלשטיין רחל; פורמאַנסקי בערנאַרד, יוסף, משה, דבורה; פריידריך ישראל; פרידמאַן חנה־גיטל; פרידמאַן יאַנקל; פירייטער זשאַק; גאָטליב עליע, גאָלדע און זייערע קינדער; געלדמאַן חיים־בער, בראַנדל; גאָפּשטאַרניק אברהם, חיה, אידאַ, אַדעל, סימאָן; גאָלדבערג אפרים, לעאָן; גאָלדבערג לייב, שפרה; גאָלדמאַן אברהם; גאָלדשטיין איטקע, ראָז; גאָלדשטיין סימא, ראָבערט; גאָלדשמידט מאָריס; גאָנטאַרסקי לאַזאַר, דבורה און דריי קינדער; גריץ פייגע, לעאָן; גרויזדיק משה, עליע, אידאַ, פאַני; גרויזדיק דוד; גרינבוים עזרא, פייגע, אַרנאָלד, שרה; גרינבערג משה, גרינבערג גיטל, ראָזע; גרינבערג רפאל, גרינשטיין הערש, סאָניע, זשאַק, סאַלאָן; הערשפּוס שלום, רבקה, אהרון, חיה; הימלפאַרב פאָל; יאַבלאָנקע מאַקס, רעגינע, יאַבלאָנקע נתן, ראָזע, מאַשאַ, שרה, שמואל, בלאַנש, פאָל, לעאָן, ראַשעל; יאַגאָדאָוויטש איזאַק; יאַקובאָווסקי זעליק, שפרינצע; יאָסקאָוויטש שמעון; קאַליש סאַנע; קאופמאַן לאה; קאַווע זעלדע, דאָרע; קאָרמאַן אריה, יצחק; קאָזשוך שמעון, זשאַק; קשאָנשקאָווסקי יצחק, גאַסטאָן, שרה, שיפרה; לאַנדסמאַן שרה; לייפער מאיר; ליכט יאַנקל, חוה; ליפּשטינסקי שפרינצע; לאָש שאַיע, חיה, שרה, העברי, סימאָן; מאַנגעל אברהם, לאה; מאַטושעווסקי כאַסקעל; מאַרסעל; מענדעלסאָן געניע, צפורה.

## געפאַלן אין העלדישן קאַמף פאַר פראנקרייך:

**בוטלער הערמאַן, האָראָוויטש יאָסל, ראָזנבוים כאַסקיעל, שליוואָקאַ שלמה, שטערנפעלד בערנאַרד.**

אויף דער רעכטער זייט פון דענקמאָל פיגורירן די נעמען:

מיכאָווער יאָסל, העניע, העלענע, סוזאַן; דוד; מיצנער אברהם; מיצנער גרשון, רעגינע; מיצנער נתן, געניע מיט דריי קינדער; מיקאַנאָווסקי מלכה; מינסקי יצחק; מיאָדאָווסקי יוסף, ראָזע, אַנעט; מיאָדאָווסקי הערש; מאָנטשאַזש קיווע; מאָרגענשטערן שיע, זיסל; מאָרגענשטערן שרה; מאָטיקאַ יאַנקל; נודעל אברהם, עטל, נתן; אָשליאַק חיים, אידאַ, רבקה; אָקסענהענדלער הערש; אָרדאָנער אברהם; אָסטשעגאַ יצחק; פּערלמאַן—טערצאַסקאל; ראַבינאָוויטש ליבע, העלען, פאני; ראַדאָשינסקי נחום; ראויזמאַן אברהם; רויזען פאַיאַ, ישראל, נתן; רויזמאַן שמילקע, בעלאַ־איטאַ; רויזמאַן הערש, שרה, רבקה, יצחק; רויך טאַניע; ראָזענבאום לאה, זשאַנעט; ראָזנבערג הערמאַן, לאה; ראָזנבערג מאָריס; ראָזנבערג טאָבע; ראָזנבערג לעאָן, ראַשעל; ראָזנבלאַט מנחם; ראָזנצווייג יודקע, חיה, מאָריס; ראָזנצווייג אברהם, חנה, מאָריס; ראָטשטיין רבקה, רחל, עטל; ראָטשטיין הינדע, שאַרלאָט; ראָטשטיין משה; רוזשאַנסקי ראובן, חיה; רובינשטיין לאה, זשערמען, ראָזאַ; ריבאַק בלימע; סעראָקאַ יעקב, איטאַ, מאַרסעל; שעניצקע יעקב, לאה, פייגע, חיה, פערל, אהרון, חנה, וויגדער, חוה; שעניצקי חנה, רעזשין; סקאָרופקאַ מלכה, סוזאַן, הענרי; סאַלמאַן פאָל; סטאַלקאָווסקי מלך, יאָספּע, ביילע, פעסע, אברהם, מלכה; סטאַווקאָווסקי שמילקע, נתן, פאָלעט; סטאַווקאָווסקי מאָריס, שרה; שאַרפשטיין אברהם; שער יצחק, רבקה, דעניס, אַנדריי; שטערנבערג ראָזע, פישל, דבורה; טאַלאַרסקי מאיר, טעפּערמאַן לעאָפּאָלד; טראַפּיקאַנט זשאָרזשעט, ריימאַן, מישעל; טשעבוצקי שלמה, טוכשיפער, משפחה; טיילבאַר בינעם; ווייסמאַן צירל, מרדכי; וואַלד פעלאַ; וואַרשאַווסקי אברהם; ווערטעל משה; ווערטעל לעאָן, רבקה, מאָריס; וואָלפאָוויטש עזרא; מינדל; וויראָבניק משה; שפּיגעל יעקב הערש, פרוי, דריי קינדער; סקאָרופקאַ יוסף; ראַשעל הענרי, זשאַק, שמואל, פאָל; גאַלעצקי חיל מאיר.

די נעמען אין פראָנט פונעם דענקמאָל:

בעקאַס נתן, נחמה, וואָלף; בערנאַט אברהם, רחמיאל; בראָנעס מרדכי, הינדע, רחל, יודל, שרה, יעקב; בראָנשטיין הענעך, עטאַ; באָרנשטיין רעזשין (פון דער היים יאַבלאָנקע); בורשטין־לאָשיצקי רבקה; ציבולסקי הערש, רחל, יאַנקל; צימערמאַן פיניע, שפרינצע, עזריאל, צירל; דראַך משה, רייזל; עלקיס בנימין, מאַלע, וואָלף, גאָלדע; ערליך יצחק, שיינדל, פייגע; פינקלשטיין מאָריס, גיטל, בערנאַרד; גאָנטאַרסקי יצחק, דבורה, יאָסל; גרויזדיק נטע; גובערעק יצחק, שלמה, פראַדל; גוטמאַן יצחק מאיר, חיה, גאָלדע, הערש, ראובן; יאַגאָדאָוויטש ליבע, משה, שיינדל, יאָסקאָוויטש זלמן; יוכט פייוול, רחל; קאָרמאַן נטע, רייזל, 3 קינדער; קאָרמאַן פייוול, אסתר און 5 קינדער; קאָרמאַן יאַנקל, אסתר און 2 קינדער; קאָרמאַן ישראל, הערש, רחל; קאַליש שלמה; קאַמינקאָווסקי משה מיט קינדער;

לערמאַן לאה, שאָשע, איטע, מאיר; מיצנער משה, ברכה, נטע, טאָבע, גאָלדע; מיללער מנשה, פריידל; מאָרגענבעסער ישראל, בראַנדל און קינדער; מאָרגנשטערן שלמה, יענטע, פרימע, פרץ; אָסטשעגאַ אפרים, רישל און קינדער; פיק יענטע מיט טאָכטער סאָלאַן; פיעטשינסקי ישראל־מאיר, שרה, עליע; ראַדאָשינסקי יצחק; ראָלניק סאַנע, ברכה, אברהם; רוזשאַנסקי בערל, סערקע און קינדער; רוזשאַנסקי פריידע און מאָריס; ראָזנבוים יצחק־מאיר, שבע און קינדער; רובינשטיין ישראל און שיינדל; ריבאַק ביילע, קראַמאַרזש אהרון; ריבאַק צאַלקע, מרים; שעניצקי אהרן־פרץ, עלקע, סימע; סאָלניצאַ ראובן, יאָספע, רחל, העניע; שענדראָוויסט הערמאַן; טראַפיקאַנט יצחק־שלמה, חיה; וואַכטער אסתר, מלכה און קינדער; וואַלד־טאַלאַרסקי שפרה; וואַסערמאַן יוסף, ביילע און קינדער; בערנאַט אברהם, רחל; ניעכטשיצקי דוד, אַלטע, יודל, מירקע, העלען; ריבאַק פייגע, באַשע; שניידער משה; טאַלאַרסקי ישראל, ליבע; טאַלאַרסקי אייזשע, לאה; קאַמינקאָווסקי חנה, צירל; פינקלשטיין גיטל, בערנאַרד; פרידמאַן ישעיהו, חנה־יאָספע; גרינבאום צבי, חנה־הדסה.

# אבינועם מיודובסקי — לזכרו

אבינועם, בנם הצעיר של צ׳רנה וגרשון מיודובסקי, נולד בכפר־סבא בא׳ שבט תש״ה, 4.2.1945.

היו אלה הימים של שלהי מלחמת העולם ה־2, ימים בהם התמודד העם היהודי על קיומו הפיסי בגולה ועל זהותו הלאומית בארץ ישראל.



כבן כפר־סבא, מושבת העובדים, הפעילה במערכות ההגנה, ספג אבינעם לתוכו את ערכי העבודה החקלאית יחד עם ההכרה הלאומית.

את גן הילדים וביה״ס העממי סיים בכפר־סבא ובשנת 1958 התחיל בלמודי מסגרות בביה״ס המקצועי אורט, משלא מצא שם את סיפוקו עבר ללמוד הנהלת חשבונות.

בסיימו את למודיו, עזב את הבית ויצא להכשרה צעירה בקבוץ „יפתח״ שבגליל העליון, על מנת שיוכל להצטרף בבוא הזמן לחבריו בצאתם לצבא.

את שרותו הצבאי בנח״ל שרת יחד עם חבריו לגרעין „שניר״ של תנועת הנוער העובד והלומד.

את הכשרתו החקלאית קיבל בקבוץ אפיקים כעובד מטע הבננות וכשהגיע להאחזות הנח״ל גרופית שבערבה, שימש כספק ההאחזות, תפקיד שהצריך מגע עם אנשים רבים, הרבה סבלנות ואורך רוח.

בתום תקופת ההכשרה הצבאית הגיע אבינעם אל המנוחה והנחלה בקבוץ „יפתח״ שכה אהב.

ביפתח עבד במספר ענפים בהם זכה להערכה רבה ולאהבה, בגלל מסירותו לעבודה, נכונותו לקבל כל עול ויחסו לחברים העובדים אתו.

כשהגיעה המתיחות בגבולות לשיאה, נקרא אבינעם לשרות בחיל הצנחנים ובקרבות על שחרור ירושלים העתיקה ליד סנהדריה, נפל והוא בן 22 שנה בלבד. היה זה ביום ד׳ סיון תשכ״ז.

זכרו ינון לעד.

# נפוצות מינסק



**ביער הקדושים...**

מינסקער יידן פון פאַריז און פון ישראל פלאַנצן אין יער הקדושים אַ וועלדל לזכר די מינסקער קדושים; מלך גובערעק פון פאַריז רעדט

# מינסקער אין ישראל און אין חוץ־לארץ

לייבל גרינבערג

# מינסק־מאַזאָוויעצקער אין פראנקרייך

די געשיכטע פון דער עמיגראַציע פון מינסק איז ענג פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון דער אַנטשטייונג פון דער געזעלשאַפט מינסק־מאַזאָוויעצקי, און די ברייטע הילף, וואָס זי האָט געגעבן פאַר די, וואָס האָבן עמיגרירט נאָך פאַריז.

שוין אין די 20־קער יאָרן האָט געוווינט אַ גרופע מינסקער ( אַ קליינע צאָל) אין פאַריז. זיי האָבן געהאַט צווישן זיך אַ קאָנטאַקט, געקומען צו זיך פון צייט צו צייט, אָבער נאָך נישט געווען אָרגאַניזירט אין אַ געזעלשאַפט. צווישן די דאָזיקע מינסקער עמיגראַנטן, איז אויך געווען איינער וואָס איז אַנטלאָפן פון פוילישן ענדעקיש־אַנטיסעמיטישן רעזשים, פאַר זיין אַקטיוון אָנטייל אין פּאָליטישן קאַמף, דאָ זיך באַזעצט מיט זיין געטרייער לעבנס־באַגלייטערין, מאַטעלע. דאָס איז געווען דער דינאַמישער איטשע בראָנעס.

די גרינדונג פון דער געזעלשאַפט איז פאָרגעקומען אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן. אין יאָר 1927 איז פאָרגעקומען אין פאַריז אַ מאַסן־מאַניפעסטאַציע צום אָפּראַטעווען פון דער עלעקטרישער שטול אין אַמעריקע פון די צוויי סינדיקאַלע פירער סאַקאָ און וואַנצעטי. בראָנעס האָט אינספּירירט אַ גרופע מינסקער, אָנטייל־צונעמען אין דער דאָזיקער מאַניפעסטאַציע. און אויף דער דאָזיקער מאַניפעס־טאַציע האָבן די עטלעכע פאַרזאַמלטע מינסקער באַרירט די פראַגע פון שאַפן אַ פריינטשאַפטס־און הילפס־פאַראייניקונג פון די מינסקער. טאַקע אין זעלבן יאָר, 1927, האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אַ קערפּערשאַפט אונטערן נאָמען „פריינד פון מינסק־מאַזאָוויעצק און פון דער אומגעגנט”.

די מיטגרינדער פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט זענען באַשטאַנען פון די פאָלגנדיקע מינסקער: איטשע בראָנעס, מאַקס אַשלאַק, שטערנפעלד, א. פינקעל־שטיין, קאָצקי, האָכבערג, יאָסל סטאַוּוקאָווסקי, א. ראָזען, קאַזשוך, א. ראָזענבערג און פּיניע אַקערמאַן. די צאָל מיטגלידער איז צו יענער צייט געווען ביי 20־25 פּערזאָן. איר ערשטער פּרעזידענט איז געווען א. ראָזען, און סעקרעטאַר — בראָנעס. דער ערשטער גרינדונגס־קאָמיטעט איז געווען רירעווודיק און אַקטיוו, און אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז דערגאַנגען די צאָל מיטגלידער ביז 85.

די מינסקער געזעלשאַפט איז געווען איינע פון די אַקטיווסטע. אַ פאַקט, אַז צווישן פאַרשידענע אַנדערע אונטערשטיצונגען, פלעגט זי אויף אַן אָרגאַניזאַצ־יאָנעל־פּראָפעסיאָנעלן אופן, אויסצאָלן 50 פּראָצענט פון זייערע געוועזענע פאַר־דינסטן — די אַרבעטסלאָזע מיטגלידער. די געזעלשאַפט פלעגט אויך שטיצן די דורכרייזנדיקע מינסקער, וואָס זענען געפאָרן אין אַנדערע לענדער.

ביי דער געזעלשאַפט האָט עקזיסטירט אַ ליי־קאַסע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן גרעסערע סומעס געלט צו דינגען וווינונגען און אויך זיך צו קענען איינאָרדענען.

נאָך דעם פּאָגראָם אין יאָר 1936 אין מינסק־מאַזאָוויעצק, האָט די געזעלשאַפט איבערגעשיקט אַ סומע פון העכער 40,000 פראַנק (צו יענער צייט האָט דאָס געהייסן אַ סך געלט) פאַר די געליטענע פון פּאָגראָם. אַ צאָל פון 132 מענער,

פרויען און קינדער, וואָס זענען געקומען קיין פּאַריז, האָט די געזעלשאַפט אַרויס־געוויזן גרויס איבערגעגעבנקייט, — נישט בלויז מיט שיינע ווערטער, נאָר מיט רעאַליטעט, ווי לעגאַליזירט זייער אַריינקום אין לאַנד, באַזאָרגט זיי מיט די געהעריקע אויפהאַלט־פּאַפּירן, מיט געלט־אונטערשטיצונג און אויך געשאַפן פאַר זיי אַ היימישע סביבה, זייער וויכטיק און נויטיק אין זייער קריטישער לאַגע.



**פּאַרוואַלטונג פון פּאַריזער לאַנדסמאַנשאַפט**

אויפנאַמע אויף דעם 90־יעריקן יובליי־באַנקעט פון יואל רובינשטיין — דעם 12טן נאָוועמבער 1972. פּאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט מיטן יובילאַר.

פון רעכטס אויף לינקס זיצן: מאַדאַם ק. יאַגאַדאַוויטש, י. מאַרגוליס, מרים אַקסנהענדלער, פּרעזידענט גובערעק, י. רובינשטיין ז״ל, י. גרינהויז, ע. ערליך.

עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס: לייבל גרינבערג, ד. בלאַשמאַן, זש. גאָטליב, מ. אַשלאַק ז״ל, אירקע טרוינע־ליפּשיצינסקי ז״ל, עליע ראָטשטיין, פּרוי ר. סטאַניסלאַוואָווסקי, ע. וואַלמער, ב. קשאַנשלאָווסקי

די געזעלשאַפט איז געווען איינע פון די ערשטע, וועלכע איז צוגעשטאַנען צו דער קאַמפּאַניע פאַר פאַראייניקן דעם יידישן ישוב פון פּאַריז, אין רעזולטאַט פון וואָס עס איז שפּעטער געשאַפן געוואָרן דער „פאַרבאַנד פון די יידישע גע־זעלשאַפטן אין פראַנקרייך" מיט פריינד בראַנעס אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר. אין רעזולטאַט פון דער דאָזיקער פאַראייניקונג, האָט די געזעלשאַפט מינסק־מאַז., צוזאַמען מיטן פאַרבאַנד, איינגעאָרדנט אַ גרויסן פּראָטעסט־מיטינג קעגן די פּאָגראָמען אין פּוילן.

די געזעלשאַפט האָט, אונטער דער אָנפירונג פון פריינד אַשלאַק, אויך מיט־געאַרבעט אין דער פאָלקס־קיך, וואָס האָט זיך געשאַפן אין יאָר 1939 צוהילף

די נויטבאַדערפטיקע יידישע עמיגראַנטן פון פוילן. דאָ האָבן זיי באַקומען אַ מיטאָג אָדער נאַכטמאָל און גלייכצייטיק געהאַט אַ היימישע סביבה. די געזעלשאַפט פלעגט אויך אַרויסשיקן קינדער פון מיטגלידער אויף זומער־וואַקאַנסן.

און אויך די פּאָגראָם־פּליטים פון מינסק, וועלכע עס איז נישט געלינגען צו פאַרבלייבן אין פראַנקרייך, פלעגט די געזעלשאַפט דערמעגלעכן צוריקצופאָרן אין פאַרלייכטערטע באַדינגונגען. זי פלעגט זיי באַזאָרגן נישט נאָר מיט באַן־בילעטן, נאָר אויך מיט צידה לדרך.

די געזעלשאַפט האָט זיך באַטייליקט אין דער אַקציע פאַרן יידישן קינד אין פוילן.

אין יאָר 1933, ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט און אַרויסגעשיקט פון דייטשלאַנד די ערשטע גרופּע יידן קיין זבאָנשין (פוילן), איז אַ גרעסערע דעלעגאַציע געפאָרן פון פראַנקרייך צו ברענגען הילף, און צווישן זיי אויך אַ גרופּע פאָרשטייער פון דער געזעלשאַפט מינסק־מאַזאָוויעצק.

אויפן קולטור־געביט, סטימולירט דורך די פריינד יאַנקל צימערמאַן און איטשע בראָנעס, האָט די געזעלשאַפט דורכגעפירט זאַמלונגען און געשאַפן איי־גענע מיטלען פאַרן „ייוואָ״. אויך פאַרקויפט זיינע ביכער און איינגעאָרדנט רעפעראַטן, אַדורכגעפירט פאַרוויילונגען און בעלער. דער ערשטער באַל, אין יאָר 1928, איז געווען אַ געשעעניש אין יידישן פּאַריז, וואָס האָט אַריינגעברענגט אין דער קאַסע אַ גרעסערע סומע. דאָס געלט איז נאָכהער פאַרטיילט געוואָרן צווישן די נויטבאַדערפטיקע מינסקער.

פאַרשטייט זיך, אַז בעתן קריג 1939—1945, איז קיין טעטיקייט נישט געפירט געוואָרן. דאָך האָבן די לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך געפונען אין פּאַריז, אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט די מינסקער סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן פראָנט און זיי געהאָלפן.

בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע זענען העכער דריי טוזנט מינסקער דעפּאָר־טירט געוואָרן אין די טויטן־לאַגערן. פון זיי האָבן זיך צוריקגעקערט 28 מענער און פרויען, מאָראַליש און פיזיש־צעבראָכענע.

נאָך דער מלחמה האָט זיך די שארית הפליטה מינסקער צוריק אָרגאַניזירט. די צוריקשטעלונג פון דער געזעלשאַפט איז אָנגעקומען זייער שווער. די ליי־קאַסע איז טיילווייז רעסטאַווירט געוואָרן. פאַר דער צייט פון איר באַנייאונג איז פון דער ליי־קאַסע אויסגעבאָרגט געוואָרן אַ סומע פון 185,000 פראַנק, און אַלס אונטערשטיצונג איז אויסגעצאָלט געוואָרן 300,000 פראַנק. צו יענער צייט האָט דאָס געהייסן אַ גרויסע סומע, בפרט אַז דאָס געלט איז געשאַפן געוואָרן פון אייגענע מיטלען.

נאָך דעם שרעקלעכן חורבן זענען געווען קינדער־יתומים פון מינסקער עלטערן, וואָס זענען אומגעקומען אין די טויטן־לאַגערן. די געזעלשאַפט האָט 36 מינסקער יתומים אָפּגעפונען און געהאַט איבער זיי אויפזיכט, זיי געהאָלפן מאַטעריעל און מאָראַליש.

די געזעלשאַפט מינסק־מאַז. האָט אַוועקגעשטעלט אַן אימפּאָזאַנטן דענקמאָל אויפן יידישן בית־עולם, צום אָנדענק פאַר די קדושים פון מינסק־מאַזאָוויעצק.

ווי אויך פאַר די מינסקער וואָס זענען טראַגיש אומגעקומען אין די נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אונטער דעם דענקמאָל זענען באַערדיקט די צוויי מינסקער מאַרטירער, יאַנקל מינסקי, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן דורך די נאַציס אַלס ערוּבניק אין קאָנצענטראַציע־לאַגער דראַנסי, נעבן פּאַריז, ווי אויך אברהם טשעבוצקי, וועלכער איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט פאַר זיין פּאָליטישער טעטיקייט קעגן אָקופּאַנט, און איז געקעפּט געוואָרן אין דער טורמע פון דער סאַנטע.



באַנקעט פון דער פּאַריזער געזעלשאַפט ביי געדעקטע טישן — דאָסמאָל לכבוד די צוויי מיידעלעך פון זיסקינד בערגער פון פּוילן, וואָס זענען דערוויל געוואָרן דערוואַקסענע פרייליגס (אויפן בילד — לינקס)

די געזעלשאַפט האָט אַרויסגעגעבן און פאַרשפּרייט דאָס בוך פון לאַנדסמאַן לייבל ראָכמאַן „און אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן״.

ביז היינט צו טאָג פירט די געזעלשאַפט אַ שיינע קולטור־טעטיקייט און איז געגעוג דינאַמיש. איר צאָל מיטגלידער באַשטייט פון העכער 85. זי פירט דורך פון צייט צו צייט פאַרזאַמלונגען, קולטור־אימפּרעזעס, יעדעס יאָר אַ באַל.

די געזעלשאַפט האָט צו איר דיספּאָזיציע אַ וויכטיקן היסטאָרישן דאָקומענט. דאָס איז דאָס גאָלדענע בוך, נאָך צוגעגרייט מיט יאָרן צוריק, דורך דעם געוועזענעם פּרעזידענט איטשע בראָנעס. דאָס בוך איז די אַרבעט פון אַ קונסט־מאָלער. אין דאָזיקן פּינקס ווערן פאַרצייכנט און איינגעשריבן וויכטיקע דאַטעס און היסטאָרישע געשעענישן ביי די מינסקער, ווי חתונות, געבורטן א.א.וו.

די געזעלשאַפט האָט אויך געפּלאַנצט צוויי טויזנטביימער אין „יער הקדושים״

אין ישראל, און אָנגערופֿן אַ גאַס אויפֿן נאָמען פֿון די מינסק־מאַזי, וואָס זענען אומגעקומען אין לעצטן קריג.

די געזעלשאַפֿט האָט אויך אָװעקגעשטעלט אַ דענקמאָל אויפֿן מאַסן־קבר, אויפֿן בית־עולם אין מינסק־מאַזאָװיעצק, װי אויך אַרומגעצוימט דעם בית־עולם. פֿאַר דעם צװעק האָט זי אינװעסטירט אַ גרעסערע סומע געלט און אויך געשיקט אַ דעלעגאַציע צום אַנטהילן דעם מאָנומענט.

נאָך אַ װיכטיקן מאָמענט צו פֿאַרצייכענען איז דאָס, װאָס די געזעלשאַפֿט באַערט מיט פּיעטעט יעדעס יאָר די קדושים. זי אָרדנט איין אַ יזכור־אָװנט צום אָנדענק פֿון די פֿאַרשניטענע יידן אין מינסק־מאַזי און פֿון די אַרומיקע שטעטלעך. דער דאָזיקער יזכור־אָװנט קומט שטענדיק פֿאָר אַרום דעם 5־טן יוני, װייל אין דעם טאָג פֿון יאָר 1943 האָבן די נאַצי־מערדער דערשאָסן די לעצטע 80 יידן אויפֿן פּלאַץ פֿון רוצקיס פֿאַבריק.

# די נאַציאָנאַלע לאַנדסמאַנשאַפט פון
# מינסק־מאַזאָוויעצקער יידן אין פּאַריז

מיט אַן ערך צען יאָר צוריק האָט אַ גרופּע מינסק־מאַזאָוויעצקער יידן אין פּאַריז געגרינדעט אַ נייע געזעלשאַפט, אַרויסטרעטנדיק צוליב פאַרשידענע טעמים פון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט. די געזעלשאַפט — אין שפּיץ מיט אייזנפּיש, שענקינסקי, מאַדאַם דראַך־פּיעטשינסקי, פּלאַטקעוויטש־זילבערבערג, שעניצקי, באַרנשטיין און יאַנקל צימערמאַן — קאָנצענטרירט איר טעטיקייט בעיקר אַרום הילף פאַר מדינת ישראל.

פאַרשידענע זאַמלונגען ווערן דורכגעפירט פאַר צוועקן וואָס האָבן די אויפגאַבע צו שטיצן מדינת ישראל.

מיט דער הילף פון דער געזעלשאַפט איז צווישן אַנדערן געשיקט געוואָרן באַלד נאָך דער מלחמה אַן אַמבולאַנס פאַרן מגן־דוד. צו דער געלעגנהייט איז אויך געקומען אַ ספּעציעלע דעלעגאַציע פון פּאַריז. אין דער פייערונג האָט זיך אויך באַטייליקט אַ גרויסער עולם מינסקער יידן אין תל־אביב.

אַ צווייטע אַקציע איז געווען צו פלאַנצן אַ וועלדל אויפן נאָמען פון מינסקער יידן אויפן שטח פון די קרן קימת־וועלדער אויפן גלבוע־באַרג. אויך אין דער פייערונג האָבן זיך מאַסנווייז באַטייליקט מינסקער יידן אין ישראל, אַרויספאָרנדיק צום אָרט פון די פלאַנצונגען מיט אַ ספּעציעלן אויטאָבוס.



בעת דער פייערונג פון איבערגעבן אַן אַמבולאַנס פאַרן רויטן מגן דוד — א מתנה פון דער נאַציאָנאַלער לאַנדסמאַנשאַפט פון מינסקער אין פּאַריז

מלך גובערעק
(פּאַריז)

# אונדזער קבר אבות־רייזע קיין מינסק

נאָך איבער דרייסיק יאָר, ווי איך בין אוועק פון מינסק, האָב איך געהאַט א באַדאַרף צו פאָרן אהין, פאָרן און זען מיט די אייגענע אויגן דעם חורבן פון מיין שטאָט און פאַמיליע. ווי אַ דעפּאָרטירטער קיין אוישוויץ און בוכענוואַלד, האָב איך קיין שום אילוזיעס זיך אמת נישט געמאַכט. אגב, האָב איך אין בוכענוואלד אמאָל געטראָפן א פוילישן שוסטער־אַרבעטער פון אונדזער שטאָט מיטן נאָמען קאַנטשיוק, און ער האָט מיר איבערגעגעבן וועגן די אכזריותן וואָס מינסקער יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין.

צום 20סטען יאָרטאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, אפּריל 1963, זענען א סך יידישע דעלעגאַציעס געפאָרן קיין וואַרשע. מיר, לאַנדסלייט פון מינסק־מאַזאָוויעצקי אין פראַנקרייך, האָבן באַשלאָסן אויסניצן די געלעגנהייט און נאָכן באַטייליקן זיך אין די געטאָ־פייערונגען זענען מיר אראָפּגעפאָרן קיין מינסק מיט טיפן ווייטיק אין הארץ האָבן מיר געזען וואָס עס איז געוואָרן פון אונדזער היימשטאָט.

אז מיר האָבן אָנגעטראָפן אויף א שטאָט אָן יידן און קיין זכר נישט געפונען פון אונדזערע פאַמיליעס, האָבן מיר אָנגעהויבן זוכן כאָטש סימנים פון אמאָל, פון אלץ וואָס איז אונדז געווען אזוי נאָענט און טייער. בלויז געציילטע יידישע הייזער זענען געווען גאַנץ און אין זיי האָבן נאָטירלעך געוווינט פּאָליאַקן. אין הויז פון שאול האָלצבאַנד, ווו עס האָט געלעבט זיין אלמנה, האָבן מיר געפונען א סך יידישע ביכער מיט סטעמפּלען פון דער פאַרמלחמהדיקער קעלצער אַרבעטער־ביבליאָטעק. די ביכער האָבן מיר מיטגענומען קיין פאַריז און איבערגעגעבן די קעלצער לאַנדסלייט.

מיר זענען געגאַנגען איבער די גאַסן, געוואָלט געניי זיך דערמאָנען וואָס אויף יעדן אָרט האָט זיך געפונען. דאָס איז געווען זייער שווער. טיף, אויף דער קאָליע גאַס, ווו עס איז געווען דאָס פאַריסאָווער שטיבל מיט דער דירה פון רבין ר׳ משהלע, האָבן מיר געטראָפן א פוסטן פלאַץ. דאָס אָרט פון בית מדרש איז אַרומגערינגלט מיט אַ פּאַרקאַן און עס וואַקסן אויף דעם פּלאַץ קאַרטאָפל. ווער איז דער אייגנטימער פון דעם פלאַץ האָב איך בשום־אופן זיך נישט געקענט דערוויסן... אויפן מאַרק, ווו עס האָט זיך געפונען די גמינע און דאָס בית מדרש, האָבן מיר געטראָפן א קוילן־סקלאַד. ערטער וואָס זענען געווען הייליק און געשעצט, זענען געוואָרן געשענדעט, פאַרשוועכט. פון מאַרק בין איך אריין אין רבינס גאַס און אויך דאָ זיך אָנגעטראָפן בלויז אויף צעשטערונג. אויך פון רבינס בית מדרש מיט די געמויערטע ווענט איז קיין זכר נישט געבליבן. דער גאַנצער שטח איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַקערפעלד. דאָס זעלבע מיט א גאַנצע ריי הייזער אויף דער שעניצער גאַס.

מיט געבויגענע קעפּ און טיפן ווייטיק זענען מיר אוועק צום בית־עולם. מיר האָבן געזען ווי די וואַנדאַלן שוינען נישט קיין שום זאַך וואָס האָט א

שייכות מיט יידישן אָנדענק. אפילו מתים לאָזט מען נישט רוען אין זייערע קברים, און זייערע מצבות ווערן צעשטערט. בכלל איז דער גאַנצער שטח פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פלאַץ פאַר פּאַשן בהמות און חזירים. מיט גרויס ווייטיק האָבן מיר דאָס אַלץ געזען און באַלד אויפן אָרט באַשלאָסן אַז אַזוי טאָר עס ווייטער נישט אָנגיין.




ביים דענקמאָל אין טרעבלינקע — משה באַרנשטיין און מרים אָקסנהענדלער ביים שטיין לזכר מינסקער קדושים אויף די פעלדער פון טויט־לאַגער

נאָך א באַראַטונג מיטן שטאָט־ראַט האָט אונדזער דעלעגאַציע באַשלאָסן דעם שטח פון בית־עולם אַרומצוצוימען, די צעשטערטע מצבות צוריקשטעלן און אויפן אָרט אויפשטעלן א דענקמאָל. מיר האָבן גלייך באַטאָנט, אַז מיר וועלן דעקן אַלע הוצאות וואָס די אַרבעט דאַרף קאָסטן. דער שטאָט־ראַט וועט זיין דער אויספירער אונטער דער אויפזיכט פון יידישן קאָמיטעט אין וואַרשע און מיטאַרבעט פון אונדזער לאַנדסמאַן יחיאל קירשנבאום, וואָס האָט דעמאָלט נאָך געלעבט אין וואַרשע און האָט זיך פיל מי געגעבן די אַרבעט זאָל ווי געהעריק אויסגעפירט ווערן.

נישט ווייט פון בית־עלמין האָט זיך געפונען א קבר מיט דערשאָסענע יידן. אין ראַם פון די אַרבעטן איז דאָס מאַסן־קבר עקסהומירט געוואָרן און די קדושים זענען געבראַכט געוואָרן צו קבורה. ביים דורכפירן די אַרבעט זענען אָנוועזנדיק געווען פאָרשטייער פון יידישן קאָמיטעט אין וואַרשע און אונדזער לאַנדסמאַן משה באַרנשטיין.

די טעכנישע קאָמיסיע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט די אַלע אַרבעטן, איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער געזעלשאַפט „פריינט פון מינסק מאַזאָ־

וויעצק אין פאריז", וואָס האָט געשאפן פאר דעם צוועק די נויטיקע סומע.ביישטייערונגען זענען אויך אריינגעלאָפן פון אונדזערע לאנדסלייט אין אמע־ריקע, ישראל, ארגענטינע און קאנאדע.

דער טערמין צו אנטהילן דעם מאָנומענט איז באשטימט געוואָרן אויפן 30טן יולי 1965. א גרעסערע צאָל לאנדסלייט פון פאריז זענען געפאָרן ספעציעל קיין מינסק — און צווישן זיי דער ערן־פרעזידענט אברהם איטשע בראָנעס, דער פרעזידענט מלך גובערעק און דער סעקרעטאַר מאַקס (מאָטל) אָשלאַק. דער שטאָט־ראט צוזאמען מיטן יידישן קאָמיטעט אין ווארשע האָבן אלץ געטאָן די אַנטהילונג זאָל מיט פיעטעט און כבוד דורכגעפירט ווערן.



אויפן יידישן בית־עלמין זענען פיל מצבות אויפסניי אויפגעשטעלט געוואָרן — וועלן זיי בלייבן גאַנץ?

אויפן אָרט פון דער אמאָליקער קאַפּערניק־שולע אויף דער שעניצער גאס איז פריער אנטהילט געוואָרן אן אָנדענק־טאָוול פון מארמורשטיין צום אָנדענק פון די לעבעדיק־פארברענטע יידן. די שולע וואָס איז אויפסניי אויפגעבויט געוואָרן טראָגט דעם נאָמען פון דער יידישער פארטיזאנער־קעמפערין וואָס איז געכאפּט געוואָרן מיט געוועער אין האנט, אננא סאוויצקא. פון דאנען זענען מיר אוועק צום בית־עלמין צו אנטהילן די מצבה צום אָנדענק פון אלע אומ־געקומענע. חוץ די אָפיציעלע רעגירונגס־פאָרשטייער זענען אויך געווען פאָר־שטייער פון יידישן קאָמיטעט, מיטן סעקרעטאר ס. פישגרונד אין שפיץ, וועל־כער האָט אויך געהאלטן א רעדע. אויף א שווארצן מארמור־שטיין איז אויפ־געקריצט אן אויפשריפט מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „צום אָנדענק פון דער יידישער באַפעלקערונג פון מינסק מאַזאָוויעצקי, אין באַשטאַנד פון 5500

נפשות, וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלער־באַנדעס אין דער צייט פון קריג 1945—1939. כבוד זייער אָנדענק".

צו דער פייערונג זענען געקומען אַלע לאַנדסלייט וואָס האָבן נאָך דעמאָלט געוווינט אין פוילן, און מיר האָבן אַלע געשוווירן נישט צו פאַרגעסן.

נאָכן פאַרענדיקן די אַלע געדענק־צערעמאָניעס, זענען מיר אַוועק אין אַ דאָרף 5 ק"מ פון מינסק און דאָרט האָבן מיר אָפּגענומען ביי אַ פּויער 12 גרויסע מצבות, וואָס ער האָט צוגערויבט פון יידישן בית עלמין און מיט זיי אויס־געפלאַסטערט זיין הויף. מיר האָבן די מצבות צוריקגעבראַכט צום בית הקברות אין מינסק.

די טרויער־רייזע וואָס מיר האָבן אונטערגענומען, האָט אויך איינגעשלאָסן אַ באַזוך אין די טויט־לאַגערן פון טרעבלינקע, ווו עס זענען אומגעקומען דער רוב מינסקער יידן, און אין אוישוויץ ווו עס זענען אומגעקומען פיל מינסקער יידן, וואָס זענען דעפּאָרטירט געוואָרן פון פראַנקרייך.

לייבל גרינבערג
(פּאַריז)

# אברהם איטשע בראָנעס

אברהם איטשע בראָנעס איז געבוירן דעם 9־טן אפּריל. זיין פאָטער איז געווען א שטובן־מאלער. די קינדער האָבן באקומען א וועלטלעכע דערציונג. איטשע, דער עלטסטער זון, האָט זיך גוט געלערנט און איז געוואָרן א סטו־דענט אין אוניווערסיטעט אין וואַרשע. זיין רעוואָלוציאָנערן גייסט האָט ער דערוואָרבן ביי זיין פאָטער, וואָס האָט געהערט צו די רעוואָלוציאָנערן אין יאָר 1905.

אין די יאָרן 1917—1918 האָט שוין איגנאץ (אזוי האָט ער געהייסן צו יענער צייט) פארקערט אין די קרייזן וואָס האָבן זיך גערופן ס.ד.ק.פּ.י.ל. (אין די שפּעטערע יאָרן ק. פּ. פּ.).

ווי א גוטער אָרגאניזאטאָר און רעדנער פלעגט ער פירן אן אינטענסיווע ארבעט ביים אָרגאניזירן די פוילישע ארבעטער פון רודזקיס אייזן־פאבריק. אין א געוויסן טאָג, נעבן דער געביידע פון דער שטאָט־פארוואלטונג, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אויף ראָג מאָסטאָווע — קאָליע גאס, האט בראָנעס גע־רעדט פון באלקאָן צו עטלעכע הונדערט פארזאמלטע ארבעטער. און ווען די פּאָליציי איז ארויף אים צו ארעסטירן, איז ער אראָפּגעשפּרונגען פון באַלקאָן. די פּאָליציי האָט אים נאָך דעם כסדר געזוכט אזוי ביז זיין אנטלויפן. א קורצע צייט שפּעטער איז ער אָנגעקומען קיין פּאריז.

בראָנעס האָט זיך באלד ביי זיין אָנקומען פארבונדן מיט דער פראנצויזישער פּראָגרעסיווער באוועגונג. ער האָט אויך אָנטייל גענומען אין בארימטן היס־טאָרישן קאָנגרעס פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי אין דער שטאָט טור, אין דעצעמבער 1920.

בראָנעס איז געווען דער גרינדער פון דער געזעלשאַפט פון די אָפּשטאַ־מיקע פון מינסק־מאזאָוויעצק און איז געווען איר גענעראַל־סעקרעטאר אין משך פון לאנגע יאָרן. ער האָט גענומען אן אקטיוון אָנטייל ביים גרינדן דעם פארבאנד פון די יידישע געזעלשאַפטן אין פראנקרייך בכלל.

אין די דרייסיקער יאָרן, ווען א גרויסע צאָל יידן פארטריבענע פון דייטש־לאַנד האָבן זיך געפונען אין זבאָנשין, איז בראָנעס אויך געווען אין דער גרויסער דעלעגאַציע פון פּאַריזער יידנטום צו ברענגען הילף פאַר די געלי־טענע פון די היטלער־רדיפות. בראָנעס האָט פיל געלייסטעט פאר די אימיג־ראנטן וואָס זענען געקומען פון מינסק־מאזאָוויעצק נאָך דעם פּאָגראָם אין יאָר 1936. ער איז בכלל געווען אקטיוו אין אלע איניציאַטיוון וואָס זענען דעמאָלט דורכגעפירט געוואָרן אויף דער יידישער גאַס.

אין דער צייט פון דעם צווייטן וועלט־קריג האָט בראָנעס אָנטיילגענומען אין דער ווידערשטאַנד־באוועגונג. נאָכן קריג האָט ער מיטגעהאָלפן אויפזוכן קינדער פון מינסקער עלטערן, וואָס זענען אומגעקומען אין די קאָנצענטראציע־

לאַגערס. די דאָזיקע קינדער האָט ער באַזאָרגט מיט פלעצער אין די קינדער־היימען פון דער צענטראַלער קינדער־קאָמיסיע ביים אוניאָן.

מיטן אנטשטיין פון מדינת ישראל, האָט זיך בראָנעס באצויגן מיט ליב־שאפט, סימפאטיע און באגייסטערונג צו דער דאָזיקער געשעעניש, און געגעבן אויסדרוק פאַר דעם ביי יעדער געלעגנהייט. זיין נאָמען איז געווען ענג פאַר־בונדן מיט דער מינסקער לאנדסמאנשאפט, וועלכער ער איז געווען איבער־געגעבן בלב ונפש, ביז ער האָט זיך פיזיש איינגעבראָכן און איז קראנק געוואָרן.

ער איז געשטאָרבן מיטוואָך דעם 9־טן נאָוועמבער 1966. מיט זיין טויט איז נישט בלויז אַוועקגעריסן געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכער טוער, נאָך אויך א מענטש מיט קולטור, בילדונג און קענטעניש פון עטלעכע שפראכן. צו דעם איז ער אויך געווען אַ קענער און ליבהאָבער פון קונסט־מאָלעריי.

מיט זיין וויסן און געזעלשאַפטלעכן רעקאָרד האָט ער אַ סך בייגעשטייערט לטובת דער געזעלשאַפט, זינט די ערשטע טעג פון איר גרינדונג.

**יוסף מאַרגוליעס**
(פּאַריז)

# מאַקס אָשליאַק — דער חבר און מענטש

נישט געקוקט דערויף וואָס איך אַליין בין געבוירן אין קאַלושין, בין איך אָבער פון מיין פריסטער יוגנט אָן געווען פאַרבונדן דורך די צאַרסטע פאַמיליע־פעדים מיט מינסק.

קיין פּאַריז בין איך אָנגעקומען ווען איך האָב נאָך אַפילו נישט געהאַט קיין פולע דרייצן יאָר. דאָס איז געווען אין יולי 1923, אַ שווערע צייט פאַר די נייע געקומענע עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך קאָנצענטרירט אין פיר אָרעמע קוואַרטאַלן מיט שמאָלע און שמוציקע געסעלעך און נאָך ענגערע וווינונגען. שווערע אַרבעט — אָפטמאָל ביז שפּעט ביינאַכט — איז געווען אַ געוויינלעכע זאַך, — ביי די, פאַרשטייט זיך, וואָס האָבן אָפּגעגליקט צו באַקומען אַרבעט... ביי אַזעלכע באַדינגונגען איז נאַטירלעך אַ 21יעריק יינגל אין דער פרעמד שוין מער נישט געווען קיין צעפּיעשטשעטע קינד, נאָר אַ רייפער און דערוואַקסענער מיט ביטערע דערפאַרונגען אויף אַלע געביטן פון שווערן לעבן...

ביי אַזאַ צושטאַנד וואָס איז דער וווּנדער, וואָס מיך האָט אַזוי ווי מיט אַ מאַגנעט געצויגן צו מיינע מינסקער קוזינען ריוועטשע און מאַקס אָשליאַק — צו זייער וווינונג אויף רי באַפּראַ (שפּעטער אויף רי דע לאַ ראַקעט). אַרום דעם גרויסן טיש אין אַן איינפּאַכן צימער, האָב איך באַקענט פאַרשידענע מענטשן — בונדיסטן, ציוניסטן, קאָמוניסטן און אויך שרייבער. איך בין אמת דעמאָלט געווען בלויז אַ שטומער עדות — איך האָב אָבער אַריינגעזאַפּט אין זיך אַ סך הייסע דיסקוסיעס וועגן נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן געמאַטערט יענע יאָרן דאָס יידישע פּאַריז. דאָ האָב איך אויך באַקענט כמעט יעדן מינסקער, וואָס איז געקומען קיין פּאַריז. אין אָט דער דירה האָבן זיי געפונען אַן אָפּרו, אַן ערשטע היים, און דער עיקר — זאָרג פאַר אַרבעט און פּאַפּירן כדי צו קענען בלייבן אינעם נייעם לאַנד.

די שיינע ריוועטשע פלעגט בעת די הייסע דיסקוסיעס דערלאַנגען כיבוד צום טיש — טיי מיט קיכלעך, פּרוכטן, און געשאַפן די אַטמאָספער פון אַ יידישער היימישער שטוב.

נישט איינמאָל ווען מען איז אַזוי געזעסן ביים טיש האָט זיך די טיר געעפנט און אַ ניי־אָנגעקומענער איז אַריינגעפאַלן. באַלד איז מען אַריבער צו פּראַזאַישע ענינים, און צו הערן גרוסן פון דער אַלטער היים אין פּוילן, און איבערהויפּט — וועגן די מעגלעכקייטן איינצואָרדענען זיך אין נייעם לאַנד. דאָ האָט מאַקס אָשליאַק נישט געהאַט קיין גלייכן צו זיך מיט זיין איבערגעגעבנקייט און מסירת־נפש, חברישקייט און טריישאַפט צו אַ לאַנדסמאַן. ער איז געלאָפן איבער שטאָקן אין די אַמטן כדי אויסצואַרבעטן פּאַפּירן, צו שאַפן אַ טאָג אַרבעט. ער האָט נישט געוווּסט פון קיין שום מידקייט ווען ער האָט געדאַרפט טאָן עמיצן אַ טובה. ער

אַליין האָט דעמאָלט געאַרבעט ווי אַ סערווירער אין אַ יידישן רעסטאָראַן. גע־בענטשט פון דער נאַטור מיט אַ לעבנסלוסטיקן כאַראַקטער האָט פון אים גע־שפּראָצט אַ קוואַלעדיקע פאַלקסטימלעכע נאַענטקייט. ער האָט זייער פיל געלייס־טעט פאַר זיינע לאַנדסלייט, און איז בכלל געווען געזעלשאַפטלעך דינאַמיש־אַקטיוו און זיך דערוואָרבן פאַר דעם אַלעם ברייטע אָנערקענונג.

דאָ, ביי מאַקסן אין שטוב, האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט רעדן וועגן איטשע בראָנעס — אַ ממש לעגענדאַרע פיגור ביי מינסקער לאַנדסלייט און אין יידישן פּאַריז בכלל. עס זענען אַרומגעגאַנגען לעגענדעס וועגן זיין אונטערערדי־שער טעטיקייט אין פוילן איידער ער איז אָנגעקומען קיין פּאַריז אין יאָר 1919, ווו ער האָט זיך גיך אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אָשליאַק איז געווען בראָנעסעס רעכטע האַנט און דער פּאַקטישער רעאַליזי־רער פון אַלע זיינע פּלענער און פּראָיעקטן וואָס זענען נוגע־געווען דער טעטיקייט פון דער מינסקער לאַנדסלייט־געזעלשאַפט אין פּאַריז — אַזוי אין משך פון אַלע יאָרן. ווען בראָנעס איז פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן, האָט אָשליאַק אויך ווייטער פאָרגעזעצט זיין טעטיקייט אין דער לאַנדסמאַנשאַפט. ער איז געווען אַ דעמבּ, אויף וועלכן מען האָט פעסט געקענט זיך אָנשפּאַרן. ווען דער גרויזאַמער טויט האָט אויך אים אַוועקגעריסן פון אונדז — דעם 29טן יולי 1973 — איז דאָס געווען אַ שטאַרקער ביז גאָר קלאַפּ. די אבידה פילן מינסקער יידן אין פּאַריז ביזן היינטיקן טאָג.



ישראל אַשלאַק פון דער
מאַסטאַווע־גאַס, פאַטער
פון מאַקס אַשלאַק

שרה אַבפּייער
(תל־אביב)

# דער פאַרבאַנד פון די מינסקער אין ישראל

## זיין אַנטשטייונג און טעטיקייט

אין מינסק זענען מיר געווען טעטיק אין דער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע פון די פריעסטע יאָרן אָן. מיין מאַן, ישׂכר־בער אַבפּייער, איז עולה־געווען אַפּריל 1933. איך אַליין בין אָנגעקומען אַביסל שפּעטער — ערשט אָקטאָבער 1935. פון אונדזער גרופּע זענען נאָך געקומען כמעט אין דער זעלבער צייט: פייגע זלאָטאָלאָוו, שמעון רובינשטיין, טשאַרנע מיאַדאָווסקי, בינעם ראָטשטיין, פייגע קיווייקאָ און נוח קרייטמאַן. פון פריער איז געווען חיים גרינבוים, וואָס איז נאָך געקומען אין יאָר 1925. אין כפר סבא האָט שוין געוווינט גרשון מיאַדאָווסקי און דערנאָך איז אויך געקומען שמואל זילבערשטיין. דאָס איז שוין געווען אַ גאַנץ פיינע גרופּע. וואָס אונדז האָט צום מייסטן כאַראַקטעריזירט, איז געווען דער פאַקט, וואָס מיר זענען אַלע געקומען כמעט אין איין און אין דער זעלבער צייט און וואָס מיר זענען אויך געווען חברים אין מינסק.

אָן איבערטרייבונג קען מען זאָגן אַז מיר האָבן זיך אַלע געפילט ווי איין משפּחה. אונדז האָט פאַראייניקט חוץ די עליה און דער ווילן צו בויען אונדזער לעבן אין יידישן לאַנד — קודם־כל די כסדרדיקע שלעכטע ידיעות פון אונדזער שטעטל — פריער דער מאָרד איבער ישראלקע צייליך און דערנאָך דער פּאָגראָם. מיר פלעגן זיך דעריבער באַגעגענען כמעט יעדן שבת — ביי מיר אין דער דירה אויף שיינקין 42 אָדער ביי שמעון רובינשטיין אויפן דאַך, אויף נחמני 23. אַלע מאָל איז צוגעקומען אַ נייער עולה — צי ער איז אָנגעקומען לעגאַל אויף אַ סערטיפיקאַט אָדער מיט דער אומלעגאַלער עליה, ווי דאָס זענען געווען, למשל, אייזשע געלדמאַן, ישראל גוטגאָלד, טאָבע גליקמאַן און אַנדערע.

מיר פלעגן זיך אויך באַגעגענען פון צייט צו צייט מיט דער משפּחה ביבליאַרזש, וואָס איז כמעט אַ גאַנצע געקומען אין לאַנד אַריין צוזאַמען מיטן זיידן, דעם אַלטן לייב, וואָס איז קורץ נאָך זיין אָנקומען דאָ נפטר־געוואָרן. אונדז אַלע האָט עפּעס פאַראייניקט, כאָטש מיר זענען נאָך נישט געווען אָרגאַניזירט אין אַן אָפיציעלן פאַרבאַנד, מיט אַ שטעמפּל און רעגולאַמין.

און אָט איז אויסגעבראָכן די מלחמה און יעדער קאָנטאַקט מיט דער אַלטער היים איז איבערגעריסן געוואָרן. אויך פון די איינצלנע בריוו וואָס האָבן זיך ביים אָנהייב מלחמה דורכגעריסן, האָט מען אַ סך נישט געקענט זיך דערוויסן. איין זאַך איז פאַר אונדז געווען קלאָר — אונדזערע משפּחות און חברים געפינען זיך אין אַ גרויסער צרה.

ביז איינמאָל איז צו אונדז געקומען פּנחס ביבליאַרזש. ער איז געווען אַ חייל אין דער ארץ־ישראלדיקער בריגאַדע און געקעמפט אויפן איטאַליענישן פראָנט. דאָרט האָט ער געהאַט באַגעגנט רבקה גרינשפּאַן, וואָס האָט איבערגעלעבט די

מלחמהביים דייטש און איז געווען די ערשטע וואָס האָט זיך אַרויסבאַקומען פון פּוילן. זי האָט אים דערציילט וואָס עס איז אין דער מלחמה־צייט געוואָרן פון דער שטאָט יידן און אויך איבערגעגעבן די ערשטע פּרטים וועגן די וואָס האָבן איבער־געלעבט. איך געדענק ווי מיר זענען געזעסן און אויסגעהערט וואָס ער האָט דערציילט, ווי דאָס אַלץ האָט געקלונגען ווי אַ גרוס פון יענער וועלט. אינסטינקטיוו האָבן מיר אַלע דערפילט, אַז עס איז נויטיק עפּעס צו טאָן: העלפן די מענטשן דאָרט אויפן אָרט אָדער פּשוט אַריבערברענגען זיי קיין ארץ־ישראל. מיר האָבן נישט געוווסט ווי אַזוי און וואָס. ספּאָנטאַן איז געשאַפן געוואָרן אַ פאָנד, כדי לפחות צו שיקן קיין לאָדזש שפּייז־פּעקלעך. באַלד האָבן מיר אָנגעהויבן באַקומען די ערשטע בריוו פון ראָכמאַנען פון לאָדזש. פון אָט די בריוו האָבן מיר זיך דערוויסט מערערע פּרטים און אויך געהערט גרוסן וועגן דעם אָדער יענעם וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן, צוריקגעקומען פון לאַגער, פון רעפּאַטריאַציע אָדער פון מיליטער אין רוסלאַנד.

נאָך פריער זענען געהאַט געקומען אויך עטלעכע מינסקער מיט אַנדערסעס אַרמיי — ווי פּנחס קאַרמאַן, פּאָפּאָווסקי, גאָלדבערג, מרדכי ווייסבראָט א. א. אויך זיי האָבן געהאַט אונדזער אַדרעס. מיר האָבן זיך באַגעגנט און געהאָלפן זיי מיט וואָס מיר האָבן געקענט.

די ערשטע וואָס זענען אָנגעקומען אין לאַנד אַריין נאָך דער מלחמה — שוין אין 1946 — זענען געווען באַשקע אַבראַמאָווסקי און מרים (מאַלע) פורמיינסקי. באַשקע איז געקומען מיט איר מאַן און שוין דאָ געבוירן איר קינד. מיר האָבן געהאָלפן איר דעמאָלט מאַכן דעם „ברית" — דעם ערשטן ברית פון אַ מינסקער אייניקל נאָך דער מלחמה. מרים ווידער האָט דאָ געהייראַט מיט אהרן כרמי, מיט וועלכן זי איז געקומען אין לאַנד אַריין, און מיר אַלע זענען געווען די הויפּט־מחותנים אויף אָט דער ערשטער „מינסקער" חתונה אין ארץ־ישראל...

יאָ, הגם נישט אָפיציעל האָט שוין דעמאָלט עקזיסטירט דע פאַקטאָ דער ארגון יוצאי מינסק־מזובייצק והסביבה.

אין 1949 האָבן אָנגעהויבן קומען נאָך מינסקער עולים און מיר האָבן באַ־שלאָסן צו גרינדן אַ גמילות־חסדים־קאַסע אויפן נאָמען פון די מינסקער קדושים. אין איינעם אַ טאָג האָבן מיר זיך צוזאַמענגעקליבן און אויפן אָרט האָט יעדער איינער געגעבן צו 10 פונט. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע סומע. אין דער גרינדונג פון דער קאַסע האָבן זיך באַטייליקט שרה אָבפייער, אברהם פעלדמאַן, בונם ראָטשטיין, שרה דעמבוס ז"ל, נוח קרייטמאַן ז"ל, חיים גרינבוים, אַזשע געלדמאַן, זאב ביבליאַרזש, משה רוזשאַנסקי און שמואל זילבערשטיין. שפּעטער האָבן אויך אַלע אַנדערע געגעבן אַזאַ סומע. אַזוי אַרום איז מעגלעך געווען אָנ־צוהייבן צוטיילן הלוואות כמעט אַלע ניי־אָנגעקומענע. נאָך וויכטיקער איז געווען דער אַדרעס פאַר אַלע: אויף שיינקין 42 האָט זיך געווענדט יעדער איינער מינסקער ביים אָנקומען אין לאַנד — אָדער כדי אָפּצוזוכן קרובים און פריינט, אָדער כדי געפינען הילף פאַר אַ דירה און אַרבעט. אַ סך מאָל האָבן מיר נישט געוואַרט און געגאַנגען אויפזוכן דעם ניי־געקומענעם.

אין יאָר 1954 בין איך געפאָרן קיין פּאַריז אויף אַ באַזוך ביי מיין קוזין

יחזקאל מיצנער. עטלעכע מינסקער האָבן זיך פֿאַרזאַמלט און מיר איינגעאָרדנט אַן אויפֿנאַמע אין אונדזער לאַנדסמאַנשאַפֿט. איך האָב אָפּגעגעבן אַ באַריכט און דער עיקר האָב איך זיי דערציילט וועגן אונדזער קאַסע. בראַנעס מיט זיין שאַרפֿן געזעלשאַפֿטלעכן געפֿיל האָט זיך באַזונדערס פֿאַראינטערעסירט. ער און די אַנ־דערע פֿירער פֿון קאָמיטעט האָבן מיך געפֿרעגט: „וויפֿל האָט שוין אייער קאַסע?״ — „טויזנט פֿונט״, האָב איך געענטפֿערט. „אויב אַזוי וועלן מיר געבן די צווייטע טויזנט!״. די לאַנדסמאַנשאַפֿט האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט און דאָס געלט דער־נאָך צוגעשיקט אין דריי ראַטעס.



מינסקער יידן אין ישראל אין די ירושלימער בערג ביים פֿלאַנצן דאָס יזכור־וועלדל אין „יער הקדושים״ פֿון קרן קימת לישראל

אַזוי איז געוואַקסן דער קאַפּיטאַל און אין משך פֿון יאָרן האָט די קאַסע דערפֿילט אַן ערשטראַנגיקע אויפֿגאַבע ביים צוטיילן אָנפּראַצענטיקע הלוואות. קיין איינעם, וואָס האָט זיך געווענדט, האָבן מיר נישט אָפּגעזאָגט.

מיר האָבן אָבער געפֿילט די גאַנצע צייט, אַז עס איז נויטיק צו פֿאַראייביקן דעם אָנדענק פֿון אונדזערע קדושים. מיר זענען געווען פֿון די ערשטע וואָס האָבן אין „מרתף השואה״ אויפֿן הר ציון איינגעמויערט אַן אָנדענק־טאָוול לזכר אונ־דזער קהילה. זינט דעמאָלט זענען מיר תמיד, אויפֿצומאָרגנס נאָך דער יערלעכער אזכרה אין תל־אביב, וואָס קומט פֿאָר אין בית ציוני אמריקה, אָדער אין פֿאַר־באַנד פֿון די פּוילישע יידן — אַרויסגעפֿאָרן קיין ירושלים. מיר זענען עולה אויפֿן הר ציון, דאַווענען מנחה און זאָגן קדיש בציבור ביים דאָזיקן געדענק־טאָוול — די איינציקע מצבה נאָך אונדזערע נאָענטע.

ווען יחיאל קירשנבוים איז אָנגעקומען אין לאַנד נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה, האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך אַן אָפּגעראַטעוועטע ספר־תורה פון פוילן. דאָס ספר האָבן מיר אַריינגעגעבן אין בית כנסת „תפארת" און אויפן מענטעלע איז אָנגעצייכנט, אַז די ספר תורה איז אויפן נאָמען פון די מינסקער קדושים.

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער טעטיקייט פון אונדזער „ארגון", איז געוואָרן דאָס אויפנעמען אונדזערע לאַנדסלייט פון דער גאָרער וועלט, וואָס קומען אויף אַ באַזוך קיין ישראל. מיר האָבן אויך דערמוטיקט און קאָלעקטיוו זיך באַטייליקט אין דער פלאַנצונג פון אַ וועלדל א.נ. פון די קדושי מינסק מזובייצק אין „יער הקדושים" אין די ירושלימער בערג, וואָס איז פינאַנסירט געוואָרן דורך דער פּאַריזער לאַנדסמאַנשאַפט. מיר האָבן זיך אויך באַטייליקט אין דער פלאַנצונג וואָס עס האָט דורכגעפירט די נאַציאָנאַלע לאַנדסמאַנשאַפט אין פּאַריז. צו דיביידע פייערונגען זענען געקומען אַ סך פון אונדזערע מינסקער אין ישראל — אויף אַ ספּעציעלן אויטאָבוס. מיר האָבן זיך אויך באַטייליקט אין דער פייערונג פון איבערגעבן אַן אַמבולאַנס מצד דער נאַציאָנאַלער סאָסייעטע אין פּאַריז פאַר „מגן דוד אדום" אין ישראל.

אונדזער אַרבעט האָט זיך צעצווייגט — תמיד אַ דאַנק יחידים, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן בלב ובנפש מיט דער טעטיקייט. אַ קורצע צייט איז דאָס געווען וועלוול ביבליאַרזש, און אַ פיל לענגערע צייט — חיים גרינבוים. ער האָט אָנגע־פירט מיטן סעקרעטאַריאַט און געהאַט אין זיין עווידענץ פּרטים וועגן יעדן מינסקער. ווען גרינבוים איז קראַנק געוואָרן, האָט דעם סעקרעטאַריאַט און דעם פּאָרזיץ איבערגענומען מרדכי ווייסבראָט, וואָס איז אַלע יאָרן פריער געווען אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע, און באַזונדערס אַקטיוו מיט אים זענען געווען חיים שאַפּירשטיין, געלדמאַן, גוטגאָלד, יאַנקל ראַדזינסקי, מלכהלע קירשנבוים א.א.

מרדכי ווייסבראָט האָט אויך אַ שטויס געטאָן פאָרויס דעם פּראָיעקט וועגן אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך, אַ פּראָיעקט וועגן וועלכן מען האָט אַלע יאָרן גערעדט אָבער פּראַקטיש ווייניק געטאָן. ווייסבראָט האָט דעם פּראָיעקט געהאַלטן פאַר זיין הויפּט־אויפגאַבע אַלס פּאָרזיצער פון „ארגון", און ער האָט איינגעשפּאַנט אַלע מינסקער אין לאַנד און אין אויסלאַנד, וואָס האָבן געקענט מיט עפּעס וואָס ביי־שטייערן פאַר אָט דעם ווערק. אונטער זיין אָנפירונג זענען אויך געשאַפן געוואָרן די ערשטע סומעס געלט און עס האָט זיך אָנגעהויבן די זאַמלונג פון די מאַטעריאַלן. ער איז אויך געווען דער וואָס האָט איניצירט דעם פּלאַן צו ליק־ווידירן די גמילת חסד־קאַסע, וואָס האָט אין צווישן צייט אויפגעהערט שפּילן אַזאַ ראָל ווי אין די ערשטע נאָך מלחמה־יאָרן, כדי צו שאַפן אַ ממשותדיקן פאָנד פאַר אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך.

פּאַקטיש האָט זיך די פּראַקטישע אַרבעט אָנגעהויבן ערשט אין 1973. ווייס־בראָט האָט נישט געררוט און יעדע פאַר וואָכן זיך באַגעגנט מיטן רעדאַקטאָר. ער האָט געוואָלט צואיילן דאָס אַרויסגעבן דאָס בוך, נאָך דעם ווי ער איז אינצווישן אויך קראַנק געוואָרן. ניבא ולא ידע מה ניבא — ער איז אין קורצן געפאַלן אין מיטן וועג פון דער אַרבעט.

זיין פּלוצימדיקער טויט האָט געשאַפן אַ צייטווייליקע סטאַגנאַציע, ווייל אין

צווישן איז געשטיגן דער יקרות און די רעזערוון האָבן מער נישט געקענט דעקן די קאָסטן מיט וועלכע דאָס אַרויסגעבן אַזאַ בוך איז פאַרבונדן.

די פאַרוואַלטונג פון ארגון האָט אָבער נישט אויפגעגעבן די האָפענונג צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן, און נאָך אַ הפסקה פון אַ שיינע פּאָר חדשים איז ווידער זיך צוזאַמענגעקומען דער קאָמיטעט פון ארגון און מאָביליזירט אַ ריי נייע כוחות. דאָס איז געווען כמעט אַ „היסטאָרישע" זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין אונ־דזער הויז אין דעצעמבער 1976. אויף אָט דער זיצונג איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, אויף ווידער צו זאַמלען דאָס נויטיקע געלט און אויך אַ רעדאַקציע־קאָלעגיום צוהילף דעם רעדאַקטאָר.

אין שפּיץ פון קאָמיטעט איז געשטעלט געוואָרן יחיאל קיר־שנבוים. זיין ענער־גיע און איבערגעגעבנקייט איז צו פאַרדאַנקען דאָס וואָס מיר קענען ענדלעך פאַרווירקלעכן אונדזער לאַנגיעריקער שטרעבונג. איך וויל דאָ אויך דערמאָנען נאָך עטלעכע מינסקער, וואָס זענען באַזונדערס אַקטיוו ביים אַרויסגעבן דאָס בוך: משה באָרנשטיין, משה געלדמאַן, אברהם פעלדמאַן, יעקב קויפמאַן, ישראל גוטגאָלד א. א.

אין די פאַראייביקונגס־ווערק פון די יידישע קהילות אין פוילן וועט אויך נישט פעלן דאָס יזכור־בוך נאָך אונדזער חרוב־געוואָרענער קהילה. אין אָט דעם ווערק זעען מיר דעם רעקאָרד פון דער טעטיקייט פון ארגון יוצאי מינסק והסביבה בישראל.

## מינסקער געשטאָרבן אין ישראל


ישראלקע סטאַדולסקי


מאיר רייזמאַן (פעלערמאַן)
זון פון שוחט יעקב־הירש

**לייב ראָכמאַן**

# די באַגעגעניש

(פון מינצק ביז די גולן־בערג)

שבעלע און יאַנקל קויפמאַן (איטשע, אברהם לייזער שוחטס) זענען מיינע שכנים אין ירושלים. מיר (איך און מיין פרוי, אסתר), און זיי,ביידע משפחות — וווינען נאָענט אין דרום־ירושלים, אין דעם זעלביקן קוואַרטאַל, קטמון. אלע פיר, קאָנען מיר זיך פון פאר דער מלחמה, אין מינצק, ווו מיר זענען געווען חברים. מיר זענען בערך פון זעלביקן עלטער. זיי זענען אַוועק אַלס פּאָרל קיין רוסלאַנד, ווו זיי האָבן געוואַנדערט אין די מלחמה־יאָרן; מיר, איך מיט מיין פרוי, האָבן איבערגעלעבט אין מינצקער געטאָ, שפּעטער, אין אַ באַהעלטעניש נעבן מינצק. אַלע פיר האָבן מיר פאַרבראַכט אין די יאָרן פאר דער מלחמה א סך אין שעניצער וואלד, ווו מיר האָבן פארברענגט די הייסע זומער־נאָכמיטאָגס. דאָרט איז אויך פאַראַן אַ וואַסער צו באָדן זיך, און אַ קליינע פּלאַזשע אין ביידע זייטן. די יידישע יוגנט איז אהין געקומען; אויף די וואלד־בערגלעך געזעסן, געקוקט אויף דעם ווייטן האָריזאָנט, און אָפט געזונגען צוזאַמען יידישע לידער. די פאַרנאַכטן פאַר דער יידישער יוגנט זענען געווען פול מיט בענקשאַפט, אָן פיל אויסזיכטן.

ווי געזאָגט, וווינען איצט, ביידע משפחות, אין ירושלים. אונדזערע חברים און חברטעס פון דאָרט זענען מער נישטאָ. זיי האָבן נישט איבערגעלעבט. יעדער פון זיי איז אומגעקומען מיט זיין טויט.

מיר דאַ רעדן אָפט וועגן ווייטן עבר; דערמאָנען זיך מענטשן, געשטאַלטן און געשעענישן. אונדזערע קינדער זענען כמעט צוזאַמען אויסגעוואקסן. אויך זיי ווייסן פיל וועגן מינצק. זיי קאָנען אירע גאסן, הייזער, דעם טייך און נעמען פון משפחות וואָס זענען מער נישטאָ.

מאַכט זיך אַ מעשה: יצחק קויפמאַן, שבעלעס און יאַנקל זון (ועלכער הייסט נאָך איטשע שוחט אין מינצק) און איז דאָ באַקאַנט אַלס עילוי, — פאָרט אין א פארנאכט אין א מיליטערישן אויטאָבוס. די טעג זענען געווען „הייסע" — אין טאָפּלטן זין: דאָס איז געווען זומער, און עס איז געווען „הייס" אויף דער סירישער גרענעץ. די סיריער האָבן נישט געוואָלט פארלענגערן דעם פייער־איבעררייס, און עס האָט געהאַלטן דערביי, אז עס זאָלן אוועקגענומען ווערן פון דער גרענעץ די אונאָ־אָבסערוואַטאָרן. עס האָט אויסגעזען, די סיריער גרייטן זיך צו אַ מלחמה. זיי האָבן מאָביליזירט זייערע איינהייטן און זיי געבראַכט צוד ער גרענעץ. אויך ישראל האָט זיך געגרייט. יצחק קויפמאַן, וועלכער איז אַ קאָמאַנדיר פון אַ טאַנק, איז מאָביליזירט געוואָרן, און אין דאָזיקן פארנאכט, איז ער מיט נאָך קאָמאנדירן פון טאנקען, געפאָרן לענג־אויס דער סירישער גרענעץ, ווו זיי האָבן אָבסערווירט דעם שטח.

אזוי ווי זיי פאָרן — זעלנער, קאָמאנדירן, פריילעכע חברה־לייט — גיט איינער א געשריי: אָ, דאָ אויף דער סאמע גרענעץ ביי א בונקער (צווישן די

גולן־בערג, וואָס עפּענען זיך ווי ווייס), זיצט א זעלנער, א פּאַראַשוטיסט מיט אַ בלאָנדער באָרד און ביים פאַרנאַכט־ליכט — פון ספק דער פאַרגייענ־דיקער זון, ספק דער אויפגייענדיקער לבנה — נעמט ער זיך אַרויס די אויגן און קוקט פארטיפט אין א ספר. די חברה, א פריילעכע, איז צו צום פענצטער פון אויטאָבוס; אויך יצחק, און צו זיין איבערראשונג, דערזעט ער, אז דער זיצנדיקער אויף דער גרענעץ פאראשוטיסט, מיט דער בלאָנדער באָרד, אין קאַפּעלע איבערן קאָפּ — איז נישט קיין אַנדערער, ווי אונדזער זון יהושע. ער האָט שנעל געבעטן צו פארהאלטן דעם אויטאָבוס און איז אראָפּ. אויך יהושע האָט אַרויסגענומען די אויגן פון ספר, אים דערזען, אוןביידע האָבן זיך ארומגעכאפּט.

פון שניצער וואַלד די עלטערן, ביז די גולן־בערג — די זין.



אונדזער בן־עיר דער שרייבער לייב ראָכמאַן באַקומט דעם פרס ראש־הממשלה פאַרן יאָר תשל״ה בעת אַן עפנטלעכע פייערלעכקייט אין מוסד וואַן־ליר אין ירושלים — זונטיק דעם 29טן יולי 1975.

פון רעכטס — דער פאַרזיצער פון קאָמיטעט פאר יידישער קולטור, יצחק קאָרן, וואָס פאַרטיילט די פרעמיע; גאָלדע מאיר וואָס האט עטאַבלירט דעם פאנד, בעת זי איז געווען פרעמיער, און לייב ראָכמאַן וואָס באַקומט פון איר האַנט די פרעמיע

# תם ולא נשלם — נאָכוואָרט פון דער רעדאַקציע

אונדזער יזכור־בוך פאַרענדיקן מיר מיטן געפיל, אַז מיר האָבן אָפּגעטאָן אַ וויכטיקע אַרבעט מיט וועלכער עס מעגן שטאָלץ זיין די אלע וואָס האָבן צוגעלייגט אַ האַנט; מיר האָבן אויפגעשטעלט אַ מצבה נאָך אונדזער חרוב־געוואָרענער קהילה, אַ דענקמאָל לזכר, וואָס וועט נישט בלויז דערמאָנען דעם עבר נאָר אויך צעמענטירן און פאַראייביקן די לעבנגעבליבענע מינסקער אומעטום אין איין משפחה מיט בשותפות־דיקע זכרונות און געמיינזאַמען גורל.

נישט קיין שלימותדיק ווערק האָבן מיר געשאַפן. מיר האָבן אָבער אַלץ געטאָן כדי אין די בלעטער פונעם באַגרענעצטן ספר, לויט די מיטלען וואָס אונדז איז געלונגען צו שאַפן מיט אַזוי פיל מי און מאַטער, זאָל אריין דעם מאַקסימום, אין כמות און אין איכות.

אורטיילן אונדז דאַרף מען בכן נישט לויט דעם וואָס עס פעלט (און עס פעלט אַ סך), נאָר לויט דעם וואָס איז יאָ אַריין אין ספר, וואָס איז בבחינת מועט המחזיק את המרובה; וואָס גיט אַ בילד פון אונדזער שטאָט, איר געשיכטע און געראַנגל, שטרעבונגען, האָפענונגען און אונטערגאַנג.

דאָס אַלץ האָבן מיר צו פאַרדאַנקען יענע יחידים וואָס האָבן נישט געקוקט אויף אלע שוועריקייטן און דורכפאַלן, נישט רעזיגנירט און זיך פאַרעקשנט דעם אָנגעזאַמלטן מאטעריאל צו ברענגען צווישן די טאַוולען פון דאָזיקן ספר.

אונדזער ליב און דאַנק די אַלע וואָס האָבן אַ חלק אין דעם בוך — אלע וואָס האָבן בייגעשטייערט מיט זייער פעדער אָדער מיט מאַטער־יעלע שטיצע, דאָ אין לאַנד און אין אויסלאַנד; די אלע וואָס האָבן זיך אָפּגערופן אויף אונדזער אפּעל. זיי קומט אַ ליב און דאַנק.

אַ ספּעציעלן דאַנק ווילן מיר אויסדריקן דעם ארכיוו פון דער נאַצ־יאָנאַלער געדענק־אינסטאַנץ „יד־ושם״ מיט זיין דירעקטאָר, דעם היסטאָריקער ד״ר יוסף קערמיש, וואָס האָט פאַר אונדז ברייט געעפנט דעם גאַנצן אָנגעזאַמלטן מאַטעריאַל, פון וועלכן מיר האָבן א סך אויס־גענוצט.

א דאַנק די מיטגלידער פון בוך־קאָמיטעט און „ארגון״ פון דער לאַנדסמאַנשאפט, וואָס האָבן אונדז כסדר דערמוטיקט און געהאָלפן אָנגיין מיט אונדזער אַרבעט.

אונדזער דאַנק דעם „בחור הזעצער״ משה רנת, וואָס האָט געזעצט און געשטעלט דאָס בוך און זיך באַציגן צו דער אַרבעט ווי צו אַן עבודת הקודש.

אין ספר באַטייליקן זיך צענטליקער מחברים. נישט געווען דעריבער מעגלעך איינגאַנצן זיך אויסצוהיטן פון איבערחזרונגען. מיר האָבן גע־האַלטן פאַר נויטיק צו געבן צענטראַלע געשעענישן געזען פון פאַרשי־דענע אספעקטן דורך פאַרשידענע מענטשן.

יעדע אַרבעט האָבן מיר בדרך־כלל געגעבן אין דער שפּראַך אין וועלכער דער מחבר האָט געשריבן, אויך לשם אויטענטישקייט. מיר האָבן זיך אָבער דערביי באַמיט, אַז די אַרבעטן אין העברעיש זאָלן פאַרשטעלן מיט זיך אַ מין תמצית פאַר זיך. לאָמיר האָפן, אַז אונדזערע קינדער וועלן באַקומען דערפון אַ באַגריף וועגן דעם לעבן און אומקום פון זייערע עלטערנס היימשטאָט.

In the years between the two world wars an intensive political and social life developed among the Jews in Minsk. They erected various institutions, schools, libraries, trade unions, a cooperative and a commercial bank.

The community council consisted of 12 members: nine from Agudat Israel, two heads of the craftsmen's union and one Zionist. In 1931 there were seven from Agudat Israel, four craftsmen and one from the right wing of Poale Zion.

The municipal council, consisting of 24 members, included eight Jews in 1924: three craftsmen leaders, four of Agudat Israel, two Zionists and one member of Poale Zion (right).

The Zionist organizations were usually not much involved in internal political affairs. But they were represented by craftsmen leaders. which explains their small representation in the town council as well as in the community administration.

In the thirties the Jewish representation in the local government decreased as a result of an election reform, which was carried through for this very purpose. This in spite of the fact that the Jewish population was never less than 30%. In the last municipal elections there were only three Jewish representatives.

The economic boykott in the thirties ruined the economic life to a great extent. The pogrom in the summer of 1936 and the ceaseless persecutions afterwards, caused renewed emigration. Many Jews left — legally or ilegally — for France; part of the Jews came to Palestine with the illegal immigration.

(*Translated by Ita Shedletzky*)

There are only very few documents concerning the first Jews in Minsk, they have all been destroyed together with old grave stones. But even without written documents we all know about at least several hundred years of Jewish life in our town.

Thus, we know that the Jewish community began to flourish with the construction of the above mentioned highway from Warsaw to Brest and farther on to Moscow. At that time a great number of Jewish craftsmen came to Minsk from other towns and older communities. They changed the character of the Jewish population which up to then had mainly existed of villagers. Part of those Jews who came to Minsk worked in trades that were rather rare among Jews like road-builders and stone-cutters.

Among the Jews who came to Minsk at the end of the 18th century there was the almost legendary figure of R. Ezra Bernstein. He was called Ezra the Undertaker because he was among the enterpreneurs of the road building.

In the second half of the 19th century the Jewish community of Minsk prospered. A proof for this is the fact that the chassidic rabbi R. Yankele founded a chassidic court in the town and a year later (1874) the well known rabbi Yechiel Michael Rabinowitz became the rabbi of the town.

We know about two rabbis in Minsk before Rabbi Rabinowitz: R. Israel-Yankel and R. Menashe. During a certain time the rabbinate of Minsk was in association with the communities of Kaluszyn and especially Siennica (7 kilometers from Minsk) where Jews lived according to a much older tradition.

In 1897 — according to official statistics — the number of Jews in the town was 3445, 55,6% of the total population.

In the years of the vast emigration after the pogroms in Russia and the events of 1905, wich were especially violent in Minsk — the Jewish population decreased. Many Jews emigrated, so that the census of 1908 shows a stagnation in the number of Jews: 3344 in a general population of 5441. In spite of this the percentage of Jews increased to 61,4%.

In the years of World War I Jews started emigrating to bigger cities — mainly Warsaw — where life was more secure than in the small towns.

After the war — in 1921 — the census shows a Jewish population of 4130 out of 10518 inhabitans (39,3%). An additional number of 376 Jews lived in 35 villages in the neighbourhood — like Jakubow, Glinianka and Deby-Wielkie.

a bath, a weekly market and three fairs a year, as well as the right to exact bridge-taxes. The estates in the neighbourhood belonged to the Minski brothers. Later on the estates became the possession of several families of the Polish nobility and were finally in the hands of the Dernalowicz family.

One of the oldest historical monuments is the church in the center of the town, opposite the market place. This church had been built of wood in the second year of the town's existence — in 1422. Only in the 16th century — after a fire — it was reconstructed in brick and in this form the church has been preserved to this day, including the ancient paintings in the interior.

During the Swedish invasion into Poland Minsk suffered a lot and was partially burnt down. The town began flourishing at the end of the 18th and beginning of the 19th century with the construction of the highway Warsaw — Brest. In 1867 the name of the town was officially changed from Minsk into Novo-Minsk in order to distinguish it from Minsk in Bielorussia. When Poland became independent after the first World War the name was changed again into Minsk-Mazowiecki. In the old Jewish sources the town is mentioned under various names: Mintsk, Novo-Mintsk, New Mintsk or Little Mintsk.

Since when have Jews been living in Minsk ?

According to various historical sources (among others the Pinkas which is now prepared at Yad Vashem but has not yet appeared in print), there was Jewish life in Minsk already 300 years ago. In any case during 200 years a Jewish community existed there including all the institutions like a Rabbi, a cementary etc.

According to the "Encyclopedia Judaica", in 1827 at the time of the general census there lived in Minsk 260 Jews in a general population of 770, while in 1864 they numbered 620 or 46,3% of the total population.

The "Geographical Lexicon of the Polish Kingdom" (Warsaw 1885) states, that in 1861 there were in Minsk 125 houses and 1338 inhabitans, among them 692 Jews.

The geographical situation of the area (550—600 meters above the level of the Wisla river), and the fact that it was surrounded by pine woods, the closeness to Warsaw and to the railway track and the central highway to the east, all this brought about a quick development of the place which became — together with Otwock and Mrozy — an important holiday-resort for the growing population of Warsaw. Industry, commerce and crafts also began to develop and Jews took a more and more important part in these last two branches.

